# ריווקע רובין

# עס שפּילט זיך אַ פּאָרעס

דערציילונגען



פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע • 1975

„עס שפּינט זיך א פּאָדעם" איז א דורכויס הײַנטצײַטיק בוך. גופא אין דעם ארט שרײַבן פון ריווקע רובין איז אויסגעדריקט די דינאמיק פון אונדזער צײַט. ווי פאַרשיידנארטיק עס איז ניט די טעמאטיק פון די דערציילונגען, וואָס גייען ארײַן אין דעם דאָזיקן בוך, — וועגן קינדהײַט, וועגן קונסט און קינסטלער, וועגן די שווערע מילכאָמע־ניסיוינעס, — זײַנען זיי אלע פול מיט שפּאַנונג. זייער סוזשעט נעמט טיילמאָל אָן אן אומגעריכטע ווענדונג, און אין אײַנקלאַנג מיט די געשילדערטע געשעענישן קומען פאָר די אינטערעסאנטע און קאָמפּליצירטע פארוואנדלונגען פון די הויפּט־פּערסאָנאזשן, וואָס יעדערן פון זיי שטרעבט די שרײַבערן צו באווײַזן אין זײַן גאנצן לעבן.

באוווסט אלס אָנגעזעענער ליטעראטור־פאָרשער און מײַסטער פון ליטעראַרישן פּאָרטרעט — מעכאבער פון די ביכער „ייִדישע פּרויען", „ייִצכאָק־לייבוש פּערעץ", „שרײַבער און ווערק", — ווי אויך אלס איבערזעצערן אין רוסיש פון שאָלעם־אלייכעמען, פּערעצן, ווענדראָפן, נאָטע לוריען, אנטשטייט פאר אונדז ריווקע רובין איצט, ווען א גרויסער טייל פון אירע קינסטלערישע ווערק פאר די לעצטע יאָרן איז צונויפגעזאמלט אין איין בוך, אויך אלס באדײַטנדיקער פּראָזע־מײַסטער, וועמענס שאפונג ציט צו זיך צו מיט דער פרישקײַט פון געפיל און לעבעדיקן געדאנק.

צייכענונגען פון מייער אקסעלראָד



Р $\frac{70303—469}{083(02)—75}$ 227—75



# עס שפּינט זיך א פּאָדעם

## I. א פארבלענדעניש

1

עס הוידעט מיך דער צוג. נאכט. איך ליג מיט פארמאכטע אויגן. אין קאָפּ שטויסן זיך אָפּגעריסענע געדאנקען. מיר געפעלט אָנצוכאפּן זיך אין דעם מישמאש פאר א פּאָדעם און זאָל ער זיך שפּינען. מיך ארט ניט אפילע, אויב איך שלאָף אײַן בייסמײַסע. דער צוג גיט זיך א רודער און בלײַבט שטיין. כאפּ איך זיך אוף. און דער פּאָדעם שפּינט זיך ווײַטער.

דאָס פארגאנגענע פארגייט ניט. עס לעבט אין אונדז. עס גיט א ציטער דער ווײַזער. דער הײַנט און דער נעכטן בײַטן זיך מיט די ערטער.

עס הוידעט מיך דער צוג. נאָר ניט איינע אליין פאָר איך. מיט

יויסעפֿן. מיר שטייען אין דעם שמאָלן קאָרידאָר פֿון וואַגאָן און קוקן אין פֿענצטערל. מיר ביידע. איך מיט יויסעפֿן. אין דעם זומערדיקן באַגינען לויפֿן אונדז מיט גרייטקײַט אַנטקעגן פֿעלדער און לאָנקעס, דאָ אין דער נידער, דאָ אַף אַ בערגל. אין דער ווײַט, אַריבער אַ וואַלד מיט שוואַרצע שפּיציקע יאָדלעס גייט אויף די זון. מיטאַמאָל. אַ קײַלעכדיקע. אַ צײַטיקע.

אַזוי איז געווען, ווען איך בין געפֿאָרן מיט יויסעפֿן. דאָס רופֿט זיך „אַמאָל", מײַן פֿאָרן מיט יויסעפֿן. פֿאַר מיר איז עס „איצט". אָט האָט יויסעף פֿאַרהויבן די הענט, אַ צי געטאָן פֿאַר די רימענס באַ ביידע זײַטן פֿונעם פֿענצטערל. עס האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ ווינט און צעשמיסן מײַנע אונטערגעשאָרענע האָר איבערן פּאָנעם. פֿאַר די אויגן האָט עפּעס אַ זילבער געטאָן. אין דער אייגענער רעגע האָט זיך יויסעף איבער מיר אָנגעבויגן און אַרויסגעריסן אַ האָר פֿון מײַן קאָפּ. ער האָט זי גענומען צווישן דעם גראָבן און ווײַז־פֿינגער, אַ בלאָז געטאָן און ווי אַ קונצנמאַכער צעגומען די הענט: „ניטאָ!"

איך האָב אַרויסבאַקומען פֿון האַנט־בײַטל אַ שפּיגעלע. ווי געוויינלעך, ניט דערקענט זיך: „אַ, אַזאַ ביסטו גאָר?"

— אַ גראָווע האָר... און אָט, אין לינקן ווינקל פֿון מויל איז שוין דאָ אַ קנייטשעלע אויך, זעסט? — האָב איך אַ זאָג געטאָן באַרויִגעזלעך, ווי יויסעף וואָלט דאָ אין עפּעס געווען שולדיק.

יויסעף האָט פֿלינק אַרומגעקוקט זיך, אַ קוש געטאָן מיך אין ווינקל פֿון מויל. מיט אַן ערנסט פּאָנעם האָט ער ווידער אַ בלאָז געטאָן אַפֿן ווײַז־פֿינגער:

— ניטאָ קיין קנייטשעלעך.

און נאָך האָט ער מיר געזאָגט, יויסעף:

— נאַרעלע, ביסט איצט שענער, ווי צו צוואַנציק יאָר.

געווען איז מיר דרײַסיק.

די גראָווע האָר האָבן זיך געמערט. די קנייטשעלעך אויך. און יעדערער זעט זיי. נאָר קיינעם פֿאַלט שוין ניט אײַן אָוועקצובלאָזן זיי מיטן ווינט. און ס'איז ניטאָ, ווער עס זאָל מיר זאָגן: „נאַרעלע, ביסט שענער, ווי צו צוואַנציק יאָר".

עסטערן, מײַן כאַווערטע עסטער, האָט איר איצטיקער מאַן צו צוואַנציק יאָר ניט געקענט. און אַפֿילע ניט צו פֿופֿציק. ער איז פֿאַרבליבן אַן אַלמען. זי — אַן אַלמאָנע. האָט דער אַלמען כאַסענע געהאַט מיט דער אַלמאָנע. אין איר בריוו צו מיר לויבט עסטער אין טאָג אַרײַן איר נײַעם מאַן. און ער? נאָר איינס וויל איך וויסן: צי דערקענט ער אין עסטערן די, וואָס ער האָט ניט געקענט, עסטערן אין איר גאַנץ לעבן, אָדער ער זעט פֿאַר זיך בלויז די עלטערע שיינע דאַמע, מיט וועלכער מע קאָן זיך ווײַזן צווישן מענטשן. און אַ באַלעבאָסטע איז זי, און ניט קיין צעבאַלעוועטע... איז אים געזיכערט אַ רויִקע עלטער.

איך ליג אַף דער באַנק אין צוג און דערזע זיך גאָר זיצנדיק אַפֿן ראַנד פֿון עסטערס אײַזערן בעטל. אין צוזאַמענוווינונג. עסטער האָט זיך צוגעקילט. ליגט זי. און איך זיץ דערנעבן. איך שווײַג. זי רעדט. עסטער האָט שטענדיק גערעדט. און געשמייכלט. און יעדעס מאָל, ווען אירע ציין

האָבן א שײַן געטאָן צווישן די פולבלעכע פרישע ליפּן, איז פּונקט ווי די זון וואָלט אַרײַן אין צימער.

אפן לײַלעך איבער עסטערס קני ליגט א צעשויבערטער זשורנאַל. זי ווײַזט מיר א פאָטאָגראַפיע פון אן עלטערער פרוי אין א לאַנג קלייד ביזן טראָט. און א שמאָלס איז דאָס קלייד, ווי א צווייטע הויט, ראַיעל אן אַרופגעצויגענע אפן לײַב, נאָר נידעריקער פון די קני שפּרייט זיך עס פאַנאַנדער מוירעדיק ברייט.

ווען זי וועט זײַן אן אַלטע, זאָגט מיר עסטער, וועט זי זיך אופנייען פּונקט אַזא קלייד, ווי אָט די באַרימטע אַקטריסע אף דער פאָטאָגראַפיע, און פאַרקאַמען וועט זי זיך אויך אַזוי, ווי יענע. מיט רונדע באַוועגונגען פון די הענט ווײַזט מיר עסטער, וויאַזוי זי וועט פאַרנעמען די האָר אף אַרוף און פאַרדרייען זיי אפן סאַמע שפּיץ אין א הויך טורעמל. „אָט אָ־דאָ־אָ, פון הינטן, וועט שטעקן א גרויסער קאַם און צוויי ביינערנע שפּילקעס בא די זײַטן, שיין א מעכײַע". עסטער צעלאַכט זיך. איר פּאָנעם שײַנט פון פאַרגעניגן, וואָס ווען־עס־איז וועט זי זײַן ענלעך אף יענער באַרימטער אַקטריסע, וועלכע האָט געלעבט אַוואַדע מיט פופציק יאָר צוריק. עסטערן געפעלן זייער די דעמלטיקע מאָדעס.

איך האָב ליב צו קוקן אף עסטערן, בייס זי רעדט. נאָר הערן זי שעם איך זיך א ביסל. עפּשער איז דאָס גאָר קליינבירגערלעכקײַט — ריידן וועגן מאָדעס... אַז בעסאַכאַקל בין איך זומער געגאַנגען איבער דער שטאָט באָרוועס. מיר זײַנען אַלע געגאַנגען באָרוועס. אַלע מיידלעך פונעם פּע־דאַגאָגישן טעכניקום. ניט נאָר דערפאַר, וואָס אונדזערע שיך האָבן מיר אָפּגעהיט אף ווינטער, נאָר טאַקע אף צולאָכעס דער שטאָט אויך, וואָס האָט אונדז, היספּײַלעסדיקע יונגע קעלבלעך, געהאַלטן פאַר „פאַרשײַטע מוידן".

עסטער איז באָרוועס ניט געגאַנגען. זי איז געווען א שילערן פון דער טעאַטער־סטודיע און האָט געהאַט גאָר אַנדערע האַסאָגעס. זי האָט אָפּ־געשפּאָרט פון דער סטיפּענדיע א היפּשע פּויטעקע, איז אַוועק אפן מאַרק און געקויפט זיך א געניצט קאַלע־קלייד פון ווײַסן אַטלאַס. מיט די אייגענע הענט איבערגענייט עס, צוגעפּאַסט צו זיך. ס'איז איר נאָך איבערגעבליבן אף א בלוזקע אויך. דאָס קלייד איז געווען א יאָמטעוודיקס, די בלוזקע האָט עסטער געטראָגן אינדערוואָכן. די ווײַסע קורצע אַרבעלעך האָבן כיינעוודיק אַרויסגעשײַנט פון איר שוואַרצן סאַראַפאַן. און לײַוונטענע מעשטעס האָט זי זיך אופגענייט, פּאָדעשוועס און קנאַפּעלעך אויסגע־פלאָכטן פון שטריק. האָט עסטער ווייך געטראָטן מיט די שטריקענע פּאָדעשוועס איבערן הילצערנעם טראָטואַר, און פון הינטן זײַנען איר מיט א טרוקענער הילכיקײַט נאָכגעגאַנגען פּיס אין ברייטע, ווי זעגלען, גאַליפּע־הויזן, פאַרשטעקטע אין שווערע שטיוול אָדער אין אונטערגע־קאָוועטע מיט אײַזן האַמעטנע שיך („דערלויבט צו באַקענען זיך, באַריש־ניע!"; „עפּשער באַגלייטן אײַך, כאַווערטע?"). פון צײַט צו צײַט פלעגט עסטער א קער טאָן דעם קאָפּ אף אַהינטער, עפּעס א זאָג טאָן די שיך צי די שטיוול, דערנאָך געגאַנגען ווײַטער איר וועג, אַן אויסגעגלײַכטע, א שטאָלצע, געקוקט גלײַך פאַר זיך, ווי ניט זי מיינט מען.

איז עסטערס פאַרלאַנג מעקוים געוואָרן? איז זי איצט ענלעך אַף יענער באַרימטער אַקטריסע פונעם צעשויבערטן זשורנאַל? אויב מע זאָל זיך האַלטן בא מײַן מאַמעס קוק אַף מאָדעס, וואָלט עס געמעגט אַזוי זײַן. קיין נײַע מאָדעס זײַנען ניטאָ, אַזוי האָט געזאָגט מײַן מאַמע. ווען אַ מאָדע גייט אַרויס פון דער מאָדע, לייגט מען זי אַרײַן אין אַ פּאַס, ווו עס ליגן שוין אַנדערע, פאַרזשערדיקע מאָדעס. אַז די פּאַס ווערט פול, קערט מען זי איבער און די מאָדע פון סאַמע דעק ווערט אַ „נײַע מאָדע".

וואָס איז שײַעך די פריזורן, האָט מען שוין הײַנט צו דער דעק פון פּאַס זיך דערקליבן. נאָר קלײדער... „קיין „מיני" טראָגט זי מיסטאָמע ניט, עסטער, — שמייכל איך צו זיך אַליין אינדערפינצטער, — אָבער געוויס ניט נידעריקער פון די קני".

„מײַן מאַן איז זייער אַ גוטער און אַ גאַסטפרײַנטלעכער מענטש", — שרײַבט מיר עסטער. ער וועט זײַן גליקלעך מיך צו זען, איר כאַוועריטע פון דער סאַמע יוגנט. אין שטוב בא איר איז שטיל און געראַם. קיינער וועט מיר ניט שטערן. „אָט וועלן מיר זיך עס אַ ביסל אָנריידן..."

2

זומער. די מערהײַט סטודענטן זײַנען זיך פאַנאַנדערגעפאָרן. אונדז, די איבערגעבליבענע, האָט מען אַלעמען אַריבערגעפירט אין דעם צווייטשטאָקיקן מויערל, אין דעם הויפט־קאָרפּוס פון דער צוזאַמענוווינונג. די צימערן פונעם הילצערנעם פליגל אין דער טיף פון הויף האָבן אַף די זומער־כאַדאָשים פאַרנומען די שילער פון דער טעאַטער־סטודיע.

באַטאָג האָב איך זיי קימאַט ווי קיינמאָל ניט געזען. באַטאָג האָב איך געשטעמפּלט לעכלעך אין מענערשע שיך. אַפן גאַנצן זומער אײַנגעאָרדנט זיך אַף אַ פאַבריק. פון דער אַרבעט פלעג איך לויפן אַהיים, אין צוזאַמענוווינונג, אָן אָטעם, מוירע געהאַט צו פאַרשפּעטיקן די מינוט, ווען די פריילעכע כאַפּטע סטודיסטן לאָזט זיך אַרויס אין גאַס. זײַן צווישן זיי, ווערן איינע פון זיי — וועגן דעם האָב איך געטרוימט טאָג און נאַכט. איך וועל זיך לערנען שפּילן טעאַטער. פון קינדוויײַז אָן האָט מיך געצויגן צו דער סצענע. אַזוי האָט זיך מיר אַלנפאַלס געדאַכט. אָן אַקטריסע. איך מוז ווערן אַן אַקטריסע. און דאַן... נאָר אין דעם האָב איך מוירע געהאַט מוידע צו זײַן זיך אַפילע פאַר זיך אַליין. דאַן וועל איך קאָנען קוקן, וויפל כ׳וועל נאָר וועלן, אַף אים, אַף דעם יונגן גאָט, וועלכער שפּאַנט איבער די גאַסן אין אַ פּאָר ברייטע הויזן, צונויפגעשטוקעוועטע פון פאַרשיידנפאַרביקע לאַטקעלעך — בײַקענע, ציצענע, זײַדענע, און אַ גאָלדן קוטעסל כאַפּט אַרום זײַן דינע מיידלשע טאַליע. דער קאָלנער פון זײַן ווײַס העמדל איז שטענדיק פאַנאַנדערגעקנעפּלט, אַפן קאָפּ וויכערן זיך ווייך שוואַרצע קוטשערן. ווען ער גייט פאַרבײַ מײַן פענצטער, רעדט ער אַף אַ קאָל וועגן דעם נײַעם טעאַטער, וועגן טעאַטראַלישקײַט, איז

פאר מיר קיין סאָפעק ניט, אז דאָס לערנט ער זײַנע כאוויירים שפּילן. קיינער בא אונדז אין שטאָט האָט אים נאָך ניט געזען אף דער בינע, און דאָך האָט מען געטײַטלט אף אים מיט די פינגער:

— אָט דאָס איז דער גלאַוונער אַקטיאָר!

דער ערשטער ספּעקטאַקל פון דער סטודיע. איך זיץ אין דער הייך אף דער גאַליאָרקע און מאַך נאָך מיטן פּאָנעם יעדע טנוע פון די אַקטיאָרן. עמעצער קוקט אף מיר פון דער זײַט. דאַכט זיך, מע לאַכט פון מיר. בלײַב איך זיצן, ווי א געליימטע. באַלד פאַרגעס איך זיך און נעם ווידער מיטשפּילן.

דערנאָך, אין דער פינצטערניש פונעם צימער, ווו אף די דערבײַיִקע בעטן זײַנען געשלאָפן מײַנע כאוורטעס, זע איך פאַר זיך א גרויסן זאַל געפּאַקט מיט מענטשן. און די מענטשן שטייען אַלע, פּאַטשן אין די דלאָניעס און שרײַען: „פײַנבערג! לייע פײַנבערג! בראַוואָ, פײַנבערג!" איך גיי אַרויס אף דער העל־באַלויכטענער בינע. די אויגן טוען אזש ווי פון ליכטיקײַט. איך נייג זיך און נייג זיך און נייג זיך. איך אַנטלויף הינטער די קוליסן. נאָר דער עולעם גייט זיך סײַוויסײַ ניט פאַנאַנדער. מע שטייט און מע פּאַטשט, און מע שרײַט: „פײַנבערג! בראַוואָ, פײַנ־בערג!"

דאַן גייט צו צו מיר ער, דער יונגער גאָט. ער נעמט מיך אָן פאַר א האַנט. ער פירט מיך אַרויף אף דער בינע. מיר נייגן זיך שוין זאַלבענאַנד. פון זאַל פליִען אף אונדז רויטע און ווײַסע קווייטן. ער כאַפּט זיי אונטער אינדערלופטן, קלײַבט זיי צונויף אין א גרויסן בוקעט און טראָגט אים אונטער מיר, לייקען.

עס גיט א סקריפּע א בעטל. אין צימער גאַנוועט זיך אַרײַן די וואָר. א קאַלטע, א ניכטערע שטעלט זי זיך אוועק בא מיר צוקאָפּנס. ניט איך שטיי אף דער בינע, ניט מיך רופט אַרויס דער עולעם. מישע גרין נייגט זיך און נייגט זיך, האַלטנדיק זיך בא די הענט מיט דער שיינער אַקטריסע, וועלכע ער האָט אָט דאָ ערשט מיט אזא ביטערניש געשטראָפט דערפאַר, וואָס זי האָט אין אים געפּעלשט. געוויס איז מישע אין איר פאַרליבט. אזא שיינהײַט... נו, איז זאָל זײַן אזוי. איך וועל זיי ניט שטערן. מישע וועט בלײַבן פאַר מיר א יונגער גאָט, נאָר ער וועט פון דעם ניט וויסן. און איך, איך וועל לײַדן אינדערשטיל. און איך וועל שוין מער קיינמאָל קיינעם ניט ליב האָבן.

פון מײַן געלעגער אין צוזאַמענוווינונג טראָגט עס מיך אַריבער אף א ווײַס שפּיטאָל־בעטל. דער קאָפּ איז בא מיר שטײַף אַרומגעבונדן. די אויגן פאַרמאַכט. איך הער, ווי די דאָקטוירים ריידן שטיל צווישן זיך: „דאָ קאָן מען שוין גאָרניט העלפן. מע דאַרף צו וויסן געבן די עלטערן". דאַן עפן איך די אויגן און איך זאָג צו די דאָקטוירים: „איך האָב אַלץ געהערט. מיך אַרט ניט, וואָס איך שטאַרב. גיט מיר א בלײַער און א בייגעלע פּאַפּיר". מיט די לעצטע קויכעס זעץ איך זיך אויף אפן בעטל און נעם זיך שרײַבן א בריוו צו אים, צום יונגן גאָט. איצט מעג ער שוין וויסן, ווי שטאַרק איך האָב אים ליב געהאַט.

## 3

איך זיץ איינע אליין אין צימער און עס זיך אויס דאָס האַרץ. איך באַקום סטיפּענדיע. איך פאַרנעם אַן אָרט אין צוזאַמענווינונג, כאָטש איך האָב דאָ אין שטאָט טאַטע־מאַמע. עמעס, בא זיי איז ענג. נו, איז וואָס, אַז ענג? מענטשן לעבן נאָך אין א גרעסערער ענגשאַפט. מע לערנט מיך. אַזעלכע גוטע לערער לערנען מיך, אַזעלכע טײַערע מענטשן. און זיי גלייבן מיר. זיי גלייבן, אַז איך וועל, פּונקט ווי מײַנע כאַווערטעס, זײַן א לערערקע. איך וועל אַוועקפאָרן ערגעץ אין א קליין שטעטל, א וויסטן העק. און איך וועל דאָרטן לערנען קינדער. און די קינדערס עלטערן וועל איך לערנען... זיי זאָלן ווערן באַוווּסטזיניקע. ביז דאָ ניט לאַנג האָב איך דאָך אַליין אַזוי געוואָלט. ס׳איז א ליגן, אַז פון שטענדיק אָן האָב איך געטרוימט וועגן טעאַטער.

אַזוי טראַכט איך, און בייסמײַסע גיבן מײַנע הענט א נעם פון דעם וועש־שאַפקעלע דאָס איינפּוסיקע שפּיגעלע. ווי אין כאָלעם זעץ איך זיך אַוועק אַנטקעגן דעם. אָט מאַך איך א פריילעך פּאָנעם, אָט א טרויעריקס. אָט פאַרוווּנדער איך זיך, אָט דערשרעק איך זיך. איך האָב ניט קיין שליטע איבער זיך. איך לערן זיך זײַן אַן אַקטריסע.

אין דרויסן טונקלט שוין. איך בין נאָך אַלץ איינע אַליין אין צימער. דאָס איינפּוסיקע שפּיגעלע שטייט שוין אַף אַן אָרט, אַפן וועש־שאַפקעלע. ס׳איז מיר אומעטיק. עס ציט בא דער נעשאָמע.

איך גיי אַפּ א ביסל אָן א זײַט פונעם אָפענעם פענצטער, מע זאָל מיך ניט זען פון דרויסן, און הייב אָן שטיל צו לייענען אַף אויסווייניק:

„דעמלט האָב איך געהאַט א וווּנדערלעך־אומרויִקע צײַט. איך ווייס אַליין ניט, וואָס מיט מיר איז געוועזן.

טיילמאָל בין איך גאַנצע נעכט ניט געשלאָפן. אין די שלייפן האָבן מיר ווי האַמערס געקלאַפּט, און דאָס האַרץ האָט גענאָגט, גלײַך עס האָט זיך געשראָקן פאַר עפּעס אָדער שרעקלעך נאָך עפּעס געבענקט".

איך פאַרגעס וועגן דעם אָפענעם פענצטער. און עפּשער פאַרגעס איך ניט. עפּשער וויל איך גאָר, מע זאָל מיך דערהערן. איך לייען שוין הויך אַף א קאָל וועגן א פעלדשער־יונג, וועלכער האָט געזונגען פאַר זײַן לייעלען לידלעך, און זע פאַר זיך גאָר יענעם באָכער מיט די ווייכע קוטשערן, וואָס רעדט נאָכאַנאַנד וועגן „נײַעם טעאַטער". „ביסט א שיינע, לייעלע, — זאָגט מיר דער באָכער, — איך האָב דיך ליב".

— זייער פײַן. איר לייענט דאָך גאָר א מעכײַע.

א ציטער איז מיר אַדורך איבערן לײַב. אַפן נידעריקן פענצטער פון מײַן צימער איז געזעסן מיט די פיס אין דרויסן יענער באָכער, מײַן יונגער גאָט.

— ווי רופט מען אײַך? — האָט ער געפרעגט.

— לייקע.

— ליי־קע, — האָט ער אויסגעצויגן, — לייעלע. לאָמיר זײַן באַקאַנט, לייעלע, איך הייס מישע גרין.

— איך ווייס, — האָב איך קוים אַרויסגעשטאַמלט.

מישע שטרעקט מיר אויס א האנט. נאָר מײַנע הענט זײַנען פארנומען. זיי פאַרפלעכטן אין צעפּלעך די פרענדז פון א האנטעך. מישע האָט פאָרזיכטיק פאנאַנדערגענומען מײַנע פינגער, וועלכע האָבן, ווי אין דער איינציקער רעטונג זיך אײַנגעקלאַמערט אינעם האנטעך.

— שיינע הענט באַ אײַך, לייעלע, — האָט געזאָגט מישע און אומגעריכט פאַרגעלייגט. — איר ווילט, וועל איך אײַך באַקאַנען מיט אונדזערע מיידלעך. מאָרגן אין דער צײַט וועל איך נאָך אײַך ארײַנגיין. — אראָפּגעשפּרונגען פון פענצטער, און... ניטאָ.

מישע האָט געהאַלטן וואָרט, און איך בין געוואָרן אן ארײַנגייערן אין צוזאַמענווײַנונג פון דער טעאַטער־סטודיע. איך פאַרברענג דאָרט יעדע פרײַע מינוט. מײַן נאָענטע כאַווערטע איז געוואָרן עסטער, די שיינהײַט, וועלכע מישע גרין האָט אַף דער בינע געמוסערט פאַר איר פעלשן אין אים.

זינט מישע האָט געזאָגט, אז מײַנע הענט זײַנען שיינע, האָט אין מיר אופגעפלאַקערט א ברענענדיקער אינטערעס צו זיי. יעדעס מאָל, ווען איך באַגעגן צופעליק מישען, מי איך זיך, ער זאָל זיי זען. איך נעם פאַריכטן די האָר, וועלכע ס׳איז ניטאָ וואָס צו פאַריכטן, ווײַל זיי זײַנען קורץ געשאָרן, ווי בא א יינגל. איך גלעט אויס מײַן קעלנערל, איך פאַרקנעפּל א קנעפּל. אלץ אומזיסט. מישע האָט, ווײַזט אויס, פאַרגעסן, אז איך האָב שיינע הענט. זיי זײַנען בא מיר ווי פאַרשפּראָכענע. מישע זעט זיי ניט. באַגעגענען מיר זיך אמאָל, גיט ער צו מיר א שמייכל פונדערווײַטן: „א, לייעלע!״ — אָדער ער גיט מיך א גלעט איבערן קאָפּ, ווי א קינד. עסטער איז ניט עלטער פון מיר. אויך נײַנצן יאָר. נאָר קיינעם ווער ניט אײַנפאלן צו באַגיין זיך מיט איר, ווי מיט א קינד.

פון מײַן ניט געטיילטער ליבע פיל איך זיך קיין האָר ניט אומגליקלעך. פאַרקערט, מיר איז קיינמאָל אזוי גוט ניט געווען. און איך גיב זיך ניט קיין מינדסטע מי עס אויסצובאַהאַלטן, האגאם פון קינדווײַז אָן בין איך געוווינט קיין פרייד ניט ארויסצווײַזן. פון מײַן מאַמען האָב איך עס איבערגענומען אזא מידע. מײַן מאַמע האָט אלע יאָרן געבונטעוועט קעגן איר פינצטערער דאָליע. איר באַליבט ווערטל איז געווען: „א הונט זאָל א לעק טאָן מײַן הארץ, וואָלט ער זיך אָפּגעסאַמט״. אַף א מיִעס מיידל פלעגט זי זאָגן: „זי איז שיין, ווי מײַן מאזל איז שיין״. און א דיקן העפט האָט מײַן מאַמע זיך אײַנגעשאַפן, א העפט מיט שווארצע טאָוולען, ווו זי פלעגט פאַרשרײַבן אלע טרויעריקע פּאַסירונגען פון איר לעבן.

נאָך עטלעכע כאַוויירים זײַנען אוועקגעפאָרן. איין פייגעלע טשיזשיק איז פאַרבליבן מיט מיר אין צימער. דערציייל איך איר קעסיידער פון מײַן ליבע. זי הערט מיך מיט אן עטוואָס אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. א שווארצער לאָק שנײַדט איבער איר שטערן אין דער סאַמע מיט, און פון דעם זעט אויס איר שמאָל פּאָנעם נאָך שמעלער. אירע אויגן — שווארצע קארשן אין ווײַסער מילך. זיי קוקן אַף מיר פאַרשעריש פון ביידע זײַטן לאָק. פייגעלען איז אוואדע קאָשע, וואָס זי האָט מיך קיינמאָל ניט געזען באַנאַנד מיט מישען. נאָר מיך ארט עס ניט. איך גלייב אין דעם, וואָס איך דערצייל.

ווען איך גיי צוגאַסט צו טאַטע־מאַמע, מאַך איך דעם אָנשטעל, אַז איך גיי גאָר ערגעץ אַנדערש. איך ווייס ניט, צי פֿאַר זיך מאַך איך דעם אָנ־שטעל, צי פֿאַר פֿייגעלען. איך פּרעס אויס מײַן איינציקע ווײַסע בלוזקע מיט די פּערלמוטערנע קנעפּעלעך. איך קוק לאַנג אין שפּיגל. באָרוועס גיי איך שוין נאָר באַטאָג. אין די אָוונטן, נאָך דער אַרבעט, טו איך אָן מײַנע אַמעריקאַנער שיך מיט די לאַנגע נעזער און הויכע קאָרקעס. די שיך זײַנען מיר צו גערעם, ניט לויט מײַן מאָס. האָבן איבער מיר די הויכע קאָרקעס צו אַ גרויסע שליטע. זיי דרייען מײַנע פֿיס אין אַלע זײַטן, און איך מוז גיין געהיט, קעדיי ניט אומצופֿאַלן.

איך ווייס, פֿאַרוואָס עס הענגט אַזוי טרויעריק אַראָפּ דער לאָק איבער פֿייגעלעס שטערן. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס מאָטל שוואַרץ איז אַוועקגע־פֿאָרן אויף גאַנצע דרײַ כאַדאָשים. יעדן טאָג שרײַבט זי אים אַ בריוו, און יעדן טאָג באַקומט זי פֿון אים אַ בריוו. דעם בריווטרעגער וואַרט זי אָפּ באַם טויער. ווי נאָר ער באַווײַזט זיך פֿון הינטערן ראָג, לויפֿט זי אים אַנטקעגן. איז ווער קאָן מיך נאָך אַזוי גוט פֿאַרשטיין, ווי פֿייגעלע? זי איז דאָך שוין פֿון לאַנג פֿאַרליבט, פֿון סאַמע פֿרילינג.

4

אין יענעם פֿרילינג האָבן זיך פֿרי צעעפֿנט די קנאָספּן אויף די ביימער. אין אַלע צימערן פֿון אונדזער צוזאַמענוווינונג האָבן מיידלעך געשוווענקט די שויבן.

אָט דאָן האָט עס פֿייגעלע טשיזשיק, די געראָטענע, די פֿלײַסיקע שיי־לערן, אָנגעהויבן שלעכט צו לערנען זיך. אויף די לעקציעס האָט איר פּאָנעם באַקומען אַן אויסדרוק פֿון „ניטאָ אין דער היים״. דעם קלונג אויף אַ האַפּסאָקע פֿלעגט זי דערשפּירן מיט דער הויט פֿריִער, ווי מיטן אויער. פֿייגעלע קערט זיך אום צו זיך. אירע שמאָלע אַקסלען גלײַכן זיך אויס, ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך אַ שווערע מאַסע, און אָט דערטראָגט זיך שוין צו אונדז פֿון הינטער דער טיר פֿייגעלעס געלעכטער. אַ רופֿנ־דיקער. אַ געלעכטער מיט גלעקעלעך.

מאָטל שוואַרץ שפּיצט אָן די אויערן. ווי ווײַט פֿון מיר ער זאָל ניט זיצן, דערזע איך באַלד זײַן פּאָנעם פֿון אַ צאַצקע — אַ יעשיווע־באָכער, אַ שיין, בלייך פּענעמל מיט ניט אויסדריקלעכע, ריכטיקע שטריכן. אַ שטילער, אַן איידעלינקער, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, גאַנוועט זיך מאָטל אַרויס אין קאָרידאָר. ער זעט אויס ווי באַטויבט פֿון אַ שטורעם.

פֿייגעלע האַלט אין איין לאַכן אָן אַ פֿאַרוואָס און אָן אַ פֿאַרווען. און קיינער האָט צו איר קיין טײַנעס ניט דערפֿאַר. עס טרעפֿט נאָר, אַז עמע־צער פֿון אונדזערע יינגלעך גיט אַ לעצעווע איבער איר: „פֿייגעלע, ווײַזן דיר אַ פֿינגער?״ פֿייגעלע האַלט ניט אויס און פֿאַרגייט זיך טאַקע באַלד אין אַ געלעכטער.

פֿאַר דעם, וואָס פֿייגעלע האָט אופֿגעהערט גרייטן זיך צו די לימודים, האָט אויך צו איר קיינער קיין טײַנעס ניט געהאַט. ניט מיר, די שילער,

ניט די לעקטאָרן. די לעקטאָרן זײַנען מיט אונדז אויסגעבונדן. קיין איין סאָד אונדזערער איז פאר זיי ניט קיין סאָד. ווייסן זיי שוין אויך, אז פייגעלע איז פארליבט. ס'איז, עמעס, ניט קיין מוז, אז פארליבטע זאָלן זיך שלעכט לערנען. א סימען, מאָטל שווארץ. ער איז דען ניט פארליבט? פייגעלע טשיזשיק איז אָבער גאָר עפּעס אנדערש. פייגעלע טשיזשיק לאכט. אירע עטוואָס צו גרויסע ציין פינקלען מיט א בלענדנדיקער ווײַס־קײַט, ווי בא א נעגערן. איר פאריסן נעזל קוקט מאָלע־סימכע ארוף צום שווארצן לאָק איבערן לינקן אויג. עפּעס טראָגט זי זיך, ווי אין א קארא־האָד, און דרייט אונדז אלעמען ארײַן אין דער מיט.

בלויז איין מענטש, דער לערער פון מאטעמאטיק, ווייסט ניט, אז מיט פייגעלע טשיזשיק דארף מען זיך איצט באגיין אנדערש, ווי פרי׳ער. א לאנגער דראָנג, אן אויסגעטריקנטער אלטער באָכער מיט געדיכטע וואָנ־צעס. וואָס פאר א האסאָגע קאָן ער האָבן וועגן ליבע? נאָר ס'מאכט ניט אויס. מיט אים גיבן מיר זיך אויך אן אייצע.

אונדזער מאטעמאטיקער האָט זײַן סיסטעם פון אויספרעגן די שילער. ער הייבט אָן פון דעם ערשטן מענטשן אף דער ערשטער באנק. צום סאָף פון דער לעקציע פארשרײַבט ער בא זיך, אז ער האָט זיך אָפּגעפארטיקט, לעמאָשל, מיט דער דריטער באנק. מאָרגן, הייסט עס, וועט ער זיך נעמען פאר דער פערטער. ווען עס דערנעענטערט זיך פייגעלעס ריי, פארגייט איר לינק אויג, ווי אין א כמארע, אונטערן שווארצן לאָק און דאָס רעכטע, א שוצלאָזס, ווערט אָנגעגאָסן מיט שרעק. פאלט אונדז אײַן, און מיר זעצן זי יעדעס מאָל איבער. מיר באשטאַטן זי צווישן די אויסגעפרעגטע. דעם לערער הייבט עס ניט אָן צו ארן. ער גייט ווײַטער. ער באמערקט ניט, ווי פייגעלע פליט פון אָרט צו אָרט. ער איז געווען זייער א צעשטריי־טער, דער לערער פון מאטעמאטיק, האָט מען קיין סאך ניט באדארפט אף אים אָפּצונארן.

איך האָב מיט נײַגער נאָכגעקוקט פייגעלעס יעדן קער און ווענד. איך האָב זיך געבאָדן אין דער שײַן פון איר ליבע. פייגעלע, מיט וועלכער כ'האָב ניט איין מאָל צוזאמען געגרייט די לימודים, געשיילט קארטאָפל אין קיך און מיט א הארטן וויכעטש געשקראבעט די קעסלען, איז פלוצעם פארוואנדלט געוואָרן אין א רעטעניש. און מיר איז פון דער רעטעניש געוועון אי אומרויִק, אי פריידיק.

און דאן איז געקומען יענער זומער, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט מישען און מיט עסטערן. ווען מיר האָט זיך פארוואָלט ווערן אן אקטריסע.

## 5

די קאניקולן גייען צום סאָף. איך האָב פארלאָזט די פאבריק מיט א כוידעש פרי׳ער, ווי איך האָב געטראכט. אָפּגעטראָגן דער מאמען די עט־לעכע רובל און גענומען זיך שפּילן עטיודן. עסטער לערנט מיך ארײַנצו־צי׳ען א פאָדעם אין א נאָדל אָן א פאָדעם און אָן א נאָדל. זי ווײַזט מיר, וו׳אזוי צוצושנײַדן א קליידל פון א שטיק שטאָף, וואָס איז גאָר אף דער

וועלט ניטאָ. איך זאָל עס אָקאָרשט פאַנאַנדערוויקלען, צעלייגן אקוראַט אפן טיש און צווישנדיין אָן א שערל. בא עסטערן קומט דאָס אלץ ארויס זייער שיין. אָבער בא מיר... טראַכט איך אליין אויס אַן עטיוד — א סריי־פע — און שפיל אים אויס פאר עסטערן. איך טראָג זיך ארום הין און צוריק איבערן צימער. איך כאַפּ א קישן פון בעט (אַן עמעסע קישן פון עסטערס עמעס בעט) — און גיב זי א שליידער אפן דיל. איך רייס זיך בא די האָר, איך קלאַפּ מיטביידע פויסטן אין טיר.

א מיעסע טעווע בא מיר פון זינט איך געדענק זיך — צו קוקן אף זיך פון דער זייט. פיל איך, זע איך, אז ס׳איז ניט דאָס, ניט אזוי פירט זיך אוף א מענטש אין א ברענענדיקער שטוב. אָבער וויאַזוי?

עסטערן איז מיין עטיוד דאפקע געפעלן. זי האָט זיך אזש געוואָרפן מיך קושן, און טרערן האָבן א בלישטשע געטאָן אין אירע אויגן. און איך בין געשטאַנען מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. געשעמט זיך צו קוקן עסטערן אין פּאָנעם אריין, וואָס איז געווען פול מיט גוטסקייט צו מיר, פּונקט ווי איך וואָלט זי אָפּגענאַרט, מיעס באַשווינדלט.

עסטער, אזא טייערע נעשאָמע, וויל, איך זאָל קענען אלץ, וואָס זי אליין קען. זי צווינגט מיך, ליגנדיק אפן בויך, אויסבייגן זיך אף אהינטער אזוי, אז די שפּיץ פינגער פון די פיס זאָלן באַרירן דעם נאַקן. עסטער מאַכט פון מיר א בריק, זי מאַכט פון מיר א טויער. איך בייג זיך, איך דריי זיך, איך ברעך זיך. דאָ פיל איך זיך זיכערער, ווי אין די עטיודן. געפעלט עס מיר. ביפראַט, אז עסטער האָט מיר איינמאָל פאר אלעמאָל דערקלערט:

— אָן ריטמיק, אָן ביאָ־מעכאַניק קאָן אן אקטיאָר ניט אויסקומען.— עסטערס פּאָנעם איז געוואָרן אָנגעשטרענגט, ווי זי וואָלט זיך אין עפּעס געוואָלט דערמאָנען. נאָר דאָס פּיצל כמארעלע, וואָס איז אָנגעלאָפן אף איר ליכטיקן שטערן, איז גיך פארשוואונדן. עסטער זאָגט מיר אָן מיט גדולע: — טעאַטער איז די קונסט פונעם מענטשלעכן קערפּער...

מיטאַמאָל פאַלט איר איין:

— ווילסט אריין הינטער די קוליסן? קום ארוף מאָרגן אין אָוונט. גלייך נאָכן ספּעקטאַקל.

## 6

לאַנגזאַם פאַלט צום לעצטן מאָל דער פאָרהאַנג. די שפּיל איז אויס. דער אוילעם איילט צום ארויסגאַנג. אין זאַל ווערט אויסגעלאָשן די ליכט, פריער בא די זייטן, דערנאָך אינמיטן. בלויז איבער די ארויסגאַנג־טירן ברענען לעמפּעלעך. אף א באַלקאָנדל אין דער הייך שווארצט זיך א פּראָ־זשעקטאָר, ווי ניט ער וואָלט עס אָט דאָ ערשט מיט פולע זשמעניעס געוואָרפן שיין אף דער בינע.

איך האָב פארגעסן פרעגן בא עסטערן, ווי קומט מען ארוף הינטער די קוליסן. שטיי איך א פארלאָרענע אינמיטן זאַל. באַלד בלייב איך דאָ די לעצטע. מיט ניט זיכערע טריט לאָז איך זיך ענדלעך גיין פון זאַל

גלײַך אַף דער בינע. איך הײב זיך אױף פֿאַרבײַ דעם אָרקעסטער. אַ בלײַ־כער מוזיקאַנט אין אַ שװאַרצן סורדוט נעמט אַראָפּ די נאָטן פֿון זײַן שטענדער. באַ דער זײַט דרעמלט אַן אײנזאַמער, אומגעלומפּערט גרױסער קאָנטראַבאַס.

איך האָב אונטערגעהױבן אַ ברעג פֿונעם פֿאָרהאַנג, אַרױפֿגעטראָטן אַף דער בינע. און די װעלט איז פֿון מיר װי אָפּגעשלאָסן געװאָרן. הינטער מײַנע פּלײצעס — דער שװערער גרינער פֿאָרהאַנג. פֿאַר מיר — דאָס אומ־באַװוּסטע. װי אַ בלינדע מאַך איך עטלעכע טריט. איך קרײַז אַרום די קאָנסטרוקציע אינמיטן דער בינע, צו װעלכער עס פֿירן פֿון בײדע זײַטן טרעפּלעך. איך הײב זיך אױף אַף די טרעפּלעך, קוק אַף אַראָפּ. די פּאָד־לאָגע, אַף װעלכער איך שטײ, דערזע איך אַלס באַלקאָן. באַ מײַן רעכטער האַנט פֿליִען אַרױף אין אַ ספּיראַל נאָך טרעפּ, מעטאַלענע. דרײ איך זיך אַרײַן אין זײער פֿלי. פּלוצעם דערשרעק איך זיך, טאָמער לעשט מען אױך דאָ אױס די ליכט. לאָז איך זיך אַראָפּ אין דער טיף פֿון דער בינע. אַהין פֿירן אױך טרעפּ. זײ פֿירן אינעם בערעזע־װאַלד, װאָס איך האָב געזען פֿון זאַל. נאָר ניט קײן בײמער פֿאַרשטעלן מיר דעם װעג. ס׳איז גאָר אַ װאַנט. איך נעם באַטאַפּן מיט בײדע הענט איר שאָרסטקע אױבער־פֿלאַך. קאָרע. קאָרע, אָנגעקלעפּט אַף אַ גרױען לײַװנט. שטײ איך פֿאַרן װאַלד, װאָס איז גאָר אַ װאַנט, און װײס ניט, װוּהין װײַטער צו גײן.

נאָר שאַ. דאַכט זיך, עמעצער רעדט. איך פֿאַרקערעװע צװישן צװײ קאַרטאָן־װענטלעך צו די שטימען, װאָס איך האָב ערשט געהערט. זײ זײַנען אָבער פֿאַרפֿאַלן געװאָרן. איך שטײ, הער זיך צו. ס׳איז דאָ קילב־לעך און שטיל. ניט קײן קלאַנג, ניט קײן שאָרך. עפּשער האָט זיך מיר גאָר אױסגעדוכט, אַז איך האָב עמעצן געהערט רײדן. איך לאָז זיך גײן. פֿאַרפּלאָנטער זיך צװישן לײַװנטן און שטריק, װאָס באַמבלען זיך מיר פֿאַר די אױגן. איך שטױס זיך אָן אַף אַ דאָרפֿיש שטיבל. עס הענגט אינדער־לופֿטן, געבליבן שטעקן צװישן הימל און ערד, ניט אַהין, ניט אַהער. מיר װערט אומהײמלעך. עס באַפֿאַלט מיך אַן עלנט, װי אױסער מיר װאָלט גאָר קײנער ניט פֿאַרבליבן אַף דער װעלט. כאָטש נעם און שרײַ טאַקע, װי אין װאַלד: „אַ־אַו־ו". זאָל זיך עמעצער אָפּרופֿן, זאָל מען מיך אַרױס־פֿירן פֿונדאַנען.

אין די אױגן גיט אַ שניט אַ שאַרפֿע שײַן. אַ טראָט, נאָך אַ טראָט, און אָט שטײט שױן פֿאַר מיר עסטער אַ גרײטע צום אַװעקגײן. פֿון ערגעץ פֿליט אָן מישע גרין. ער גיט אײנצײַטיק אַ כאַפּ אונטער די אָרעמס עס־טערן און מיך:

— קומט, לאָמיר זיך אַ ביסל דורכשפּאַצירן.

דעם גאַנצן װעג האַלטן זײ אין אײן רײדן, עסטער מיט מישען. עס קומט זײ אָן גרינג. זײ שפּרינגען פֿון אײנס אַפֿן אַנדערן, און איך קאָן זײ ניט נאָכיאָגן. באַ מײַן זײַט גײט מישע און האַלט מיך פֿעסט אונטערן אָרעם. װאָלט איך אױך װעלן פֿרײלעך פּלאַפּלען, אַזױ װי עסטער, נאָר איך בין אַ געלאַסענע. איך טראַכט צו פֿאַמעלעך.

איך זע זיך ניט אַרום, װי מיר קומען צו צו דער צוזאַמענװוּינונג. מישע לאָזט אָפּ מײַן אָרעם. איך בלײַב שטײן אָפּהענטיק. אַ שאָקל מיטן

קאָפּ, און גאָר. דער היינטיקער אָוונט — ווי ניט געווען. ניטאָ קיין טעא־טער. ניטאָ מישע בא דער זײַט. מישע עפּנט פּאַר עסטערן די טיר אין קאָרידאָר פונעם הילצערנעם שטיבל, ווו עס ווינען די שילער פון דער סטודיע. ער לאָזט דורך עסטערן פאָרויס. און דאָ — אַן אומדערוואַרטער טראַסק פון דער טיר. עסטער איז אויף יענער זײַט, מישע — פון אויסן. אַן אײַליקער פליסטער אין מײַן זײַט:

— וואַרט דאָ מיך אָפּ א ווײַלע. איך קום שוין ארויס.

האָב איך דאָס געהערט, צי ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט? אַן קויעך שפּאַר איך זיך צו מיט דער פּלייצע צו דער קאַלטער וואַנט פונעם מויער. איך וואַרט. מיר דוכט, אַז זייער לאַנג. א שטילער סקריפּ. אין דער עפע־נונג פון דער טיר — א שוואַרצער סילועט. ער גייט גלײַך צו מיר. ער נעמט מיך אַן פאַר א האַנט. א פּאַרלאָרענע, אַן ווילן, גיי איך אים נאָך ביזן סעדל הינטער דער וואַנט פון אונדזער צוזאַמענוווינונג. א בלינדע וואַנט. אַן פענצטער. און דאָס סעדל איז א נעבעכדיקס, א שמאָלס. סאַ־כאַקל דרײַ קליאָנען שטייען דאָרט. און ווײַסע פּעכערלעך וואַרפן זיך דורך אינעם גראָז.

א יינגל מיט א מיידל האָבן זיך געקושט הינטער א בלינדער וואַנט. די צײַט האָט זיך אָפּגעשטעלט. עפּשער זײַנען דורכגעגאַנגען מינוטן, עפּשער זײַנען דורכגעגאַנגען שאָען. דאָס מיידל האָט אונטערגעשטעלט די ליפּן א פרעמד מויל און געבעטן זיך אין געדאַנק באַם דאָזיקן מויל, עס זאָל ארויסזאָגן א וואָרט פון ליבע.

א הייסע האַנט האָט זיך א גליטש געטאָן איבער איר האַלדז און גע־נומען פּאַנאַנדערשפּיליען די קנעפּלעך פון איר בלוזקע. בא דעם מיידל זײַנען אָנגעשטײַפט געוואָרן אַלע גלידער, ווי צו א האַסטיקן שפּרונג. זי האָט זיך א ריס געטאָן און מיטאַמאָל דערזען אינעם ברוינעם נאַכטיקן גראָז עפּעס ווײַס.

...מײַן נײַ היטעלע, א ווייכס, א זויבערס, פון דער מומע מאַלקעס הענט אויסגעשטריקט, האָט זיך געוואַלגערט אין גראָז. האָב איך עס אויפ־געהויבן און מיט ציטערנדיקע פינגער א שטעק ארויף געגעבן אַפן שפּיץ קאָפּ.

און דאָ איז צווישן מיר מיט מישען אַנטשטאַנען א מאָדנער גערא‍נגל. זײַנע הענט האָבן מיך געכאַפּט, זײַנע ליפּן האָבן מיך געקושט, און דאָס היטעלע איז אַלע מאָל אַראָפּגעפלויגן בא מיר פון קאָפּ. און איך האָב זיך ווידער אויסגעדרייט. ארויסגעריסן זיך און אָנגעטאָן דאָס היטעלע. איך האָב זיך געפילט לעכערלעך, איך האָב זיך געפילט דערנידעריקט. און אויף צולאָכעס זיך אליין געבויגן זיך נאָכן היטעלע. אויף צולאָכעס זיך און אים, מישען. זאָל ער שטיין און קוקן אינדערפינצטער, ווי איך בייג זיך, זאָל ער מיט אַן אייוועד ניט א ריר טאָן. זאָל ער פון מיר לאַכן.

אויף מײַן פּאַרפלאָמטן פּאָנעם זײַנען אַראָפּגעפאַלן עטלעכע קאַלטע רעגנטראָפּנס. ווייס איך שוין ניט, פון וואָס זײַנען נאַס מײַנע באַקן: פון די רעגנטראָפּנס צי פון טרערן.

— דו וויינסט גאָר, לייעלע? — פרעגט מיך מישעס גלעטנדיקע, גוט אויס־געשולטע שטים. איך ענטפער ניט. איך דריי זיך אויס צום לעצטן מאָל פון זײַנע אָרעמס און לאָז זיך לויפן.

לאַנג האָט יענע נאכט געקלאַפּט אין פענצטער דער סאָפּזומערדיקער רעגן. איך בין געלעגן צונויפגעדרייט אין א קנויל און ניט געשלאָפן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן ניט געשלאָפן באנאכט. שפעטער דאָך אײַנ־געשלאָפן, און דאפקע געשמאַק. אופגעכאַפּט זיך א פּוסטע, ווי אָן אויס־געטרייסלטער זאַק. א ווײַלע געלעגן מיט אָפענע אויגן, דערנאָך ארומגע־וויקלט זיך אריבערן העמד מיטן מאנטל און א באָרוועסע ארויסגעגאַנגען זיך אין סעדל.

אף דער גרויער וואנט פון צוזאמענוווינונג האָט געשפּילט די זון. נאָר פון די דרײַ קליאָנען האָבן נאָך אראָפּגעקאַפּעט איינס נאָך איינס פולע, דורכזיכטיקע רעגנטראָפּנס. אפן נאסן גראָז איז, ווי א באַאוולט קעצל, דורכגעווייקט אף דורך און דורך, געלעגן מײַן ווײַס, פוכיק היטעלע.

7

איבערן הויף פון צוזאמענוווינונג זײַנען אָנגעצויגן אין צוויי רייען שטריק, אף וועלכע עס לופטערן זיך אוגטער דער זון בײַקענע קאָלדרעס. אפן גראָז ליגן אויסגעשפּרייט שטרוי־זעק און קישנס. ווען איין טויער באווײַזט זיך א צוריקגעקומענער סטודענט, שטעלן אָפּ זייער טאַנץ די שטעקנס, מיט וועלכע מע קלאַפּט אויס דעם שטויב. פון הינטער די ארויס־געהאַנגענע קאָלדרעס לאָזן זיך אלע אנטקעגן דעם גאסט.

איך דערהער א געלעכטער. א געלעכטער מיט גלעקעלעך. פייגעלע טשיזשיק. פארשטיי איך שוין, אז מאָטל שווארץ איז געקומען. לויף איך צוזאמען מיט אלעמען אים באגעגענען. איך זעץ זיך צו מיט מאָטלען און מיט פייגעלען אף איר אויסגעשפּרייט בעטגעוואַנט. בא אונדזערע פיס הויפן זיך קופּקעלעך רויטע און געלע בלעטער, וועלכע עס טראָגט אָן פונעם דערבײַיִקן סעדל דאָס ווארעמע, ווי פארפייסעכדיקע, ווינטל.

מאָטלס פּאָנעם איז אָפּגעברענט פון דער זון. עפּעס איז ער פארן זו־מער ווי געשטעלטער געוואָרן. מיט זיכערע באוועגונגען בינדט ער פאנאנ־דער א ווײַס טיכל און איז אונדז מעכאבעד, מיך און פייגעלען, מיט זײַן מאמעס גאָב. פייגעלע צעקרישלט מיט אירע היפּשע ווײַסע ציין א גוט אויסגעטריקנטע געלבלעכע גאָמלקע און שאָקלט צו מיטן קאָפּ צו מאָטלס יעדן וואָרט.

איך בין, פּונקט ווי זי, געדרן א פּאָשעט היימיש מײַכל. בא מײַנע טאטע־מאמע אין שטוב הייצט זיך ניט דער אויוון, קיינער טריקנט דאָרט ניט קיין גאָמלקעס, אפילע אף דער זון. ווען איך קום צוגאסט, לייגט די מאמע אפדערגיך אונטער עטלעכע שפּענדלעך אונטערן דרײַפּוס און פּרעגלט מיר אָפּ א צוויי־דרײַ לוסטעס ברויט אין בוימל. ווען דאָס ברויט ווערט צוגעברוינט פון ביידע זײַטן, באזאלצט זי עס און דערלאנגט מיר די סקאָוואָראָדע צום טיש. אליין זעצט זי זיך אוועק אנטקעגן און קוויקט

זיך מיט דעם, ווי איך עס. שוואַרץ ברויט, געפּרעגלט אין בוימל, איז זייער געשמאַק, אָבער דאָס פלעשל אַף דער פּאָליצע... איך קאָן זיך ניט צווינגען ניט קוקן אַף דעם. דער ניוואָ פונעם בוימל איז דאָרט זינט דער פאָריקער וואָך, זינט איך בין געווען בא דער מאַמען צוגאַסט, געמינערט געוואָרן בלויז אַף דעם לעפל, וואָס זי האָט הײַנט אָט דאָ ערשט פאַרנוצט. אַזוי דאַכט זיך מיר. איך בין כווישעד, אַז אויסער מיר געניסט פון דעם פלעשל מער קיינער ניט. שלינג איך אין אײַלעניש דאָס צוגעברוינטע ברויט, ברי זיך דעם גומען, און דאָס באַטאַמטע מײַכל גייט מיר ניט אײַן.

מאָטלס גאָמלקע עס איך לאַנגזאַם און באַדאַכט. איך בײַס אָפּ קליינע שטיקעלעך, לאָז זיי צעגיין זיך אין מויל. מאָטל דערציילט בײַסמײַסע, וויאַזוי ער האָט אין שטעטל געלערנט אַלטע ייִדן און ייִדענעס לייענען און שרײַבן. ער דערציילט, וויאַזוי ער האָט איבערגעגראָבן די גערטענער בא זײַן מאַמען און בא זייער שכיינע דער אַלמאָנע.

פייגעלעס פּאַריסן נעזל קוקט האָפּערדיק אַרויף צום שוואַרצן לאָק איבערן לינקן אויג. זי זיצט אַפן סאַמע ברעג פון איר שטרוי־זאַק. אָט באַלד, דאַכט זיך, וועלן אירע דינע הענט און די שמאָלינקע אַקסלען אופֿהייבן זי אינדערלופטן.

איך בין שטיל פון זיי אַוועק. זיי האָבן עס מיסטאַמע ניט באַמערקט אַפילע, מאָטל און פייגעלע. אַניט וואָלטן זיי מיך געוויס פאַרהאַלטן. ניט נאָר זיי, קיינער האָט מיך ניט באַמערקט. דער ווינט האָט געקלאַפּט מיט די טירן, שטימען האָבן זיך איבערגעשריִען פון איין עק הויף ביזן צווייטן. אַלע מײַנע כאַווײרים זײַנען געווען אין דרויסן, ווען איך האָב זיך דורכגעשלײַכט דורכן הויף צווישן דעם אויסגעשפּרייטן און אויסגעהאַנגענעם בעטגעוואַנט, נאָר קיינער האָט אַף מיר ניט געלייגט קיין אַכט. ווי כ׳וואָלט מיטאַמאָל פאַרביטן געוואָרן אַף עפּעס אַ גײַסט, אָן בלוט און אָן פליישׂ, וואָס אַ מענטשלעך אויג קאָן אים ניט דערזען. איך בין לאַנג געזעסן איינע אַליין אין צימער, מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַפן גאַנצן ערדקײַלעך בין איך איינע אַליין. קיינער קוקט זיך אַף מיר ניט אום. קיינעם פעל איך ניט. עס האָט מיך געפּרעסט אַ בושע, אַ בושע פאַר אַלע מײַנע רייד הײַנטיקן זומער מיט פייגעלע טשיזשיק. איצט האָב איך שוין פאַרשטאַנען: אין קיין איין וואָרט מײַנס האָט זי ניט געגלייבט.

8

דאָס נײַע לערניאָר הייבט זיך געווייגלעך אָן מיט אַ ליטעראַרישן אָוונט. אַזוי איז בא אונדז אײַנגעפירט. הײַנטיקס מאָל האָט מען אַף מיר אַרופגעלייגט די אַכרײַעס פאַרן אָוונט. דער שרײַבער, וועלכן איך גיי אײַנלאַדן, איז ערשט נעכטן געקומען צו אונדז אין שטאָט. מע זאָגט מיר אָן, איך זאָל פאַרלויפן דעם וועג, — בא אונדז אין טעכניקום דאַרף דער שרײַבער אַרויסטרעטן פריִער, ווי אומעטום.

איך בין זייער נײַגעריק אָנצוקוקן דעם שרײַבער. מיר געפעלן זײַנע דערציילונגען. דערצו נאָך איז זײַן פאַמיליע אויך פײַנבערג. פּונקט ווי

מײַנע. בײַ דער ערשטער באַקאַנטשאַפֿט מיט עסטערן האָט זי מיך באַלד געפֿרעגט, צי איז דער שרײַבער פֿײַנבערג ניט מײַנער אַ קרובֿ. איז די שליכעס פֿאַר מיר ווי אַנגעמאָסטן. איך קום אַרײַן אין גאָסטיניצע. איך גיי שנעל דורך איבערן גרינעם טרעטער דעם שמאָלן קאָרידאָר מיט די טירן בײַ בײדע זײַטן. בײַ דער לעצטער אין דער טיף, וועלכע שטייט פֿאַפֿערעק צו אַלע איבעריקע, רײַסט זיך אָפּ מײַן גאַנג. אַ דערשראָקענע בלײַב איך שטיין אַנטקעגן דער גלאַנציקער גלאַטקײַט, דער קאַלטער ווײַסקײַט, הינטער וועלכער מע הערט ניט קיין שאָרך. און ווען מײַן האַנט איז שוין גרייט אָנצוקלאַפּן, גיט זיך די טיר שטיל אַן עפֿן פֿון אינעווייניק און אויף דער שוועל באַווײַזט זיך אַ הויכער, אַ בלאָנדער, מיט אַ מאָגער פּנים.

דער בלאָנדער לאַדט מיך אײַן אין צימער, בעט מיך זיצן. איך זאָג אים ווער איך בין און נאָך וואָס איך בין געקומען. צוגעזעצט האָב איך זיך אויף אַ ווײַלע אויפֿן ברעג שטול, נאָר געזעסן בין איך זייער לאַנג. דעם פֿאַריקן ווינטער האָב איך פּראַקטיקירט אין שול. לייג איך איצט אויס אַלץ, וואָס איך ווייס וועגן יעדן שילער און אַפֿילו וועגן די טאַטעס און מאַמעס פֿון די שילער. דער בלאָנדער קוקט מיר גלײַך אין פּנים אַרײַן און הערט. אומגעוויינלעכע אויגן בײַ אים — אָט בלויע, אָט גרינע, מיט אַ לענגלעכן שניט. און זייער ערנסטע זײַנען זיי. די אויגן הערן מיך. זיי זײַנען לאָהוט נאָך דעם, וואָס איך דערצייל. פֿיל איך זיך פֿרײַ און רייד אָן אָן אָפּשטעל.

— יעדן קינד קאָן מען שוין איצט אייצענען, וואָס פֿאַר אַ פּראָפֿעסיע עס דאַרף פֿאַר זיך אויסקלײַבן. טעסטן באַווײַזן אַלץ אָביעקטיוו. אַ טאָעס איז דאָ אומעגלעך, — פֿאַרזיכער איך מײַן צוהערער. אַלס באַווײַז ברענג איך די טעסטן, וועלכע איך אַליין האָב צונויפֿגעשטעלט און דורכגעפֿירט צווישן די קינדער פֿון דריטן קלאַס.

מײַן צוהערער, וואָס האָט ביז איצט געהערט מיט אַזאַ האַסמאָדע, שלאָגט מיך איבער מיט אַן אומדערוואַרטער פֿראַגע:

— אין אַסטראָנאָמיע האָט איר עפּעס אַ ידיעה?

אין איין רעגע פֿאַרליר איך מײַן גאַנצע זיכערקײַט. אַסטראָנאָמיע? וואָס עפּעס אַסטראָנאָמיע? צי לאַכט ער ניט פֿון מיר, דער בלאָנדער? זײַנע לענגלעכע אויגן קוקן אָבער מיטן זעלבן ערנסט, ווי פֿריִער, און וואַרטן אויף אַן ענטפֿער.

— ניין, — זאָג איך, — אַסטראָנאָמיע האָבן מיר נאָך ניט געלערנט.

— און טאָמער זיצט בײַ אײַך אין קלאַס אַ צוקינפֿטיקער גרויסער געלערנטער, אַן אַסטראָנאָם? איר זײַט זיכער, אַז אײַערע טעסטן וועלן אים ניט ווײַזן אַלס אַן אומפֿייִקן מענטש?

איך ווייס ניט, ווו אַהינצוטאָן זיך פֿון די לענגלעכע גרין־בלויע אויגן. זיי וואַרטן. אינדערעמעסן, וויאַזוי קאָן מען פֿעסטשטעלן די נייגונג צו אַסטראָנאָמיע? דער שרײַבער פֿײַנבערג ווייסט ניט, אַז ער האָט דאָ אָנגעדריקט אויף אַ וווּנד. בײַ אונדז אין שטוב איז אַסטראָנאָמיע אַ היימישער עניין. מײַן ברודער, וועלכער איז מיט פֿינף יאָר צוריק פֿרײַוויליק צוגעשטאַנען צו די אָפּטרעטנדיקע טיילן פֿון דער רויטער אַרמיי, האָט ניט

פארענדיקט אפילו קיין אָנפאנג־שול. דאָס ביסל וויסן האָט ער געגאַשט דאָ בא איין סטודענט, דאָ בא א צווייטן. מיין טאטע איז געווען א גרויסער בעריע אף צו פארפירן באקאנטשאפטן מיט סטודענטן. איז אָט, די אלע פילצאָליקע לערער האָבן אין איין קאָל פארזיכערט דעם טאטן, אז פון מײַן ברודער וועט אומבאדינגט ארויסקומען א געלערנטער, אן אסטראָנאָם. אָן שום טעסטן האָבן זיי עס פעסטגעשטעלט. וויאַזוי? זינט מײַן זיבעצניאָריקער ברודער איז פארלאָרן געגאנגען, דערציילט מען בא אונדז אין שטוב יעדערן וועגן זײַן נטיַיה צו אסטראָנאָמיע. דערצייל איך עס אויך פײַנבערגן. ווארט ער שוין ניט אף קיין ענטפער אף זײַן פראגע וועגן די טעסטן.

— אנטשולדיקט, — זאָגט ער שטיל.

איך אָבער קלײַב זיך ניט אזוי גרינג אונטערצוגעבן. עס מאכט ניט אויס, וואָס איך בין אָפגעטראָטן א ביסל אָן א זײַט. איך גיב פאראקשנט א טרייסל מיטן קאָפּ און א זאָג מיט פארשפעטיקטן אזעס:

— נו, וועל איך לערנען אסטראָנאָמיע!

פײַנבערג שווײַגט. איך פיל נאָר אף זיך דעם בליק פון זײַנע ערנסטע אויגן, וועלכע לאָזן זיך ניט אָפּנארן. „עס זײַנען דאָ נאָך וויסנשאפטן אף דער וועלט, געאָלאָגיע, לעמאָשל”, — פליט בא מיר דורך אין מויעך. און דוכטן דוכט זיך מיר, אז דאָס האָט ער גאָר געזאָגט, פײַנבערג.

איך כאַפּ זיך, אז כ'בין זיך דאָ פארזעסן. נאָר אָנשטאָט אוועקצוגיין האָב איך גאָר פארטרויט פײַנבערגן מײַן גרעסטן סאָד, אז איך וויל ווערן אן אקטריסע, און אָט לייען איך שוין פאר אים אף אויסווייניק מײַן קרוין־נומער. איך לייען, דאכט זיך, זייער גוט, אף א הויכער אָקטאַווע און מיט טרערן אין קאָל: „שטארבט מײַן טאטע ווו פון הונגער, אף א הארט געלעג פון ברעטער, און מיך רופט ער, און מיך בעט ער, ווייקט מײַן נאָמען אויס אין פײַנלעכע געפילן...” איך האק אָפּ אינמיטן. ווי אין א פוסטן כאָלעל הילכט אָפּ מײַן אָנגעשטרענגט קאָל. א וויסטע ארום. מײַן צוהערער איז ערגעץ ווײַט פון מיר. איך זע ניט קיין פּאָנעם. א גראָדע ליניע פון א שרונט. גלאַט פארקעמטע בלאָנדע האָר. נאָר קוים האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, האָט פײַנבערג אופגעהערט צו קוקן אף זײַנע ביינערדיקע פינגער, וועלכע זײַנען געלעגן צונויפגעפלאָכטן אפן טיש. זײַן בליק איז מיטן זעלבן ערנסט, ווי פריִער, געווענדט צו מיר. און ווידער אן אומדערוואַרטע פראגע:

— אײַך איז ווען־ניט־איז אויסגעקומען צו שיידן זיך מיטן טאטן?

— נ־ניין, ער וווינט דאָ אין שטאָט.

— אָט־אָט... — און נאָך א רעגע שווײַגן: — איר האָט פאר עמעצן פון דער סטודיע געלייענט? פייִקע כעוורע פאראן דאָרט.

— געלייענט. פאר עסטער וויגדאָרטשיק.

— עסטער? זייער א שיינע פרוי. נאָר א קנאפּע אקטריסע.

עסטער — א קנאפּע אקטריסע... דאָס קאָן ניט זײַן...

— וואָס פעלט איר דען? — פרעג איך שוין אינגאנצן צעטומלט.

— סייכל, — ענטפערט קורץ פײַנבערג. — נו, און וועמען האָט איר נאָך געלייענט?

— מישען... מישע גרין האָט איין מאָל געהערט...

— דער איז אַן אינטעליגענטער באָכער. אַן אָנגעלייענטער.

צי איז מישע א גוטער אקטיאָר, האָב איך שוין מוירע צו פרעגן.

באם געזעגענען זיך זאָגט מיר פײַנבערג:

— א דאנק. איך האָב זייער האנאָע געהאט פונעם שמועס מיט אײַך, — ער שטרעקט מיר אויס א האנט. — לאָמיר זײַן כאווער. מיר טראָגן דאָך איין פאמיליע. פרעגט אָקאָרשט אויס אײַערע עלטערן, עפשער זײַנען מיר גאָר קרויווים. — ער גיט א שמייכל מיט די ווינקלען פון מויל. פונעם קארגן שמייכל לויכט אוף אף אן אויגנבליק דאָס גאנצע פּאָנעם זײַנס. „אוי, ער איז זייער א גוטער!“ — פליט בא מיר דורך אין געדאנק. און ער קוקט שוין אף מיר ווידער מיט זײַן ערנסטן בליק.

— איך בין א קנאפער מייוון, — זאָגט ער, — נאָר טעאטער, ווײַזט זיך מיר אויס, איז ניט אײַער זאך. מיר דוכט, ס'איז א פארבלענדעניש. איר קאָנט, פארשטייט זיך, פרווון האלטן עקזאמען אין דער סטודיע. נאָר וואָס איז אן עקזאמען? טעסטן. פרעגט בעסער בא זיך אליין. טעאטער איז ניט קיין פּראָפעסיע. ס'איז א בארוף. א טאָעס איז דאָ געפערלעך פארן לעבן.

נאָך א ווײַלע לאָזט ער מיך ניט אָפּ. זײַן פּאָנעם איז פארזאָרגט. און פלוצעם ווענדט ער זיך צו מיר צוטרוילעך, ער, דער שרײַבער, וואָס זײַן נאָמען איז אופגעשריבן אף די שארבלעטער פון ביכער:

— בא מיר ליגן צוויי פּיעסן. קיינער ווייסט פון זיי ניט. די סטודיע בעט בא מיר א פּיעסע. נאָר די, וואָס איך האָב אָנגעשריבן, איז וויפל איך זאָל ניט פרעגן בא זיך אליין, קאָן איך זיך ניט באשליסן פּאָרצולייגן זיי, — ער גיט ווידער א שמייכל, נאָר איצט, פיל איך, איז אים זייער טרויעריק, — נעמט זיך ניט צום הארצן, וואָס איך האָב דאָ אײַך אָנגערעדט, כאווערטע פײַנבערג. בא מיר איז הײַנט א שווערער טאָג... — ער האקט זיך אָפּ און גיט צו: — געזונט... ביז אײַער קומען. א דאנק. איר זײַט א טשיקאווו מיידל. פון אײַך וועט עפּעס ארויסקומען.

וואָס איז מיט מיר, אייגנטלעך, די סימכע? וואָס טראָגט עס מיך אזוי איבער די גאסן? וואָס שמייכל איך צו זיך אליין? א פארבלענדעניש, האָט ער געזאָגט, דער, וואָס הייסט יויסעף פײַנבערג, נאָר איך ווייס נאָך ניט דערווײַל, אז ער איז „יויסעף“. א ווײַלע פארקלעמט מיר דאָס הארץ. איז אויס, הייסט עס, מיטן טעאטער. איך זאָל פרעגן בא זיך אליין, האָט ער געזאָגט. איך פארשטיי אָבער, אז בא זיך אליין האָב איך שוין געפרעגט.

אין הויף פון צוזאמענוווינונג פלי איך אָן גלײַך אף עסטערן. זי נעמט מיך ארום, דריקט צו צו זיך.

— לייעלע, ווו ביסטו פארפאלן געוואָרן? כ'האָב דיך שוין עטלעכע טעג ניט געזען. — זי קושט מיך, זי גלעט מיך. — איך בין אזוי גליקלעך, אזוי גליקלעך, לייעלע. איך האָב כאסענע געהאט. מיט מישען. מיר האָבן זיך ליב שוין פון לאנג.

ווידער הער איך זיך צו צו זיך. אין מיר האָט זיך אף דער יעדיִע גאָרנישט ניט אָפּגערופן.

ער איז גערעכט, יויסעף פײַנבערג, — א פארבלענדעניש.

## II. דער פֿאַרהאַנג איז אָפֿן

### 1

די ערשטע נאַכט פֿון מײַן נעסיִע צו עסטערן איז פֿאַרבײַ.

דער צוג שטייט אין מאָסקווע. אין קופּע האָט זיך באַוויזן אַ שוואַרצ־כיינעוודיקער באָכער. אוועקגעשטעלט זײַן טשעמאָדאַנדל אין דער הייך און אַרויס. אין אַ רעגע אַרום דערזע איך אים דורכן פֿענצטער צווישן אַ כאָפּטע באַגלייטער. אַלץ יונגע. צווישן זיי טיילט זיך אויס אַן עלטערע פֿרוי. עפּשער טאַקע מיט דעם, וואָס זי איז אַן עלטערע, און עפּשער דער־מיט, וואָס זי איז אַ געלע און אַ וואָכעדיקע. ווער ווייסט, מיט יאָרן צוריק האָט מען זי, מעגלעך, גערופֿן „די גאָלדענע". איצט אָבער איז דאָס גאָלד פֿאַרטונקלט פֿון גראָווע פֿעדעם און די גערעטעניש פֿון געלע גרײַפּעלעך אויף פּאָנעם און אויף די הענט לעשט זייער ווײַסקײַט. אַ מאָסקווער, ווײַזט אויס, דער באָכער. עס באַגלייט אים די מאַמע.

הארט פֿאַרן אָפּגיין פֿון צוג קומט אַרײַן אין קופּע אָנשטאָט דעם שוואַרצכיינעוודיקן באָכער די עלטערע פֿרוי גאָר. מיט אַ פּאָרטפֿעל אין דער האַנט. שטיל באַגריסט זיך, צוגעשטעלט דאָס לייטערל און אַרופֿגע־קלעטערט אויף דער אייבערשטער באַנק.

באַלד נאָך איר האָט זיך באַוויזן אַ פּאָרפֿאָלק נאָענט צו פֿופֿציק. ביידע הויכע, שטאַלטנע, עלעגאַנט געקליידטע. ער — אַ שוואַרצער, זי — אַ בלאָנדע. די זײַנען אַרײַן מיט ראַש, שנעל באַשטאַט זייערע דרײַ טשע־מאָדאַנעס און די עטלעכע היפּשע פּעקלעך, ערשט פֿון קראָם אַרויס. אַרומגעקוקט זיך אין קופּע, האָבן זיי פֿאַרגעלייגט דער עלטערער פֿרוי פֿאַרנעמען איינס פֿון די ערטער אונטן. דאָס צווייטע אָרט איז מײַנס. זי האָט באַדאַנקט און אַנטשיידן אָפּגעזאָגט זיך — זי האָט ליב צו פֿאָרן אויף דער אייבערשטער באַנק. דאַן האָבן די צוויי זיך צוגעזעצט, און דער מאַן האָט אויסגערופֿן:

— נו, דערציילט, ווער וווהין.

ווײַזט זיך אַרויס, ס'איז אונדז זייער געראָטן. אַלע פֿאָרן ביזן ענד־פּונקט, קיין אַלמאַ־אַטאַ. דאָס פּאָרפֿאָלק איז טאַקע פֿון דאָרטן. ביידע אַרכיטעקטאָרן. געווען אין מאָסקווע אויף אַ צוזאַמענפֿאָר.

פֿאַר דער איינער האַלבער שאָ, וואָס איר מאַן האָט גערייכערט און מיט עמעצן דורכגעשמועסט זיך אין קאָרידאָר, באַווײַזט די פֿרוי מיר צו דערציילן וועגן זייער טאָכטער, וואָס איז ערשט אַריבער אויפֿן דריטן קורס און האָט אײַנמיטנדערינען כאַסענע געהאַט. מיט אַ ייִנגל, מיט וועלכן זי האָט זיך געלערנט אין איין קלאַס. זיי, די עלטערן, האָבן געוווּסט פֿון דעם ראָמאַן, נאָר געמיינט, קינדער... ס'וועט דורכגיין. ערשט נאַ דיר. אירישקע — אַ דאַמע. צו נײַנצן יאָר. לערנען זיך וויל זי דאַפֿקע, און אַרבעטן אויך. אין שטוב, זאָגט זי, וועט זי ניט בלײַבן זיצן. נעמט אַלץ אויף זיך. „און די אַקסעלעך זײַנען שוואַכע. פֿון קינדווײַז אָן דאָס געזונט...

געמעגט זײַן בעסער". די פרוי בלײַבט זיצן שטיל. מיט א פּלוצעם עלטער געוואָרן פּאָנעם, א צעשווענקטס פון זאָרג.

עס געדויערט ניט לאנג, און אָט דערציילט זי שוין ווײַטער. זיי האָבן א זון, שוין באלד דרײַסיק יאָר אלט, ער טראכט אפילע ניט וועגן כאסענע האָבן. אויסער דער וויסנשאַפט, וויל ער פון גאָרנישט ניט וויסן. א מיקראָביאָלאָג איז ער. א דאָקטאָר־דיסערטאציע שוין אָנגעשריבן. ניט לאנג צוריק איז איר זון געפאָרן ספּעציעל קיין מאָסקווע. געטראָפן זיך דאָרט מיט א פּראָפעסאָר, וועלכן ער וויל אומבאדינגט האָבן פאר אן אָפּאָנענט באם פארטיידיקן די דיסערטאציע. א גרויסער געלערנטער. און געווען א פּאָשעטער וועטערינאר. דער פּראָפעסאָר קלײַבט זיך צו זיי קיין קאזאכסטאן, אויסצופּרווון אף שעפּסן א נײַ־דערפונדענעם פּרעפּאראט. האָט דער אינסטיטוט אויסגעטיילט וואָלאָדיען צו באגלייטן אים אף די בארגלאָנקעס. נו, וועט מיסטאמע זײַן גוט.

איך קוק אפן רונדן שיינעם פּאָנעם פון דער פרוי, וועלכע דערציילט עס מיר אלץ, און קאָן זיך ניט אײַנהאלטן פון איבערצופרעגן:

— ווי אלט, זאָגט איר, איז אײַער זון?

— נײַן און צוואנציק יאָר.

איך בין מיט דער פרוי שוין אזוי היימיש, אז איך דערלויב זיך צו שטעלן א צווייטע פראגע:

— וויפל זשע זײַט איר אלט געווען, ווען איר האָט אים געבראכט אף דער וועלט?

די פרוי צעלאכט זיך הויך אף א קאָל:

— אָ, דאָס מיינט איר אנטקעגן מײַן אירישקען?..

ניט וויניקער פון זעקס כאדאָשים אין יאָר פארברענגען די צוויי ארכיטעקטאָרן אין א מוירעדיקער היץ, און געבײַען פּראָיעקטירן זיי גאָר פארן צאָפן. וועגן זייער ארבעט ריידן זיי ביידע אָן אן אופהער און אָן אן אָפּשטעל. איבער דער צײַטונג, וועלכע איך האָב נעכטן אין אָוונט צופעליק איבערגעלאָזט אפן טישל, צעלויפן זיך שוין אין פארשיידענע ריכטונגען ליניעס און געאָמעטרישע פיגורן. אלץ קעדיי בעסער געבן מיר צו פארשטיין דאָס נײַע אין דער צאָפן־ארכיטעקטור.

ווען עס רעדט דער מאן, קוקט אף אים די פרוי אזוי, ווי זי וואָלט געדינט אין דער „גיכער הילף". טאָמער פארהיקעט ער זיך אף איין אויגנבליק, כאפּט זי אונטער די ניט־פארענדיקטע פראזע, און דער מאן פארשפּאָרט שוין צו ריידן א גוט פּערטל שאָ. שטייט ער אף דער וואך. ער ווייסט, אז אָן „גיכער הילף" וועט זי זיך אויך ניט באגיין. וועמען פעלט ניט אויס אמאָל א וואָרט?

איך האָב ליב מענטשן, פאר וועלכע, אויב זיי רופן זיך אפילע אָנגעשטעלטע, איז זייער ארבעט ניט קיין שטעלע, נאָר ארבעט. אָבער ניט בלויז איבער דעם איז מיר צום הארצן די פּאָר. מיר געפעלט זייער ליבעשפּיל דערבײַ, אין וועלכער זיי גיבן זיך געוויס ניט אָפּ קיין כעזשבן. מיר קומט אפן זינען דער אָנגענומענער סימען, אז ווער עס וועט דער ערשטער, דער כאסן, צי די קאלע, אריבערטרעטן די שוועל, דעם איז געזיכערט דער אויבנאָן אין דער קומענדיקער היים. די דאָזיקע צוויי

האָבן מיסטאמע געמאכט דעם אנטשיידענעם טראָט, ריידנדיק וועגן אַר־כיטעקטור. א קליין שיכעלע, נומער פיר און דרײַסיק, האָט זיך צוגע־טוליעט צו א ריז מיט א ברייטער נאָז און א דיקן זויל — נומער זעקס און פערציק. א שפּרײַז — און ביידע זײַנען שוין אף יענער זײַט שוועל. א זון און א טאָכטער האָבן זיי און צוויי כסימעס אונטער זייערע בעשוט־פעסדיקע פּראָיעקטן: „יע. סמירנאָווא, אי. מאַטשאלסקי".

„פאראן הייסע וואורשטעלעך מיט קרויט... א רויטן באָרשטש ווער פאר־לאנגט?!" — דערטראָגט זיך פון קאָרידאָר.

די ארכיטעקטאָרן לאָזן זיך עסן מיטיק אין וואגאָן־רעסטאָראן. איך פארבלײַב מיט דער עלטערער פרוי אין קופּע. זי איז, ווי־זזט אויס, זייער מיד. אָדער סטאם א שווײַגערקע. דעם גאנצן פרימאָרגן האָט זי אָפּגע־דרעמלט דאָרט אין דער הייך אונטערן אקאָמפּאנעמענט פון אונדזערע רייד. ביז איצט האָב איך פון איר געהערט נאָר „א דאנק. איך האָב ליב די אייבערשטע באנק" (אן ענטפער אפן פאָרשלאָג בײַטן זיך מיט די ערטער); „איך אויך" (א באשטעטיקונג, אז זי פאָרט צוזאמען מיט אונדז קיין אלמא־אטא); און „גינדא געדאליעוונא". די לעצטע צוויי ווערטער האָט זי ארויסגעזאָגט, ארטיקולירנדיק יעדן זילב. רוסישע מענטשן, ווייסט זי, גיט זיך שווער איר נאָמען.

איצט זיצן מיר איינע אנטקעגן דער אנדערער. צווישן אונדז דאמפן זיך צוויי שיסעלעך באָרשטש. ארומגעלייגט מיט קארטאָפל־פּיורע, רוען אפן דעק פון צוויי גרויע טעלערלעך ברוינע וואורשטלעך. דאָס אלץ האָט אונדז צוגעשטעלט אף איר ווענעלע די פרוי מיט דער הילכיקער שטימע („א רויטן באָרשטש ווער פארלאנגט?"). גינדא געדאליעוונא האָט צוגע־געבן גלאנץ אונדזער סודע. סערוועטלעך פארשפּרייט, פּאפּירענע — ניט קיין פּאפּירענע. אין דער מיט איז אָנגעמאָלט א שיף אפן יאם מיט א ווײַסן זעגל, בא די ברעגן — עקזאָטישע יאם־פויגלען. ניט אונדזערע סער־וועטלעך. פאָרט, הייסט עס, איר זון ארום איבער דער וועלט. אן עלטערע פרוי, און די באוועגונגען זײַנען בא איר פלינקע און זיכערע. דעם טיש סערווירט זי מיט אזא אויסזען, ווי זי וואָלט בא זיך אין שטוב אופגענומען געסט און איך בין צווישן זיי דער סאמע אָנגעלייגטער. ווילט זיך מיר אָנטאָן איר א ביסל נאכעס־רועך.

— א פײַנער זון בא אײַך, — זאָג איך. — וואָס איז זײַן טועכץ?

— א טאָכטער איז בא מיר. א מיקראָביאָלאָג. פארנעמט זיך מיט דער פּראָפילאקטיק פון פארשיידענע קראנקײַטן בא באלעכאַים. א פייזיקע. נאָר, צום באדויערן, ניט דורכגעמאכט קיין פּראקטישע וועטערינאַריע.

כאָטש זי ענטפערט מיר אזוי אויספירלעך, קלעפּט זיך ניט בא אונדז דער שמועס. עפּעס ווייס איך ניט, פון וועלכער זײַט צוצוגיין צו דער דאָזיקער פרוי. און אומדערוואַרט גיט זי אליין צו:

— א זון אויך... געווען...

איך וואַרט, זי זאָל נאָך עפּעס זאָגן.

זי שווײַגט.

אָפּגעגעסן, באווײַז איך ניט ארומזען זיך, ווי די שכיינע האָט שוין אופגעראמט פון טיש. צונויפגעשאַרט דאָס איבערבלײַבעכץ פונעם עסן אין

די פײַנע סערוועטלעך און ארויסגעטראָגן. אומגעקערט זיך און ווידער ארופגעקלעטערט אין דער הייך. דאָרט אוועקגעזעצט זיך, פארשפרייט עפּעס גרינס אף די קני, און צוויי שפּיזלען האָבן א טאנץ געטאָן אין אירע הענט.

— א קאָפּטל? — פרעג איך.

— א גאנצן קאָסטיום פארטראכט. פאראיאָרן נאָך אָנגעהויבן. אף דאטשע. נאָר איר זעט, אָט די ראָמבן דארפן זיך צונויפגיין. און איך האָב אָפּט א טאָעס אין כעזשבן. קומט אויס צו פאנאנדערלאָזן און שטריקן פונדאָסנײַ, — האָט זי זיך פאר מיר ווי פארענטפערט.

— אונטן איז ליכטיקער. עפּשער וועט איר אראָפּקומען?

— א דאנק. מיר איז דאָ גוט.

מיר איז אויך ניט שלעכט. איך בין אויסגעטאָן פון אלע זאָרגן. קוק איך אין פענצטער, ווי דער וועג לויפט פארבײַ. דאָרפישע הײַזער מיט נײַ־ינקן בלעך געדעקטע. גרין, רויט, בלוי. אף א בערגל. אין דער נידער. לאָנקעס און פעלדער — בונטער ציץ. אופגערודערטע ברוינע ערד. שא. זי רוט. א שמאָלע הילצערנע פלאטפאָרמע. קינדער פאָכן מיט די הענטלעך צו אונדזער פארבײַלויפנדיקן צוג.

איך קוק אין פענצטער. מיט א זײַטיקן בליק זע איך אויך די שפּיז־לען אף דעם אייבערשטן געלעגער אין קופּע. וויאזוי זיי האוועןן אין די הענט מיט די געלע גרײַפּעלעך. א טוק זיך אין דער גרינער ווייכקײַט און ארויסגעשווומען: „ארוף־אראָפּ, ארוף־אראָפּ". מיר דוכט, איך הער זייער ניגן. ער גיסט זיך צונויף מיטן קלאפּן פון די רעדער: „פאָרויס, אהין, פאָרויס, אהין". וווהין?

2

דער טעאטער האָט דאן רעפּעטירט יויסעפס פּיעסע. דער טעאטער — די געוועזענע סטודיע.

— וואָכעדיק... וואָכעדיק... — ערגערט זיך יויסעף. — א מין פארשלע־פעניש... ווי זיי וואָלטן אלע גאנצפרי ארײַנגעקראָכן אין פאנאנדערגעטראָ־גענע שטעקשיך און פארגעסן פון זייו ארויסצוקריכן.

און מירע זאקס, אף וועמען יויסעף האָט געלייגט אזעלכע גרויסע האָפענונגען... ס'איז געווען ניט צו פארשטיין, פארוואָס גיט זיך איר אזוי שווער די ראָל. ווען יויסעף האָט מיר געלייענט באזונדערע סצענעס, נאָך ניט קיין באארבעטע, האָט ער מיר וויפל מאָל געזאָגט: „שטעלסט זיך פאָר, ווי מירע זאקס וועט עס אויסשפּילן?" די ראָל איז געווען פאר איר געשריבן. האָט אף מירען יויסעף זיך געקלאָגט, ווי מע קלאָגט זיך אף א געראָטן קינד, וואָס אָנשטאָט פּינפן באקומט עס גאָר צווייען:

— אף דער בינע האָט זי, דאכט זיך, געמעגט פארגעסן, אז זי איז צו הויך געוואקסן, הויקערט זיך נאָכאנאנד און די הענט הענגען בא איר, ווי איבעריקע.

וואָס נעענטער צו דער פּרעמיערע, איז יויסעף אַלץ אָפּטער געגאַנגען אַף די רעפּעטיציעס. דאָרט געשוויגן, ניט געמישט זיך, ניט געוועֶרט זיך, ווען דער רעזשיסער האָט ארויסגעוואָרפן גאַנצע שטיקער טעקסט. גערן צוגעשריבן דאָס, וואָס דער רעזשיסער האָט אים געייצעט. נאָכדעם אין דער היים:

— פונעם זשעסט שפּאַרט שטייגער, פון דער אינטאָנאַציע שפּאַרט שטייגער. ס׳איז אַלטער טעאַטער. פונוואַנען קומט עס צו זיי? עפּשער פון דער פּיעסע? זאָג מיר דעם עמעס, לייעלע! אָט נעם, לייען איבער נאָכאַמאָל די לעצטע סצענע...

און דריַי טעג פאַר דער פּרעמיערע:

— מירע איז א גאָלד. מע טאָר איר נאָר גאָרנישט ניט אָנבינדן. ס׳וועט זײַן גוט.

אין אָוונט פון דער פּרעמיערע בין איך געקומען אין טעאַטער א שאָ פאַרן אָנהייב. אַזוי האָט מיך געבעטן מירע זאַקס, סטאַם אַזוי. זי וויל, איך זאָל מיט איר א ביסל זיצן. זי האָט ליב, זאָגט זי, באַנאַנד מיט מיר צו שוויַיגן.

איך קלאַפּ אָן שטיל אין טיר, קום אַריַין אינעם שמאָלן אַקטיאָרישן קעמערל. מירע גיט אין שפּיגל א נייג פאַר מיר דעם קאָפּ און זעצט פאָר צו באַדעקן דאָס פּאָנעם מיט פּעטס. עטלעכע פּיר מיט א בליַיער, און די ליניע פון די ברעמען גיט א קרומען פלי אין דער הייך. איך זיץ הינטער מירעס פּלייצע. איך זע אין שפּיגל, ווי איר פּאָנעם ווערט בלאַס. די גרויסע אויגן נאָך גרעסער. די האָר צעטיילט זי מיט א גליַיכן שרונט, לאָזט זיי אַראָפּ איבער די אויערן און פאַרנעמט אַף אַהינטער גאָר נידעריק, באַם סאַמע נאַקן. דאָס לענגלעכע בלייכע פּאָנעם קוקט ארויס ווי פון א שוואַרצער ראַם.

איך זע מירען אין שפּיגל. מיט יעדער רעגע ווערט זי פון מיר דערוויַיטערט. פון זיך אַליין אויך. מיר דוכט, זי האָט שוין אַריבערגעטראָטן די נייטיקע שוועל.

באַלד איך זיץ דאָ נאָר קעדיי צו שוויַיגן, מעג איך דאָך א טראַכט טאָן וועגן דער היים אויך. יויסעף, ווייס איך, שפּאַנט איצט הין און צוריק איבערן צימער. צוויי שפּאַן ביז צו בײַעלעס בעטעלע, צוויי שפּאַן אַף צוריק ביז זײַן שרײַבטיש. איך ווייס אויך, אַז אין טעאַטער וועט ער קומען אוואַדע נאָכן דריטן קלונג. ער וועט זיך לאָזן צו דער לעצטער ריי אין פּאַרטער, נאָר דאָרט וועלן אַלע ערטער זײַן פאַרנומען. וועט זיך אופהייבן דער פאָרהאַנג, און ער וועט בליַיבן שטעקן אינמיטן דעם שמאָלן דורכגאַנג צווישן די רייען. דאַן וועט עמעצער פון דעם אוילעם בייז אַף אים א שיפּע טאָן: „בירגער, איר שטערט, זעצט זיך ערגעץ אוועק״.

מירע פאַרענדיקט גרימירן זיך. טוט א זאָג צו מיר פון שפּיגל ארויס:

— א דאַנק, לייעלע. איצט אָבער מוז איך פאַרבליַיבן א רעגע אַליין. —
א פּיר מיט די אַקסלען. — ס׳איז דאָ קאַלט, עמעס? — אונטערן וויַיסן שיכט גרים טרעט ארויס די בלייכקײַט פון איר אייגן פּאָנעם.

עס גייט דער ספּעקטאַקל. איצט איז שוין קיינעם ניט נויגייג די ער־גערניש פונעם מעכאַבער, די נערוון־אויסברוכן באַם רעזשיסער, ווען אַף זײַנע שאַרפע קינבאַקן צינדן זיך אָן רויטע פלעקן און ער גיט זיך אַזש אַ ריס פאַר די האָר פון אופרעגונג.

— איר פאַרפרירט מיר דעם ספּעקטאַקל, — צעגוואַלדעוועט ער זיך אַף אַן אַקטיאָר. — דאָס איז וועט אַמאָל לאָזן, ווי טראַכט איר?

ניטאָ קיין ראַכמאָנעס. ניטאָ קיין מיטן צווישן יאָ און ניין. אויסגעע־שעפּטע ביזן לעצטן גראַד, כאָזערט מען געדולדיק איבער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אַ רעפּליק, אַ זשעסט, אַ סצענע. ביז דאָס איז לאָזט. דאַן זאַמלט מען זיך אין קופּקעלעך, מע רעדט הויך, מע לאַכט, מע בײַסט איבער. אַלע אַזוי, אויסער מירע זאַקס. זי געפינט פאַר זיך אַן איינזאַם ווינקל, פאַרשטעקט זיך ערגעץ הינטער די קוליסן. מע זעט זי ניט, מע הערט זי ניט. און דעריקער, וואָס זי הערט ניט, זי זעט ניט. זי בלײַבט אַליין מיט זיך, מיט דעם, וואָס אין איר.

דער רעזשיסער וואַרפט זיך אָפּ אַף אַהינטער אין זײַן ווייכן פאָטעל, פאַרמאַכט אַף אַ רעגע די אויגן. אַזוי רוט ער אָפּ. ווען ער עפנט די אויגן, דערזעט ער אַף זײַן טישל די עסקיזן, וועלכע דער קינסטלער האָט גע־בראַכט, און באַלד פלאַקערט אויף אַ דיאַלאָג, פון קיינעם ניט קיין געשריי־בענער, פון קיינעם ניט קיין אויסגעטראַכטער.

אַ פּאַטש אין די דלאָניעס. עס ווערט שטיל. אַף דער בינע שטייט מירע זאַקס. אַ פאַרלאָרענע, אַ דערשראָקענע. זי דריקט צו ביידע הענט צום האַרצן און בעט זיך:

— באָריס סעמיאָניטש, איך וועל זיך ספּראַווען, איר וועט זען. איך דאַרף זיך נאָר אַ ביסל אײַנלעבן...

דעם רעזשיסער גיט אַ טראָג אויף פון אָרט:

— אײַנלעבן זיך... כודאָזשע׳סטווענִי טעאַטער, מישטיינסגעזאָגט. — אין דעם בעקיוון איבערגעשטעלטן טראָפּ לייגט ער אַרײַן אַ מוירעדיקן סאַר־קאַזם. — אַן אַקטיאָר איז אַ מענטש פון שנעלער רעאַקציע, פאַרגעדענקט עס איינמאָל פאַר אַלעמאָל.

...איך האָב דאָס געזען. אײַנגעבעטן זיך באַם רעזשיסער, באַ באָריס סעמיאָניטשן. אַף צוויי רעפּעטיציעס האָט ער מיך אַרײַנגעלאָזט, און דאָך איז מיר שווער פאַרצושטעלן זיך די אַלע פאַרוואַנדלונגען, וואָס עס מאַכן דורך אין זייער אויסגעדאַכט לעבן די אַלע מענטשן, וואָס איך קען אַזוי גוט, וואָס זײַנען ניט קיין זעלטענע געסט אין מײַן שטוב. און געוויס שטעלן זיך עס ניט פאָר די אַלע, וואָס האָבן געקויפט אַ בילעט אין קאַסע און קוקן איצט אַף מירע זאַקס. זי שפּילט איר פינאַל־סצענע. די בינע איז פוסט. אין הינטערגרונט — אַ רויטע ציגל־וואַנט. באַ די זײַטן — קו־ליסן. מירעס פּאָנעם איז געווענדט צום אוילעם. די לאַנגע הענט מיט די ברייט פאַנאַנדערגענומענע פינגער זײַנען צעשפּרייט אַף דער רויטער וואַנט, די הענט וויינען, די הענט מאָנען, די הענט שטראָפן. אין אַן אָוואַל פון שײַן שאַרט זיך די איינזאַמע פרויען־פיגור באַ דער וואַנט, און עס

גייט איר נאָך אן אײַנגעבראָכענער איר אייגענער שאָטן. שוין אָן אן אָנשפּאַר מאַכט זי עטלעכע טריט לענגויס דער רעכטער קוליסע. דאָ ווערט זי אַלץ קלענער און קלענער. אויף דער ערד לאָזט זיך אַראָפּ אַ קליין מיידעלע, אַ פאַרוווּנדעטע קינד. אַ רעגע האַלט עס נאָך דעם אוילעם אונטערן היפּנאָז פון אַ פּאָר גרויסע טראַגישע אויגן און ווערט אויסגעלאָשן. אַ רעדעלע שײַן גייט אַ שפּרונג אין דער הייך. אין אַ קליין פענצטערל אונטערן סאַמע באַלקן באַווײַזט זיך אַ מענעריש פּאָנעם, צעפּאַסעוועט אין גראַטעס. די לעצטע ווערטער פונעם דיקטאָר: „דער פאַרפּײַניקטער וועט בלײַבן דער גערעכטער”.

3

אַ ברייטער טראָט בא יויסעפן. איך בלײַב עטוואָס הינטערשטעליק. יויסעף האָט עפּעס געזאָגט, און איך האָב ניט דערהערט.

לאַך איך:

— יויסעף, דו עלטערסט זיך, יויסעף, רעדסט צו זיך אַליין. רייד בעסער מיט מיר.

יויסעף גיט אַ כאַפּ מײַן עלנבויגן, דריקט מיך צו צו זיך, און מיר טראָגן זיך שוין ביידע, ווי רוכעס, אינמיטן דער גאַס, צווישן שלאָפנדיקע הײַזער. פּוס אין פּוס. דאָס דינע אײַז־הײַטל, וואָס האָט אָוונט־צו פאַרצויגן דעם ברוק, טרעשטשעט אונטער אונדזערע טריט. און די פּיס, אָנגעשטײַפטע אין גיכן גאַנג, פרייען זיך: „ס'איז פרילינג! ס'איז פרילינג!”

קיינמאָל אין לעבן האָב איך, דאַכט זיך, אַזויפיל ניט גערעדט. איך דערצייל און דערצייל. איך אײַל זיך. איך האָב מוירע דורכצולאָזן די מינדסטע קלייניקײַט. איך דערצייל יויסעפן, וואָס מענטשן האָבן גערעדט אין זאַל, איך דערצייל, וואָס איך האָב געהערט הינטער די קוליסן. גוט, גוט און גוט...

— האָסט באַמערקט, יויסעף? ווען עס האָט זיך געענדיקט דער לעצטער אַקט...

— באַמערקט? איך האָב זיך דערשראָקן. אַזאַ מין שטילקײַט אין זאַל, — כאַפּט אונטער יויסעף. — און מיטאַמאָל — אַ פּאַטשערײַ. אַלע שטייען... — באַלד גייט ער צו שוין אַ ביסל אָפּגעקילט: — פון דער יוגנט איז ווער־ניט־ווער געקומען אָן מאַנטלען. וואָרעם אין דרויסן. נו, האָט מען זיך ניט געײַלט אין גאַרדעראָב.

דאָס פאַרדריסט מיך שוין.

— צום אוילעם, — זאָג איך, — איז אַלץ דערגאַנגען. די מוזיק, די אויספירעמונג. ווי מע האָט עס אַפּלאָדירט דער שקיִע אין צווייטן אַקט...

— יאָ, איבער דער שקיִע האָט אויסגעבראָכן אַ פאַמיליען־סצענע. הינטער אונדז. האָסט ניט באַמערקט דאָס פּאָרל? דעם מאַן איז אַזוי געפעלן געוואָרן די שפּיל פון געל און רויט אין דער בלויקײַט, אַז ער האָט אַזש אָפּגעזיפצט: „אײַ, אַ דזשעמפּער אַזאַ!” האָט אים דאָס ווײַב געענטפערט קורץ און קלאָר: „אידיאָט!”

— אָט זעסטו, — דערפרייט איך זיך, — זי האָט פארשטאַנען.

מיר איז הייס. צי פון גיכן גאַנג, צי עפּשער ברענט מיר נאָך דאָס פּאַנעם פון די קושן, וואָס איך האָב הײַנט געכאַפּט פון יויסעפּס־וועגן. אפילע לעפּציען האָט מיט די ליפּן א קיל געטאָן מײַן באַק. לעפּציען, דער געקרוינטער קריטיקער, און ווערטער אַזעלכע האָט ער מיר אויסגעציילט, איינס אין איינס, קײַלעכדיקע, וואָגיקע, געצילטע גלײַך אין דער אייבײַ־קײַט ארײַן: „אין דעם ספּעקטאַקל שלאָגט דער דויפּעק פון דער עפּאָכע".

נאָר דאפקע דאָס האָב איך עפּשער ניט געדאַרפט דערציילן יויסעפן. איבער זײַן פּאַנעם לויפט דורך א שאָטן:

— כאַפּט אים דער קאָטער, לעפּציענען! וואָס פאַרשטייט ער?

יויסעף הייבט אָן גיין לאַנגזאַמער. ער לאָזט אָפּ מײַן האַנט. ווי כ׳וואָלט געטראָפן א שטרויכלונג אַפן וועג, פארהאַלט איך אויך מײַן האַסטיקן לויף. מיר גייען פּונקט ווי פרעמדע, צווישן שלאָפנדיקע הײַזער, פּוס אין פּוס, טראָט אין טראָט. דאָס טרעשטשען פונעם אײַז־הײַטל אונטער מײַנע קנאַפּל איז שוין אָבער ניט אַזאַ האָפערדיקס.

מיר גייען ארײַן אין שטוב. יויסעף נעמט מיך אָן פאַרביידע הענט, זעצט מיך אוועק אף א בענקל באַם טיש. אליין זעצט ער זיך אנטקעגן. זײַנע ערנסטע אויגן קוקן מיר גלײַך אין פּאַנעם ארײַן, פּונקט ווי דאַן, ווען מיר האָבן זיך ערשט באַקאַנט. ווי יעדעס מאָל, ווען אונדז שטייט פאַר דורכצוריידן זיך וועגן עפּעס גאָר וויכטיקס, וואָס עס גייט אונדז אין לעבן. יויסעף פאַרטרויט מיר, אַז הײַנט האָט ער ענדלעך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס איז זײַן פּיעסע אַזוי שווער אָנגעקומען די אַקטיאָרן. הײַנט האָט ער דערזען אַלע אירע כעסרוינעס. ער האָט עס דערזען טאַקע דורך דעם, וואָזוי דער טעאַטער איז זיי בײַגעקומען. איך הער אים און דערמאָן זיך, וויפל מאָל יויסעף האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט, אַז מע פאַרשטייט אים ניט, אַז מע מאַכט אים קאַליע די פּיעסע. איך דערמאָן זיך אָבער אויך, מיט וואָס פאַר אַן אומרו יויסעף פלעגט מיך בעטן, קומענדיק פון א רעפּעטיציע: „אָט לייען נאָכאַמאָל איבער אָט אָ־דאָס אָרט. זאָג מיר דעם עמעס..." הײַנט אָבער, אינעם טאָג פון דער פּרעמיערע, איז מיר אַזאַ שאָד געוועזן אונדזער ביידנס געהויבענע שטימונג, אונדזער יונגן טראָגן זיך צוגעדריקט איינער צום אַנדערן איבער דער שלאָפנדיקער גאַס... פארהיטן, פארהיטן אין זיך דאָס פרילינגדיקע טרעשטשען פונעם אײַז־הײַטל אונטער די פיס. יויסעף אָבער רעדט זײַנס. און ער קוקט אַף מיר מיטן זעלבן פאַרשנדיקן ערנסט, ווי בא דער ערשטער באַגעגעניש. הער איך אים, יויסעפן. איך הער אים מיט אַלע אייוורים, ווײַל ער איז איך, און איך בין ער. און אויב אים טוט עפּעס וויי, קאָן מיר ניט ניט וויי טאָן. און יויסעף זאָגט צו מיר:

— א פײַנע רעמאַרקע האָב איך זיי אונטערגעטראָגן: „זי פאַלט, ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל". א געזונט אין מירעס קלוגן קאָפּ. סאַרא שקאָצערײַ זי האָט עס הײַנט אָפּגעטאָן. אַף צולאָכעס דעם מעכאַבער. אַף צולאָכעס דעם רעזשיסער. איר שאַרן זיך בא דער וואַנט... טאַקע אַן אונטערגעשאָסענער פויגל, אָבער ער וויל ניט פאַלן. און שלוימקע, האַ? האָט זיך ניט פאַרלאָרן. נאָכגעגאַנגען מיטן לאַמטערן, וויפל זי האָט גע־

וואָלט. זיי האָבן מיסטאַמע פֿון פֿריִער געשלאָסן בלאַט, מירע מיט שלוימ־קען. כ׳האָב ליב, ווען מע פֿאָלגט ניט נאַטשאַלסטווע.

יויסעף גיט אַ שמייכל. קוים־קוים, מיט איין ווינקל פֿון מויל. מעג איך שוין זאָגן:

— יויסעף, עמעצער פּרירט באַ אונדז הינטער דער טיר.

— ?

— דער יאַמטעוו. איך האָב אים געלאָזט דאָרט איבערוואַרטן. אַרײַנלאָזן?

— אַרײַנלאָזן.— יויסעף גיט אַ שפּאַן צו דער טיר, ווי ער וואָלט זיך בעעמעס געקליבן זי עפֿענען. עס שטעלט אים אָפּ בײַעלעס אויסגעוואַרעמט־פּאַרלעגערט קאָל:

— די פּרעמ־פּרעמיערע איז דורכגעגאַנגען גוט?

יויסעף כאַפּט אַרויס בײַעלען פֿון איר בעטל און, ווי זי איז געשלאָפֿן אינעם לאַנגן נאַכט־העמד, זעצט ער זי אַרויף אָפֿן רעכטן אַקסל און נעמט זיך דרייען מיט איר אין אַ מעשוגעדיקן טאַנץ, אונטערזינגענדיק:

— גוט־גוט, גוט־גוט, גוט־גוט...

איך לויף אים נאָך, ווי אַ צעפּאָלאָכעטע קוואָקע:

— יויסעף, לאָז אָפּ! זי וועט זיך צוקילן, יויסעף!

און נעם אַליין אויך צופּאַטשן מיט די דלאָניעס צום טאַקט.

## III. אין דערוואַרטונג

— איר רופֿט צו אַן אידעאָלאָגישער מילכאָמע,— אַזוי האָט סאָף זומער דער דירעקטאָר פֿון טעאַטער פּאַרטײַטשט יויסעפֿן דעם מיין פֿון זײַן פּיעסע.— מיר לעבן דאָך ניט אין די צײַטן פֿון מיטלאַלטער. וואָס, מיר וועלן זיך לאָזן אין אַ קרייץ־צוג קעגן דײַטשלאַנד? מע קאָן דאָך ניט אַזוי...

דער דירעקטאָר איז געווען אויסער־זיך. מיט וואָס וועט ער דעקן די הויצאָעס, וואָס זײַנען אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין דעם ספּעקטאַקל.

און לעפּצינס אַרטיקל... „צי שלאָגט אין דעם ספּעקטאַקל דער דויפּעק פֿון דער עפּאָכע?‟ אָט אַזוי, מיט אַ פֿראַגעצייכן. וועגן אַ ספּעקטאַקל, וואָס איז אין דעם נײַעם סעזאָן, נאָך די זומער־גאַסטראָלן, קיין איין מאָל ניט באַוויזן געוואָרן. אַרום יויסעפֿן האָט זיך צעפּלאַקערט אַ שיידים־טאַנץ: גיפּטיקע סלינע. „שו־שו‟ און „כי־כי‟.

...אָף דער וואָגשאָל האָט זיך געוואַקלט דער צוטרוי צו פֿרײַנט: יאָ — ניין, יאָ — ניין. צי דען וועט קיינער צו אונדז הײַנט ניט אַרײַנקומען? בײַעלע איז אָף דער זומער־וווינונג. מיט מײַן מאַמען. קאָנען מיר אויפֿנעמען געסט אַפֿילע אינמיטן דער נאַכט.

צוועלף אַזייגער האָט יויסעף געזאָגט:

— ס׳איז שפּעט. צײַט צו שלאָפֿן.

איך ענטפֿער:

— באַלד, יויסעף, איך וועל נאָר צעוואַשן דאָס געפֿעס.

דאָס געפּעס איז בא מיר שוין לאנג צעוואשן. איך ווייס דאָס, און יויסעף ווייסט דאָס אויך. און דאָך גיי איך ארויס אין קיך. איך שטיי דאָרט א ווײַלע, הער זיך צו צו דער גאַס. צו אונדז גייט מען ארײַן גלײַך פון דער קיך. דאָ איז טאַקע צוגעקלאפּט צו דער וואנט, עטוואָס אָפּגערוקט פון דער פּליטע, א הילצערנער הענגער פאַר די אייבערשטע בגאָדים. די פּליטע איז אַן איבערבלײַבעניש פון א גרויסן רוסישן אויוון, וואָס האָט פאַרנומען פּונקט א העלפט פון דער קיך. האָבן מיר דעם אויוון אראָפּגעטראָגן, אוועקגעשטעלט אָנשטאָט אים א פּליטע. איך שטיי אין קיך, קוק אפן קופּקעלע האָלץ בא דער פּליטע, וואָס יויסעף האָט אָנהייב אָוונט ארײַנגעטראָגן פון שטאל, און הער זיך צו צו דער גאַס. ס׳איז שטיל. מע הערט ניט קיין טריט. און איך ווארט אף געסט. ס׳איז בא מיר אזוי געמיטלעך אין שטוב. טאָ פאַרוואָס זאָלן ניט קומען קיין געסט?

מענטשן באַדויערן אונדז, וואָס מיר לעבן אין אזא שלעכטער דירע. יעכ:על גאָלדבערג, דער ליטעראַרישער לייטער פון טעאַטער, רופט אונדז „עקסטערניקעס”, און „אייביקע סטודענטן” רופט ער אונדז. א דײַגע מיר, זאָל ער אונדז רופן ווי ער וויל, אבי ער זאָל אויך ווײַטער גאנצע אָוונטן פאַרברענגען בא אונדז אין דער שלעכטער דירע. וואָס איז שײַעך צו מיר, האָב איך ליב אונדזער קליין צימערל. אויסער די מינוטן, ווען עס שווימט אוף אין זיקאָרן דאָס שמאָלע בעטל, אף וועלכן איך בין געשלאָפן אין דער קינדהײַט. גאָר־גאָר א שמאָל בעטל, און דאָך האָט עס פאַרנומען דעם גאנצן שעטעך צווישן וואנט און אויוון. און איך פלעג אף דעם ארופקלעטערן ניט פון דער זײַט, נאָר פון צופוסנס צום צוקאָפּנס. איך ווייס ניט, צי האָבן עס אין מיר געזען זײַטיקע. איך אליין האָב שטענדיק געזען אין מײַן פּאָנעם דאָס פינצטערע, שמאָלע שפּארונקעלע צווישן וואנט און אויוון. איבערן הינטערן־אויוון האָב איך מײַן יוגנט געפירט אף א שטריקל, זי זאָל זיך איבעריקס ניט בריקעווען. א זון־העזעלע זאָל אף איר ניט א שפּיל טאָן.

מיר איז צום הארצן אונדזער קליין צימערל, וואָס איז אין די אָוונטן פול מיט מענטשן, מיט רויך פון פּאַפּיראָסן און מיט הייסע אמפּערײַען. נאָר טיילמאָל פאַרגאנוועט זיך א געדאנק, צי וועט בײַעלע ניט האָבן, אָדער ס׳וועט זיך איר דאָס גאנצע לעבן דאכטן, אז זי האָט א הינטער־אויוון־פּאָנעם. און זי וועט, פּונקט ווי איך, טוליען זיך צו שיינע כאווערטעס, וועלכע זײַנען קיינמאָל ניט געשלאָפן צווישן וואנט און אויוון.

איך גיי ארײַן אין צימער. איך גיב א זאָג גלאט אזוי, ווי וועגן א זאך, וואָס גייט מיר ווייניק אָן:

— פון טעאַטער איז דער אוילעם, מיסטאמע, זיך שוין לאנג פאנאנדערגעגאנגען.

— ניט נאָר דער אוילעם, די אקטיאָרן אויך, — פאַרפינקטלעכט יויסעף און גיט צו א ביסל בארויגעזלעך: — איך פאַרשטיי ניט, וואָס ציסטו הײַנט אזוי? דארפסט דאָך מאָרגן פרי אופשטיין צו דער ארבעט.

ס׳איז עמעס, איך דארף מאָרגן פרי אופשטיין צו דער ארבעט. ס׳איז

אָבער אויך עמעס, אַז הײַנט איז פֿאָרגעקומען אַ באַראַטונג פֿונעם טעאַטער־קאָלעקטיוו וועגן לעפּצינס אַרטיקל. באַריס סעמיאָניטש האָט דרײַ מאָל געשיקט נאָך יויסעפֿן. נאָר יויסעף איז אַף דער באַראַטונג ניט געגאַנגען.

איך האָב זיך שוין אַ קער געטאָן צו אויסבעטן די בעט, ווען עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. אין צימער זײַנען אַרײַנגעקומען מירע זאַקס, יעכיעל גאָלדבערג און מישע גרין. ווי עמעצנס געבורטסטאָג וואָלטן מיר געיאָמטעוועט אָדער אַן אַנדער סימכע וואָלט באַ אונדז הײַנט געווען, האָט מירע אוועקגעשטעלט אַ טאָרט אַפֿן טיש און מישע — אַ פֿלעשל ווײַן.

מיט מישען ווערט באַלד פֿול דאָס גאַנצע צימער. ער נעמט איבער פֿון מײַנע הענט די גלעזלעך, צעשטעלט זיי פֿלינק אַפֿן טיש. אַ דריי מיטן פּראָפּנציִער, און...

— פֿאַר דײַן פּיעסע, יויסעף...

— און פֿאַר אײַערע קומענדיקע פּיעסן, — כאַפּט אונטער גאָלדבערג.

מישע האָט זײַן גלעזל נאָך ניט צוגעטראָגן צום מויל. ער האַלט עס נאָך אופגעהויִבן אין דער האַנט. ווי ס׳ווײַזט אויס, ווילט זיך אים זאָגן יויסעפֿן עפּעס ביז גאָר אופמונטערנדיקס, נאָר גאָלדבערג לאָזט ניט. ער ווייסט איינס — קעדיי די פּיעסע זאָל זיך ווידער באַווײַזן אַף דער בינע, מוז יויסעף זי עטוואָס „אַ דריי טאָן". דאָ איז ניט שײַעך קיין ווינטשעוואַניעס. ער איז געקומען אײַנריידן יויסעפֿן אַ דריי טאָן, דאַרף ער דערצו ניט האָבן קיין דריידלעך.

די פֿלאַש שטייט אַפֿן טיש אַ ליידיקע. איך דערלאַנג טיי. און גאָלדבערג רעדט נאָך אַלץ אײַן יויסעפֿן. מישע האָט זיך מעיאַעש געווען פֿון אַרײַנשטעלן אַ וואָרט, בײַסט ער אָפּ מיט זייער אַן אומעטיק פּאָנעם אַ גאַנצע העלפֿט פֿון דעם שטיק טאָרט, וואָס איך האָב אים אוועקגעלייגט אַפֿן טעלער, גיט אַ זופּ פֿון דער גלאָז. מירע, פּאַרקערט, רירט זיך צו גאָרנישט ניט צו. זי זיצט באַם טיש, דאָס פּאָנעם אָנגעשפּאַרט אַף די צונויפֿגעפֿלאָכטענע פֿינגער פֿון די לאַנגע הענט און קוקט אַף גאָלדבערגן מיט אירע גרויסע טראַגישע אויגן. און כאָטש זי ווענדט אַף קיין איין רעגע ניט אָפּ איר בליק פֿון גאָלדבערגן, בין איך אין סאָפֿעק, צי הערט זי, וואָס ער רעדט.

איך פּרוּוו צום וויפֿלטן מאָל אָפּנעמען באַ גאָלדבערגן זײַן אָפּגעקילטע גלאָז טיי. לאָזט ער ניט. ער כאַפּט אַרום מיט ביידע הענט די גלאָז, פּונקט ווי שיידן זיך מיט איר וואָלט פֿאַר אים געווען די גרעסטע סאַקאָנע:

— ניין, ניין, מע דאַרף ניט. ליבינקער, — טײַנעט גאָלדבערג צו יויסעפֿן, און זײַנע טויבן־אויגן אונטער די ווײַסע ווײַעס בעטן זיך ראַכמים, — איר האָט אָנגעשריבן אַ גאָלדענע פּיעסע. איר ווייסט גאָר אַליין ניט, וואָס איר האָט אָנגעשריבן. טאָ דערלאָזט ניט, זי זאָל אַרויספֿאַלן פֿון רעפּערטואַר. מע דאַרף זיך ניט אַקשענען. איר וועט די פּיעסע ניט קאַליע מאַכן, ווען איר זאָלט עס אַפּילע וועלן.

איך בין געפֿאַלן אַף אַ האַמצאָע: איך האָב אוועקגעשטעלט לעבן גאָלדבערגן אַ הייסע גלאָז טיי און די אָפּגעקילטע אַרויסגעאַנוועט באַ אים. ער האָט עס ניט באַמערקט. ער איז נאָך אַלץ שטאַרק פֿאַרטאָן אינעם

אײַנרײדן יויסעפן. ער באַווײַזט מיט די פֿינגער, וואָס פֿאַר אַ קאָפּעלע מע דאַרף איבעראַרבעטן די פּיעסע: „עט־וואָס" און קוליעט איבער די הײסע גלאָז טײ אויפֿן טישטעך. ער שפּרינגט אויף, גיט זיך אַ דרײ אויף אײן פֿוס און דאָ באַלד אַ פּאַטש מיט דער דלאָניע איבערן נאַסן טישטעך:

— לאָמיר זיך שוין אוועקזעצן און צוזאַמען אַ טראַכט טאָן, האַ, יויסעף? אָט איז מישע, אָט איז מירע. לײעלע, געגנוג צו האַווען. זעצט זיך צו,— לאַדט ער מיך אײַן.— איר האָט דאָך אַ גוטן קאָפּ.

„קלײנבירגערלעכער הומאַניזם... דאָסטאָיעווּשטשינע",— צעטראָגט זיך פּלוצלינג איבערן צימער. מישע איז איצט לעפּצין מיט די בײנער. די האָר סטאַרטשען בײַ אים אין דער הייך, די ליפּן — אײנע אַרויף, אײנע אַראָפּ, ס'הײסט „איך רייד". מיר שיסן אויס אַ געלעכטער.

— אַז דאָסטאָיעווסקין האָט ער גאָר קײנמאָל ניט געלײענט,— גאָלד־בערגס פּאָנעם איז אײנע וואָנצעס. ער האָט דעם אָנבליק פֿון אַן אַלטן גוט־מוטיקן קאָטער, וועלכן מע האָט אַרויסגעבראַכט פֿון געדולד.— איך האָב אים דאָס דערוויזן, און זאָל ער מיך רופֿן קנאַקניסל. קײן נאַכעס האָט ער הײַנט אויף דער באַראַטונג ניט געהאַט...

— נאָך אַ מין דערוויזן,— כאַפּט אונטער מישע.— דער דויפּעק פֿון דער עפּאָכע פֿעלט אים אין דער פּיעסע. בײַ אים, זעט איר, שלאָגט דער דוי־פּעק, און בײַ יויסעפֿן שלאָגט ער ניט.

— אַ פּאַטענט זיך גענומען אויף דער עפּאָכע,— גיט אַ ברום גאָלדבערג.

איך האַלט ניט אויס און דערצײל, וואָס לעפּצין האָט מיר געזאָגט אײנעם אָוונט פֿון דער פּרעמיערע. יויסעף נעמט שווײַגנדיק אַראָפּ פֿון דער ביכער־פּאָליצע צוויי בראָשורן. ווײַזט אונדז, אַלץ נאָך שווײַגנדיק, די טאָוולען. דער מעכאַבער איז ד. לעפּצין. אײן בראָשור הײסט „פּלעכאַ־נאָוו — דער טעאָרעטיקער פֿון מאַרקסיזם אין געביט פֿון קונסט". די צווײ־טע, אַרויסגעגעבן מיט אַ יאָר שפּעטער,— „קעגן דער פּלעכאַנאָווישער אָרטאָדאָקסיע".

— אָט דאָס איז עס,— זאָגט יויסעף און באַשטאַט די בראָשורן אויף זײער פֿריִערדיק אָרט.

גאָלדבערג שפּרינגט מיטאַמאָל אויף, נעמט זיך געזעגענען. ער כאַפּט אַראָפּ פֿונעם הענגער זײַן ווייכן גרויען הוט און גיט אים קונציק אַ זעץ אַרויף אויפֿן שטערן איבער די סאַמע ברעמען. זײַנע טויבן־אויגן לאַכן:

— אַן עוויען אַ ייִד, אָט דער לעפּצין. דער טאַלאַנט איז דאָך בײַ אײַך.

אָפּגעזאָגט און אַ דרײ געטאָן זיך אויף אײן פֿוס אַרום זיך. יויסעף דער־לאַנגט אים זײַן פֿײַן אויסגעשניצט שטעקעלע, וואָס איז באַקאַנט דער גאַנצער שטאָט. ווו גאָלדבערג זאָל עס ניט איבערלאָזן, קומט עס צו אים צוריק.

יויסעף עפֿנט די דרויסנטיר אויף אַרויסצולאָזן דעם גאַסט, און גאָלד־בערג באַגעגנט זיך פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטן רעזשיסער פֿון טעאַטער, מיט באָריס סעמיאָניטשן. גאָלדבערג גיט פֿאַר אים אַ הײב אויפֿן אַלטמאָדישן שטײַגער דעם הוט און סטײַעט ניט. מירע מיט מישען אײַלן זיך אויך צו געזעגענען.

באָריס סעמיאָניטש האָט אויסגעזען זייער מיד. ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש און, איידער כ'האָב באַוויזן פּאַרלייגן, אַליין געבעטן אַ גלאָז הייסע טיי. מער וויל ער גאָרנישט. נאָר טיי. איך פּאַרקאָך פרישע טיי, ווי באָריס סעמיאָניטש האָט ליב. אַ פול לעפעלע אָף אַ גלאָז. ער טרינקט מיט זשעדנעקייט דעם זודיקן, קימאַט שוואַרצן געטראַנק. בײַ יעדן זופּ פאַלן אײַן זײַנע אײַנגעפאַלענע באַקן נאָך טיפער.

אויסגעטרונקען איין גלאָז טיי און אַ צווייטע, פאַרפירט באָריס סעמיאָ־ניטש אַ רייד גאָר וועגן מירען. זי דערלויבט זיך צופיל. איבער איר קומען שטענדיק אַרויס מיספאַרשטייענישן. זי וויל ניט וויסן פון קיין דיסציפּלין. אָן דיסציפּלין קאָן אַ טעאַטראַלער קאָלעקטיוו ניט האָבן קיין קיום. ווי נעמט זיך עס אָן אַקטיאָר די רעכט שוין אָף דער פּרעמיערע אייגנוויליק ענדערן אַ מיזאַנסצענע? און איצט שרײַט לעפּצין, אַז דער ספּעקטאַקל איז אַ פּעסימיסטישער. עס זינגען אים שוין אונטער אייניקע אַקטיאָרן אויך. זיי זאָגן, ס'איז צו טראַגיש.

— די מילכאָמע בושעוועט שוין בײַ אונדזער שוועל, — האָט שטיל, ווי צו זיך אַליין, געזאָגט יויסעף, — און דאָ קאָן מען ניט פאַרדײַען דאָס טראַגישע, אַזעלכע פילבאַרע הערצער, נעבעך. צו וואָס פאַרטראַכטן זיך? געזינטער איז אָפּצוקומען מיט אַ שפּרונג קעגן דער סאַקאָנע, וועט זי זיך אָפּטראָגן, ווי אַ בייזער רועך. אַבי אָפּטימיזם זאָל זײַן.

— נו, יויסעף, מע קאָן דאָך ניט אַזוי...

— וויאַזוי? וויאַזוי קאָן מען ניט און וויאַזוי קאָן מען יאָ? אַדעראַבע, דערקלערט עס מיר. מע האַלט מיר אין איין זשומען אין די אויערן: „מע קאָן דאָך ניט אַזוי".

יויסעף האָט עפּשער ניט באַדאַרפט אַזוי ריידן מיט באָריס סעמיאָ־ניטשן. ווײַזט אויס, ער האָט עס אַליין דערפילט. זײַן אופגעבראַכטקײַט איז באַלד אויסגעלאָשן געוואָרן. באָריס סעמיאָניטש האָט אַזוי שלעכט אויסגעזען יענעם אָוונט. גריבער, ניט קיין באַקן. דערציילט שוין גאָר יויסעף דעם רעזשיסער פון זײַן פּיעסע וועגן צוויי צושויער, וועלכע האָבן אין איינעם אַן אָוונט געפאַנגען זײַן פאַנטאַזיע. ער דערציילט, און איך העלף אונטער.

מיר זײַנען געזעסן אין דער לעצטער ריי, ווי יויסעף האָט ליב. ער מוז האָבן פאַר זיך דעם גאַנצן זאַל. אין סאַמע עק פון דער ריי, וואָס פאַר אונדז, איז געזעסן אַ מענטש, אַ וווקסיקער, אַ געפּאַקטער, אָפּגעשאָרן „פּאָד באָקס". אין דער צווייטער זײַט פונעם דורכגאַנג, אויך באַם סאַמע ברעג פון דער זעלבער ריי, איז געזעסן נאָך איינער אַזאַ. אויך אַ וווקסיקער און אַ געפּאַקטער און אויך אָפּגעשאָרן „פּאָד באָקס". קעפּ קוואַדראַטע. פּלייצעס ווי ווענט.

— ווי געפעלן דיר די מאַפּעלעך? — האָט מיך געפרעגט יויסעף, ווינקענ־דיק אין זייער זײַט. די צוויי האָבן אים ווי פאַרקישעפּט. ער האָט ניט גע־קענט אָפּווענדן פון זיי די אויגן.

— זוכסט צו זיי אַ שליסל? — האָב איך געפרעגט.

— צי דען וועט זיי גאָרנישט ניט נעמען? — האָט פאַרכידעשט געענט־פערט יויסעף. — נו, כאָטש איין רעפּליק. איך וויל זען.

עס גייט דער צווייטער אקט, פונקט די סצענע, בא וועלכער דער אוילעם אפלאָדירט יעדעס מאָל דעם קינסטלער. איינער פון די מאפעלעך, דער וואָס זיצט נעענטער צו אונדז, טוט אויס דאָס רעקל און בלײַבט זיצן אין א העל־בלויען העמד מיט א טונקל־בלויען שניפּס. דאָס רעקל מיט די ברייטע באַקישלטע אקסלען שפּרייט זיך אויס מיט שטײַפקײַט אפן ווענטל פון שטול.

— וואָלט זיך אים כאַטש א דזשעמפּער פארוואָלט, — שעפּטשעט יויסעף.

און דאָ דערזעען מיר, אז דער מענטש אין דער צווייטער זײַט פונעם דורכגאנג זיצט שוין אויך אין איין העמד. אויך אין א בלויען. און דאָס רעקל זײַנס איז ניט ערגער פונעם ערשטנס. עס פארנעמט אָרט. האָט זיך יעדערער פון זיי ווי צעצווייט.

דער ספּעקטאקל גייט צו ענד. אויבן, אונטערן סאמע באלקן, פלאקערט אין רויטער שײַן דעם דיקטאָרס צעגראטעוועט פּאָנעם. איינער פון די מאפעלעך כאפּט א קוק אפן האנט־זייגער. זײַן שאָכן פון אנטקעגניבער טוט אים נאָך. באם פארלאָזן דעם זאל שטויסן זיך די מאפעלעך צונויף אינעם דורכגאנג צווישן די רייען. מיר גייען זיי נאָך. ס'איז צו זען, אז דאָס זײַנען ווילד־פרעמדע מענטשן, אפילע ניט קיין באַקאנטע. אָבער ווי ס'ווײַזט אויס, נייטיקט זיך יעדער מענטש, אפילע ווען ער איז אָפּגעשאָרן „פּאָד באָקס", אין קאָנטאקט מיט זײַנס א גלײַכן.

פרעגט איין מאפעלע באם צווייטן:

— אײַך געפעלט דער ספּעקטאקל?

גיט יענער א קנייטש אונטערן טשוביקל דעם שטערן:

— די אקטיאָרן שפּילן נישקאָשע... צו וואָס טויג אָבער אזא פּעסימיזם?

— אָ־הו, — שטימט צו דער ערשטער, — דער סאָף וואָלט כאָטש גע־ווען א גוטער... א מאָדע געוואָרן בא די שרײַבער מאכן יענעם שווער אפן הארצן. איך האָב ליב מונטערקײַט. — און ער גיט א גלײַך אויס זײַנע מעכטיקע, ווי מיט אײַזן אונטערגעשלאָגענע, אקסלען. די שמאָלע מעכיצע צווישן דעם ברוסטקאסטן און דער קוואדראטער גאָמבע פארשווינדט.

איך האָב זיך געמוזט אָנטאָן א קויעך אף ניט צו צעלאכן זיך בייסן דערציילן. יויסעפס פּאָנעם אָבער איז געווען ערנסט און פאר־טראכט.

— Блажен, кто верует. Тепло ему на свете[1], —

האָט ער דורכגעזײַט דורך די ציין. אן אופגערודערטער איז ער זיך דורכ־געגאנגען איבערן צימער, שארף אויסגעדרייט זיך, געבליבן שטיין אנט־קעגן באָריס סעמיאָניטשן.

— מיר איז ניט ווארעם, — האָט געזאָגט יויסעף, — און אײַך?

א היפּשע ווײַלע איז אין צימער געווען שטיל.

— ווען מיר זיך ניט לאָזן פירן פון די מאפעלעך, הא, יויסעף? — האָט ארויסגעזאָגט מיט א מיד קאָל באָריס סעמיאָניטש. — נו, נו...

[1] ווויל צו דעם, וואָס גלייבט. ס'איז ווארעם אף דער וועלט אים (גריבאָיע־דאָוו).

## 17. איך און יויסעף

### 1

איך גיי פון וואָקזאַל צו אונדזער זומער־וווינונג. אונדז פעלט אָפּט־לעך אָף מיטיק. נאָר פון דער זומער־וווינונג זאָגן מיר זיך ניט אָפּ, כאָטש ס׳איז שוין סאָף סענטיאַבער. צוליב בײַעלען. שווערע מאָזלען געהאַט. יעדער אינדערפרי פאָר איך אין שטאָט אף דער ארבעט און יויסעף פאַר־בלײַבט מיט בײַעלען.

איך גיי אריבער אף דער צווייטער זײַט פון דער באַן־ליניע. אַן אויס־געטראָטן אלאַכסנדיק שטעגעלע פירט מיך ארויס אף א לאַנגער גרינער גאַס. א געוווּנטער וועג, א טאָגטעגלעכער. פאַרבײַ סעדלעך און גערטע־נער, ווו אינווייניק טוליען זיך שוין צו די פּארקנס קופּקעלעך וועלקנדיקע בלעטער. דאָס מאָל האָב איך זיך פאַרהאַלטן אין שטאָט לענגער, ווי גע־וויינלעך. ארײַנגעכאַפּט זיך צו א באַקאַנטער לײַען א פּאָר רובל. אײַל איך זיך. אין געדאַנק בין איך שוין מיט זיי, מיט יויסעפן און בײַעלען, אינעם קליינעם טונקעלן צימער מיט דער גרויסער אָפענער וועראַנדע. און פּלוצעם שטייט צו צו מיר א שײַלע, וואָס איך נייטיק זיך ניט אין א טשוווע אף איר, אינדערעמעסן דארף זי מיר קלאָל ניט אָנגיין — ווי הייסט לעפּצין. איך גלייב זיך אליין ניט, אז איך ווייס ניט דעם נאָמען פון א מענטשן, מיט וועמען איך בין באַקאַנט שוין העכער צען יאָר. און עפּשער ווייסט קיינער ניט זײַן נאָמען, אויסער דעם ווײַב, וואָס האָט איין מאָל ארופגעצויגן אפן פּאָנעם א שמייכל און ער איז צו איר צוגעשטאַנען אף אייביק. מעגלעך, איך האָב א טאָעס, נאָר איך לייען איר שמייכל אזוי: „איך בין טאַקע אומגליקלעך, נאָר א מאַקע וועט איר עס בא מיר וויסן״... „כאַווער לעפּצין״, אזוי ווענדט מען זיך צו אים אין די אויגן. „די לעפּצן״ — אזוי רופט מען אים הינטער די אויגן. א מענטש אָן א נאָמען. איך וווּנדער זיך, ווי איז דאָס מיר פריִער ניט געקומען אפן זינען, אז לעפּצין איז א מענטש אָן א נאָמען. פונוואַנען איז ער געקומען צו אונדז אין שטאָט, ווייס איך אויך ניט. טאַטע־מאַמע האָט ער? א קינד איז ער געווען?

פאַר מיר איז לעפּצין פון שטענדיק אָן א מעטאַפיזיש וועזן. ער איז געבאָרן געוואָרן אין פּרעזידיום. אזא, — ווי איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערזען. מיט א ווײַס פּאָנעם פון א ניט־אויסגעשלאָפענעם בעקער־יונג, מיט שטייענדיקע האָר, וואָס האָבן קיין קאָליר ניט, און אומדער־וואַרט־רויטע, ווי אָנגעפּארבטע ליפּן. און אזא איז ער פאַרבליבן אין מײַן געדעכעניש אף אלע יאָרן, וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו טרעפן זיך. אף זײַן אויסזען האָט די צײַט ניט געהאַט קיין מינדסטע שליטע.

לעפּצינס ארטיקלען וואָלטן באַדאַרפט קוידעמקאָל קומען צו מיר אפן שרײַבטיש. איך בין דער פאַרוואַלטער פונעם קולטור־אָפּטייל אין אונדזער צײַטונג. איך זע זיי אָבער בלויז אָפּגעדרוקטע. עס האָט זיך שוין געמאַכט איינמאָל אזוי, אז איך האָב אינדערפרי פאַנאַנדערגענומען א פרישע צײַ־

טונג און אָנשטאָט דעם מאטעריאל, וואָס איך האָב נעכטן געגעבן אין זאַך, האָב איך דערזען א גרויסן קעלער, געכאסמעט — ד. לעפּצין. האָב איך, געוויינלעך, געמאכט א גוואלד. האָט פון דעמלט אָן דער רעדאקטאָר, ווען ס'איז נייטיק געווען, מיך געוואָרנט: „זײַט אזוי גוט, לאָזט הײַנט פרײַ דעם קעלער אף דער אינוויינקסטער זײַט".

וואָרט נאָר. לאָמיר טראכטן אין טאָך ארײַן. ווען לעפּצינס ארטיקל וואָלט ניט ארויסגעשטויסן דעם מאטעריאל, וואָס איך האָב צוגעגרייט, וואָלט איך דאָך מיסטאמע קיין גוואלד ניט געמאכט. איך בין אפילע ניט זיכער, אז איך וואָלט עס פארבראקעוועט, ווען עס גייט דירעקט דורך מיר. דאָס איז געווען אָן ארטיקל וועגן ליטעראטור. א טעאָרעטיש. אמאָליקע יאָרן וואָלט לעפּצין עפּשער געהאט סמיכעס אף ראבאָנעס. א שארף קעפּל... און אלץ וואָלט ער געפאסקנט אף טרייף. הײַנט האָט ער סמיכעס אף מעטאָדאָלאָגיע. איך צווייפל ניט אף קיין איין רעגע, אז ווען לעפּצין זאָל לעבן נאָך הונדערט יאָר, ער זאָל פארענדיקן פינף אינסטיטוטן (איינעם האָט ער פארענדיקט?), וועט ער אלציינס פאר ליטעראטור און קונסט שטיין, ווי פאר א פארשלאָסענער טיר. און דאָך בין איך ניט זיכער, אז איך וואָלט אָפּגעוואָרפן יענעם ארטיקל, ווײַל ווי ברעכט מען אײַן אזא אײַזערנע לאָגיק? יעדעס וואָרט איז בא לעפּצינען ווי מיט טריוואקס פארכאסמעט. און דער גאנצער כייפעץ איז אזוי פאריגלט און פארדראָ־טעוועט, אז ס'איז צו אים ניט צוצוטרעטן. סײַדן א מינע אונטערלייגן.

איינמאָל, עמעס, איז לעפּצינס אָן ארטיקל יאָ געקומען צו מיר אפן טיש. אָן ארטיקל וועגן אָן אויסשטעלונג. אין מאָלערײַ האָט לעפּצין נאָך ניט באוויזן אזוי אויסצוארבעטן די האנט, ווי אין ליטעראטור אָדער טעאטער, איז דאָ די לאָגיק בא אים ניט געווען שטארק פארקרעמפּעוועט געוואָרן. דאָס ארטיקל האָט מיר לעפּצין אליין איבערגעגעבן פון האנט צו האנט. קיין אנדער ברייר ניט געהאט. זומער. דער רעדאקטאָר איז אין אורלויב. דער פאראנטוואָרטלעכער סעקרעטאר איז אף דרײַ טעג אוועקגעפאָרן אין א קאָמאנדירונג. דערלאנגט מיר לעפּצין דעם מאנוס־קריפּט, און זײַנע צו רויטע, ווי אָנגעפּארבטע, ליפּן דריקן פון זיך ארויס א לײַטזעליק פון אויבן־אראָפּ־געלעכטערל:

— זײַט איר, הייסט עס, הײַנט די באלעבאָסטע דאָ?

אין א שאָ ארום רייד איך ארײַן אין טעלעפאָן־טרײַבל:

— כאווער לעפּצין, איך בעט אײַך זייער, ווען דאָס וועט אײַך זײַן באקוועם, ארײַנגיין אין רעדאקציע דורכריידן זיך וועגן אײַער ארטיקל. ניין, עס איז נאָך אין זאַך ניט אוועק. גוט. מיר קאָנען זיך דורכשמועסן טעלע־פאָניש. אנטשולדיקט, איך האָב נאָך די אויסשטעלונג ניט געזען. ווייל איך אײַך פרעגן — ראָזענטאל מאָלט דורכויס קליינהענדלער? ניין? קיינמאָל ניט? אהא, די פּסיכאָלאָגיע פונעם קינסטלער אליין, הייסט עס, איז א קליינהענדלערישע...

איך קען ראָזענטאלן, איך בין באקאנט מיט זײַן איידעלער מאָלערײַ. איך קען אפילע זײַנע עלטערן, „די קליינהענדלער", שטילע, אָרנטלעכע מענטשן, וואָס האָבן אין זייער לעבן קיין ליכטיקע שאָ ניט געזען. און ער אליין, לעפּצין, פון קוילנגרעבער שטאַמט ער, פון מעטאלורגן? איך

פאַרגעס, אַז איך בין אַן „אַמטלעכע פּערזאָן", מישטיינסגעזאָגט. איך בין בייז. איך רייד שוין מיט אָפּענעם כּוויזעק:

— אָט דאָס טאַקע פאַרשטיי איך ניט, כאָטש איר לעפּצין, קלערט עס מיר אויף, זײַט מוחל, פאַרוואָס איז בײַ ראָזענטאַלן די פּסיכאָלאָגיע דאָפּקע פון אַ קליינהענדלער? פאַרוואָס ניט פון קיין מיטעלן, פון קיין גרויסן הענדלער? ווי?אַזוי האָט זיך דאָס אײַך אײַנגעגעבן אַזוי פּינקטלעך פעסט־שטעלן? מיט וואָס פאַר אַ מאָס מעסט מען אויס אין מאָלערײַ די גרייס פון אַ טאַטנס אַ קרעמל? קלערט מיר אויף, איך בעט אײַך, פונוואַנען קוקט בײַ ראָזענטאַלן אַרויס דער קליינהענדלער? פונעם קאָלאָריט? פון דער קאָמפּאָזיציע?

אַזעלכע אָדער ענלעכע ווערטער שרײַ איך אַרײַן אינעם טרײַבל, ביז איך כאַפּ זיך, אַז איך רייד אין דער לופט אַרײַן, פון יענער זײַט טרײַבל הערט מיך שוין קיינער ניט.

ניין, מע הערט מיך יאָ. די גאַנצע רעדאַקציע איז זיך צוזאַמענגעקומען צו מיר אין צימער. אַ פריידיקע אויפרודערונג צווישן מײַנע חבֿרים. מע לאַכט. מע דריקט מיר די האַנט.

— אַזוי אַרײַנזאָגן לעפּצינען... מענטש איינער, דאָס איז דאָך אַ רעוואָליוציע, — זאָגט אַרויס מיט נאַכעס דער סאַמע עלטסטער מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע — שאָלעם שאַפּיראָ.

אויף מאָרגן... קיין מאָרגן איז ניט געווען. אויפרײַסן זײַנען געווען. סרייפעס זײַנען געווען. אויס רעדאַקציע. אויס היים. דער ערשטער קאָרבן, וועגן וועלכן איך האָב זיך דערוווּסט, איז געווען ראָזענטאַל. ער איז דערשטיקט געוואָרן אין רויך, ראַטעווענדיק פון פײַער זײַנע בילדער.

2

וווּהין האָט עס מיך פאַרטראָגן? אַ מין שפּרונג איך האָב עס געמאַכט, אויף גאַנצע צוויי יאָר פאָרויס. אָט ערשט האָב איך דאָך געזען זיך צווישן סעדער און גערטענער אַפּן וועג צו אונדזער זומער־וווינונג. און דאָ האַלט איך שוין גאָר בײַ דער מילחמה. שטענדיק האַלט איך בײַ דער מילחמה. אין קיין איין שלאַכט האָב איך זיך קיינמאָל ניט באַטייליקט. אין קיין איין קאָנצענטראַציע־לאַגער בין איך קיינמאָל ניט געווען. און אַלצייַנס זיצט אין מיר די מילחמה. זי איז מײַן שטענדיקע לעבנס־באַגלייטערן. איך אַרבעט, איך רייד מיט מענטשן, איך גיי אין קינאָ, איך שמייכל, איך שפּיל מיט מײַן אייניקל, און אַלצייַנס זיצט אין מיר די מילחמה. צו וועלכן געשלעכט מיר זאָלן ניט געהערן, פון וועלכן עלטער מיר זאָלן ניט זײַן, מיט וואָס מיר זאָלן זיך ניט פאַרנעמען, וועט אונדז אַלצייַנס נאָכגיין די לעצטע מילחמה. ניט נאָר אונדז. אַפילו די, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן שוין נאָך דער מילחמה.

...איך בין געגאַנגען צווישן סעדער און גערטענער, איבער דער גרינער גאַס, וואָס האָט געפירט צו אונדזער זומער־וווינונג. אין דרויסן איז געווען שטיל און וואַרעם, נאָר צו די הילצערנע פּאַרקנס האָבן פון אינ־

וויניק זיך שוין געטוליעט קופּקעלעך פּאַרוועלקטע בלעטער. איך האָב זיך דאַן שטאַרק געוויילט. נאָר א ניט נייטיקע מאַכשאָווע איז מיר געקומען אין קאָפּ אַריין: ווי רופט מען דעם ליטעראַטור־ און טעאַטער־קריטיקער, וועלכער האָט זיך געכאַסמעט „ד. לעפּצין". האָב איך זיך אַזוי פאַרטראַכט, אַז איך האָב ניט באַמערקט, וויאַזוי איך בין צוגעקומען צום הויף פון דער זומער־וווינונג.

יויסעף איז געזעסן אַף דער וועראַנדע איבערגעבויגן איבערן לאַנגן הילצערנעם טיש מיט דער פּלייצע צום אַריינגאַנג. אַזוי זיצט ער געווײנלעך, בייס ער אַרבעט, קעדיי די פאַרבייגייער זאָלן אים ניט אָפּוועגדן. יויסעף אַרבעט. איז מיר רויק, איז מיר גוט. די וועלט איז איינגעאָרדנט אַפן בעסטן אויפן.

איך עפן שטיל דאָס טירל און דערזע אַף דער ערד, ניט ווייט פון דער וועראַנדע, צעוואָרפענע זייטלעך פּאַפּיר. אייניקע צאַפּלען נאָך אַפן אָוונטיקן פייכטן גראָז, פאַרהייבנדיק דאָ איין ברעג, דאָ א צווייטן. די אַנדערע ליגן שוין אומבאַוועגלעך און עס צעגייט אַף זיי אין ברוינע פלעקן דער טינט. איך לאָז זיך צונויפקלייבן די זייטלעך. דערזע איך, ווי איבער יויסעפס אַקסל גייט א פלי נאָך א זייטל.

ס'איז געווען ווי אין א בייזן כאָלעם. יויסעף האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן פּאָנעם. ער קוקט גלייך אַף מיר, נאָר מיר דוכט, ער זעט מיך ניט. ווי קאָן ער עס אַזוי אַף מיר קוקן? פרעמדע אויגן. קאַלטע, גרינע.

— אומזיסט די טירכע, — זאָגט ער, און דאָס קאָל איז בא אים א פאַרענדערטס, א הילצערן קאָל. — אומזיסט די טירכע. כ'האָב בעקיוון אַרויסגעוואָרפן. — און מיט א קרומען שמייכל (כ'האָב קיינמאָל בא יויסעפן אַזא שמייכל ניט געזען): — קאָנסט זיך פרייען, כ'האָב „א דריי געטאָן" די פּיעסע. עס טויג אין דר'ערד. אָבער ס'איז גוט. האָסט אַלץ צונויפגעקליבן? טראָג זי אָפּ, די מאַכערייקעס!

איך האָב יויסעפן נאָך קיינמאָל אַזוי ניט ליב געהאַט, ווי אין יענער רעגע. וואָס זאָל איך טאָן, אים זאָל גוט זיין? צודריקן זיך צו אים, גלעטן זיין פאַרכמורעט פּאָנעם... נאָר וואָס האָט ער דאָס א זאָג געטאָן — „קאָנסט זיך פרייען". און וועגן געלט רעדט ער עפּעס, יויסעף. „וועסט מער, זאָגט ער, ניט דאַרפן באָרגן קיין געלט". ווי א שטיין וואָלט מיר געפלויגן אין קאָפּ אַריין. געלט? צוליב געלט איבערמאַכן די פּיעסע? איך האָב דאָס געוואָלט, איך האָב דאָס געפּאָדערט? נאָר ס'מאַכט ניט אויס, איך בין גרייט אונטערצושטעלן די פּלייצע. זאָל די גאַנצע לאַסט, וואָס עס דריקט יויסעפן, פאַלן אַף מיר. איך וועל אויסהאַלטן. יויסעף רעדט אָבער וועגן עפּעס אָנצוהערענישן פון מיין זייט... בעט איך זיך:

— יויסעף, צווינג מיך ניט צו טראַכטן, אַז ביזן לעצטן אָטעם בלייבט א מענטש איינזאַם, פון קיינעם ניט פאַרשטאַנען. ווי קאָנסטו מיט מיר אַזוי ריידן?

ניט גוט בא מיר מיט יויסעפן. ביטער איז בא מיר מיט יויסעפן. איך זוך שוין אויך ווערטער, וואָס זאָלן אים וויי טאָן, וואָס זאָלן אים טרעפן. און אין די רעגעס פּלאַצט מיין לעבן אין אַלע נעט. איך לאָז זיך לויפן

פון הויף ארויס, קעדיי מער אזוינס ניט ריידן, מער אזוינס ניט הערן. ס׳איז מײַן ערשטע קריג מיט יויסעפן. די ערשטע... הייסט עס, אויך אנדערע וועלן קומען, ווײַטערדיקע. ווי בא לײַטן... אבי איך האָב געמיינט, אז בא אונדז איז אלץ אנדערש.

הינטערן טויער טרעף איך אָן אף אונדזער שכיינע פון רעכטס. זי גייט פון ערגעץ מיט א ווײַסן עמאלירטן טאָפּ אין די הענט. בא מיר פליט דורך א ווילדער געדאנק — ווי וואָלט זײַן, ווען איך זאָג אָן אָט דער פרעמדער אלטער פרוי: „איך האָב זיך צעקריגט מיט יויסעפן"? גאָרנישט. זי וואָלט פּאָרזיכטיק אראָפּגעלאָזט אף דער ערד דעם עמאלירטן טאָפּ מיטן פרישן אײַנגעמאכטס, געלאסן אויסגעגלײַכט זיך און ערשט דאן מיט א וואָכעדיק־דערפאַרענעם שמייכל א זאָג געטאָן: „סע מאכט זיך".

צום אנטקעגנדיקן סאָסנע־וועלדל איז געוועזן ניט מער ווי א פינף מינוט גאנג. איך האָב זיך צוגעזעצט גאָר פון פאָרנט, אפן ערשטן פּניאָק, וואָס האָט זיך מיר געמאכט. צוגעזעצט זיך, און... פאר די אויגן איז מיר אופגעקומען יויסעף. אף יענעם ליטעראַרישן אָוונט, אף וועלכן איך אליין האָב אים אײַנגעלאדן ארויסצוטרעטן. מיט יאָרן צוריק איז עס געוועזן. צום ערשטן מאָל קומט מיר אפן זינען, אז בא מיר מיט יויסעפן איז שוין דאָ אן „אמאָל". ביז הײַנט האָט זיך אלץ געצויגן דער ערשטער טאָג. אף יענעם אָוונט האָט יויסעף געלייענט א קליינינקע דערציילונג. א ייִנגל — א שטעפּער איז דאָרט געוועזן באשריבן. דאָס ייִנגל דערציילט זײַן געליבט מיידל וועגן דער אנטשטייונג פון דער ערד, וועגן הימל און שטערן. און איך האָב אינעם ייִנגל דערקענט מײַן ברודער — דעם „אַסטראָנאָם", מיט איין טאָג פריִער האָב איך דערציילט וועגן אים דעם שרײַבער יויסעף פײַנבערג. איך האָב פארשטאנען, אז די דערציילונג איז ערשט אָנגעשריבן. עפּשער נעכטן, גלײַך נאָך מײַן אוועקגיין פון דער גאָסטיניצע. איך האָב געהערט און געפיבערט. און אן אומקלאָרע שרעק איז מיך באפאלן, ווי דער גוירל וואָלט אָנגעקלאפּט אין מײַן טיר.

דער אָוונט האָט זיך געענדיקט, און איך האָב געזען, ווי פײַנבערג איז אוועק צום ארויסגאנג, ארומגערינגלט מיט א גאנצער כאָפּטע יוגנט. איך בין צו אים ניט צוגעגאנגען. אין א ווײַלע ארום איז דער זאל געווען פּוסט.

— לייקע! ווו ביסטו, לייקע?

דאָס האָבן זיך אין מיר דערמאָנט מײַנע כאווערטעס און גענומען מיך רופן אף גיין צוזאמען אהיים. זייערע הילכיקע שטימען האָבן זיך אין מיר ווייטעקלעך אָפּגערופן. ווי קאָן מען עס אזוי גוואלדעווען אין אזא אָוונט? איך האָב געוואָלט בלײַבן אליין. קיינעם ניט זען. קיינעם ניט הערן. האָב איך זיך פארטײַעט פון יענער זײַט הויז, ביז די כאליאסטרע איז זיך פאַנאנדערגעגאנגען. דאן ערשט מיט שטילע לאנגזאמע טריט געלאָזט זיך אהיים.

פון הינטערן ראָג האָט זיך באוויזן א לאנגע פיגור, וואָס איז מיט האסטיקע טריט געגאנגען מיר אנטקעגן. מיר האָבן ביידע אײַנצײַטיק זיך אָפּגעשטעלט. דערנאָך געלאָזט זיך לויפן איינער צום אנדערן.

ווהין זײַנען מיר עס דאָן געגאַנגען? איך געדענק נאָר, אַז מיר זײַנען געזעסן שוין אויסער דער שטאָט אויף אַ פּלאַכן שטיין. אַנטקעגניבער האָבן אַ סקריפּע געטאָן די טירלעך פון אַ נידעריקן הילצערנעם טויער. אַ ייִד מיט אַ שפּיציק בערדל האָט אַרויסגעפּירט פּאַשען אַ קו. דאָן ערשט האָבן מיר זיך געכאַפּט, אַז ס'איז שוין טאָג.

ווען מיר זײַנען דערלאָפן צו דער צוזאַמענווינונג, איז דער טויער נאָך געווען פאַרשפּאַרט. האָט מיך יוסף אויפגעהויבן אין דער הייך און אוועקגעזעצט פון אויבן אויפן טירל. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען אין הויף, און ער נאָך מיר.

יוסף האָט צאַרט אַרײַנגענומען אין די דלאָניעס מײַנע באַקן:

— לייעלע, ווילסט, מיר זאָלן זײַן צוזאַמען? אויף שטענדיק, לייעלע...

מײַן קאָפּ איז געווען פאַריסן צו יוסעפס אויגן, וועלכע האָבן מיט זייער גאַנצן ערנסט געקוקט אין מיר. און איך האָב געענטפערט יוסעפן אויג אין אויג:

— איך וויל.

— מאַמע! — פון אַ שכיינעסדיקן הויף איז, נאָכיאָגנדיק זיך נאָך אַ פּילקע, אַרויסגעלאָפן בײַעלע. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די פּילקע און גע־לאָזט זיך צו מיר. איך האָב אָנגענומען בײַעלען פאַר אַ האַנט און אוועק מיט איר אין שטוב אַרײַן.

אָוונט־ברויט האָבן מיר געגעסן אינדערשטיל. איין בײַעלע האָט גע־פּלאַפּלט באַם טיש.

יעדן אָוונט, ווען איך לייג בײַעלען שלאָפן, לעש איך אויס די ליכט אין צימער, און מיר פאַרברענגען מיט יוסעפן עטלעכע שעה אויף דער וועראַנדע. אָדער מיר אַרבעטן, אָדער מיר לייענען. נאָר פריִער פון אַלץ דערציילן מיר איינער דעם אַנדערן וועגן דעם, וואָס עס איז מיט יעדערן געשען בעמעשעך פונעם טאָג. דאָ איז אַלץ וויכטיק — אַ נײַ קאַפּיטל פון אַ דערציילונג, אַן אָפּגעדרוקט צי ניט אָפּגעדרוקט אַרטיקל, בײַעלעס אַ כאָכמע, אַ באַגעגעניש מיט אַ פרײַנט, דער קאַליע געוואָרענער וועקזייגער, וועלכן מע מוז מאָרגן פאַריכטן. וועגן וואָס מיר זאָלן ניט ריידן, האָט עס פאַר אונדז, פאַר מיר מיט יוסעפן, די זעלבע ווערט. מיט אונדזער ריידן יאָגן מיר אָן די שאָען, וואָס מיר זײַנען ניט געווען צוזאַמען.

יענעם אָוונט בין איך אַרויס אויף דער וועראַנדע אַליין. יוסף איז געבליבן זיצן אין צימער אינדערפינצטער. איך, אויף דער וועראַנדע, — אויך אינדערפינצטער. די ביטערניש פון דער באַליידיקונג איז פון מיר שוין לאַנג אָפּגעטראָטן. וואָס האָט ער מיר, אייגנטלעך, אַזוינס געזאָגט, יוסף? איך געדענק שוין אַפילע ניט, וואָס האָט מיך באַזונדערס אויפגעבראַכט אין זײַנע רייד. איך פּיל נאָר אַן אויסגעשעפּטקײַט, אַ וויסטע פּוסטקײַט.

ווײַזט אויס, איך האָב אײַנגעדרעמלט זיצנדיק אינדערפינצטער. איך בין דאָך יענעם טאָג געווען אַזוי מיד. עטלעכע מינוט געדרעמלט און אויפגעכאַפּט זיך אַן אָפּגעפרישטע. אָט וועל איך אַ רוף טאָן יוסעפן. איך וויל אים דערציילן... נאָר מיר זײַנען דאָך צעקריגט.

אף דער שוועל פון צימער באוויַזט זיך יויסעף מיט מיַין געשטריקט קאָפּטל אין די הענט:

— ס׳איז א קילער אָוונט, טו אָן.

— א דאנק. — איך ווארף ארוף אף די אקסלען דאָס קאָפּטל.

יויסעף זעצט זיך צו צום טיש. שוויַיגט. נאָך א וויַילע, און כ׳וועל, דאכט זיך, נעמען שריַיען. כ׳וועל רופן מענטשן צוהילף. איך קאָן מער ניט אויסהאלטן. אָדער די שטילקיַיט זאָל פּלאצן, אָדער איך וועל פּלאצן.

— ס׳וועט עפּשער זיַין געגנוג? — פרעגט יויסעף טרוקן.

איך שוויַיג.

יויסעף גייט צו צו דער וואנט, שליסט איַין ליכט. ער גיט מיך א הייב אף די הענט און זעצט אוועק צו זיך אף די קני.

— נארעלע, — זאָגט צו מיר יויסעף און טוליעט מיך צו זיך, — דו ביסט דאָך מיַין מאלעך, מיַין גוטער מאלעך...

# V. צוריק אהיים

## 1

עס הוידעט מיך דער צוג. נאכט. מיַינע שכיינים שלאָפן. איבער מיר — א בלוילעכע שיַין. היינטערן פענצטער לויפט דער וועג. פארביַי, אלץ פארביַי. בענקט זיך נאָך א נעס, נאָך א ניַיעם אָנהייב ערגעץ דאָרט, וווהין עס טראָגט מיך דער צוג.

איך אליין, דוכט מיר, קוק ארויס אף זיך פון דער וויַיט. איך, א דריַיסיקיאָריקע. עס מאכט ניט אויס, וואָס מיר איז שוין באלד צוויי מאָל אזויפיל. אלציינס איז דאָס איך. און מיַין מאן איז מיט מיר. ער דרייט זיך מיט אונדזער טעכטערל אינעם לאנגן נאכט־העמד איבערן צימער, און איך, א צעפּלאמטע, פּאטש צו מיט די דלאָניעס: „גוט־גוט, גוט־גוט!"

עס הוידעט מיך דער צוג. נאכט. א ווארעמע כוואליע שווימט אָן. הילט מיך איַין. אן אָפּגעריסענער פאָדעם בליַיבט הענגען אין דער לופט. נאָר אין איין וואכן ווינקעלע פון מארך זינגט עס נאָך אלץ צום טאקט פון די רעדער: „גוט־גוט, גוט־גוט!"

גו־ו־ו־ט!?.. א זעץ מיטן רוקן אין דער וואנט. א בארוישטע כאפּ איך זיך אָן מיט ביידע הענט אָנעם ברעג פון געלעגער. ווידעראמאָל א רודער, א ריס אף צוריק. אין פענצטער פון קופּע גיט מעשוגנעדיק א שפרונג א גרויסע געלע לעוואָנע. דער צוג בליַיבט שטיין.

א מענגע מענטשן לעבן דעם לאָקאָמאָטיוו. און מע לויפט, מע לויפט נאָך אלץ פון די לעצטע וואגאָנעס. איך דערקען קוים מיַין שכיינע, די געלע פרוי. אזא שטרענגקיַיט אין איר פּאָנעם. מיטן פּאָרטפעל אין דער האנט גייט זי מיט גיכע טריט גליַיך צום געזעמל. און מענטשן טרעטן אָפּ אינסטינקטיוו, מאכן איר א וועג. צוזאמען מיט איר לאָזט מען דורך אויך מיך.

— דאָקטוירים, — זאָגט עמעצער שטיל הינטער אונדזערע פּלייצעס.

אַן אײַזנבאַן־אַרבעטער באַלײַכט עפּעס אויף דער ערד מיט זײַן לאַמ־טערן. אין אַ קרײַז פון ליכט דערזע איך אַ דינע פרויען־האַנט מיט אַן אָפענער דלאָניע. איך קער אָפּ דעם קאָפּ. איך וואָלט זיך גערן דורכגע־ריסן צווישן דעם אוילעם אויף צוריק, נאָר אַ טרוקענע שטים באַפעלט מיר:

— וואַשט די הענט!

שטעל איך אונטער מיט האַכנאָע די דלאָניעס.

— האַלט צו!

איך האַלט, איך דערלאַנג. איך פאָלג מײַן שכיינע, וואָס האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף די קני און אירע הענט אײַסעקן זיך דאָרט אונטן באַרעכנט און שנעל. ווי אַ שוואַרצע וואַנט שטייט אַרום אַ שווײַגנדיקער אוילעם.

...מענטשן אין ווײַסע כאַלאַטן מיט אַ טראָגבעטל. צוויי מיליציאָנערן אויף אַ מאָטאָציקל. און... „מע בעט אַלע פּאַסאַזשירן פאַרנעמען די ערטער". דער אוילעם לאָזט זיך צוריק צו די וואַגאָנעס. מע רעדט זיך דורך:

— אויף טויט? (די שטים ציטערט פון נײַגער).

— ניין. דער דאָקטער זאָגט, זי וועט לעבן (אַ שטים, וועלכע לייגט אויס אַלץ צום גוטן. דער דאָקטער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט).

— דער מאַשיניסט איז שולדיק. ער האָט געקאָנט פריִער... (אַ שטים פון איינעם, וואָס ווייסט אַלץ בעסער פון אַלעמען).

— הײַנטיקע יוגנט. איך וואָלט זיי געגעבן שמעקן פעפער. עס לעבט זיך צו גוט (אַ שטים פון אַ מאָסער). — אַ קליין מענטשל פאַרלויפט אונדז אויף זײַנע קורצע פיסלעך דעם וועג. די ברילן זײַנען אָנגעצילט אויף אונדז, ווי פּראָזשעקטאָרס. דאָס שיטערע בערדל קריכט גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן און מאָנט אַ טשוווע. — אַליין גענומען זיך דאָס לעבן, האַ?

— איך בין ניט קיין געריכט־אויספאָרשער, — ענטפערט קאַלט מײַן שכיינע.

— אַ דאָקטער פאַרשטייט זיך אויך אויף אַזעלכע זאַכן.

— איך בין ניט קיין דאָקטער.

„מע בעט אַלע פּאַסאַזשירן פאַרנעמען זייערע ערטער. דער צוג גייט אָפּ אין דרײַ מינוט אַרום".

...אַ לאַנגע צײַט נאָך איז ליכטיק בײַ אונדז אין קופּע. מיר, דרײַען, זיצן — די צוויי אַרכיטעקטאָרן און איך. די געלע פרוי ליגט אויסגעצויגן אויף דער פּלייצע אין דער הייך אויף איר געלעגער. צי דען שלאָפט זי שוין? מיר שמועסן אינדערשטיל.

— אַזאַ צאַרטס. נאָך גאָר אַ קינד, — זאָגט דער מאַן דער אַרכיטעקטאָר.

— שוין אַ כאַסענע געהאַטע. אַ רינגעלע. האָסט געזען? — באַמערקט די פרוי.

— אַ צעטעלע אַרויסגעפאַלן פון קעשענע. צו דער מאַמען. — גיט זיך אַ בראָך פון אויבן גינדאַ געדאַליעוונעס קאָל.

מיר וואַרטן, זי זאָל נאָך עפּעס זאָגן. קוקן מיר אַלע אַרויף צום געלב־לעכן פּראָפיל. ניט דערוואַרט זיך, גייען די אַרכיטעקטאָרן אײַנוואַשן זיך פאַרן שלאָף. דאַן דערטראָגט זיך צו מיר ווידער פון דער הייך, ווי זי וואָלט גערעדט מיט זיך אַליין, גינדאַ געדאַליעוונאַ:

— דער אומגליק ווערט פון דעם, דאכט זיך, ניט קלענער, און דאָך א צעטעלע... ווען איך וויס, ווו און ווי‏אזוי...— און באלד שוין געוויינ־לעך: — זי וועט לעבן, די קליינע. אויב זי וועט ארײַנפאלן אין גוטע הענט, וועט זי בלײַבן בא אלע אייוורים אויך.

— זי איז שוין ארײַנגעפאלן אין גוטע הענט, — רײַסט זיך בא מיר ארויס.

— איך האָב געענדיקט א מעדיצינישן פאקולטעט. נאָר קיין דאָקטער בין איך ניט. א שכיינעסדיקע פראָפעסיע.

...אלע שלאָפן. ווארף איך אויך אָפּ די קאָלדרע, מיך שלעפערט. איך פארהייב א האנט אף אויסצולעשן די ליכט. ערשט איך דערזע, גינדא גע־דאליעוונא זיצט אף איר געלעגער. צוויי דינע שפּיזלען אין אירע הענט. זיי טוקן זיך אין דער גרינער ווייכקײַט, וואָס איז פארשפּרייט אף אירע קני. ארוף־אראָפּ, ארוף־אראָפּ. איך כאַפּ צוריק די האנט.

— לעשט אויס, — דערהער איך, — ביטע. מיר איז גענוג דאָס נאכט־לעמפּל.

די קאָלדרע קײַקל איך צונויף און לייג אוועק צופוסנס. ס'איז מיר הייס. איך קריך ארונטער אונטערן לײַלעך. ווי האָט זי עס געזאָגט, די אייבערשטע שכיינע מײַנע? „ווען איך וויס, ווו און ווי‏אזוי...״

## 2

פארפאלן געוואָרן יוסעף... אזוי האָט מען מיר צו וויסן געגעבן. ווי א נאָדל אין א סטויג היי. א מענטש. מײַן יוסעף. און קיינער ווייסט ניט, ווו ער איז אהינגעקומען. אוודאי איז דאָס נאריש, געוויס איז דאָס אומזיניק, נאָר קיין איינעם פון מײַנע באקאנטע, קיין איינעם פון מײַנע נאָענטע האָב איך ניט דערציילט, אז יוסעף איז פארפאלן געוואָרן.

ניט אין מײַן היימשטאָט האָט מיך געטראָפן די יעדי‏עה וועגן יוסעפן. אין קאזאכסטאן האָב איך דאן געארבעט. אין א רוסישער צײַטונג. פלעגט זיך אמאָל מאכן, איך זיץ בא דער ארבעט און ס'פאלט פון מײַן האנט ארויס א טעלעגראמע, אָדער די פען שטעלט זיך אָפּ אפן פאפיר אינמיטן פון א פראזע... בא דער העלער שײַן פון טאָג, ניט אין כאָלעם, ניט אין שלאָף, מיט אָפענע, וואכע אויגן, דערזע איך יוסעפן. דער קויעך־האדי־מיען איז אן אכזער מיט א ווייכן רוקנביין. ער דינט מיר געטרײַ. ער וויקלט פאר מיר פאנאנדער א בילד נאָך א בילד, אף וואָס פאר אן אויפן עס קאָן א מענטש פארפאלן ווערן אף מילכאָמע. איך זיץ און פיל די פאר־שטארטקײַט פון מײַן אייגענעם פּאָנעם.

עס גערדויערט א ווײַלע, און איך נעם זיך אמפּערן מיט עמעצן, וואָס אָט, דאכט זיך, שטייט ער לעבן מיר דאָ אין צימער. ער וויל מיר אײַנ־שמועסן, אז איך וועל מער קיינמאָל ניט זען יוסעפן. פון דעם ווערט מיר דאפקע פריילעך. אויב איך האָב אויגן, איז ווי קאָן דאָס זײַן, זיי זאָלן ניט זען יוסעפן? אפילע דאן, ווען איך האָב זײַן נאָמען געטראָפן נאָר אף א הילע פון א בוך, האָב איך אים שוין געזען. ערשט שפּעטער האָב

איך עס פֿארשטאנען. מיר דוכט, אז מײַן ערשטער געשריי, ווען איך בין געקומען אַף דער וועלט, איז געווען צו יויסעפֿן, צו אים, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אַף זיבן יאָר פֿריִער פֿון מיר.

פֿריילעך ווערט מיר... מײַן קאָפּ גיט א פֿאל אפֿן קאלטן גלאָז, וואָס באדעקט דעם שרײַבטיש. א קאנצעליארישער טיש. ברייט, ווי א פֿעלד. ווי פֿון דער זײַט דערהער איך א שווערן קרעכץ און קוק זיך דערשראָקן ארום. ניין, ניין. קיינער האָט ניט געהערט. און מיטאמאָל — א קלונג פֿון טעלעפֿאָן בא מײַן רעכטער האנט. „הא? וואָס? — פֿרעג איך צעטומלט. — זאָקן, זאָגט איר, העמדלעך? אָט באלד, באלד קומט צו אײַך א מענטש פֿון דער רעדאקציע". אן אליארעם־סיגנאל. אין דער פֿיר־און־פֿופֿציקסטער שול האָט מען באאוולט אן אלמאָנע. ניט געגעבן אירע קינדער קיין זאָקן און קיין העמדלעך.

3

איך האָב זיך געכאפּט, אז איך האָב לאנג ניט געזען עסטערן.

דער גוירל האָט אונדז פֿארוואָרפֿן אין איין שטאָט, און דאָך באגעגענען מיר זיך זעלטן־ווען. ניטאָ קיין צײַט. עסטערן וואָלט איך עפּשער יאָ געקאָנט דערציילן וועגן דער יעדיִע, וואָס איך האָב באקומען. איר גוטסקײַט וועט איר אונטערזאָגן די ווערטער, וועלכע זײַנען מיר נייטיק.

איך גיי צו עסטערן. ס'איז א רו־טאָג. עס איז הייס, שטיל. בערג זילבערן זיך אפֿן האָריזאָנט. צווישן מיר און די בערג רײַט דורך אן אלטער קאזאך אין א גרינעם כאלאט און אין א גרינער, מיט ברוינעם פֿוטער באזוימטער, קוטשמע. זײַן לאנגע שמאָלע פֿיגור, אן אָנגעגאָסענע מיט רו, וויגט זיך אפֿן רוקן פֿונעם קליינעם אייזעלע. אין אריק פּליושקען זיך קינדער מיט שמאָלע אייגעלעך און ווײַסע ציין. זיי שעפּן מיט די דלאָניעס וואסער און שפּריצן איינער אפֿן אנדערן.

עסטערן איז שווער, אוי, ווי שווער! דער גוירל שאנעוועט זי ניט. מיט מישע גרינגען, מיט איר ערשטן מאן, האָט זי געלעבט גאָר ווייניק. קיין צוויי כאדאָשים זײַנען ניט פֿאַריבער זינט זייער צוזאמענקומען זיך, און מישע האָט שוין גענומען אין דער האלב־טונקלקײַט פֿון די קוליסן אײַנרוימען א סאָד דאָ איין אקטריסע, דאָ א צווייטער. דווירע בורשטין, „דאָס קליינע ציגעלע", ווי זי האָט בא אונדז דאָן געהייסן, אן אקטריסע א מאזיק, האָט אפֿילע גענומען אויסשפּילן „א נאָמער", וויִאזוי מישע פֿארטרויט זײַן סאָד, קיצלענדיק מיט די ליפּן דעם אויער פֿון דער, וואָס האָט זיך אים געמאכט אונטער דער האנט.

און עסטער האָט מישען ליב געהאט. זי האָט ניט געוואָלט וויסן פֿון זײַנע סוידעס, וועגן וועלכע אין טעאטער האָט געוווּסט יעדערער. זי האָט ניט באמערקט, ווי עס ווערט פֿינצטער מישעס פּאָנעם, בייס זי פֿאריכט אים דעם שניפּס פֿאר אלעמען אין די אויגן. ווען זי האָט זיך געמיט קונציק אויסצולייגן עטלעכע קרויזן אַף זײַן שטערן, פֿלעגט ער מיט אײַנ־

געהאַלטענעם פאַרדראָס אַ דריי טאָן דעם קאָפּ און די האָר פּלעגן ווי־
דערשפּעניק אַרויסרײַסן זיך פון אונטער איר קאַם. מישע האָט זי פאַר־
לאָזט. קנאַפּע אָנדערהאַלבן יאָר האָט געדויערט זייער צוזאַמענלעבן. האָט
עסטער געוויינט טאָג און נאַכט, געקלאָגט זיך פאַר יעדערן, געטײַנעט,
אַז אָן מישען איז איר לעבן קיין לעבן ניט.

דערנאָך האָט עסטער כאַסענע געהאַט מיט אַן אָפּיצער, וועלכער האָט
ניט געוואָלט, זײַן ווײַב זאָל בלײַבן אַן אַקטריסע. ער האָט זי געייפערט
צו יעדן איינציקן און דעריקער צו איר געוועזענעם מאַן. האָט עסטער
פאַרלאָזט די בינע. פאַרן טעאַטער איז עס קיין גרויסער פאַרלוסט ניט
געווען. וואָס פאַר אַ ראָל עסטער זאָל ניט שפּילן, שפּילט זי שטענדיק
נאָר זיך אַליין. זי האָט זיך לײַכט באַוועגט אויף אירע לאַנגע געטאָקטע
פיס איבער דער בינע און אַרויסגעזאָגט ווערטער, וועלכע עמעצער דאָרט
האָט פון־אירטוועגן צוגעטראַכט.

האָט איר אוועקגיין קיינעם אין טעאַטער באַזונדערס ניט געקימערט,
האַגאַם אַ שיינע אַקטריסע איז שטענדיק אַ „יעש״. עסטערן אַליין איז
אָבער שווער געווען דאָס פּויעלן באַ זיך. זי איז געווען שטאַרק צוגע־
בונדן צו אירע כאַוויירים, מיט וועלכע זי האָט צוזאַמען דורכגעמאַכט די
סטודיע. זי האָט ליב געהאַט די בינע און זיך אויף דער בינע.

אויפן פראָנט איז איצט איר מאַן — דער אָפּיצער. און עסטער שטיקט
זיך מיטן גרויזאַמען סאָד, וועלכן זי באַהאַלט פון אים אויס. פון צײַט צו
צײַט כאַפּט זי זיך אַרײַן צו מיר און בעט בײַעלען צושרײַבן עטלעכע
ווערטער צו אירן אַ בריוו. בײַעלע שרײַבט, וואָס מע זאָגט איר: „טײַערער
טאַטע, איך האָב באַקומען אַ „פּינף״ פאַר אַריפמעטיק. צעקלאַפּ גיכער די
דײַטשן און קום אַהיים״. בײַעלע פרעגט גאָרנישט און כאָסמעט זיך:
„וואָווע״.

עסטערן האָב איך געטראָפן אײַנגעבויגן איבער אַן אָפענעם טשעמאָ־
דאַן. עס האָט געדויערט אַ ווײַלע, ביז, אַ פאַרבלענדטע פון דער דרויסן־
ליכט, האָב איך זיך צוגעוווינט צו דער קילער טונקלקײַט פונעם צימער.
און דאַן האָב איך דערזען פאַר זיך אַן אויסגעלאָשן, טויט פּאָנעם.

— די דאַטע זעסטו? — האָט עסטער מיר דערלאַנגט אַ פּאַפּירל. — שוין
דרײַ כאָדאָשים אַדורך...

מיט אַן אָפּגעשטעלטן בליק האָט זי פון הינטער אַ לײַלעך אויף דער
וואַנט אַראָפּגענומען אַ שוואַרץ, שטאַרק דעקאָלטירט אָוונט־קלייד, פּונקט
אַזוי בלינד אויסגעגלײַכט עס צווישן די פּאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט,
צונויפגעלייגט און אַראָפּגעלאָזט אין טשעמאָדאַן.

— איך פאָר מיט אַן אַקטיאָרן־בריגאַדע אויפן פראָנט.

דעם גאַנצן רו־טאָג בין איך אָפּגעזעסן באַ עסטערן. אין אָוונט באַגלייט
זי צו דער באַן. דעם איינציקן מענטש, וועמען איך האָב געהאַט בעדייע
צו דערציילן וועגן יויסעפן, האָב איך גאָרנישט ניט דערציילט. אין פאַר־
גלײַך מיט עסטערן בין איך דאָך אַ גליקלעכע. מײַן מאַן איז בלויז פאַר־
פאַלן געוואָרן. ער קאָן זיך נאָך געפינען.

אויפן וועג צום וואָקזאַל האָב איך די גאַנצע צײַט געדענקט, אַז אין
עסטערס הילצערנעם טשעמאָדאַנדל ליגט אויסגעשפּרייט איבער אירע

עטלעכע העמדער און ציצענע קליידלעך א שווארץ אָוונט־קלייד, אין וועלכן איך האָב זי געזען אוואדע מיט א יאָר צען צוריק. זי איז דאַן דאָס לעצטע מאָל ארויסגעטראָטן אף א קאָנצערט. געלייענט לידער. פון דער היים איז עסטער אנטלאָפן א הוילע — א נאקעטע, נאָר דאָס קאָנ־צערט־קלייד מיטגענומען. און ניט אויסגעביטן עס אין עוואקואציע ניט אף ברויט, ניט אף זייף. פארהיט.

אין דער היים טרעף איך א בריוו מיט א שטעמפּל פון א ווײַטער רו־סישער שטאָט. עוואקוירטע ייִדן קוקן דאָרט יוסעפס פּיעסע. דווירע בורשטין שרײַבט מיר וועגן דעם, „דאָס קליינע כינעזערל״. און נאָך א נײַס דערוויס איך זיך פונעם בריוו. ניטאָ מירע זאקס. איצט ווייסט מען עס שוין אף זיכער. אין אונדזער היימשטאָט איז זי אומגעקומען, אין געטאָ. מישע גרין, מיט וועלכן זי איז זיך צונויפגעגאנגען א יאָר פאר דער מילכאָמע, איז אוועק אין ארמיי. ער האָט באוויזן ארויסצופירן מירען פון שטאָט, נאָר זי איז אין ערגעץ ניט דערגאנגען. מע האָט זי אומגעקערט פון וועג. געטריבן אף צוריק. א שוואַנגערע.

אָט ערשט, דאכט זיך, איז עס געווען. מירע האָט זיך פאר מיר גע־קלאָגט:

— ניט שפּילן, ניט רעפּעטירן... א יאָר און עפּשער נאָך מער. וואָס וועט פון מיר ווערן? — און פון די אויגן האָט שוין בא איר ארויסגעשײַנט די מוטערשאפט.

אף דער בינע, דאָרט, אין דער ווײַטער רוסישער שטאָט, ווו עוואקויר־טע ייִדן קוקן יוסעפס פּיעסע, מאכט דורך דעם גאנג צום טויט בא דער רויטער ציגלנער וואנט שוין ניט מירע זאקס, נאָר דווירע בורשטין. די קלייניקע, די שטשופּלינקע, מיטן טונקעלן פּאָנעם, „דאָס קליינע כינע־זערל״. זיי זײַנען געווען כאווערטעס, מירע מיט דווירען. מע האָט זיי שטענדיק און אומעטום געזען צוזאמען. מירע, זייער א הויכע, האָט געטראָגן שיך אף נידעריקע, מענערישע קנאפּל. באם גיין האָט זי זיך עטוואָס געהויקערט, ווי וועלנדיק אויסבאהאלטן איר צו הויכן וווקס. זי איז געווען א שוויַגעוודיקע, אַן אײַנגעשלאָסענע אין זיך. דווירע, א לײַכטע, א רירעוודיקע, האָט אף אירע שמאָלינקע הויכע קנאפּל געמאכט ארום מירען קרײַזן, ווי א קינד, וואָס קוקט ארום מיט נײַגער פון אלע זײַטן א באזונדערס באליבט שפּילצײַג. זי האָט געמאכט ארום מירען קרײַזן און אָן אופהער מיט איר שארף ציגגל אָפּגעבריט דאָ איינעם, דאָ א צווייטן. זי האָט יעדערן נאָכגעמאכט, יעדערן אויסגעלאכט. זי האָט עס אָבער געטאָן מיט אזויפיל כיין, אז מע איז איר אלץ מויכל געווען.

מיסטאמע שפּילט זי גוט, דווירע. זי שפּילט שטענדיק גוט. א קליי־ניקע, א שטשופּלינקע, מיט א טונקל פּאָנעם און שמאָלע אייגעלעך, האָט זי פארפולט דעם גאנצן רוים פון דער בינע, ווי נאָר זי האָט זיך באוויזן. די ברעטער אליין פון דער בינע האָבן ליב געהאט דווירען. אָבער... וויאזוי שפּילט זי נאָך מירען? איך פּרוּוו זיך פאָרשטעלן דווירען אין מירעס ראָל. איך קאָן ניט.

איך זע דווירען אין פארשיידענע געשטאלטן. איך זע, ווי עס לויפט ארויס אף דער בינע דאָס קלוגע דינסטמיידל, וואָס לאכט און שפּאָט

פון אירע באלעבאטים. איר ווײַס פּאַרטעכל פּליט פּאַרויס, דאָס געהאָפּ־טענע דינסט־טשיפּעקל אָף איר קאָפּ הייבט זיך אינדערלופטן, אָפּן לינקן אקסל באַמבלט זיך בא איר א נאריש צעפּל... און אלע אין זאל האָבן זי שוין ליב און ווערן שוטפים צו אירע קונדעס־שטיק.

און אָט, אַן אײַנגעהילטע אין שווארצן זײַד, שלענגלט זי זיך איבער דער בינע. און יעדער שמאָלער, כיינעוודיק־געמאָסטענער טראָט פונעם שמאָלן שיכעלע אונטערן זוים פונעם לאנגן קלייד איז פּרוויזשקײַט, יעדער צנ׳עסדיק־געצוימטער קער איז פּארשײַטקײַט. נו, גוט, נו, גוט, דווירע קען אויסשפּילן אלץ אין דער וועלט. איך וויל אָבער געדענקען, אָף שטענ־דיק פארגעדענקען מירען אין יוסעפּס פּיעסע. קיינער וועט מיר ניט גע־פעלן ווערן אזוי, ווי מירע. קיין איין אקטריסע, ווי גוט זי זאָל ניט שפּילן. איך וועל זי אייפערן צו מירען.

4

די מילכאָמע האָט זיך נאָך ניט געענדיקט. האָב איך בײַעלען איבערגע־לאָזט אין הינטערלאַנד בא מײַן מומע מאלקע, און אליין געלאָזט זיך אין וועג ארײַן. אהיים... איך האָב דען ניט געוווּסט, אז אין דער היים איז קיין היים ניטאָ? און דאָך בין איך געפּאָרן אײַנאָרדענען זיך אין מײַן היימשטאָט. ארבעט, אין דעם בין איך געווען זיכער, וועט זיך פאר מיר דאָרט שטענדיק געפינען.

ווי וויי־ניק א מענטש דארף אָף צו פילן זיך גליקלעך. ס׳איז געגנוג אין מעשעך פון דרײַ יאָר צו שלאָפן אָף אַן איבערגעקערטן קאַסטן פון א געוועזענעם דיוואן און מיטאמאָל ארײַנפאלן אין א ווייכן וואגאָן, עס זאָל דורכנעמען אָף דורך און דורך דער שארפער טאַם פון גליק. איידער צוזעצן זיך אָף מײַן געלעגער, האָב איך עס גוט באטאפּט. וווּנדער איבער ווונ־דער. עס זײַנען נאָך דאָ אזעלכע געלעגערס אָף דער וועלט! ווען איך בין אין קופּע איינע אליין, וואָלט איך זיך אוועקגעשטעלט אָף דעם מיטביידע פיס און אונטערגעשפּרונגען אָף די שטײַפע פּרוזשינעס, ווי בײַעלע, ווען איך פלעג זי אמאָל אינדערפרי ארײַנעמען צו זיך אין בעט. און דער רויש פון וואסער, וואָס פליסט פון א קראַן... רירסט זיך צו מיט צוויי פינגער, און די וואסער גיסט זיך.

איך וואש זיך אזוי לאנג, ביז עס הייבן מיר אָן פרירן די פיס, כאָטש אין דרויסן איז א היץ. איך זשאלעווע אפילע ניט קיין זייף. איך זייף זיך, איך רײַב זיך, איך גיס אָף זיך קאלטע וואסער און פיל, ווי קיינמאָל ביז איצט, די יונגקײַט פון מײַן לײַב. לאָך איך צו זיך אינדערשטיל. ביז איך דערהער אומגעדולדיקע קלעפּ אין טיר פון טואלעט.

ס׳איז געווען אָנהייב אָוונט. איך האָב זיך צוגעלייגט אָף מײַן ווייך געלעגער. דורך דער ראדיאָ האָט איבערן גאנצן וואגאָן געהילכט דאָס געזאנג פון א מיידלשער טריאָ. אײַנשלאָפנדיק, האָב איך דערזען פאר זיך די מיידלעך. דרײַ מיידלעך, ווײַזט אויס, גאָר יונגינקע. ווי קינדער, האָבן זיי האנאָע פונעם אייגענעם זינגען.

נאָר גליקלעכע שלאָפן מיט אזא זיסן, רויִקן שלאָף, ווי איך בין געשלאָפן יענע נאכט. ביז פארטאָג. פארטאָג האָב איך דערזען א ברונעם און א מעשונעדיק צעוואקסענעם קוסט פון קראָפּעווע לעבן אים. און א פּאָר הענט האָב איך דערזען, ביז ווייטעק באקאנטע הענט, מיט לאנגע ביינער־דיקע פינגער. די הענט רײַסן זיך דורך דער קראָפּעווע צום ברונעם, זיי לאָזן אראָפּ אין דער טיף א זעלנעריש קעסעלע. לאָזן אראָפּ, הייבן אוף. טראָגן צו צום מויל. נאָר דאָס קעסעלע רינט. עס איז א גע־לעכערטס.

— יויסעף, — שרײַ איך, — דײַן קעסעלע רינט. זעסט דען ניט, יויסעף?

איך רײַס מיט גוואלד אוף די אויגן. א פארציטערטע זעץ איך זיך האסטיק אוף אף מײַן געלעגער. מײַן שאָכן, דער יונגינקער לייטענאנט, זיצט אנטקעגן מיר א פארצויגענער אין שפּאָגל־נײַע רימענס, א באציר־טער מיט בלישטשענדיקע קנעפּ. זײַן קײַלעכיק פריש פּאָנעם מיט א פּיצינקן בלוט־צייכן פונעם גאָלמעסער אף דער לינקער באק שמייכלט צו מיר גוטמוטיק פון אויבן־אראָפּ.

— אײַך האָט זיך עפּעס געכאָלעמט? — פרעגט ער. — איר האָט שטארק געשריִען פון שלאָף.

איך בין נאָך רעכט ניט געקומען צו־זיך. איך פיל נאָר, ווי מײַן פּאָ־נעם ענטפערט פארשולדיקט אפן שמייכל פונעם יונגינקן לייטענאנט. איך קלײַב זיך אים עפּעס זאָגן, נאָר ער שפּרינגט פּלוצלינג אוף און בלײַבט שטיין פארגליווערט, די דלאָניע, ווי א לאָפּעטקעלע, באם שלייף. אין דער אָפענער טיר פון קופּע שטייט מיליטעריש געקליידט מישע גרין.

ער האָט מיך באלד דערזען און מיט ראש אראָפּגעלאָזט אפן דיל זײַנע צוויי טשעמאָדאנעס. מיר האָבן זיך צעקושט, און איך האָב ווי א באנומע־נע איבערגעכאזערט אלץ איינס און דאָס זעלבע: „מישע, דו לעבסט, מי־שעז?". ס'ווערט מיר אפילע אומהיימלעך פון דעם, וואָס א קרעפּטיקן מאנצבל, נאָך קיין פערציק יאָר ניט אלט, באגעגן איך מיט אזעלכע מאָדנע ווערטער. אלע אנדערע ווערטער זײַנען אָבער פון מיר ווי אָפּגעטאָן געוואָרן. נאָר אָט דאָס האָט איצט א זין: „מישע, דו לעבסט, מישעז?". מיטאמאָל גיבן זיך די זעלבע ווערטער אן אומגעריכטן דריי אין מײַן מויעך און זעען שוין אויס גאָר אזוי: „יויסעף, צי לעבסטו, יויסעף?".

לאָז איך זיך אראָפּ אף מײַן געלעגער. איך שווײַג. מישע זעצט זיך צו לעבן מיר מיט צונויפגעדריקטע הענט. זײַנע פינגער־געלענקען זײַנען אזש ווײַס פון אָנשטרענגונג. ער שווײַגט אויך.

— מישע, — רײַסט זיך בא מיר ארויס אומדערווארט, — איך באקום ניט קיין בריוו. יויסעף איז פארפאלן געוואָרן. איך האָב א יעדיִע.

— איך ווייס, — זאָגט מישע שטיל.

ער ווייסט? פונוואנען? אים האָב איך דאָך דעם ערשטן וועגן דעם געזאָגט.

מישע וואָרפט אף מיר א זײַטיקן בליק:

— איך האָב געהערט, אז דו באקומסט ניט קיין בריוו.

## 5

דער צוג איז דאן לאנג געשטאנען באם ראנד פון א היפש בערגל, וואָס האָט זיך אראָפּגעלאָזט מעשופּע פון אונטער די סאמע רעדער. ארום דעם אײַזערנעם פּלומפּ אין דער נידער האָבן געווימלט מענטשן מיט עמערס, מיט טשײַניקעס, מיט קרוגן, מיט זאלנערישע קעסעלעך. און אנטקעגן — א שיטער וועלדל מיט בוילעטע סילועטן פון בערעזעס. ס'איז געווען א שטילער זומערדיקער טאָג, האָט יעדער בערעזע אויסגעזען, ווי אן אפּליקאציע אפן הימל.

מישע האָט געבראכט וואסער. און א האלב צענדליק הארטע אייער האָט ער בא עמעצן אײַנגעהאנדלט דאָרט, בא דעם פּלומפּ. פון איינעם פון זײַנע טשעמאָדאנעס באקומט ער ארויס א גאנצן אויצער — ברויט, קוביקלעך קאווע, מארגארין. געשיקט צעלייגט ער אף דער פארשפרייטער צײַטונג דין אָנגעשניטענע ריפּטלעך ברויט. ער גיט לײַכט א קלאפּ אָנעם ברעג פון טישל אן איי, און עס טאנצט לעבעדיק ארויס פון דער שאָלעכץ א גאנצינקס, א שײַנענדיקס. מישעס גוטמוטיקע ליפּן שמייכלען צופרידן. זײַנע שטארקע הענט מיט די עטוואָס האָריקע לאנגע פינגער האָבן האנאָע פונעם שנײַדן, פונעם שיילן, פונעם שמירן און עפּשער אויך פון מײַן וואָל־פישן אפּעטיט. שפּײַז, ניט קיין ארויסגעגעבענע אף קארטלעך... איך עס ווי ניט אין זיך.

דער יונגינקער לייטענאנט איז אראָפּגעשטיגן אף דער נאָענטסטער סטאנציע. אף זײַן אָרט אין קופּע האָבן זיך באזעצט צוויי פרויען. זיי באטייליקן זיך אויך אין אונדזער סודע. איינע פון זיי, א הויכע, א דארע, מיט שיטערע בלאָנדע קרײַזעלעך און א פלאך ניט־דערבאקן פּאָנעם, האָט אפילע אוועקגעשטעלט אפן טישל א פערטל בראנפן. די צווייטע, א קליינינקע, מיט גלאט פארקאמטע טונקעלע האָר, מיט שטילע אויגן, האָט שעמעוודיק ארויסגעלייגט פיר גרויסע עפּל.

די בלאָנדע איז מיט אונדז גאָר היימיש. זי האָט אונדז שוין אפילע פארטרויט, אז זיי פאָרן אָן בילעטן, זי און איר כאַווערטע. מיר ווייסן שוין אויך, מיט וואָס זיי האָבן נויסע־כיין געווען בא דער קאָנדוקטאָרשע פון אונדזער וואגאָן, וועלכע האָט דורך די יאָרן פון מילכאָמע דורכגע־טראָגן איר בלוט־ און מילך־פּאָנעם, ווי בא א גוט געהאָדעוועטער אם פארצײַטנס אין א פארמעגלעכער מישפּאָכע. און א גענגעלע פארמאָגט זי א ווייכס, שווימט, ווי א שוואן אין א רוסישן פּאָלקס־טאנץ.

אף די גרעסערע און קלענערע סטאנציעס לאָזט זיך אונדזער קאָנדוק־טאָרשע אראָפּ פון וואגאָן און בלײַבט שטיין מיט ברייט צעשטעלטע פיס אף דער פּלאטפאָרמע. אין די רונדע שטײַפע באקן אירע שפּילט איר דרײַסיקיאָריק בלוט. דער דרײַעקיקער אויסשניט פונעם קאָפּטל באם פארברוינטן פולן האלדז איז ווי א ווײַזער, וואָס פירט אין א גאניידן פון ווײַסער שעפע.

זעלטן קומט צו אונדזער וואגאָן א פּאסאזשיר מיט א בילעט. דאָסראָוו רײַסן זיך אהער ווײַבער מיט קלומעקעס אף די פּלייצעס און מיט קינדער אף די הענט אָדער בא דער זײַט. אונדזער באגלייטערן קוקט זיך אף זיי

ניט אום. זי ווייסט פאָרויס, אַז קיין בילעטן האָבן זיי ניט. זײַט זי ארויס דורך די פולע רויטע ליפּן: „ניטאָ קיין ערטערן!", און גאָר. טאָמער איינע אזא פּריוואט פּאָרט, ווען דער צוג הייבט זיך שוין אָן צו רירן, ארופשטעלן אפן טרעפל איר קינד, קעדיי באלד טאקע אליין ארופצוכאפּן זיך, טרעפט איר די קאָנדוקטאָרשע, אלץ ניט קוקנדיק, מיט ביידע פויסטן גלײַך אין דער ברוסט ארײַן.

— ווּוהין קריכסטו, דאָרפישע פּאדלע? מיינסט, דער וואגאָן איז פון גומי. טעמפּער קאָפּ!

די מענטשהײַט טיילט אונדזער קאָנדוקטאָרשע אף צוויי קאטעגאָריי־עס — אירע פּאסאזשירן, אָט די, וועלכע זיצן אָדער ליגן אף די ווייכע געלעגערס אין איר וואגאָן, און אלע איבעריקע, אָט די, וואָס געפינען זיך אויסער איר וואגאָן. צו מיר איז זי גוט. איך געהער צו דער ערשטער קאטעגאָריע. ווענד איך זיך צו איר ביטמימעס אפן צווייטן טאָג פון מײַן נעסיע:

— א מאָדנע זאך. דער וואגאָן איז אף האלב פּוסט, און מיר איז אזוי שווער אָנגעקומען דער בילעט. אז געוואָלט האָב איך גאָר אין א הארטן...

דאָס בלוט־און־מילך־פּאָנעם פון דער קאָנדוקטאָרשע גיט זיך צו מיר א קער מיט א פּאָר פּוסטע פארבלאָזע אויגן.

— די ערטער זײַנען פארבראָנירט פאר אָפּיצערן! — שנײַדט זי אָפּ.

די צוויי פרויען בא אונדז אין קופּע זײַנען אָבער קיין האָר ניט ענ־לעך אף אָפּיצערן. די בלאָנדע קלאָגט זיך פאר אונדז:

— פאר איין מעסלעס פאָרן ארויסגעריסן א פּאָר נײַע וואָליקעס. א הונדערטער אין די ציין האָב איך איר געבאָטן? איז וואָס ביסטו ארויסגע־קראָכן מיט די וואָליקעס? — ווארפט זי זיך ארוף אף איר כאווערטע, און די קרײַזעלעך אף איר קאָפּ שפּרינגען אונטער, ווי לעבעדיקע. — אין וואָס וועט דײַן פעטקע גיין ווינטער אין שול ארײַן, אויב דו ביסט אזא גוטע? — אויסגעשריִען זיך, שלעפּט די בלאָנדע ארויס פון די טיפענישן פון איר שטרויענעם קוישל א טרוקענע וואָבלע, און די סודע גייט ווײַ־טער.

מישע, זע איך, נעמט בא די פרויען שטארק אויס. די עקזאלטירטע קיינדעלעך פון דער בלאָנדער און די דערעכערעצדיקע צוריקגעהאלטנ־קײַט פון דער קלייניקער מיט די שטילע אויגן זײַנען געווענדט נאָר צו אים, צום שיינעם מאיאָר. און ווי אזוי קוקן זיי אף מיר?..

פארטאָג, נאָכן ארומוואשן זיך, בין איך געבליבן שטיין מיטן האנטעך אפן אקסל הינטער דער טיר פון מײַן קופּע. דער צוג האָט זיך פּונקט אין דער רעגע אָפּגעשטעלט. האָט זיך צו מיר דורך דער עטוואָס צעעפנטער טיר בוילעט דערטראָגן דער בלאָנדערס קאָל, א קאָל, ווי פון געהענעם ארויס:

— הײַנט איז קיינער ניט טרײַ. און דערציילן מיר ניט קיין מײַסעס, און דול מיר ניט דעם קאָפּ! „א מאנס א ווײַב"... און טאָמער כ'האָב אף מײַן לעבן ניט פארזוכט דעם טאם פון א קוש? אין יענער נאכט אפילע האָט ער מיך ניט געקושט. כ'האָב באגלייט די מאמע אפן צווינטער, נאָך די פּאָמינקעס געבליבן אליין. ניט באוויזן צו פארשפּארן די טיר, איז ער

אַרײַן. שכײנים זײַנען מיר געװען. אַרומגעכאַפּט מיט די אײַזערנע לאַ־פּעס...

— ער איז דאָך אָבער אַף מילכאָמע...

— מילכאָמע, ניט מילכאָמע. ער װעט זיך אומעטום אָן אײצע געבן. אַ יאָר צײַט ניט געלאָזט פון זיך װיסן. און פּלוצעם — אַ גדולע. די דײַטשי־שע דערפער געפעלן אים. הױכע קוימענס זײַנען דאָרטן, און אָפּטריטן אין די הײַזער. אַ שאַד נאַר, שרײַבט ער, װאָס די דײַטשקעס זײַנען אַזעלכע מיִעסקײַטן. האָב קײן זאָרג ניט, ער שלאָפט מיט זײ, מיט די מיִעסקײַטן. און קושט זײ אװאַדע אױך. און װערט דאָרט צעזעצט פון פרעסן. ניט װי די קינדער זײַנע. ער פרעגט זיך אַף זײ נאָך אַזױ, אַז מיר דוכט, זײערע נעמען האָט ער פאַרגעסן.

עס װערט אַ רגע שטיל. דערנאָך:

— געפעלט דיר עפּעס דאָס פּאָרל, װאָס פּאָרט מיט אונדז? אַבי מע זאָגט, אַז ייִדן זײַנען גוטע פאַמיליען־מענטשן...

— עפּשער איז ער איר מאַן? — דאָס קאָל פון דער מיט די שטילע אױגן קלינגט ניט זיכער.

— אַ מאַן קוקט ניט אַף אַ װײַב, װי אַ קאָטער אַף סמעטענע, — גיט דאַפּקע זיכער אַ זאָג די בלאָנדע. — אַ װאָרט אַזאַ אױסגעטראַכט, ליבע... װוּ איז זי, די ליבע? איך האָב זי אין ערגעץ ניט געזען. סײַדן אין קינאָ. דערפאַר לױפן טאַקע אַלע אַהין, װי אַף אַ בײזװונדער...

דורך דער עטװאָס צעעפנטער טיר דערטראָגט זיך צו מיר פּלוצעם אַ שטילער כליפּ און באַלד נאָך דעם דער בלאָנדערס פאַרצװײפלטער כאַראָ־טע־אױסגעשרײ:

— אױ, װאָס פאַר אַ צװיג איך בין! הער מיך ניט, מאַרפושע! ליבע האָב איך געזען. באַ דיר מיט אַנטאָנען, גיב גאָט, ער זאָל זיך אומקערן אַ לעבעדיקער. — און װידער אופגעבראַכט: — דיר איז גוט צו רײדן. און װאָס זאָל איך טאָן, אַז מיר האָט זיך ניט געטראָפן אַזאַ אַנטאָן? — און פּלוצעם מילד, װי מע רעדט צו אַ קינד: — באַ מיר אין דער הײם איז דאָ אַ פּאָר װאָליקעס. אַקוראַט פאַר פּעטקען. מײַנע טױגן זײ סײַדן אַף דער נאָז. אַזעלכע דרײַ בורילעס אַף מײַן קאָפּ.

אין צװײטן עק פון קאָרידאָר באַװײַזט זיך מיט אַ האַנטעך אין די הענט מישע. איך רוק שטיל פאַנאַנדער די טיר פון קופּע. די קלײנינקע, זע איך, ליגט מיטן פּאָנעם אַרוף, און פון אירע שטילע אױגן קײַקלען זיך גרױסע טרערן. די בלאָנדע זיצט לעבן איר, די הענט פאַרקװעטשט צװישן די קני. איר פּאָנעם איז שאַרף און קאַנטיק, פאַר הײַנטיקער נאַכט איז עס װי דערבאַקן געװאָרן. אַ טראַגישע מאַסקע אין דער טונקעלער שײַן פון פרימאָרגן. אַף מײַן אַרײַנקומען לײגט די בלאָנדע ניט קײן אַכט.

— דרײַ בורילעס... — כאַזערט זי איבער און גיט זיך אַ הילכיקן פּאַטש איבערן בױך: — דער פּערטער איז נאָך דערװײַל אָט אַ־דאָ־אָ!

אַ מין שאָדנפרײד פון אַ זעלבסטמערדער.

## 6

די פרויען האָבן אונדז פאַרלאָזט אַף איינער אַ פּיצעלע סטאַנציע, אַף וועלכער דער באַן האָט זיך אַלפּי־נעס אָפּגעשטעלט. דערנאָך זיך אַ ריס געטאָן און אַוועקגעטראָגן מיט אַ מוירעדיקער שנעלקייט. אַהין, אַלץ נעענטער און נעענטער צו מײַן היים. ווילט זיך מיר ניט ריידן. ס׳ווילט זיך ניט הערן קיין רייד.

מישע אָבער איז דאַפקע באַריידעוודיק. ער דערציילט מיר אַ לאַנגע מײַסע וועגן עפּעס איינעם אַ וואַסילי שוגײַעוו, זײַנעם אַ סאָלדאַט, אַ טײַערן יונג און אַ געוואַגטן. איך גלייב אין אַלע זײַנע מײַלעס, שוגײַעווס. באַ די מײַלעס וואָלט ער זיך געמעגט אָפּשטעלן, מישע. איז ניין. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער האָט געהאַט אויך מוירעדיקע כעסרוינעס, אָט דער שוגײַעוו. און מישע וויל דאַפקע, איך זאָל פון זיי וויסן. דעם פּאַס אַף זײַן שינעל האָט ער קעסיידער פאַרצויגן ניט ווי עס דאַרף צו זײַן, און דאָס היטל פלעגט ער צו וווילױנגעריש פאַרוקן אַף דער פּאָטיליצע. אויך אין עפּעס אַ געשלעג איז ער געווען פאַרמישט...

צוליב וואָס דערציילט ער עס מיר, מישע? און אַזוי געַנוי, מיט אַלע איינצלהײַטן, ווי ער וואָלט בעקיוון געוואָלט אָפּציִען די צײַט. הער איך זיך צו נאָר פון יויצע־וועגן. אַליין טראַכט איך גאָר, צי וועל איך אין מײַן היימשטאָט דערזען אַ וואָקזאַל. אַ שטאָט אָן אַ וואָקזאַל איז ווי אַ שטוב אָן אַ טיר. איך וויל, דער צוג זאָל שטיל צוגיין צו דער פּלאַטפּאָרמע און אַ מענגע מענטשן זאָלן מיט זוכנדיקע בליקן לויפן פון וואַגאָן צו וואַגאָן. יעדערער זאָל באַגעגענען דעם, אַף וועמען ער האָט געוואַרט, און, איבערכאַפּנדיק באַ דעם אָנגעקומענעם זײַנע פּעק און טשעמאָדאַנעס, זאָלן זיי זיך צוזאַמען לאָזן צום אַרויסגאַנג אין שטאָט אַרײַן. מיט אַלע מײַנע כושים וואַרט איך אַפן הור־האַ פון דער באַגעגעניש. זאָל עס אויסזען אַזוי, ווי דאָן, ווען אַפן פּעראָן פלעגט מיך אָפּוואַרטן יויסעף. ניין, ניט מיט בלומען, יויסעף האָט מיך קיינמאָל ניט באַגעגנט מיט קיין בלומען.

...יויסעף שטייט אַף דער בינע. ער נייגט זיך פאַרן אוילעם צוזאַמען מיט די אַקטיאָרן, מיטן רעזשיסער, מיטן קאָמפּאָזיטאָר, מיטן קינסטלער. ווײַט פון זיך האַלט ער אין די אויסגעצויגענע הענט אַ בוקעט, וואָס עמעצער פון אוילעם האָט אים אונטערגעטראָגן. איך זיץ אין זאַל און לײַד צוזאַמען מיט יויסעפן. איך זע, אַז ער פילט זיך ווי אויסגעטאָן נאַקעט פאַר אַלעמען. לינקס פון אים שטייט מירע זאַקס, די, וואָס האָט געזיכערט דעם דערפאָלג פונעם ספּעקטאַקל. גיט זיך גאָר יויסעף אַ קער אַף רעכטס. איבערהיפּערנדיק דעם רעזשיסער און דעם קאָמפּאָזיטאָר, שטעקט ער שנעל אַרײַן דעם בוקעט אין די הענט פון אַן אַקטריסע, וועלכע האָט אונטערטאַנצנדיק אַרויסגעטראָגן אַ בענקל פון דער בינע.

— און אַן אָוונט איז געווען... אַך טי, ריבוינעשעלוילעם, פּאָטער טי נאַש! אין אַזאַ אָוונט דאַרף מען גאָר זיצן אַפן גראָז אַרומגענומען מיט אַ מיידל און ניט טראַכטן וועגן דײַטשן...

איך קוק אָן מישען, ווי כ׳וואָלט פון הימל אַראָפּגעפאַלן. זײַן טאָן

שטימט עפּעס ניט מיט זײַן פּאָנעם, וואָס איז שטאַרק צערודערט. הער איך אים שוין מיט מויל און אויערן.

מישע דערציילט, וויאַזוי זיי האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייער טייל, ער און שוגײַעוו. דרײַ טעג געבלאָנקעט אין דער אומבאַקאַנטער געגנט, אפן פערטן איז פאַר זיי טיף אין וואַלד טכילעס אָוונט אויסגעוואַקסן עפּעס אַן אַלטיטשקער, וואָס האָט באַלד דערקענט אין מישען אַ ייִדן.

— אוועקגעשטעלט זיך אַנטקעגן מיר, — דערציילט מישע, — קוקט מיך אָן מיט אַ פּאָר רויטע אויגן פון אַ ווײַסן וואָלקן אַרויס און טײַנעט: „עך, באָכער, וועלכער רוען האָט דיך אַהער פאַרשלעפּט? מע וועט דיך כאַפּן, וועט מען מיט דיר טאָן, ווי מיט אַלע דײַניקע". איז נאָך קנאַפּ, לייגט דער אַלטער צו נאָך אַ קנייטל: „אוואַדע אַן אָפּיצער אויך. מע זעט דאָך, אַ געבילדעטער..."

דעם אַלטן האָט מישע קוים אַ לעבעדיקן אַרויסגעריסן פון שוגײַעווס הענט. און ווען דער אַלטער איז שוין פאַרשוווּנדן אין דער טיפעניש פון וואַלד, האָט זיך שוגײַעוו אַלץ ניט געקאָנט באַרויִקן. „אַן אונטערשמעקער איז דאָס, ער וועט דיר באַלד ברענגען אַהער פּאָליציי. און דו האָסט אים אָפּגעלאָזט..." שוגײַעוו האָט מיט רעציכע צעטאָפּטשעט מיט די שטיוול דעם שײַטער, וועלכן זיי האָבן דאָ ערשט פאַנאַנדערגעבלאָזן, ניט פרעגנ־דיק קיין אייצע בײַ מישען, און זיי האָבן זיך ווידער געלאָזט גיין טיפער אין וואַלד אַרײַן.

אין וואַלד איז געוואָרן שטאָקפינצטער. זעט שוין ניט מישע אַפילע דעם סילועט שוגײַעווס. נאָר זײַנע פאַרזיכטיקע טריט הערט ער. שטאַרקט זיך וואָס ווײַטער אין אים דאָס געפיל, אַזוי דערציילט ער מיר, מישע, אַז אויס. ניטאָ מיט אים וואָסיע שוגײַעוו. דער אַלטער האָט אַרײַנגעשלאָגן צווישן זיי אַ קלין. בלײַבט מישע שטיין און רעדט אַרײַן אין דער פינצ־טערניש:

— מיר דאַרפן זיך שיידן, וואָסילי, מיר וועלן מער צוזאַמען ניט גיין.

ענטפערט אים די פינצטערניש מיטן קאָל פון זײַן כאַווער:

— וואָס עפּעס דאַרפן מיר זיך שיידן? ווי מיר זײַנען געגאַנגען בײַ־נאַנד, אַזוי וועלן מיר ווײַטער גיין.

— וואָסילי, — זאָגט מישע, — ביסט ניט אָרנטלעך מיט זיך אַליין, זעסט דאָך, דער אַלטער האָט באַלד דערקענט, ווער איך בין. איז צוליב וואָס זאָלסטו אומזיסט־אומנישט ריזיקירן מיטן קאָפּ? און טאַקע באַלד: — זײַ געזונט, ברודער! דערמאָן ניט צום בייזן!

אַזוי האָבן זיי זיך צעשיידט. נאָר ווען מישע איז שוין דורכגעגאַנגען אַ היפּשע שטרעקע אין דער טיף פון וואַלד, האָט ער דערהערט אַ צע־רייצטן אויסגעשריי: „מישקע, ווו ביסטו פאַרכאַפּט געוואָרן, שוואַרצער טײַוול? אָט אַ כאָליערע, שפּילט אין באַהעלטעניש..."

אַזעלכע גוואַלדן האָבן געקאָנט אופהייבן אויף די פיס אַ גאַנצן דײַטשישן גאַרניזאָן, האָט מישע זיך אָפּגערופן. און ווען וואָסילי האָט זיך צו אים דערקליבן, האָט מישע דערהערט אַ שטיל בעטנדיק קאָל: „זײַט מיר מויכל, כאַווער קאַפּיטאַן!" שפּעטער האָט זיי אַ צופאַל דאָך צעשיידט.

— און אָט זעסטו, — זאָגט מיר מישע, — דאכט זיך, אזא אויסגעשפּראָ־
כענער ייִד, ווי איך בין, און דאָך האָט זיך מיר אײַנגעגעבן דורכצורײַסן,
און שוגײַעוו איז ארײַנגעפאלן צו די דײַטשן אין א לאגער.

— און ווײַטער?

— ווײַטער? דאָ מיט צוויי כאדאָשים צוריק האָב איך אים געטראָפן אין
שפּיטאָל, אין דער שכיינעסדיקער פּאלאטע.

און דאן זײַנען געקומען די ווערטער, צו וועלכע מישע האָט זיך,
ווײַזט אויס, געגרייט פון דער ערשטער רעגע, וואָס ער האָט מיך דערזען
אין צוג:

— איז אָט, האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, לייעלע... פאַרשטייסט, אין
שפּיטאָל איז פאראן געגוג פרײַע צײַט. דערציילט מען. רעדט מען. און אז
מע רעדט, דערעדט מען זיך. נעם זיך נאָר אָן מיט האַרץ, וועל איך דיר
זאָגן... שוגײַעוו האָט געזען יוסעפן. טאקע דאָרט, אין לאגער.

7

דער רוקזאק אף מײַן פּלייצע ציט מיר אָפּ די אקסלען, און איך גיי
און גיי צווישן רעשטן פון ווענט. יעדערע פון זיי איז עלנט און פאַר־
וואָרלאָזט, פארזונקען אין איר בראָך, ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל זיך ניט
געהאלטן איניינעם, די ווענט. און טרעפּ האָבן ארויסגעקוקט צווישן די
טיר־ און פענצטער־לעכער. טרעפּ, וועלכע פירן אין ערגעץ ניט. הענגען
איבערגעלאָזט, ווי גיגאנטישע ציין אָן א מויל, אומנוצלעכע און איבעריקע
אף דער וועלט.

און איך אליין? וואָס בין איך? ווער בין איך? פונקט, ווי ניט קיין
מענטש וואָלט איך געווען. עפּעס אזוי זיך א באשעפעניש. אויסגעוואקסן,
ווי ווילדגראָז אין פעלד. און טאטע־מאמע מײַנע זײַנען ניט מער ווי
ווילדגראָז. א סימען, מע האָט זיי אויסגעיעט, קעדיי אנדערע זאָל ניט ענג
זײַן צו וואקסן און בליִען.

איך גיי מיטן רוקזאק אף דער פּלייצע איבער מײַן היימשטאָט. איך
גיי. ניט אײַן און ניט אויס. דערזע איך פּלוצעם אף א געקעפּטער וואַנט
א יונגביימל, א דיבינקס און א ליכטיקס. בין איך אוואדע אנטקעגן דעם
ניט געגעכט געווען. וואָס אייגנטלעך, קאָן איך האָבן קעגן דעם? א יונג
ביימל. עס וויל לעבן. עס האָט דעם געוויס ניט ווייניק מי געקאָסט דורכ־
צושלאָגן זיך דורכן שטיין־ברוך. ווען אָבער איך האָב דערזען דאָס נאַיי־
שע ביימל, וואָס ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן, איז מײַן טרויער דרײַפאך
געוואקסן.

מיד און הונגעריק האָב איך זיך צוגעזעצט אף א שטיין, אראָפּגעלאָזט
אף דער ערד דעם רוקזאק פון דער פּלייצע. און דאָ ערשט דערזען פאַר
זיך אויסגעשטעלטע אין א ריי הילצערנע שטיבלעך. זיי זײַנען געבליבן
גאַנץ. נאָר די שויבן געווען אויסגעשלאָגן. אין איינעם פון די שטיבלעך
זײַנען אפילע שויבן אויך געווען. זויבערע. ערשט געוואשענע. און גרעט
האָט זיך געטריקנט אף א שטריק. האָט עס מיך דערפרייט, און כ׳האָב

באלד שאָלעם געמאכט אויך מיט יענעם יונגן ביימל, וואָס האָט זיך דורכ־געשלאָגן דורכן שטיין־ברוך. איך האָב שוין אָף דעם מער קיין פאריבל ניט געהאט. מײַן הארץ איז ווייך געוואָרן. צום ערשטן מאָל, זינט מישע האָט מיר געזאָגט וועגן יויסעפן, און נאָך פריִער, זינט איך האָב באקומען די יעדיִע, אז ער איז פארפאלן געוואָרן, האָב איך זיך פארגונען אויסצוויי־נען. ביזן סאָף. מיטן פארגעניגן פון אן אויסגעוואָסענער פּײַן. איך האָב דערפילט א ליכטיקײַט אין אלע איווורים, און איך האָב זיך גענומען דורכשמועסן מיט יויסעפן, ווי ער וואָלט געווען מיט מיר, ווי ס'וואָלט גאָרנישט ניט געשען.

„מעגסט פון מיר לאכן, יויסעף,— אזוי רעדט עס אין מיר,— איך וויל, דו זאָלסט זען, ווי שיין אונדזער טעכטערל שרײַבט. אינעם ערשטן קלאס האָט זי פון דעם שרײַבן געהאט גרויסע צאָרעס. די פאסיקלעך פלעגן בא איר ארויסקומען קרום, און די קײַקעלעך פלעגן זיך ארויסקײַקלען פון דער שורע. פונקט, ווי בא מיר. ס'איז א יערושע־זאך. בײַעלעס לערערקע האָט מיר אָבער ניט געגלייבט. איך שרײַב דאָך אין די צײַטונגען, איז ווי קאָן עס געמאָלט זײַן, איך זאָל האָבן א שלעכטן קסאוו.

דעם עמעס געזאָגט, יויסעף, ביסטו אויך א קנאפער קאליגראף. פרעג ועמען דו ווילסט פון אונדזערע פרײַנט. ווען זיי פלעגן באקומען פון אונדז א בריוול, האָבן זיי ניט גלײַך פאנאנדערגעקליבן זיך, פון וועמען איז עס, פון מיר צי פון דיר. איך וועל דיר דערמאָנען, יויסעף, איינמאָל האָט זיך אונדזערס א בריוול פארהאלטן, אָנגעקומען ערשט דאן, ווען מיר זײַנען שוין געזעסן בא מײַנע טאטע־מאמע צוגאסט. האָט דער טאטע פאנאנדערגעוויקלט פאר אונדז אין די אויגן דאָס בריוול און געזאָגט:

— אָסער, אויב איך דערקען, וועמעס האנט דאָס איז, איך וואָלט נאָר ועלן וויסן, ווער צו וועמען איז געגאנגען אין כיידער, לייקע צו יויסעפן צי יויסעף צו לייקען.

און די מומע מאלקע, וואָס איז געזעסן דערבײַ, האָט אונטערגעכאפּט:

— איך האָב אָבער גלײַך געזען, אז בא זיי איז איין האנט, ווען זיי האָבן צום ערשטן מאָל ארײַנגעכאפּט זיך צו מיר אָף עטלעכע מינוט.

— אזוי גאָר? טשיקאווע, ווי האָט איר דאָס דערזען? — אזוי האָסטו געפרעגט בא דער מומע מאלקע.

— וואָס הייסט? און טריסקאווקעס מיט סמעטענע האָט איר בא מיר פון איין טעלער ניט געגעסן?"

אָט אזוי האָב איך זיך דורכגעשמועסט מיט יויסעפן. און ס'איז מיר גוט געווען צו זיצן אפן שטיין שוין עטוואָס אויסער דער שטאָט, ווו עס זײַנען אָף צולאָכעס גאנץ געבליבן אלטע הילצערנע שטיבלעך. און זיי שטייען אויסגעשטעלט אין א ריי און נעמען זיך איבער מיט זייער גאנצ־קײַט אינעם ארומיקן כורבן. ס'איז מיר גוט געווען צו פארברענגען מיט יויסעפן.

...איך האָב זיך אופגעכאפּט אין גרויען פארטאָג. ארומגעקוקט זיך און דערקענט דאָס הייפל, פון וועלכן א ייִד מיט א שפּיציק בערדל האָט מיט יאָרן צוריק ארויסגעטריבן אָף פּאשע א קו. עס האָט נאָר געפעלט דער טויער און דער פּארקן. און דער ייִד האָט געפעלט. און יויסעף...

8

מישע האָט געוויס געמיינט גוט. ניט ער איינער האלט, אז א ווונד איז בעסער אויסשנײַדן, איידער זי זאָל קעסיידער אײַטערן. קאָן זײַן. מיר אָבער איז בעסער ניט געוואָרן. ניין, איך האָב ניט געקאָנט דאנקבאר זײַן מישען. ער האָט מיך בעדיל־האדאל געשטעלט. איך האָב אַף א צײַט אופ־געהערט צו זען יויסעפן.

א געגאָלטן קאָפּ האָב איך געזען, און א פלייצע אין א געפּאסעוועט העמד, און א נומער אַף דער פלייצע — א מעשונע־ווילדע ציפער: 999 999. פונוואנען האָט זי זיך צו מיר גענומען? ביז קאָפּשווינדל האָט זי זיך גע־דרייט פאר מײַנע אויגן, די ציפער, וואָס האָט געזאָלט זײַן יויסעף. און א וואנט האָב איך געזען, א רויטע ציגל־וואנט, פון וועלכער יויסעף קלעטערט אַף אראָפּ. ער האָט דאָך געגרייט א גרופּע צום אנטלויפן, אזוי האָט שוגײַעוו דערציילט מישען. קאָן דאָך ניט געמאָלט זײַן, ער זאָל ניט פּרוּוון אריבער די וואנט דער ערשטער. און עפּשער איז ער טאקע אריבער? עפּשער איז יויסעף אנטלאָפן? יויסעף וועט קומען. האָב איך קיין איין מענטש ניט דערציילט וועגן דעם, וואָס איך האָב געהערט פון מישען. פּונקט ווי פריִער, האָט זיך מיר ניט געלייגט אַף דער צונג עמעצן צו דערציילן. זאָל זײַן די סאמע נאָענטע, וועגן דער ידיִעה, אז יויסעף איז פארפאלן געוואָרן.

אין די נעכט האָב איך געטײַנעט אין זיך: „ווו ביסטו, יויסעף? ווײַז זיך פאר מיר... איך ווייס דאָך, דו טראכסט וועגן מיר, ווי איך וועגן דיר. איז ווּהין ביסטו פארוואָגלט געוואָרן? פארוואָס זאָל איך אין מײַן דימיען זען דיך אזא, אווּעלכן כ׳האָב דיך קיינמאָל ניט געזען? א געגאָלטער קאָפּ, א פלייצע מיט א נומער, העגט אויסגעשפּרייטע איבער א וואנט. אָט זעסטו, די וואנט דערקען איך דאפקע. דאָס איז דאָך יענע רויטע ציגל־וואנט, בא וועלכער „דער פארפײַניקטער וועט בלײַבן דער גערעכטער״. עס גיט א פלי אַף אהינטער א געגאָלטער קאָפּ, א פּאָר הענט רײַסן זיך אָפּ פון דער וואנט. און ניטאָ. און בא מיר גיט זיך א ריס אָפּ דאָס הארץ און עס קײַקלט זיך ערגעץ אין דער נידער, אין א טהאָם, צוזאמען מיט דיר״.

# VI. דער וועג לויפט אנטקעגן

1

גליק... אין איינעם אָן אָוונט האָב איך געייפערט יויסעפן צו דווירע בורשטין. געוווּסט, אז מײַן אייפערזוכט האָט קיין שום גרונט ניט און דאָך געפילט זיך אומגליקלעך. געשעמט זיך פאר זיך אליין. און מער פאר אלץ מוירע געהאט, יויסעף זאָל ניט באמערקן...

אינעם ערשטן אנטראקט זײַנען מיר ארײַן הינטער די קוליסן.

עטלעכע געמאָסטענע טריטעלעך אונדז אנטקעגן, און דווירע איז געבליבן שטיין מיט א צניעסדיק פארנייגטן קאָפּ, פּונקט אזוי, ווי מיט עטלעכע ווײַלעס פריִער איז זי געשטאנען אף דער בינע אנטקעגן איר טאמעוואטן פּארטניאָר און אויסגעפרווּוט אף אים די קראפט פון איר פרויען־רייץ. דערנאָך האָט זי מיט אימפּעט א לאָז געטאָן זיך צו אונדז, א טשמאָקע געטאָן מיך, א צי געטאָן זיך אף די שפּיץ פינגער צו יויסעפן, איבערגעלאָזט אף ביידנס בֱאקן רויטע רינגעלעך און באלד אליין מיט א טיכעלע גענומען זיי אָפּווישן.

איצט, ווען מײַנע האָר זײַנען גראָוו... דווירע בורשטין, וועלכע קומט צו מיר אָפּט ארײַן, קאָן מיר ניט מוחל זײַן מײַנע גראָווע האָר. ס'איז דאָ, זאָגט זי, כימיע אף דער וועלט. עס מאכט ניט אויס, וואָס פון שטענדיק אָן האָב איך פארמאָגט שווארצע האָר. אף בלאָנד, זאָגט דווירע, דארף איך זיי פארבן. קיין זאך מאכט ניט א פרוי אזוי יונג, ווי בלאָנדע האָר. אנומלט האָב איך זיך ניט ארומגעזען, ווי דווירע האָט בא מיר ארויסגעצויגן אלע שפּילקעס און צעלאָזט מיר די האָר איבער די אקסלען.

— זע נאָר, — האָט זי זיך פארווּנדערט, — לאנג... און געדיכט. מע דארף זײַן א בעריע אויסצודרייען פון אזא שעפּע א פּײַג אפן נאקן.

זי איז גערעכט, דווירע בורשטין. איך בין אָבער אויך ניט אומגערעכט. ווײַל יעדערער איז אזא, ווי ער איז. בלײַב איך בא מײַנע גראָווע האָר. איז איצט, ווען די האָר מײַנע זײַנען גראָוו, פארשטיי איך שוין, אז מײַן אייפערזוכט איז געווען גליק, און טאָמער האָבן מיר איבער גאָרנישט מיט נישט אמאָל זיך צעווערטלט מיט יויסעפן, האָט עס אויך קיין אנדער נאָמען ניט, ווי גליק. און דאָס „לײַען א דרײַערל אף שאבעס", ווי עס האָט בא אונדז געהייסן, איז אויך קיין אומגליק ניט געווען.

...בײַעלע איז בא אונדז שטארק קראנק געווען. אן אויפעלע, אכט כאָדאָשים סאכאקל, דער דאָקטער האָט געהייסן א קײַלעכדיקן מעסלעס ניט אָפּלאָזן זי פון אויג און יעדע שאָ געבן איר א לעפעלע צוגעזיסטע וואסער. באם אָנקומען פון דער נאכט האָב איך געזאָגט צו יויסעפן:

— לייג זיך צו אף א פּאָר שאָ. דערנאָך וועל איך דיך אופוועקן, וועסטו זיצן.

— ניין, — האָט ער מיר געזאָגט, — לייג זיך דו פריִער צו, דערנאָך וועל איך זיך צולייגן און דו וועסט זיצן.

אזוי האָבן מיר זיך געאמפּערט און געבליבן ביידע זיצן א גאנצע נאכט בא בײַעלעס בעטעלע. יעדעס מאָל, ווען דער גרויסער ווײַזער אפן וואנטזייגער האָט זיך אָפּגעשטעלט אף דער ציפער 12, האָט איינער פון אונדז שטיל א זאָג געטאָן: „שוין צײַט", און ביידנס העגט האָבן זיך א צי געטאָן צו דער מארליע, מיט וועלכער ס'איז געווען איבערגעדעקט די גלאָז צוגעזיסטע וואסער. דערנאָך זײַנען מיר ווידער געזעסן שווײַגנדיק. אונדזערע בליקן האָבן זיך נאָר באגעגנט אף בײַעלעס פּענעמל, וואָס איז פאר איין נאכט געל און אײַנגעשרומפּן געוואָרן. א פּענעמל פון א פּיצל קינד און ווי פון אלטקײַט אויסגעטריקנט. איז יענע נאכט אויך

געוועזן גליק. איך פֿאַרשטיי עס פֿון דעם, ווי?אַזוי זי שווימט אויף אין מײַן זיקאָרן, די נאַכט. ניט קיין ווייטעק, ניט קיין שרעק. אַ וואַרעמער ציטער נעמט מיך דורך. דער ציטער פֿון גליק.

2

דווירע בורשטין קומט צו מיר אָפֿט אַרײַן. אַמאָל אַליין, אַמאָל מיט מישע גרין. צו מישען האָט דווירע קיינמאָל ערנסט זיך ניט באַצויגן. מיר דוכט, אַז אויך איצט אַזוי, כאָטש זי איז זײַן ווײַב. כאַסענע געהאַט, ווען אַלע שיפֿן זײַנען איר אונטערגעגאַנגען. ער אַרבעט אַלס רעזשיסער. זי? זי איז אַ געוועזענע אַקטריסע.

ווען דווירע מיט מישען קומען צו מיר זאַלבענאַנד, דוכט זיך מיר, אַז יעדערער פֿון זיי איז דאָ איינער אַליין. דער באַריידעוודיקער מישע איז מאָדנע שווײַגעוודיק, ווען דווירע איז דערבײַ. קומט ער אַליין, דערציילט ער אָן אַ שיר קאָמישע געשיכטעס. איינע יאָגט אָן די צווייטע: „לאָז מיך, איך בין אַ שענערע מײַסע". מישע שפּילט אויס יעדן נעפּעש, וועגן וועלכן ער דערציילט, זאָל עס זײַן אַ מענטש, זאָל זײַן אַ באַלעכײַ. מיר דער־ציילט ער אויף ייִדיש, מײַן טאָכטער און מײַן איידעם, אויב ער טרעפֿט זיי באַ מיר, דערציילט ער אויף רוסיש. זיי האָבן אים ליב. זיי האָבן ליב זײַנע מײַסעס. מײַן אייניקל, ווי נאָר ער דערזעט מישען, רופֿט ער אויס בעקאָל־ראָם: „דער פֿריילעכער פֿעטער איז געקומען!"

באַ אים איז אָן אָפּגעהאַקטער אָטעם, באַם „פֿריילעכן פֿעטער". ער איז אַ ביסל צו דיק. לויט דער אַלטער געוווינהײַט שטעלט ער נאָך אַלץ ווויליונגעריש אַרויס די ברוסט באַם גיין (ווען דווירע איז ניטאָ דערבײַ). ער זעט געוויס ניט, אַז דער זייער פֿײַנער אָנצוג, אָן אַ פּגימעלע, זיצט אויף אים, ווי אויף אַ יוירעד. אַפֿילע דאַן, ווען זײַן ברוסט באַצירן די קאָליר־טע סטענגעלעך, וואָס פֿאַרבײַטן דעם אַקטיאָרישן אָרדען און די מילכאָמע־אויסצייכענונגען. געוויס דערמאָנען אים די סטענגעלעך גאָר גרויסע גע־שעענישן. איך בין אָבער כוישעד, אַז אָפֿט זעט ער זיך בייסמײַסע אין זײַנע ברייטע הויזן מיט די פּילקאָליריקע לאַטקעלעך, וועלכע קימאַט אַלע מיידלעך פֿון דער סטודיע האָבן פֿאַר אים צונויפֿגעשטוקעוועט.

אין מישעס אויגן האָט זיך פֿאַרגאַנוועט אַ טרויער און פּעסט זיך באַ־זעצט דאָרט. מײַנע קינדער לאַכן, בייס מישע דערציילט און שפּילט אויס זײַנע פֿריילעכע מײַסעס. מיר לאַכט זיך ניט. איך זע, ווי אַ פֿאַרטײַעטער אין אַ ווינקל פֿון אויג, טרײַבט איבער אים קאַטאָוועס דער טרויער. זײַן אַרט, ווייסט ער, איז דאָרט געזיכערט.

דווירע בורשטין לייגט ווייניק אַכט אָפּן נײַעם אויסדרוק פֿון מישעס אויגן. דאָס רעכט צו בענקען נאָך דער בינע לאָזט זי איבער נאָר פֿאַר זיך אַליין. און קיינער טאָר פֿון דעם ניט וויסן. פֿאַרקערט, זי זאָגט באַ יעדער געלעגנהײַט: „פֿרי?ער אָדער שפּעטער מוז מען דאָך פֿאַרלאָזן די בינע".

אין דער יוגנט האָט מיר איינע אַן אַקטריסע אַ ניט־פּאַרגינערן געזאָגט וועגן דוווירע בורשטין:

— מיט אַזאַ שנוקעלע, מיט אַזאַ פּיסקעלע וועט זי אײַנעמען אַ וועלט.

די וועלט, וואָס דוווירע בורשטין האָט אײַנגענומען און באַ וועלכער זי האָט אויסגענומען, איז פּאַרטיליקט געוואָרן. באַ איר ווײַט ניט נאָכגי־ביקער נאַטור איז איר צו פרי אויסגעפאַלן דער גורל אונטערצוגעבן זיך. שפּריצן אירע אַמאָל פריילעכע קלוגע אויגן מיט בייזקײַט. אָנטרעפן אַף איר שאַרף צינגל, וואָס האָט אין דער יוגנט איר צוגעגעבן אַזויפיל כיין, איז איצט אַ סאַקאַנע.

דוווירע לאָזט ניט דורך קיין איין ספּעקטאַקל אין אונדזערע שטאָטישע טעאַטערן. דערנאָך, אין אַ היימישער סוויוווע, צעגלידערט זי דעם ספּעק־טאַקל אַף פּיץ־פּיצלעך, צעשמעטערט אים מיט גרויס האַנאָע.

יעדן יאָר, ווען מישע באַקומט אורלויב, פאָרן זיי ביידע קיין מאָסקווע אַ קוק טאָן די נײַסטע פאָרשטעלונגען. אַהיים קערן זיי זיך אום אָפּגע־פרישטע, יינגער געוואָרענע: נאָר ווען מע פרעגט דוווירען, וואָס האָט זי געזען גוטס, טוט זי אַ קוועטש מיט די אַקסלען. און ווען עס קומט צו רייד וועגן אַ באַרימטער אַקטריסע, כאַפּט זי זיך אַזש פאָרן קאָפּ:

— אוי, וואָס די דאָזיקע דערלויבט זיך עס אַף דער בינע! אַבי דער נאָמען גייט איר פאָרויס.

אויב מישע האָט צײַט, כאַפּט ער זיך אַרײַן צו מיר אָן דוווירען. ער הייבט אָן מיט אַ שטילן זיפץ:

— דוווירע איז גערעכט. ווייניק גוטס געזען. גאָר ווייניק. געפאַלן די קונסט פון רעזשי. דאָס קאָן מען ניט לייקענען. אָבער מע זוכט...

מישע נעמט מיר דערציילן וועגן אַ שטעלונג, וואָס איז אים געפעלן געוואָרן, אָדער וועגן דער שפּיל פון אַ גוטן אַקטיאָר. פון אָנהייב אײַנגע־האַלטן, אָפּגעלײַבנדיק ווערטער, פּונקט ווי ער זאָל מוירע האָבן, אַז דוווי־רע הערט זײַנע רייד. שפּעטער פאַרגעסט ער זיך און נעמט פאַנאַנדער־וויקלען פאַר מיר מיט היסלײַוועס אַ בילד נאָך אַ בילד, אַ סצענע נאָך אַ סצענע.

דוווירע בורשטין זוכט אויס כעסרוינעס באַ אַלטע פרײַנט. אַפילע באַריס סעמיאָניטשן שוינט זי ניט. דעם, וואָס האָט זי, אַ זעכצניאָריקע, אַרויסגענומען פון אַ קינדערהיים און געמאַכט פאַר אַן אַקטריסע.

איינמאָל האָט מיך דוווירע געפרעגט ווי וועגן אַ רעטעניש, פאַרוואָס האָט די און די אַקטריסע באַקומען באַ באַריס סעמיאָניטשן אַזאַ און אַזאַ ראָל. און באַלד טאַקע אַליין די רעטעניש פאַרענטפערט:

— ס'האָט איר געקאָסט ניט טײַער...

„אַ יענטע איז זי געוואָרן. אַ פּראָסטע יענטע", — האָט זיך מיט ווייטעק אין מיר אָפּגערופן. איך האָב ניט אויסגעהאַלטן:

— שעמען מעגסטו זיך. אַפילע ווען ס'איז אַזוי...

איך האָב דערפילט אַף זיך דוווירעס מאָדנע אומבאַוועגלעכן בליק.

— דיר איז גוט, — האָט עפּעס אין איר ווי געפּלאַצט, — דו אַרבעטסט.

## 3

אין יויסעפס פיעסע האָב איך צום ערשטן מאָל געזען דווירע בורשטין ערשט דאַן, ווען דער טעאַטער האָט זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע אַהיים. איך האָב מײַנע אויגן ניט געגלייבט. גאָרנישט פון דער אַקטריסע דווירע בורשטין. זי האָט קאָפּירט יעדע אינטאָנאַציע פון מירע זאַקס, יעדע באַוועגונג. אַ טרײַע דובליאָרשע, אָבער ניט מער. שפּעטער, הינטער די קוליסן, האָט דווירע געוויינט אױף מײַן אַקסל:

— דיר געפעלט ניט. דאַרפסט מיר ניט זאָגן... איך ווייס, אַז דיר געפעלט ניט. איך האָב די ראָל ניט געטאָרט נעמען. צו שטאַרק האָב איך ליב געהאַט מירע זאַקס. זי שטייט מיר שטענדיק פאַר די אויגן. נאָר ווען איך טראַכט איך. זי האָט מיך אינגאַנצן פאַרשקלאַפט.

אין צוויי וואָכן אַרום איז דווירע אומגעריכט אַרײַנגעפלויגן צו מיר אין שטוב. איך בין ערשט געקומען פון דער אַרבעט.

— טו זיך אָן! קום! נו, גיכער שוין! — זי האָט האַסטיק פאַנאַנדערגעעפנט מײַן קליידער־שאַפע. — כ׳וועל איבער דיר ניט באַווײַזן אפילע צו פאַרגרימירן זיך.

דאָסמאָל האָב איך דערקענט דווירע בורשטין, די אַקטריסע, וואָס איך ניט הויכע, שטשופּלע פיגור האָט באַלד בײַ דעם ערשטן אויפטריט פאַרפולט די גאַנצע בינע.

אַ בלייכע, מיט גרויסע טראָפּנס שווייס אויף פּאָנעם, אויסגעמישטע מיטן גרים, האָט מיך געטראָפן הינטער די קוליסן דווירע.

— נו? — האָט זי מיך געפרעגט און אויסגעשעפּטע, מיט אַ מידער שטים. — איך ווייס, איך ווייס אַליין. הײַנט האָט מיר מירע ניט געשטערט. — און אָן אופגעלעבטע, מיט איר געוויינלעכן שטיפעריש שמייכל: — דײַן יויסעף איז מיר הײַנט באַנאַכט געקומען צו חלום. ערנוואָרט. דערפאַר האָב איך גוט געשפּילט.

איצט האָב איך מוירע אין דווירעס קעגנוואַרט צו דערמאָנען מירעס נאָמען. איך האָב מוירע, זי זאָל אויך ווען איר זאָגן ניט גוט...

עס טרעפט, אַז דאַפקע דאָס הייליקע אין אים האַלט אַ מענטש פאַרשפּאַרט הינטער זיבן שלעסער. מײַן טאַטע האָט עס פאַרשטאַנען. אפילע אױף יאָשע דעם קאָלטון, פון וועלכן ס׳האָט געוויצלט די גאַנצע גאַס, האָט מײַן טאַטע געפונען אַ זכות: „אַ פאַרביטערטע נעשאָמע. אַז בעטעווע איז ער גאָר אַ גאָלדענער מענטש". און איך... איך האָב ניט פאַרשטאַנען, אַז דווירעס האַלטן זיך די לעצטע יאָרן — דאָס איז רעכילעס אױף זיך אַליין.

ווי אַזוי איז דאָס יענעם אָוונט, הארט פאַר מײַן אָפּפאָרן צו עסטערן, געקומען צו רייד וועגן מירע זאַקס? איך האָב זי דערמאָנט אָדער מישע?

— קיינער ווייסט ניט, ווען איז איר יאָרצײַט, — האָט געזאָגט דווירע. זי איז אַ ווײַלע געזעסן פאַרטראַכט, דערנאָך גענומען זינגען. אויסגעזונגען אַ ליד, וואָס מירע זאַקס האָט אויסגעפּילט אין איינעם אַ מוזיקאַלישן ספּעקטאַקל נאָך אין דער סטודיע. אױף דווירען האָט אַראָפּגענידערט דער רועך־האַקוידעש. אָנגעהויבן, האָט זי זיך שוין ניט געקאָנט אָפּשטעלן.

ניט אופהייבנדיק זיך פון אָרט, באַם טיש מיט די אָפּגעקילטע גלעזער טיי, האָט זי אויסגעזונגען די גאַנצע פּאַרטיטור פונעם ספּעקטאַקל.

מישע האָט ניט אונטערגעכאַפּט דווירעס געזאַנג. נאָר די פינגער האָבן זיך בײַ אים באַוועגט צום טאַקט אויפן אָנלען פונעם ווייכן שטול, אין וועלכן ס'איז געווען אײַנגעזונקען זײַן שווערלעכער גוף. ער האָט אונטערגעשפּילט דווירען מיט די פינגער, און זײַנע גוטמוטיקע ליפּן האָבן זיך באַוועגט אין פֿײַנלעכער גלוסטעניש.

דווירע האָט געענדיקט. א פּיר געטאָן מיט דעם נאָזטיכל איבער די אויגן. ארויס פון צימער.

מישע האָט זיך אָנגעבויגן צו מיר אריבערן אָנלען פון שטול.

— זי גרייט א פּראָגראַם,— האָט ער מיר פאַרטרויט.— שוין צוויי יאָר. אליין פאַר זיך. און אָן א רעזשיסער... איך העלף איר א ביסל.

יענעם אָוונט איז מיר צום ערשטן מאָל אײַנגעפאַלן, אַז מישע איז עפּשער גאָר ניט קיין נאַרציס, ווי ס'האָט זיך געקאָנט אויסווײַזן. אַן עלנטער מענטש איז ער. פון שטענדיק אָן, זינט איך געדענק אים, איז זײַן אָרט געווען „לעבן". לעבן באָריס סעמיאָניטשן, לעבן יויסעפן, יעכיעל גאָלדבערגן. ביז ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ מאַדרייגע, ווען אַן אַקטיאָר קומט אויס צו אָפּט צו פאַרענטפערן זיך פאַר זײַנע באַקאַנטע: „אין דעם ספּעקטאַקל בין איך ניט פאַרנומען". א שיינער, א באַגאַבטער, א ליבלינג פון פרויען, איז ער אויך אין זײַן פּריוואַטן לעבן געווען פריִער לעבן מירע זאַקס, איצט איז ער לעבן דווירע בורשטין. און זיי, די פּילצאָליקע „ליבעס" זײַנע? פּוסטע שטרוי. עפּשער האָט מען מיט מישען געזינדיקט, נאָר ליב געהאַט האָט אים בלויז איין פרוי, עסטער וויגדאָרטשיק. איז דאַפקע מיט איר איז ער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. דערפאַר מיסטאַמע, וואָס זיי זײַנען צו ענלעך געווען.

מישע פאַרמאָגט א פרויען־נאַטור, וואָס זוכט, צו וועמען זיך צוטוליען. ווען ער פאַרבלײַבט מיט עסטערן, וואָלט זי געווען „לעבן", ניט ער, עס וואָלט עפּשער געווען פאַרביידן גלײַכער. וויפל קאַטאַסטראָפעס וואָלטן זיי ביידע אויסגעמיטן... אָבער צי ווייסט א מענטש, וואָס פאַר אים איז גלײַכער? און צי קאָן איבערהויפּט וועגן דעם אורטיילן א זײַטיקער?

בײַ עסטערן איז שוין דער פערטער מאַן. דער דריטער איז געווען דער, מיט וועלכן זי האָט צוזאַמען אומגעקערט זיך פון פראָנט. אַן אָפּ־שטאַמיקער פון אַלמאַ־אַטאַ. האָט זי באַזעצט זיך דאָרט מיט אים און מיט זײַן צעניאָריק טעכטערל. „אַבדילדאַ איז מײַן בעסטער מאַן,— האָט מיר געשריבן עסטער באַלד נאָך דער מילכאָמע.— און דאָס מיידעלע, וואָלסט זי אָנקוקן. וואָס פאַר א ליכטיק קינד דאָס איז".

אַבדילדאַ האָט געליטן פון שרעקלעכע קאָפּווייטעקן — א נאָכווייעניש פון א שווערער קאָנטוזיע. גאַנצע צען יאָר האָט אים עסטער געפּלעגט און געקעכלט, ביז ער איז אויסגעגאַנגען אויף אירע הענט.

און דאָ, בײַ זײַן טויטן־בעט, האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען אַבדיל־דאַס זון, א מענטש פון א יאָר פינף און צוואַנציק. ער האָט אַלע יאָרן געלעבט מיט דער מוטער, מיט וועלכער אַבדילדאַ איז זיך פאַנאַנדערגע־גאַנגען נאָך פאַר דער מילכאָמע.

פון דעם פאָטערס צווייטן ווײַב, פון עסטערן, האָט דער זון ניט גע־וואָלט הערן און געדענקען.

נאָך עטלעכע טעג פון געמיינזאַמע טרויעריקע זאָרגן, וועלכע זײַנען אומפאַרמײַדלעך באַם ארויסבאַגלייטן א מענטש פון צווישן די לעבעדיקע, האָט זיך אבדילדאס זון, ווײַזט אויס, ארומגעזען, אז ער האָט גאָרנישט קעגן עסטערן. ער האָט איר אפילע פאַרטרויט, אז זײַן מאַמע איז שווער קראַנק. זײַן פרוי וועט סאָפּקאָלסאָף אויסקומען צו פאַרלאָזן איבער דעם די ארבעט.

זײַן פרוי האָט די ארבעט ניט פאַרלאָזט. און איך האָב אָנגעהויבן צו באַקומען אָפּטע בריוו פון עסטערן: „הײַנט האָט אײַגיז אָן מײַן הילף גענומען א לעפל אין האַנט"; „אײַגיז איז שלעכט געשלאָפן באַנאַכט"; „אײַגיז האָט געפרעגט: „ווער זײַט איר?" אזוי א יאָר נאָכאַנאַנד. ביז איינמאָל האָט מיר עסטער מודיע געווען, אז אויס. ניטאָ אײַגיז. גע־שטאָרבן באַם פּולן באַוווּסטזײַן. פאַרזאָגט דעם זון און דער שנור, זיי זאָלן זאָרגן פאַר עסטערן.

דערנאָך האָט עסטער מיר אופגעהערט שרײַבן. איך ווייס ניט, ווי דאָס איז געשען, נאָר איך האָב אויך ניט געשריבן. און אזוי האָבן מיר פאַר־לאָרן איינע די אנדערע פון אויג. פלוצעם, נאָך אָן איבערײַס פון עלף יאָר, באַקום איך א בריוו. עסטער לאַדט מיך אײַן אף זומער צו זיך.

עס לעבט זיך איר גוט,— שרײַבט זי.— איר מאַן איז זייער א ווילער מענטש. און זעקס אייניקלעך האָט זי. פון אבדילדאס טאָכטער, וואָס זי האָט אויסגעהאָדעוועט, און פון דעם זון, מיט וועלכן זי האָט זיך באַקאַנט באַ זײַן טויטן־בעט. „מײַנע אייניקלעך,— שרײַבט מיר עסטער,— זײַנען טײַערע קינדער. זייער געראָטענע. איך בין א באַלן, דו זאָלסט זיי אָנקוקן".

אוואַדע בין איך א באַלן אָנצוקוקן עסטערס אייניקלעך און אירע קינ־דער און איר מאַן — דעם פּראָטעזיסט, מיט וועלכן זי האָט כאַסענע גע־האַט קאָרעוו צו זעכציק. און עסטערן וויל איך זען. איך האָב קיין פּיצל כאַראָטע ניט אף דער פּוטיאָווקע באַם שוואַרצן יאַם, וועלכע איך האָב אומגעקערט. א גאַנצן כוידעש וועל איך געניסן פון עסטערס גוטסקײַט. איך וועל זיך אין איר שפּיגלען, אין מײַן כאַוועריטע, וועלכע איז אזוי פֿײִק צו זײַן גליקלעך און גליקלעך מאַכן יענעם.

4

...פאַרוואָס בין איך עס דאַן א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן? געביסן זיך די הענט און שטיל, אין זיך, געוויינט?

בײַעלע איז אַלט געווען פערצן יאָר. איך האָב זיך פאַרקאַמט די האָר און מיטאַמאָל דערזען זי אין שפּיגל.

— בײַעלע, האָסט דאָך מיך שוין קימאַט ווי דעריאָגט אין וווּקס.

— מאַמע, האָסט פאַרגעסן, אז באַ דיר איז הויכע קאָרקעס.

אַך. אזוי גאָר? איך טו שנעל אויס ד[illegible]יך. מיר שטייען ביידע אין איינע זאָקן, איך און בײַעלע, און מעסטן זיך אַנטקעגן שפּיגל.

— יאָ, עס פעלט דיר טאַקע גאָר, גאָר...
— עס פעלט ניט. ביידע גלײַך, ביידע גלײַך, — זינגט אויס מיט ניצאָכן בײַעלע.
זי ליגט שוין אין בעט. די קאָלדרע ארופגעצויגן ביזן סאמע גאָמבעלע, די עקן פארשטעקט ארום האלדז — א געוווינהײַט פון די עוואקואציע־יאָרן, ווען אין צימער איז געווען קאלט.
— מאמע, א גוטע נאכט!
— א גוטע נאכט, מײַן גאָלדעלע!
איך זעץ זיך צום שרײַבטיש, נעם פאנאנדערלייגן מײַנע פאפירן, און דאָ דערהער איך:
— לענקעס מאמע האָט כאַסענע געהאַט.
אַן איבעראשטע פון דער היציקײַט, מיט וועלכער בײַעלע האָט מיר עס אונטערגעטראָגן, פרעג איך:
— פונוואַנען ווייסטו? לענקע האָט דיר געזאָגט?
— איך ווייס. איך בין ארײַן נאָך די לימודים, האָב איך געזען. כריס־טאָס אליין האָט ארײַנגעלייגט צו זיי אין קאָמאָד זײַנע העמדער. און די שקארפעטקעס אויך.
כריסטאָס... אזוי האָבן בײַעלעס און לענקעס כאווערטעס אָנגערופן דאָס מענטשל אינעם שמוציקן שינעל, וועלכער האָט געטראָגן א מאָדנעם נאָמען כריסאנף אריסטארכאָוויטש... דאָס לינקע אויג איז בא אים שטענ־דיק געווען צוגעזשמורעט, דאָס רעכטע האָט געזען פאר א מײַל. יעדן אָוונט פלעגט ער פון ערגעץ קומען צו אונדז אין הויף. אָנטראָגן וואסער, אָנהאקן האָלץ פאר לענקעס מאמע און דערנאָך ארײַנגיין צו איר אין שטוב מיט א פארעוועע פאָנעם פון א מאָנאך אָדער א סאָריס. ארײַנגיין. נאָר ארויסגיין האָב איך אים קיינמאָל ניט געזען. ווי דורכן קוימען וואָלט ער ארויסגעפלויגן. שוין איבער א האלב יאָר, אז מיר זעען אים בא אונדז אין הויף, נאָר קיין איין מענטש האָט ניט געהערט זײַן קאָל. ניט קיין דערוואָקסענעם, ניט קיין קינד האָט ער נאָך קיינמאָל קיין וואָרט ניט געזאָגט. די דערוואָקסענע ווי די דערוואָקסענע... די קינדער האָבן אים אלע באלד פײַנט געקראָגן, ווי נאָר ער האָט זיך דאָ באוויזן. זיי האָבן אים פײַנט און האָבן פאר אים מוירע.
מיט אַן אונטערגעהויבענער קני רוקט בײַעלע אומגעדולדיק אראָפּ פון זיך די קאָלדרע.
— נו, מאמע, וואָס קוקסטו אָף מיר אזוי? דו קענסט דאָך אים, כריס־טאָס יסוסאָוויטש. דער זאַיקע אָף איין אויג. זיי האָבן ארויסגעוואָרפן די פאָטאָגראפיע פון לענקעס טאטן. איך האָב גלײַך דערזען. זי איז שטענ־דיק געשטאנען אפן קאָמאָד. און הײַנט איז זי ניטאָ.
איך זיץ בא מײַן שרײַבטיש. אין צימער איז שטיל. צו מיר דערטראָגט זיך בײַעלעס רויקער אָטעם. ווײַזט אויס, אנשלאָפן געוואָרן. איך זיץ, און קיין איין אָס קומט ניט ארויס פון אונטער מײַן פען. עס קריכן מיר אלץ אין קאָפּ לענקעס מאמע, כריסאנף אריסטארכאָוויטש...
מײַן געדאנק קערט זיך נאָכאמאָל און ווידעראמאָל אום צו בײַעלען. פון וואָס איז זי עס הײַנט אזוי אופגערודערט? וואָס גייט איר אזוי אָן

לענקעס מאמע? זי האָט מיך שוין דעריאָגט אין וווקס, מייַן טאָכטער. און אייגענע זאָרגן האָט זי, מיט וועלכע איר איז שווער צו ספּראַווען זיך. און דאָך באַהאַלט זי זיי פון מיר אויס. א טאָגבוך האָט זי זיך פארפירט. וואָס פארשרייַבט זי אין אים? אין איינעם א פרימאָרגן האָב איך דערזען אָפּן טיש א פארגעסן זייַטל פּאַפּיר. קעגן מייַן ווילן האָט מייַן בליק אופגעכאַפּט עטלעכע שורעס, פארשריבענע מיט גרויסע אויסיִעס, וואָס זייַנען זיך צעלאָפן אין א דיִאַגאָנאַל איבער די פּיצינקע קעסטעלעך פון דעם אריפמעטיק־העפט:

„א שוידער! א שוידער! איך ווייס ניט, אין וועמען פון זיי איך בין פארליבט. טיילמאָל דוכט מיר, אז איןביידן גלייַך. אוי, מיסטאמע בין איך זייער א פארדאָרבענע...”

עפּעס האָט מיך געצווונגען אומצוקוקן זיך. נו יאָ, בייַעלע שלאָפט גאָר ניט. זי קוקט אַף מיר מיט אירע לענגלעכע שווארצע אויגן. דער שניט, ווי בא יויסעפן, דער קאָליר — מייַנער.

— מאמע, ווען דער טעאטער וועט זיך אומקערן, וועט מען דעם טאטנס פּיעסע שפּילן?

שוין א גרויסע, מייַן טאָכטער. און א קינד. זי איז געוווינט צו טרויען דער מאמען, נאָר עס מאטערט זי א כשאד. א דערוואָקסענער. טאָמער... פאר איר איז יויסעף א הייליקער שאָטן. פאר מיר איז ער א לעבעדיקער מענטש. ווי גיט מען עס צו פארשטיין מייַן קינד?

בין איך יענע נאכט ניט געשלאָפן. שטיל, אין זיך, באוויינט מייַן פארפאלן געוואָרענעם מאן. ער איז שטענדיק מיט מיר, און דאָך מוז איך אים זוכן. אזא איז מייַן גוירל.

## 5

איך שרייַב בריוו. איך ווייס ניט די נעמען פון די מענטשן, צו וועלכע איך שרייַב. נעמען פון אנשטאלטן ווייס איך. און דאָרטן זיצן מענטשן. און זיי אלע האלטן אין איין ענטפערן, אז, צום באדויערן... ניטאָ יויסעף. קיינער קאָן אים אָבער בא מיר ניט אָפּנעמען. ווען ס'וועט מיר גאָר שווער, שווער פון בענקשאפט נאָך אים, געפין איך א טרייסט אין אים. און אן אייצע גיט ער מיר, יויסעף, די איינציק ריכטיקע.

עס מאכן זיך פארשיידענע צייַטן. ביפראט, אז מע איז אליין און מע האָדעוועט א קינד. און דאָס קינד איז שוואך אין געזונט. האָב איך זיך דערמאָנט וועגן איינער א פרוי, וואָס האָט פאר דער מילכאָמע פארנומען א וויכטיקן פּאָסטן בא אונדז אין שטאָט. זי האָט געקענט יויסעפן. איך האָב געהאָפט, אז עפשער האָט זי אויך מיך פארגעדענקט. אזויווי זי האָט אין מאָסקווע געארבעט אין א סאָלידער צייַטונג, האָב איך איר אָנגעשריבן. פאָרגעלייגט מייַן מיטארבעטערשאפט. זי האָט מיר באלד געענטפערט. טרוקן, אָפיציִעל, אַף א בלאנק פון דער רעדאקציע. נאָר געענטפערט האָט זי. נאָך מער, איר ענטפער האָט אויסגעזען, ווי א באשטעלונג. בא אונדז אין שטאָט וווינט א פארדינסטפולע לערערקע, די און די, זאָל איך וועגן איר

אָנשרײַבן. איז וואָס פארא טײַנעס האָב איך געקאָנט האָבן צו דער ווייניק באַקאַנטער פרוי? אַדעראַבעו, ביז איצט האָב איך פאַרהיט מײַן דאַנקבאַר־קײַט צו איר. אײַ, זי האָט זיך ניט נאָכגעפרעגט אַף יויסעפּן? איז עפּשער האָט זי געטראַכט, אַז אַזוי איז גלײַכער.

א באַפליגלטע פון האָפענונגען, בין איך נאָך דעם זעלבן טאָג אַוועק־געלאָפן צו דער פאַרדינסטפולער לערערקע.

— אַרײַן! — האָט מיר געענטפערט פון יענער זײַט טיר א באַס.

איך קום אַרײַן און דערזע פאַר זיך ניט די באַלעבאָסטע, נאָר, ווײַזט אויס, אירן א פּאָרטרעט.

אַף א גרויסן לײַוונט, באַ א מעטער די הייך, אין אײַנגעמאָסטעטן אַף א מאָלבערעט, זיצט אַף א פירקאַנטיקן טאָרס א קײַלעכדיקער קאָפּ. דעם צענטער פונעם פּאָרטרעט בילדעט אַן אָרדען אַף דער לינקער זײַט פון דער ברוסט, אַן אַרומגענומענער מיט א בוילעטן קאָנטור, און אַן אוני־ווערסיטעט־צייכן דערבײַ. דער הינטערגרונט פון דעם בילד איז א שמור־ציק־גרויער, דער זשאַקעט, וואָס נעמט אַרום דעם טאָרס, ווי א מונדיר, איז פון דעם זעלבן קאָליר. נאָר דאָס פּאָנעם, א פּאָנעם פון אַן אַלטער פרוי מיט אַראָפּהענגענדיקע באַקן, איז געמאָלט מיט ראָזער פאַרב. פון דעם זעט אויס דאָס געזיכט אָפּשטויסנדיק־פלייִשיק. געזעסן איז די פרוי אַפן לײַוונט אַזוי, ווי זי וואָלט קיינמאָל גאָר אין לעבן ניט געשטאַנען, ניט געגאַנגען — אַוועקגעזעצט זיך און זיצט, זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. און די פאַרב אַפן לײַוונט אויך אַזוי — קיין מינדסטע באַוועגונג. גלאַט און גלאַנציק.

באַ דעם מאָלבערעט איז געשטאַנען מיטן רוקן צו מיר א מענטש מיט א פּענדזל אין דער האַנט. א הויכער, א קרעפּטיקער, אין א ברוינער וועל־וועט־קורטקע. דעם קאָפּ מיט די לאַנגע האָר פאַרוואָרפן אַף אַהינטער, האָט ער געקוקט אַפן לײַוונט. איך האָב געפּרוווט טרעפן, צו וועמען געהערט דער באַס, דעם מענטש מיטן פּענדזל, אָדער צו זײַן מאָדעל, פון וועלכער איך האָב דערווײַל געזען נאָר א פּאָר מעכטיקע פיס אין טעמפּ־נעזיקע שיך מיט לאַנגע בענדלעך־שלייפן. איך האָב זיך צוגעצײַלט אָנזאָגן די פיס, ווער איך בין און נאָך וואָס איך בין געקומען.

— פון רעדאַקציע? — האָט זיך מיט מיר דערפרייט דער זעלבער באַס, וואָס האָט מיך פאַרבעטן אין צימער. ניט פרעגנדיק קיין קאַשעס באַם מענטשן מיטן פּענדזל, איז די לערערקע אַרויס פון הינטער דעם מאָל־ברעט. — גייט ניט אַוועק. נישקאָשע, ער וועט צווואַרטן. — מיט א קיניג־לעכן זשעסט האָט זי א ווײַז געטאָן אַפן מאָלער. — קום דערלעבט צו זען א לעבעדיקן מענטש.

מײַן אָנגעהעריקײַט צו דער צײַטונג־וועלט האָט אַרויסגערופן אינטע־רעס אויך באַם מאָלער. ער שטייט שוין צו מיר מיטן פּאָנעם. אַן אַרטיס־טישער אויסזען. נאָר די הויט אַפן פּאָנעם איז באַ אים אַן אומאָנגענעם־גלאַנציקע, צי פון שווייס, צי פון פעטס, פונקט ווי זײַן מאָלערײַ. און דער קוק — אָט־אָט וועט ער נעמען אונטעררוינקען, ווי מיר וואָלטן ביידע געהערט צו איין פאַרשווערער־באַנדע.

— ניין, איך בין אריַין אף א ווײַלע, — פארזיכער איך די באלעבאָס־טע, — צוגויפריידן זיך וועגן א באגעגעניש. איך וויל אײַך ניט שטערן.

דער ארטיסט פארנייגט גאלאנט דעם קאָפּ און גיט מיר צו וויסן מיט באשיידענעם שטאָלץ:

— א באשטעלונג פאר דער רעפובליקאנישער אויסשטעלונג.

איך בין ארויסגעלאָפֿן אף דער גאס, ווי עמעצער וואָלט מיך נאָכגע־יאָגט. ערשט צוקומענדיק צו דער שטוב, האָב איך זיך געכאַפּט, אז איך האָב, אייגנטלעך, ניט, וווהין צו אײַלן זיך. דאָס האָט זיך מיר אינדערפרי געדאכט, אז איך בין שטארק פארנומען. אָט וועל איך גיין. אָט וועל איך זיך באקאנען מיט דער לערערקע, און באלד אונטערן פרישן אײַנדרוק וועל איך וועגן איר אָנשרײַבן. אָבער איצט? א פארדינסטפולע... אָהאָ, בא אזא האָבן די קינדער מוירע דעם קאָפּ אופצוהייבן. זיצן אין קלאס, ווי סאָלדאטן.

„פרעג בא זיך אליין, — אזוי דוכט מיר, זאָגט צו מיר יויסעף: — צי קאָנסטו שרײַבן גוטס וועגן דעם, וואָס איז ניט עכט, געמאכט, אופגע־בלאָזן. א פעלדמארשאל האָסטו געזוכט, צי א לערערקע?״

איך האָב שוין געהאט ארײַנגעטאָן דעם שליסל אין דער שלאָס־לאָך, נאָר מײַן האנט האָט זיך ניט אײַנגעשטעלט אים א דריי צו טאָן. איך האָב דערזען פאר זיך יויסעפן.

אומזיסט האָב איך גערעדט צו זיך אין זײַן נאָמען. יויסעפס אויגן פרעגן מיך: „אונדזער בײַעלען קענסטו? ביסט אוודע זיכער, אז יאָ. און די אויסברוכן פון בייזער אקשאָנעס בא איר?.. אונדזער קינד, נאָך גאָר א קליינס, און מיר פלעגן בלײַבן אנטקעגן דעם אָפּהענטיק. נו, און זיך אליין? קאָנסט אָרעוו זײַן, אז דו קענסט ביזן גרונט זיך אליין?״

א בארויִקטע בין איך ארײַן אין צימער. איך האָב שוין געוווסט — שאָ־לעכץ האָב איך הײַנט געזען. וועל איך פּרווון פון דער שאָלעכץ אויסשיילן דעם יאָדער, אויב אזוינער איז דאָ. מאָרגן גיי איך צו דער לערערקע אף א לימעד.

## 6

צווישן די עטלעכע לערער, וועלכע איך האָב געטראָפן אין לערער־צימער, איז געווען אויך איינע אן עלטערע פרוי. א פריש ראָז פּאָנעם אין שאָטן פון בלוילעך־גראָווע האָר. א העל־גרויער זשאקעט האָט עלע־גאנט ארומגענומען די פולע פיגור פון דער עלטערער פרוי. אויבן האָט פונעם זשאקעט ארויסגעקוקט א זויבער־ווײַס קעלנערל איבערגעבונדן באם האלדז מיט א שווארצן שניפּס.

„זי צי ניט זי?״ די פרוי האָט זיך אופגעהויבן מיר אנטקעגן און ווי אן אלטער באקאנטער דערלאנגט די האַנט.

— אין נײַנטן קלאס, — האָט זי געזאָגט קורץ.

מיר זײַנען ארויס פון לערער־צימער א מינוט פארן קלונג. די לערער־קע האָט, ווײַזט אויס, ניט שטארק פארלאָזט זיך אף אירע שווערע פלאט־

פיס. ערשט דאַן, ווען מיר זײַנען שוין צוגעקומען צו דער טיר פון נײַנטן קלאַס, האָט זיך איבערן לאַנגן קאָרידאָר פאַנאַנדערגעטראָגן דאָס קלינגען פונעם שול־גלעקל. פון אַלע זײַטן האָט זיך אופגעהויבן אַ פיבערהאַפטע לויפערײַ. נאָר אין נײַנטן קלאַס איז קיין איין מענטש ניט אַרײַן — אַלע זײַנען דאָ שוין געזעסן אויף די ערטער נאָך פאַרן קלונג.

דער נעכטיקער כּשאַד איז אין מיר נאָך ניט אויסגעלאָשן געוואָרן. „נו, יאָ, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. — מע האָט פאַר איר מוירע”. באַלד אָבער האָב איך זיך געצוווּנגען אַ טראַכט צו טאָן אַנדערש: „און עפּשער ציטערט מען דאָ טאַקע אינדערעמעסן צו פאַרלירן כאָטש איין מינוט?”

דאָס איז געווען אַ שאָ פון אויספרעגן. איך האָב אָבער ניט באַמערקט, די לערערקע זאָל עמעצן פון די שילער ספּעציעל אויסרופן. עפּשער דער־פאַר, וואָס אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין בין איך אויף דער שאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון זיי. די אַלטע פּרוי מיט די שווערע פּלאַט־פּיס האָט זיך אויף קיין איין רעגע ניט צוגעזעצט. זי איז געווען אומעטום, צווישן אַלעמען און מיט יעדערן באַזונדער. ווי אַ פאַרבאָרגן דיריזשאָר־שטעקעלע וואָלט זי פאַרמאָגט, עס הייבט זיך אויף פּונקט אין דער פּאַסיקער רעגע אויף ניט צו דערלאָזן, עמעצער זאָל זיך אַרויסשלאָגן פונעם אַלגעמיינעם ריטם.

שוין נאָענט צום סאָף פונעם לימעד האָט אופגעהויבן די האַנט אַ בלאָנדהאָריק מיידל:

— איך האָב איבערגעלייענט „די ברידער קאַראַמאַזאָוו”. איך וויל זאָגן... וועגן איין קינדערשער טרער...

אין נערוועזער אײַלעניש האָט דאָס מיידל געלאָזט פאַלן ווערטער וועגן פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקי, וועגן אָסוּוענצים און מײַדאַנעק. אומגעריכט אָפּגעהאַקט די אייגענע רייד, אָנגעכאַפּט זיך מיטביידע הענט פאַר די פלאַמענדיקע באַקן און אַראָפּגעלאָזט זיך אויפן אָרט. איך האָב זיך אַרומ־געקוקט. קיינעם אין קלאַס האָט איר זשעסט ניט אויסגעזען אופאַלנד. אַלעמענס פּנעמער זײַנען געווען אָנגעשטרענגט־ערנסט. און דאָ איז פאָרגעקומען עפּעס גאָר אומדערוואַרטס. די לערערקע איז צוגעגאַנגען צו דעם מיידל, אַ דריק געטאָן איר די האַנט.

— איך האָב פון אײַך שטאַרק האַנאָע געהאַט, גריגאָריעוואַ, — האָט זי געזאָגט, — כאָטש ניט מיט אַלץ בין איך מאַסקים. פאַרוואָס, וועל איך באַלד דערקלערן. אַ דאַנק אײַך פאַר די אָפּגעהאַקטע פּראָזע, פאַר די לאַנגע פּעריאָדן, איר האָט געמאַכט אַ דרייסטן שפּאַן אינעווייניק, אין דאָ־סטאָיעווסקיס גײַסט.

איך האָב באַגלייט די לערערקע אַהיים. ס'איז געווען נאָך אַ רעגן. אָן אויסגעשעפּטע, האָט זי געשפּאַנט מיט איר שווערן טראָט איבער די קאַליוזשעס. די זאַקן און דער זוים פונעם מאַנטל זײַנען געווען היפּש פאַרשפּריצט. אויף דער אונטערגעהויבענער רעכטער האַנט, אויף וועלכער עס האָט זיך געבאָמבלט אַ שוואַרצער שירעם, האָבן זיך בוילעט אויס־געטיילט פּאָדאַגרע־קנופּן. איינע אַליין לעבט זי, די לערערקע, צי מיט אַ מישפּאָכע?

וואָס וועט זי איצט טאָן, קומענדיק אין שטוב? מיסטאָמע וועט זי אָנ־

שיילן קאַרטאָפל, און, ביז דאָס געקעכטס וועט פאַרטיק ווערן, וועט זי אויסוואַשן די זאָקן, אָפּרייניקן דעם מאַנטל... אָנשטאָט איך זאָל פרעגן, האָט די לערערקע גאָר מיך געפרעגט:

— פײַנבערג איז אײַער מיידלשע פאַמיליע, צי אײַער מאַן הייסט אַזוי?

א וואָרט פאַר א וואָרט, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די לערערקע האָט געזען יוּיסעפּס פּיעסע אין טעאַטער. נאָך פאַר דער מילכאָמע.

— אין ייִדישן טעאַטער? — האָב איך זיך פאַרוווּנדערט.

— כ׳האָב קימאַט אַלץ פאַרשטאַנען. איך בין אויסגעוואַקסן צווישן ייִדן. און בִּיכלאַל, ווי אַזוי האָט אַן אינטעליגענטער מענטש געקאָנט אויסמײַדן דעם ייִדישן טעאַטער?

נאָך א ווײַלע שווײַגן בין איך זיך מוידע געווען, אַז די אָנגעגליטע אַטמאָספער אַף איר הײַנטיקן לימעד איז פאַר מיר אַן איבעראַשונג.

— ס׳איז אײַער מעטאָד? — האָב איך געפרעגט. — ס׳איז בא אײַך שטענדיק אַזוי באַם אויספרעגן די שילער?

— ניין. פאַרוואָס שטענדיק? ווען עס זאָל זײַן שטענדיק אַזוי, וואָלטן זיי בא מיר אָנגעהויבן גיין אַף די קעפּ. טשעכאָוו, לעמאָשל, רופט אַרויס אין קלאַס גאָר אַן אַנדער שטימונג. איך רייד אַנדערש. די שילער ריידן אַנדערש. נו, און שפּראַך, סטיליסטיק... אַנדערע האַלטן, אַז ס׳איז קימאַט אַלצייגס ווי מאַטעמאַטיק. קיין פּריווילעגיע אַף לאַנגווײַליקײַט האָט אָבער אַפילע מאַטעמאַטיק אויך ניט.

— אַף וויפל איך ווייס, — האָב איך געזאָגט, — ווערט אין דער פּראָגראַם פון דער מיטלשול דערמאָנט בלויז איין ווערק דאָסטאָיעווסקיס — „אָרעמע מענטשן”. און דאָס אויך בלויז אין קאָנטעקסט פון די זעכציקער יאָרן.

— אָ, איך זאָל זיך וועלן האַלטן בא דער פּראָגראַם... — די לערערקע האָט א ווײַלע מיך אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך וועגן עפּעס געיִשעוועט מיט זיך אַליין, און צוגעגעבן: — מע האָט מיך ניט ליב. דער דירעקטאָר וואָלט גערן פון מיר פּאָטער געוואָרן. קוים וואָס ער דולדעט מיך.

— אײַך? עס קאָן ניט זײַן. פאַרוואָס?

— איך ווייס? עפּשער דערפאַר, וואָס איך האַלט ווייניק וואָס פון פּראָגראַמעס.

— איר זײַט דאָך א פאַרדינסטפולע. און מיט אַן אָרדען באַלוינט...

— מײַן אָרדען לאָזט צורו, — האָט זיך פאַרכמורעט די לערערקע. — פאַר עפּעס אַנדערש האָב איך אים באַקומען. צו מײַן לערערײַ האָט ער קיין שײַכעס ניט. נו, און א פאַרדינסטפולע... דאָס איז שוין מיסטאַמע אין זכוס פונעם אָרדען. אַז א מענטשן נעמט מען הייבן... איר האָט געזען בא מיר דעם לאַנגהאָריקן? מע מאַכט שוין פון מיר א סכוירע אויך. פון אָנהייב האָב איך זיך געלאָזט מוטשען. איך האָב געמיינט, אַז ער איז א באַוויבטער. וואָס טוט ניט א מענטש פאַר נויט? ערשט ער פאַרגינט זיך גאָר אַרומגיין אַן אַלטער באָכער. לאַנגע האָר און קורצער סייכל. אוי, איך וועל אים אַרויסטרײַבן! — האָט זי אַרויסגעזאָגט מיט א פריילעכער אַנטשיידנקײַט. — ערנוואָרט, איך וועל אים אַרויסשטעלן פאַר דער טיר.

די פֿאַרצייכענונג וועגן דער אַלטער לערערקע האָב איך אָנגעשריבן, אָפּגעשיקט. באַקומען אַן ענטפֿער. שוין ניט פֿון יענער פֿרוי, וואָס האָט אַמאָל פֿאַרנומען אַ וויכטיקן פּאָסטן באַ אונדז אין שטאָט, נאָר פֿונעם פֿאַרוואַלטער פֿון שול־אָפּטייל:

„אייער פֿאַרצייכענונג בייטיקט זיך אין אַ גרינטלעכער איבעראַרבעטונג. „די ברידער קאַראַמאַזאָוו" גייען ניט אַריין אין דער שול־פּראָגראַם. עס וואָלט געווען בעסער, ווען אַלס אילוסטראַציע צו דער אַרבעט פֿון דער פֿאַרדינסטפֿולער לערערקע נעמט איר אַן אַנדער שרייבער, ניט דאָסטאָיעווסקין. מיט אַכטונג..."

די פֿאַרצייכענונג האָב איך אָפּגעדרוקט מיט צוויי יאָר שפּעטער, ווען די פֿאַרדינסטפֿולע לערערקע איז שוין ניט געווען. זי האָט זיך פֿאַר קיינעם ניט געקלאָגט אַף איר געזונט. ניט געלעגן צו בעט. אַוועק פֿון דער וועלט אויסער יעדער פּראָגראַם. אַף אַ לימעד. דאַפֿקע וועגן אַן אַנדער שרייבער.

7

דער צוג שטייט. די פֿאַרלעצטע סטאַנציע. ס'איז אַ קילער אָוונט נאָך אַ מוירעדיק הייסן טאָג. איך גיי אַרויס אַפֿן פּעראָן צוזאַמען מיט מיינע שכיינים פֿון קופּע — די אַרכיטעקטאָרן. וועגן וויפֿל שטעט האָבן זיי מיר שוין דערציילט, נאָר איך קאָן נאָך אַלץ ניט פֿויעלן באַ זיך צו פֿרעגן זיי וועגן זייער אייגענער שטאָט. ווי זעט זי איצט אויס, די שטאָט, וואָס איז געווען מיין צווייטע היים? איך האָב צופֿעליק געהערט, ווי איין פּאַסאַזשיר האָט געזאָגט אַ צווייטן: „אָ, איר וועט די שטאָט ניט דערקענען!". איז ווי וועט זיין, אויב די אַרכיטעקטאָרן וועלן מיר אויך אַזוי זאָגן? פֿריִער פֿאַר אַלץ וואָלט איך פֿאַרלאָרן מיין גלייבן אין זיי אַלס אַרכיטעקטאָרן. איך האָב זיך גענוג אָנגעקוקט אַף שטעט, וואָס האָבן פֿאַרלאָרן זייער פּאָנעם. ווייל איך די שטאָט דערקענען. זי האָט ניט געוווסט פֿון קיין קראַכנדיקע ווענט. דער הימל איבער איר איז אַף דער ערד ניט געפֿאַלן. די ערד האָט ניט געשפּיגן אין הימל מיט שטיינער און בליי. איז פֿאַרוואָס זאָל איך דאָ ניט שפּאַצירן פֿאַרטראַכט, מיט שטילע טריט, צווישן רייען טאָפּאָלן, און ווי לאַנג עס זאָל זיך ניט ציִען די גאַס, זאָלן אין דער ווייט מיך ניט דערוואַרטן זילבערנע בערג? אין די שווערסטע טעג פֿון מילכאָמע פֿלעגן זיי אויפֿשטעלן דעם שאָלעם אין מיר. און נאָך ווילט זיך מיר וויסן (דאָס איז מיסטאָמע גאָר אַן אוולע פֿון מיין זייט), צי רייט נאָך אַמאָל דורך איבער די גאַסן אַף אַ קליין אייזעלע אַ שטאַלטנער אַלטער קאַזאַך מיט אַ לאַנגער שפּיציקער באָרד.

דער צוג וועט שטיין גאַנצע זיבעצן מינוט. זיינען קימאַט אַלע פּאַסאַזשירן אַרויס אַפֿן פּעראָן. ווער עס מעסט אין איינזאַמקייט מיט ברייטע אָדער שמאָלע טריט די לאַנגע פּלאַטפֿאָרמע, ווער עס טראָגט זיך מיט אַ בינטל קלעפּיקע צעפּלעך פֿון אַ געוויאָנדזלטער דיניע, ווער עס טרינקט קאַווע מיט בולקעלעך באַ די פֿאַנאַנדערגעשטעלטע אין דרויסן טישלעך.

די מערהײַט קלײַבט זיך אין קופּקעלעך. יעדערער געפינט זיך זײַן גלײַכן. אָט שטייען דרײַ מיידלעך און צווײ באָכערים. די מיידלעך עסן אײַזקרעם און לאַכן. באַ צווייען פון זיי פּלאַטערן, ווי באַבעלעך, איבער די הויכע פריזורן לופטיקע טיכעלעך. די ליניע פון די אויגן איז באַ איינער מיט בלוי, באַ דער צווייטער מיט שוואַרץ, צעצויגן קימאַט ביז די שלייפן. ווי יונגע לאָשעקלעך, האַלטן זיי אין איין איבערשטעלן די נאַקעטע פיס אונטער די קורצע קליידלעך און פאַרביקע רעגנמאַנטלען. די דריטע איז אין הויזן און אין אַ גלאַט סוויטערל. די זעט אויס אַמערסטן פּרוייש. עפּשער אַדאַנק די פאַנאַנדערגעלאָזטע האָר און אַרומגעצויגענע פּאָרמען. די באָכערים אין העלע העמדער מיט קורצע אַרבעלעך האַלטן די הענט אין די קעשענעס פון די שמאָלע הויזן און כאַפּן אַ ציטער אין דער אָוונ־טיקער קילקײַט.

אַנדערע זײַנען זיי, גאָר אַנדערע, ווי מיר זײַנען געווען. איך פּרוּוו פאָרשטעלן זיך אַליין אַ יונגע צווישן די דאָזיקע יונגע. צו צוואַנציק אָדער צו דרײַסיק וואָלט איך דאָ געווען אַ פרעמדע. איך דערפיל זיך אומהיימלעך. ווי איך וואָלט דערזען זיך אַליין אַ פאַרספּירטעוועטע אין אַ גלעזערן סלאָיקל.

מײַנע שכיינים, די אַרכיטעקטאָרן, זײַנען ערגעץ נעלעם געוואָרן, און איך גיי זיך אַלץ דורך הין און צוריק פאַרבײַ די יוגנטלעכע.

— איר טאַטע האָט געמיינט, אַז ער איז אַ קעכער, באַלד ער האָט צו טאָן מיט קעסלען. איז אים ניט אָנגעשטאַנען דער שידעך. האָט מאַרינקע אַף צולאָכעס געבראַכט אַהיים אַ טאָרט. אַף גאָרקי־גאַס געקויפט, אין דער קולינאַריע. „אָט דאָס איז וויטיעס אַרבעט, זאָגט זי, פאַרזוכט״.

די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. און איך דער־פיל מיטאַמאָל, אַז עפּשער וואָלט איך אין זייער עלטער דאָ געווען גאָר ניט אַזוי איבעריק. איצט — אוואַדע ניט.

עס קאָן זײַן, זיי זײַנען אינזשעניערן, די דאָזיקע יונגע, און אַפילו פון דער זעלבער ספּעציאַליטעט, ווי מײַן איידעם. זיי ריידן דאָך וועגן קעסלען. נאָר די מיידלעך, די מיידלעך... ווי סטײַעט זיי צײַט צו זײַן אינ־זשעניערן און אויסזען אַזוי, ווי זיי זעען אויס?

דער ראַדיאָ־הויכריידער זאָגט אָן, אַז דער צוג גייט אָפּ. איך שטײַג אַרויף אַף די עטלעכע טרעפּלעך אין וואַגאָן. אַלע דרײַ שכיינים מײַנע טרעף איך שוין זיצן אין קופּע. זיי בײַסן איבער. איך בלײַב אין קאָרי־דאָר באַם פּענצטער. איך שטעל זיך פון רעכטס, גיי אַריבער אַף לינקס. אַזוי איז בעסער. דער וועג לויפט אַנטקעגן. אַלץ איז געוועגדט אין דעם, אין וועלכער זײַט מיר קוקן.

מײַן איידעם, בײַעלעס מאַן, ווייסט וועגן מײַן נעסיע צו לופט־רײַ־זעס. האָט אים זייער געוווּנדערט, פאַרוואָס דאָס מאָל, אין אַזאַ ווײַטער נעסיע, האָב איך זיך געלאָזט דאַפּקע מיטן באַן. האָב איך אים געזאָלט דערציילן, אַז מיר איז גאָר ליב דער לאַנגער וועג, וואָס האָט דאָס ער־שטע מאָל, מילכאָמע־צײַט, געצויגן זיך קימאַט אַ כוידעש. און אוי, ווי ביטער ער איז מיר געווען, דער וועג... און איצט וויל איך פאָרן לאַנג־זאַם. איך וויל פאָרן און טראַכטן. פאָרן און דערמאָנען זיך. דער באַגריף

„דערמאָנען זיך" זעט אָבער מיסטאמע אויס אין די אויגן פון מײַן איידעם ניט ווייניקער ווילד, ווי דער פארלאנג צו שלעפּן זיך קימאט פינף מעס־לעס מיטן צוג, ווען עס זײַנען דאָ אעראָפּלאַנען אף דער וועלט. שוין סאמע אינעם טאָג פון מײַן אָפּפאָרן האָט ער נאָך אלץ מיט דעם ניט געוואָלט שאָלעם מאכן.

מײַן פלינקער, מײַן דארינקער איידעם, נאָך גאָר א יִנגל אפן אויסזען, ווייסט ניט פון „צו שפּעט". אָט, זאָגט ער, פאָרט ער צו אפן וואָקזאַל, אויב איך וויל, און קערט אום מײַן באַן־בילעט. דערנאָך וועט ער צו־פאָרן אין אעראָפּאָרט און וועט מיר קויפן א בילעט צום פליִען. וויל איך אָבער ניט. ווערט מײַן איידעם פון דעם אומעטיק. ס'איז א רו־טאָג. נאָך מיטיק. און איך פאָר ערשט אין אָונט. צײַט איז דאָ גענוג. דרייט זיך מײַן איידעם ארום איבער דער שטוב, זוכט, צי דארף מען ניט ברענגען אין אָרדענונג די עלעקטרע, די ראַדיאָ, עפּשער קאַפּעט כאָטש ערגעץ פון א קראַן. איז דאַפקע ניין. דעם עמעס געזאָגט, האָט ער בא מיר שטענדיק עפּעס צו טאָן, ווען ער קומט צוגאַסט. הײַנטיקס מאָל איז בא מיר אלץ אין אָרדענונג. בעט זיך בא מיר דער איידעם:

— ליִא איסאקאָוונא, איר ווילט, וועל איך די פּאָליצקע אין באָד־צימער אראָפּלאָזן עטוואָס נידעריקער. אײַך איז דאָך ניט באַקוועם אזוי.

בײַעלע זאָגט:

— מאַמע, עפּשער וואָלסטו זיך ארײַנגעכאַפּט צו די שכיינים. טאָמער געפינט זיך בא זיי א שטיקל ארבעט פאר אַן ארבעטסלאָזן אינזשע־ניער?

מײַן איידעם גיט פארצווייפלט א מאַך מיט דער האַנט און זעצט זיך צו צום טיש. איך פארברענג מיט בײַעלען. ער הערט זיך צו פון דער זײַט און צייכנט בייסמײַסע עפּעס אף פּאַפּיר. אין אונדזער שמועס טרעט ער ארײַן אומדערוואַרט, אין דער סאמע מיט. אזא טעווע האָט ער.

— און איך גלייב ניט אין ראָמעאָ און דזשוליעטא, — זאָגט מײַן איי־דעם.

לויפט דורך א קיל ווינטל איבערן צימער. אין איין רעגע האָט עס ווי אָפּגעטראָגן פון מיר מײַן איידעם אף א היפּשן מעהאַלעך.

יוליק, מײַן אייניקל, שפּילט אפן דיל אין קנעפּלעך. אין דער היים האָט ער פארשיידענע שפּילצײַג. קומט ער צו מיר, זוכט ער באַלד אָפּ דאָס שאכטל, ווו עס ליגן בא מיר קנעפּלעך פון קאָלערליי פארב און פארשיידענער גרייס. א מין אטאַוויזם. פּונקט ווי א כיידער־יִנגל, שפּילט ער גאַנצע שאָען אין קנעפּלעך.

איך כאַפּ א קוק אף יוליקן. ער זיצט אפן דיל, די פיס אויסגעצויגן פאר זיך, און באטראַכט א מעציִע, וואָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט, — א גרויסן הילצערנעם קנאָפּ. איך פיר אריבער מײַן בליק אפן איידעם. ער האָט ליב, אַז א כייפעץ זאָל זײַן שיין און באַקוועם. בא אים הייסט עס „שיין און פונקציאָנעל". דארף אים אזא קנאָפּ געפעלן. ער איז אי קאַנטיק, אי גלאַט. פּונקט ווי פּאָלירט מעבל, ווי א מאָדערנער אווטאָ־מאָביל. מיר געפעלן אויך אזעלכע ווונדער פון שאַפן. א סימען, דער קנאָפּ איז געווען צוגענייט צו מײַן מאַנטל.

עס מאַכט זיך, איך זיץ בײַ בײַעלען, ווען איר מאַן קומט פֿון דער אַרבעט. אויב ער קומט שטאַרק מיד, ווייס איך שוין, אַז מיסטאָמע רייניקט מען דעם קעסל. איך דערזע פֿאַר זיך דעם שמאָלן לויק, אין וועלכן מײַן איידעם שלענגלט זיך אַרײַן אַף אַלע פֿיר און גלײַכט זיך אויס ערשט אינווייניק. אַוואַדע ווי אַ פֿליג זעט ער אויס דאָרט, אין דעם אויסגעלאָשענעם און אָפּגעקילטן דאַמף־גענעראַטאָר, בייס ער קלעטערט אַרויף און אַראָפּ צווישן אַש־גרויע און זשאַווער־רויטע טרויבן, נאָר די שטים איז בײַ דער פֿליג אַ מעכטיקע. זי איז געקייפּלט אַף דער הילכיקײַט פֿון מעטאַל. פֿרעג איך איינמאָל מײַן איידעם, צי זעט ער אויך אין זײַנע קעסלען שיינקײַט.

— איך האָב וועגן דעם ניט געטראַכט, — האָט ער מיר געענטפֿערט עטוואָס פֿאַרלאָרן. נאָר דאָ באַלד געכאַפּט זיך און זיכער אַ זאָג געטאָן: — אַוואַדע איז אין דעם ריטם פֿון די מעטאַלענע קאָנסטרוקציעס פֿאַראַן אַן אייגנאַרטיקע שיינקײַט, — אין זײַנע אויגן האָבן אַ שפּיל געטאָן שטיפּערישע פֿײַערלעך, ווי בײַ איינעם, וואָס האָט באַצײַטנס געטראָפֿן, אַז מע קלײַבט זיך אים אין עפּעס איבערכיטרעווען. — אויב איר ווילט וויסן, — האָט ער געזאָגט, — איז דער קעסל מיטן איבערפֿלעכט פֿון די טרויבן ענלעך אַף אַ גיגאַנטישן אָרגל.

האָט מיר מײַן איידעם אונטערגערוקט, הייסט עס, גאָר אַן אַלטערטימלעכן מוזיקאַלן אינסטרומענט — אַן אָרגל, קעדיי צו געבן פֿאַרשטיין די שיינקײַט פֿון זײַנע אַרכיהײַנטצײַטיקע קעסלען. איז וואָס שטערט מיר אַרויסשטעלן קעגן אים די אַלטמאָדישע ראָמעאָ און דזשוליעטאַ? פֿאָלגט מיך אָבער ניט די צונג. עס גייט מיר דען אין טעאַטער? דער זאָג פֿון מײַן איידעם וועגן ראָמעאָ און דזשוליעטאַ גייט דאָך מיר אין לעבן.

יוליק פֿויזעט איבערן דיל. ער שנאָלט מיט צוויי פֿינגער די קנעפּלעך איינס נאָך איינס. יעדן קנעפּל, וואָס פֿאַלט אַרײַן אין אינעם ווינקל, וווּהין ער צילט, באַגלייט ער מיט אַ הילכיקן ניצאָכן־אויסגעשריי. ער איז פֿאַרטאָן אין דער שפּיל. ער קוקט ניט אין אונדזער זײַט. די פֿאַרזאָרגטקײַט פֿון זײַן באָבען האָט צו אים גאָר אַ קנאַפּע שײַכעס. יוליקס אויסגעשרייען, זײַן קלאַפּן מיט די קנעפּלעך האָבן מיך אַרויסגעפֿירט פֿון דער פֿאַרטראַכטקײַט. פֿאָרזיכטיק, ווי ס'וואָלט מיר געוועזן ניט שטאַרק וויגייע (אַ נאַרישע ייִדענע, איך היט זיך, עס זאָל בײַ מיר ניט אַ ציטער טאָן די שטים), פֿרעג איך מײַן איידעם:

— וואָס, דיר געפֿעלט ניט דער ספּעקטאַקל, צי דו גלייבסט סטאַם ניט אין ראָמעאָ און דזשוליעטאַ?

מײַן איידעם באַווײַזט ניט צו ענטפֿערן. יוליק האָט זיך צוגעטוליעט צו זײַנע קני און, אַרויסברענגענדיק מיט האַסמאָדע די אומבאַקאַנטע נעמען, פֿרעגט ער:

— טאַטע, ווער איז דאָס ראָמעאָ און דזשוליעטאַ?

בײַעלע קוקט ניט אַף איר מאַן. זי ציט צו דאָס קינד צו זיך:

— איך וועל דיר דערציילן. ס'איז אַ מײַסעלע אַזאַ.

יוליקס פּענעמל איז פאַריסן צו זײַן מאַמען. עס איז פול מיט צוטרוי. עס מאַכט זיך אָבער, אַז אויך אַ מאַמע פאַרגעסט, ווי זי האַלט אין דער וועלט. בײַעלע דערציילט די מײַסע איר זון, און צילן צילט זי ערגעץ אַנדערש.

— מע דאַרף ניט... מע דאַרף ניט... — יוליק פאַרגייט זיך פּלוצלינג אין אַ יאָמערלעכן געוויין. דאָס גאַנצע גופל זײַנס ציטערט פון אַנגסט: — איך וויל ניט... ראָמעאָ און דזשוליעטאַ זאָלן שטאַרבן.

בײַעלע שטאַמלט דערשראָקן:

— ניין... ניין...

מײַן איידעם נעמט בײַ איר איבער יוליקן, זעצט אים אַוועק צו זיך אויף די קני:

— נאַרעלע, די מײַסע איז דאָך נאָך ניט פאַרענדיקט. און דו האָסט זיך שוין צעכליפּעט, ווי אַ קליינינקער. דו הער, וואָס ווײַטער איז געווען. ווען ראָמעאָ און דזשוליעטאַ האָבן זיך אָפּגעסאַמט, זײַנען געקומען צו לויפן זייערע טאַטעס און מאַמעס, און ברידער און שוועסטער, און מע האָט זיי געגעבן טרינקען מילך. געדענקסט, ווען דו האָסט איינמאָל אַ לעק געטאָן אַ ווילדן שוואָם, האָט דיר די מאַמע אויך געגעבן טרינקען מילך.

— און אַ דאָקטער איז געקומען? — פרעגט יוליק.

— אַ דאָקטער אויך. אַוודאי. און וואָס האָסטו געמיינט? האָפּ־ליאַ! — מײַן איידעם גיט אַ וואָרף אונטער יוליקן אין דער הייך, כאַפּט אים אונ־טער אינדערלופטן און קוקט זיך בייסמײַסע איבער מיט בײַעלען. ביידנס פּענעמער האָבן מיטאַמאָל באַקומען איינעם און דעם זעלבן אויסדרוק. ווי אַ צווילינג וואָלטן זיי געווען, בײַעלע און איר מאַן.

צי דאַרף מיך נאָך קימערן דאָס, וואָס מײַן איידעם האָט אַ זאָג געטאָן וועגן ראָמעאָ און דזשוליעטאַ?

8

אַלץ שטילער און שטילער גייט דער צוג: „אָט באַלד... מיר קומען אָן". דאָס האָב־און־גוטס ליגט שוין בײַ יעדערן גרייט צום אַרויסטראָגן. פון וועלכער זײַט וועט זײַן די פּלאַטפאָרמע? מע קוקט אין די פענצטער. ווער אין קופּע, ווער אין קאָרידאָר. די צוויי אַרכיטעקטאָרן זײַנען היגע. לאַדן זיי העפלעך אײַן אי מיך, אי די געלע פרוי צו זיך צוגאַסט. מיר פאַרשרײַבן דעם נומער פון זייער טעלעפאָן. איך גיב אָן עסטערס אַדרעס.

— און וווהין קלײַבט איר זיך צו פאַרפאָרן? — פרעג איך די געלע פרוי.

— אין אַ האָטעל.

— מע וועט אײַך באַגעגענען? — פרעגט בײַ איר דער אַרכיטעקטאָר.

— מיסטאָמע.

עס זעט זיך שוין די פּלאַטפֿאָרמע. און וואָס נעענטער זי קומט צו, אַלץ ווײַטער ווערן צווישן זיך די פּאַסאַזשירן. אָפּדערגיך, אין צעשטרייטקייט דריקט מען די הענט פֿון די, מיט וועלכע מע האָט עטלעכע מעסלעס פֿאַרבראַכט אין וועג. אייניקע באַנוגענען זיך מיט אַ שאָקל פֿונעם קאָפּ.

— וואָלאָדיע! אָן שטייט וואָלאָדיע! — רופֿט אויס די פֿרוי — דער אַרכיטעקטאָר. זי פּויקט מיט די פֿינגער אין שויב, קעדיי צוציִען די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿונעם זון.

אַ בלאָנדער באָכער רײַסט זיך דורך אַנטקעגן דעם שטראָם צו אונדז. ער צעקושט זיך מיט די עלטערן און שמייכלט אַריבער זייערע קעפּ צו דער געלער פֿרוי:

— אַ גוטמאָרגן, גינדאַ געדאַליעוונאַ! אָן שטייען דאָרטן אַלע אונדזערע. מע וואַרט אויף אײַך.

— דערקענט! גלײַך דערקענט! קיין האָר ניט געביטן זיך! — עסטער קושט מיך אין איין באַק, אין דער צווייטער.

דערווײַל זײַנען מײַנע וועג־שכיינים נעלעם געוואָרן.

אַרויסגעקומען אויף דער פּלאַטפֿאָרמע, האָב איך זיי ווידער דערזען. אינמיטן אַ יוגנט־געזעמל — איין עלטערער מענטש, אַ פֿרוי. אַ געלע און אַ וואָכעדיקע. פּונקט ווי מיט עטלעכע טעג צוריק אין מאָסקווע. צי גיט זי זיך אָפּ אַ כעזשבן, אַז פֿון איר קאָוועד־וועגן האָבן זיי זיך עס דאָ פֿאַרזאַמלט, די יונגע? די אַרכיטעקטאָרן מיט זייערע טשעמאָדאַנעס און פּעקלעך זײַנען געשטאַנען פֿון דער זײַט.

איך האָב צו זיי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— קלינגט! פֿאַרגעסט ניט! — האָבן זיי מיר נאָכגעשריִען.

9

די צווייטע וואָך בין איך צוגאַסט בײַ עסטערן. איר מאַן איז טאַקע בעעמעס זייער אַ ווילער מענטש. און רעדט אַ שיינעם ייִדיש. איך האָב אים געשענקט יויסעפּס ניט לאַנג דערשינענעם בוך דערציילונגען. האָט ער אים אײַנגעשלונגען אין איין אָטעם. קלעקט אונדז שוין וועגן וואָס צו ריידן.

פֿאַר דעם כוידעש, וואָס איך וועל בײַ איר פֿאַרברענגען, וויל עסטער מעמאַלע זײַן אַלץ, וואָס מיר פֿעלט. האָט זי מיך שוין געצווּונגען צו באַזוכן אויך איר מאַנס קאַבינעט אין דער פּאָליקליניק, וווּ ער אַרבעט. יענעם טאָג האָב איך אים צום ערשטן מאָל דערזען אין אַ ווײַסן כאַלאַט. איז מיר זײַן הוילעך אין דער היים באַלד אַרויסגעפֿאַלן פֿון זיקאָרן, ווי ער וואָלט אינעם כאַלאַט געבאָרן געוואָרן. אַבי מע זאָגט, אַז דיקע מענטשן טאָרן זיך ניט קליידן אין ווײַסן. גערשן טײַטלבוימס שווערלעכע פֿיגור זעט אויס אינעם ווײַסן כאַלאַט פֿיל לײַכטער. מיר געפֿעלט, ווי זײַנע גרויסע שטאַרקע הענט אייסעקן זיך מיט איידעלע מאַכשירים. אַ מין

גוטסקײַט אין זײַנע הענט. איך קוק אַף אים און דערזע פאר זיך דעם אַלטן דאָקטער פּאָזניאַק. אָט נעמט ער מיט צװײ פינגער ארויס פון װעסטל־קעשענע זײַן גאָלדענעם זייגער און גיט מיר שפּילן זיך מיט אים אַף דער גאַנצער צײַט, װאָס ער הערט מיך אויס און קלאַפּט מיך אויס. איך פארגעס, אַז בײַס די מאַמע ברענגט צו מיר א דאָקטער, דאַרף מען װײנען, אפילע װען עס טוט גאָרנישט ניט װײ. װײַל נאָך אײדער מע רופט אים, רעדט מען װעגן אים אַזױפיל, מע יִשעװעט זיך, מע לייגט איבער איין מאָל און נאָכאַמאָל, אַז ביז ער קומט, לעב איך שוין אין איינע שרעק. און גלאַט אַזױ. דער עטיקעט פאָדערט, אַז בײַס עס קומט א דאָקטער, דאַרף מען װײנען און ניט לאָזן זיך אויסהערן.

מיטן דאָקטער פּאָזניאַק באַקומט זיך עס אָבער ניט. ער כאַפּט זיך ניט דאַפקע אויסצוהערן. ער האָט שטענדיק צײַט, כאָטש אַלע װײסן, אַז ער טראָגט אַפן קאָפּ א גאַנצע שטאָט מיט קינדער. װען ער גייט דורך פארבײַ אונדזערע פענצטער, שפּאַסט געװײנלעך מײַן מאַמע: „דער דאָק־טער פּאָזניאַק האָט זיך שוין געלאָזט איבער די הײַזער”. דער דאָקטער פּאָזניאַק פרעגט ניט, װאָס עס טוט מיר װײ. ער פרעגט גאָר, װאָס איך האָב העלטער: זענעפט אָדער אײַנגעמאַכטס. ער װאַרט ניט אַף קיין ענטפער. ער לאָזט מיך שפּילן מיט זײַן זייגער. א שטאָט מיט קינדער שפּילט זיך מיטן דאָקטער פּאָזניאַקס גאָלדענעם זייגער און דאָך האָט אים קיינמאָל גאָרנישט ניט געשאַט. עפּשער דערפאַר, װאָס דער דאָק־טער פּאָזניאַק װאָרנט קיינמאָל ניט, אַז מע זאָל זײַן מיטן זייגער געהיט. פאַרקערט, ער דערלויבט יעדערן מיט די אייגענע הענט ארײַנלייגן אים צוריק אין זײַן װעסטל־קעשענע. און האַגאַם דאָס איז א קלאָרער סימען, אַז מיטן זייגער מוז מען זיך שיידן, איז די רעגע פון ארײַנלייגן אים אין דער װעסטל־קעשענע פאר מיר די סאַמע פאָרכטיקע. א שטאָט מיט קינ־דער װײסט, אַז נאָך דעם, װי דער דאָקטער פּאָזניאַק װעט געבן שפּילן מיט זײַן זייגער, װעט מען מוזן װײַזן די צונג און, װאָס נאָך ערגער, לאָזן זיך קריכן מיט א לעפעלע אין מויל ארײַן, און קעדײ װאָס גיכער פון דעם פּאָטער צו װערן, ארויסלאָזן א פארדומפּענעם „א אא־א...”, קאָן דאָך קיינער ניט בײַשטיין דעם ניסאָיען.

בין איך דאַנקבאַר גערשן טייטלבוימען שוין דערפאַר אַליין, װאָס זײַנע גוטע הענט האָבן מיר דערמאָנט אינעם דאָקטער פּאָזניאַק. און ס'ארט מיך ניט, װאָס ער װאָרטשעט, אָנרירנדיק איידל, מיט די שפּיץ פינגער, עטלעכע פאַנאַנדערגעשאָקלטע ציין בא מיר אין מויל.

— אײַערע אייבערשטע ציינער זײַנען קיין מײַסע ניט. צו זיי האָב איך גאָרנישט. די אונטערשטע אָבער פון פאָרנט... א קלאַװיִאַטור. איז װאָס קאָן איך דאָ אופּטאָן? יעדערער האַלט זיך בא זײַן אייגנס. יעדערער װיל זײַן שיין. איך װעל אײַך ארײַנשטעלן אָט דאָ פון פאָרנט עטלעכע נײַינקע, װײַסינקע, װעלן זיי זײַן שענער פון אײַערע.

אויסגעפירט האָב איך. איך װעל בלײַבן בא מײַן קלאַװיִאַטור. מיילע, די זײַטיקע ציינער, װער זעט זיי? אָבער די פאָדערשטע... גאָט מײַנער, איך װיל נאָך שמייכלען, קאָלזמאַן עס לאָזט זיך.

אָף יענער זײַט טיר פון גערשן טייטלבוימס קאַבינעט האָבן געוואַרט א היפּש ביסל פּאַציִענטן. איך פאַרשטיי זיי. איך פיל זיי מיט. זיי זײַנען אַלע פון מײַן ליידער. זיי ווילן ווערן שענער. אין יענער מינוט איז מיר גאָר אָפן זינען ניט געקומען, אַז אויסער שיינקייט זײַנען דאָ נאָך גאָר וויכטיקע סיבעס, וועלכע נייטן אָנצוקומען צו א צײַן־פּראָ־טעזיסט.

איינער אַן עלטערער מענטש האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז פּרוּיען לעבן איבער די מינדסטע אומאָנגענעמלעכקייט פּונקט אָף אַזאַ אופן, ווי דעם גרעסטן אומגליק. איך האָב אים דערווידערט, אַז די דאָזיקע שוואַכ־קייט געהערט, דאַכט זיך, דעם גאַנצן מענטשלעכן מין. קיינער וויל ניט לײַדן, עס זאָל אים קאָסטן דער שוך אפילו עטוואָס. הײַנט אָבער בין איך געניי גט מיט אים מאַסקים צו זײַן, מיטן עלטערן מענטשן. אין שײַ־כעס צו גוטס עפּשער מער, ווי צו שלעכטס. קאָן זײַן, אַז דאָס גילט נאָר פאַר פּרוּיען. אָט קוק איך זיך צו צו זיך אַליין, און איך ווייס, אַז א גרוי־סע פרייד און א קליינע פרייד איז אַלץ א פרייד. עס ווילט זיך זי נעמען אָף די הענט און ניט אָפּלאָזן פון זיך.

באַנאַכט האָבן מיך געמאַטערט קראַמפּן אין די פיס. און דער קאָפּ האָט זיך געדרייט. איך האָב מיט שרעק געפרעגט בא זיך אַליין, צי האָט זיך בא מיר ניט אופגעהויבן דער בלוט־דרוק, צי וועל איך ניט זײַן צו לאַסט עסטערן. און איצט גיי איך מיט א שנעלן טראָט איבער דער גאַס און פיל זיך, ווי נײַ־געבוירן. איך בין צופרידן פונעם קלייד, וואָס איך האָב אופגענייט ניט לאַנג פאַר מײַן אַרויספאָרן בא זייער א גוטער שנײַדערקע. איך פיל, אַז עס פּאַסט מיר. אפילו פון מײַן קובלעק, וועלכן דווירע בורשטין רופט „א פּײַג", האָב איך אויך האַנאָע. ער זיצט אַזוי שטײַף אָף דער פּאָטיליצע. און דאָס אַלץ איז דערפאַר, וואָס גערשן טייטלבוים איז מאַסקים איבערלאָזן מיר עטלעכע פאָדערשטע צעשאָקלטע ציין.

עסטערן האָב איך געטראָפן אין שטוב מיט א פּיצל קינד אָף די הענט.

— מײַן ייִנגסט אייניקל, — האָט זי מיר אָנגעזאָגט, אונטערהאַלטנ־דיק דאָס קינד מיט איין האַנט פאַרן בײַכל, מיט דער צווייטער — פאַרן געזעסל און דרייענדיק עס אין אַלע זײַטן.

דאָס קינד מיטן ברייטן טונקעלן פּאָנעם און שמאָלע אייגעלעך האָט געלאָזט מיט זיך טאָן, וואָס עסטערן איז נאָר אײַנגעפאַלן. עס איז געווען רויִק און שטײַף, ווי א גומענע ליאַלקע.

— מאַריאַם איז דאָרט, אין באָד־צימער, — האָט געזאָגט עסטער, אַלץ האָטשקענדיק דאָס אייניקל, — ערשט פון וועג. וועסט באַלד זען א קאָפּ האָר. — און, ווי פאַרטרויענדיק מיר דעם גרעסטן סאָד: — זי וואַשט זיי מיט זויערמילך.

אין אָוונט האָט מאַריאַם געבאָדן דאָס קינד אין אַ קליין וואַנעלע. מיר זײַנען אַלע געשטאַנען אַרום. גערשן טייטלבוים איז שוין אויך געווען אין דער היים. מיר האָבן געקוקט און געגאַפּט, ווי אַזוי דאָס קינד יאָגט זיך מיט די ברוינע שטײַפע הענטלעך נאָך דער רויטער גאַנדז, וואָס איז געשווומען אין דעם וואַנעלע.

די מיצווע פון אָפּשווענקען דאָס קינד נאָכן באָדן האָט גענומען אויף זיך גערשן טייטלבוים אַליין. ער האָט פאַרזיכטיק געגאָסן פון אַ בלויען קרוג לעבלעך וואַסער אויף דער פּלייצקע פונעם קינד, וואָס מאַריאַם האָט געהאַלטן מיטן בײַכל אַראָפּ אויף די אויסגעשפּרייטע הענט. ווען דער קרוג איז אויסגעליידיקט געוואָרן, האָט עסטער איבערגענומען בײַ מאַריאַמען דאָס קינד, אײַנגעוויקלט עס אין אַ ברייטן באָד־האַנטעך און אָפּגעטראָגן צו זיך אויף דעם בעט. דערנאָך דעם האַנטעך צענומען, געגלעט מיט זײַנע עקן דעם קינדס בײַכל, איין פּיסל, דאָס צווייטע פּיסל און גערעדט צו דעם מיט אַ זינגעוודיק קאָל:

— אויסגעבאָדן זיך... אַ ריינינקער מײַן יינגעלע. אַ גאַסט בײַ מיר, מײַן זונעלע... מײַן ליכטיקע...

מיר זײַנען ווידער אַלע געשטאַנען דערבײַ. איך האָב זיך אַליין געוווּנדערט אויף זיך, ווי אַזוי איך פּלײַס זיך ניט אָפּצושטיין פון גערשן טייטלבוימען אין היספּײַלעס בעלאָשן־ראַבים: „זע נאָר, ווי מיר זיצן", „ווי מיר האַלטן עס דעם קאָפּ". געשוויגן האָט איין מאַריאַם. אַ קרעפּטיקע, מיט ברייטע אַקסלען, מיט אַ הייסער הויט אויף די בוילעטע קינבאַקן, האָט זי געקוקט ניט אויפן קינד, נאָר אויף אונדז און העפלעך געשמייכלט מיט אַ פול מויל ווײַסע ציין.

„אַרומגעוואָקסן מיט מישפּאָכע, עסטער", — האָב איך זיך געפרייט.

פּלוצלינג איז פאַר מיר אויפגעקומען דער ערשטער פרימאָרגן, ווען איך בין געבליבן אין שטוב אַליין מיט עסטערן. גערשן טייטלבוים איז אַוועק אויף דער אַרבעט. בין איך אַרײַן אין קיך, עפּשער דאַרף מען העלפן עסטערן. איך האָב זי געטראָפן אַ פאַרטראַכטע. דער האַנטעך האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אירע הענט באַם ווישן אַ טעלער. פון קראַן האָט מיט ראַש געשטראָמט וואַסער. עסטערס פּאָנעם איז אין יענער רעגע געווען מאָדנע שיין, ווי עס וואָלטן אויף אַ מאַגישן אויפן אָפּגעטאָן געוואָרן פון איר אַלע אָפּגעלעבטע יאָרן. דאָס האָט אָבער געדויערט ניט מער ווי אַ רעגע.

— גוט, וואָס דו ביסט צו מיר געקומען, לייעלע, — האָט געזאָגט עסטער. — מיט דיר פּיל איך זיך ווי יינגער. — און, שוין ווישנדיק מיט פלײַס די טעלער: — עס בענקט זיך אַמאָל אַהיים. נאָר ווען מען האָב איך דאָרט? די שטאָט גופא, זאָגט מען, איז שוין אויך אַן אַנדערע.

זי האָט אָפּגעזיפצט, אויסגעגלײַכט דעם רוקן, שווײַגנדיק מיך אָנגעקוקט. און איך האָב דערזען אַ פּאָר אויגן מיט געלבלעכע ווײַסלען, מידע אויגן פון אַן אַלטער פרוי. זי האָט אַרײַנגענומען אין אַן עק פונעם האַנ־

טעך א גאנצע זשמעניע לעפל, גאָפּל, מעסערס, פאנאנדערגעלאָזט זיי, ווי א פעכער, געווישט איינס נאָך איינס און געלייגט אין טישקעסטל אריַין.

— זאָג מיר נאָר, לייעלע, מיט מישע גרין טרעפסטו זיך אמאָל? וואָס מאכט ער, מישע? ער איז געזונט, ער ארבעט? איך האָב געהערט, ער האָט כאסענע געהאט מיט דווירע בורשטין.

— ער איז געזונט, מישע, — האָב איך געענטפערט און, אומגעריכט פאר זיך אליין צוגעגעבן: — ער איז געווען זייער צופרידן פון דעם, וואָס איך פאָר צו דיר. ער האָט געבעטן, איך זאָל דיר איבערגעבן א גרוס. גאָר א הארציקן גרוס.

1968

# אין א הארבסטיקן טאָג

## 1

פון אן אלט מאָסקווער געסל אנטקעגן דעם וואכטאנגאָוו־טעאטער איז ארויס א פרוי בא די זעכציקער און פארקערעוועט אף ארבאט. באלד איז אָנגעפלויגן און שטיין געבליבן א טראָלייבוס. אין א ווײַלע ארום האָט אים אָנגעיאָגט אן אווטאָבוס. צוויי לאנגע רייען האָבן זיך געוויגט, אין אומגעדולדיקער אײַלעניש געשפארט זיך צום ארײַנגאנג. ווו אונטערהעלפנדיק און ווו אונטערשטופנדיק אײנער דעם אנדערן, האָבן מענטשן זיך געראטעוועט פונעם דריבנעם הארבסטיקן רעגן, וועלכער האָט מיט א פארדריסלעכן גלײַכגילט צו זייערע נויטן, אלץ געטריפט און געטריפט אָן א פארוואָס און אָן א פארווען. די פרוי איז דורך פארבײַ, ווי זי וואָלט אפילע ניט באמערקט די שטופערײַ. איר וועג איז געלעגן דורכן ארבאט צום גאָגאָל־בולוואר. אין א גוטן וועטער איז עס מיט דער האנט צו דערלאנגען, אין א שלעכטן ווײַטלעך. אָבער אלציינס האָט ניט געהאט קיין זין צו שטופן זיך. אין בעסטן פאל איין סטאנציע דורכפאָרן.

איז זי געגאנגען צופוס, מיט א מעסיקן טראָט, ניט געײַלט, גלײַך ווי קיין מער זיכערע שוץ קעגן נעץ און קעלט, ווי איר רעגנמאנטל „באָלאָניע״, וואָלט גאָר אף דער וועלט ניט געווען. אירע פיס אין די קורצע גומענע שטיוועלעך האָבן געשפאנט איבערן פײַכטן טראָטואר מיטן טראָט פון א זיך עלטערנדיקן מענטשן, וועלכער וויל זיך ניט אונטערגעבן דער עלטער. א טראָט אן ענערגישער און דאָך אן אײַנגעהאלטענער, די פלייצע אן אויסגעיִבט־גראדע, און דאָך איז צו זען, אז זי לעכצט נאָך רו. אומבאמערקט פאר זייער אייגנטימער טוען זיך די אקסלען א צי פאָרויס און פארקײַלעכיקן דעם נאקן.

זינט איר מאנס ברודער נאָכעמען האָט זיך אײַנגעגעבן אראָפּצונעמען זי מיט איר טעכטערל קיין מאָסקווע, ציִען זיך אלע פעדעם פון מירעס לעבן צו ארבאט. זי איז אזוי צוגעווינט צו אים, אז טיילמאָל כאפט זי זיך, אָנשטאָט צו דורכגיין מיט א נעענטערן וועג דורך איר געסל אין צענטער, פארקערעוועט זי גאָר ווידעראמאָל אף ארבאט און פון דאָרט

אף לינקס, צום אינסטיטוט, ווו זי ארבעט, ניט ווײַט פון דער סמאָלענ־סקער מעטראָ־סטאַנציע. אין דעם טאָג, ווען וועלכן עס גייט דאָ א רייד, פרײַטיק איז עס געווען, א געוויינלעכער ארבעטס־טאָג, נאָר מירע איז געווען אין אורלויב, האָט זי פארקערעוועט ניט אף לינקס, נאָר אף רעכטס, צום אלפארבאנדישן קינסטלער־פאריין אפן גאָגאָל־בולוואר. דאפקע הײַנט איז אין דעם קיין באזונדער נויט ניט געווען. געטריבן האָט מירען אהין נאָר דער אומרו, וואָס האָט זי די לעצטע צײַט אף קיין רעגע ניט אָפּגעלאָזט. כאָטש אף איין האלבער שאָ ארײַנכאַפּן זיך. צוריק־וועגס האָט מירע געזאָלט ארײַנגיין אין א פּראָדוקטן־קלייט. אזוי טוט זי קעסיידער, פונוואנען זי זאָל ניט גיין. אָבער שטענדיק צוריקוועגס, און קיין ריי זאָל ניט זײַן. קוים דערזעט מירע א ריי, אנטלויפט זי, ווי פון פײַער, מעג מען דאָרטן פארקויפן אפילע לעבעדיקע קארפּן־פיש, וועלכע זײַנען אזוי נייטיק פארן געזונט פון איר מאנס ברודער נאָכעמען. דעם נאָכעמען, וועלכער האָט פאר זײַנע קאָרעוו אכציק יאָר איין מאָל דערלויבט זיך צו זאָגן א ליגן. צוליב איר האָט ער עס געטאָן, צוליב איר מיט איר טעכטערל. זי האָט דאָך זײַן ברודערס פאמיליע געטראָגן, בעמיילע אויך זײַנע, האָט זיך אים אײַנגעגעבן נאָך פיל מי זי אלס א לײַבלעכע שוועסטער אין זײַן ווױנונג צושרײַבן.

מירע זאָל זיך אומקערן אהיים מיט פּוסטע הענט טרעפט פונדעסט־וועגן זעלטן. ניט אין איין קלייט, איז אין א צווייטער: „אהא, ווייניק אוילעם!" קויפט זי אײַן, וואָס עס לאָזט זיך. אין שטוב קומט אלץ צוניץ. בא דער שווער, נאָכעמס פרוי, איז עס אָנגעלייגט. זי האָט צו מירען קיין טענות ניט. אויב עס פעלט איר עפּעס אין דער באלעבאטישקײַט, כאַפּט זי זיך אליין ארויס נאָך דער ארבעט פון שטוב און בישטיקע, מירע זאָל ניט באמערקן, פארשטעקט זי דאָס פון איר אײַנגעקויפטע אין דער אײַז־שאפע, אָדער אף איינער פון די קיך־פּאָליצעס. זי ווייסט דאָך, מירע איז ניט קיין פריצטע. מירע קאָכט מיטיק, זי שײַערט די וואנע, און ווען ס'איז נייטיק, זאָטלט זי אָן דעם רעכטן פוס מיט א בערשטל און טאנצט אזוי לאנג איבערן געוועקסלטן דיל, ביז זי דערפירט אים צו שפּיגל־גלאנץ. די באלעבאטישקײַט פירן זיי שטרענג לויט דער ריי. איין וואָך — די שווער, איין וואָך — מירע. אפילע איצט, ווען די טאָכ־טער האָט כאסענע געהאט און אריבערגעקליבן זיך אין א נײַער דירע, וועט מירע איר ריי ניט דורכלאָזן. איבער א וואָך, פונקט ווי זי וואָלט דאָ, ווי פריער, געלעבט אינצווייען.

קיין אויסגעשפּילטע באלעבאָסטע איז מירע קיינמאָל ניט געווען. אייצעס, צי דארף מען אין געהאקטן לעבער ארײַנטאָן רויע ציבעלעס אָדער צופרעגלען זיי פריער אין בוימל און דערנאָך ערשט צעמאָלן, זײַנען בא איר אין איין אויער ארײַן, פון צווייטן ארויס. שוין אָפּגערעדט פון פארשרײַבן „רעצעפּטן" אף געבעקס. אָן איבעריקער צײַט־פארטרײַב. געבעקס קאָן מען קויפן. מירע האָט אָבער פײַנט נאכלעסיקײַט סײַ אף דער ארבעט, סײַ אין שטוב. אלץ, וואָס זי טוט, טוט זי בישליימעס. אָבער בלויז דאָס, וואָס איז לויט איר פארשטאנד נוצלעך.

געווען, לעמאָשל, א צײַט, ווען מירע איז געקומען צום באשלוס, אז

דאָס, וואָס עס ווערט געטאָן אין איר אינסטיטוט, איז לאַכלוטן אומנוצלעך. זי האָט זיך צוגעהערט צו די אמפּערײַען אָף די פּילצאָליקע באַראַטונ־גען — רייד, אָן א שיר רייד, — און וואָס ווײַטער, האָבן זיי אַלץ מער באַקומען אין אירע אויגן דעם אויסזען פון א מין באַסקעטבאָל־שפּיל. דער איקער איז וואָס העכער אונטערשפּרינגען, וואָס פלינקער פאַריאָגן די פּילקע אין איר געפלאָכטענער געפּענקעניש אַרײַן. און ווי איז געווען צו יענעם, וואָס האָט ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט שפּרינגען, צו דעם „פאַרשלאָפענעם מאַלעך״, וועלכער האָט פאַרזען די פליִענדיקע פּילקע, באַצײַטנס ניט אונטערגעכאַפּט זי.

מירען איז די קונסט פון ריידן ניט געווען פרעמד. א געניטע לעק־טאָרן, א דאָצענט. אין דער יוגנט אויך א געשולטע ספּאָרטלערן געווען. א מאַזיק דאַפקע אין שפּרינגען, הויכע באַריערן אײַנגענומען. אין דער וויסנשאַפט אָבער האָט זי פון קיין שפּרינגערײַ ניט געהאַלטן. האָט זי אַנטשיידן, מיט דער פולער אַכרײַעס פאַרן אייגענעם געוויסן פאַרלאָזט דעם אינסטיטוט, אין וועלכן איר, א געקומענער פון דער ווײַט, האָט זיך גאָר ניט אַזוי גרינג אײַנגעגעבן צו פאַרנעמען דאָס געהעריקע אָרט. אין דער ערשטער הייסער מינוט, ווען מירע האָט איבערגעריסן סאַמע אינדערמיט דעם דירעקטאָרס א באַליבטע פראַזע, וועלכע אַלע זײַנע מיטאַרבעטער האָבן געקענט אָף אויסווייניק, און אויסער די וווּנט פונעם אינסטיטוט איז שוין די דאָזיקע פראַזע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א וויץ, אָף צו פאַרווײַלן די בניי־באַיִס, איז אָט, ווען זי האָט דעם דירעקטאָר איבערגעריסן, און אוועקגעלייגט אָף זײַן גרויסן שרײַבטיש איר קליי־ נינקע מעלדונג, האָט זי זיך פאַר אַן עכטן רעקאָרדסמען דערפילט. א שטאָלצע פאַרלאָזט דעם קאַבינעט. נאָר קוים האָט זי זיך דערזען אָף יענער זײַט פון די צוויי מיט דערמאַטין באַשלאָגענע טירן, איינע הינטער דער אַנדערער, וועלכע זײַנען באַרופן געווען מיט זייער פוכיקײַט דעם דירעקטאָרס שעפערישן שווונג אָפּצוהיטן, האָט זי באַהערשט און שוין אָף לאַנג ניט אָפּגעלאָזט דאָס געפיל, אַז באַם אײַנעמען דעם באַריער האָט זי רוק־און־לענד געבראָכן. אָף אייביק, ווי ס׳האָט זיך איר דאַן אויסגע־וויזן, מיט יעדער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג זיך אָפּגעגעט. לויטן איי־ גענעם פאַרלאַנג...

מירע האָט געזוכט אַרבעט. נאָר ווּהין זי האָט זיך ניט געווענדט, האָט קיינער ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס א וויסנשאַפט־קאַנדידאַט באַט זיך אָן פאַר א מאַשיניסטקע, פאַר א פאַרקויפערן פון ביכער, אָדער אַפילע פאַר אַן אופּראַמערן. סאָפּקאָלסאָף האָט זי נאָכעם אײַנגעאָרדנט באַ א באַקאַנטן פּראָפעסאָר אַלס אַן איבערזעצערן פון ענגליש. ביז ס׳איז געקור־מען די צײַט, ניט איין יאָר איז אַדורך, ווען זי האָט אַפּדאַסנײַ מיט רעכט פאַרנומען איר אָרט אין אינסטיטוט.

די בליומס האָבן קיין קינדער ניט געהאַט. איז טאַמאַרעלע געוואָרן זייער טרייסט, די שײַן פון די אויגן. צעפּעסטען זי האָט אָבער מירע ניט דערלאָזט. איבערהויפּט, אַז די אַטמאָספער גופע אין שטוב האָט געפּאָ־ דערט א געוויסע שטרענגקײַט אין דער אופירונג. יעדערער איז דאָ

געווען שטאַרק באַשעפטיקט. יעדערער פֿון די פֿיר מענטשן, דרײַ דער־וואַקסענע און איין קינד, האָט זיך געניייטיקט אין אַן אַרבעטס־פּלאַץ אויך אין דער היים. מיט מירעס אַריבערפֿאָרן קיין מאָסקווע איז אין שטוב, נאַטירלעך, געוואָרן ענגער, ווי פֿריִער. אַנדערע אָבער האָבן גע־לעבט אין אַ גרעסערער ענגשאַפֿט. אַמאָל האָט דאָס גאַנצע הויז געהערט אַ מאָסקווער סויכער. איצט האָט אין יעדן צימער געוווינט אַ מישפּאָכע פֿון דרײַ — פֿיר און אַפֿילע פֿון פֿינף מענטשן. בלויז זיי, די בליומס,ביידע שוין אין די דרײַסיקער יאָרן באַדײַטנדיקע געלערנטע, האָט מען דאַן אויסגעטיילט צוויי צימערן. און נאָך איינעם אָן אַ פֿענצטער, אַ גע־וועזענע שפּײַז־קאַמער, וועלכער האָט זיי געדינט פֿאַר אַ קיך. אַפֿילע אַ וואַנע האָבן זיי דאָרט באַשטאַט, מיט אַ ברייטן צעראַטענעם פֿאָרהאַנג פֿאַרשטעלט.

מיט עטלעכע וואָכן פֿאַר מירעס אַריבערפֿאָרן קיין מאָסקווע איז שוין איין צימער געשטאַנען גרייט פֿאַר איר מיט איר טעכטערל. אייגנטלעך האָט זיך דאָ גאָרנישט ניט געביטן. מער ניט, וואָס די בליומס האָבן שוין דאָס צימער ניט געהאַלטן פֿאַר זייערס. אַרײַנגעקומען אַהין בלויז נאָך אַ נייטיקן בוך. געביטן האָט זיך נאָר די קיך. אַ טישל איז דאָרט צוגע־קומען און אַ שטול דערבײַ. דאָס טישל איז געווען נאָכעמס און מער קיינעמס, אין די אָוונטן פֿלעגט ער אַרײַנקומען אין קיך אין אַ פּײַנעם לאַנגן באָד־כאַלאַט, אַ נעם טאָן דעם שטול פֿון אַרונטערן טישל, אָפּרוקן אים ביזן ראַנד פֿון דער וואַנע און אײַנשליסן ליכט. דערנאָך פֿאַנאַנדער־לייגן אָפֿן טישל זײַנע פּאַפּירן, די ביכער באַ דער רעכטער זײַט אָפֿן דיל, מיט האַנאָע פֿאַרטיפֿן זיך אין דער אַרבעט. עס האָט אים ניט געאַרט, טאָמער האָט הינטער זײַן פּלייצע ווער געפּאָרעט זיך באַ דער פּליטע אָדער געפּליושקעט זיך אין דער וואַנע. מענטשן, וועלכע עס איז געווען באַקאַנט, אַז יעכיעל בליום ווייסט ניט פֿון קיין כילעק צווישן שאַבעס און וואָך, אַרבעט קעסיידער, האָבן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, האַלעמײַ ער בלענדט זיך די אויגן אויך באַטאָג באַ עלעקטרישער שײַן. דער זעלבער סטאָליער, וועלכער האָט פֿאַר די בליומס געמאַכט די וואַנט־שאַפֿעס, קאָן דאָך אויך דורכשלאָגן אַ פֿענצטער אין קיך. אָף דורכשלאָגן אַ פֿענצטער דאַרף מען דאָך אָבער אַ דערלויבעניש. פּאַפּירן... אָנשטאַלטן... האָט נאָ־כעם אָף אַלע טײַנעס געהאַט אַ פֿאַרטיקן ענטפֿער: „די שאַפֿעס זײַנען אינווייניק, און דאָס פֿענצטער זעט זיך פֿון דרויסן". אַרויסגעזאָגט האָט ער עס געוויינלעך מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, אַליין געמיינט, דער שמייכל זאָל זײַן אַ כיטרער, פֿון אַ מין דורכגעטריבענעם יונג, וואָס ווייסט, ווי צו פֿירן זיך אָף דער וועלט.

נאָכעמען האָט קיינמאָל גאָרנישט ניט געשטערט. ער האָט זיך אַפֿילע געוויצלט, אַז די בעסטע אײַנפֿאַלן קומען באַ אים אויף אין מעטראָ. לינען אָבער, זײַן פֿרוי, עפּשער איבער אירע צוגאָבלעכע ווירטשאַפֿט־זאָרגן, האָט די מינדסטע אויסערלעכע שטערונג אַרויסגעפֿירט פֿון גלײַכגעוויכט. מיט מירעס אָנקומען האָט זי דאָך איר אַרבעטס־צימער פֿאַרלאָרן. דערפֿאַר

איז עס נאָכעמען אײַנגעפאלן, אין מעטראָ מיסטאמע, אוועקצושטעלן פאר זיך א טישל אין קיך. לינען האָט ער זײַן אידיי צוגעטראָגן, ווי א שטימונגס־זאך, ווי איינע פון זײַנע „מעשוגאסן”. אזויארום האָט ער איר ארבעטס־פלאץ פארהיט און אויך מירען באוואָרנט, זי זאָל ניט פילן, אז זי מאכט עמעצן ענג.

בלויז איין סיבע האָט געקאָנט ארויסרופן אן אומצופרידנקײַט בא דעם אָדער יענעם צאד — דאָס איז די היפּערטראָפיע פון אופמערקזאמקײַט. אזוי האָט מירען נערווירט, וואָס קוים פארהאלט זי זיך ערגעץ שפּעטלעך אין אָוונט, איז, ניט געקוקט אף איר טעלעפאָן־וואָרענונג, ווארטן זי אָפּ דער שוואָגער מיט דער שוועגערן באם ארײַנגאנג אין הויז. זיי ווידער, די בליומס, איז געווען ניט צום הארצן מירעס פעדאנטישקײַט אין געלט־כעזשבוינעס. זי האָט קעסיידער געציטערט עפּעס־וואָס בא זיי ניט צו פארנעמען. די קוים מערקבארע אָנשטרענגונג אין די באציִונגען צווישן מירען און די בליומס האָט זייער גיך אָפּגעלאָזט, ווײַל יעדערער פון זיי איז געווווינט געווען צו אכטן יענעמס פארלאנג. דעריבער האָבן די בליומס, האגאם עס האָט זיי שטארק געערגערט, קיין וואָרט ניט געזאָגט, אדעראַבע, פּרווו עפּעס זאָגן מירען קעגן דעם, וואָס זי האלט פאר גערעכט, ווען זי האָט זיי גענומען ראטעסווײַז אויסצאָלן דאָס געלט פאר די צוויי כאדאָשים, וואָס זי מיט דער טאָכטער האָט געלעבט אף זייער כעזשבן, בייס זי האָט פארלאָזט די ארבעט אין אינסטיטוט.

אין שטוב בא די בליומס איז ניט געווען קיין איין איבעריק שטיקל מעבל. א מאָדערנער הארטלעכער געלעגער, א שרײַבטיש און איין ווייכער פאָטעל אין יעדן צימער, באקוועמע לײַכטע שטולן. אין מירעס צימער האָט זיך שפּעטער באוויזן נאָך א פאָטעל, וואָס האָט צו נאכט־צו אויסגעצויגן זיך אין דער לענג פאר טאמארעס וועגן. די שאפעס האָבן קיין פלאץ ניט פארנומען, אײַנגעמאָנטירט געווען אין די ווענט. אין דעם גרעסערן צימער, בא די בליומס, איז אויסער דעם שרײַבטיש, געשטאנען נאָך איין טיש, ניט קיין גרויסער, א קײַלעכדיקער. באם צונויפקומען זיך פון געסט פלעגט דאָס טישל צעשפּרייטן צוויי פליגלען און פארוואנדלט ווערן אין א היפּשן אָוואל. דאָס איז גאָר. אין דער גאנצער שטוב ניט קיין סעקרעטער, ניט קיין בארימער — א סערוואנט. פונוואנען פלעגט בייס א יאָמטעוו ארופקומען דאָס פײַנע געשיר אפן טיש, איז געווען דער סאָד פון דער באלעבאָסטע. געוויינלעך האָט זיך עס ניט אָנגעזען. אָנגעזען האָבן זיך באלד באם ארײַנקומען אין שטוב ביכער. קיין איין בוך מיט א צעדריבלטן אָדער א פארשמאָלצעוועטן רוקן. א טייל פון זיי, זעלטענע אלטע אויסגאבעס, יעקאר־האמציִעסן, האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייערע לעדערנע אײַנבונדן. די קארגע מעבלירונג האָט איבערגעלאָזט אין יעדן צימער א היפּשן ניט פארפולטן שטעטך. האָט די דאָזיקע געראמקײַט, די ביכער בא די ווענט און די פינקלענדיקע זויבערקײַט אין יעדן ווינקעלע — אלץ צוזאמען, אויסגעבילדעט אן אייגנארטיקן שטרענגן סטיל. און דער סטיל האָט מיט זײַן אומגעוויינלעכער געוויינלעכקײַט ארויסגערופן אָפּשײַ צו די באלעבאטים פון דער וווינונג. אפילע די פאָטשט־טרעגערן פראָסיע, א פרוי — א פּיצל, מיט פאָסטעמקעס פון א מאנצבל — א גוואר,

פלעגט, ארײַנטראָגנדיק אַמאָל אַ באַנדעראָל צו די בליומס, צוימען איר מעכטיק קאָל.

ס'איז דורכגעגאַנגען אַ היפּשע צײַט, ביז די שטילע וווינונג פון די געלערנטע, מיט איר שטרענגער, אָפן גאַנצן לעבן אויסגערעכנטער אויסשטאַטונג, האָט דאָך באַקומען אַ נײַ פּנים. אויף די ווענט פון בײדע צימערן האָבן זיך אויסגעשפּרייט אַריבער די ביכער־סטעלאַזשן יעכיעל בליומס צייכענונגען, אַקוואַרעלן, גואַשן... יעדע פון זײַנע אַרבעטן האָט פאַרמאָגט איר באַזונדערן קינסטלערישן מיין, וועלכער האָט געפונען זײַן טיקן אין דער יעדעס מאָל אויסגעפונענער קאָמפּאָזיציע און פאַרב־אינסטרומענטירונג. אויך לויטן פאָרמאַט האָבן זיי זיך שטאַרק אונטערשיידט. זײַנען די אַרבעטן געהאַנגען אויף אַ פאַרשיידענעם ניוואָ, אויסגעבילדעט אייגנאַרטיקע גרופּעס. די ווענט אינעם הויז, אַריבער פיר מעטער די הייך, האָבן עס דערלויבט. צווישן דער אויסגעכעזשבנט־גראַדער ליניע פון די ביכער־סטעלאַזשן און דער בילדער־עקספּאָזיציע איבער זיי, וואָס האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין שום געאָמעטריע, איז קיין סיכסעך ניט אופגעקערמען. פאַרקערט, זיי האָבן זייער גוט געהויזט צווישן זיך.

מירעס שוואָגער און די שוועגערן זײַנען אַ צײַט, אומקערנדיק זיך אַהיים פון דער אַרבעט, יעדעס מאָל שטיין געבליבן אויף דער שוועל און באַוווּנדערט די נײַע שיינקײַט פון זייער וווינונג. באַ איין מירען איז פאַרבליבן אַ סאָפעק, צי איז דאָ טאַקע אַלץ אַזוי גוט. ביכער הינטער גלאָז, בילדער הינטער גלאָז. נאָר דאָס איז געווען ניט צום ענדערן. האָט מירע מיט דעם שאָלעם געמאַכט. ביפּראַט נאָך, אַז אין טאַמאַרעלען איז ווי אַ נײַע נעשאָמע ארײַן, זינט אויף די ווענט האָבן זיך באַוויזן יעכיעלס בילדער. ווען צו איר פלעגט זיך ארײַנכאַפּן אַ כאַווערטע און גלײַך פאַרפירן אַ רייד וועגן די לימודים אין שול, וועגן אַ נײַער מאָדע, אָדער פאַרטרויען אַ סאָד וועגן אַ יינגל, אין וועלכן זי איז פאַרליבט אַזוי, אַז נאָר „דער טויט קאָן זיי צעשיידן", פלעגט טאַמאַרע זי אויסהערן ווי באַרויגעזלעך און באַ דער ערשטער פּאַוזע שטיל אַ זאָג טאָן: „אָט דאָס זײַנען מײַן טאַטנס בילדער". ווען די כאַווערטע, אַ פאַרשעמטע, האָט מיט פאַרשטאַנד, אַמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז אָן פאַרשטאַנד, באַטראַכט די ווענט אין בײדע צימערן, פלעגט זיך ערשט אָנהייבן אַ שושקערײַ און אַ געלעכטער, ווײַל בעטעווע איז טאַמאַרע געווען אַ מילדע און אַ פריילעכע. פון אַכט יאָר אָן האָט זי מיט אומגעצוווּנגענער גרייטקײַט באַפרײַט די מאַמע פון פיל לאַסטן. ביז מירע פלעגט קומען פון דער אַרבעט אַהיים, פלעגט טאַמאַרעלע באַווײַזן אויסצושטײַן אַ דרײַ־פיר רייען: נאָך זייף, נאָך ברויט, נאָך גרויפּן... קימאַט אַליין דאָס בידנע עוואַקואַציע־מאַזל ארײַנגעבראַכט אין שטוב. און אויך אַ גוטע באַלעבאָסטע אויסגעוואַקסן, כאָטש זי האָט ניט געהאַט פון וועמען עס צו לערנען. אין אונטערשייד צו דער מאַמען, האָט זי, אויך אַ שטאַרק באַשעפטיקטע פרוי, זיך יאָ אינטערעסירט מיט „רעצעפּטן" ניט נאָר אויף געבעקס, נאָר אויך אויף געקעכטס. ארײַנגעקוקט אין „וועטשאָרקע", אין „פרויען־קאַלענדאַר", פלינק אָפּגעטיילט נוצלעכע אייצעס פון אומנוצלעכע. זי האָט זיך געערן צוגעהערט צו אַ צופעליקן שמועס צווישן צוויי

פרויען אין מעטראָ, אין אווטאָבוס, אַליין אריַינגעשטעלט א וואָרט. אויסדערציילט און אויסגעפרעגט, און אָט איז שוין בא איר פּאַרטיק א שפּאָגל־נײַער מײַכל. און אַלץ גיך און מיט האַנאָע פון דעם גוטן שטיקל ארבעט, וואָס זי ווייסט, אַז ס'וועט איר געלינגען.

מירע טוט אויף אַלץ שנעל. און וואָס זי ווערט עלטער, אַלץ מיט מער האַסט. אָבער האַנאָע? ניין. דער האַסט קומט פון דעם פאַרלאַנג וואָס גיכער אָפּפּאַרטיקן זיך מיט דעם, וואָס איז איר ניט ליב. היפּשע יאָרן שוין איז פאַר מירען דאָס באַלעבאַטעווען א מוז און אַן אָפּקומעניש, איבערהויפּט, זינט ס'האָט זיך אָפּגעטיילט פון איר די טאָכטער. איר קאָפּ איז ערגעץ אַנדערש. אין אינסטיטוט? מיליאָנען פרויען ארבעטן אין אינסטיטוטן אָדער ערגעץ אַנדערש־ווו... בא דער טאָכטער? מיליאָנען עלטערע פרויען ווייסן, אַז א קליין קינד איז א קליינע זאָרג, א גרויס קינד איז א גרויסע זאָרג, און דאָך...

ס'איז טיפער האַרבסט. עס גייט אַוועק א יאָר. ווײַטזעעוודיקע מענטשן האַנדלען איַין באַצײַטנס יאָמטעוודיקע קאַרטלעך — מיט אויסגעפּוצטע יאָדלעס, מיט שליטנס אין פליִענדיקן שניי. מירען וועט מען אויך באַגריסן מיטן אָנקומענדיקן נײַעם יאָר, מע וועט איר ווינטשן דערפאָלג אין דער ארבעט און אין פּערזענלעכן לעבן. דערפאָלג אין דער ארבעט — דאָס איז בא איר זייער אָנגעלייגט. אין פּערזענלעכן לעבן? דער דאָזיקער ווונטש מיינט איר טאָכטער, איר איידעם, דאָס אייניקל. אויב פאַר זיי, איז עס א ווונטש אויך פאַר איר. צי וועט אָבער ווער פון מירעס פרײַנט דערמאָנען אין א יאָמטעוודיק קאַרטל דעם מאָלער יעכיִעל בליום, איר מאַן, וועלכן זי האָט פאַרלאָרן בייס זי איז קוים פינף און דרײַסיק יאָר אַלט געווען? אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. מיט האַרץ־ציטערניש נעמט זי ארויס ערעוו נײַ־יאָר פון דעם פּאָטשט־קעסטל יעדע באַגריסונג. עפּשער וועט ווער דערמאָנען... די לעצטע דרײַ יאָר מאַכט זיך, מע דערמאָנט. מע ווינטשט איר, מירען, איר מאַנס אויסשטעלונג זאָל דורכגיין מיט דער־פאָלג.

2

אַלס וויסנשאַפטלערן האָט מירע געהאַט רעכט אויף אַנדער־האַלבן כאַדאָשים אורלויב. איר שוואָגער און די שווועגערן — אויף נאָך מער. רוען זיי יעדן זומער צוזאַמען אַלץ בא דער זעלבער באַלעבאָסטע אין א פּיצינקער, אָבער זייער שטילער און ציכטיקער וווינונג באַם ריגער אײַנ־גוס. די באַלעבאָסטע האָט זיי אַפילע מיטיק געקאָכט. איז ווו האָבן זיי געקאָנט בעסערס געפינען? טאַמאַרע פלעגט זיך מיִען צופּאַסן איר עטוואָס קירצערן אורלויב צו דער זעלבער צײַט. פלעגט זי אויך דאָסראָוו פאַרברענ־גען עטלעכע וואָכן באַם יאָם מיטן קינד. דערנאָך עס איבערלאָזן אויף באַראָט פוןביידע באָבעס מיטן זיידן און אוועקפאָרן מיט א רויִק האַרץ.

דאָסמאָל האָט טאמארע איר אַקטיאָריקן זון אײַנגעאָרדנט אין א פּיאָ־
נער־לאגער, דעם מאן אָפּגעשיקט רוען אין קרים, פאר זיך קיין אורלויב
ניט גענומען. די בליומס זײַנען אויך פארבליבן אפן גאנצן זומער אין
מאָסקווע מיט דער ריזיקע צו פארלירן באם ריגער אײַנגוס זייער רויִקן
געצעלט מיט דער ליבנסווירדיקער באלעבאָסטע. מירע האָט זיך יאָ גע־
נומען אורלויב, אָבער ניט אין די זומערדיקע כאדאָשים, נאָר אין טיפן
הארבסט. איז זי איצט געווען דער איינציקער פרײַער פויגל אין דער
מישפּאָכע. די אומשטענדן האָבן, אייגנטלעך, דערלויבט, ווי ס'האָט זיך
שפּעטער ארויסגעוויזן, זיי אלעמען אָפּצורוען אין דער געווינטער צײַט.
מירע וואָלט אָבער אלציינס אין ערגעץ ניט געפאָרן. איבערלאָזן זי איינס
אף איינס מיט איר אומרו, מיט דער שפּאנונג, וואָס איז אין איר געוואקסן
פון טאָג צו טאָג.— יאָ־ניין, יאָ־ניין,— האָבן אירע נאָענטע ניט געקאָנט.

גאנצפרי פליט ארויס „דער פרײַער פויגל" אין דער באַלאָניע פון
שטוב, לייגט ניט קיין אכט אפן רעגן, וועלכער האָט יענעם הארבסט,
ווען קיינער האָט אים שוין ניט געדארפט, מיט א צולאָכעסדיקער אײַנגע־
געסנקײַט אלץ געטריפט און געטריפט. מיט דרײַ יאָר צוריק איז מירען
געראָטן פויעלן באַ דער פארוואלטונג פונעם קינסטלער־פאריין אײַנצואָר־
דענען יעכיִעל בליומס א פּערסאָנעלע אויסשטעלונג. עס האָבן איר אין דעם
צוגעהאָלפן די ווייניקע, וועלכע האָבן יעכיִעלן געדענקט און פארהיט
דעם אָפּשײַ פאר זײַן טאלאנט נאָך פון די ווכוטעמאס־יאָרן. זיי, די איצט
געהויכטע און געקרוינטע, מיט די פארשיידנסטע ערן־צייכנס באצירטע,
פלעגן דאן בלײַבן שטיין פארגאפטע באַ יעכיִעל בליומס ארבעטן אף די
יערלעכע אויסשטעלונגען פונעם אינסטיטוט. דרײַ יאָר איז די אויסשטע־
לונג געשטאנען אין פּלאן, און ערשט איצט, אין אָט א־דעם הארבסט,
האָט זי געזאָלט צו שטאנד קומען. דעריבער טאקע האָבן ניט די בליומס,
ניט טאמארע דאָס יאָר ניט גענומען קיין אורלויב. מיט מיטגעפיל און
אומרו האָבן זיי נאָכגעפאָלגט נאָך מירעס אומדערמידלעכער מי, נאָך איר
ארומפליִען איבער פארשיידענע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן צו טאָן מיט
קונסט־איניאָנים. זיי, די בליומס, געווינטע צו מאטעמאטישע פאָרמולעס,
צו פּינקטלעכע, גענוי ארגומענטירטע עמעסן, האָבן ניט געקאָנט פאר־
שטיין, פארוואָס מירען קומט אויס אזויפיל צו דערווײַזן, מאָנען, פאָדערן.
צום גליק, האָבן זיי ניט געוווסט, אז איר, מירען, וועלכע האָט קיינמאָל
פאר קיינעם ניט געבויגן דעם קאָפּ, קומט איצט אויס ניט נאָר צו דער־
ווײַזן, מאָנען און פאָדערן, נאָר אפילע בעטן, האגאם אויך איר איז אָפּט
געקומען אפן זינען, אז בעטן האָט מען גאָר געדארפט באַ איר. דאָס
פאָלק זאָל געניסן פון די שיינקײַטן, וועלכע עס האָט פאר זײַן קורץ
לעבן געשאפן יעכיִעל בליום, איז עס דען בלויז איר פּערזענלעכער
איניען?

ניט נאָר דאָס אויסגעצערטע פּאָנעם מירעס האָט באאומרויִקט אירע
נאָענטע. פאר זיי איז אויך ניט פארהוילן געבליבן, אז אין דעם דאָזיקן
הארבסט־כוידעש האָט מירע ווי פארגעסן, אז עס איז דאָ אף דער וועלט
א וויסנשאפט, אין וועלכער זי האָט א היפּשן כיילעק געהאט, וואָס הייסט
„גענעטיק". אזוינס איז געווען ניט צו באגרײַפן. דערפאר איז די נערווע־

זע שפּאַנונג אין שטוב געוואַקסן מיט יעדן טאָג. א שפּאַנונג און איינגעהאַלטענע, וועלכע האָט זיך ניט אויסגעגעבן ניט מיט קיין טנוע, ניט מיט קיין זשעסט, ניט מיט קיין וואָרט.

אַף מירעס שרייַבטיש האָט זיך באוויזן א דיק נאָטיץ־העפט. נאָך א טאָג האָוועניש — האָוועניש איז פון שטענדיק אָן געווען מירען שטאַרק דערווידער,— א הונגעריקע, ווייַל ס'האָט איר קיין געדולד ניט געסטייַעט אַרייַנכאַפּן זיך אין א קאַפע איבערבייַסן, פלעגט זי קומען אהיים, אייַנשלינגען אפדערגיך א פּייַנקוכן, א גלאָז קאווע מיט א בוטערבראָד און באלד נעמען זיך צו דעם העפט:

...דערמאָנען, מע זאָל באצייַטנס פאַנאַנדערקלעפּן די אפּישן. א קוק טאָן אין רעדאַקציע דעם סיגנאַל־עקזעמפּליאַר פונעם קאַטאַלאָג.

...ווער וועט עפענען די אויסשטעלונג? אָנקלינגען ב. מ., צי ער איז מאַסקים.

...קאָנטראָלירן, צי האָט מען באשטעלט גוט גלאָז. עס זאָל ניט זייַן בלוי.

„דערמאָנען", „קאָנטראָלירן", „אָנקלינגען" — דער פּלאַן פון האָוועניש. א פּליטקע שאָקאָלאַד, א האַלבער ליטער („דאָס ווייַסע קעפּל"), צוויי פּאָר זאָקן (קאַפּראָנאָווע, העלע). אַזוינס איז אויך געווען פאַרנאָטירט אינעם העפט. קיין נעמען אָדער איניציאַלן זייַנען דערבייַ ניט געשטאַנען.

ווען א פרעמד אויג קוקט אַרייַן אין דעם העפט, וואָלט דאָ פיל ווי א רעטעניש אויסגעוויזן זיך. אָט, לעמאָשל, איז דעם 12 סענטיאַבער נאָך מיט אַן ענערגישן שטריך אויסגעמעקט „דערמאָנען יע. א. וועגן די אַרבעטן אין די מוזייען פון די שטעט מ. וו. ב." אזוי איז מירע זיך נויטיג, ווען די אופגאַבע איז, ווי עס ווייַזט אויס, אויסגעפילט און מער דאַרף מען זיך צו איר ניט אומקערן. דעם 14 סענטיאַבער — „פאַרוואָס זייַנען ניט אָפּגעשיקט געוואָרן די בריוו אין די מוזייען?" אויסגעמעקט. דעם 23 סענטיאַבער: „צי האָט יע. א. ניט פאַרלאָרן די צעטלען פון די אַרבעטן אין די מוזייען? הייַנט דערגיין א טאָלק". אונטער דעם „דערגיין א טאָלק" — א נערוועזע געבראָכענע ליניע. ניט אויסגעמעקט.

אומגעריכט פאַר זיך אַליין איז מירע יענעם פרייַטיק, וועגן וועלכן עס גייט דאָ א רייד, אַרייַנגעקומען אין דער אַנטיקוואַר־קלייט אַף אַרבאַט. קימאַט יעדן טאָג אין מעשעך פון יאָרן, דורכגעגאַנגען פאַרבייַ און קיין איין מאָל אהין ניט אַרייַנגעקוקט. ווען עמעצער פרעגט זי „פאַרוואָס", וואָלט זי ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. עפּשער זייַנען איר דערווידער געווען די פאַרשווינען, וואָס האָבן זיך דאָ קעסיידער געראָיעט באם אַרייַנגאַנג. דאַכט זיך, אזוי, מענטשן ווי מענטשן, נאָר פונוואַנען נעמט זיך אין זייערע פּענעמער דער אויסדרוק, ווי יעדערן פון זיי וואָלט באוווּסט געווען אַזא סאָד, וואָס קיין איין שטערבלעכער, אויסער זיי, איז עס ניט ראָע צו וויסן.

שווער צו פאַרשטיין, וואָס האָט געשטויסן מירען דאַפקע אין יענעם פרייַטיק אַרייַנצוקומען אין דער אַנטיקוואַר־קלייט. צי דער רעגן, וועלכן

ס'איז דערעסן געוואָרן דאָס צעבײַטן זיך אַף קלײנגעלט און ער האָט מיטאמאָל א פליוכע געטאָן מיט אזא אימפעט, אז פון מירעס וואסער־אָפּשטויסנדיקן דרײַעקיקן טיכל האָט שוין ניט קײן זעלטענער טראָפּן פויל אראָפּגעקײַקלט זיך אַף דער נאָז, נאָר גאנצע ריטשקעס האָבן פון דעם געגומען רינען. אין איר פארטראָגנקײַט וואָלט מירע עפּשער אויך אַף דעם קײן אכט ניט געלײגט. דאָ האָט נאָך צוגעשפּילט די נײַגעריקײַט, וועלכע ס'האָט אין איר אופגעוועקט איר שוואָגער נאָכעם בליום.

נעכטן איז נאָכעם געקומען פון דער ארבעט פריִער, ווי געוויינלעך. מירע האָט אים געטראָפן אין קיך, אײַנגעבויגן איבער זײַנע פאפירן. ער האָט זיך אַף איר אומגעקוקט מיט א שולדיקן שמייכל אפן פּאָנעם. מירען איז ניט אויסגעקומען לאנג ברעכן זיך דעם קאָפּ איבער דעם, פארוואָס ער קוקט אַף איר אזוי. נאָכעמס „שולד" איז געהאנגען אַף דער וואנט איבער זײַן ארבעטס־טישל.

— אָט דאָ, לעבן אונדז, אין דער אנטיקוואר־קלייט געקויפט. האָב אַף מיר קײן פאריבל ניט. ס'איז זײער שלעכט, האַ?

מירע האָט א ווײַלע שווײַגנדיק געקוקט אַף דער קאָמפּאָזיציע פון רויט און בלוי, וואָס איז מיט געשמאק אויסגעפילט געווען מיט אייל־פארב אַף א קלײנעם לײַוונט.

— פארוואָס שלעכט? — האָט זי זיך אָנגערופן. — דאָס האָט געמאָלט א באגאבטער מענטש. מיר געפעלט.

נאָכעמס פּאָנעם האָט אופגעשײַנט:

— און איך האָב מוירע געהאט אופצוהענגען... פארשטייסט, זינט מע האָט אוועקגעפירט אַף דער אויסשטעלונג יעכיעלס בילדער, איז אזוי פוסט געוואָרן אין שטוב. קלער איך, זאָל דערווײַל הענגען. דאָס גאנצע לעבן האָב איך צו טאָן מיט אבסטראקציעס, איז זאָל זײַן נאָך איינע.

— איין רעאליע איז דאָ פאראן, — האָט באמערקט מירע. — קוק זיך נאָר גוט צו. אָט, ביימער־שטאמען.

— טאקע, פאראן, — האָט זיך פארוואונדערט נאָכעם. — און איך האָב ניט באמערקט.

צי די סיבע איז געווען דער רעגן, צי נאָכעם בליומס אומגעריכטער אופטו, אזוי אָדער אנדערש, האָבן מירען די פיס אליין ארײַנגעטראָגן צום ערשטן מאָל אין דער אנטיקוואר־קלייט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער וואָלט זי עס פארשפּאָרט צו טאָן און ס'וואָלט מיט איר ניט געשען דער נעס, וואָס איז געשען. עפּשער וואָלט זי צופעליק באמערקט אין אוועלכער־ניט־איז צײַטונג די מיטיילונג וועגן א פּראָצעס איבער ספּעקוליאנטן מיט אנטיקוואר־אנטיקלעך. וואָלט דער טראסק פון דער געפּלאצטער קלייט צו איר דערגאנגען ווי א ווײַטער ווידערקאָל. ניט מער.

מירע האָט ארײַנגעקוקט אין דעם זאל פון רעכטס. אלטערטימלעך מעבל, אינטעריער־באפוצונגען, צירונג — צו דעם אלעמען האָט זי קײן גוסט ניט געהאט, און ניט קײן צײַט, און ניט קײן געלט. עמעס, די לעצטע

יאָרן האָט זיך באַ מירען אָנגעזאַמלט אַ פֿול קעסטעלע פּיַנע טשעכישע גלאָז־אויסאַרבעטונגען, וועלכע זי האָט אין שפּאַס אָנגערופֿן ניט אַנדערש, ווי „מײַנע פֿאַמיליען־בריליאַנטן". דאָס זײַנען אַלץ געווען דער טאָכטערס מאַטאָנעס. טאַמאַרע האָט מיט גרויס אײפֿער נאָכגעפֿאָלגט, די מאַמע זאָל ניט אָפּשטײן פֿון דער מאָדע. זי האָט געהאַלטן פֿאַר אַ זינד, אַז אַ פֿרוי, וועלכע פֿאַרמאָגט באַ די זעכציקער אַזעלכע שײנע הענט, זאָל זײ מיט גאָרנישט ניט באַצירן. באַ מירעס מאַמען זײַנען די הענט אויך געווען שײנע, אָבער אויסער אַ גאָלדן קדושין־רינגעלע האָט זי קײן שום צירונג ניט פֿאַרמאָגט. געטראָגן האָט זי עס אױף אַ פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט. דער, וואָס האָט איר דאָס רינגעלע געשענקט, איז געפֿאַלן אין שלאַכט בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. ווײַל דאָס פֿינגערל איז געווען דער מאַמעס אײנציקע צירונג, האָט זיך עס מירען שטאַרק פֿאַרגעדענקט. דאָס פֿינגערל האָט אַרויסגעבלישטשעט פֿון די זײף־מילינעס, בײַס די מאַמע האָט געוואַשן גרעט. עס האָט געבלישטשעט אַפֿילע דאַן, ווען די מאַמע האָט מיט אַ זאַק־טוך אַראָפּגעשווענקט דעם ברויד פֿון דער פֿאָדלאָגע. און גאָר מיט אַ רײנעם גלאַנץ האָט עס געשײַנט אױף דער מאַמעס פּאָנעם, בײַס זי האָט מיט די פֿינגער פֿאַרשטעלט די אויגן באַם ליכט־בענטשן.

מירעס פֿינגער האָבן אַפֿילע פֿון קײן קדושין־רונג ניט געוווּסט. אונטער דער כופּע איז זי ניט געשטאַנען. דעם „האַרײ־אַט לי מעקודעשעס" האָט איר אין אײנעם אָן אָוונט אַרויסגעזאָגט מיט אײגענע ווערטער דער יונגער מאָלער יעכיעל בליום. די הײליקײַט פֿון זײער בונד איז אַפֿילע אין זאַגס ניט געווען פֿאַרעגיסטרירט. דאַפֿקע דאָ, אין דעם זאַל פֿון די אַנטיק־לעד, האָט זיך מירע דערמאָנט, וויאַזוי זי איז מיט יעכיעלן אין עטלעכע יאָר אַרום דאָך אַרײַן אין זאַגס, ווײַל אַזוי, האָבן לײַט געזאָגט, איז גלײַכער פֿאַרן קינד. עטלעכע טעג נאָך דעם האָבן זײ זיך געפֿילט מאָדנע אָפּגעפֿרעמדט. ביז יעכיעל האָט מיט אַ טרויעריק פּאָנעם אַ זאָג געטאָן, בײַס מירע האָט אין אײנעם אָן אָוונט צוגעקליבן פֿון טיש:

— מירעלע, מיט מיר איז אַן אומגליק געשען.

אַ דערשראָקענע האָט זי זיך ראַש אויסגעדרײט צו אים:

— וואָס, יעכיעל, וואָס האָט געטראָפֿן?

— איך האָב פֿאַרלאָרן מײַן געליבטע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיטן זעלבן טרויעריקן אויסדרוק, נאָר די אויגן זײַנע האָבן געלאַכט. — מע האָט מיך קעגן מײַן ווילן כאַסענע געמאַכט.

— מיך אויך, — איז מירע באַלד אַרײַן אין דער שפּיל. — אַ מאַן מיר אײַנגעשאַדכנט.

— עפּשער בין איך גאָר דײַן מאַן? דיר ווײַזט זיך ניט אויס?

— נײן, קײן האָר ניט ענלעך אױף יענעם...

מירע האָט געמאַכט עטלעכע טריט אינעם זאַל. איר בליק האָט זיך גלײַכגילטיק אַ גליטש געטאָן איבער די אָנגעשטרענגטע רוקנס, וועלכע האָבן פֿאַרשטעלט פֿון איר די לאַנגע באַגלאָזטע טישן. מיטן סײכל האָט מירע

באַנומען, אַז צווישן דעם אַלעמען, וואָס עס פֿינקלט דאָ אין זאַל, זײַנען געווים פֿאַראַן פּראָדוקטן פֿונעם מענטשלעכן שעפֿערישן גײַסט. עס ציט זי אָבער ניט אַהער. אַ פֿרוי, אַן אויסגעדאַרטע און שוין ניט קיין יונגע, וואָס האָט זיך צו עפּעס צוגעקוקט מיט אַן אָנגעשטעלטן אויסגעשטרעקטן האַלדז, האָט פּלוצעם האַסטיק זיך אָפּגעקערט פֿונעם טיש. און מירע האָט דערזען: העלפֿאַנדלעך, העלפֿאַנדלעך־אויערינגלעך, העלפֿאַנדלעך, ווי אין אַ קאַראַהאָד פֿאַרדרייטע, דעם האַלדז אַרומצונעמען. זאָל זײַן, פֿון אינדיע געבראַכט? אַ קאָמפּלעקט פֿון עכטן העלפֿאַנדביין? אומגעריכט האָט מירע זיך אַליין דערזען אַן אײַנגעבויגענע איבערן באַגלאָזטן טיש. און באַלד דערפֿילט, אַז עמעצער קוקט אַריבער איר אַקסל. דאָס איז געווען די פֿרוי, וועמעס אָרט זי האָט ערשט פֿאַרנומען. אויף דער פֿרויס בלאַסע באַקן איז געלעגן דער שאָטן פֿון טיפֿער פּײַן, די אויגן האָבן געברענט מיטן פֿײַער פֿון ניט געשטילטער לײַדנשאַפֿט. „אַ מין פֿאַרקאָכעניש" — האָט מירע פֿאַרווונדערט אַ טראַכט געטאָן, און באַלד איז פֿון די טיפֿענישן פֿון זיקאָרן אויפֿגעשווומען אַ פֿאַרענטפֿערונג: „אַ העלפֿאַנד... אַ מין קאַמייע... עס פֿעלט איר, נעבעך, גליק, אָט דער דאָזיקער. און געלט אויך..."

עטלעכע טראָפּנס האָבן אַראָפּגעקאַפּעט פֿון מירעס טיכל אויף איר „באַלאָניע", געבליבן שטיין, ווי אויף אַ בלעך. מירע איז אַרויס, אָפּגעטרייסלט דאָס טיכל, אַקוראַט צונויפֿגעלייגט, אַרײַנגעשטעקט אין קעשענע און פֿאַרקערעוועט אינעם זאַל אויף לינקס.

דאָ איז דער אוילעם געווען שיטערער. אָן איבעריקן אַזשיאָטאַזש באַוועגט זיך פּאַזע די ווענט, פֿון בילד צו בילד. אַ צעשטרייטער קוק און גערוקט זיך ווײַטער. בײַ אַוועלכן־ניט־איז בילד פֿאַרהאַלטן זיך, געבליבן שטיין פֿאַרטראַכט. ווי מירעס געוווינהייט איז געווען מיקאָמע יאָרן בייסן באַזוך פֿון אַן אויסשטעלונג, האָט זי אויך דאָס מאָל צום אַלעם ערשטן מיט אַ שנעלן בליק אַרומגעכאַפּט די ווענט. „ברוינע מאָלערײַ" — האָט זי געפּאַסקנט און דאָ ערשט פֿאַרמאָסטן זיך צו באַטראַכטן יעדעס בילד באַזונדער. נאָר עפּעס האָט זי דאָ געצוימט. זי האָט ניט געקאָנט בײַקומען אין זיך די נײַגעריקייט צו דער אַטמאָספֿער גופֿא אין דער קלייט. אָט פֿאַרוואָס זיצן אין אַזאַ שטומער שווײַגעניש יענע דרײַ יונגעלײַט, האַגאַם זיי זײַנען זיכער צווישן זיך גאָר גוט באַקאַנט. מע זעט דאָך, אַ פֿעסטער דרײַלינג. ניט ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט, נאָר צו איין קלאַן געהערן זיי געוויס. דרײַ מיט זאָרג צוגעקעמטע קעפּ. דרײַ פּענעמער, ווי אין אַ מיליטערישער אוניפֿאָרם, אין געשעפֿטלעכער זעלבסטזיכערקייט אײַנגעצויגן. און וואָס טוט דאָ די זקיינע, וואָס זיצט אין אָט יענעם ווינקל, און האַלט ציטעריק אונטער אַ ווײַס קלומעקל בײַ זיך אויף די קני?

פֿון אַ זײַטיקער טיר איז אַרויס אַ פֿרוי אין אַן עלעגאַנטן באָרדאָ־קאָסטיום און צוגעזעצט זיך צו דער זקיינע. מיט אַן אומגעריכטער פֿײַערלעכקייט האָט די אַלטע אונטערגעהויבן אַן עק פֿון דעם ווײַסן צײַג, אין וועלכן ס'איז פֿאַר איר, ווײַזט אויס, עפּעס טײַערס געווען אײַנגעוויקלט. פּונקט ווי זי וואָלט פֿאַר אַ גאַלעך געשטאַנען, ווען זי האָט געבראַכט אַ פּייסעכדיקן קוליטש צו באַהייליקן, אַזוי איז זי אַנטקעגן דער באָרדאָ־

דאמע געשטאַנען. און פּונקט, ווי אַ גאַלעך, וועלכער האָט אין זײַן לעבן געגנוג אָנגעזען זיך סײַ גוטס, סײַ שלעכטס, איז די באָרדאָ־דאמע שווער געווען מיט עפּעס צו איבעראַשן. אַ קוק, אַ זאָג, און פאַרשוווּנדן דאָרט, פונוואַנען זי איז אַרײַנגעקומען. די זקיינע איז געדולדיק געבליבן זיצן, ווי פריִער, מיטן קלומעקל אויף די קני.

מירע האָט אַ ווײַלע אָנגעקוקט די זקיינע, מער גאָרנישט ניט דערזען, האָט זי זיך אוועקגעלאָזט זוכן אין דעם אָנגעוואַלגער פון אַלט און נײַ עפּעס אַזוינס ווי אַזעלכס. פּלוצעם האָט זי ווידער דערזען די באָרדאָ־דאמע, וועלכע איז שטיל, ווי פון הינטער דער וואַנט, אַרויס פון דער זעלבער טיר, וואָס פריִער, און ווידער זיך צוגעזעצט צו דער זקיינע. עס האָט זיך איבערגעכאַזערט דאָס אַלץ, וואָס מירע האָט שוין געזען, די זעלבע סצענע, מיט אַלע אײנצלהײַטן. די זקיינע איז אופגעשטאַנען פון איר אָרט, אונטערגעהויבן אַן עק פונעם ווײַסן צײַג, אין וועלכן ס'איז געווען אײַנגעוויקלט דאָס, מיט וואָס זי איז געקומען אין קלייט, און דאָס האַרץ האָט ניט געלאָזט מיט דעם זיך שיידן. מירע איז אין דער רגע אַזוי נאָענט געשטאַנען צוביידע פרויען, אַז איר האָט זיך אײַנגעגעבן צו דערזען, וואָס אין דער אַלטערס קלומעקל שטעקט. אַ קליין פאַרמאָלט לײַוונט, טאַקע גאָר אַ פּיצל. נאָר... מירע האָט אירע אויגן ניט געגלייבט. צי דען רעמבראַנדט? אויך ברוינע מאָלערײַ. נאָר וואָס פאַר אַ מאָלערײַ! אויב ניט רעמבראַנדט, איז אַלנפאַלס די האָלענדישע שול... רעמבראַנדט, אָדער ווער פון דער האָלענדישער שול, איז בײַ דער זקיינע אין אַ צעלאָפּאַן־זעקעלע געלעגן. פון דעם רעגן אויסגעהיט. סײַ מירע, סײַ די באָרדאָ־דאמע האָבן דאָס בילד דורכן צעלאָפּאַן געזען. און דאָס אויך עטלעכע געציילטע רגעס. די אַלטע האָט ווידער אַרומגענומען דאָס בילד מיט די עקן פון דעם ווײַסן צײַג. דער באָרדאָ־דאמע איז, ווײַזט אויס, געווען ניט צום האַרצן דער אײדעס, וועלכן זי האָט ניט באַלד באַמערקט. אין מירעס פּאָנעם האָט זיך מיט כשאַד אײַנגעשטאָכן אַ שוואַרץ פויגלש אויג. אונטערגעכאַפּט די זקיינע אונטערן אָרעם, האָט די דאמע שיר ניט מיט גוואַלד אוועקגעפירט זי מיט זיך.

אַ טיפער ראַכמאָנעס האָט אַרומגעכאַפּט מירען צו דער זקיינע, וואָס איז אַליין ווי פון רעמבראַנדטס אַ לײַוונט אַראָפּ, און איז געצוווּנגען איצט, אין דער טיפער עלטער, צו שיידן זיך מיט אים. פונוואַנען האָט ער זיך צו איר גענומען? אַ מישפּאָכע־רעליקוויע אוואַדע... יאָרהונדערטער פון האַנט צו האַנט... וווּ וועט ער איצט זײַן מאָקעם־מענוכע געפינען? עפּשער ווידער אין האָלאַנד? גיכער אין אַמעריקע. די באָרדאָ־דאמע... זי ווייסט, וווּ מאָגער און וווּ פעט. און די אַלטיטשקע, אַזוי נאַיִוו... זי מיינט, מע וועט איר גלייבן אויפן וואָרט. איר רעמבראַנדט וועט נאָך האַלטן עקזאמען. ניט איין עקספּערטיזע אויסשטיין. מירע האָט אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט איר וואַסער־אָפּשטויסנדיקן טיכל און אַנטשיידן געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג. נאָר דאָ איז אין קלייט אַרײַנגעקומען אַ באַקאַנטער יונגער מאָלער.

פּונקט ווי אַ קינד, וועלכן ס'איז שווער צו האַלטן בײַ זיך אַ סאָד, האָט מירע באַלד אויסגעשאָסן:

— איר קענט פון מיר לאכן, וואָלאָדיע, נאָר איינע אַן אַלטיטשקע האָט געבראַכט אהער צו פאַרקויפן, דאַכט זיך, רעמבראַנדטן... אויב ס׳איז ניט קיין קאָפּיע,— האָט זי פאַרענדיקט ניט זיכער. און פאַרענדיקט האָט זי אַזוי ניט בלויז דערפאַר, וואָס פאַר קיין עכטער איבערצײַגונג האָט זי קיין גרונט ניט געהאַט, נאָר אויך איבער אַן אומקלאָרן געפיל, אַז דעם יונגנמאַן איז אומאָנגענעם די באַגעגעניש מיט איר דאָ אין קלייט. דער־זעענדיק זי, איז ער ווי קלענער געוואָרן אין וווקס. און ביכלאַל איז זײַן גאַנצער אויסזען געווען אַן אָפּגעלאָזענער, מיט אים האָט זיך עס געמאַכט ניט זעלטן. אַ טונקעלע ווילדגראָז־געדיכטעניש האָט געשפּאַרט בײַ אים פון אונטער דער גאָמבע און אַרײַנגעכאַפּט אין אַ האַלבן קרײַז די באַקן ביז צו די אויערן. די דאָזיקע שעפּע האָט אים פּיל עלטער געמאַכט פון זײַנע עטלעכע און דרײַסיק יאָר.

— איך בין געגאַנגען פאַרבײַ,— האָט ער אַרויסגעשטאַמלט ניט צו דער זאַך,— קלער איך, מע דאַרף זיך אַרײַנכאַפּן...

מירע האָט פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט דעם יונגנמאַנס פּינצטער, ווי אומ־געוואַשן פּאָנעם. אונטערן אָרעם האָט ער געהאַלטן אַ בילד, אַפילו אין אַ ראַם אײַנגעפּאַסט. די ראַם האָט בוילעט אַרויסגעשטאַרצט דורך דעם לײַוונט, אין וועלכן דאָס בילד איז געווען אײַנגעוויקלט. דאָס האָט באַלד אויסגעגעבן דעם ציל פון זײַן אַרײַנקומען אין קלייט. „נאָר פאַרוואָס באַהאַלט ער עס אויס? וואָס איז ער אַזוי פאַרשעמט?" אומגעריכט פאַר זיך אַליין האָט זיך מירע פּלוצעם אויך פאַרלאָרן. זי האָט מיט פאַרדראָס דערפילט, אַז איבער אירע באַקן צעגיסט זיך אַ רויטקײַט. דער יונגער־מאַן טראַכט אוודאי, אַז זי, מירע, פאַרטאַכלעוועט דאָ אין קלייט איר מאַנס ירושע. גאָט דער איינציקער, זאָל זי גיין דערציילן, אַז אין די שווערסטע יאָרן אירע איז קיין איין זאַך יעכיעלס ניט אַרײַנגעפאַלן אין קיין צופעליקע הענט? זי האָט אַלץ געהאָפּט, אַז ס׳וועט קומען די גע־גאַרטע שאָ און יעכיעלס אַרבעטן וועלן פאַרנעמען זייער אָרט אויף די ווענט פון מוזייען, בײַ סאָלידע קאָלעקציאָנערן. זײַ זײַנען קנאַפּ אין צאָל, זײַנע אַרבעטן. אַזוי ווייניק געראַטעוועט... קנאַפּ, בײַ אַזאַ האָרע־פּאַשניק...

— איך ווייס, וואָס איר טראַכט,— האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט דער יונגערמאַן.— דער ביטערער טראָפּן, טראַכט איר, האָט מיך אהער גע־בראַכט. אַן עמעס? געטראָפן?

— אוהו, געטראָפן. זײַט מיר מויכל, וואָלאָדיע,— האָט מירע געענט־פערט, אַבי עפּעס צו זאָגן. זי איז נאָך געווען פאַרנומען מיט די אייגענע זאָרגן. און דערצו האָט זי גוט געוווּסט, אַז דער אויסערסט באַגאַבטער וואָלאָדיע זאָגט זיך קיינמאָל ניט אָפּ פון אויסטרינקען. זי האָט שטאַרק באַדויערט די דאָזיקע שוואַכקײַט זײַנע, נאָר קיינמאָל מיט אים וועגן דעם ניט גערעדט. וואָס פאַר אַ רעבעצן איז זי, זי זאָל אים מוסער זאָגן? איצט אָבער, האָט זי געזען, איז ער אינגאַנצן ניכטער.

— איר פאַרגעסט, אַז איך בין אַ טאַטע פון קינדער,— האָט האַלב ערנסט, האַלב איראָניש פאַרגעזעצט וואָלאָדיע.— עסן, טרינקען דאַרף אַ מענטש? אָט, אויף דער האַרבסט־אויסשטעלונג צוגעשטעלט דאָס בילד, איז

א טאָג פאַר דער עפענונג געקומען א פאַרשוין מיט בלײַענע אויגן און שוין פון דער וואנט געהייסן אראָפּנעמען. א יאָר ארבעט...

— וואָלאָדיע, דאָס בעסטע, וואָס באַפרידיקט אמערסטן אײַך זעלבסט, דאַרף מען פאַרהיטן. ניט אף דער אויסשטעלונג, איז אף אן אנדערער... עס וועט דערזען די וועלט, איר מעגט זײַן זיכער. און צום לעבן... מיטן קאָמבינאט האָט איר געפּרוווט זיך פאַרבינדן?

— מיטן קאָמבינאַט? דאָס האָט דאָך עמעצער פון דאָרט אונטערגעזאָגט יענעם, מיט די בלײַענע אויגן, ער זאָל הייסן אראָפּנעמען. פונוואנען וואָלט ער געוווּסט, אז דאַפקע מײַנס? אים איז דאָך אלצייינס...— און אָן שום איבערגאנג:— אָט דעם דרײַלינג קענט איר?— ער האָט א ווונק געטאָן אף די יונגעלײַט מיט די ווי אין אן אוניפאָרם אײַנגעצויגענע פּענעמער.— זיי מאכן געשעפט פון זייער „לינקײַט" ניט ערגער פון די, וועלכע האָבן מוירע אף א האָר אָפּצוטרעטן פון אָט אָ־דעם,— ער האָט א ווײַז געטאָן אף די ווענט.

— מע טרעט דאפקע אָפּ,— האָט מירע דערווידערט.— מאַלפּישע אימי־טאציע איז שוין ניט אין גאנג. אין דער מאָדע איז איצט גיכער א קאָק־טייל. א קאַפּ פון רעכטס, א קאַפּ פון לינקס... אבי גוט אויסמישן.

— איר זאָגט, אן אלטיטשקע פאַרקויפט רעמבראַנדטן,— האָט וואָלאָדיע אומגעקערט זיך צו דעם אָנהייב פון זייער געשפּרעך.— רעמבראַנדט וועט שוין זײַן שטעטל אליין באשטיין. כאַפּט אָקאָרשט א קוק אהין, אף רעכטס. דאָרט שטייט בא דער וואנט א בילד מיט א מאָדנער כסימע געכאַסמעט. איך ווייס ניט, ווער דער מאָלער איז. נאָר זיכער אן אונדזעריקער, אן איצטיקער, פון די באַציאָנאַלן, ווײַזט אויס. ווען איך האָב געלט... נעכטן האָב איך עס געזען. שרעקט זיך ניט. עס שטייט. קיינער וועט ניט אויס־כאַפּן.— וואָלאָדיע האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צו מירען און מיט האַסטיקע טריט, דאָס בילד פאַרדרײקט הינטערן אָרעם, אוועק צום ארויס־גאנג.

מירע האָט פאַרקערעוועט אף רעכטס. מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט זיך מיט ביידע הענט אָן א דערבײַיִק טישל, קעדיי ניט אומצופאַלן. די פאַרקויפערן איז גראַדע געשטאַנען אין א זײַט און האָט גאָרניט באַמערקט. מירע האָט געעפנט די אויגן. דעם שאַרפן ווייטעק, וואָס האָט אזוי אומגעריכט איר א זעץ געטאָן אין סאַמע האַרצן, האָט זי שוין ניט געפילט. מיט א שטיי־לער נאָגעניש האָט ער זיך צעגאָסן איבערן גאנצן ברוסטקאַסטן, אָפּגערופן זיך אף א ווײַלע אין דער פּלייצע און איז אויסגערונען. מירע האָט טיף אָפּגעעטעמט, צוגעהערט זיך צום אייגענעם אינווייניק, אויסגעגלײַכט זיך. ביגנייווע געכאַפּט א קוק אף דער פאַרקויפערן, צי האָט יענע ניט באַ־מערקט די רעגע פון שוואכקײַט, וואָס איז זי באַפאַלן. מירע אליין האָט שוין ניט געגלייבט, אז אזא רעגע איז געווען. זי האָט ניט באַדאַרפט אָנטאָן זיך קיין קויעך, קעדיי אויסצוהיטן פון א פרעמד אויג איר צערוי־דערונג, ווײַל קיין צערודערונג האָט זי שוין ניט געשפּירט. זי איז געווען רויִק, לעגאַמרע רויִק. אלץ, וואָס איז דורכגעלעבט געוואָרן ביזן הײַנטיקן טאָג, האָט זיך צונויפגעזאַמלט אין איין פאַרלאַנג — באַקומען דאָס בילד, וואָס שטייט אָט דאָרט, אפּן דיל, בא דער וואַנט.

עס איז צוגעגאַנגען די פּאַרקויפערן.

— איַיך, וויַיזט אויס, איז צום האַרצן אַט דאָס בילד? מיר געפעלט עס אויך. וויַיזן איַיך נעענטער? אַרויסהויבן אַף דער שיַין?

— ניין, ניין. אַ דאַנק. איך זע. וויפל קאָסט דאָס בילד?

— אָ, ניט טיַיער. דריַי הונדערט.

— ביטע, שריַיבט אויס.

מירע האָט אויסגעציילט אין דער קאַסע איינס אין איינס דריַי הונ־דערט רובל. דאָס איז געווען די הילפס־סומע, וואָס זי האָט נעכטן באַקו־מען אינעם קינסטלער־פאָנד אין צוזאַמענהאַנג מיט איר מאַנס אויסשטע־לונג. צום גליק, פאַרגעסן אַרויסלייגן פונעם האַנט־בײַטל. אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן מיטן פאַרפּאַקעוועטן בילד, האָט זיך מירע אַ ווײַלע געשלאָגן מיט דער דייע, צי זאָל זי זיך ניט אומקערן צוריק אין קלייט. איצט, ווען דאָס בילד איז אירס, מעג זי זיך שוין עפּשער דערקונדיקן, ווען איז עס אַהין אָנגעקומען און דעריקער, ווער האָט עס פאַרקויפט. „מעשוגע, — האָט זי זיך באַלד אָנגעבייזערט אַף זיך אַליין,— אויסגעבן זיך? אופהייבן אַ טאַראַראַם? און טאָמער אַ קרימינעלע פאָרשונג? שפּעטער, שפּעטער... נאָך דער אויסשטעלונג".

3

אַלץ נאָך אויסערלעך קאַלטבלוטיק איז מירע אַריַין אין שטוב. בײַ דער שוועל אַראָפּגעוואָרפן די גומענע שטיוועלעך. אופגעהאַנגען דעם רעגנ־מאַנטל, אַריַינגעשטעקט די פיס אין די שטעקשיך און באַלד פאַנאַנדער־געפּאַקעוועט דאָס בילד. אוועקגעשטעלט בײַ דער וואַנט. אַליין צוגעזעצט זיך אַנטקעגן דעם אַפן דיוואַן, וועלכער האָט איר געדינט אויך אַלס נאַכט־געלעגער. מיט זײַן אומגעריכטן האַסטיקן פּלוס אַ שאָ צוריק האָט דער רעגן זיך אויסגעשעפּט. דער הימל איז אויסגעלײַטערט געוואָרן. דורכן פענצטער איז אין צימער געפלאָסן אַ רויִקע בלוילעכע שײַן. מירע האָט מיט אייפער זיך אײַנגעקוקט אין דעם בילד. די לעצטע דריַי יאָר, וואָס נעענטער עס איז געוואָרן דער טאָג פון יעכיִעלס אויסשטעלונג, האָט מירען אַלץ שטאַרקער באַאומרויִקט דער פײַנלעכער געדאַנק וועגן דעם, וואָס עס פעלט. פאַרלאָרן געגאַנגען. קיינער וועט עס קיינמאָל ניט זען.

מירע האָט געקוקט און געקוקט. מיט וואָס צו פאַרגלײַכן דאָס בילד איז ניט געווען. אַ כוידעש צײַט איז אַדורך, זינט די פּאַפּקעס מיט יעכיִ־עלס אַרבעטן זײַנען אָפּגעפירט געוואָרן אַף דער אויסשטעלונג. אַף די ווענט איז אַוואַדע גאָרנישט פאַרבליבן. אַף די ווענט איז דאָך געהאַנגען דאָס בעסטע און אין פּאַסיקע ראַמען... איז, דאַכט זיך, גוט, אַן אָנזאָג אַף דעם, אַז מירעס טרוים ווערט פאַרווירקלעכט. און דאָך איז מירע ווי אַ צווייט מאָל פאַריאָסעמט געוואָרן. יעכיִעלן האָט מען פון איר שטוב צוגע־נומען. איר אַלמאָנעשאַפט איז אַרומגעוואַקסן געוואָרן נאָך מיט אַ גרע־סערן אומעט, מיט אַ טיפערער בענקשאַפט. אַ צערודערטע איז זי יענעם טאָג אַרויסגעלאָפן פון שטוב און איז געבליבן שטיין אונטערן רעגן קאָל־

זמאַן דאָס אויג איז געווען בעיעכוילעס אויסטײלן אין דער ראַשיקער באַוועגונג אף דער גאַס די מאַשין מיט יעכיעלס אַרבעטן. זי איז אַרײַנגעקומען צוריק אין צימער און אים ניט דערקענט. די טאַפּעטן, וואָס זײַנען איר אַזוי געפעלן געווען מיט זייער ציײַג־פאַקטור און מיט דעם נייטראַלן גרוילעכן קאָליר, זײַנען שוין, ווײַזט זיך אַרויס, שמוציקלעך. ערטערווײַז שטייען זיי אַפילע עטוואָס אָפּ פון די ווענט. וואָס פאַר אַן אָפּגעלאָזנקײַט, ווי דאָס צימער וואָלט גאָר ניט באַווינט געווען. אַ פּוסטקע איז איר צימער. אַפילע דער אווטאָפּאָרטרעט יעכיעלס קוקט ניט אַראָפּ צו איר פון דער וואַנט — דאָס שטיקעלע גליק, דער ווײַטער אָפּגלאַנץ פון יענע פרימאָרגנס... זיי פלעגן זיך אופכאַפּן געוויינלעך אין איין און דער זעלבער מינוט, זי און יעכיעל, און יעדעס מאָל מיט פרייד אַנטדעקן איינער דעם אַנדערן באַנאַנד מיט זיך.

יעכיעל איז ניטאָ און איז דאָ. די בילדער — דאָס זײַנען דאָך „ער". זאָל זײַן, זי שאַצט זיי צו הויך? אף אַ קאָל וועט זי קיינעם ניט זאָגן, ווי הויך זי שאַצט זיי. אײַ, וואָס מע דערקענט אין איר פּאָנעם, וואָס שײַנט אוף, זי פילט עס אַליין, ווען עמעצער קומט צו איר אַרײַן און באַטראַכט זיי מיט שווײַגעוודיקן פּיעטעט אָדער, פאַרקערט, מיט ראַשיקער היספּײַלעס... זאָל מען דערקענען. עס אַרט זי ניט, אויב ס'וועט זיך געפינען אַזאַ איינער, וואָס וועט אָפּלאָזן אַ וויץ וועגן איר „קאַלע־פּאָנעם" אין אַזעלכע רעגעס. מירע האָט ליב מאָלערײַ. פּונקט ווי איר מאַן, פרייט זי זיך מיט יעדן עכטן טאַלאַנט. אָבער אים, יעכיעלן, איז זי ניט בעקויעך מיט וועמען־ניט־איז צו פאַרגלײַכן. ער איז איינער אף דער וועלט אָט אַזאַ, אַ וועלכער ער איז געווען אין לעבן. אָט אַזאַ, אַוועלכער ער איז פאַרבליבן אין זײַן קונסט.

מירע האָט אַלץ געקוקט און געקוקט אַפן אויסגעקויפּטן בילד, אף איר פּידיען־שוויִם, און האָט עס ניט דערקענט. פון זײַן צווייטער נעסיע אין מיטל־אַזיע אין 39־טן יאָר האָט יעכיעל געבראַכט אַ גאַנצע פּאַפּקע עסקיזן צו אָט אָ־דעם בילד. אַפן לײַוונט איז ער אַריבער ערשט אין 40־טן. טאָגאײַן, טאָג־אויס פלעגט מירע נאָך דער אַרבעט פאַרפאָרן צו יעכיעלן אין אַטעליע. געוווּסט פאָרויס, קוים וועט ער דערהערן אירע טריט הינטער דער טיר, וועט ער אָפּווענדן די אויגן פונעם לײַוונט. האַלטנדיק די פּענדזלעך אינעם פויסט אף אַ געוויסן מעהאַלעך, קעדיי ניט פאַרשמירן איר אָנטאָן מיט פאַרב, וועט ער אף דער שוועל מיט די איינע עלנבויגנס אַרײַנעמען זי אין די אָרעמס. דערנאָך אַ זאָג טאָן:

— רעדי!

זי האָט זיך צוגעקוקט צום בילד, דאָסראָוו דערקענט, וואָס יעכיעל האָט אופגעטאָן פאַרן טאָג, און פאָרזיכטיק גענומען ריידן. זי האָט גערעדט. ער האָט מיט כיישעק זיך צוגעהערט און מיטן בליק אַלץ מער אײַנגעגעסן זיך אין דעם לײַוונט. מיטאַמאָל גענומען קלאַפּן מיט די פּענדזלעך. ניט זעלטן פלעגט זיך מירע כאַפּן, אַז ער טוט פּונקט קאַפויר צו דעם, וואָס זי רעדט. מירען איז קיינמאָל ניט אײַנגעפאַלן פאַריבל צו האָבן. זי קוקט. ער זעט. איין זאַך האָט זי אין אַזעלכע פאַלן געקימערט. אויב ער טוט קאַפויר, וועט זי שוין מוזן געדולדיק צוווארטן און טאַקע

שװײַגן אויך. זי װעט שוין מוזן מיט כיטרעקײַט אָפּרײַסן אים פון דער ארבעט, פארנארן אהײם, ער זאָל אָפּעסן און זיך אָפּרוען.

אין דער אנטיקװאר־קלײט האָט מירע ניט געהאט קײן צײַט צו פארטראכטן זיך. אָבער איצט, װען יעכיעלס בילד איז געשטאנען דאָ, בא איר אין צימער, האָט זי מיט יעדער רעגע ארומגעכאפּט אלץ א גרעסערער כידעש. זי געדענקט דאָך דאָס בילד. זי האָט דאָך מיט די אײגענע אויגן נאָכגעפאָלגט נאָך דעם, װי עס איז געמאָלט געװאָרן, שפּעטער אזוי בױלעט אין דימיען עס געזען און דאָך... פארגעסן. עפּעס האָט זי דאָ פארגעסן. פארגעסן? נײן, ניט פארגעסן. עס האָט זיך געענדערט. זי האָט שוין געװוּסט אַף זיכער: עס האָט זיך געענדערט אינעם קאָלאָריט. דאָס געלע אין די אָנגעגליטע װענט כאזערט זיך איבער מער אינטענסיװ, װי פריער, אין דעם קלײד פון דער פרוי, אין דעם קרוג אַף איר קאָפּ. און ס'איז בעסער אזוי, בעסער. װאָס טוט זיך עס מיט איר, מיט מירען? צי איז עס א מיראזש, א פארב־האליוצינאציע? זי זעט דאָך, יעכיעל האָט איבער דעם בילד נאָך געארבעט, און גרינטלעך. נאָר װען? װען האָט ער איבער דעם געארבעט? זײ האָבן זיך דאָך צעשײדט מיט דרײַ טעג פאר דעם, װי די דײַטשן האָבן פארנומען די שטאָט.

מירע איז געזעסן מיט די פּיס אונטער זיך, די פּלײצע אָנגעשפּארט אָן דעם װענטל פון דיװאן. די אָנשטרענגונג האָט אָפּגעלאָזט. זי האָט זיך געפילט אויסגעשעפּט, װי נאָך א שװערער קרענק. עס האָט זי געשלעפערט. זי האָט מיד פארמאכט די אויגן. אָט, דאכט זיך, שלאָפט זי שוין. נאָר אײן װינקל ערגעץ אין מויעך לאָזט זיך ניט אײַנעמען. װי א ראָד װאָלט זיך דאָרט געדרײט מיט א מוירעדיקער שנעלקײַט, ניט אָפּצושטעלן. װיאזוי װעט זי דערקלערן דאָס פּלוצעמדיקע באװײַזן זיך פונעם בילד? פארװאָס האָט זי עס באלד ניט געגעבן, װעט מען זי פרעגן. װאָס פאר א גליקלעכער אײַנפאל... פּונקט נעכטן געזאָגט דער עקספּאָזיטאָרן, אַז זי האָט איר אײגענעם פּלאן, װאָס עס זאָל אויסגעטײלט װערן אַף א באזונדער סטענד, עס זאָל זײַן אמבעסטן באלויכטן. א רעגנדיקער הארבסט. א שלעכטע שײַן. פארװאָס איז עס איר אײַנגעפאלן אזוי צו זאָגן? סטאם אזוי, אויס שרעק פאר דער צו אנטשײדענער, פלינקער עקספּאָזיטאָרן. הײַנט װעט זי אין ערגעץ ניט גײן. מאָנטיק, װען טאָניע װעט נעמען מאָנטירן די אויסשטעלונג, װעט מירע ברענגען דאָס בילד גלײַך אין זאל ארײַן. אָט דאָס האָט זי געמײנט, װעט זי זאָגן, אז עס דארף באזונדערס אויסגעטײלט װערן. בעקיװון, הײסט עס, צוגעשטעלט אין דער לעצטער מינוט. זי װעט זיך פאר טאָניען שלאָגן אלכעט. קײן נײַע ראם פאָדערט זיך ניט. װעט טאָניע זיך א װײַלע בײזערן. דערנאָך װעט זי אװעקלויפן צו נאטשאלסטװע, און ס'װעט זײַן רעכט. נישקאָשע, טאָניע האָט א קאָפּ אַף די פּלײצעס. די ראם... װער האָט עס סײכל געהאט אזוי אָנצוטאָן דאָס בילד? א שמאָלע ראם, עטװאָס פארטיפט. און א ליכטיקע. די פארב פון פרישן געהילץ. גוט אזוי, גוט. מיט פארשטאנד... אָבער װעמעס פארשטאנד איז עס? װי קומט צו יענעם דאָס בילד? מירעס אויגן האָבן זיך ברײט צעעפנט, צעדולט געקוקט אין אײן פּונקט. עפּשער װײסט ער עפּעס װעגן יעכיעלן, יענער, דער גאנעװ, צי אפילע דער רויצײַעך, אָדער גאָר א פרײַנט, אָדער גלאט

אזוי א מענטש, גאָט די נעשאָמע שולדיק? מע טאָר ניט. דערוויַיל טאָר מען אים ניט זוכן. ארויסווארפן אים פון קאָפּ. געדולד! געדולד!

ניט אופהייבנדיק זיך פון אָרט, האָט מירע א צי געטאָן זיך צום טיש־קעסטל, איַינגעשלונגען א טאבלעטקע. ניט פארטרונקען. קיין קויעך ניט געהאט צוגיין אין קיך נאָך וואסער. אויסגעצויגן זיך אפן דיוואן. ווידער פארמאכט די אויגן. „אינמיטן העלן טאָג א שלאָף־טאבלעטקע? אלצייינס". איידער די טאבלעטקע האָט געקאָנט האָבן א ווירקונג אף איר, איז מירע איַינגעשלאָפן. אופגעוועקט האָט זי דער טעלעפאָן. דער אפאראט איז גע־שטאנען לעבן איר אפן דיוואן.

— וואָס? א פארשלאָפן קאָל? יאָ, טאָמערל, איך האָב געכאפּט א דרעמל. — מירע האָט זיך א זיַיטל געטאָן אפן טיש־זייגער, קימאט דריַי א האלבע שאָ געשלאָפן. — איך פיל זיך גוט. נאָר א ביסל פארמאטערט. וואָס, נײַס? קיין שום נײַס. — מיט איר אינערלעכער ריַיע האָט מירע דער־זען די טאָכטער, וועלכע שטייט נאָך אוואדע אין מאנטל. קוים אומגעקערט זיך פון דער ארבעט, כאפּט זי זיך גליַיך צום טעלעפאָן־טריַיבל. — אלץ אין אָרדענונג, טאָמערל, א נײַס וועט שוין איצט זיַין די דערעפענונג, — האָט מירע רויִק פאָרגעזעצט דעם געשפרעך. — אין דרויסן איז איצט גוט, זאָגסטו? ביסט גערעכט. כ'וועל זיך א ביסל דורכגיין. איך קוש דיך, מיַין טיַיערע!

מירע האָט אוועקגעלייגט דאָס טריַיבל. דאָס בילד, פון וועלכן זי האָט ניט אָפּגעריסן דעם בליק די גאנצע ציַיט, וואָס זי האָט גערעדט מיט טאמארען, האָט אין דער פריִער הארבסט־דעמערונג אויסגעזען מאָדנע סוידעספּול. „געארבעט. דאָס גאנצע ליַיוונט איבערגעמאָלט", — האָט מירע ווידער א טראכט געטאָן. און דאָ איז דעם וועג איבערגעלאָפן עפּעס אנ־דערש. נאָכעם קאָן אמאָל אריַינכאפּן זיך צו איר נאָך א בוך. באלד קומען זיי ביידע פון דער ארבעט, דער שוואָגער מיט דער שוועגערן. מירע האָט איַינגעוויקלט דאָס בילד אינעם זעלבן געפּעק, וואָס אין דער קלייט, און אראָפּגעלאָזט עס אהינטערן וועגטל פון דיוואן.

באהאלטן דאָס בילד פון די בליומס. מיט קיין וואָרט ניט ארויסגע־כאפּט זיך פאר טאמארען. מירע האָט מיט זיך פעסט אָפּגעמאכט: קיין איינער פון זיי, פון די סאמע נאָענטע, וועלכע האָבן רעכט צו וויסן דעם עמעס, וועלן ניט דערזען דאָס בילד פריִער, איידער זי וועט עס אָפּטראָגן אין דעם אויסשטעלונגס־זאל. די סיבע דערפון איז גיכער פון אלץ געווען די מוירע פאר אייצעס, מע זאָל זי ניט אראָפּשלאָגן פון גליַיכן וועג. מירע האָט דאָ געשטעלט אף זיך, נאָר אף זיך.

„עפּשער טאקע גיין כאפּן א ביסל פרישע לופט? שוין לאנג אזא לוי־טערקיַיט ניט געזען". מירע האָט געגומען שנעל זיך אָנטאָן און געבליבן שטיין פארוווּנדערט אנטקעגן דעם לענגלעכן וואנט־שפּיגל אין קאָרידאָר. זיך אליין האָט זי שוין אויך לאנג אזא ניט געזען. אינעם פיַינעם גע־קעסטלטן הארבסט־מאנטל מיטן ברייטן לעדערנעם בערעט אפן קאָפּ, איז זי געווען גאָר אן אנדערע. און עפּשער איז גאָר ניט דאָס אָנטאָן גוירעם געווען די אנדערשדיקיַיט. די איַינגעפאלענע באקן האָבן זיך געררויטלט,

ארום די אויגן קיין סימען ניט פון די זאָרג־קנייטשעלעך, אָן וועלכע, ווי מירען האָט זיך געדאכט, איר פּאָנעם האָט שוין ניט געקענט אויסקומען.

פון ארבאַט האָט מירע פארקערעוועט אף רעכטס. מיט א לײַכטן טראָט, ווי צוזאמען מיט דער בלעכענער „באַלאַניע״ וואָלט זי אינדערעמעסן א גוטן צענדליק יאָר פון זיך אראָפּגעוואָרפן, איז זי צופוס דערגאנגען צו דער וואָראָווסקי־גאס און פון דאָרט געגומען קרײַזן איבער די נאָענטסטע געסלעך. האגאם די געסלעך פון איר קינדהײַט האָבן גאָר א קנאפּע ענ־לעכקײַט געהאט צו די מאָסקווער, און אויך מיט די נעמען האָבן זיי זיך שטארק אונטערשיידט,— שול־געסל, שלאָס־גאס,— האָט זי דאָך אין א שווערער מינוט אוועקגעלאָזט זיך צוגאסט צו דער איינשטאָקיק־צוויי־שטאָקיקער מאָסקווע און קימאט שטענדיק אומגעקערט זיך מיט א באַ־רויִקטן געמיט. אפילע די עקלעקטיק פון דער ארכיטעקטור האָט ניט געמינערט אין אירע אויגן דעם כיין פון די דאָזיקע געסלעך. יעדעס מאָל האָט זי אפּדאָסנײַ אָפּגעמערקט מיט נײַגער, וויִאזוי עס האָט זיך אינֵעם שטרענגן רוסישן קלאסיציזם ארײַנגעריסן דער „מאָדערן״, אָן אזעסדיק אָנגעשפּארטער אף פארדרייטע געשלענגלטע קאָלאָנעס, מיט סאָכרישער ברייטקײַט אָן אויסגעפּוצטער אין געצאצקעטע שניצערײַען. קיין בייז הארץ האָט מירע דערוף ניט געטראָגן, דאָ האָבן זיך אָפּגעזעצט יאָרהונדערטער פונעם רוסישן לעבן. דער מאָדערן האָט דאָך שוין אויך געהערט צום אלטערטום.

מיט דרײַסיק יאָר צוריק איז מירע צום ערשטן מאָל געפאָרן מיט יע־כיִעלן קיין מאָסקווע. ביז דאַן האָט זי נאָך ביכלאל מאָסקווע ניט געזען. פארפאָרן זײַנען זיי יענץ מאָל, ווי דערנאָך שטענדיק, צו יעכיִעלס על־טערן ברודער נאָכעמען. באזוכן א מוזיי איז געווען צו שפּעט. בילעטן אין מייערכאָלד־טעאטער האָט נאָכעם פאר זיי געקראָגן ערשט אף מאָרגן. האָבן זיי, יעכיִעל מיט מירען, אין יענעם ערשטן אָוונט אין מאָסקווע, אויך פארבראכט, ווי הײַנט מירע, אף די געסלעך פון ארבאט. דאַן איז אויך געווען הארבסט. אָבער גאָר אַן אנדער מין הארבסט. א זוניקער באַטאָג, א קילבלעך־מילדער אין די אָוונטן. ביימער־בלעטער האָבן געשורשעט אונטער די אָפּצאסן, טרוקענע, אונטערגעפלויגן אינדערלופטן בא יעדן טראָט. אין דער זונען־שײַן — רייִנער גאָלד, גאָלד, געמישט מיט ליל, ווען אף דער ערד האָבן זיך שאָטנס געשפּרייט.

צו יעכיִעלן האָט אין יענעם אָוונט, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל גע־וויזן זײַן יונגער פרוי מאָסקווע, און מיט אזא צופרידנקײַט, ווי ער וואָלט געווען דער באלעבאָס פון דעם דאָזיקן קראך, האָט זיך ווי זײַן קינדהײַט אומגעקערט, דער עלטער, ווען די מעטאפאָרע פון לעבן שטעלט זיך פאָר אלס א גרעסערע רעאליטעט, ווי דאָס לעבן אליין.

— פּאָווארסקאיא... אזוי האָט די גאס געהייסן פארצײַטנס. זעסט, קע־כערלעך לויפן מיט טאצן אין די הענט. קעכערלעך אין ווײַסע פארטע־כער...— אזוי האָט ער שטיל שמייכלענדיק געזאָגט.

מירע האָט, ווי שטענדיק, באלד אונטערגעכאפּט די שפּיל:

— ווײַסע קאָלפּעקלעך אף די קעפּ...

— ראָזע ייִנגעלעך, און די האָר — פלאקסענע.

— וווהין לויפן זיי?

— אָט וועל איך דיר באַלד ווײַזן, צו אָט יענעם געסל לויפן זיי. סקאַטערטני הייסט עס. לאַנגע טישן שטייען דאָרט געגרייט.

— אף דער גאַס?

— אף דער גאַס. מיט ווײַסע טישטעכער געדעקט. אָנגעקראָכמאַלעטע. הערסט, זיי קנאַקן אַזש. און אָט דאָרט בילן הינט, זיי הריזשען בײַנער. אַ שפּרונג, אַ כאַפּ פון דעם טיש — און פאַרשלעפּט אַזש אַהער. קום, כ'וועל דיר ווײַזן „סאָבאַטשיאַ פּלאָשטשאַדקאַ”. פאַרגעדענק.

קעדיי צו קענען אַ מענטשן, דאַרף מען אַ פּוד זאַלץ מיט אים אופּעסן. אַזוי לערנט דאָס גלײַכוואָרט, פונעם פאָלק געשאַפן. ווען האָט זי עס באַוויזן מיט יעכיעלן אַ פּוד זאַלץ אופּצועסן? מיסטאַמע, אין אַן אַנדער, אַ פריערדיק לעבן, איידער זיי האָבן זיך נאָך באַגעגנט און איינער דעם אַנדערן באַם נאָמען אָנגערופן.

צוריקוועגס, אַפן ראָג פון ניקיטסקע, האָט זיך מירען געוואָרפן אין די אויגן אַ באַשיידענער פּלאַקאַט, וועלכער האָט אײַנגעלאַדן אַ קוק טאָן אַ פילם, וואָס איז שוין פון לאַנג אַראָפּ פון עקראַן. דער ערשטער סעאַנס האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט. ביזן צווייטן איז פאַרבליבן נאָך גאַנצע פינף און צוואַנציק מינוט. מירע האָט געדולדיק געוואַרט אין פאָיע. נאָר אָט זיצט זי שוין אין זאַל. דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן. אַפן עקראַן באַווײַזן זיך די ערשטע טיטרען. פון דעם רוסישן אַלטערטום ווערט מירע אַריבערגעטראָגן אין אייראָפּע סאַכאַקל בלויז אף עטלעכע יאָרצענדליקער צוריק. די קאָמישע און ליבע דינע דורבין... זי לײַדט נעבעך אַ מאַפּאָלע נאָך אַ מאַפּאָלע אין דער שלאַכט מיטן נעס פונעם יאָרהונדערט — מיטן שטויב־שלינגער...

ווען מירע האָט זיך אומגעקערט אַהיים, זײַנען די בליומס שוין געשלאָפן. אף די שפּיץ פינגער איז זי אַרײַן אין קיך, וואָס האָט געדינט נאָכעמען פאַר אַ קאַבינעט, איר און דער שוועגערן פאַר אַ קיך מאַמעש, זיי אַלעמען — פאַר אַ וואַנע־צימער. איר בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אַפן בילד, וואָס נאָכעם האָט געקויפט. זי איז צוגעגאַנגען נעענטער, איבערגעלייענט: „אַן אָוונט אין סאָקאָלניקי”. סאָקאָלניקי? ס'איז זייער שיין. צו וואָס טויג דאָ אָבער אַזאַ פינקטלעכער אַדרעס? באַוואָרנט זיך, נעבעך, דער מאָלער. פאַרוואָס זאָל עס ניט הייסן, לעמאָשל, „רויט און בלוי”? „דאָ־מינאָר” איז קאָשער, און „רויט און בלוי” איז טרייף... פאַרוואָס? — האָט אין געדאַנק אַ פרעג געטאָן מירע און פלוצלינג דערפילט, ווי ס'ווערט אויסגערונען איר גוטער געמיט.

זי האָט זיך שטיל איבערגעטאָן, גערייניקט די ציין, אײַנגעוואַשן זיך. בײַס די דאָזיקע אומשולדיקע טועכצן, וואָס כאַזערן זיך איבער פון טאָג צו טאָג אווטאָמאַטיש, אָן קיין שום אָנשטרענגונג און מיין, האָט אין מירען גענומען איבעראַנײַס אָנוואַקסן דער אומרו פון באַטאָג, אָט דער מין אומרו, וואָס איז גוירעם אָן ראַכמאָנעס אַ שלאָפלאָזע נאַכט. זי האָט אײַנ־

גענומען א טאבלעטקע, א ווײַלע געשטאַנען פאַרטראַכט, א צווייטע אַרײַנ־געלייגט אין מויל. „נאַר הײַנט, — האָט זי זיך געטרייסט, — הײַנט מוז מען אַזוי. א גאַנצן טאָג אָפּגעשלאָפן...״

# 4

פון דער סטרעכע האָבן אַראָפּגעקאַפּעט גרויסע רעגן־טראָפּנס און צערונען זיך איבער די שויבן. אפן שטאָט־פּלאַץ האָט געקלונגען דער גרויסער קלויסטער־גלאָק. נעענטער, נעענטער. דאָס קלינגערײַ רײַסט זיך אַרײַן אין צימער, הילכט איבערן סאַמע אויער. נידעריקע באַסאָווע טענער. דער קלויסטער־גלאָק איז עס צי גאָר א מענטשלעך קאָל? א כאָלעם... מירע וויל זיך אופכאַפּן און קאָן ניט. דאָס האַרץ ווערט באַלד צעריסן פון איימע. זי שרײַט, זי ווייסט, אַז זי שרײַט. און בא דעם בעט שטייט עמעצער, זייער א נאָענטער, צי איז עס יעכיעל, צי אַן אַנדערער ווער. ער איז נאָענט און ווי ניטאָ. איר איז שלעכט. פאַרוואָס הערט ער ניט, ווי זי שרײַט? פאַרוואָס קומט ער ניט צוהילף?

מירע האָט זיך אופגעכאַפּט פון דעם אייגענעם געשריי. עטלעכע רעגעס געלעגן אָן באַוועגונג. מיט א פאַרטײַעטן אָטעם צו עפּעס זיך צוגעהערט. שטיל אין צימער. שטיל אין דרויסן. אין פענצטער האָט אַרײַנגעקוקט א האַרבסטיקער פרימאָרגן, וועלכער איז נאָך ניט געקומען אין קיין האַסקאָמע מיט זיך אַליין, צי זאָל ער זיך אַרופוואַרפן אַף דער ערד מיט א רעגן, אָדער, פאַרקערט, באַגנעדיקן זי מיט א הײַפּעלע זון־ליכט. בא דער דאָזיקער טונקעלער שײַן האָבן זיך בא מירען אין מויעך אויס־געפיקט צוויי ווערטער: „יעגאָר אָווער׳קיעוו״. וויבאַלד דער דאָזיקער נאָמען האָט אופגעטויכט אין איר זיקאָרן, האָט שוין ניט געקאָנט זײַן קיין רייד וועגן ווידער אײַנשלאָפן.

בא א צען יאָר אַן ערעך איז אָווערקיעוו געווען אַן אַרײַנגייער צו זיי אין שטוב. א ניט זייער געוווּנטשענער אַרײַנגייער, אָבער אַזאַ, וואָס מע דולדעט. אויס געווינהײַט, און אויך דערפאַר, וואָס מע ווייסט, אַז באַ־פרײַען זיך פון אים איז ניט שײַעך. שפּעטער, ווען זי האָט פאַרלאָרן איר היים און ניט יעכיעלן, ניט אָווערקיעוון מער ניט געזען... אָט־אָט, ווידער, אפילע איצט, אין געדאַנק, שווימען אוף זייערע נעמען באַנאַנד. אַזוי איז געווען קעסיידער. זינט די דײַטשן האָבן פאַרנומען איר היימשטאָט און דערנאָך פון דאָרט פאַריאָגט געוואָרן, האָט זי, מירע, קימאַט אין אַלע אירע בריוו, אין אַלע אָנפראַגעס, אַליין געשטעלט זייערע נעמען באַנאַנד. מיט א געפיל פון פאַרדראָס, אײַנזעענדיק אין דעם אַן אומקאָוועד פאַר יעכיעלן, זיי ביידן געזוכט. קיין שלעכטס האָט זי אָווערקיעוון קיינמאָל ניט געוווּנטשן. און דאָך, ווען זי האָט געשריבן א בריוו נאָך א בריוו, אַן אָנפראַגע נאָך אַן אָנפראַגע וועגן יעכיעלן און דאָ באַלד וועגן אָווערקיעוון, וועלכער האָט דער אייניציקער געקאָנט וועגן יעכיעלן עפּעס וויסן, האָט זיך מירען טיילמאָל פאָרגעשטעלט, אַז זיי ביידע, יעכיעל און אָווערקיעוו, האָבן זיך ערגעץ אין א פאַרמעסטונג געלאָזט. און א זעונג איז פאַר אירע

אויגן טיילמאָל אופגעקומען: זיי לויפן באַנאַנד, און צום פּיניש קומט אוועקקיִעוו. ער קומט, און יעכיִעל בלײַבט ערגעץ הינטערשטעליק און ווערט ניט... ניין, קיין שלעכטס האָט זי אוועקקיִעוון ניט געווונטשן. נאָר ווען ס׳פלעגט בא איר אופקומען די דאָזיקע זעונג, פלעגן אין איר פאַר־קילט ווערן די בלוטן. קיין שלעכטס? פאַרקערט. ביז איר נעסיִע נאָך דער מילכאָמע אין איר היימשטאָט האָט זי באַדויערט אוועקקיִעוון, פול געווען מיט מיטלײַד צו אים. דערנאָך אָבער... וואָס דערנאָך? איצט, הײַנט, ווי פּײַנלעך דאָס איז, קומען ווידער אוף זייערע נעמען באַנאַנד: יעכיִעל און אוועקקיִעוו. יעכיִעלס בילד... דער כשאַד איז אריבער אין א זיכערקײַט. דאָס האָט ער, אוועקקיִעוו, געבראַכט צו טראָגן אין דער אַנטיקוואַר־קלייט יעכיִעלס בילד. ער האָט דאָך ווענן איר, ווענן מירען, גאָרנישט ניט געוווּסט, אוועקקיִעוו, און אוואַדע איז אים אפן זינען ניט געקומען, אז זי וווינט גאָר אין מאָסקווע. ער האָט דאָך זי געוויס ניט געזוכט מיט אזא אקשאָנעס, ווי זי אים. און אזויפיל יאָרן זײַנען אדורך...

דער ערשטער אײַנדרוק... מירע האָט געוויינלעך געטרויט איר ערשטן אײַנדרוק פון א מענטשן. אוועקקיִעוו אָבער... ער פלעגט קומען און אוועק־גיין. זי פלעגט אים קיינמאָל ניט אופנעמען פאַר ערנסט. איז דער ער־שטער אײַנדרוק מיט דער צײַט אָפּגעווישט געוואָרן. נאָר הײַנט האָט די ערשטע באַגעגעניש מיט אוועקקיִעוון אופגעלעבט אין איר זיקאָרן מיט דער קלאָרקײַט פון א בליץ.

...מיט פאַרב פאַרליאַפּעטע לײַנענע הויזן, דאָס העמד צעכראַסטעט אף דער ברוסט — אזא איז ער מיט אימפּעט, וואָס דולדעט ניט קיין שום שטערונג אפן וועג, ארײַנגעקומען אין עס־צימער פונעם אָפּרו־הויז. מירען האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן די ניט אנטשפּרעכיקײַט פון זײַן צעשוי־בערט אָנטאָן מיט דעם צוגעגלעטן קאָפּ. די האָר, פּעך־שוואַרצע, געדיכטע, אין א שרונט, ווי א ווירע איבערן לינקן אויג צעטיילט, האָבן אזוי גע־גלאַנצט, ווי זיי וואָלטן צוגעקלעפּט געווען צום שאַרבן.

— אָ, א נײַיִנקע? הײַנט געקומען? לאָמיר זײַן באַקאַנט. יעגאָר...— ניט מאַכנדיק קיין לאַנגע שיִעס, האָט ער אויסגעשטרעקט צו איר, דער באַם טיש זיצנדיקער, זײַן ברייטע האָריקע האַנט. אראָפּגעלאָזט צוריק אין טעלער דאָס לעפל געקעכטס, וואָס זי האָט געהאַט שוין צוגעטראָגן צום מויל, האָט מירע אויך אויסגעשטרעקט דעם אומבאַקאַנטן א האַנט און, א פאַרלאָרענע, אָנגערופן זיך באַם נאָמען. א פּאָר, ווי מיט עפּעס א שמיר־רעכץ אָפּגעפּוצטע, אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אף איר פּאָנעם. ניט אָנגעקוקט, נאָר אָפּגעשפּיגלט זי אין זייער גלאַנציקײַט. אין א ווײַלע ארום איז מירעס נײַער באַקאַנטער שוין געזעסן באַם שכיינעסדיקן טישל אָט אזא, ווי ער איז ארײַנגעקומען, א צעכראַסטעטער און א צוגעגלעטער. זײַן געדיכטער באַס האָט באַלד פאַרפולט דעם גאַנצן כאָלעל פונעם עס־צימער:

— נו, און אז איך שרײַב לידער, טאָר איך ניט מאָלן? — אזוי האָט ער אײַנגעטײַנעט מיט די פרויען, וועלכע זײַנען געזעסן באַנאַנד מיט אים באַם טיש, פּונקט ווי יענע וואָלטן אים פאַרווערט צו שרײַבן לידער אָדער צו מאָלן. מירע האָט געזען, וויאזוי זײַנע שטאַרקע הענט רײַסן מיט האסט

שטיקער פונעם ברויט, וואָס ער האָט פאַרגרייט בא זײַן טעלער, די ליפּן בלאָזן אָפּן הייסן באָרשטש, ער כליעפּטשעט פּולע לעפל, און זײַן באָס הערט ניט אויף צו קײַקלען זיך איבערן היפּשן עס־צימער מיט דער היל־כיקײַט פון א פּוסטער פּאַס. — מיר וועלן אינגיכן פאַרגעסן, אַז פּושקין האָט געצייכנט, לערמאָנטאָוו האָט געמאָלט...

אויסער די דרײַ פרויען איז באַנאַנד מיט אוּוערקיִעוון געזעסן א באַ־יאָרטער שרײַבער. מירע האָט געלייענט זײַנעם א ראָמאַן און עטלעכע דערציילונגען. איר האָט זיך זייער געוואָלט זאָגן אים, וואָס פאַר א שטאַרקן רוישעם סײַ דער ראָמאַן, סײַ די דערציילונגען האָבן אויף איר געמאַכט. ווען עמעצער וואָלט זי מיט אים באַקאַנט... אַזוי סטאַם צוגיין צו אים האָט זי קיין האַזע ניט געהאַט. נאָר איינמאָל, זיצנדיק באַם ברעג יאַם, האָט דער שרײַבער אַליין זיך צו איר געווענדט, אָנווײַזנדיק אויף אוּוערקיִעוון, וועלכער איז זיך דורכגעגאַנגען, שפּילנדיק מיט די גוט אַנטוויקלטע מוסקולן פון דער ברוסט און דער פּלייצע, מיט האַנאַע דורכזײַענדיק דורך די פינגער פון די נאַקעטע פיס דעם ווײַסן זאַמד.

— ווען איך וועל געבאָרן מיט א הונדערט יאָר פריִער, וואָלט איך אָט דעם דאָזיקן אַרויסגערופן אויף א דועל, — האָט געזאָגט דער שרײַבער.

— פאַרוואָס? — האָט א שמייכל געטאָן מירע. — אָט פרעגט בא וועמען איר ווילט, וואָס טראַכט ער וועגן יעגאָרן... איר האָט באַמערקט, אַז אַלע רופן אים דאָ באַם נאָמען? יעדערער וועט אײַך זאָגן: „סלאַווני מאַלי״[1].

— פאַרוואָס? קוידעמקאָל דערפאַר, וואָס דער דאָזיקער „סלאַווני מאַ־לי״ רעדט וועגן קונסט.

אויף מאָרגן, ווען אוּוערקיִעוס באַס האָט זיך צעקײַקלט איבערן עס־צימער: „איך אונדזער צײַט, ווען עס באַגעגענען זיך אַזוי נאָענט פאַר־שיידענע וויסנשאַפטן... לעאָנאַרדאָ דא ווינטשי, ווו נעמט מען הײַנט אַזאַ טיטאַן?״ — האָט דער עלטערער שרײַבער פון זײַן טיש א וואָרף געטאָן אויף מירען א בעטנדיקן בליק. מירע האָט מיט האַסקאָמע א נייג געטאָן דעם קאָפּ. דער שרײַבער האָט פאַרזיכטיק גענומען זײַן זופּ, ס'האָט אויס־געזען, ווי ער וואָלט געוואַרעמט די הענט אָן די ראַנדן פון דעם טעלער, און האָט זיך איבערגעזעצט צו מירען. אוּוערקיִעוו האָט זיך דערוואָרגן מיט א וואָרט. נאָכגעקוקט דעם שרײַבער, וויאַזוי ער שטעלט אַוועק זײַן טעלער און זעצט זיך צו באַנאַנד מיט מירען. אוּוערקיִעוו האָט א ווונק געטאָן צו זײַנע שכיינעס באַם טיש, דאָס האָט געזאָלט באַטײַטן: „ניט קיין נאַר, דער אַלטער...״ און האָט זיך ווידער געלאָזט אין גאַלאָפּ: „דאָס שיינע, דאָס איידעלע דאַרף מען פּראָפּאַגאַנדירן. מיר קוקן אָפּן לעבן צו פּראַקטיש.״

די וויסנווויליקע דאַמען בא זײַן טיש האָבן געשלונגען אוּוערקיִעווס יעדן וואָרט. מיט איינער פון זיי האָט ער שוין צו יענער צײַט אַוועקגע־שפּאַנט ווײַטער פון רייד. זיצן באַם יאַם האָט מירע אוּוערקיִעוון קיינמאָל ניט געזען. אָדער ער האָט ליגנדיק געבראָטן זיך אויף דער זון, אָדער שטייענ־

---

[1] א ווילער יונג (רוס.).

דיק גערעדט, ניט פאַרגעסנדיק צו שפּילן דערבײַ מיט די מוסקולן, און אָט אַזוי, שטייענדיק, פּלעגט ער אַראָפּלאָזן די האַנט אױף זײַן שכיינעס נאַקעטן אַקסל: „נו, שוראַטשקע, אַ ביסעלע געזאָלצנס?" און זי, מיט אַן אַזעסדיק פאַריסענעם קאָפּ, ווײַל פאַרשעמט פון צענדליקער נײַגעריקע בליקן, פלעגט אים דערלאַנגען די האַנט און צוזאַמען מיט אים אַ וואָרף טאָן זיך אין די כוואַליעס. אוועקזיעוו האָט ווי מיט מעכטיקע וועסלעס געשניטן מיט די הענט דאָס וואַסער. דער פרויען־קאָפּ אינעם בלויען היטעלע פלעגט אַ שטיקל צײַט זיך וויגן באַנאַנד מיטן אַנטבלויזטן שוואַרצן קאָפּ פונעם מאַנצבל און דערנאָך נעמען אָפּשטיין. ביז אוועקזיעוו פלעגט אַרופקלעטערן אױף אַ שטיין, אָפּוואַרטן דאָרט די שווימערן און אַרופנעמען זי צו זיך. און אויפן ברעג האָט געבויט טורעמס פון זאַמד דער פרויס דרײַיאָריק טעכטערל, זייער אַן ענלעכס אױף דער מאַמען, אַ פּוכקע בלאָנד מאַלעכל מיט קוטשערלעך, פון אונטער רובענסעס פּענדזל אַרויס.

פון פינף ביז זיבן אין אָוונט פלעגט אוועקזיעוו זיצן מיט זײַן אָפּענעם עטיודניק באַם יאַם. מאָלן. הינטער זײַנע פּלייצעס פלעגן שטענדיק שטיין אין אַ רעדל נײַגעריקע. אים איז עס געווען צום האַרצן, אַדעראַבע ווע־אַדעראַבע... וויפל מאָל האָט זיך אויך מירען געוואָלט צוגיין, כאַפּן אַ קוק, וויאַזוי עס מאָלט אַזאַ איינער. מעגלעך, ער איז אַפילע באַגאַבט. מאַלע וואָס פאַרא ניסים עס טרעפן איז דער קונסט. צוגיין צו אוועקזיעוון האָט זי אָבער באַ זיך ניט געקאָנט פּויעלן. זי פלעגט נאָר צוקוקן זיך פונדערווײַטן, אָפּט האָט זי געזען, ווי פאַרפאַליעט ער קערט זיך אום. און אויך ווי שנעל עס לאָזט אים אָפּ די פאַרפאַליעטקײַט. אוועקגעשטעלט דעם פאַרמאַכטן עטיודניק פון פאָרנט, אויסגעוואַשן די פּענדזלען און דערנאָך אין די מיט פאַרב פאַרליאַפּעטע הויזן געזעצט זיך צום טיש כליעפּטשען און ריידן.

— ער! באַ אים איז געווען דאָס בילד! — האָט מירע מיט זיכערקײַט אַרויסגעזאָגט אױף אַ קאָל. און באַלד געבליבן שטיל מיט אַ פאַרגליווערטן בליק. וואָס? זי רעדט שוין מיט זיך אַליין? ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל. אױף דער גאַס טרעפט עס מיט איר, אין די אָוונטן, ווען זי כאַפּט זיך אַרויס אַמאָל דורכגיין. אַ סימען פון עלטער, אַ סימען פון עלנט. ווען עס טרעפט מיט איר אַמאָל אין גאַס, קוקט זי זיך צו מיט כשאַד צו יעדן אַנטקעגנקומענדיקן: צי האָט ער ניט געהערט, צי האָט ער ניט באַמערקט. און אַפילע איצט, ליגנדיק אין בעט, איינע אַליין אין איר צימער, ווו זי האָט פון קיינעם ניט געקאָנט ניט דערזען, ניט דערהערט ווערן, האָט זי אַ פאַרזאָרגטע אויסגערעדט זיך אַליין: „ס'איז אַ ניסאָיען, מע טאָר זיך אים ניט אונטערגעבן! ערשט דאַן ווערט אַ מענטש אַלט, ווען ער פּויעלט באַ זיך, אַז ער איז אַלט"...

...— רירט ניט! איר הערט, וואָס מע רעדט צו אײַך? שטעלט אוועק!

דאָס מיידל אינעם באָד־קאָסטיום...ווײַסע און בלויע פּאַסיקלעך... ווי זי האָט זיך עס אײַנגעקלאַמערט מיט די דינע פינגער אינעם ברעג פונעם אונטערגעהויבענעם טאָפּטשאַן, ניט געוווּסט, וואָס מיט אים ווײַטער צו טאָן. לעכאַטכילע האָט מירע געמיינט, אַז אוועקזיעוו בייזערט זיך אויפן

מיידל דערפאַר, וואָס אַזאַ צאַרטס, שלעפּט זי דעם שווערן טאָפּטשאַן. מיסטאַמע וויל ער איר העלפן. אוועקקיִעוו אָבער, דעם בויך פאַרגראָבן אין זאַמד און דעם קאָפּ אויסגעקערט צום מיידל, האָט זיך ערשט צעשריִען:

— שוין זאָלט איר אוועקשטעלן דעם טאָפּטשאַן, אַף פרעמדס איז יעדערער אַ באַלן. זי איז ניט פון אונדזער אָפּרו־הויז, — האָט ער זיך געווענדט נאָך מיטגעפיל צו די אַרומיקע. — גייט, גייט אײַך פונדאַנען! — איז ער ווידער אַף איר אָנגעפאַלן, און דאָס מיידל, צי זי האָט געוואָרט, עמעצער זאָל זיך פאַר איר אײַנשטעלן, צי ס'איז איר פריקרע געווען אונטערגעבן זיך אַזאַ איינעם, וואָס טרײַבט זי, ווי אַ הונט, האָט זיך נאָך פעסטער אײַנגעקלאַמערט מיט די הענט אינעם טאָפּטשאַן, ווי ס'וואָלט איר אין לעבן געגאַנגען, אוועקשטעלן אים דאָרט, וווּ זי וויל. פּלוצלינג האָט זי אים פון זיך אָפּגעשלײַדערט און איז אַוועק.

מירע איז יענעם טאָג געקומען צו מיטיק מיט אַ פאַרשפּעטיקונג. צו אָוונט־ברויט — אויך אַזוי. זי האָט מער ניט געקאָנט איבערטראָגן אוועקקיִעווס באַס. נאָר אויסגעמיטן האָט זי אים ניט. אומקערנדיק זיך אין אָוונט פונעם עס־צימער אינעם ווינט־קאָרפּוס, האָט זי ניט ווילנדיק אונטערגעהערט אוועקקיִעווס אַן „אינטימע" דערקלערונג. עמעס, ער האָט זיך ניט געמיט באַזונדערס, מע זאָל אים ניט הערן.

— אָט אַ טשודאַטשקע! דו האָסט דאָך אַ מאַן. איז וואָס נעמסטו זיך צום האַרצן? ווייסטו וואָס, שוראָטשקע, איבעראיאָר קריג איך צוויי פּוּ־טיאָווקעס פאַר דיר און פאַר מיר, וועלן מיר ווידער ניט שלעכט פאַר־ברענגען די צײַט, האַ? איך האָב פײַנט צוצוזאָגן, נאָר אַף מיר מעגסטו זיך פאַרלאָזן, — אַ געלעכטערל און אַ טשמאָק.

— מײַן מאַן איז אַ גוטער. ער האָט מיך ליב, — האָט מיט אַ דין קע־לעכל אַרויסגעכליפּעט שוראָטשקע.

— זאָל אים ווויל באַקומען. אַ נאַר איז ער, ער זאָל ניט ליב האָבן אַזאַ זיסן פּערסיק? איך האָב דיך אויך ניט פײַנט.

דאָס אַלץ איז פאַר מירען אופגעקומען נאָך איר קורצן שלאָף מיטן איימעדיקן כאָלעם אַזוי בוילעט, ווי ערשט נעכטן וואָלט עס געווען. מאָד־נע: דאַן, ווען זי האָט זיך אומגעקערט אהיים פונעם אָפּרו־הויז, האָט זי דעם ערשטן טאָג נאָך אויסגעשפּילט פאַר יעכיִעלן דעם גאַנצן אוועקקיִעוו. אויסגעשפּילט און שוין אַליין ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט זי דאָרט אין אָפּרו־הויז אַזוי געערגערט זיך איבער אוועקקיִעוון. פונדערווײַטן האָט זי שוין צו אים אַפילע קיין אומפרײַנטשאַפט ניט געפילט. אַ קאָמישער פאַרשוין, און גאָר. „דײַנער אַ קאָלעגע. אַ מאָלער", — האָט זי געזאָגט יעכיִעלן, צעלאַכט זיך און אַרויסגעוואָרפן אוועקקיִעוון פון קאָפּ. קיין איין מאָל ניט דערמאָנט זיך וועגן אים ביז... ביז דער נײַער באַגעגעניש אין אַ אָנדערהאַלבן יאָר אַרום אַן ערעך מיט דעם גאָר אַנדערן אוועקקיִעוו, דעם פילגעדולדיקן, דעם גוטמוטיקן, דעם שטענדיק גרייטן צו דינען מיט וואָס נאָר ער קען, מיט דעם אוועקקיִעוון, וועלכן זי האָט דערנאָך אַזוי לאַנג געזוכט.

מירע האָט זיך אויסגעקערט מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט. „אַ היפּשע

קלאַדאָווקע — דער זיקאָרן, האָט זי געטראַכט, — עס וואַלגערט זיך אָן דאָס און יענץ, איינס אַף איינס, אַ באַרג. און מיטאַמאָל קריכט פון אונטער דער גאַנצער הורבע אַרויס אַן אויסגעטראָגענער שוך. קאָלזמאַן דער מענטש איז יונג, געדענקט די אויסגענוצטע שקראַבע איר אָרט, ליגט פאַרטײַעט, צוגעדריקט פון אַלץ נײַע און נײַע כפייצים. ווען דער מענטש עלטערט זיך, קליגט זיך די שקראַבע צו פאַרנעמען דעם אויבנאָן. וואָס טויג מיר דער ערשטער אײַנדרוק, צי דער שפּעטערדיקער? — האָט מיט פאַרדראָס אַף זיך אַליין געטראַכט מירע. — אויב אַווערקיַעוו לעבט, איז ער דאָך איצט שוין ווידער אַן אַנדערער. אָ, כאָטש אַף איין שאָ אַנשלאָפן ווערן. נאָך ניט אויסגעשלאָפן די נעכטיקע טאַבלעטקעס. זיי דריקן אַפן מויעך.״ פאַר די אויגן האָט אָבער אַלץ געשווינדלט אַ ראָד. ניט געלאָזט אַף אַ רעגע פאַרגעסן זיך.

5

מירע האָט געקאָכט אַ מאַנע־קאַשע פאַר טאַמאַרעלען, און יעכיִעל האָט אין קיך אויסגעהאַנגען אַף אַ שטריק די ערשט־אויסגעוואַשענע ווינדעלעך.

— לאָמיר הײַנט צוגיין אין טעאַטער, — האָט פּלוצלינג פאָרגעלייגט יעכיִעל.

מירע האָט זיך פאַרוווּנדערט: טאַמאַרעלע... איר, מירעס, דיסערטאַ־ציע... באַ יעכיִעלן איז געבליבן איין וואָך אַף צו פאַרענדיקן פאַרן פאַר־לאַג די צייכענונגען...

און דאָך זײַנען זיי יענעם אָוונט אין טעאַטער געגאַנגען. געקומען, פאַרשטייט זיך, צו שפּעט. אַלע בילעטן אויספאַרקויפט. ס׳איז געווען אַ פאַרדראָס אומצוקערן זיך אַהיים מיט גאָרנישט. פאַרברענטע טעאַטראַלן, האָבן זיי שוין באַ אַ יאָר צײַט קיין איין ספּעקטאַקל ניט געזען. זיי האָבן זיך געשטעלט אין דער ריי צום אַדמיניסטראַטאָר. יעכיִעל האָט פון דער זײַט אַרײַנגעקוקט אין פענצטערל:

— עפּעס אַ שוואַרצער טײַוול זיצט דאָרט. ער וועט ניט געבן. סײַדן דײַן שמייכל וועט אונדז בײַשטיין... פּרוּוו זיך.

מירע איז דערגאַנגען ביזן פענצטערל. דערזען אַ שוואַרצן קאָפּ מיט גלאַט־פאַרקאַמטע, ווי צום שאַרבן צוגעקלעפּטע האָר.

— פון וועמען? — האָט, ניט קוקנדיק אין איר זײַט, אַ ברום געטאָן דער שוואַרצער קאָפּ.

ווי אומגעריכט ס׳איז ניט געווען די באַגעגעניש, איז אָבער ניט דער־קענען אַזאַ קאָפּ אויך געווען אומעגלעך. מירע האָט זיך אָנגענומען מיט כוצפּע:

— ניט פון וועמען, נאָר פאַר וועמען. פאַר מיר מיט מײַן מאַן. צוויי בילעטן.

יענער, הינטערן פענצטערל, איז פּלוצלינג אופגעשפּרונגען, ווי אײַנ־ווייניק אין אים וואָלט אַ פּרוזשינע אָפּגעלאָזט. מירעס האַנט איז אַרײַנ־געפאַלן אין צוויי גרויסע האַריקע לאַפּעס. ניט לייגנדיק קיין אַכט אַף די מענטשן אין דער ריי, האָט ער אויסגעדונערט:

— זייער אַנגענעם. איך האָב נאָך דאָרטן, אין אָפּרו־הויז, געוווּסט, אַז איר זײַט בליומס פרוי. אַהאַ, בליום! איך בין אײַער מאַנס אַ הייסער פאַרערער. ווען איר דאַרפט נאָר... ביטע, ביטע, קומט צו אונדז אין טעאַ־טער!

גאָר אינגיכן האָט אוּוערקיִעוו צו זיי אָנגעקלונגען. גאָר אינגיכן איז ער געוואָרן אַן אַרײַנגייער צו זיי אין שטוב. און ניט נאָר אין שטוב. אויך צו יעכיִעלן אין אַטעליע. אָפּגענומען צײַט. געשלעפּט צו אים זײַנע לײַוונטן. נאָר צודרינגלעך ניט געווען. שטיל, ווי אַ לעמעשקע. ווו איז אהינגעקומען זײַן באַס?

— איר קענט אַ קוק טאָן, יעכיִעל מענוכאָוויטש? אויב ניט, וועל איך אַן אַנדערשמאָל אַרײַנקומען. אָט, איך האָב געמאָלט פון פענצטער.

— שלעכט געמאָלט.

— וואָס דאַרף מען דאָ פאַריכטן? איר וועט מיר זאָגן?

— וואָס? וואָס דאַרף מען פאַריכטן? אַלץ. מאָלן דאַרף מען, ניט פאַרבן. אַ פאַרקן פאַרבט מען, אַ לײַוונט מאָלט מען,— אַזוי פלעגט זאָגן יעכיִעל, שוין אַרײַנטוענדיק זיך אין אוּוערקיִעווס לײַוונט. — אָט דאָ וועט ניט שאַטן אַ ביסל צינק־ווײַס. און דאָ מעג מען אַרויסקוועטשן, כאָטש גלײַך פון טוב זאָל זײַן, אַפילע ריינעם אולטראַמאַרין.— יעכיִעל פלעגט זיך פאַר־געסן, געשמאַק אַן אַרבעט טאָן. דערנאָך כאַפּן זיך, באַרויגעזלעך אַ זאָג טאָן: — און איצט האָט קיין פאַריבל ניט. לאָזט מיך אַרבעטן!

ניין, אוּוערקיִעוו האָט קיינמאָל קיין פאַריבל ניט געהאַט, ווי יעכיִעל זאָל זיך מיט אים ניט באַגיין. אָפּגעוואַרט באַ אַ וואָך צײַט און ווידער געקומען. יעכיִעל, פאַרקערט, פּונקט ווי ער וואָלט מעכוּיעוו געווען צו אייסעקן זיך מיט אוּוערקיִעוון, פלעגט זיך טיילמאָל פאַרענטפערן, עמעס, ניט פאַר אים, נאָר פאַר מירען:

— דער גוטעריאָר ווייסט אים, אָט דעם אוּוערקיִעוו. אַ ווילדע בריִע, דאַכט זיך, נאָר, מיר דוכט, ניט קיין שלעכטער מענטש. זײַן מאָלעכץ... ער האָט זיך דאָך אין ערגעץ ניט געלערנט. ניין, עפּעס שטעקט אין אים, אין אָט דעם אוּוערקיִעוון...

טיילמאָל, פאַרקערט, ווען אוּוערקיִעוו פלעגט אוועקטראָגן מיט זיך אַ לײַוונט מיט בוילעטע שפּורן פון יעכיִעלס האַנט, פלעגט יעכיִעל אַזש כאַפּן זיך פאַרן קאָפּ:

— אוי, וואָס האָט ער זיך צו מיר צוגעטשעפּעט? אַ מין קלעפּיקער מע־שאָרעס. אַז ביכלאַל, איך האָב פײַנט זעלבסטעטיקײַט. איך קאָן דאָס ניט איבערטראָגן.

דערנאָך איז געקומען אַ האַרבסט, מע קאָן זאָגן, ניט קיין האַרבסט, נאָר אַ סאָף זומער אַזאַ, ווען לכער האָט זיך געײַלט אַרײַנצופּאָרן אין דער האַרבסטיקער נעץ און קעלט. אַלנפאַלס, איז יענער טאָג געווען שטאַרק ענלעך צו דעם הײַנטיקן. און אויך פרײַטיק. דאָס געדענקט זי זיכער, יאָ, אַ רעגנדיקער האַרבסטיקער טאָג... און דײַטשן שפּאַרן צו דער שטאָט. קומט צו לויפן אוּוערקיִעוו און שטרעקט אויס זײַן פרײַנטלעכע האַנט. ווי טיף זיי זײַנען געווען גערירט, זי און יעכיִעל, פון זײַן איבערגעגעבנקײַט.

אופגעוואָרפן איינער דעם אנדערן, פארוואָס זיי האָבן ניט דערשאצט אווער־קיִעוון.

— איר פאָרט, — האָט ער געזאָגט צו מירען, — פאָרט מיט טאמארעלען. פארהאלט זיך ניט. ניט שפעטער, ווי אין צוויי טעג ארום, פיר איך ארויס דעם טעאטער. אײַך אלעמען צוזאמען ארויספירן קען איך ניט, אָבער יעכיִעל מעגנוכאָוויטשן מיט זײַנע בילדער... האָט ניט קיין זאָרג, קיינער וועט ניט אנטקעגן זאָגן קיין וואָרט. מע ווייסט, ווער און וואָס בליום איז...

שוין בא א וואָך צײַט האָט יעכיִעל קיין פענדזל אין האנט ניט גענומען. זײַן יאָר האָט מען נאָך אין ארמיי ניט גערופן, איז ער געווען פארטאָן אין קלעטערן איבער די דעכער, אויף די בוידעמער, אין אָנצאָליקע דעזשורס־טוועס. צווישן איין דעזשורסטווע און דער צווייטער פלעגט ער זיך איי־סעקן ארום זײַנע ארבעטן אויף פאפיר און קארטאָן. נאָכאמאָל און נאָכאמאָל באטראכטן יעדע באזונדער, איבערלייגן פון איין פאפקע אין א צווייטער, ווי קאָרטן זיי געטאסעווועט. ענדלעך, צוויי פאפקעס אָפגעקליבן. פון דעם בעסטן, ווי אים האָט זיך געדוכט, וואָס ער האָט פארמאָגט. מירע איז בא־שטאנען, ער זאָל די דאָזיקע צוויי פאפקעס מיטגעבן איר. און די לײַוונטן זאָל ער אליין ארויספירן. מיט אווערקיִעווס הילף. אין אזא צײַט, האָט מירע געטײַנעט, טאָר מען ניט איבערלאָזן אלץ אויף איינע הענט. און, אוי, ווי זי איז גערעכט געווען, מירע!

אכט אין אָוונט זײַנען זיי צופוס אוועק אפן וואָקזאל. זי מיט א רוק־זאק אויף דער פלייצע, מיט א טשעמאָדאן אין דער האנט. יעכיִעל מיט די צוויי שווערע פאפקעס אין ביידע הענט. ארום האלבער נאכט איז מירען געלונגען ארײַנכאפן זיך אין א פי־וואגאָן. ווי אויף א כוואליע איז זי מיט טאמארעלען, מיטן רוקזאק, מיטן טשעמאָדאן, מיט די פאפקעס אופגעכאפט און אוועקגעשלײַדערט געוואָרן אין דער סאמע טיף. אָפגעריסן געוואָרן פון יעכיִעלן. אויף אייביק. מער האָט זי אים ניט געזען.

אין וועג האָט מירעס רוקזאק היפש פארלאָרן אין וואָג. דער ערשטער קאָרבן זײַנען געווען די קאָלדרעס, וועלכע יעכיִעל האָט דאפקע געייצעט מיטנעמען. מירען האָט זיך אָבער געדוכט, אז אין מיטלאזיע קאָן מען זיך באגיין אָן קאָלדרעס. האָט זי אויף איין סטאנציע אויסגעביטן א קאָלדרע אויף צוויי לאבנס ברויט און אויף א ווײַסן גאָמלקע־קעז. מיט דער צווייטער קאָל־דרע אויף א ווײַטערער סטאנציע איז איר ווייניקער געראָטן — בלויז איין לאבן ברויט באקומען און א קליינעם קאוון א צוגאָב. פאר מירעס טאָעס, אז אין מיטלאזיע זײַנען ניט נייטיק קיין קאָלדרעס, האָט טאמארעלע שפעטער באצאָלט מיט א קרופּאָזער לונגען־אָנצינדונג.

צוואנציק טעג און נעכט האָט זיך דער צוג געשלעפט, ביז אין איינער א נאכט איז ער צוגעקומען צו א קליינער סטאנציע אין באשקיריע און איז שטיין געבליבן. פארוואָס האָט זיך דאפקע דאָ פארענדיקט זײַן מעשור־נעדיקער מארשרוט האָט קיינער ניט געוווּסט. דער לאָקאָמאָטיוו האָט פאר־יאָגט די וואגאָנעס אין א טעמפן ווינקל, ווו ס'איז קיין וועג און קיין אויסוועג ניטאָ, און אליין שמײַדיק זיך ערגעץ אוועקגעטראָגן. האָט דער אוילעם זיך אוועקגעלאָזט צום וואָקזאל. עמעצן א בארמאזל האָט זיך אײַנ־

געגעבן א שטיקל באנק צו פארכאפן. די איבעריקע האָבן זיך אפן פאר־שפּיגענעם און פארטאָפּטשעטן דיל צעלייגט, דעם מידן קאָפּ אָנגעשפּארט אף די בעבעכעס.

בא דעם ערשטן בליאסק אף טאָג איז אפן וואָקזאל געוואָרן געראמער. פריִער פון אלעמען האָבן אים פאַרלאָזט די, מיט די פּוסטע הענט, וועלכע זײַנען פון דער סאמע גרענעץ געלאָפן. נאקעט און באָרוועס ארויס פון זייערע היימען. דעם גאנצן וועג זײַנען די דאָזיקע מענטשן געווען פארטאָן אין זוכן. א פרוי, א מאן, עלטערן, קינדער. אף יעדער גרעסערער אָדער קלענערער סטאנציע, ווו נאָר דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, זײַנען זיי פון די הויכע פלאטפאָרמעס געשפּרונגען, אפּדערגיך, אויב ס'האָט זיך געלאָזט, פארנומען א ריי נאָך זופּ אָדער נאָך ברויט און באלד געוואָרפן זיך צו די וואָקזאלן און בײַוואָקזאלישע טעלעגראף־סלופּעס. געגנישטערט מיט די אויגן איבער די פאנאנדערגעקלעפּטע פּאפּירלעך: „איך זוך”... „איך זוך”... און טאָמער קיינעם ניט געפונען, אליין צוגעקלעפּט דאָס פון פריִער פארגרייטע פּאפּירל, געלאָזט זיך לויפן אָדער צו דער ריי, אָדער גלײַך צום צוג, קעדיי מיט די עלנבויגנס אָפּקעמפן דאָס פארלאָזטע און שוין פון עמעצן אנדערש פארנומענע אָרט.

דאפקע אָט די מענטשן האָבן עטלעכע מאָל געפּרוווט ארײַנשטופּן מירען אין אוועלכן־ניט־איז צוג. איר איז שוין געווען אלציינס, וווהין ער וועט זי פארפירן, אבי נאָר ער זאָל גיין. אין דער לעצטער מינוט פלעגט זי אָבער פון אירע אויסלייזער אָפּשטיין. ס'האָט זיך איר אלץ געדוכט, אז אין דער שטיקעניש וועט זי אָדער טאמארעלען, אָדער די פּאפּקעס פארלירן. פלעגט זי בלײַבן שטיין אפן פּעראָן, מיט שרעק נאָכגעקוקט דעם אנטלויפנדיקן צוג.

— וואָס טראָגט איר זיך ארום מיט די פּאפּקעס? — האָט אף מירען אָנגעשריִען איינער אן עלטערער ייִד — א גוואר. — מע קאָן מיינען, א מאל־כעס־אויצער איז בא איר דאָרט באהאלטן. נארישע ייִדענע, ראטעוועט זיך און דאָס קינד.

געזונט זאָל ער זײַן, אָט דער אלטער. זײַנע ווערטער האָבן מירען אופּ־געשווידערט און אין דער זעלבער צײַט איר פארלאָשענע ענערגיע אופגע־וועקט. בא דעם ערשטן ווײַטן פײַף פון א צוג האָט זי א כאפּ געטאָן דעם אָפּגעצערטן רוקזאק אף דער פּלייצע, אָנגענומען ביידע פּאפּקעס פאר די רימענס און, אפילע ניט אומקוקנדיק זיך אפן טשעמאָדאן, וואָס איז גע־בליבן שטיין אפן פארשפּיגענעם און פארטאָפּטשעטן דיל, געלאָזט זיך לויפן. צום טעכטערל אויסגעשריִען:

— טאָמערל, טו ארײַן די האנט הינטערן רימען. האלט זיך שטארק. שטיי ניט אָפּ.

עמעצער האָט מירען אונטערגעשטופּט, באם סאמע אופשטײַגן אף דער פלאטפאָרמע אפילע עטוואָס אונטערגעהויבן. און דאָ האָט מירע דערפילט א פּוסטקײַט אין דער לינקער האנט. מיט א ווילדן קויעך, — פונוואנען נאָר האָט ער זיך צו איר גענומען, — האָט זי זיך א לאָז געטאָן אף צוריק, אנטקעגן דעם מענטשלעכן געדרענג. מיט דער פרײַער האנט האָט זי צונויפגעדריקט טאמארעלעס אקסלען, ניט געזען און ניט געהערט, ווי

דאָס קינד וויינט און קאָרטשעט זיך פון וויטעק, מיט דער צווייטער צונויפגעדריקט דעם רימען פון דער איינציק פארבליבענער פאפקע, א היפשע צײַט האָבן איר דערנאָך די פינגער פון דער רעכטער האנט ניט געדינט, און אלץ געריסן זיך צום ארויסגאנג. זי האָט, דאכט זיך, עפּעס געשריִען, געבעטן בא דעם אלעמען, וואָס האָט געשפּארט אף איר, דעם לעבעדיקן, הייס אָטעמענדיקן, צו אלץ און צו אלעמען טויבן, אויסער דעם פארלאנג צו פארנעמען א שטיקעלע פלאץ אין דעם פי־וואגאָן. אזוי האָט זיך מירע געראנגלט, ביז זי איז צוגעקוועטשט געוואָרן צו דער אנטקעגנבערדיקער וואנט. א האלב פארכאלעשטע, האָט מירע ארײַנגענומען טאמארעלען אין אירע אָרעמס, פון דעם אוילעם מיט דער פּאפּקע זי אָפּגעצוימט, מע זאָל זי ניט דערשטיקן. דאן האָט זיך צו איר א שטארקער קלאפּ דערטראָגן, און ווי א בראזג פון אײַזן. עמעצן פון די באם ארײַנגאנג שטייענדיקע איז געלונגען די טיר פארמאכן און מיטן שווערן פארוקער פארשפּארן. אין וואגאָן איז באלד פרײַער און גראמער געוואָרן. די ערשטע רעגע האָט דאָ א שטילקײַט געהערשט, יעדערער האָט זיך געמיט כאָטש דעם אָטעם אָפּכאפּן. דאָס ערשטע וואָרט, וואָס מירע האָט דערהערט, איז געווען דער נאָמען פון איר טעכטערל.

— טאָמערל!— האָט גערופן א מאנצבלש קאָל און, איידער מירע איז צו די געדאנקען געקומען, נאָכאמאָל:— צי איז דאָ פאראן א מיידעלע, וואָס די מאמע רופט זי „טאָמערל"?

— פאראן! פאראן!— האָט זיך מירע הויך אף א קאָל אָפּגערופן.— די מאמע איז אויך פאראן. ווער זוכט אונדז?

אָנשטאָט אן ענטפער איז פון דער טיר אריבער די קעפּ אוועקגעשווומען צו איר א שווערע גרויע פאפקע. און דאן ערשט האָט זי דערזען פונדערווײַטן דעם עלטערן מענטשן, דעם הויכן און קרעפטיקן, וואָס האָט איר דאָ ניט לאנג געייצעט שיידן זיך מיט די פאפקעס. „ווײַטער! ווײַטער!— האָט ער געקאָמאנדעוועט.— איר וועט דערזען. נאָך אזא פאפּקע.— און פלוצלינג מיט גוטמוטיקן כויזעק:— ווײַבל, די צווייטע איז פאראן?"

— פאראן! פאראן!— האָט זיך האלב־וויינענדיק, האלב־לאכנדיק אָפּגערופן מירע.

6

פאראן! ס'איז אויך איצט פאראן, אָט דאָ, ניט ווײַט פון איר ווױנונג, מעסט מען יעכיִעלס ארבעטן אין דער לענג און אין דער ברייט. מע שנײַדט צו פאר זיי אָנטועכץ פון פאפיר, מע זעגט פאר זיי אָנטועכץ פון האָלץ. פאר יעדערער פון זיי ווערט א שוץ־פאנצער פון גלאָז געגרייט. יענע וואָך איז מירע ארײַן אינעם צעך. זי האָט זיך געמיט דאָרט קיינעם ניט דערקוטשען. אזוי, לעפּאָנעם וועגן א פרעג געטאָן דאָס און יענץ. אינדערעמעסן האָט איר פאָשעט פארגעניגן פארשאפט דאָס פליִען פונעם פאפיר, דער רייעך פון פאפּ און זעגעכץ. דאָס אלץ איז מירען

געווען באַקאַנט פון לאַנג, פון אַמאָל. יעכיעל פלעגט זײַנע אַרבעטן מיט די אייגענע הענט אָנטאָן.

איין רייעך האָט דאָ אין צעך מירען געפעלט — דער רייעך פון סקי־פּידאַר, דער שאַרפער, דער ניט געשמאַקער, פון וועלכן מענטשן, ניט געוווינטע צו אים, פאַרשטעקן זיך די נעזער, דער רייעך פון יעדער מאָ־לער־אַטעליע. ער איז שוין ניט פאַר איר.

וואָס פאַר אַ גליקלעכער געדאַנק דאָס איז געווען — מיטנעמען די פּאַפּקעס. אין סאַמע ברען פון דער מילכאָמע האָט זיך דאָרט, אין דער ווײַטער שטאָט פון מיטל־אַזיע, וווּהין מירע איז אָנגעקומען מיט דער טאָכטער, געעפנט יעכיעל בליומס ערשטע פּערסאָנעלע אויסשטעלונג. אָן אים. ער איז דערבײַ ניט געווען. און אויב עמעצער האָט געפרעגט בא מירען די סיבע דערפון, איז ניט דער פאַרלאַנג עפּעס כויקער־ווערדירעש זײַן געווען אין יענעמס רייד, נאָר מערסטנטייל פּאַשעטער מענטשלעכער מיטלײַד. פאַרפלייצט פון עוואַקויִרטע, וואָס קימאַט יעדערער פון זיי האָט אַף די פאַרפּלאָנטערטע וועגן פון מילכאָמע עמעצן אַ נאָענטן פאַרלאָרן, האָט זיך די שטאָט גיך צוגעוווינט צו די פּראַקטישנטע זוכענישן און איז באַשעפטיקט געווען דעריקער מיט באַזאָרגן מיט אַרבעט און מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ די, וואָס זײַנען ניט פאַרפאַלן געוואָרן און צו איר ברעג צוגעשווומען. די אַלטע טוישווים פון שטאָט ענגער געמאַכט און אין שפּײַז באַשרענקטער.

אָבער שפּעטער, נאָך דער מילכאָמע, אין דער גרויסער הויפּטשטאָט פון לאַנד, ווו טויזנטער נעמען האָבן זיך אין די צעטלען פון דעם קינ־סטלער־פאַריין געדערכנט, און געלעבט האָט דאָ יעכיעל בליום בלויז אין די סטודענטישע יאָרן, האָט זיך מירען זײַן אויסשטעלונג פאָרגעשטעלט בלויז ווי אַ ווײַטער טרוים, וואָס וועט, מעגלעך, צו איר טאָכטער בעיע־רושע איבערגיין און עפּשער אַפילע צום אייניקל. נאָך אַלץ, ווי אַ טרוים. ניט מער, ווי אַ טרוים.

האָט מירע געזוכט. יעכיעלן האָט זי געזוכט ניט נאָר אַלס איר מאַן, איר געליבטן, דעם פאָטער פון איר קינד, נאָר אויך דעם מאָלער יעכיעל בליום, וואָס אויב אַפילע ער איז שוין ניטאָ צווישן די לעבעדיקע, און אויב אַפילע פון זײַן גאַנץ שאַפן איז פאַרבליבן בלויז דאָס, וואָס אין די פון איר געראַטעוועטע פּאַפּקעס, און דאָס ווייניקע, אין די מוזייען פאַר־היטע, מוז זײַן נאָמען בלײַבן ריין. און אוווערקיִעוון האָט זי געזוכט, ווײַל דאָס איז געווען דער איינציקער וועג צו יעכיעלן.

אויפצוזוכן דעם דראַמאַטישן טעאַטער, ווו אוווערקיִעוו האָט געאַרבעט אַלס אַדמיניסטראַטאָר, איז מירען אָנגעקומען ניט שווער. שוין צום סאָף פונעם 41־טן יאָר האָט דער דירעקטאָר פון טעאַטער אויספירלעך, אַזוי ווי זי האָט געבעטן, געענטפערט אַף איר בריוו. וועגן דעם מאָלער יעכיעל בליום האָט ער גאָרנישט ניט געוווּסט. וועגן אוווערקיִעוון האָט ער גע־שריבן, אַז מיטן טעאַטער האָט ער זיך ניט עוואַקויִרט. די דעקאָראַציעס, קאָסטיומען, די גאַנצע סצענישע אויסשטאַטונג האָט אוווערקיִעוו אַליין

אָפּגעפירט אפן וואָקזאַל, מיט זאָרג נאָכגעשפּירט, וויאַזוי דאָס אַלץ איז אײַנגעמאָסטעט געוואָרן אינעם ספּעציעלן פּראַכט־וואַגאָן, וועלכן דער טעאַ־טער האָט באַקומען אויך אַדאַנק זײַן ענערגיע און מי. ער האָט זיך דער־שלאָגן, אין וואַגאָן זאָלן אויסגעשטעלט ווערן ברייטע בענק פאַר די אַקטיאָרן מיט זייערע מישפּאָכעס און פאַרן גאַנצן פּערסאָנאַל. דער נאַ־טשאַלניק פון דער סטאַנציע האָט צוגעזאָגט לאָזן דעם צוג ניט שפּע־טער, ווי אין צוויי שאָ ארום. אוווערקיִעוו האָט געזאָגט, אַז ער מוז צו־לויפן אין שטאָט נאָך איינעם אַ מענטשן. ער וועט ניט פאַרשפּעטיקן. דער צוג אָבער איז אָפּגעגאַנגען ניט אין צוויי שאָ, נאָר אין פינף מינוט ארום. ווען עטוואָס שפּעטער, וואָלט ער צעשמעטערט געוואָרן פון אַ באָמבע. ווו איז אהינגעקומען אוווערקיִעוו, האָט דער דירעקטאָר ניט גע־ווּוסט.

אַזוי האָט מירע באַקומען די ערשטע ידיעה וועגן אוווערקיִעוון, נאָר ניט וועגן איר מאַן. האָט זי ווידער געזוכט. ניט מיד געוואָרן צו זוכן זיי ביידן. און יעדעס מאָל, ווען זי פלעגט אָנצייכענען אפן פּאַפּיר זייערע נעמען, פלעגט פאַר איר אופקומען די זעונג: זיי טראָגן זיך ביידע אין אַ פאַרמעסטונג — יעכיעל און אוווערקיִעוו. נאָר פאָרויס רײַסט זיך קעסיי־דער ארויס אוווערקיִעוו. זײַן גלאַנציקער שוואַרצער קאָפּ.

ווען מירע איז עטלעכע יאָר נאָך דער מילכאָמע, שוין ווינענדיק אין מאָסקווע, אַראָפּגעפאָרן אין איר היימשטאָט, האָט זי זיך דערוווּסט פיל מער. ניט וועגן איר מאַן, וועגן אוווערקיִעוון. ער האָט יעכיעלן ווידער אַריבערגעיאָגט. דאָס נײַ־יאָר פון 1942, — אַזוי האָבן מענטשן דער־ציילט, — האָבן דײַטשישע אָפיצערן באַגעגנט אין דעם ביז דאַן פאַרמאַכטן גרעסטן רעסטאָראַן פון שטאָט. און אַלס באַלעבאָס פונעם דאָזיקן רעסטאָ־ראַן האָט זיך פּלוצלינג אַנטפּלעקט דער געוועזענער אַדמיניסטראַטאָר פונעם דראַמאַטישן טעאַטער יעגאָר אוווערקיִעוו. ער איז בא די דײַטשן אַ גרויסער מעיוכעס געוואָרן. געזויפט און געזנוסעוועט צוזאַמען מיט די אָפיצערן פאַר דער גאַנצער שטאָט אין די אויגן. ווען די דײַטשן זײַ־נען אוועק, איז אויך ער ניט געוואָרן. מירע האָט געוווּסט: אין אירע זעונגען וועט אוווערקיִעווס קאָפּ מער ניט ארויסשווימען דער ערשטער. וואָס זי זאָל זיך ניט דערוויסן וועגן יעכיעלן און אַפילע אויב זי וועט זיך גאָרנישט ניט דערוויסן, איז אוווערקיִעוו אויס מוצלעך. ער האָט די פאַרמעסטונג פאַרשפּילט. מירען איז פון דעם ווי גרינגער געוואָרן. איצט האָט זי געזוכט נאָר איר מאַן. און טאַקע גאָר אינגיכן באַקומען די ער־שטע ידיעה וועגן יעכיעלן. ניט זייער קיין זיכערע, אַזאַ, וואָס מע קאָן גלייבן און ניט גלייבן, נאָר דאָך אַ ידיעה. אַ באַקאַנטע אַקטריסע, וועלכע האָט זיך אומגעקערט פון דער עוואַקואַציע אַהיים, האָט געשריבן מירען וועגן אַ צופעליקער באַגעגעניש מיט אירער, דער אַקטריסעס, אַ געוועזענער שטוב־אַרבעטערן. ווען יענע האָט איר געגומען דערציילן, וואָס זי האָט זיך אָנגעזען „אונטערן דײַטש", איז דער אַקטריסע אײַנגעפאַלן צו פרעגן, צי ווייסט זי ניט צופעליק עפּעס וועגן דעם מאָלער בליום. יאָ, זי ווייסט, האָט יענע געזאָגט, זי האָט אַליין געזען, מיט די אייגענע אויגן, וויאַזוי אַ פּאָליצײַ האָט געפירט בליומען אינמיטן דער גאַס. בליום האָט

זייער שטארק געהונקען, נאָר זי האָט אים באלד דערקענט. א הויכער אזא, א קוטשעראווער. ווען דאָס איז געווען, האָט זי זיך ניט געקענט דערמאָנען. נאָר איין זאך האָט זי געוווּסט אף זיכער: די ייִדן זײַנען שוין דאָן פון לאנג געווען אין געטאָ. די גרעסטע צאָל איז שוין אף דער וועלט ניט געווען. דערפאר האָט זי זיך אזוי פארוווּנדערט, ווען זי האָט דערזען בליומען, און אזוי גוט פארגעדענקט, אז ער האָט געהונקען. יאָ, געהונקען... און קיין געלע לאטע איז אף אים ניט געווען. ניט אף דער ברוסט, ניט אף דער פּלייצע.

ערשט אין 55־טן יאָר האָט מירע באקומען יענץ פּאפּיר. א פּאפּיר, וואָס האָט מיט א שטעמפּל און מיט א כסימנע באשטעטיקט דאָס שווידער־לעכסטע, וואָס האָט געקאָנט מיט יעכיִעלן פּאסירן. ניט אין געטאָ אפּי־לע, — אין געסטאַפּאָ אומגעקומען. וויִאזוי, ווען, פארוואָס? „כוישעך און נעפּל".

דאָס פּאפּירל איז פאר מירען געווען די גרענעץ, וואָס איז ניט ארי־בערצוטרעטן. שוין. מער וועט זי וועגן יעכיִעלן גאָרנישט ניט וויסן. איז געבליבן איינס — אָן אויסשטעלונג. דורך דעם פארלענגערן זײַן לעבן. דורכן כוישעך און נעפּל האָט זיך א שטראַל פון האָפענונג דורכגעריסן. דאָס איימעדיקע פּאפּירל האָט דערמעגלעכט יעכיִעלס אויסשטעלונג. נאָר מיט וואָס פאר א פּרײַז? פארפאַלן. שוין לאנג באצאָלט.

פון קיך האָט זיך צו מירען דערטראָגן דער רויש פון וואסער. א רו־טאָג, און די בליומס זײַנען שוין אופגעשטאנען. מירע האָט א קוק געטאָן אפן זייגער. נײַן, אָהאָ! זי האָט אָפּגעוואָרפן אָן א זײַט די קאָלדרע, גע־כאפּט א קוק אהינטערן ווענטל פון דיוואן: ס'איז ניט קיין כאָלעם. דאָס בילד איז דאָ! זי האָט אראָפּגעלאָזט די פיס אפן קילן פּארקעט, געבליבן זיצן פארטראכט. ווען כאָטש נאָך איינס געפינט זיך, פון די לעצטע, ווו יעכיִעלס שאפן האָט אָנגענומען א נײַע ווענדונג. מירעס פּאָנעם איז פאר־וואָלקנט געוואָרן. זי האָט זיך דערמאָנט וועגן אירע אמפּערנישן מיטן מעכאבער פונעם קאטאלאָג צו יעכיִעלס אויסשטעלונג. ער האָט וועגן דער נײַער ווענדונג הערן ניט געוואָלט. ער איז ייִנגער פון איר אף א יאָר צען געוויס, דער מעכאבער, נאָר גערעדט האָט ער מיט איר קעסיי־דער, ווי מיט אן אומגעראָטן קינד, פאר וועלכן מע דארף יעדער זאך היפּש צעקײַען, איידער עס דערגייט, אָבער קיין געדולד צו „צעקײַען" האָט אים אויך ניט געסטײַעט, ווײַזט אויס, אין איין אײַלעניש געלעבט. קוים האָט ער זיך צו א קינסטלער גענומען, איז אים פון דעם ערשטן קוק אלץ קלאָר געוואָרן. ווי פון פריִער פארגרייט, האָט ער פאר אים באלד דאָס געהעריקע אָרט געפונען און די ווערטער, וואָס האָבן פּינקטלעך דאָס אָרט באצייכנט. און... פּאָרויס! פונקט ווי צו אים וואָלט מען אין א ריי געשטאנען, עלעהיי ער פארקויפט פּרויען־שטיוועלעך, די סאמע מאָ־דערנע.

— עס דוכט זיך אײַך, — האָט דער מעכאבער אײַנגערעדט מירען מיט א ווייכקײַט, אין וועלכער ס'האָט ניט געפעלט קיין אנטשיידנקײַט. דער־

בײַ האָבן די פינגער פון זײַן װײַסער פּוכקער האנט דאָ פאנאנדערגענומען זיך, דאָ פאַרדריקט זיך אין א שלאבעריקן פויסט. — פונוואנען קומט צו בליומען אזא פארבן־אָרגיע, ווי איר שטעלט עס פאָר? ער איז דאָך א ליריקער.

— איך לייקן דען, אז ער איז א ליריקער? — האָט זיך מירע געעררגערט. — א ליריקער איז ער פארבליבן. אָבער קוקט זיך צו... — זי האָט אָנגעוויזן אף די עטלעכע פאָטאָגראפיעס, וועלכע האָבן זיך בא איר צופעליק פארהיט. — אָט, אפילע אין שווארץ און ווײַס... גרויסע פארבן־מאסעס, וועלכע פליסן ארײַן איינע אין דער אנדערער... איר זעט דען ניט, אז ס׳איז עפּעס אנדערש?

— איר ווילט זאָגן, אז בליום האָט געשטרעבט צום אָפענעם קאָליר? נו, נו... דער דעקאָראטיוויזם האָט זיך דאָך בא אונדז באוויזן ערשט דאָ ניט לאנג. אין די זעכציקער יאָרן. און דאָס אויך... בא די ארמענער, בא אונדזערע יונגע. ווי קומט עס צו בליומען?

דער מעכאבער האָט זיך ניט געלאָזט ארויספירן פון גלײַכן וועג. די לאָגיק איז בא אים געווען אן אײַזערנע. דעריבער איז פאר מירען געווען אומדערווארט די באגײַסטערונג, מיט וועלכער זײַן ווײַסע פּוכקע האנט האָט, ווי פון א מין רועך־האקוידעש אונטערגעכאפּט, צוגעשריבן צום פאָרוואָרט איין פראזע: „לויטן איידעס־זאָגן פון דעם מאָלערס אלמאָנע, האָט בליום אין די לעצטע יאָרן פון זײַן שאפן ארויסגעוויזן אן אינטערעס צו דעקאָראטיווער מאָלערײַ”.

מירע האָט דערפילט אין מויל א לאנג פארגעסענעם איבלדיקן טאַם. אין עוואקואציע איז דאָס געווען. עטלעכע וואָכן האָט פארפעלט צייןפּראָשעק אין פארקויף, האָט זי געריייניקט די ציין מיט זייף. איז נא דיר גאָר, אײַנמיטנדערינען א פול מויל מיט זייף־מילינעס. זי האָט א שלונג געגעבן, אָנגעטאָן זיך א קויעך צו פארטרײַבן די טאַם־האליוצינאציע. מיט דער רעשט ביטערקײַט אפן גומען האָט זי גענומען דערציילן דעם געבילדעטן קונסט־קענער, וויאזוי בליומען האָט קעסיידער, ניט „אין די לעצטע יאָרן פון זײַן שאפן”, געצויגן צו וואנט־מאָלערײַ, לעמאָשל, זי האָט שוין געהאלטן בא דערציילן אויך, וויאזוי בליום פלעגט פלוצלינג א זאָג טאָן: „לאנג ניט געזען מאטיסן. מע דארף זיך ארויסכאפּן קיין מאָסקווע”. נאָר אָנשטאָט דעם האָט זי גענומען בעטן ראכמים בא דעם מעכאבער, ער זאָל אויסמעקן די צוגעשריבענע פראזע. האָט ער שוין ניט געוואָלט. ווײַבאלד ער האָט זי אפן פּאַפּיר אויסגעלייגט, האָט זיך אים שוין געדוכט, אז ער האָט דאָ מ׳ייעדייע וואָס אופגעטאָן, א דערפינדונג געמאכט.

נאָך זײַן אוועקגיין האָט מירע זיך דאָס הארץ אויסגעגעסן, האלעמײַ זי האָט אים גאָר דערציילט אזוינס, וואָס זי האָט ניט געהאט קיין מעגלעכקײַט אָנשוילעך צו דערווײַזן.

„לויטן איידעס זאָגן פון דער אלמאָנע” — ווען דער דאָזיקער געבילדעטער מאן וואָלט געוווסט, ווי הארב זײַנע פּוכקע הענט האָבן איר א דריק געטאָן דאָס הארץ. נאריש צו זאָגן, אוואדע איז זי אן אלמאָנע. שוין באלד א פערטל יאָרהונדערט אדורך, זינט זי איז אן אלמאָנע גע־

בליבן. די מענטשהײַט איז אײַנגעטיילט אין פיל קאַטעגאָריעס. יעדער מענטש איז צוגערעכנט צו איינער פון זיי. ס'איז דאָ א ווײַב, ס'איז דאָ אן אלמאָנע. געוויס, געוויס... מירע איז אָבער מוחל דאָס גליק פון „אײַנגעטיילט" אָדער „צוגערעכנט" ווערן. וואָלט יענער זי כאָטש פּאָשעט באם נאָמען אָנגערופן...

„אָ, נארישקײַטן, א גלענצנדער קאַטאלאָג. אפילע עטלעכע פארביקע רעפּראָדוקציעס... דאָס פּאָרוואָרט? מיילע, ווער וועט עס לייענען? מע זעט דאָך: „לויטן אײדעס זאָגן"... דאָס זײַנען דען ווערטער? ליסקעס פון פיש..." פלינק, ווי אין דער יוגנט, האָט זיך מירע אין איין נאכטהעמד אופגעהויבן פון געלעגער. דערלאנגט יעכיעלס בילד, אוועקגעשטעלט עס בא דער וואנט. די נײַע ווענדונג אין יעכיעלס שאפן... ווער עס האָט אויגן, וועט דערזען. מירען ארט ניט, ווי מע וועט עס אָנרופן. זי זעט, זי הערט. דאָס בילד איז שטיל און שאלנדיק. נאָר... ווען, וויאזוי? מירע האָט פארשטעלט מיט די הענט דאָס פּאָנעם. זי האָט שוין ניט געוווּסט, צו וואָס געהערן אירע פראגעס, צו יעכיעלס ניט ווערן, אָדער צו דער שליימעס, צו וועלכער ער האָט דערפירט זײַן בילד.

7

ווען, וויאזוי? דער סאָף איז געווען אין א דאָקומענט פארנאָטירט. געסטאפּאָ... שרעקלעך, אָבער עס איז צו פארשטיין. אן אומאָפּהענגיקע נאטור, וואָס איז קיינמאָל ניט אײַנגעגאנגען אף קיין מינדסטן קאָמפּראָמיס... יאָ, מירע האָט דערלאָזט, אז יעכיעל האָט זיך אויסגעטראָטן א שטעגעלע צו די קעלערס פון געסטאפּאָ. אָבער דער אָנהייב... בא יעכיעלן איז דאָך נאָך פארבליבן צײַט אף צו פארלאָזן די שטאָט. צי האָט מירען געקאָנט אײַנפאלן, אז דעם אָנהייב פון אומקום האָט זי פארורזאכט. ווען ער באגלייט ניט זי מיט דער טאָכטער צום וואָקזאל, וואָלט עפּשער אלץ אנדערש געווען. אן אומזיניקער צופאל: ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אז דער שאָליעך פון גורל וועט גאָר זײַן א נאכלעסיק אָפן געלאָזטע טיר, א שווערע דעמבענע טיר, וואָס אין די גוטע צײַטן פלעגט זי אף באנאכט פארשלאָסן ווערן און גראָד אין יענער גרויזאמער נאכט וועט זי אָפן בלײַבן ביז פארטאָג.

ערשט שפּעטער וועט עס צו מירען דערגיין, שוין נאָך דער אויסשטעלונג. עס וועט צו איר אויך דערגיין, אז יעכיעל איז אוועק פון דער וועלט א זיכערער, ווײַזט אויס, אין דעם, אז ער האָט מיט א מעסער זײַן לעצט בילד אליין אף פּיץ־פּיצלעך צעשניטן. טאקע אָט דאָס בילד, וואָס מירע האָט אין דער אנטיקוואר־קלייט געקויפט. אזא פּײַן איז אים נאָך געווען באשערט, — ווי ער וואָלט א מאָרד באגאנגען. און ניט קיין פּאָשעטן מאָרד, אן אייגן קינד געקוילעט. אזוי האָט ער געזאָגט דעם באָכערל פון דער קאמפּס־אָרגאניזאציע, וועלכער האָט געזאָלט זיך באטייליקן אינעם ארויספירן דעם מאָלער יעכיעל בליום פון געטאָ. עטלעכע כאדאָשים פארן אָנהייב פון דער מילכאָמע האָט אים דאָס באָכערל זײַנע צייכענונגען באוויזן, און דער מאָלער האָט זיי געלויבט. ניט גע־

קוקט דערויף, וואָס בליום איז פאַרן באָכערל א גאָט געווען, האָט ער אים דאָך פון געטאָ ניט ארויסגעפירט. באַנאַכט האָט זיך אופגעהויבן א מעהומע, און דאָס באָכערל איז אין א לאַגער־טראַנספּאָרט אריַינגעפאַלן. יעכיעלן האָט ער מער קיינמאָל ניט געזען און ניט געוווּסט, ווו ער איז אהינגעקומען. ער האָט אָבער פאַרגעדענקט דעם מאָלערס ביטע: קוים ער, דאָס באָכערל, וועט לעבן בלײַבן און ס׳וועט זיך אים מאַכן די פּרוי פון מאָלער צו באַגעגענען, זאָל ער איר דערציילן, אַז דאָס בילד האָט ער פריער גרינטלעך איבערגעאַרבעט און דערנאָך אַליין פאַרניכטעט.

„מײַן פרוי איז א פײַנפילנדיקער מענטש, — האָט ער געזאָגט, — ווייל איך, זי זאָל וויסן, וויאַזוי ס׳האָט זיך מײַן קינסטלער־לעבן פאַרענדיקט. אף וואָס פאַר אַן אויפן איך אַליין וועל פאַרענדיקט ווערן, וועל איך שוין קיינעם ניט קענען דערציילן". אפילע זײַנע פיבער־זעונגען, האָט ער גע־טרוימט, זאָלן דערגיין צו זײַן פרוי, ווײַל „זי וועט פאַרשטיין, זי וועט מיך אפילע אין מײַנע כאַלוימעס דערקענען. און אמאָל אונדזער טאָכטער וועגן מיר דערציילן".

דאָס באָכערל איז לעבן געבליבן. ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן יעכיעל בליומס אויסשטעלונג און אַז דעם מאָלערס פרוי איז דאָרט בײַ־געווען, האָט ער זי אופגעזוכט און אין א געניועם בריוו איבערדערציילט דאָס אַלץ, וואָס יעכיעל האָט אים דערציילט. יעכיעלס שילדערונג פון די לעצטע טעג אין זײַן ארבעטס־צימער האָבן אף אים, א מענטש אַן עמ־פינדלעכן, אַליין א מאָלער, א גרויסן רוישעם געמאַכט. האָט זיך אים אײַנגעגעבן זי אין זײַן זיקאָרן פאַרהיטן, און אין אייניקע פּראָטים האָט אים אוואַדע דאָ אויך די אייגענע פאַנטאַזיע צוגעדינט, און ווי א לעבע־דיקע מעסוירע דעם מאָלערס מישפּאָכע איבערפאַרטרויען.

אָט אזא איז זי פאַרהיט געוואָרן, די מעסוירע:

באַגלייט מירען מיט טאַמאַרעלען, האָט יעכיעל שפּעט באַנאַכט זיך אומגעקערט צופוס פון וואָקזאַל. ניט אהיים. אין זײַן אַטעליע. די עטלעכע טעג ביז דער עוואַקואַציע האָט ער געזאָלט זײַן דאָ. אײַנפּאַקן די ביל־דער און אָפּוואַרטן אווערקיעווען. אַן אויסגעווייקטער פונעם רעגן, האָט זיך יעכיעל דערקליבן צו דעם הויז, ווו דער באַגינען האָט אים ניט זעלטן גע־טראָפן בא דער ארבעט. פינצטער אף דער גאַס און אויך אין די הײַזער ארום לײַכט זיך קיין איין פענצטער ניט. יעכיעל האָט ארויסגענומען פון דער קעשענע דעם שליסל פון דער דרויסנטיר, ווי ער איז געוווינט געווען, געמאַכט א טראָט פאָרויס און... א ווילדער ווייטעק האָט אים א זעץ געטאָן אינעם לינקן פוס. ביזן שאַרבן דורכגענומען. ער האָט דער־הערט א פאַרשטיקטן „אָך", ווי ניט פון אים, נאָר פון עפּעס א זײַטיקן ארויסגעקרעכצט, און איז ערגעץ אין א טיפענישׁ אײַנגעזונקען.

ווען יעכיעל איז צו די געדאַנקען געקומען, האָט ער בא דער בלאַסער מאָרגן־שײַן, וואָס האָט זיך דורכגעזיפּט דורכן גרויען רעגן־נעפּל, צום אַלעם ערשטן דערזען די אופגעפראַלטע טיר. דערנאָך ערשט איז צו אים דערגאַנגען, אַז ער ליגט אין א טיפער קאַליוזשע באַם סאַמע אריַינגאַנג

אין הויז. ער האָט מיט אנגסטן זיך אופגעהויבן. שאַרנדיק בא די ווענט, אַרײַנגעקראָגן זיך אינווייניק. אויס געוווינהײַט האָט ער א צי געטאָן די טיר. מיט א טראסק האָט זי זיך פאַרהאַקט הינטער זײַן פּלייצע, און ער איז געבליבן אין דער פינצטער. א טאַפּ געטאָן אין די קעשענעס, קיין שוועבעלעך ניט געפונען, אָנגעטאַפּט די פּאַרענטשע, האָט ער זיך מיט ביידע הענט אָן איר אָנגעכאַפּט און גענומען שפּרינגען אויף איין פוס פון טרעפּ צו טרעפּ. אויפן דריטן שטאָק איז ער שטיין געבליבן. נאָך איין שפּרונג, און עס שפּרינגט אים דאָס האַרץ אַרויס. ער האָט אָפּגערוט, ביידע עלנבויגנס אויף דער פּאַרענטשע פאַרלייגט, דעם קאָפּ אויף די הענט אַראָפּגעלאָזט, דערנאָך ווידער געפּרוווט שפּרינגען, עטוואָס אויף אַן אַנדער אויפן. ווי פריִער געהאַלטן זיך מיט ביידע הענט אָן דער פּאַרענטשע, אַריבערטראָגנדיק אויף זיי און אויף דעם רעכטן פוס די גאַנצע שווערקייַט פונעם קערפּער, אָבער אויך געפּרוווט צוהעלפן זיך מיט דעם לינקן. בלויז מיט די שפּיץ פינגער דעם דיל אָנרירן. באַם ערשטן אָנריר האָט יעכיִעלן דורכגעשניטן נאָך א שאַרפּערער ווייטעק, ווי פריִער, ווען ער האָט זיך אָן דער טיר אָנגעשלאָגן. אזוי האָט זיך אים אלנפאַלס אויסגעוויזן. א היפּשע ווײַלע איז ער אָפּגעשטאַנען אויף איין פוס, אויף דעם רעכטן. דער לינקער, דער קראַנקער פוס, אַן אונטערגעבויגענער אין דער קני, איז געבליבן הענגען אין דער לופט.

אויפן לעצטן, אויפן פערטן שטאָק האָט שוין יעכיִעל דערפּויזעט. ווי שווימענדיק, פאַרוואָרפן די הענט פון טרעפּ צו טרעפּ, אָפּגעשטויסן זיך מיטן רעכטן פוס, נאָכגעשלעפּט דעם לינקן. ביז ער האָט זיך דערזען זיצנדיק אויף דער קאַנאַפּע אין זײַן אַטעליע. אָפּגערוט, אַראָפּגעצויגן די שקאַרפּעטקע פונעם קראַנקן פוס.

דאָס הויז איז געווען ניט באַהייצט, די וואַסערלייטונג האָט ניט געאַרבעט. דאָס וואַסער אין די צוויי פולע עמער, וואָס יעכיִעל האָט נעכטן פאַרגרייט פאַרן לאָזן זיך צום וואָקזאַל, איז איצט פון אויבן געווען מיט א בלײַען הײַטל פאַרצויגן. יעכיִעל האָט אײַנגעטונקט א האַנטעך אין עמער, אַרומגעבונדן דעם קראַנקן פוס. און ווי געוועזן, ניט אויסטוענדיק אפילו דעם אויף דורך און דורך דורכגענעצטן מאַנטל און פון רעגן צוגעטשמעליעטן הוט, מיט איין פוס, אַן אַרומגעבונדענעם מיטן אײַז-קאַלטן האַנטעך, מיט דעם צווייטן א באַשוכטן, האָט ער זיך א וואַלגער געטאָן אויף דער קאַנאַפּע. נעכטן, פאַרן אַרויסגיין פון שטוב מיט מירען און טאַמאַרעלען, האָט ער זי פאַרבעט, ווי צום שלאָפן גיין. אויף עלעקטרישער שײַן איז געווען ניט צו האָפן. האָט ער איצט דעם קאָפּ אינעם נאַסן הוט אויפן קישן פאַרוואָרפן. די הענט האָבן אָן דעם אָנטייל פונעם באַוווסטזײַן אַרופגעצויגן אויף דער ברוסט די וואַרעמע קאָלדרע.

שאָען פון פאַרגעסנהײַט, שאָען פון פּלאָנטער אין די געהירן. ווי פון א נעפּל שווימט אַרויס א שטיקעלע וואָר און ווערט צוריק אין נעפּל פאַרזונקען. אויף א הויכן לייטער קריכט ער, יעכיִעל. און די מאַמע שטייט אונטן, אײַלט אים צו: „נו, גיכער שוין, יעכיִעלקע, נעם אַראָפּ דאָס פּייסעכדיקע געפעס פון בוידעם!" ער איז נאָך גאָר א קליינער, יעכיִעל. ער קלעטערט שמײַדיק אין די קורצע קאָרטענע הייזלעך אַלץ העכער און

העכער. ער האָט ליב צו קריכן אױפֿן בוידעם. דאָרט איז טונקל. און ווײַס גרעט שעמערירט אין דער טונקלקײַט. יעכיעל פֿאַרמעסט זיך מיטן פֿוס אױפֿן העכסטן שטאַפּל. ערשט עס ברענט. דער לייטער ברענט. זײַן פֿוס ברענט. און פֿון בוידעם נעמען מיטאַמאָל פֿליִען אױף אַראָפּ טעלער און קויסעס. אַ בראָזג פֿון געפּלאַצט גלאָז. „מאַמע, — שרײַט יעכיעל, — ס׳איז ניט איך. איך בין ניט שולדיק״. הערט אים ניט די מאַמע. זי קאַשערט טשוהונעס אין אױוון. און יעכיעל שטייט לעבן איר. ער קרעכצט: „מאַמע, עס טוט ווײ, ווײ־ײ־ײ!״ אין קיך, בײַ זײַנע פֿיס ליגט אַ קליין פֿייגעלע, אַ וואָראָביײטשיקל. עס רירט זיך ניט. און ניט ער, יעכיעל, נאָר דאָס פֿייגעלע קרעכצט גאָר: „עס טוט ווײ, ווײ־ײ־ײ!״ זײער שכײנע, די אַלטע איוואַניכע, קוקט אױף דעם, צײלעמט זיך און שעפּטשעט: „אָן אומגליק. אָן אָנשיקעניש. אַ טויטער פֿױגל אין שטוב — אַ סימען פֿון טויט״.

יעכיעל האָט געעפֿנט די אױגן. דאָס צימער אין טונקעלער שײַן פֿאַרהילט. צי עס טאָגט, צי עס נאַכטיקט. צוגעטראָגן די האַנט מיטן זייגער צו די אױגן. צוועלף. צוגעטראָגן צום אױער. עס שווײַגט. יעכיעל האָט ווידער פֿאַרמאַכט די אױגן. ס׳איז אַזױ גוט צו ליגן אינעם אָנטאָן אונטער דער קאָלדרע. וואַרעם. דעם רוקנביין קיצלען טראָפּנדלעך שווייס. און שטיל. ווי פֿאַר אַ גוסרעגן. אָט, עס דונערט שוין אין דער ווײַט. און גלאָז פּלאַצט. וואָסער גלאָז? פֿאַרוואָס פּלאַצט עס?

ווען יעכיעל האָט ווידער געעפֿנט די אױגן, איז אין צימער שוין געווען ליכטיק. און אים איז געווען קאַלט. דער קאָפּ האָט געפֿרירט. ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אַריבער דער קאָלדרע, דערנאָך אַ שאַר געטאָן מיט דער רעכטער האַנט איבערן דיל לעבן דער קאַנאַפּע. געפֿונען דעם הוט, אַרופֿגעזעצט אים אױפֿן קאָפּ. די דאָזיקע ערשטע באַזיניקטע באַוועגונג נאָך דעם, ווי ער איז אינעם אױבער־בעגעד און אין הוט אױף דער קאַנאַפּע אײַנגעשלאָפֿן, האָט אים אומגעקערט צו דעם, וואָס איז געשען און וואָס ער האָט ווײַטער צו טאָן. „באַלד וועט קומען אַווערקיעוו. מע דאַרף זיך צוגרייטן״. ער האָט אַוועקגעשאַרט אָן אַ זײַט די קאָלדרע, פֿאַרהויבן די פֿיס אין דער הייך און אַזױ, ניט פֿאַנאַנדערנעמענדיק זיי, אַראָפּגעלאָזט ביידע מיטאַמאָל אױפֿן דיל. דאָס, וואָס ער האָט דערזען, האָט דעם ווייטעק פֿאַרטויבט. אַ גרוי פֿייגעלע, אַ וואָראָבייטשיק האָט ער דערזען צווישן די דאָפּלטע שויבן פֿון זײַן ברייטן פֿענצטער. ווײַזט אויס, אַרײַנגעפֿלויגן דורך דער דרויסנדיקער געפּלאַצטער שויב. ווען האָט זי, אײגנטלעך, געפּלאַצט? ער האָט, דאַכט זיך, געהערט... און קלעפּ האָט ער געהערט. צי איז עס ניט געווען אַווערקיעוו? ניט געקאָנט אים אופֿוועקן. געמיינט אַוואַדע, ער איז אַוועק. אַזױ האָט מיט אומרו געטראַכט יעכיעל און בײַסמײַסע נאָכגעפֿאָלגט מיטן בליק נאָך דעם פֿייגעלע, וואָס האָט מיט פֿאַרצווייפֿלונג געשלאָגן מיט די פֿליגלען אין די שויבן. יעכיעל האָט זיך אָנגעטאָן אַ קויעך און צוגעשפּרונגען אױף איין פֿוס צום פֿענצטער, קעדיי צו באַפֿרײַען פֿון געפֿענקעניש דאָס וואָראָבייטשיקל. צוגעשפּרונגען און געבליבן שטיין. וועגן דעם פֿייגעלע פֿאַרגעסן. אַנטקעגן האָט געברענט אַ גוט באַקאַנט הויז. אין די אָנשויביקע פֿענצטער־לעכער האָט געבושעוועט אַ פֿלאַם. צווישן און אַהינטער די פֿײַער־צונגען — אַ

פינצטערניש. שווארץ. פון רעכטס, פון לינקס האָט געשפּארט א ברוינער רויך, אין א טונקעלער געדיכטעניש צונויפגענומען זיך איבער דעם ברענענדיקן הויז און פון דאָרט מיט רויטע פּילן געשאָסן אין הימל. ווען עס גיבן זיך איצט א טראָג מיט א גרילצערײַ צו דעם הויז רויטע מאשינעס, מיט לייטערס פארגארטלט... ווי נאָך א יאָמטעוו האָט יעכיעל נאָך זיי געבענקט. און נאָך די פלינקע יונגען, וואָס קלעטערן אָף די ווענט, טרעטן לײַכט אריבער פון באלקאָן אָף באלקאָן מיט די לאנגע וואסערשלאנגען אין די הענט. אפילו ניסראָפּים וואָלט ער גערן געוועזן צו זען, יעכיעל. זאָלן זיי זיצן, דערדריקטע, אָף זייער געראטעוועט מעבל, אָף קישנס, מאטראצן, צעשלײַדערטע דורך די פענצטער אפן הוילן טראָטואר. און קינדער זאָלן מיט פריילעכן געפילדער ארומטראָגן זיך ארום די וויינענדיקע מאמעס. דאָס אַלץ איז לעבן, אפילו ווען עס וויינען מאַמעס. אָבער דער ברוינער רויך, מיט וועלכן ס'האָט זיך פארכלינעט און דעם אָטעם פארלאָרן די גאס, דאָס ברענענדיקע שוצלאָזע הויז, ווי פון יאָרהונדערטער פארלאָזט און פארגעסן — זאָל ברענען — דאָס איז טויט.

פארבײַ זײַנע אויגן האָט דורכגעשוועבט דאָס וואָראָבייטשיקל. עס האָט זיך פאראקשנט געטראָגן צווישן די שויבן, געזוכט אַן ארויסגאנג. יעכיעל האָט געעפנט די אינוויינִיקסטע פענצטער־ראם: „אהער פלי, נארוליע, וואָס קלאפּסטו זיך קאָפּ אָן וואנט? דער וועג איז אָפן. אָף מיר געזאָגט געוואָרן. נו, גיכער שוין, ס'איז מיר קאלט. אָט אזוי, שיינהײַט מײַנע, א געזונט אין דײַן קלוגן קאָפּ, נו, און איצט דארף מען דיר געבן עפּעס אין מויל ארײַן. מיר וואָלט אויך ניט געשאט עטוואָס א פּיק צו טאָן".

ער האָט אָן עפן געטאָן דאָס טירל פונעם שאפקעלע, ווו ס'האָט געזאָלט ליגן בא אים א האלבער לאבן ברויט. דאָס ברויט איז געווען אפן אָרט. לעבן דעם איז געלעגן דאָס מעסער, מיט וועלכן יעכיעל פלעגט געוויינלעך שנײַדן קארטאָן. אפן מעסער האָט זיך יעכיעל עפּעס אומהיימלעך א זײַטל געטאָן און געלאָזט עס ליגן אין שאפקעלע. ארויסגענומען דאָס ברויט און, כאָטש עס האָט שוין באוויזן שטארק פארטריקנט צו ווערן, מיט די הענט אָפּגעבראָכן פון דעם א שטיק. צום מעסער ניט צוגערירט זיך. געפּרוווט אָפּבײַסן פונעם ברויט... די ציין נעמען עס ניט. „עפּשער אין עמער אײַנטונקען?" דאָס ברויט איז, ווי א שטיין, אפן דעק פונעם עמער אראָפּ. געבליבן דאָרט ליגן. יעכיעל האָט געטרונקען. אײַזקאלטע וואסער. עס האָט אים געקלאפּט א צאָן אָן א צאָן. און ער האָט אַלץ געטרונקען. א קריגל נאָך א קריגל.

מיט צוויי שפּרונג האָט ער דערגרייכט די קאנאפּע. דעם קישן אוועקגעשטעלט אלס אָנלען פאר דער פּלייצע. אוועקגעלייגט אָף דער קאנאפּע דעם רעכטן פוס. מיט ביידע הענט ארונטערגעכאפּט אונטער דער קני דעם לינקן. אריבערגעטראָגן אָף דער קאנאפּע. אײַנגעמאָסטעט. א רעגע אָפּגערוט. ארויסגעוויקלט דעם פוס פון האנטעך. דערזען: דער פוס איז אופגעלאָפן, שווארצלעך־בלוי, פון דער פּיאטע קימאט ביז אונטער דער קני. ער האָט א צי געטאָן דעם קישן אָף אראָפּ. גוט אײַנגעדעקט זיך. ליגן, דרעמלען... ס'איז גוט אזוי צו ליגן און דרעמלען. אין דער ווארעם.

אף יעכיעלן רוקט זיך אָן א ברוינער בארג, דער בארג וועט אים דער־שטיקן. און לאָזן זיך וויַטער. שטיקן. „עס קאָן ניט זיַין. אזוי קאָן ניט זיַין", — האָט אין אים געשריען. און מיטאמאָל קלאָרקיַיט. „ניט געווען נאָך אזא כורבן, וואָס זאָל צונישט מאכן די הארמאָניע פונעם וועלט־בוי". רופט זיך אין יעכיעלן אָפּ א צווייט קאָל, מיט כויזעק: „אוואדע, נויעכס טייווע כאָלעמט זיך דיר. א יעשיווע־באָכער האָסטו געזאָלט זיַין, ניט קיין מאָלער". ס'איז א ליגן. יעכיעל ווייסט, ער איז א מאָלער. און ער איז געצווונגען צו זען, ווי די וועלט טרינקט זיך. ניטאָ קיין הימל. ניטאָ קיין ערד. וואסערן... וואסערן... אָבער די טייווע איז אויך דאָ. ווי איז זי באשריבן אין כומעש? פארגעסן. נאָר אלציינס. א העלע איז זי, א ליכטיקע, אניט, ווי וואָלט ער זי דערזען אין די וואסערן? ווי מאיעסטע־טיש זי שווימט אין דער גרויקיַיט... די טייווע איז שיין. די טייווע איז הארמאָניע. זי איז שטאַרקער פון גאָטס צאָרן.

„אופשטיין, גיכער. מע דארף עפּעס טאָן". אָן אופגעוואכט פיצל פונעם באוווּסטזיַין טאָרעט אים, מאָנט. און ער ווערט זיך — אָט, נאָך א וויַילע, ער דארף נאָך עפּעס דערטראכטן, דערמאָנען זיך. א ליַיכטקיַיט אזא אין אלע איינוורים... יעכיעל פילט ניט קיין ווייטעק, ניט קיין הונגער, ניט קיין אומרו. דער קאָפּ איז קלאָר. איינס נאָך איינס לעבן אוף אין אים זעונגען, וואָס גלעטן, וואָס לאשטשען.

...א מין ווייכער אָוונט... פרילינג, האלבע נאכט אין מאָסקווע. יעכיעל שפּאצירט מיט זיַין פריַינט, מיט וואסילי רעמיזאָוו, לענגויס די בול־ווארן. אפן טרובנע־פּלאץ טראָגט זיך דורך פארבײַ זיי מיט איַיליקן געקלאנג א פארשפעטיקטער טראמוײַ. אינווייניק זיצן עטלעכע געציילטע מענטשן. וויגן זיך צום טאקט פון די רעדער: אהער־אהין, נאָכגיביקע, ווייכע, ווי צוזאמען מיט די טאָג־זאָרגן וואָלטן זיי זיך פון די אייגענע מוסקולן באפריַיט.

א פרויען־געשטאלט האָט דורכגעשוועבט אינעם אָפענעם פענצטער. דאכט זיך, א שמייכל געטאָן. דורכן באלויכטענעם פענצטער האָט די פרוי ניט מער, ווי צוויי שווארצע סילועטן געקאָנט דערזען אפן טראָטואר. און אויב זי האָט געשמייכלט, איז נאָר צו זיך אליין. יעכיעלן איז אָבער גוט געווען צו טראכטן, אז צו אים האָט געשמייכלט די פרוי.

— סארא שיינהיַיט ס'איז דורכגעפלויגן, האָסט געזען? — רעמיזאָוו, א מאן אין די פערציקער, האָט יינגלש פארבענקט, מיט האנאָע א זיפץ געטאָן. אָן קיין שום איבערגאנג האָט ער באניַיט זייער פריערדיקן גע־שפּרעך: — אלע באטאליעס צווישן פארשיידענע ריכטונגען, שולן דרייען זיך ארום איינעם און דעם זעלבן — דיסטאנץ. איינער טוקט זיך אָפּ מיטן קאָפּ אינעם סאמע קעסל פון לעבן. א צווייטער טרעט אָפּ אף א היפּשן מעהאלעך. ווער איז גערעכט? די ציַיט איז דער שויפעט. דער מאָקער איז אלציינס דאָס לעבן. אף וואָס פאר א דיסטאנץ מיר זאָלן ניט אָפּטרעטן, קערן מיר זיך אום אלציינס צום לעבן. צי מיר ווילן עס, צי מיר ווילן ניט.

— אוהו, — האָט א פארטראָגענער אין זיך, ארויסגעמורמלט יעכיעל. ער האָט מיט אלע איינוורים געפילט דעם פרילינג. פאר די אויגן האָט נאָך אלץ געשוועבט די שמייכלענדיקע פרוי. האָט זי זיך שוין באזעצט

ערגעץ אינווייניק אין אים, קעדיי אין יאָרן ארום, א פארגעסענע, אופ־צולעבן גאָר אין אן אנדער געשטאלט אף זײַן לײַוונט. יעכיעלן האָט זיך מער ניט געוואָלט ריידן און אפילע הערן. ס׳איז א שאָד געווען צו צעטרענצלען אין ווערטער די פרילינגדיקע אופגעוואכטקײַט פונעם הארץ. רעמיזאָוו אָבער האָט ליב געהאט צו טעאָרעטיזירן. ער האָט מיט זיכער־קײַט געצויגן די ווירע פון זײַן געדאנק ביז צום ענד־פונקט. אָבער, ווי ער וואָלט דערפילט יעכיעלס אָפּגעזונדערטקײַט פון אים אין דער רעגע, האָט ער קורץ פארקײַלעכיקט זײַנע רייד:

— דאָס ווײַטסטע קאָן אמאָל זײַן דאָס נאָענטסטע. דאָס קונסט־ווערק גופע איז דאָך אָבער ווידעראמאָל לעבן.

ווי אופגעוועקט פון די ווערטער, האָט זיך יעכיעל אופגעזעצט אף דער קאנאפּע. אנטקעגן דעם מאָלברעט, אף וועלכן ער האָט געארבעט, איז געשטאנען נאָך איינער מיט א גרויסן שפּיגל אפן בײַשטידל. אף א ווײַלע האָט זיך יעכיעלס בליק אף דעם אָפּגעשטעלט. דער שפּיגל האָט טרײַ אָפּגעבילדעט א פּארוואָקסן, פון ווייטעק אויסגעקרימט פּאָנעם, א קאָפּ פעטע, ווי מיט סמאָלע צונויפגעקלעפּטע האָר, מיטן גלאנץ פון מעשוגאַס ברענענדיקע אויגן.

מיטן רוקן צו אים איז בא דער וואנט געשטאנען אן אָנגעצויגענער לײַוונט. יעכיעל האָט אים א נעם געטאָן, איבערגעקערט מיטן קאָפּ אראָפּ און אוועקגעשטעלט אפן מאָלברעט. א קוק אפן בילד. א קוק אין שפּיגל. עס קריכט. אוואדע. די ווײַסע פּרויען־פיגור... זי צעשפּארט דעם לײַוונט. מאכט א טעל פונעם פּייזאזש. „און מירע האָט געליבט...״ מירע, טאמאַ־רעלע, ווו זײַנען זיי איצט?״ א בענקשאפטלעכער אומרו האָט צונויפגע־דריקט דאָס הארץ. נאָר די הענט האָבן בייסמײַסע שוין געלעבט מיט גאָר אן אנדער, מיט זייער אייגן לעבן. זיי האָבן איבערגעקערט דעם לײַוונט, געלאָזט די פינגער דורכגליין זיך איבערן געוועב פון די פארב־אָנשיכטונ־גען. ווי אף דורכלעכערן אים, האָבן איבערן לײַוונט גענומען שלאָגן די פּענדזלעך. אין נערוועזן אומגעדולד האָט יעכיעל, אריבערנעמענדיק די פּענדזלעך אין דער לינקער האנט, מיט דער רעכטער אָנגעדריקט אף די טובן, אויסמײַדנדיק די פּאַליטרע, געשלײַדערט פארב דירעקט אפן לײַוונט. ניט קוקנדיק, געכאַפּט א מאַסטיכין און א פּיר געטאָן מיט אים פונעם רעכטן ווינקל אין דער הייך ביז צום לינקן אונטן. און ס׳איז שוין ניט געווען אף דער וועלט קיין ברוינער בארג, ניט געווען קיין זאָרג פאר ווײַב און קינד. איין רעאַלקײַט איז פארבליבן, אין וועלכער יעכיעל האָט זיך אײַנגעגעסן מיט זײַנע זשעדנע, זוכנדיקע אויגן און פיבערהאפט פאָר־געזעצט איר באשאַף: א שמאָל געסל צווישן טויבע געלע ווענט — דור־וואלן. א פון דער זון אָנגעגליטער זאמדיקער באָדן מיט גלאטע וואַרעמע שאָטנס, וועלכע עס וואַרפן אָפּ פון זיך די ווענט. אין דער הייך, איבער דער גלײַקער ערד שפּרייט זיך א פון היץ פארגליווערטער בלויער הימל מיט שטילע ראָזע וואָלקנדלעך. און א ווײַסע פּרויען־פיגור אינצווישן, מיט א בראָנזענעם קרוג אפן קאָפּ.

א כאלאָשעס־שוואכקײַט האָט באשלאָגן יעכיעלן. די פּענדזלעך זײַנען געפאלן צו דער ערד, איבערלאָזנדיק עטלעכע פלעקן אף זײַן אָנטאָן.

ער האָט זיך צוגעזעצט אַף אַ שטול, דעם קראַנקן פוס אויסגעצויגן ווײַט פון זיך. ער האָט געזען: די געלע דוואָלן זײַנען פון איין גוס געוואָרן מיט דער ווײַסער פרויען־פיגור, אַרײַנגענומען זי אין זיך און אײנצײַטיק אויסגעטיילט. די פרוי איז איצט געגאַנגען פון דער טיף, כאָטש פאַרבליבן איז זי אַפן זעלבן פלאַך. אירע פיס האָבן לײַכט באַטראָטן די גלאַטע וואַרעמע שאָטנס.

די פליצע אָנמעכטיק צוגעטוליעט צום ווענטל פון שטול, האָט יעכיעל אַ היפּשע ווײַלע געקוקט אַפן בילד. דערנאָך אָנגעטאָן זיך אַ קויעך, פון רעכטס אַף לינקס אוועקגעשטעלט זײַן כסימע. די יידישע אויסיעס, מיט רויטן געמאָלט, האָבן מיט אַן אומדערוואַרטער שיינקײַט אַרײַנגעפּאַסט זיך אינעם קאָלאָריט פונעם בילד, אים נאָך וואַרעמער געמאַכט. יעכיעל האָט אַ טראַכט געטאָן און מיט שוואַרצן אָפּגעצייכנט די צוויי לאַמעדן פון זײַן נאָמען און פאַמיליע־נאָמען. אַרויסגעריסענע פונעם פײַערלעכן רויטן, האָבן זיי, ווי צוויי שוואַרצע ליכט, זיך אויסגעצויגן אין דער הייך. אונטער דער כסימע, אויך מיט שוואַרצן — 1941.

„הײַנט האָב איך, דאַכט זיך, עפּעס אופגעטאָן", — האָט שטיל אַרויסגעבראַכט יעכיעל. ווי נעמענדיק זיך אַליין פאַר אַן איידעס, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום שפּיגל. צוזאַמען מיטן בילד, צוזאַמען מיט זײַן אייגן איבערגעקערט פּאָנעם, האָט ער דערזען אַפן דיל דאָס וואָראָבייטשיקל, וואָס ער האָט באַפרײַט פון געפענקעניש. עס איז געלעגן אָן באַוועגונג. אין דער זעלבער רעגע האָבן זיך פון דער גאַס דערטראָגן קוילעס. אַ געווירבל פון קוילעס, וואָס מישן זיך אויס, גרײַפן אָן איינס אַפן אַנדערן אין אַן אומזיניקער פאַרמעסטונג. קיין ווערטער האָט יעכיעל ניט געהערט. בלויז אַ געפעכט פון גראָבע קוילעס, פון וועלכן ס'איז דאָך געווען צו דערקענען, אַז ניט אַף זײַן מאַמע־לאָשן יידיש רײַסט מען זיך דאָרט רעציכעדיק די גאָרגלען, און ניט אַף זײַן לעבנס־שפּראַך רוסיש. דעם קאָפּ נאָך אַלץ אויסגעדרייט צום שפּיגל, האָט יעכיעל זיך שוין קיין כעזשבן ניט אָפּגעגעבן, ווו איז זײַן בילד און ווו דאָס אָפּבילד. „וואָס וועלן זיי מיט דעם טאָן? צעטרעטן? פאַרברענען? בעסער אַליין". אַ כאַפּ געטאָן דאָס מעסער פון שאַפּקעלע און אַ פאָכע געטאָן מיט דעם אינדערלופטן. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, זײַן בילד וויינט. מיט אַ מאָדנעם גלעזערנעם קלאָג. פּלאַצנדיק גלאָז... דעם גאַנצן טאָג יענעם האָט אים פאַרפאָלגט דער קלאַנג פונעם פּלאַצנדיקן גלאָז. ער האָט נאָך באַוויזן אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם מעסער: „מײַן איינציק געווער" און געפאַלן צופוסנס פונעם שפּיגל.

שטיל האָט זיך געעפנט די טיר. „מירע... געקומען..." האָט זיך יעכיעל דערפרייט. נאָר מירע האָט זיך אַף אים ניט אומגעקוקט. אָן ראַש האָט זי אַראָפּגענומען דאָס בילד פונעם מאָלברעט און אירע דלאָניעס זײַנען מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן. ברייטע מענערשע הענט מיט האָר באַוואַקסן. יעכיעלן האָט זיך געדוכט, ער שרײַט: „שטיי, שטיי, ווער ביסטו?" נאָר אוואַדע האָבן זײַנע ליפּן פון זיך קיין מינדסטן קלאַנג ניט אַרויסגעלאָזט. דאָס בילד איז פאַרשוווּנדן הינטער דער אָפן געבליבענער טיר.

די צייכענונגען, אקווארעלן און גואשן, שוין באגלאָזטע און בארעמל־טע, אייניקע אין ווײַסע פּאַספּאַרטו אײַנגעפּאַסט, זײַנען געווען אויסגע־שטעלט אַפן דיל פּאַזע אַלע ווענט פונעם גרויסן זאַל. איין אקווארעל, צוויי און אפילע דרײַ, איינע הינטער דער אַנדערער. אָפּהענגיק פון דעם, אין וואָס פאַר א סיידער עס האָט פאַרטראַכט זיי אויסצוהענגען טאָניע. „העכער! נידעריקער! קרום! עטוואָס רעכטס!" — האָט געקאָמאַנדעוועט טאָניע. עס האָט זיך געדאַכט, אז נאָך דעם, ווי די ארבעטער האָבן אויס־געפילט איר פאַרלאַנג און שוין געהאַט איבערגערוקט דעם הויכן לייטער עטוואָס ווײַטער, האָט טאָניע זיך לענגער פאַרהאַלטן מיט איר בליק אַף דער וואַנט: „ניין, עס טויג ניט. נעמט אראָפּ. גיט אהער!" זי האָט א זוך געטאָן מיט די אויגן, דערלאַנגט די ארבעטער: „אָט, דאָס פּאַסט אהער בעסער!".

מירע איז איר נאָכגעגאַנגען. אויך דערלאַנגט. צוגענומען. און טאָניע האָט זיך געבייזערט:

— איך בעט אײַך, שלעפּט ניט! איר קענט דאָך זאָגן, וועל איך אײַך פאָלגן! איר ווילט קראַנק ווערן ביז דער עפענונג? וואַניע, אָט א בער! ווידער צעקנאַקט א גלאָז...

מירע פלעגט זיך אַף א ווײַלע צוזעצן. דערנאָך ווידער נעמען נאָכגיין טאָניען. מיט אומרו געקוקט אַף די ווענט:

— טאָניע, ווי גאָט איז אײַך ליב, הענגט איבער אָט דעם פּייזאַזש, אָדער אָט יענעם, אלציינס. קוקט זיך צו, רויט מיט רויט...

— וואָס אַרט אײַך, אז רויט? פּרעכטיקע גרופּעס. אָט די צוויי און די דרײַ.

— טאָניע, — בעט זיך מירע. — ס'איז ניט גוט. און זעט נאָר, איך האָב ערשט באמערקט, אָט יענע צוויי פּאָרטרעטן. ביידע פרויען און ביידע קוקן אין איין זײַט.

— נו, איז וואָס?

— בליום האָט עס ניט ליב געהאַט. און הענט... עפּעס אָן א שיר הענט...

טאָניעס ציגײַנערשע אויגן ווארפן אַף מירען א שנעלן בליק:

— גוט, כ'וועל הייסן איבערהענגען.

מירע ווייסט ניט, צו וואָס געהערט איר צוזאָג, צו די פּאָרטרעטן אָדער צו די פּייזאַזשן. טאָניע אליין איז שוין ערגעץ ווײַט פון איר, אין צווייטן עק זאַל. און מיטאמאָל פאַרשווינדט זי. מיסטאמע אוועק אין בופעט איבערבײַסן. מירע אײַלט זיך ניט אין בופעט. זי איז גערן צו בלײַבן דאָ אין זאַל אַף א קורצער צײַט אליין. קומען צו די געדאַנקען. טאָניע באַ־ראַשט זי מיט איר טעמפּ.

טאָניע איז אוועק. די ארבעטער זײַנען אוועק. זיצט מירע איינע אליין אין דעם גרויסן ליכטיקן זאַל, קוקט אַף די ווענט. מיט קרענקלעכן אייפער. ניטאָ דאָ, דוכט זיך איר, די הארמאָניע פון יעכיעלס שאַפן. אומרויִקע ווענט. וואַקלדיקע. איין ארבעט סטאַרטשעט ארויס, קריכט אין די אויגן.

א צווייטע זעט זיך גאָר ניט אָן, פארהלושעט פון אנדערע, מער אינטענסיווע אין פארב. אָט יענער פרויען־פּאָרטרעט, א מין שווארצעניש. ווּ איז אהינגעקומען זײַן שיינקײַט? שווארצס אף א בלוי שעמערירנדיקן גרונט. אף א באזונדער סטענד דארף ער הענגען. און באזונדערס באלויכטן ווערן. עס זאָל זיך אָנזען דאָס בלויע.

מירעס בליק גייט אריבער פון איין בילד צום צווייטן, און איר נעמט זיך דוכטן, אז קיין איינס פון זיי וועט ניט דערזען ווערן, ווי עס באדארף צו זײַן. אן אָנגעוואלגער פון בילדער, פונקט ווי אין דער אנטיקוואר־קלייט. יעכיעל, אזא האָרעפּאשניק... און געראטעוועט געוואָרן איז גאָר קנאפּ פון דעם, וואָס ער האָט געשאפן. פארוואָס זשע דוכט זיך איר איצט, מירען, אז צופיל איז דאָ אויסגעשטעלט. די ווענט זײַנען איבערגעלאָדן. עס נעמט זי טאָטשען א וואָרעם: „עפשער האָט יעכיעל אין יענע שווידערלעכע טעג פון זייער שיידן זיך גאָר ניט דאָס אָפּגעקליבן, ניט דאָס בעסטע". און מירע האָט אין איר פארליבטער פארבלענדעניש אזוי־פיל יאָרן אין דעם זיך געשפּיגלט. דאָס בעסטע איז פארבליבן דאָרט, פונוואנען עס וועט זיך שוין ניט אומקערן. ווען מירע דערלאָזט איר הארץ־נאָגעניש אויסגיסן זיך אין אזעלכע ווערטער, איז זי א פארפאלענע... און יעכיעל איז פארפאלן...

דערווײַל פארבלאָנדזען אין זאל צוויי מאָלער, כאָטש קאָלזמאן די אויסשטעלונג איז ניט געעפנט, איז אהער דער ארײַנגאנג פארבאָטן. מירע נעמט זיך אין די הענט. גלײַכט זיך אויס. די פארזאָרגטע אלטע ווערט אין איין רעגע ווידער א פרוי. אין די אויגן באווײַזט זיך א פּײַערל. זי קען די צוויי מאָלער. זיי קענען זי ניט. זיי שטויסן זיך אָבער אָן, ווער זי איז, און פארנייגן זיך פאר איר פונדערווײַטן. נאָך דעם, ווי זיי באטראכטן דאָס, וואָס עס הענגט שוין, און מירע מיט זיך בייסמײַסע צו טרעפן, וואָס באטײַט זייער שווײַגן — אנציקונג אָדער ניט אנערקענונג (עפּעס מיטלס דערלאָזט זי ניט אין געדאנק), דערנעענטערן זיי זיך ביידע צו איר, זאָגן ארויס עטלעכע שוואָכים. אין דעם כידעש, וואָס האָט נאָך ניט באוויזן אויסצוועפן זיך פון זייערע פּענעמער, דערקענט מירע, אז דאָס זײַנען ניט קיין פּוסטע רייד. ווערן זיי איר באלד בלוטיק נאָענט. איר דוכט, אז זי איז שוין פון לאנג, מיקאמע יאָרן, מיט זיי באקאנט. מעג זי זיך דערלויבן צו פרעגן, קאָלזמאן טאָניע איז ניטאָ:

— נו, און די עקספּאָזיציע? עס געפעלט אײַך? מיר דוכט, אָט דער סטענד... — גיט זי א ווײַז אף רעכטס.

— צוויי רויטע פּייזאזשן... הם... ווער מאכט אײַך די עקספּאָזיציע, טאָניע? זי פארשטייט אליין, אז ס'איז ניט זייער... נאָר א פּוילערקע אײנע אין דער וועלט. קוקט ניט, וואָס זי לויפט און זי פליט. דאָס איז לעפּאָנעם וועגן. אויב אײַך געפעלט עפּעס ניט, טאָ פּאָדערט, וועט זי איבערהענגען.

נאָך איין מאָלער קומט ארײַן אין זאל. דער איז מיט מירען באקאנט. ער גייט צו איר באלד צו. דערזעט, ווּהין עס זײַנען געווענדט די בליקן פון זײַנע קאָלעגן און נעמט אויך קוקן אין דער זעלבער ריכטונג.

— וואָס פאַר א מעכטיקער קאָלאָריסט,— ווענדט ער זיך צו זיי מיט היספּײַלעס.— אָט די צוויי פּייזאַזשן, איך האָב זיי אויך גלײַך באַמערקט. גוט, וואָס זיי הענגען באַנאַנד.— עס כאַזערט זיך איבער די פראַגע:— טאָניע מאַכט אײַך די עקספּאָזיציע? — און, ניט וואַרטנדיק אַף קיין ענט־פער: — זי ווייסט, וואָס זי טוט. האָט א קאָפּ אַף די פּלייצעס. רויט, און אַזוי פאַרשיידן... איינס שײַנט, ווי דער טאָג, דאָס צווייטע — די געדיכטעניש פון כוישעך. דאָס איז אַן אַקוואַרעל, איך זע,— ווענדט ער זיך שוין בלויז צו זײַנע כאַווערים, פאַרגעסנדיק וועגן מירען.— אָבער דאָס? אייל־פאַרב אַף קאַרטאָן צי טעמפּעראַ?

דערבײַ קומט צו לויפן טאָניע מיט א פּאַפּיראָס אין רעכטן ווינקל פון מויל און פאַרפירט מיט די מאָלער א לאַנגן שמועס. טאָניע איז מיט זיי אַלעמען אַף „דו". זי איז מיט יעדערן אַף „דו", אַלנפאַלס, ווי מירע האָט באַוויזן צו באַמערקן, מיט מאַנצבלען, ניט עלטער פון פופציק. מירע ווייסט, אַז איצט וועט זי בא טאָניען אַלץ פּועלן. יענע וועט וועלן זיך אויסצייכענען פאַר די מאָלער. אין דער רעגע ווייסט אָבער ניט מירע, וואָס צו פּאָדערן. טאָניע גיט זיך פּלוצלינג צו איר א קער מיט אַזא באַ־שעפטיקט פּאָנעם, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט כאַטש איין מינוט צו פאַר־לירן. אירע טריט האַלטן זיך ניט בא דער ערד. זאָל זי נאָר צעקײַען דעם אויסגעלאָשענעם פּאַפּיראָס אין רעכטן ווינקל פון מויל, הייבט זי זיך אויף אין דער הייך און פליט אַוועק.

— די פּאָרטרעטן וועל איך איבערהענגען,— די ווערטער גיט זי א וואָרף מיט אַזא ענערגיע, ווי ס'וואָלט איר פאַרגעשטאַנען א באַרג אופ־צוהייבן. — און איר גייט עסן מיטיק. פון די צווייטע געריכטן איז שוין גע־בליבן נאָר א ראַגו,— זי גיט א בליק מיט די ציגײַנערישע אויגן, ווי גע־זאָגט — זיצט, זיצט, באַלד וועט אויך פון דעם ראַגו קיין ביינדעלע ניט פאַרבלײַבן.

ווען מירע קערט זיך אום פון מיטיק־עסן, טרעפט זי טאָניען נאָך אַלץ א פאַרטיפטע אינעם שמועס מיט די מאָלער. כאָטש איר אָנטאָן איז פון א טונקעלן קאָליר און שטרענג פאַרמאַכט — די הויזן ביזן טראָט, דער סוויטער מיט א הויך קעלנערל,— זעט זי אויס אין מירעס אויגן, ווי נאַ־קעט. מיט דער נאַקעטקײַט פון א גומי־ליאַלקע, גיכער פון מענערשן, איידער פון ווײַבלעכן מין. דער פּאַפּיראָס אין ווינקל פון מויל איז נאָך ניט דערקײַט. פאַרקערט, — ער ווינקט מיט א רויט פּײַערל.

מירע וואַרט. די אַרבעטער האָבן זיך שוין אומגעקערט פון מיטיק. זיי וואַרטן אויך. אומגעריכט גיט טאָניע א שטעק די האַנט אירע מיטשפּרע־כער — איינס, צוויי, דרײַ — און זיי סטײַען ניט, אַלע מיטאַמאָל, שטיל, אומבאַמערקט, פּונקט ווי טאָניעס האַנט־דרוק וואָלט זיי אין אָנלײַביקע שאָטנס פאַרוואַנדלט. און ווידער — „אַף רעכטס, אַף לינקס, עטוואָס הע־כער, נידעריקער". און אָט געפינען שוין זייער אָרט אַפן באַזונדערן סטענד די „דוואַלן". פּונקט אין דער רעגע דערזעט מירע אַף יענער זײַט פּונעם ברייטן שויפענצטער א מענטש אין א האַרבסטיקן מאַנטל און א פּוטערן היטל אַפן קאָפּ. צי קוקט ער אַפן בילד, צי קוקט ער, דאַכט זיך, נאָר אַף איר? ווי נאָר אָבער זייערע בליקן באַגעגענען זיך, פאַר־

שווינדט ער. מירע קען ניט דעם מענטשן, זי האָט אפילע קיין צײַט ניט געהאט רעכט צוקוקן זיך צו אים. פֿארוואָס זשע כאַפּט זי ארום אזא מאָד־נער ציטער? זי קלאַמערט זיך אײַן מיט די פינגער פון ביידע הענט אין איר האַנט־בײַטל, פונקט ווי עמעצער וואָלט דאָ געקליבן זיך בא איר אים אָפּנעמען. שטײַף־שטײַף האלט זי דעם בײַטל, די קנאָך־ביינדלעך פון די פינגער ווערן אזש ווײַס. ניט באלד באמערקט זי די אופזעערן פונעם זאל, וועלכע איז צו איר צוגעגאנגען, ניט באלד דערהערט זי, וואָס יענע רעדט צו איר:

— מירא אבראַמאָוונא, האָט קיין פאריבל ניט, עפשער ברענגען אײַך א הייסע גלאָז טיי?

— הא, טיי? וואָס פאר א טיי? — צאַפּלט זיך אוף מירע.

— איך, אז מיר ווערט א ביסל מלאָסנע, טרינק איך גלײַך אויס א הייסע גלאָז טיי מיט פינף זעגעלעך צוקער. מײַן שנור האָט עס מיר געייצעט. איר מאַמע איז א דאָקטער.

— הייסע טיי, צוקער, דאָס איז גוט, — שטימט צו מירע. — איר טוט רעכט. נאָר... איך דאַרף ניט...

די אופזעערן קוקט אף מירען מיט פארבאהאלטענעם נײַגער.

— דאָ איז געווען איינער, — זאָגט זי שוין עטוואָס קעלטער. — ער זאָגט, אײַערער א באקאנטער. איך האָב געוואָלט אײַך ארויסרופן, האָט ער ניט געלאָזט. אָט, א צעטעלע געבעטן איבערגעבן.

„מאָרגן פרי פאָר איך אוועק. איך האָף, אז איר וועט מיר ניט אָפּזאָגן צו טרעפן זיך מיט אײַך אף א האלבער שאָ. אײַער אדרעס ווייס איך. אין אָוונט וועל איך ארײַנקומען.

אווערקיעוו".

9

און ער איז געקומען. אן עלטערער מענטש מיט מעכטיקע אקסלען און א רויט, ווי אן אָפּגעבריט פּאָנעם. ער האָט געלאסן אויסגעטאָן דעם אויבערבעגעד, אראָפּגענומען דאָס פוטערנע היטל פונעם קאָפּ, וואָס איז, ווי ס'האָט אויסגעוויזן, ניט לאנג צוריק געווען געגאָלט. פונעם שארבן האָבן געשפּראָצט גרויע הערעלעך. האגאם געדיכט אופגעגאנגענע, האָבן זיי געסטאַרטשעט יעדערס פאר זיך.

— אָט בין איך, — האָט ער ווילינגעריש אָנגעזאָגט, ארײַנקומענדיק אין צימער. — ניט געריכט זיך, הא?

ניט װארטנדיק, ביז מירע וועט אים בעטן זיצן, האָט ער זיך אראָפּגע־לאָזט אנטקעגן איר אינעם ווייכן פאָטעל, געמאכט זיך באקוועם און ערשט דאן צערעדט זיך:

— איר האָט די ברייירע אָפּצושיקן מיך צוריק אהין, ווו כ'האָב פאר־בראכט היפשע עטלעכע יאָר. כאָטש, דעם עמעס געזאָגט, איז א פראגע, צי וואָלט עס אײַך געלונגען. מײַנס בין איך שוין אָפּגעקומען, — ער האָט

א ווײַז געטאָן אױף זײַן שפּראָצנדיקן קאָפּ.— מײַן פּאַקוטע האָב איך קאָשער פאַרדינט. אָבער װאָס געװען, איז פאַרבײַ.

דאָס איז אײנס, צװײטנס... צװײטנס פאַרשטײ איך װויל, װי ס'איז אײַך אָנגעקומען דאָס קױפן אײַער אײגענעם מאַנס בילד, עפּשער פאַר די לעצטע גראָשנס, אָפּגעשפּאָרטע פון דער פּענסיע. װאַרט, געװיס אַרבעט איר נאָך? יאָ, איך זע נאָך אײַך, אַז איר אַרבעט. אַזעלכע, װי איר, איז ניט אַזױ גרינג אײַנצובױגן. װאָס? אײַך איז דאָס פּריקרע צו הערן? איך פאַרשטײ אײַער אומגעדולד. איר װילט גיכער זיך דערװיסן, צי איך האָב אײַער מאַן געזען. ס'איז טרױעריק. זײער טרױעריק. נאָר װאָס זאָל מען טאָן? א צײַט אַזאַ. װאָס האָב איך פון אײַך צו באַהאַלטן? אַז ער איז ניטאָ צװישן די לעבעדיקע, פאַרשטײט איר אַלײן. און ניט פון הײַנט. נאָר װאָס? איר װילט װיסן, װי?אַזױ?.. איז דאָס דאַפקע קאָן איך אײַך ניט זאָגן. װאָס איך װײס ניט, װײס איך ניט. געזען האָב איך אים. אין אַטעליע האָב איך אים געטראָפן א ליגנדיקן אױף א קופּע גלאָז־ברוך צופוסנס פון דעם מאָלברעט, אױף װעלכן ס'איז בא אים געשטאַנען דער שפּיגל. דער שפּיגל איז געװען צעבראָכן און א פענצטער־שױב אױך אױסגעזעצט. דאָס מױל, דאָס האָב איך יאָ באַמערקט, איז בא אים געװען פאַרבלוטיקט. צי פון גלאָז צעשניטן, צי א בלוט־שטורץ...

— און איר... איר האָט ניט געפּרוּװט אים ראַטעװען?

— נײן. ניט געפּרוּװט. איך האָב געזען פאַר זיך א מעס. אײַ, איך האָב א טאָעס געהאַט, װי ס'האָט זיך דערנאָך אַרױסגעװיזן... קײן צײַט אױף צו טראַכטן האָב איך ניט געהאַט.

— א טאָעס?..

— יאָ, א טאָעס. דער גורל זײַנער, איר פאַרשטײט דאָך, אַלץ איז געװען פאָרױסבאַשטימט. נו, נאָך א כּוידעש... צװײ כאַדאָשים...

„א כּוידעש... צװײ כאַדאָשים... גאָט מײַנער, אײן טאָג, אײן שאָ, אײן רעגע פון יעכיעלס לעבן...״

מירע איז אופגעשטאַנען פון איר אָרט, צוגעגאַנגען צום פענצטער. זי האָט א ריס געטאָן אָן א זײַט דעם שװערן פאָרהאַנג, אומזיניק אײַנגע־געסן זיך מיטן בליק אין א פענצטער פון דעם אַנטקעגנדיקן הויז, פון װעלכן ס'האָט זיך דורכן פאַרמאַכטן פאָרהאַנג דורכגעשלאָגן א ציטריק־קאָליריקע שײַן.

א היפּשע װײַלע איז אַדורך, ביז מירע האָט זיך אומגעקערט צו דעם מענטשן מיט די גרױע שפּראָצן אױפן שאַרבן, װעלכער איז געזעסן אױף איר באַליבטן פאָטעל. שװײַגנדיק, מיט א טױט פּאָנעם, האָט זי זיך אַראָפּ־געלאָזט אױף איר אָרט, אַנטקעגן אים.

— רײדן װײַטער? — האָט ער געפרעגט.— װי איר װילט. איך קאָן רײדן. איך קאָן אָװעקגײן. אַהאַ, נו, גוט. איז זאָגן אײַך, װאָס איר האָט געטראַכט, בײס איר האָט געקױפט דאָס בילד? איך װײס אױף אױסװײניק, װאָס אײַך איז געקומען אױפן זינען. מע דאַרף מעלדן אין מיליציע, האָט איר געטראַכט. און עפּשער האָט איר שױן טאַקע געמאָלדן, האַ? אַרט עס מיך אױך ניט. די מיליציע, לאָמיר זאָגן, פרעגט אָן אין דער קלײט, װער האָט פאַרקױפט דאָס בילד. און די קלײט ענטפערט דאַפקע. די פאַמיליע איז

דאָרט פאַרשריבן, דער אַדרעס, דער פּאַספּאָרט. און די סעריע פֿון דעם פּאַספּאָרט, דער נומער, ווען און ווּ באַקומען. אַלץ זעט זיך, ווי דורך פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, נאָר אַ נאַר וואָלט איך געווען, גיין רוקן זיך מיט מײַן פּאַספּאָרט אין אַן אָרט, ווּ עס שווּיבלט און גריבלט מיט גאַנאָווים. סײַ פֿון אויסן, סײַ אינעווייניק. די, וואָס זיצן אינעווייניק, ווייסן זייער גוט, מיט וועלכע גאַנאָווים עס לוינט צו שליסן בלאַט, קאָלזמאַן מע האָט זיי באַ דער האַנט ניט געכאַפּט, און פֿון וועלכע מע דאַרף ווײַכן פֿאַר אַ מײַל. איז וואָס טויג זיי מײַן פּאַספּאָרט? — מיט אַ מין זיך דערגנידעריקנדיקן שטאָלץ האָט ער ווידער אַ ווײַז געטאָן אויף זײַן קאָפּ. — מײַנס אַ פֿרײַנטל האָט פֿאַרקויפֿט דאָס בילד, ניט איך. אַ היגער איז ער, אַ מאָסקוויער. טאָמער וואָלט די מיליציע זיך צו אים גענומען, ווייסט ער ניט פֿון וואָס צו זאָגן: אַ שאָכן האָט ער געהאַט, אַן אַלטן טשודאַק, פֿאַראַיאָרן איז ער געשטאָרבן. האָט עס אים דער אַלטער געשענקט דאָס בילד. קיין אײדעס זײַנען ניטאָ. און טאָמער אַפֿילע מײַן פֿרײַנטל וואָלט מיך אויסגעגעבן, איז אויך קיין בייז ניט. טויזנט טערוצים זײַנען באַ מיר געווען גרייט. אַ גרויסע זאַך, געפֿינען ערגעץ אין אַ צעבאָמבירטער שטאָט אַ בילד.

איצט פֿאַרשטייט איר שוין אַליין, אַז ניט די שרעק האָט מיך צו אײַך געבראַכט. עמעס, מײַן קאַריערע קאָנט איר קאַליע מאַכן, — דאַפֿקע די ווערטער, וועלכע האָבן, לויט מירעס פֿאַרשטאַנד, געזאָלט קלינגען איראָניש, האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ טיפֿן ערנסט. ער האָט אַפֿילע מיט אַ מין געבעט אָפּגעשטעלט אויף איר זײַן בליק. — וואָס, איר וווּנדערט זיך? אַן אַלטער טאַכטער און רעדט וועגן קאַריערע. אָט טאַקע ווײַל אַן אַלטער. אַן אַלטן כאַפּט מען ניט אויס. קיינער טראָגט אים ניט אַנטקעגן קיין אַרבעט. פֿאַרקערט, טאָמער אַרבעט ער יאָ, מאַכט מען אים אַ שיינעם מאָלצײַט, אויב אין אַ רעסטאָראַן, איז נאָך מיט מוזיק אויך. מע קנאַקט אָפּ אַ רעדע, פֿאַרטראַכטן זיך וואָס צו זאָגן איז ניט איבעריקס נייטיק, אַלציינס מאַכט דער דזשאַז טויב, נו, ווי קאָן אַן עלטערער מענטש אין אַזאַ יאָמטעוודיקן גערודער דערזען, וועמעס לאַשטשענדיקע הענט האָבן אים אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאָלנער און דורך דער פּאַראַד־טיר אַרויסגעשטויסן אויף פּענסיע? אַבי רוק־און־לענד ניט צעבראָכן, איז רעכט. באַ אַ יונגן מעגן די האָר ניט זײַן באַקאַנט מיט קיין קאַם, אַ יונגער מעג טראָגן פֿאַרלאַטעטע הויזן, אויב אַפֿילע זײַנע טאַטע־מאַמע האָבן ניט ווּ דאָס געלט אַהינצוטאָן: „נאַ נעם!” אַן אַלטער דאַרף זײַן, ווי אַ טעקעלע. אָט האָב איך זיך הײַנט אָנגעטאָן. און מיט אַ טאַכלעס. אַ דראַפּענער מאַנטל קאָן באַ אַ נויט אויך ווינטער דינען. אַ היטל האָב איך אָבער געקויפֿט אַ פּוטערנס.

אוּוערקיִעוו האָט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט זײַן ווערטער־געלאָף. אַ ווײַלע אָפּגעשוויגן און דערנאָך, גאָר ניט ווי זײַן שטייגער איז, אַרויסגעזאָגט שטיל און ווייך:

— פֿאַר אײַער געלט געקויפֿט, מירא אַבראַמאָוונאַ. הײַנט אינדערפֿרי האָט זיך מײַן פֿרײַנטל מיט מיר צערעכנט. און, גלייבט מיר, ווי נאָר כ׳וועל אַ רעכט שטיקל אַרבעט באַקומען, וועל איך אײַך ביז אַ גראָשן אומקערן. זאָלן מיר די הענט אָפּדאַרן, אויב איך וועל באַ אײַך עפּעס

צונעמען. וואָס איז שוין איצט דאָ צו שפּילן אין באַהעלטעניש? פון דער ערשטער מינוט אָן, זינט איך האָב אײַך אינעם אָפּרו־הויז דאָרט, אין קרים, דערזען, בין איך נאָך אײַך די קאַפּאָרע. אויך איצט וואָלט איך אײַך אַף די הענט אוועקגעטראָגן, זאָגט נאָר א וואָרט. אַזויפיל יאָרן זײַנען אַדורך, און איך האָב אײַך באַלד דערקענט, דורכן שויפענצטער.

זיצט, זיצט, ערגערט זיך ניט. איך בין אײַך שטענדיק געווען דערווידער, איך ווייס. אײַער מאַן האָט זיך צו מיר באַצויגן בעסער, ווי איר, נאָר אַלצײַנס זײַט איר פאַר מיר ביידע, ווי הייליקע געווען. מענטשן אָן א געפיל פון אײַגנבוץ...

אַף אַרבעט וועל איך זיך אײַנאָרדענען. פאַרוואָס ניט? מײַן פּאַספּאָרט וועט ניט זײַן קיין מעניע. כ׳וועל פריִער ווײַזן דעם קאָפּ, דערנאָך ערשט דעם פּאַספּאָרט. מאַלע פאַרוואָס גוטע מענטשן זײַנען געווען ניט הי. איך וויל אַף דער עלטער האָבן מײַן שטוב. נעמען אַן אָנשטענדיקע פרוי. ניט קיין יונגע. ווי האָט זי געהייסן אָט די, וואָס אין קרים, שוראָטשקע, דאַכט זיך, איר זײַט א ציכטיקע פרוי, געדענקט איר מיסטאַמע. איך נאַר זיך ניט אין דעם, וואָס פאַר א פּאָנעם איך האָב בא אײַך דאַן געהאַט. אָט אַזוי, געווען שוראָטשקעס, געווען מוראָטשקעס. און אין קאַפּע בא מיר איז אויך אײנע געווען, בא די דײַטשן האָב איך דאָך א קאַפּע־הויז געהאַלטן. דורכויס פאַר אָפיצערן. געווען צווישן זיי באַווײַבטע, פאָטערס פון פאַמיליעס. קעסיידער געשיקט אַהיים שפּײַז, אָנטועכץ, וואָס עס האָט זיך געמאַכט. אין די אָוונטן פאַרבראַכט בא מיר אין קאַפּע. נאָר מיינט ניט, אָנשטענדיק, אָן סקאַנדאַלן. אַף דעם האָט אַכטונג געגעבן די באַלעבאָסטע. א גרויסאַרטיקע דאַמע געווען. א ביוסט, א פריזור... נו, איר פאַרשטייט דאָך אַליין, א פּעטע קו מיט א קול שטרוי אַפן קאָפּ. נאָר צו די זאַכן האָט זי זיך דאַפקע געטויגט. א מאָדנעם קויעך געהאַט. דעם ערגסטן בויאַן מיט צוויי צעקאַליעטשעטע דײַטשישע ווערטער אײַנגעשטילט. א גוטע באַלעבאָסטע. נאָר קיין ווײַב האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט.

— איך בעט אײַך, אויב איר ווייסט עפּעס נאָך, וואָס האָט א שײַכעס צו מײַן מאַן, דערציילט. אויב ניט, לאָזט מיך צורו. ווי קומט צו אײַך מײַן מאַנס בילד, אָט וואָס איך וויל וויסן.

— איר זײַט גערעכט. א פּאַסקודנע געוווינהײַט בא מיר קעסיידער שפּילן קאָמעדיעס. דער טעאַטער האָט מיך קאַליע געמאַכט. און בכלל, דאָס דרייען זיך אַרום מענטשן פון קונסט. איך בין זיי שטאַרק מעקאַנע געווען. א גאַנץ לעבן האַלט מען אין איין שפּילן. האָט זיך מיר געדאַכט, כ׳וועל זיך אויך אויסלערנען שפּילן, וועל איך זײַן ניט ערגער פון זיי. דעריבער בין איך געוואָרן אַזא אָפטער גאַסט בא אײַער מאַן אין אַטעליע. און ער האָט איבער זײַן גוטסקײַט מיך געדולדעט. איר מיינט, כ׳האָב ניט פאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף צוואַנציק מאָל די פיס וואַשן, איידער איך טרעט אַריבער זײַן שוועל? נאָך א מין פאַרשטאַנען. און דאָך אַריבערגעטראָטן. כ׳וועל אײַך נאָך מער זאָגן: איך האָב יעדער מאָל דערבײַ געהאָפט, אַז עפּשער וועל איך כאַטש מיט א ווינקל פון אויג אײַך דערזען. נו, ערגערט זיך ניט. אָט באַלד גיי איך אַוועק. ס׳איז דאָך נאָר הײַנט. איין מאָל אין לעבן. טאָ האָט א ביסל געדולד. מײַנע געמעלן, מישטיינס־

געזאָגט, האָב איך אָנהייב מילכאָמע געהייסן מײַן מומען אַפּן מאַרק פאַר־קויפן. א מומע האָב איך. איצט שוין דרײַ און אכציק יאָר אלט. און א כוואַט. באַם פולן פארשטאַנד. זי האָט עס מיך צו מײַנע פערצן יאָר פון דער קאָלאָניע ארויסגעשלעפּט. א גאַנעוול בין איך געווען. א פאַרוואָרלאָזטער. האָט מיך די מומע אופּגעזוכט און פאַר א מענטש געמאַכט.

איז אָט, מײַנע שמירעכצן, מיילע, ניטאָ וועגן וואָס צו ריידן. אָבער די שטיקער לײַוונט, וואָס איך האָב פאַרשמירט, און אײַער מאַן האָט מיך לערנענדיק, מיט זײַן פּענדזל זיך צו זיי נאָר צוגערירט, האָב איך פאַר־היט ביז היינטיקע. אין א קעסטל פאַרפּאַקעוועט און אין וואַגאָן צוזאַמען מיט די דעקאָראַציעס באַשטאַט. איר קאָנט זיך נאָכפרעגן אַף דעם אין טעאַטער, אויב עס אינטערעסירט אײַך. נאָר גיכער פון אַלץ האָבן זיי מײַן קעסטל אַפּן מיסט ארויסגעוואָרפן, אויב נאָר צו זיי איז דערגאַנגען עפּעס וועגן מײַן קאָפּע־הויז.

און איצט צום איקער...

— יאָ, צום איקער... איר האָט געזאָגט, אַז דאָרט, אין אַטעליע, באַם צעבראָכענעם שפּיגל... נו, אַז איר האָט א טאָעס געהאַט... טאָ זאָגט, וואָס איז ווײַטער געווען. ציט פון מיר ניט די געדערים.

— גוט, כ׳וועל זאָגן. מײַן מיין איז געווען אום יעדן פּרײַז אײַער מאַן צו ראַטעווען. אים און זײַנע בילדער, ווי איך האָב צוגעזאָגט. איז הערט מיך אויס. דאָס, וואָס מײַן קאָפּ האָט זיך באַקאַנט מיטן גאָלמעסער, איז א קלייניקײַט. ס׳האָט זיך געקאָנט מאַכן אַזוי, איך זאָל ניט מיט די האָר, נאָר מיטן קאָפּ זיך שיידן. און אַז א קאָפּ זאָל איבעראַנײַס אָפּוואַקסן, וועגן דעם האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהערט. איז זאָל זײַן אַזוי. איך וויל אָבער, איר זאָלט וויסן, באַ די דײַטשן בין איך פאַרבליבן נאָר און אויסשליסלעך איבער אײַער מאַן.

די עוואַקואַציע פון טעאַטער האָב איך באַזאָרגט. די אַקטיאָרן, דער גאַנצער פּערסאָנאַל — אַלע זײַנען שוין געזעסן אין וואַגאָן. אין א צווייטן וואַגאָן זײַנען געווען די דעקאָראַציעס, די אויסשטאַטונג פון טעאַטער, ביז דער מינדסטער בוטאַפאָריע. בין איך אוועקגעלאָפן נאָך אײַער מאַן. נאָר צו שפּעט. איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, נו, וואָס זײַט איר אַזוי בלאַס געוואָרן? ס׳איז דאָך פאַר אײַך ניט אומגעריכט. וואָס איז מיט אײַער מאַן פאָרגעקומען פאַר די דרײַ טעג, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען, ווייס איך ניט. דער וועג פון וואָקזאַל צו אים האָט באַ מיר אוואַדע א שאָ דרײַ אָדער עפּשער גאַנצע פיר אָפּגענומען. פיל קרײַזן געמאַכט, ווײַל אַף אייניקע גאַסן האָבן שוין געהאַלדערט דײַטשן. ניט איין מאָל האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, גרייט לויפן צוריק אַפּן וואָקזאַל, טאָמער וועל איך נאָך מײַן באַן פאַקן. און דאָך דערקליבן זיך צו יעכיעל מענוכאָוויטשן. נאָר וואָס איז די פּולע? איר געדענקט דאָך, פאַר אײַך אין די אויגן האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז ער וועט צו יעדער מינוט גרייט זײַן. די בילדער מיט לײַוונט ארומוויקלען און מיט שטריק צוזאַמענבינדן. וועט זײַן א מאַשין, וועלן מיר זיי אַפּן וואָקזאַל אָפּפירן. וועט ניט זײַן קיין מאַשין, וועלן מיר זאַלבענאַנד נעמען וויפל ס׳וועט זיך לאָזן, עפּשער עטלעכע מאָל קערן זיך, עפּשער וועט עמעצער פון די בינע־אַרבעטער העלפן, און לויפן צו־

פוס. נאָר אין אטעליע איז גאָרנישט ניט געווען גרייט. מיט ניסים אָט דאָס איינציקע בילד ארויסגעראטעוועט, וואָס איר האָט געקויפט. צום ארויס־טראָגן איז עס געווען דאָס סאמע אומבאקוועמע. פרישע פארב. ס'איז אָבער אפֿן מאָלבערט געשטאנען. הייסט עס, דאָס לעצטע בילד... נו, וועגן גיין מיט דעם צום וואָקזאַל, איז שוין געווען אָפּגערעדט. דער באַן, האָב איך פארשטאנען, איז לאנג אָפּגעגאנגען, אויב קיין באָמבע האָט אין אים ניט געטראָפֿן. די גאנצע צייַט, וואָס די דייַטשן זייַנען געווען אין שטאָט, איז דאָס בילד בא מיר אין קלאַדאָווקע געלעגן.

— א וווּנדער, וואָס איר האָט עס אף דער וואנט אין אייַער קאפּע ניט אופגעהאנגען. פארוואָס טאקע ניט? דערמאָנט זיך, עפשער האָט אייַך דער זיקאָרן פאראַטן?

— ניין, ניט פאראַטן. א נאָר וואָלט איך געווען, דאָס בילד אין קאפּע אופהענגען. מע וואָלט דאָך עס בא מיר צוגענומען. מיינט ניט, דאָרט זייַנען געווען מעווינים צווישן די דייַטשישע אָפיצערן. מאָלער אויך. עס זייַנען געווען אזעלכע, וואָס וואָלטן זייער טייַערן היטלער הונדערט מאָל צום טייַוול געשיקט פאר איין, ווי הייסט עס דאָרט, פאר איין פוגע באכס פון א ייִד אויסגעשפּילט. עמעס, דאָס האָט זיי קלאָל ניט געשטערט צו קוילען ייִדן.

— און איר? איר האָט צופעליק קיין ייִדן ניט געקוילעט? — האָט מירע געפרעגט טרוקן, אָן אויסדרוק. און נאָך א רעגע שווייַגן צוגעגעבן: — איבער מייַן און מייַן מאַנס שולד, געוויינלעך.

אוועראָקיעוו האָט אויך א ווייַלע אָפּגעשוויגן. געקוקט אף די האָריקע הענט, וואָס האָבן גערוט אף זייַנע קני, ווי ער וואָלט זיך מיט זיי געעצ־שעווט אָדער גאָר פאר איידעס גענומען.

— ניין, — האָט ער ענדלעך ארויסגעזאָגט פעסט, פארהייבנדיק דאָס פּאָנעם צו מירען. — קיין ייִדן האָב איך ניט געקוילעט. אף דעם האָבן זיך געגנוג באלאָנים געפונען אויסער מיר. אָט, רוסישע מיידלעך, זעט איר, זיי, קאָן מען זאָגן, האָב איך עפשער יאָ געקוילעט. ניט איינע אין מייַן קאפּע פארשלעפּט. כאָטש צוריק גערעדט, ניט מיט גוואַלד, גאָט באַהיט, נאָר מיט גוטן, אייַנגערעדט. ניט שטענדיק איז אפילע אויסגעקומען אייַנ־צורעדן. אייניקע זייַנען גערן געווען...

— הונגעריקע מיידלעך...

— אין קאפּע זייַנען זיי זאט געווען. שאמפּאניער געזופט, מיט שאָקאָ־לאַד פארביסן.

— איר וועט מיר אמאָל זאָגן וועגן אייַער טאָעס, צי ניט?

— וואָס פאר א טאָעס?

— בא יעכיעל מענוכאָוויטשן אין אטעליע... איר האָט דאָך דאַן א טאָעס געהאט... וועגן אייַער ווילטעטיקייַט בייס דער אָקופּאציע וויל איך מער ניט הערן.

— מיט קיין ווילטעטיקייַט קאָן איך זיך ניט בארימען. אָבער דער־ציילן מוז איך. עס האָט א שייַכעס... יאָ, כ'וועל נאָך דערגיין... נו, איז ריידן ווייַטער? אהא, ריידן? א דאנק אייַך פאר אייַער געדולד. איך ווייס, איר האָט א גוט האַרץ.

מיט די דײַטשן בין איך ניט אנטלאָפֿן. וואָס, א נאר בין איך? איך האָב ניט פאַרשטאַנען, אז סײַ דאָ, סײַ דאָרטן בין איך א פֿאַרפֿאַלענער? איז אויב פאַרפֿאַלן ווערן, איז שוין בעסער צווישן אייגענע, איידער צווישן פרעמדע. אנדערע פֿון מײַן מין האָבן געטראַכט פּאַרקערט. איר ווילט ניט לײַדן, וואָס איך זאָג, איבער אײַך בין איך בא די דײַטשן פֿאַר־בליבן... נו, איז אָט האָט איר אײַך פּונקט קאַפּויר: איבער אײַך, קאָן זײַן, בין איך מיט די דײַטשן ניט אנטלאָפֿן. ווילט איר, גלייבט, ווילט איר, גלייבט ניט, איך האָב געהאָפֿט אײַך דאָס בילד פֿון האַנט צו האַנט איבער־געבן. ווען אונדזערע זײַנען אַרײַן אין שטאָט... וואָס קוקט איר אַף מיר אזוי? אוואָדע אונדזערע. וואָס, איך בין ניט קיין רוסישער מענטש? איז ווען אונדזערע זײַנען אַרײַן אין שטאָט, האָב איך דאָס בילד אָפּגעטראָגן צו דער מומען. געהייסן פאַרהיטן, האָט זי פאַרהיט. און איך, ווער האָט מיך אין שטאָט ניט געקענט? פּריִער אָדער שפּעטער האָב איך דאָך גע־מוזט אין דער פֿאַסטקע אַרײַנפֿאַלן. נאָר בעסער, קלער איך מיר, שפּעטער, איידער פּריִער. אַף דער הייסער מינוט האָט מען מיך גיכער געקאָנט מיט א בלײַענער קויל מעכאַבעד זײַן, איידער אין א פֿאַסטקע אַרײַנכאַפּן. וואָס, ווינציק היציקע קעפּ זײַנען פֿאַראַן? ביז וואָס־ווען... בין איך ביזן סאָף פון דער מילכאָמע און גוטע עטלעכע יאָר נאָך דער מילכאָמע אין א סיי־בירער דאָרף אָפּגעזעסן. א מאַנצבל אין דאָרף איז דאָך דאַן געווען מיט גאָלד גלײַך. געקומען אין א שינעל און אין שטיוול, איז רעכט. באַלד געגומען זיך פירן די כעזשבוינעס אין קאָלווירט. וואָס איז דאָרט געווען צו כעזשבענען? אז די ערד איז, פּונקט ווי די סאָלדאַטקעס, אָן אַקאָרע. נו, האָב איך אזוי לאַנג געכעזשבנט, ביז איינס א מענטשל דאָרט אין ראַיאָן האָט זיך אָנגעהויבן צו מיר שטאַרק צוקוקן, ווער בין איך, וואָס בין איך. האָב איך פֿון דאָרף ניט געסטײַעט. אהיים זיך אומגעקערט. די ערגסטע צײַט איבערגעוואַרט, טראַכט איך מיר, איז געגוג. וואָס טויג מיר דאָס לעבן פֿון א האָז, אז געזונט בין איך, ווי אַן אָקס? איז אָט בין איך. פֿאַר אַלע אויגן אָפֿן. די שטראָף וועל איך איבערקומען און דערנאָך לעכאָל־האַפּאָכעס לעבן, ווי א מענטש. איך בין שוין א יאָר אַף דער פֿרײַ. אַרבעט בא א בענזאָקאָלאָנקע. נאָר אזא אַרבעט איז ניט אין מײַן גוסט. בענזין איז ווײַט פֿון פאַרפֿומען. איך...

מירע האָט שוין א היפּשע ווײַלע ניט נאָכגעפֿאָלגט אווערקיִעווס רייד. פאַרטאָן אין די אייגענע מאַכשאָוועס, האָט זי ראַפּטום אים איבערגע־שלאָגן און מיט איר פֿראַגע ווי אָפּגעמעקט דאָס אַלץ, וואָס ער האָט דער־ציילט ווענגן זיך פֿון נאָך דער אָקופּאַציע:

— נו, און איצט? לאָמיר זיך אַף א רעגע פֿאַרשטעלן, אז מאָרגן כאַ־זערט זיך איבער דאָס איין־און־פֿערציקסטע יאָר, די זעלבע סיטואַציע... ווי וואָלט מיט אײַך איצט געווען?

ווי ניט באַמערקט, אז מע האָט אים איבערגעריסן אין דער סאַמע מיט, האָט אווערקיִעוו מיט א באַדאַכטער באוואָרעניש געענטפֿערט:

— איצט? איצט איז מיר פֿאַרבליבן קנאַפּע צוויי כאָדאָשים צו די פֿולע זעכציק. פּענסיע־עלטער... וואָס איז שײַעך דער סיטואַציע, כאַזערט זיך קיין שום סיטואַציע ניט איבער פּונקט אזא, ווי געווען. איצט ווייס

איך איינס: אָט באלד, דעם כוידעש, מוז איך זיך אײַנאָרדענען. איך האָב זיך שוין צונויפגערעדט מיטן דירעקטאָר פון איינעם א פּראָווינציעלן טעאַ־טער. ער נעמט מיך פאר אן אדמיניסטראטאָר. אונדזערער א געוועזענער אקטיאָר ארבעט דאָרט, האָט ער מיך רעקאָמענדירט. פארוואָס ניט? איך האָב דען שלעכט געארבעט אין טעאטער? דאָ וועט מיר קיינער גאָרנישט ניט אופוואַרפן. איך האָב געארבעט ניט נאָר פאר זיך, נאָר פאר יענעם. אן אדמיניסטראטאָר איז ניט מעכוייעוו אָנצוטאָן די אקטריסעס, און ניט מיר האָט געזאָלט פאר דעם דארן דער מויעך. אָבער אז מע דארף, העלף איך, קריג פון אונטער דער ערד — זײַד איז זײַד, סאמעט איז סאמעט. זאָל זײַן ביליקס, קינסטלעכס, אין טעאטער איז אלץ קינסטלעך, אָבער עס האָט א פּאָנעם. ווען איך אָרדן זיך איצט אײַן אין א טעאטער, זאָל ער זײַן די גרויס, ווי א גענעץ, זאָל ער שטיין אף א פּיצל ערד, וואָס איז ביז הײַנט נאָך פון א מענטשלעכן פוס ניט באטראָטן געוואָרן, וואַרף איך פון זיך אראָפּ א גוטן צענדליק פון מײַנע קאטאָרזשנע יאָרן. אז איך האָב ליב די זאך, איך בין אן אדמיניסטראטאָר, איר פארשטייט, צי ניין? איצט פאָר איך דאָס טאקע אף דער נײַער ארבעט. ווײַטלעך, אָבער א ווייל שטעטל, שרײַבט מיר מײַן באקאנטער, און צאָלן צאָלט מען גוט. אײַ, א שטויב מיסטאמע ביזן הימל, די שטאָט בויט זיך, איז דאָס צו דערלײַדן. עס וועט דאָך מיט דער צײַט זײַן א קראך, א שטאָט — א קראסאווען. נו, האָב איך געמוזט דאָס בילד פארקויפן. אָנטאָן זיך. קעדיי צו לעבן אף דער וועלט, דארף א מענטש וויסן ווו אײַן און ווו אויס.

אווערקיעוו איז אנשוויגן געוואָרן. געבליבן זיצן מיט אן אראָפּגע־לאָזטן קאָפּ, ווי אין טרויער פארזונקען, אין אן אופריכטיקן טרויער, ווי ס'האָט זיך אויסגעוויזן מירען. זי האָט פּלוצעם דערפילט, אז דאפקע דאָס שווײַגן זײַנס האָט א שײַכעס צו איר. אווערקיעוו האָט א זיפץ געטאָן:

— ווו אײַן און ווו אויס... א מענטש, ווי גרויס ער זאָל ניט זײַן, מוז אמאָל פּויעלן בא זיך צו ווערן אף א ווײַלע קליין, אויב ס'איז נייטיק. אָט דאָס האָט ניט געוואָלט פארשטיין אײַער מאן...

— מײַן מאן?

— יאָ, אײַער מאן. ווען ער וואָלט פארשטאנען, וואָלט ער, קאָן זײַן, געזעסן איצט אָט דאָ, באנאנד מיט אײַך. איך האָב אײַך געזאָגט, איך האָב א טאָעס געהאט, איז דאָס אן עמעס. איך בין געווען זיכער, אז איך זע פאר זיך א מעס, בייס איך האָב יעכיעל מענוכאָוויטשן א ליגנדיקן אפן גלאָז־ברוך אין זײַן אטעליע געטראָפן. דערגייט צו מיר ערשט אין א כאדאָשים צוויי ארום, אז ער איז גאָר אין געטאָ. איר מיינט, איך האָב אים ניט אָפּגעזוכט? וויאזוי, דאָס איז שוין מײַן זאך. א נאכט־שײַן אף צו גיין אומגעשטערט איבער דער שטאָט האָב איך געהאט, קיין פּלעשער שנאפּס האָבן מיר ניט געפעלט, בין איך ניט קיין יינגעלע, איך גיב זיך אן אייצע...

גערעדט האָב איך יענץ מאָל מיט אײַער מאן האלעווײַ צען מינוט, און דאָס אין דער פינצטער. אזוי, אז ווי ער האָט אויסגעזען, קאָן איך אײַך ניט זאָגן. נאָר דערוווּסט האָב איך זיך פון אים, אז א פוס האָט ער צעמאזיקט און א לונגען־אָנצינדונג האָט ער איבערגעטראָגן. געווען מער

אף יענער וועלט, ווי אף דער. גוטעפּרײַנט האָבן אים פון אַטעליע ארויסגעטראָגן, אלס א מישפּאָכע־מיטגליד מיט זיך אין געטאָ גענומען. דאָרט האָבן דאָקטוירים אים דעם פוס גערעטעוועט. אפּילע פעניצילין האָבן זיי פאַר אים געקראָגן. ניט אַמפּוטירט. אָט אזוי האָט ער מיר אפּדערגיך דערציילט, און בא מיר האָט ער נאָר איין זאך געפרעגט, וויאזוי בין איך עס אין שטאָט פאַרבליבן. האָב איך אים געענטפערט, אז איך האָב צום באַן פאַרשפּעטיקט. וויל ער וויסן, מיט וואָס איך פאַרנעם זיך דאָ, אין דער אָקופּירטער שטאָט. איז וואָס זאָל איך אים זאָגן? איך וויל דאָך אים העלפן, טאָר איך זײַן צוטרוי ניט פאַרלירן. ענטפער איך אויך אפּדערגיך און ווי מיט א באַזונדער מיין: „ס'איז פּריצײַטיק... א צווייט מאָל"... „יעגאָר, ווער ווייסט, צי ס'וועט זײַן דאָס צווייטע מאָל, — אזוי זאָגט ער מיר, — איר קאָנט איצט פונדאַנען עפּעס ארויסטראָגן? א קלייניקײַט. ס'וועט בא אײַך אין דער בוזעם־קעשענע ארײַן". א העפטל האָט ער מיר איבערגעגעבן, א גאַנץ דיק העפטל. „יעגאָר, ניט ווי א קינסטלער בעט איך אײַך, ווי א מענטש בעט איך. פּרײַנט. פאַרהיט עס". צייכענונגען זײַנען דאָס געווען — קינדער פון געטאָ, שטייגער־סצענעס פון געטאָ...

— פאַרהיט?

— פאַרהיט. בא דער מומען. בא מיר האָט זיך א „בראָקהאוז און עפּראָן" געוואַלגערט. איין באַנד: א בוך, ווי א באַרג. האָב איך דאָס העפטל אינעם בוך ארײַנגעלייגט, מיט א דײַטשישער צײַטונג ארומגעוויקלט און איבערגעלאָזט בא איר. איך וועל אײַך דאָס העפטל ארויסשיקן. ניט מער, ווי פינף זײַטן פעלן.

— פינף...

— יאָ, פינף צייכענונגען בליומס... איך האָב אַלץ געמיינט צום גוטן און אויסגעלאָזט האָט זיך... אזא מין ווילער מענטש געווען אײַער מאַן, א ווייכהאַרציקער... גיי ווייס, אז מיט אים איז אזוי שווער דורכצוקומען. ווען אײַער מאַן לאָזט זיך, וואָלט איך אים געראַטעוועט.

צו מיר אין קאַפע פלעגט ארײַנקומען איינס אַן אָפּיצערל, נאָך גאָר א יונגס, מיט רויטע בעקלעך און א מיידלשער טאַליע. א פריילעכער נעפּעש, ניט קיין ווערעדנער. און אף רוסיש רעדט ער גאָר נישקאָשע, נו, עטוואָס עפּשער... ווי מיט א היפּשן לעפל קאַשע דאָס מויל פאַרשטאָפּט. זע איך איינמאָל, ער זיצט בא א טישל מיט צוויי מוידן, פאַרברענגט מיט זיי איידל, ווי מיט עמעסע פרײַלנס. קעסיידער אזוי, קיינמאָל קיין מויד ניט באַוולט. האָט קיין פאַריבל ניט, איך דערצייל דאָס, וואָס עס איז. א גראָבער יונג בין איך, ווײַזט אויס, פון געבאָרן, נאָר אײַך ווילט זיך מיר שאַנעווען, וואָס זאָל איך אַבער טאָן, אז דאָס לעבן, פון וועלכן איך דערצייל אײַך, איז אליין פאַר זיך גראָב, וואָס גרעבער קאָן ניט זײַן? העער איך, הייסט עס, דאָס אָפּיצערל דערציילט די מוידן, אז אליין איז ער פון ראָסטאָק, פון אַן אינטעליגענטער מישפּאָכע שטאַמט ער. זײַן פּאָטער, באַרימט ער זיך, פאַרמאָגט א בילדער־קאָלעקציע פון גרויסן ווערט, ווײַל ער איז טאַקע דער עמעסער מייוון. אַן אויג, אָהאָ, א סנײַפּער! און ער, דאָס אָפּיצערל אליין, ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט ער שוין געהאַט אין

בערלין די קונסט־אקאדעמיע פארענדיקט. איז מיר אָט דער דאָזיקער שמועס גוט אריַין אין דער נאָז. אין עטלעכע טעג נאָך מיַין באגעגעניש מיט יעכיִעל מענוכאָוויטשן געפין איך א גינסטיקע מינוט און פארטרוי דעם אָפּיצערל א סאָד — מיט א פריַילן וויל איך אים באקענען, א שיינהײַט איינע אין דער וועלט. די עלטערן,ביידע דאָקטוירים, זיַינען פון א באַמ־בע אומגעקומען. איז זי איצט איינע אליין. נאָך גאָר א קינד, ערשט פון דער שול־באַנק אראָפּ. אבי־ווער זאָל צו איר צופאָרן, און זאָל זי נאָר דערפילן, אז אף איר מיידלשאפט קוואפּעט ער זיך, וועט זי יענעם פרעכן יונג די אויגן אויסדראפּען. אין דעם צארטן קעצעלע, וואָרן איך אים, זיצט א טיגער, נאָר אזא איידעלער קאוואלער, ווי ער, וועט געפינען א וועג צו איר הארץ, אזוי כאַנפּע איך אים אונטער.

ווידער קוקט איר אף מיר, ווי כ׳וואָלט א גאזלען געווען. פארגעדענקט, איך האָב געוואָלט ראטעווען איַיער מאַן. און דאָס מיידל?.. אין אזא ציַיט וואָלט גאָט אליין אזא שיינהײַט ניט געקאָנט איַינהיטן. איך האָב זי אין גוטע הענט איבערגעגעבן. א סימען האָט איר, גאָר אינגיכן זיַינען זיי צווישן זיך אויסגעקומען, זי און דאָס אָפּיצערל.

— איך פארשטיי ניט, וואָס פאר א שײַכעס... נאָר רעדט, איך הער איַיך. דערציילט אלץ ביזן סאָף. איך וועל עס אויסהאלטן. יעכיִעל האָט ערגערס אויסגעהאלטן.

— פונוואַנען זאָלט איר פארשטיין? דערוויַיל האָב איך דאָך איַיך נאָר דאָס זעגעלע צוקער באוויזן, מיט וועלכן כ׳האָב געזאָלט דעם הונט פארגיטיקן. בעקיצער, איך שעפּטשע דעם אָפּיצערל אפּן אויער, אז ער זאָל וועגן דעם מיידל קיינעם ניט דערציילן, עמעצער זאָל עס בא אים, גאָט באהיט, ניט אויסכאפּן. און אזוי שעפּטשענדיק פארשלעפּ איך אים אין מיַין כיידערל הינטערן טאָמבאַק. דאָס פּיסטאָלעטל איז דאָך בא אים אף דער זײַט, ניט בא מיר. נו, איז וואָס זאָל איך איַיך זאָגן, דער דיל אונטער מיַינע טריט טרעשטשעט, ווי פרילינגדיק איַיז, אָט פלי איך גלײַך אין א קעסלגרוב אריַין. נאָר לאנג טראַכטן איז ניט אין מיַין טעווע. זאָג איך אים מיט א געלעכטער, געוויינלעך, אז וועגן דעם מיידל איז שוין אָפּגערעדט, איך האָב אָבער נאָך עפּעס שיינס אים צו באוויַיזן. איך נעם ארויס פון דער בוזעם־קעשענע גאַנצע פינף הארטע פּאַפּיר־קוואדראטלעך. אָט אזוי האָב איך צונויפגעלייגט די צייכענונגען, צו זעקס אָדער צו אכט מאָל פארבויגן, צעקנייטשט, יאָ, א טעל געמאכט, און דערצייל אים א מײַסע: „איך בין צופעליק דעם געטאָ־טַוֵיער פארבײַגעגאנגען און אָט דאָס־אָ פון דער ערד אופגעהויבן. פארדעכטיקע פּאַפּירלעך, זאָג איך. עפּשער בריוו צו עמעצן פון דער ארישער זײַט. אָדער גאָר אַן אופרוף, ווער ווייסט. אליין, זאָג איך, האָב איך עס ניט געוואָלט פאַנאַנדער־וויקלען”.

דאָס אָפּיצערל קוקט מיך אָן און, ווי איך זע, האָט ער קיין כיישעק ניט צו די ברודיקע פּאַפּירלעך זיך צורירן. נעם איך אליין איינס פּאַמע־לעך פאַנאַנדער, און ער קוקט אף מיַינע הענט. דערזעען א צייכענונג, נעמט ער זיך שוין פארן צווייטן פּאַפּירל אליין. איר וואָלט נאָר געזען, ווי פּאָרכטיק ער האָט די צייכענונגען אף מיַין פּיצל קאָנטאָרקע אויס־

געלייגט, ווי ער האָט זיי געגלעט און פאנאנדערגעגלעט, קעדיי בעסער צו זען. „וואָס פאר א זיכערע האנט, — האָט ער געמורמלט, א מײַסטער...״ בעקיצער, ער האָט מיר באפוילן די צייכענונגען אויספּרעסן, „מיט א פּרעס־אײַזן, — האָט ער מיר דערקלערט, — מיט ניט קיין הייסן, פון דער לינקער זײַט״. זע איך, ער פארשטייט זיך טאקע אף די דאָזיקע זאכן. ווײַזט אויס, ניט גלאט אזוי זיך אויסגעפּײַנט פאר די מוידן אין קאפּע.

די פינף צייכענונגען האָט דאָס אָפּיצערל זײַן פאָטער מיט דער פּאָטשט אָפּגעשיקט. זײַן פאָטער, האָט ער מיר דערקלערט, האָט פון שטענדיק אָן געהאלטן, אז ייִדן האָבן אין דער רוסישער מאָלערײַ אן אייגענע שול געשאפן. און ווי גאָר א גרויסן סאָד פארטרויט ער מיר, אז זײַן פאָטער האָט זיך זייער געגרויסט מיט די דרײַ שאגאלס אין זײַן קאָלעקציע, כאָטש איצט זײַנען זיי מיסטאמע בא אים פארשטעקט, ווער ווייסט ווו. אן עכטער פּיסאראָ איז בא אים אפילע געווען, פיל געלט געקאָסט. און איצט... „איר האָט אזעלכע נעמען אפילע ניט געהערט, עמעס?״ — כאפּט ער זיך, און איך מאך זיך טאמעוואטע. טאקע ניט געהערט.

אף אָפּצושיקן די צייכענונגען קיין דײַטשלאנד האָט זיך קיין באזונדערער מוט ניט געפאָדערט. אנדערע האָבן דאָך אפילע פאָטאָגראפיעס פון צעשיסונגען זייערע קאלעס געשיקט. מיסטאמע פלעגן זיי דערגיין, אניט וואָלט מען ניט געשיקט.

פון יענעם טאָג אָן האָט מיך דאָס אָפּיצערל שוין ניט אָפּגעלאָזט: נאָר איך זאָל זיך דערוויסן, ווער דער מאָלער איז. אופזוכן זאָל איך אים. אָנשטאָט אף גראָבער ארבעט צו געטריבן ווערן, וועט ער בעסער מאכן פּאָרטרעטן פון דײַטשישע אָפּיצערן, קוים ער לעבט נאָך.

דעם עמעס געזאָגט, האָב איך זיך מער פארלאָזט אף מײַן מומען, אייער אפן אָפּיצערל. דאָס אָפּיצערל איז א יונג הענדל. איז צו זײַן קוקארעקען ניטאָ באזונדערס וואָס צוצוהערן זיך. ער האָט געזאָלט נאָר דעם אָנהייב מאכן, כאָטש עטלעכע מאָל ארויסנעמען יעכיִעל מענוכאָוויטשן פון דער געטאָ. דערנאָך וואָלט איך אים בא מײַן מומען פארבאהאלטן. ווען מע גאנוועט אים ארויס בא די אָפּיצערן אונטער דער סאמע נאָז, וואָלטן זיי מיסטאמע קיין גרויסן הארמידער ניט געמאכט. זיי וואָלטן פאר דער אייגענער פעל געציטערט. אף מײַן מומען האָב איך זיך געקענט פארלאָזן. זי האָט מיך טאקע ייִנגלווײַז פון דער קאָלאָניע ארויסגעשלעפּט, אף מיר האָט זי אָבער אויך ניט געהאט וואָס צו באקלאָגן זיך. אפילע בייס דער אָקופּאציע פון קיין נויט ניט געוווסט. בא מײַן מומען וואָלט יעכיִעל מענוכאָוויטש, ווי הינטער א געמויערטער וואנט זיך געפילט. מיט די היימישע פּאָליצײַען איז זי געווען אויסגעבונדן. נײַן, מיינט ניט, מיט קיין מענטשלעכע נעפאשעס האָט זי ניט געהאנדלט, גאָט באהיט. זעט איר דאָך, אונדזערע זײַנען געקומען און האָבן אף איר קיין האָר ניט גערירט, וואָס זשע דען? א פּאָר וואָלענע שקארפּעטקעס, א ווארעם לײַבל אָדער, לאָמיר זאָגן, א פלעשל סאמאָהאָן, א פּושקע קאָנסערוון — דאָס האָט זי פאר גוט געלט קיינעם ניט געזשאלעוועט. אָפּגעווישט די ליפּן און שא־שטיל. אז איך זאָג אײַך, א מיניסטער, אזא וועט מיט יעדער מאכט אויסקומען.

אוועקיזעוו איז ווידער אנשוויגן געוואָרן. נאָר דאָ האָט שוין מירע ניט אויסגעהאַלטן:

— וואָס שווײַגט איר? דערציילט.

— ניטאָ וואָס צו דערציילן. מיט גרויס מאַטערניש, דאָס לעבן אין קאָן געשטעלט, האָב איך זיך א צווייט מאָל דערקליבן צו יעכיעל מענכאָוויטשן. וויל ער גאָר פון מײַן פלאַן ניט הערן. ווי קום איך צו דעם דײַטשישן אָפיצער, האָט ער געוואָלט וויסן, און ווידעראַמאָל, וואָס איז איצט מײַן טועכץ און פונוואַנען נעמט זיך צו מיר אזא האָזע, איך זאָל אים פאָרלייגן ווערן א מעשאָרעס בא די דײַטשן. און אַף גאָרנישט לאָזט ער מיך ניט ענטפערן. „איר זײַט דאָך אליין א מאָלער, זאָגט ער, טאָ מאָלט זיי. וואָס דאַרפט איר מיך?”

אָט די ווערטער זײַנע האָבן מיך אַזוי געטראָפן, אַז ביז מײַן לעצטער שאָ וועל איך דעם ווייטעק ניט פאַרגעסן. אזא כויזעק, אזא גיפט... און פלוצעם גאָר באַפעלעריש, ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אזא שטילער, אזא איידעלער מענטש זאָל גאָר באַפעלן: „קערט מיר אום מײַנע צייכענונגען. שוין. די מינוט. איך וואַרט”. איר וועט מיר גלייבן, ווי א לעמעלע בין איך אַנטקעגן אים געשטאַנען, געלאָזט זיך באַזוכן. ער האָט אין דער בלינד, אויך דאָס מאָל האָבן מיר זיך אין דער פינצטער באַגעגנט, אַלע מײַנע קעשענעס אויסגעטאַפּט. גאָרנישט ניט געפונען, זאָגט ער מיר: „גייט, גייט פונדאַנען, איך וויל אײַך מער ניט זען!” פונקט ווי ער וואָלט מיך געקאָנט זען אין אזא פינצטערניש.

מירעס צימער איז געווען העל באַלויכטן. בא די ווענט זײַנען אין שטרענגע רייען געשטאַנען סטעלאַזשן מיט ביכער. אין צוויי ווייכע פאָטעלן זײַנען געזעסן א מאַן מיט א פרוי, ביידע אַן ערעך אין די זעכציקער, אָפּגעטיילט איינער פון דעם אַנדערן בלויז מיט א קליין פּאָלירט טישל. ווען די בליומס פאַרהאַלטן זיך ניט דאָס מאָל אַף אַן איבעריקער שאָ און קומען אַרײַן צו מירען, וואָלטן זיי זיכער געטראַכט, אַז זי נעמט אוף בא זיך א יוגנט־פרײַנט. מער ניט, וואָס קיין קיבעד איז אַפן טישל ניט געשטאַנען. די שוועגערן וואָלט זיכער צוגעײַלט זיך אויסצולייזן מירען פון איר פאַרלעגנהײַט — אַן אומגעריכטער גאַסט, און אין שטוב איז גאָרנישט ניטאָ. זי וואָלט אָפּדערגיך פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס אַלץ, וואָס זי האָט אַפן וועג פון דער אַרבעט אײַנגעקויפט, און אַלס א צייכן פאַר מירען, אַז „נישקאָשע, נעם זיך ניט צום האַרצן”, וואָלט זי געפרעגט באַם גאַסט: „טיי אָדער קאַווע?”

— דאָס אָפיצערל האָט געהייסן האַנס. די פאַמיליע זײַנע... — אוועקיזעוו האָט זיך ווי עטוואָס געוואַקלט, צי זאָל ער אַרויסברענגען די פאַמיליע, דערנאָך אַנטשיידן אָנגערופן: — בליום. יאָ, בליום איז זײַן פאַמיליע געווען, האָט קיין פאַריבל ניט. אויב א קויל האָט אים ניט געטראָפן, איז ער איצט אַלט א יאָר פינף און פערציק, ניט מער. עפשער לעבט נאָך אַפילע זײַן פאָטער. ראָסטאָק — דאָס איז דאָך אין „דדר”, פרוווט אים אָנשרײַבן, די צייכענונגען זײַנען געכאַסמעטע. און ווי געכאַסמעט... א טאָעס איז דאָ אומעגלעך. איך האָב, דעם עמעס געזאָגט, ניט פאַרשטאַנען גאָר, אַז דאָס איז א כסימע, געמיינט, א מין אָרנאַמענט אזא,

וועלכער כאזערט זיך איבער אין אלע צייכענונגען. ערשט דאָ, אין מאָ־סקווע, ווען איך האָב אפּדאָסנײַ אָנגעקוקט די „דוואלן״, איז מיר אײַנ־געפאלן, אז אונטן שטייט אײַער מאנס כסימע אף יידיש. אין 41־טן יאָר האָט ער, ווײַזט אויס, קעסיידער אזוי זיך געכאסמעט. א שיינער שריפט — דער יידישער.

נו, מיר איז שוין צײַט צום וואָקזאל. איך וועל פארפאָרן אהיים, צו דער מומען, און פון דאָרט גלײַך אף דער ארבעט. דאָס העפטל וועל איך שוין מאָרגן אײַך ארויסשיקן. איך וויל אײַך נאָר פרעגן, מירא אבראַ־מאָוונא, נאָר בייזערט זיך ניט, פארוואָס זאָלן צוויי איינזאמע עלטערע מענטשן, וועלכע קענען זיך ניט פון הײַנט, ניט גרינגער מאכן איינער דעם אנדערן דאָס לעבן? ניין, ניין, איר זײַט ניט מעכויעוו מיר צו ענטפערן. באטראכט זיך גוט, עפּשער, הא?

מירע איז אופגעשטאנען פון איר אָרט. גלײַך האָט זיך אופגעהויבן אויך אווערקיִעוו. זיי זײַנען ארויס אין פּאָדערצימער. שוין אינעם מאנטל און אינעם פוטערנעם היטל אפן קאָפּ איז ער א ווײַלע געשטאנען, גע־ווארט, זי זאָל אים אויסשטרעקן א האנט. מירע האָט פאר אים געעפנט די טיר און דערפילט אף איר פּאָנעם דעם זעלבן פרעכן און טײַוועדיקן בליק, ווי מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק דאָרט, אין קרים. „אאוף ווי־דערזען!״ — האָט הויך און פארשײַט אויסגערופן אווערקיִעוו און פארמאכט הינטער זיך די טיר.

10

דער דאָקטער פון דער גיכער הילף האָט געזאָגט:

— ניט געפערלעך. דער בלוט־דרוק אונטערגעשפרונגען. איך וועל אײַך מאכן אן אײַנשפריצונג, וועט אײַך ווערן בעסער. — און צו טאמארען: — אף וויפל בא אײַער מאמען האָט זיך עס געמאכט צום ערשטן מאָל, וואָלט ניט געשאט, זי זאָל ליגן א טאָג צוויי — דרײַ.

— אוואדע, אוואדע, די מאמע האָט זיך לעצטנס שטארק איבערגעמאַ־טערט. און גענערווירט זיך. דעם טאטנס אויסשטעלונג געגרייט, — האָט געזאָגט טאמארע, פונקט ווי דעם דאָקטער, וועלכער האָט שוין געהאט ארופגעוואָרפן אף די אקסלען דעם מאנטל אריבערן כאלאט, וואָלט עס שטארק נויגייע געווען. זי האָט דעם דאָקטער באדאנקט, באגלייט ביזן ארויסגאנג. — מאָרגן וועל איך נעמען דרײַ טעג אורלויב. די מאמע וועט זיך אויסרוען, — האָט זי אים פארזיכערט, בייס ער, א יונגער און אימפּעטפור־לער איז שוין אין געדאנק געזעסן אין דער מאשין, וואָס וועט אים באלד אוועקטראָגן צו אן אנדערן, עפּשער פיל מער געפערלעכן כוילע.

מירע האָט פארשטאנען, אז דער בלוט־דרוק האָט זיך בא איר געהע־כערט נאָך אין יענער רעגע, ווען זי האָט, א באראשטע פון דעם פּלוצ־לינגדיקן ווייטעק אין הארץ, אָנגעכאפּט זיך מיטביידע הענט אָנעם טישל

אין דער אנטיקוואר־קלייט. טאמארע אָבער האָט קיין אנונג ניט געהאט וועגן דעם, וואָס איר מאמע איז אויסגעשטאנען פאר די לעצטע עטלעכע טעג.

נאָכן אוועקגיין פונעם דאָקטער האָט זיך מירע אויסגעצויגן אף איר געלעגער, און טאמארע האָט זיך אוועקגעזעצט אף א שטול אנטקעגן.

— מאמע, דו זעסט היינט דאפקע אויס זייער גוט. — טאמארע האָט ארויסגענומען פון איר האנט־בײַטל א שפּיגעלע. — טו נאָר א קוק, סארא יונגע. די באקן פארויטלט.

„נאריש קינד, — האָט א טראכט געטאָן מירע. — בעסער וואָלטן זיי ניט געווען פארויטלט". נאָר אף א קאָל האָט זי געזאָגט:

— כ'וויס, ס'איז גאָרניט. איך האָב זיך שוין לאנג אזוי גוט ניט גע־פילט, ווי היינט.

און דאָס איז געווען אן עמעס. יעדער אייווער אירער האָט איצט גע־רוט. עס זײַנען פון איר מיטאמאָל אָפּגעטראָטן אלע זאָרגן. זי האָט קיין האָר ניט געצווייפלט אין דעם, אז מאָרגן וועט זי זײַן געזונט, זי האָט אויך ניט געצווייפלט אין דעם דערפאָלג פון יעכיעלס אויסשטעלונג. נאָר אויסשלאָפן דארף זי זיך, גוט אויסשלאָפן. איצט איז ערשט אכט. אָט וועט זי שלאָפן ביז אכט אינדערפרי. גאנצע צוועלף שאָ. גוט...

— מאמע, וואָס האָט זיך דיר געכאָלעמט? — האָט זיך צו מירען ווי פון דער ווײַט דערטראָגן טאמארעס קאָל.

מירע האָט געוואָרפן א בליק אפן זייגער, וואָס איז געשטאנען אף איר שרײַבטיש, א באלויכטענער פונעם טיש־לאָמפּ. צען מינוט אף נײַן. זע נאָר, אינגאנצן צען מינוט, און זי האָט שוין באוויזן צו כאפן א דרעמל און טאקע זען א כאָלעם אויך.

געכאָלעמט האָט זיך איר די טאָכטער, נאָך גאָר א פּיצל. זי קלעטערט ארוף צו מירען אף די קני, כאפּט ארום מיט די הענטלעך איר האלדז און קושט זי, פארגייענדיק זיך אין א געלעכטער, אין איין באק, אין דער צווייטער, אין איין באק, אין דער צווייטער.

„נו, גענוג שוין, גענוג! האָסט מיר אויסגעדרייט דעם האלדז!" מיט א קלוימערשטן בארויגעז שלאָגט זיך פון איר מירע אָפּ מיט ביידע הענט, קערט אָפּ פון איר דאָס פּאָנעם. נאָר די קליינע, א צעשטיפטע, קאטשעט זיך פון געלעכטער און לאָזט זי ניט אָפּ: „אין נעזעלע, מאמינקע, נאָך איין מאָל, אין נעזעלע וועל איך דיך א קוש טאָן!"

— דו האָסט זיך מיר געכאָלעמט! — האָט מירע א שמייכל געטאָן צו דער טאָכטער, וואָס איז געזעסן צופוסנס פון איר געלעגער מיט א בוך אין דער האנט. ריידן האָט זיך ניט געוואָלט. רו, רו...

אף מאָרגן האָט זיך מירע אופגעכאפּט פּונקט אכט אינדערפרי. די שוועגערן איז ארײַן אין צימער מיט איר אפּאראט. דער בלוט־דרוק — 120 אף 70, ווי געווייינלעך בא מירען. דאָך האָט איר טאמארע דעם פרי־שטיק צום בעט דערלאנגט. און פארן אוועקגיין פארזאָגט: „פריִער פון איינס זאָלסטו גאָר ניט טראכטן פון אופשטיין. מיטיק האָב איך דיר צו־געגרייט. עס שטייט אף דער פּליטע". זי האָט זיך א ווײַלע געוואקלט, ווי געוואָלט עפּעס צוגעבן. נאָר בלויז געוואָרפן אן אומרויִקן בליק אף

דער מאמען, א קוש געטאָן זי אין שטערן און אוועק. „א בארדאס טאָ־מערל, — האָט מיט צופרידנקײַט א טראכט געטאָן מירע. — ניט גע־פרוווט זיך מיך אײַנריידן. אלציינס וואָלט איך דאָך געקומען".

* * *

צוויי שאָ פאר דער עפענונג. מירע זיצט אין דעם אויסשטעלונגס־זאל. א יונגע, א שײַנענדיקע טראָגט זיך דורך פארבײַ איר טאמארע מיט א היפשן קאָנווערט אין דער האנט, פון וועלכן עס סטארטשען לענג־לעכע פאפירלעך.

— עטיקעטקעס! — זאָגט זי אָן אין גאנג דער מאמען.

— דאָס איז גרינג. איך וועל העלפן, — רופט זיך אָפּ מירע.

— ניין, מע דארף ניט. טאָניע האָט מיך אויסגעלערנט. אָט וועל איך נאָר פאנאנדערלייגן די עטיקעטקעס לויטן אלפאוויט... דו זיץ דערווײַל. — און שוין פונדערווײַטנס. — נישקאָשע, מאמע, דו זעסט אויס זייער גוט.

„וואָס, ווידער פארויטלט?" — דערשרעקט זיך מירע. פון שטוב איז זי ארויס א גענעזענע, נאָר איצט, איצט וואָלט גלײַכער געווען, מע זאָל זי יאָ צולאָזן צו אוועלכער־ניט־איז טועכץ. עפעס איז מיט איר ניט גלאַט. א כאָלעם אָף דער וואָר איז פײַנלעכער פון א כאָלעם אין שלאָף. מירע קוקט אף די ווענט, אף וועלכע עס הענגען יעכיעלס בילדער, און מיטאָ־מאָל הערט זי זיי אוף צו זען. יעכיעלן אליין זעט זי אָן אויסגעצויגענעם אפן גלאָז־ברוך, מיט א פארבלוטיקט מויל. זי קומט צו זיך. זי וויל אפילע מאכן עפעס א באמערקונג טאָניען. ווערט ארום פינצטער. און יעכיעלס קאָל הערט זי: „פונוואנען האָט זיך צו אײַך גענומען די האָזע מיר פאָר־צולייגן ווערן א מעשאָרעס בא די דײַטשן?" ביז דער באגעגעניש מיט אווערקיעוון, האָט מירע איר מאן אין דימיען שטענדיק געזען א לעבע־דיקן. צום ערשטן מאָל פאר אזויפיל יאָרן, זינט זי האָט פארלאָרן יעכי־עלן, איז ער אזוי פון איר דערווײַטערט געוואָרן.

„ווו ביסטו, יעכיעל?" — רײַסט זיך פון מירען א געשריי, און זי דער־פילט, ווי עמעצער לאָזט זיך אראָפּ לעבן איר אף א שטול. טאמארע, א וווקסיקע, א געזונטע נעמט זי ארום, און ביידע קוקן זיי אפן בילד „דו־וואלן".

— דער טאטע האָט דאָך עס אלץ געמאָלט פון דער נאטור, עמעס, מאמע, די פרוי אין ווײַסן אויך? נאָר דו פילסט, עפעס איז אין דעם בילד ווי א געהיימניס פארבאָרגן. אי הײַנט איז עס, אי ווי מיט טויזנט יאָר צוריק...

— דאָס איז דערפאר, — ענטפערט מירע, — ווײַל דעם טאטן האָט זיך א מײַסעלע פונעם כומעש דערמאָנט, וואָס ער האָט אין כיידער געלערנט. — דער טאָכטערס נאָענטקײַט האָט מירען בארויקט, איר פארשטאנד האָט זי דערפרייט. איצט ווילט זיך מירען דאפקע ריידן. — דו ווייסט, וואָס איז דאָס אזוינס „כיידער"? אין די רוסישע אויסגאבעס פון שאָלעם־אליי־

כעמען ווערט עס געטײַטשט אלס „ייִדישע רעליגיִעזע אָנפאנגס־שול״. פּונקט ווי פאר די קינדער, וועלכע עס האָט געשילדערט שאָלעם־אליי־כעם, איז צוטריטלעך געווען אן אנדער שול.

— אן עמעס, מאמע, א מײַסעלע. איך האָב ניט לאנג צוריק פאַרגעע־לייענט וואָווקען. געדענקסט, דו האָסט מיר געקויפט שוין נאָך דער מיל־כאָמע א גרויסן באנד פון רוסישע פאָלקס־מײַסעס, איז דאָרט פאראן וועגן טויט און לעבעדיק וואסער...

זיי זײַנען ביידע שטיל געבליבן. שווײַגנדיק געקוקט אפן שמאָלן געסל צווישן אָנגעגליטע געלע ווענט — דוּוואלן, וועלכע ווארפן אָפּ פון זיך ווארעמע שאָטנס אף דער ערד. זיי האָבן געקוקט אפן בלויען, פון היץ פארגליווערטן הימל מיט די שטיין געבליבענע ראָזע וואָלקנדלעך. און פון דער טיף איז איבער די ווארעמע שאָטנס, ווי אין א געהיימניס פארהילט, געטראָטן א פרוי מיט א בראָנזענעם קרוג אפן קאָפּ. און דער קרוג, אזוי האָט זיך סײַ דער טאָכטער, סײַ דער מאמען אויסגעוויזן, איז פול מיטן אייביקן וואסער פון לעבן. נאָר דאָ איז דער מאמעס בליק אף דעם מאָ־לערס כסימע געפאלן — צוויי, ווי שווארצע ליכט, אויסגעצויגענע לאַ־מעדן אינדערמיט. און עס האָט זי אן אנגסט באשלאָגן, ווי פריִער, איידער זי האָט געפונען דאָס פארפאלן געוואָרענע בילד. ווידער פעלט דאָ עפּעס אף דער אויסשטעלונג. די געטאָ־צייכענונגען פעלן. וויפל זײַנען זיי געווען? וויפל צײַט האָט יעכיִעל אויסגעשפּילט בא דעם גורל אף צו צײַ־כענען?

די טאָכטער האָט מירען נאָך אלץ געהאלטן ארומגענומען, א צוגע־שטילטע און אן אופגעלויכטענע געגלעט זי איבערן אָרעם.

1973

# זון אף די דעכער

שווין היפּשע עטלעכע שאָ זײַנען זיי געווען אף די פּיס — דער קלייניקער, שטשופּלער דאָקטער, זײַן שטאַלטנע פרוי מיטן גרויסן קאָפּ האָר, צעפּלאָסענע איבער די אקסלען, און זייער שכיינע, די לערערן, א הויכע, א ברייטע, נאָענט צו די פופציקער. מיטן פּערטן, דעם יונגן עסט, האָבן זיי זיך באַקענט ערשט נעכטן בא א טישל אין רעסטאָראַן. דערוווּסט זיך, אז ער איז אן ארכיטעקטאָר, האָט די לערערן מיט איר הייזעריקלעכער, נאָר גוט באַהערשטער שטים פארגעבן אים אזויפיל קאַשעס, ביז ער האָט זיך אליין אָנגעבאָטן אף צומאָרגנס דורכגיין זיך מיט די אָנגעפאָרענע איבער דער שטאָט.

שטאַרק אופגעלעבטע האָבן זיי געשפּאַנט איבער פּלעצער און געסלעך, אָפט אָפּגעשטעלט זיך מיט פאריסענע קעפּ בא אַלטערטימלעכע געבײַען, וואָס זייער באַגלייטער — דער ארכיטעקטאָר האָט אָנגערופן מיט די היימלעכע נעמען, מיט וועלכע עס האָט זיי געקרוינט דאָס פאָלק: „דער לאַנגער הערמאַן", „די דיקע מאַרגאַריטע"... און ווו זיי זאָלן זיך ניט קערן און ווענדן, האָט אַלץ געפינטלט אפן שפּיץ פונעם ראָטהויז־טורעם דער אַלטער טאָמאַס, דער טרײַער בלעכענער שטאָט־וועכטער.

מיט די שמאָלע בערגלדיקע געסלעך האָבן זיי זיך אופגעהויבן ביז צום טויער, וואָס האָט פארצײַטנס געדינט אלס מעכיצע צווישן דער אריסטאָקראַטיע און דעם פּלעבס.

— ווען די איידעלע ריטערס דאָרט, אויבן, פלעגן זיך אָנשיקערן און נעמען בושעווען, — האָט דערקלערט דער יונגער עסט, — פלעגן די סאָכרים און האַנטווערקער פארשליסן דעם טויער און אזויאַרום ראַטעווען זיך פון גאַזלעוואָניע און רויב.

טרעפּ, טרעפּ... און ווען די פיר מענטשן זײַנען שטיין געבליבן, האָט די שטאָט פון דער נידער פאַריסן איר קאָפּ צו זיי — רויטע טשערעפּיצענע דעכער מיט ריזיקע קוימענס, קלויסטערס, מיטלאַלטערלעכע ווענט און טורעמס האָבן זיך געריסן אין דער הייך, פארלאָפן דעם וועג איינס דעם אנדערן — העכער, נאָך העכער. די אָנגעפאָרענע האָט פארשאַפט פרייד צו דערקענען פונדערווײַטן די גאַסן, איבער וועלכע זיי זײַנען געגאַנגען, די געבײַען, וואָס זיי האָבן באַזוכט.

ביסלעכווײַז האָט די מידקײַט געגומען פאַרטרעטן דאָס אָרט פון דער באַגײַסטערונג. דעם דאָקטערס פּרוּי האָט אײַנגערוימט דעם מאַן אין אויער, אַז „געגוג. מע קען ניט אַרײַנכאַפּן אַלץ אין איין טאָג״. ער האָט אָבער, פּונקט ווי זי, ניט געקענט זיך קיין אײַצע געבן מיט דער לערערן. צו יעדער דערקלערונג פונעם יונגן עסט האָט זי געהאַט נאָך עפּעס צו פרעגן און אַלץ פאַרצייכנט אין נאָטיץ־ביכל, וואָס איז, ווי אַף א קישן, געלעגן אַף איר ווייכער דלאָניע.

דער דאָקטער און זײַן פרוי האָבן דערווײַל געמאַכט עטלעכע ניט דרייסטע טריט צום מאָלער, וועלכער איז געזעסן דערנעבן אַף א לײַוונטן בענקעלע, דעם שטרויענעם הוט אַראָפּגערוקט טיף איבער די אויגן. הינ־טער זײַן פּלייצע האָט אין שטילער דערוואַרטונג געסאָפּעט א געזעמל פון יינגלעך. די זעלבע טשערעפּיצענע דעכער, אַף וועלכע די אָנגעפּאָ־רענע האָבן זיך היינט צוזאַט אָנגעקוקט, די קלויסטער־שפּיצן, דער הימל און די זון האָבן אַפן לײַוונט ווי צונויפגעשמאָלצן זיך, אויסגעמישט זיך אין א יובלדיקער פאַרבן־מאַסע. די פאַרמאָלטע פלאַך האָט געפינקלט מיט רויט, געל און גרוי.

— זייער שיין, — האָט שטיל געזאָגט די לערערן, וואָס איז שוין אויך געשטאַנען דערבײַ, — נאָר עסטלאַנד... ניט דער קאָלאָריט. צו פאַרביק.

דער מאָלער האָט דערהערט. זײַן נאַקן, א פאַרוואַקסענער מיט שיטערע גרויע האָר, האָט זיך א קער געטאָן צו דער לערערן, די אויגן האָבן מיט אַן אומרויִקן גלאַנץ אַף א ווײַלע אָפּגעשטעלט זיך אַף איר פּנים. דער־נאָך האָט זײַן אָנגעשטרענגטע פּלייצע א וואָרף געטאָן זיך אַף אַהינטער און ווידער פאָרויס. דאָס פּענדזל אין דער אויסגעשטרעקטער רעכטער האַנט האָט זיך ווי אָנגעצילט און געגומען גיך־גיך טראָגן זיך איבערן לײַוונט.

דער דאָקטער האָט אומגעשיקט א מורמל געטאָן „אַנטשולדיקט!״ אַזוי, אַז צום מאָלער איז עס געוויס ניט דערגאַנגען, און אין פאַרלעגנהײַט גענומען אָפּטרעטן אַף צוריק.

— אין ווילנע, — האָט פּלוצעם א זאָג געטאָן די לערערן, — זײַנען פאַר מיר אינטערעסאַנטער פון אַלץ געווען די הויפן, — און שוין מיט אַזא טאָן, ווי ס׳וואָלט געווען פון פריִער אָפּגערעדט: — איצט וועלן מיר זיך אַראָפּכאַפּן אין עטלעכע הויפן.

דער דאָקטער האָט זיך איבערגעקוקט מיטן ווײַב, אַרויסגעלאָזט אַן אומקלאָרן קלאַנג, ווי ס׳וואָלט אים פאַרלייגט אין האַלדז, און געהאָרכזאַם וועקגעשפּאַנט נאָך דער לערערן.

פון א שויפענצטער, אַרײַנגעפּאַסט אין דער וואַנט פון א מיטלאַל־טערלעך טורעמל, האָט זיי מיט א מאָדנעם ערנסט באַגלייט א פּאָר שטאַרק אונטערגעפירטע אויגן פון א שיינהײַט. איבער איר קידער־ווידער־פריזור איז געהאַנגען א שילד: „פּאָטאָ־אַטעליע״.

— כידושים! — האָט א שמייכל געטאָן דער דאָקטער.

די לערערן האָט פאַרקערעוועט אינעם דערבײַיִקן געסל און אומגעקוקט זיך אַפן יונגן עסט.

— יאָ, יאָ, קעדיי, — האָט ער א מאַך געטאָן צו איר מיטן קאָפּ.

א נידעריק טירל האָט זיי אַרײַנגעפירט אין א לאנגער, שמאָלער הייל צווישן צוויי מעכטיקע שטיינערנע ווענט. אין דער וואנט פון רעכטס האָבן מיט בלינדן פארדאכט ארויסגעקוקט פון דער פינצטערניש, צעוואָרפענע אף א פארשיידענער הייך, פירקאנטיקע אמבראזורעס. צופוסנס בא איר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין א ריי שווערע דעמבענע טירן, ברייטע, ווי טויערן, אף טויט פאריגלטע מיט אײַזערנע ריגלען. די פאָרהענגלעך, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט געווײַסט אין די אָפענע פענצטער פון דער אנטקעגנדיקער וואנט, האָבן נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר כמורע שטיין־גרויקײַט.

— איך וואָלט דאָס אלץ אופגעריסן צו אלדי שווארצע יאָר!

אין דעם צונויפגעדריקטן הויף־כאָלאָל האָבן די ווערטער דורכגעקלונגען מיט א געדעמפטער הילכיקײַט, ווי אין א קלויסטער. דער דאָקטער האָט אופגעציטערט און שארף אויסגעדרייט זיך.

— איר האָט א נידעריקע ריזע, יונגערמאַן! — האָט ער בייז א וואָרף געטאָן. — העכער פון דער אייגענער נאָז זעט איר ניט.

דער באָכער מיטן צעשפיליעטן קאָלנער, וואָס קיינער פון די פרײַנט האָט ניט באמערקט, ווי:אזוי ער איז לעבן זיי אויסגעוואקסן, האָט פארלייגט די הענט אין די קעשענעס און קאלטבלוטיק געענטפערט:

— אף מײַנע אויגן האָב איך ניט וואָס צו באקלאָגן זיך.

— און אפן הארץ? אפן קאָפּ? איך זאָג אײַך, ווי א דאָקטער. איר דארפט זיך היילן.

— זייער אָנגענעם צו באקענען זיך... מיר זײַנען קימאט ווי קאָלעגן, — האָט מיט ביטל א שמייכל געטאָן דער באָכער. — איך בין א סטודענט — א מעדיקער. און ווי א מעדיקער האלט איך, אז מע דארף דאָס אלץ אופרײַסן און אויסבויען אף דעם אָרט נײַע הײַזער.

דעם דאָקטערס מאָגער נערוועז פּאָנעם האָט א צוק געטאָן פון אופגעבראכטקײַט:

— א מעדיקער איז נייטיק א קלוג הארץ און א פילבארער מויעך. אויב ער האָט עס ניט, ווערט בא אים געשלאָגן די ריזע. די אנאליזן זעט ער, ניט דעם כוילע.

— אדיע, קאָלעגע! — אונטערפײַפנדיק דאָס לידל „זאָל אייביק זײַן מײַן מאמע”, האָט דער באָכער, די הענט אין די קעשענעס, געלאָזט זיך גיין צום צווייטן עק הויף.

די פרײַנט האָבן זיך אומגעקוקט אפן יונגן עסט, ווי זיי וואָלטן זיך אין עפעס פאר אים פארשולדיקט. נאָר ער האָט געשוויגן, א רוזיקער, א צוריקגעהאלטענער, מיט א קוים מערקבארן שמייכל אין די ווינקלען פון מויל.

דעם דאָקטערס פרוי האָט זיך אָנגעשפּארט אָן דעם מאנס אקסל, אראָפּגעוואָרפן פון איין פוס דעם טופל מיטן הויכן, שמאָלן קנאפל, אונטערגעבויגן דעם פוס און געבליבן שטיין אפן צווייטן, ווי א בושעל: „איך בין מיד. מער קען איך ניט”.

— יאָ, צײַט אָפּצורוען, — האָט זיך אָפּגערופן דער דאָקטער, נאָך אלץ א בלייכער און אן אופגערעגטער.

די לערערן האָט אַף זיי ניט געלייגט קיין אכט. זי איז פעסט געשטאַנען אַף אירע דיקע פיס, וועלכע האָבן, ווי גלײַכמעסיק אַרומגעטעסעטע קלעצלעך, אונטערגעשפּאַרט איר שווערן גוף. ס׳האָט אויסגעזען, אַז עפּעס איז דאָ נאָך פאַר איר געבליבן ניט פאַרענטפערט. זי האָט געוואַרט.

אָפן הויף איז אַרויסגעקומען פון איר שטוב אַן עלטערע פרוי אין אַן אָפּגעבליאַקעוועט ציצן קאָפּטל, אַ געוואַשנס און איבערגעוואַשנס.

— האָט קיין פאַריבל ניט, — האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו איר די לערערן. — איר ווינט דאָ? עפּשער וועט איר אונדז ווײַזן אײַער ווינונג?

די אָנגעפּאַרענע האָבן זיך ניט אַרומגעזען, ווי די באַלעבאָסטע די ערשטע און זיי נאָך איר האָבן זיך שוין אײנער הינטערן אַנדערן געהויבן איבער מעשונעדיק געדרייטע, שמאָלע שטײנערנע טרעפּ. דערקליבן זיך אין דער טונקלקײַט צום צווייטן שטאָק, האָט זי ברייט אַן עפן געטאָן די טיר פון איר ווינונג. די געסט זײַנען אומדערוואַרט ווי אָפּגעטוקט געוואָרן פון קאָפּ ביז די פיס אין ליכטיקײַט. מיט צוגעזשמורעטע אויגן האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן באַ דער שוועל. אַף אַלע כפייצים אין צימער, אַף זײַנע זויבערע ווענט איז געווען צעגאָסן אַ בלענדיקע שײַן, וואָס האָט געפלייצט אַהער דורכן אָפענעם פענצטער.

די באַלעבאָסטע האָט ניט געלאָזט די געסט קומען צו־זיך. אפילו די לערערן האָט ניט באַוויזן צו פאַרגעבן איר קיין אײן קאַשע. זי האָט צוגעצוקט צום פענצטער אַ ווײַס־געפאַרבטן טאַבורעט, פאַרשפּרייט אַף אים אַ צײַטונג און געוויזן די געסט, זיי זאָלן קריכן. זיי האָבן געפאָלגט און אַרויסגעקומען אַף אַ דאַך — אַ פּירקאַנטיקע שטײנערנע טעראַסע מיט אַרויסגעשטעלטע אַף דער זון בלומען אין קליינע, גרעסערע און גאָר גרויסע בלומען־טעפּ.

די באַלעבאָסטע האָט אָנגעוויזן די געסט אַף אַ ברעט מיט צוגעשלאָגענע צו איר שמאָלינקע לײַסטעלעך. דֵי ברעט איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט, ווי אַ לייטער, צו אַ גראָדער שטײנערנער וואַנט. קוים אײַנגעמאָסטעט די פיס אַף דער אונטערשטער לײַסט, האָט די לערערן אַף אַלע פיר געלאָזט זיך אינדערהייך. הינטער איר האָט לײַכט געשטיגן פון איין לײַסט אַף דער צווייטער דעם דאָקטערס פרוי. אירע הויכע, שמאָלע קנאַפּל האָבן זיך אַרויסגעוויזן דאַפקע צוגעפּאַסט דערצו. מיט די הענט האָט זי נאָר פון מאָל צו מאָל באַרירט די קאַנטן פון דער ברעט. פונהינטן האָט מיט איבערגעטריבענער האַסטיקײַט נאָכגעפאָלגט זי דער מאַן. דער לעצטער האָט, שפּרײַזנדיק מיט די לאַנגע, שטאַרקע פיס, ווי אַף אַ געוויינלעכן לייטער, אופגעהויבן זיך דער יונגער עסט. אַזוי זײַנען זיי אַרופגעשטיגן אַף דער דיקער פעסטונג־וואַנט.

— סאַראַ העלקײַט! — האָט אַרויסגעשטאַמלט דעם דאָקטערס פרוי. די מידקײַט איז פון איר אינגאַנצן אָפּגעטאָן געוואָרן.

— נאָך בונטער, ווי אין קרים, — האָט זיך פאַרוווּנדערט די לערערן.

— אין קרים? ווײַסע הײַזער, אַ בלויער הימל, אַ בלויער יאַם. און דער זאַמד איז ווײַס, און די שטײנער... ווײַס און בלוי, אויב איר האָט אין זינען דעם דאָרעם־ברעג, — האָט באַמערקט דער דאָקטער.

— אוואדע, — האָט צוגעשטימט די לערערן. — דאָ איז גאָר אַן אַנ־דער קאָלאָריט. רויטע טשערעפּיצע צווישן גרויע ווענט...

— און די זון שפּילט אַף די דעכער, — האָט אונטערגעכאַפּט דעם דאָקטערס פרוי.

דער יונגער עסט האָט זיך דערוויַיל פאַרקליבן אַפן שפּיציקן קאָם פונעם דערבייַיִקן דאַך. אַ וווקסיקער, אַ ביינערדיק־קרעפּטיקער, מיט אַ העל־בלאָנדן, קימאַט וויַיסן קאָפּ, איז ער געשטאַנען אונטער די שטראַלן פון דער יול־זון, און אַ לייַכט ווינטל האָט צעפּאָכעט די פליגלען פון זייַן דינעם רעגן־מאַנטל. ער האָט עפּעס אַראָפּגעשריִען צו די אָנגעפּאָרענע, נאָר די ווערטער האָבן זיי ניט דערהערט. דעם דאָקטערס פרוי האָט זיך אויסגע־דרייט אַף זייַן שטים און געבליבן שטיין אַ מעוווּלוועלע, ווי פון דער טיף פון יאָרהונדערטער וואָלט איבער דער שטאָט פּלוצלינג אויפגעשוועבט אַ גייַסט.

מיט דער פלינקייַט פון אַ געשולטן ספּאָרטלער, קוים באַרירנדיק מיט די פיס די טשערעפּיצע, האָט דער יונגער עסט אַראָפּגעלאָזט זיך פון דאַך. ער האָט אַ וויַיז געטאָן אין דער נידער:

— איר זעט דאָרט דעם מאָלער? אָן גייט ער.

פון דער הייך פון דער פעסטונג־וואַנט האָט דעם מאָלערס פיגור אויס־געזען מאָדנע קליין. און געגאַנגען איז ער מיטן לאַנגזאַמען, געמאָסטענעם טראָט פון אַן עלטערן באַלמעלאָכע, וואָס קערט זיך אום אַ מידער אַהיים נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. זייַן פּלייצע איז געווען אייַנגעבויגן אונטער דער לאַסט פונעם שווערן פאַרב־קעסטל. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געטראָגן זייַן לייַוונט, צניִעסדיק אויסגעדרייט מיט דער פאַרמאָלטער זייַט צו זיך.

ער האָט ניט געזען די מענטשן, וועלכע זייַנען געשטאַנען טיף־פאַר־טראַכטע די גאַנצע צייַט, וואָס ער האָט געשפּאַנט איבער די שטיינערנע פּליטעס פונעם שמאָלן געסל מיטן נאָמען „לאַנגער פוס״. ער האָט ניט געוווּסט, אַז די זעלבע מענטשן, וועלכע האָבן פאַרבייַגייענדיק מיט גלייַכ־גילטיקן נייַגער אָפּגעשטעלט זיך הינטער זייַן פּלייצע, האָבן דאָ ערשט געקוקט אַף דער אַלטער שטאָט מיט זייַנע אויגן.

1965



# ווען די ייִנגלעך זײַנען אויסגעוואָקסן

באָרעך האָט זיך ארויסגעגאנוועט פון דער פּאלאטע, פארקליבן זיך אין דער סאמע טיף פונעם שפּיטאָל־גאָרטן. ער האָט זיך צוגעזעצט אף דער ערד, דעם פארבאנדאזשירטן קאָפּ אָנגעשפּארט אָן דעם הילצערנעם פּארקן. אהער וועט זיך איצט קיינער ניט באווײַזן. דאָרט, אין דער פּאלאטע, אין די שמאָלע דורכגענג צווישן די שפּיטאָל־בעטן, טאנצן מיט דריבנע טריטעלעך שילערנס, אלע טונקלהויטיקע און שמאָל־אויגיקע. טאנצן און ציִען א ניגן, וואָס האָט ניט קיין אָנהייב, האָט ניט קיין סאָף. אזוי האָבן געזונגען זייערע זיידעס, וויגנדיק זיך אפן רוקן פון א מילדן אייזעלע מיט קורצע פיס און גרויסע אויערן. די מיידעלעך פארהייבן אין טיפן ערנסט די הענט און פּליעסקען צו צום טאקט פונעם טאנץ און דעם ניגן.

באָרעך האָט געוווסט: די ליגנדיקע קראנקע וועלן בלײַבן ליגן און די גייענדיקע וועלן נאָכגיין פון פּאלאטע אין פּאלאטע די פיר שילערנס, וועלכע זײַנען געקומען מיט זייער זינגען און טאנצן פארווײַלן די פאר־

וווּנדעטע. האָט באַרעך די ברייוע — איצט, שוין אין פולער איינזאַמקייט, צום ווײַטן מאָל פאַרן הײַנטיקן טאָג איבערלייענען די צוויי בריוו, וועלכע ער קען שוין אויף אויסווייניק:

„לויט די ידיעות, וואָס מיר פאַרמאָגן, איז אײַער פרוי דינא יאַקאָוור־לעוונא הורוויטש און אײַער מוטער ראַכיל יאָסיפאָוונא הורוויטש פאַר־האַלטן געוואָרן פון דער געסטאַפּאָ דעם צווייטן יאַנואַר 1943 אינעם דאָרף פּאָסטילניקי. זייער ווײַטערדיקער גורל איז אונדז אומבאַוווּסט. וועגן אײַער קינד האָט זיך אונדז גאָרנישט ניט אײַנגעגעבן פעסטצושטעלן".

דין פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר, ווי א מאַציייווע־שטיין האַרט. אויסגעס שוואַר־צע און פעטע, ערשט פון אונטערן פּרעס פון דער שרײַבמאַשינקע אַרויס. און א כּסימע פון אונטן. א זיכערע, א געשלענגלטע, מיטן עקעלע אַרויף, אויך א שטעמפּל דערבײַ. ניטאָ קיין אָרט פאַר קיין ספייקעס. כאָטש... „זייער ווײַטערדיקער גורל איז אונדז אומבאַוווּסט"... וואָס איז שוין דאָ צו וויסן? גאַנץ גיך דערגאַנגען דער בריוו. דרײַ וואָכן סאַכאַקל אין וועג.

ווען ס'איז געשטאָרבן באַרעכס זיידע, אויף זײַן אייגענער בעט, גע־ווײנלעך, און רעפּועס אין פלעשעלעך און אין פּודעלעך זײַנען געווען אויסגעשטעלט אפן טישל בא זײַן געלעגער, האָט א שכײנע געטרייסט זײַן באָבען: „ס'איז דאָך פאַר אײַך ניט אומדערוואַרט. צוויי יאָר, נעבעך, געמוטשעט זיך. און וואָס אופצוווארפן זיך האָט איר אויך ניט. איר האָט געטאָן אלץ, וואָס איר האָט געקאָנט". אָבער שימעלע, דינע, די מאַמע... מיט דרײַ יאָר צוריק סאַכאַקל, אונטער דער שטאָט האָבן זיי זומער גע־לעבט, זײַנען צוויי פרויען געגאַנגען אין געוועט, וועמעס זון איז שימע־לע — דינעס, אָדער דינע און שימעלע זײַנען ביידע דער מאַמעס קינדער, א זון מיט א טאָכטער. אלע פרישע, געזונטע. צי האָט באַרעך געטאָן פאַר זיי אלץ, וואָס ער האָט געקאָנט? ווער ווייסט? וועגן דעם איז גלײַכער ניט צו טראַכטן. ער איז אין סאָפעק, צי האָט אפילו די באָבע זײַנע, וואָס איז ניט אָפּגעטראָטן פון איר מאַן ביז זײַן לעצטן אָטעם, געגלייבט, אז זי האָט געטאָן פאַר אים אלץ, וואָס זי האָט געקענט. און דער צווייטער בריוו, פון יעלענא מאַקסימאָוונען... עס שטימט.

14 סענטיאַבער 1944.

## טײַערער באַריס!

באַקומען דײַן קורץ בריוול. איך קלײַב זיך אויך ניט צו זײַן שטאַרק באַריידעוודיק. איך וואָלט געהאַט דיר גוטס אָנצוזאָגן, וואָלט איך גע־שריבן לענגער, ווײַל מיר האָבן זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך דיר, איך און לעאָניד. שוין א יאָר אדורך, זינט מיר זײַנען פּאָטער געוואָרן פון די דײַטשן, און דאָך אזא פּוסטקע אַרום. מיטאַמאָל — א ידיעה פון דיר. קאָנ־סטו פאַרשטיין אונדזער פרייד. פאַרוווּנדעט, ווײַזט אויס, ביסטו געווען גאָר ערנסט. וועגן דעם אָבער ווילסטו ניטריידן. וועל איך צו דיר איבער־ריקס ניט צושטיין. אבי מע שרײַבט דיך שוין אינגיכן אויס, איז גוט.

וועגן דײַניקע... אויסבאַהאַלטן פון דיר דעם עמעס איז נאַריש. איך

פארשטיי, אז צוגעגרייט ביסטו פון לאנג. צו דעם ערגסטן. ביסט א מי־ליטערמאן. ניט ווייניק געזען, ניט ווייניק געהערט. איז שטארק זיך, מײַן טײַערער. איך וועל דיר שרײַבן קלאָר און אָפן. געדארפט עפשער צו־ווארטן, ביז לעאָניד וועט קומען. ער איז יונג. וואָלט אים עס, קאָן זײַן, אָנגעקומען גרינגער. נאָר גיי ווייס, ווען ער וועט קומען. ער איז שטארק פארטאָן אין אופשטעלן דעם זאוואָד. ווייסט ניט פון קיין טאָג און קיין נאכט. און דו ווארטסט דאָך. ביז עס דערגייט איצט א בריוו, קריכן די אויגן פון קאָפּ ארויס. שרײַב איך דיר, ווי די זאך איז.

דינע מיטן קינד האָבן א צײַט זיך אופגעהאלטן בא אונדז. דעם 30 דעקאבער 1942 איז סימאָטשקע קראנק געוואָרן (איך ווייס ביז איצט ניט, אָף וואָסער קרענק). דעם 31־טן, פונקט אָף נײַ־יאָר האָבן מיר אים שוין מעקאבער געווען. דעם 2 יאנווער, באנאכט, איז דינע אוועק צו דײַן מאמען, אינעם דאָרף פוסטילניקי, און מער האָבן מיר זי ניט געזען.

אָנהייב מילכאָמע איז צו אונדז אין שטאָט אראָפּגעקומען דײַן שווע־גערן זאָיע. פון אונדז האלט זי זיך פונדערווײַטנס. איך ווייס ניט פאר־וואָס. אָף יעדן פאל שיק איך דיר איר אדרעס. עפשער ווייסט זי עטוואָס מער פון מיר. דײַן בריוו צו אונדז האָט זי געלייענט. דעם אדרעס אראָפּ־געשריבן. וועסטו אויך פון איר באקומען א יעדיע.

באָריס טײַערער, וויאזוי זאָל איך דיך טרייסטן? ניטאָ קיין ווערטער דערוף. איך נעם דיך ארום און ווארט אָף דײַן קומען אהיים.

מיט ליבע און פרײַנטשאפט
יעלענא טשיסטיאקאָווא.

וועגן וואָס טראכט ער איצט, באָרעך הורוויטש, וועלכער זיצט אן אומנאטירלעך אויסגעגלײַכטער, דעם קאָפּ אָנגעשפּארט אָנעם הילצערנעם פּארקן? בייס אן אומגליק, וואָס איז ניט צו פאריכטן, טראכט דען א מענטש? עפּעס מעשוגעדיקס, אומזיניקס דרייט זיך אין די געהירן, רופט זיך אָפּ מיט א ווייטעק אין הארץ. א מענטש אין אומגליק איז קוידעמ־קאָל באליידיקט, איבערהויפּט א שטארקער מענטש. ער איז דערנידעריקט פון דער אייגענער אומבאהאָלפנקײַט, פון דער אומפּייַקײַט אומצוקערן דעם פארלוסט. פארפאלן... דאָס איז שוין א הויכע מאדרייגע פון צאר. דאָס הייסט שוין פארשטיין. צו דעם וועט באָרעך קומען שפּעטער. אָבער איצט, ווען ער זיצט איינער אליין אפן פײַכטן גראָז... א טעמפּקײַט, א פּוסטקײַט.

Калинка, калинка моя.
В саду ягодка, малинка моя...[1]

אין שפּיטאָל זינגט מען עס. גראָבע מענער־שטימען. א וויכערדיקער טעמפּ. א ווילױנגערישער פײַף. באָרעך האָט זיך געכאפּט צו זײַן גרויסער פארוואונדערונג, אז ער זינגט מיט. ניט אָף א קאָל. ניין, אינעווייניק אין אים האָט עס געזונגען. און מיטן זעלבן ניגן. פון דער „קאלינקע"... „אין דאָרף

[1] קאלינע, קאלינע מײַנע. אין סאָד א יאגעדע, א מאלינע מײַנע (פון א רוסישער פאָלקסליד).

מײַנע ליבע פּאַרכאַפּט, מײַן פרוי און מײַן מאַמען פאַרכאַפּט". באַרעך האָט אופגעציטערט, פאַרשטעלט זיך מיט די הענט דאָס פּאָנעם: „דינעלע, דינע, מײַן דינינקע דינע..."

פון יעלענא טשיסטיאַקאָווא צו באָרעך הורוויטשן.
30 אָקטיאַבער 1944.

**טײַערער באָריס!**

וועגן דאַווידן קאָן איך דיר גאָרנישט ניט שרײַבן. קיין בייז, גאָט באַהיט, האָט מען זאָיען ניט מיטגעטיילט, נאָר קיין בריוו, זאָגט זי, באַ־קומט זי אויך ניט. קיין וווּנדער איז עס ניט. זאָיע זוכט אים, און ער זוכט זי. און דיך אויך. אַזוי גרינג קומט עס איצט אָן אופצוזוכן אַ מענטשן? ער איז אַפּן פראָנט. זאָיען האָט ער איבערגעלאָזן באַ דער סאַמע גרענעץ. דו ביסט אויך געווען אַפן פראָנט, דערנאָך אַ היפּשע צײַט אין שפּיטאָל. הײַנט ווי האָט ער געקאָנט מיט עמעצן פון אײַך זיך פאַרבינדן? עמעס, דאָס ערשטע, וואָס האָט אים, פונקט ווי דיר, געדאַרפט קומען אַפן זינען, איז אָנפרעגן זיך באַ אונדז, ווי נאָר די שטאָט איז באַפרײַט געוואָרן. נו, איז אים דאָס דאַפקע ניט אײַנגעפאַלן. טאָ לאָמיר האָפן.

ווידער פרעגסטו מיך, פאַרוואָס שרײַב איך דיר נאָר וועגן לעאָנידן און וועגן ווערעאָטשקען גאָרנישט. ווען איך ווייס, ווו זי איז, מײַן ווע־ראָטשקע... דאָס לעצטע מאָל האָב איך זי געזען אין דער אָפענער טיר פון אַ פראַכט־וואַגאָן. אַ פאַרוויינטע, מיט אַ קליין קלומעקל אין די הענט. דערנאָך האָט זיך די טיר פאַרמאַכט. מיט אַ פאַרוקער פאַרוקט. איך וואַרט. איך האָף. די מילכאָמע איז דאָך נאָך ניט פאַרענדיקט.

איך זאָל פון דיר גאָרנישט ניט אויסבאַהאַלטן, שרײַבסטו. דערציילן גענוי, מיט אַלע איינצלהײַטן. וואָס האָב איך שוין פון דיר אויסצובאַ־האַלטן, טײַערער, אַז דאָס ערגסטע איז געזאָגט געוואָרן. און ביכלאַל... פאַרצײַטנס, אַזוי האָבן מיר געלייענט אין די ביכער, האָט אַ מענטש געקאָנט אַראָפּגיין פון זינען אָדער שטאַרבן אַפילע פון ניט געטיילטער ליבע, לעמאָשל. אַזעלכע שוואַכלינגען... מיר זײַנען, ווײַזט אויס, גאָר פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. אָט איז מײַן ווערעאָטשקע ווי אין וואַסער אַרײַן. פון סאַמע יענעם טאָג, ווי כ'האָב זי געזען שטיין באַ דער אָפענער טיר פונעם פראַכט־וואַגאָן און אַן אײַזערנער ריגל האָט זי אָפּגעטיילט פון מיר. אַ שטאַרקע מענערשע האַנט האָט פאַריגלט דעם דאָזיקן ריגל. די האַנט איז געווען אַ יונגע. איר אייגנטימער איז געווען אַוואַדע אין איין עלטער מיט פיל פון די, וועלכע ער האָט אָפּגעטיילט פון אונדז, די פאַרבליבענע. און ס'האָט אים גאָר ניט געאַרט, וואָס הינטער דער פאַרשפּאַרטער טיר צאַפּלען אַזויפיל יונגע לעבנס. און איך האָב עס צוגעקוקט. איך, אַן אַלטע פרוי. ניט אַראָפּ פון זינען. ניט געשטאָרבן. איך לעב. אַ מענטש פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט בין איך. איז מײַן האַרץ פון שטיין.

איך וועל דיר צוליב טאָן. כ'וועל דיר אַלץ באַשרײַבן, אַלץ. איז דאָס מעגלעך? און אַז איך וועל דיר אָנשרײַבן הונדערט בריוו, וועט דאָס זײַן אַלץ?

באשרײַבן דיר טאָג נאָך טאָג דינעס און סימאָטשקעס לעבן אין דער באהעלטעניש, אזוי בעטסטו. און ווי זײַנען זיי צו דעם געקומען, ווילסטו וויסן. שפּעטער א ביסעלע, שפּעטער. ניט אלץ מיטאמאָל. הײַנט נעם איך זיך פאַרן שווערסטן. איך מוז זיך עס אראָפּריידן פון הארצן. און פאַר דיר איז אויך אזוי בעסער. לאָמיר צוזאמען אריבערטרעטן די שוועל פונעם 1942 יאָר. זאָל זײַן, ס'איז א שפּרונג אין אן אָפּגרונט. עס איז דאָך אָבער געווען...

צום גליק... ווי אטאוויסטיש עס קלינגט אונדזער לאָשן. יאָ, איך האָב דאָך שוין ארויסגעכאַפּט זיך מיטן וואָרט „גליק", טאָ זאָל זײַן אזוי. יענע נאכט, דעם 31 דעקאבער, האָט לעאָניד געגעכטיקט אין דער היים. זײַנען מיר זאלבעדריט געזעסן בא סימאָטשקעס געלעגער (ווערעס פרײַ געוואָרענע בעט). געזעסן אינדערפינצטער און געשוויגן. דינע אויך אזוי. ניט קיין זיפץ. ניט קיין טרער. וויפל זײַנען מיר אזוי געזעסן, ווייס איך ניט. ענדלעך, בין איך ארויס אין קיך, ארײַנגעטראָגן פון דאָרט דעם קעראָגאז. אוועקגעשטעלט וואַרעמען וואסער. בעמיילע איז שוין אויך דאָס צימער עטוואָס באלויכטן געוואָרן. ווען איך בין שפּעטער צוגעקומען צום קעראָגאז, קעדיי אראָפּצונעמען דעם הייסן טאָפּ, האָט זיך דינע האסטיק אופגעהויבן, ארויסגעכאַפּט די טוך פון מײַנע הענט:

— לאָזט מיך, איך וועל אלץ אליין...

זי האָט ארומגעוואשן דאָס קינד. אָנגעטאָן עס אינעם בלויען וואָלענעם גארניטערל, אינעם ווינטערדיקן מענטעלע, אפן קאָפּ דאָס פייענע היטעלע, הענטשקעס אף די הענט, מיט זאָרג ארומגעבונדן דעם האלדז מיט א שאלעכל. א ווײַלע פארטראכט זיך און דערנאָך ארופגעצויגן דעם קינד אף די פיס זײַנע וואָליקלעך. גענומען עס אף די הענט.

מיר זײַנען זאלבעדריט ארויס פון שטוב. די נאכט איז געווען א פינצטערע. פינצטער דער הימל. פינצטער די ערד. אן אומעט. א נעץ. עס כליופּעט אונטער די פיס. עס גיסט פון אויבן. ניט קיין רעגן, ניט קיין שניי. א מאָדנער דעקאבער איז יענעם יאָר געשטאנען בא אונדז. טרעשטשענדיקע פרעסט אָנהייב כוידעש און דערנאָך אן אָדליגע ביז גאָכן נײַ־יאָר.

מיר האָבן זיך דורכגעשלײַכט אינדערשטיל פארבײַ עטלעכע הויפן. דינע פאָרויס מיטן קינד אף די הענט, נאָך איר לעאָניד מיט א רידל, און איך די לעצטע. ניט צוזויפגערעדטערהייט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט בא איוואן זובאָווס גאָרטן. ער האָט געדינט אין דער פּאָליציי. איז פאַר אים קיין געפאַר ניט געווען אין דעם, וואָס בא זײַן נאכלע וועט געפינען די אייביקע רו א יידיש קינד. צוריקוועגס האָבן מיר זיך פּלוצלינג אָנגעשטויסן אף א פרויען־פיגור, וועלכע איז אין איימע אָפּגעשפּרונגען אין א זײַט. לויטן סילועט האָב איך דערקענט זאָיען. איך האָב זי אָנגענומען פאַר א האנט, דערנענטערט מײַן פּאָנעם צו אירן, זי זאָל מיך אויך דערקענען. ערשט ווען מיר זײַנען ארײַן אין שטוב, האָב איך אינדערשטיל דערקלערט זאָיען, וואָס דאָ איז געשען. ביז יענער נאכט האָט אפילע זאָיע ניט געוווּסט, אז דינע מיטן קינד געפינען זיך בא אונדז. איך האָב געטראכט, טאָמער וואָס, זאָל דער דונער אופּפּלאצן נאָר איבער מײַן קאָפּ,

ניט איבער קיינעמס. ווען ס׳וואָלט געווען מעגלעך, וואָלטן אפילו מײַנע אייגענע קינדער פונעם סאָד ניט געוווּסט. איך האָב גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נאַריש. גיי דערוויַיז, צי האָבן זיי יאָ געוווּסט, צי ניט געוווּסט, אויב ס׳וועט קומען דערצו. דערפאַר טראַכט זיך מיר טייל מאָל, אַז מיט מײַן ווילן אָפּהיטן זאָגן ביז איך עפּשער גאָר באַגאַנגען אַן אוולע אנטקעגן דײַן דינען. אַף אַזאַ וויסטער איינזאַמקייט האָב איך זי פאַרורטײלט, איבערהויפּט נאָך דעם, ווי מע האָט צוגענומען ווערטשקען. אין אַזעלכע צײַטן, ווי מיר האָבן איבערגעלעבט, איז שווער זיך אליין אפילו אָפּגעבן אַ כעזשבן, פאַרוואָס האָסטו געהאַנדלט אַזוי און ניט אַנדערש. ווען דינע האָט אַ כאַווערטע אין איר עלטער, וואָלט עס עפּשער דערוואַרעמט איר עלנט האַרץ און ס׳וואָלט ניט געקומען דערצו, צו וואָס עס איז געקומען.

אין יענער נאַכט אָבער, אין דער פײַערלעכער נײַ־יאָר־נאַכט, איז שוין ניט שײַעך געווען וועגן דעם צו טראַכטן. איך בין אפילו ניט געווען זיכער, צי האָט דינע באַמערקט, אַז פון שטוב זײַנען מיר אַרויס זאַלבעדריט און אומגעקערט זיך זאַלבעפערט. אַלנפאַלס, האָט זי אַף זאָיעס בײַזײַן קיין שום אַכט ניט געלייגט, ווי מיסטאָמע אויך ניט אַף אונדזערס, אַף מײַנעם און לעאָנידס. צי האָט זי געהערט, וואָס זאָיע האָט דערציילט וועגן דײַן מאַמען? ניט אַף מאָרגן, ניט אַף איבערמאָרגן האָט זי מיר וועגן דעם קיין וואָרט ניט געזאָגט. און דערציילט האָט זאָיע, אַז דײַן מאַמע באַהאַלט זיך אויס אין אַ נאָענטן דאָרף בײַ איינער אַ לוקעריא פּוזיריאָווא. אין יענעם טאָג, דעם 31־טן, האָט זאָיע אָפּגעטראָגן דײַן מאַמען אַ ביסל שפּײַז און געקליבן זיך באַלד צוריקגיין אין שטאָט אַרײַן. האָט זיך אָבער אין דאָרף פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אינדערנאָענט אָרודעוועט אַ שטראָף־עקספּעדיציע. לוקעריע האָט געבעטן זאָיען ביז פינצטער איבערזיצן מיט דײַן מאַמען אין וואַלד. ערשט האַלבע נאַכט האָט זיך זאָיע אַרויסגעריסן פון דאָרף. געגאַנגען איז זי דורך די הינטערגעסלעך, דורך די גערטענער אַהיים און דאָ צופעליק אַף אונדז זיך אָנגעשטויסן.

הײַנט האָב איך מער קיין קויעך ניט צו שרײַבן. מאָרגן וועל איך זיך ווידער נעמען פאַר דער פּען. דרײַ מאָל כאַזערסטו איבער אין דײַן בריוו, איך זאָל דיך ניט שאַנעווען, אַלע פּראָטים דערציילן. ווײַל וויסן זאָגסטו, איז ווייניקער פּײַנלעך, ווי אויסמאָלן זיך אין געדאַנק, ווי אַזוי דאָס איז אַלץ געשען. איך גלייב דיר, איך גלייב. איך וועל זיך מיען צו דערפילן דײַן פאַרלאַנג.

**יע. טש.**

פון יעלענאַ טשיסטיאַקאָווא צו באָרעך הורוויטשן.
15 נאָיאַבער 1944.

### טײַערער באָריס!

ווי האָבן זיך אופגעהאַלטן בײַ אונדז דינע מיטן קינד, ווילסטו וויסן. אונדזער דירע איז דיר באַקאַנט ניט ווייניקער, ווי דײַן אייגענע. צוויי צימערן, פון וועלכע איינער איז אַ דורכגאַנג־צימער. און אַ קליין קעמערל,

ווי כ׳פלעג אַמאָל האַלטן אַ פּעסעלע געזײַערט קרויט אָדער אוגערקעס אויף ווינטער. האָבן זיי אַ פּאָר וואָכן אָפּגעלעבט אינעם דאָזיקן קעמערל. איך האָב אָבער געזען, אַז ס׳איז נאָר אויף אומצוקומען. אַפילו אַ פּײַערטאָפּ צום אָנוואַרעמען זיך האָט מען אַהין ניט געטאָרט אַרײַנטראָגן. די מינדסטע שײַן האָט זיך אַרויסגעשלאָגן דורך די שפּאַלטן אין די ווענט. האָב איך זיך אין איינעם אַ טאָג באַטראַכט: דינע מיטן קינד זײַנען צו אונדז געקומען אַ וואָך נאָך דעם, ווי די שטאָט איז שוין געווען „יודנריין״. אויב נאָר קיינער האָט זיי אין יענער נאַכט ניט געזען, איז אין שטוב די געפאַר ניט גרעסער, ווי אינעם קאַלטן קעמערל. האָבן מיר אַלע געלעבט אינעם פאָדערשטן צימער, און דינע מיט סימאָטשקען אינעם צימער אין דער טיף. די טיר איז געווען שטענדיק פאַרמאַכט. איין שליסל בײַ דינען, איינער בײַ מיר. ווען גלייבן צי ניט, נאָר אָט אַזוי פּאָשעט איז עס בײַ אונדז צוגעגאַנגען. קיין האָלץ צום הייצן איז ניט געווען. דעריבער האָט אַ פאַרמאַכטע טיר קיין באַזונדערן כשאַד ניט אַרויסגערופן. פיל מישפּאָכעס, אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרמאָגט גאָר גרויסע דירעס, האָבן באַוווינט בלויז איין קליין צימערל, כּדי אײַנצושפּאָרן וואַרעמקײַט. צוגאַסט זײַנען מענטשן יענע יאָרן זעלטן געגאַנגען. מאָלצײַטן האָבן געפּראַוועט נאָר אַזעלכע, ווי איוואַן זובאָוו. און צוריקגערעדט, וואָס פאַר אַן אַנדער ברירע האָבן מיר געהאַט? עמעס, אונטער דינעס בעט איז געווען איינע אַ ברעט אַזאַ, וואָס אויב גאָר שלעכט, האָט מען זי געקאָנט לײַכט אונטערהייבן און אַראָפּגליטשן זיך אונטערן דיל. צו דעם איז אָבער קיין איין מאָל ניט געקומען. ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז אונדזער פּרימיטיווע באַהעלטעניש איז געווען די סאַמע זיכערע אָט טאַקע דערפאַר, וואָס זי איז ניט געווען קיין באַהעלטעניש. ניט קיין בונקער, ניט קיין בוידעם. ווען ניט דער אומגליק מיטן קינד, וואָס פון אים האָט זיך אַוועקגעצויגן אַ גאַנצע קייט מיט אומגליקן, וואָלט די באַהעלטעניש עפּשער טרײַ געדינט אונדז ביז דער סאַמע באַפרײַונג.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו יענע וויסטע טעג פון אָנהייב יאָר 1943. ווען איך בין דעם ערשטן יאַנוואַר נאָך דער אַרבעט אַרײַן צו דינען, האָב איך דערזען, אַז דאָס עסן, וואָס איך האָב איר איבערגעלאָזט, שטייט ניט גערירט. זי האָט זיך אויפגעהויבן מיר אַנטקעגן מיט אַ פאַרנייגטן קאָפּ.

— אַ דאַנק, יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ, אַ דאַנק פאַר אַלץ, וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן, נאָר פאַרבלײַבן בײַ אײַך קאָן איך ניט מער. איך גיי אַוועק. הײַנט בײַנאַכט.

— וואָס הייסט, וווּהין וועט איר גיין?

— פריִער אָדער שפּעטער, מע וועט מיך אַלציינס פּאַקן. איז צוליב וואָס, צוליב וועמען זאָל איך אויך אײַער לעבן שטעלן אין געפאַר?

אַזוי ענטפערט זי, און אין מיר ווערן פאַרקילט די בלוטן. מייַנסט, דאָס איז געווען אונדזער ערשטע מאַכלויקעס מיט איר? דיך וווּנדערן אַוואַדע מײַנע ווערטער. וויאַזוי האָט געקאָנט קומען צו אַ מאַכלויקעס צווישן מיר מיט דינען, בײַס אונדזער ביידנס לעבן האָט זיך געוויגט אויף אַ דין שטריקעלע, וואָס אָט־אָט רײַסט עס זיך איבער. מאַכלויקעסן זײַנען אָבער געווען.

— ווײַזט מיר אײַער שפּײַז־קאַרטל, — טוט אײנמאָל א זאָג דינע. — איך האָב נאָך ניט געזען קײן דײַטשיש קאַרטל.

טראכט איך מיר: וואָס עפּעס אינמיטנדערינען? נאָר פאַרוואָס ניט? איך ווײַז איר מײַן קאַרטל. זי באַטראַכט עס. לײיענט וואָרט בא וואָרט. קערט אום. שווײַגט.

דאָס איז געווען פאַרטאָג. ווען נאָך האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקײַט דורכצוואַרפן זיך מיט עטלעכע ווערטער, אויב ניט פאַרטאָג, ווען די שטאָט שלאָפט נאָך, אָדער שפּעט אין אָוונט, ווען די שטאָט שלאָפט שוין. מיר זײַנען אין שטוב זאַלבעדריט: דינע מיטן קינד און איך. דאָס ריידן אונדזערס, מישטײנסגעזאָגט... ווי טויבשטומע. מער מיט די הענט, ווי מיטן מויל. דינע גײט אַדורך מיט איר לײַכטן טראָט דעם צימער און גלײַך צום קאָמאָד. עפנט דעם אײבערשטן שופלאָד און פאַרמאַכט אים גלײַך פּונקט אזוי שטיל, ווי געעפנט. א צי צו זיך דעם צווײטן שופלאָד, נעמט דאָרט עפּעס איבערקלײַבן, צײלן. פון קאָמאָד גײט זי אַריבער צו דער שאַפע. אַן עפן. א קוק.

— הײַנט נאָך גײ איך אין דאָרף אויסבײַטן עטלעכע לײַלעכער, — אזוי זאָגט צו מיר דינע, און איך בלײַב שטײן א פאַרציטערטע.

— דינע, הערט אויף, — זאָג איך. — איר פאַרשטײט דאָך...

— וואָס איז דאָ צו פאַרשטײן? כ׳וועל זיך אונטערשערן די האָר, אונ־טערפאַרבן זײ מיט מאַרגאַנצאָווקע. איך האָב א ביסל... וועט מיך קײנער ניט דערקענען.

— איך וועל ניט דערלאָזן, — זאָג איך פעסט.

איך שטײ אַנטקעגן דינען, וואַרט, ביז עס וועט אויסברעכן דער שטור־רעם. דאַן, ווײס איך, וועל איך ערשט קענען זי באַרויִקן.

— איר וועט ניט לאָזן. און איך ווו בין? איך בין שוין גאָר קײן מענטש ניט? — אזא טרויער, אזא געפּאַלנקײַט אין דינעס קאָל, אז בעסער וואָלט שוין געווען א שטורעם. דעריבער דערפרײ איך זיך מאַמעש, ווען זי פאַרענדיקט אויפגערײצט: — אין אזא צײַט ליגט אײַך אין קאָפּ אָפּצו־היטן מײַן גוטס. ווי שעמט איר זיך ניט אזוי צו באַגײן מיט מיר, יעלענא מאַקסימאָוונאַ?

איך האָב געגעבן דינען מײַן ערנוואָרט, אז ווײַטער וועל איך טאָן אזוי, ווי זי פאַרלאַנגט. אויב בײַטן זאַכן אויף עסן, איז אײן לײַלעך מײַ־נער, אײן לײַלעך אירער, אײן ציכל מײַנס, אײן ציכל אירס. אויך האָבן מיר צווישן זיך אָפּגערעדט, אז ניט צו דײַנע בגאָדים, ניט צו ווערטאָטש־קעס רירן מיר זיך ניט צו, ווי שלעכט עס זאָל ניט זײַן. זאָלן זײ אײַך אָפּוואַרטן, ביז איר וועט קומען. אָט אזוי איז געשלאָסן געוואָרן אונדזער גלײַכהײַט־אָפּמאַך, כאָטש איך האָב בא זיך געוווּסט, אז אונדזער בײדנס פאַרמעגן האָט שוין גאָר א קנאַפּן ווערט. די דײַטשישע מאַכט־אָרגאַ־נען האָבן צו יענער צײַט שטרענג פאַרבאָטן יעדן פאַרקער צווישן די אײַנוווינער פון שטאָט און דאָרף. ניט געוווּסט האָב איך דאַן נאָך אײנס, אז אינגיכן וועט שוין דינע גאָרנישט ניט דאַרפן האָבן. פיל פון אײַערע זאַכן געפינען זיך נאָך ביז איצט בא מיר. און דאָס ביסעלע מאַרגאַנצאָוו־

קע, וואָס איך האָב ארויסגענארט בא דינען מיטן אויסרייד, אז דער האלדז טוט מיר ווײ... מיט איין וואָך שפּעטער האָט זי מיט אן איבערגעקערטן פּאָנעם א וואָרף געטאָן זיך צו מיר:

— פון דער מארגאנצאָווקע איז נאָך עפּעס פארבליבן? מע דארף סימאָטשקען דורכשווענקען דעם מאָגן. גיכער!

הײַנט שטעלסטו זיך שוין פאָר, וואָס וואָלט געווען מיט דינען, ווען זי ברענגט אויס די רעפּוע אַף אירע האָר. געהאָלפן האָט עס ניט. ס׳האָט זיך דאָך אָבער געדוכט...

בעקיצער, מיר האָבן זיך ניט זעלטן געקריגט. און שטענדיק בין איך ארויס א זיגערן פון דער קריג. אין דינעס לאגע האָט עס אנדערש ניט געקאָנט זײַן. און זי האָט פארשטאנען, אז אלציינס קומט מיר ניט גרינג אָן דער זיג, אז איך שעם זיך מיט מײַן זיג. זי — א יונגע, איך — אן אלטע, אָבער דער וואָפן איז אין מײַנע הענט. ווי עס זאָל ניט זײַן, קומט דאָך ניט מיר אויס צו באהאַלטן זיך. זי האָט עס פארשטאנען, דינע. פלעגט זי זיך אָנצינדן און גאָר גיך באדאכטן זיך און מיר נאָכגעבן.

נאָר ווי קומט עס אַלץ צו יענעם פארנאכט, דעם 1 יאנוואר? שוין ניט די דינע. א ווײַסע מאסקע האָב איך פאר זיך געזען, ניט דינעס פּאָנעם. און אזוי אנטשיידן... שוואך און מאכטלאָז האָב איך זיך דערפילט אין אָנבליק פון דער דאָזיקער אנטשיידנקײַט. קיין שום ווערטער, האָב איך געפילט, וועלן דאָס מאָל ניט אָפּשטעלן דינען. איינס איז מיר געבליבן — ווי ווײַט מעגלעך אָפּציִען די צײַט.

— גוט, — האָב איך געזאָגט, — איר זײַט גערעכט. ס׳איז טאקע קעדײַ צו בײַטן דאָס אָרט. אָט וועט קומען לעאָניד, וועלן מיר זיך האלטן אן אייצע.

די ווײַסע מאסקע האָט פלוצלינג אופגעלעבט. נאָר ניט פון מײַנע ווערטער. איך בין אין סאָפעק, צי האָט זי זיי געהערט אפילע. ניין, אין דער רעגע האָט זי מיך דערזען, דינע. דערזען און פארבראָכן די הענט:

— אוי, ווי איר זײַט עס אראָפּ פון פּאָנעם! איך האָב א גאנצן טאָג אָפּגעוואלגערט זיך אין בעט, ווי א פּריצטע, און איר האָט געארבעט. עסט אָפּ און אין בעט ארײַן. גיכער. קוקט ניט אַף מיר אזוי, איך קלײַב זיך ניט אײַך אָפּצונארן. איר קאָנט רויִק שלאָפן. הײַנט וועל איך אין ערגעץ ניט גיין. איך זאָג אײַך צו.

אין דעם איז אָנגעקומען לעאָניד. דאָס ערשטע מאָל, זינט דינע מיטן קינד האָט זיך באזעצט בא אונדז, האָבן מיר צוזאמען אָפּגעגעסן. געוויינלעך פלעגט דינע פון איר באהעלטעניש ניט ארויסגיין. באטאָג, ווען מיר זײַנען געווען אַף דער ארבעט און אַף דער דרויסנטיר איז געהאנגען א שלאָס, — אוואדע און אוואדע ניט. דער מינדסטער שאָרך האָט געקענט ארויסגעבן זי און דאָס קינד. אויך מיך מיט מײַנע קינדער, האלעמײַ זאָל איך לייקענען.

נאָך דער ארבעט און ביזן שלאָפן גיין פלעגן מיר — איך, לעאָניד און ווערקאָטשקע, ביז זי איז פארטריבן געוואָרן פון דער היים, זיצן אין דעם פאָדערשטן צימער. די פענצטער פארהאנגען מיט א קאָלדרע (דאָס האָט

מען פון אונדז געפאָדערט) און די דרויסנטיר דאַפקע ניט פאַרקייטלט (דאָס האָבן מיר אַליין צוגעטראַכט). געצרעדט האָבן מיר צווישן זיך הויך אַף אַ קאָל. טאָמער עמעצער גייט דורך פאַרביַי, איז, אַדעראַבעֿ, זאָל ער אונדז הערן. און ווער עס וויל, זאָל אַריַינקומען. מיר האָבן ניט וואָס אויסצובאַהאַלטן פון מענטשן. דער ערשטער יאַנוואַר פון יאָר 1943. יעדע רעגע האָט איבערגעלאָזן אַ ראָץ אַף דער נעשאָמע. איך האָב אַ בלאָז געטאָן אַפן לעמפּל. ספּעציִעל אויסגעלאָשן די ליכט, קעדיי דינע, וואָס איז שוין געווען דאָרט, באַ זיך, זאָל מיינען, אַז מיר האָבן זיך אויך געלייגט שלאָפן. באַ איר איז דאָך בעמיילע געווען פינצטער. שטענדיק פינצטער. איך האָב געוואָלט אינדערשטיל האַלטן זיך אַן אייצע מיט לעאָנידן. נאָר דינע האָט אונדז ביידן גאָר אַריַינגערופן צו זיך.

— מאָרגן גיי איך אַוועק, — האָט זי געזאָגט אַנטשיידן, — באַנאַכט, צו לוקעריען. זי וועט מיך עפּשער נאָך מיט עמעצן פאַרבינדן. עס קאָן זיך מאַכן, איך זאָל נאָך אַפילע נוצלעך זיַין. אויב איך פאַל דורך, וועט עס קיינעם ניט שאַטן. גלייבט מיר, עס וועט מיר סטיַיען קויעך דערויף. טאָמער וואָס, גיט איבער זאָיען אין מיַין נאָמען, זי זאָל אויך וויַיטער זיך זאָרגן פאַר דער מאַמען.

ס'וואָלט געווען גליַיכער, ווען איך מאַך אַ שוויַיג אַף דער הייסער מינוט. „האָט זי נעכטן באַמערקט זאָיען, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — וועגן דער מאַמען געהערט?". האָט עס מיך דערפרייט, און איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט:

— גוט, כ'וועל זיך זען מיט זאָיען. האַלטן זיך מיט איר אַן אייצע. און עפּשער וועט זי איַיך באַגלייטן.

— טשעפּעט ניט זאָיען, — האָט זי געענטפערט, — איך דאַרף ניט קיין באַגלייטערס. דעם וועג קיין פּוסטילניקי וויים איך. כ'וועל זיך אַהין מיט די גערטענער דערקליַיבן. און לוקעריעס שטוב איז די דריטע פון עק. אַזוי האָט דאָך זאָיע געזאָגט. וועל איך זיך שוין אַן אייצע געבן.

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן? היַינט בליַיבט דינע באַ אונדז. איז שוין גוט. באַלד זי האָט צוגעזאָגט, וועט זי בליַיבן. מעג איך רויִק שלאָפן. איך מוז זיך אָנעמען מיט קויכעס איַינצוהאַלטן זי באַ זיך כאָטש אַף וויפל־ניט־איז. איך בין איַינגעשלאָפן קימאַט אַ גליקלעכע. און אופגעכאַפּט זיך פאַרטאָג מיט אַ צעבראָכן האַרץ. איך האָב געוווּסט, אַז כ'וועל באַ דינען גאָרנישט ניט פּויעלן.

לעאָניד האָט מיט עטלעכע טעג פאַר דעם ערגעץ געקראָגן אַ סלאָיִקל מאַרגאַרין. אַ ביסל הירזש האָב איך געהאַט אין שטוב. האָב איך אָפּגעקאָכט אַ קאַשע. לעאָניד האָט אַפּדערגיך אָפּגעגעסן, געזאָגט, אַז ער ווייסט ניט, צי וועט ער נעכטיקן אין דער היים. אַ שטאַרק צערודערטער, האָט ער מיר פאַרזאָגט, איך זאָל זען אָפּהיטן דינען.

לעאָניד איז אַוועק, און איך בין אַריַין צו דינען. זי איז געזעסן אַף איר געלעגער פון קאָפּ ביז די פיס איַינגעקוטעט אין דער קאָלדרע. נאָר דאָס פּאָנעם האָט זיך אַרויסגעזען, געווענדט דאַפקע צו מיר.

איך האָב זיך געמאַכט האַרץ און אַוועקגעשטעלט לעבן איר אַפן בענקל אַ טעלערל קאַשע.

— נאָך איין וואָך, דינע...

איך האָב זיך אָפּגעהאַקט, ווײַל, גאָט מײַנער, איך קען פאַרן מויל ניט ברענגען, וואָס איך האָב דערזען אין דינעס אויגן. סינע האָב איך דערזען. סינע צו מיר, וועלכע וויל ברעכן איר ווילן. איך בין געבליבן שטיין אָן לאָשן אין אָנבליק פון דער דאָזיקער אומבאַגרײַפלעכער סינע, פון דעם גיפטיקן שמייכל, וואָס האָט געמאַכט ניט צו דערקענען דינעס שיינע ליפּן. אין א טפּיסע האַלט איך זי, אַזוי האָט זי מיר אופגעוואָרפן, און מיר געפעלט עס. מיר געפעלט די ראָל פון א באַרעמהאַרציקער שוועסטער אין א טפּיסע. איר, דינען, איז דערווידער מײַן באַרעמהאַרציקײַט.

וואָס האָב איך אין די רעגעס געפילט — פאַרדראָס, פאַרצווייפלונג? איך ווייס ניט. איך געדענק נאָר די שרעק, וואָס איז מיך באַפאַלן, א ווילדע שרעק. איך האָב אָן ווערטער, מיט אויסגעשטרעקטע הענט א לאָז געטאָן זיך צו דינען. די קאָלדרע אין דער ווײַסער דעקע האָט זיך פּלוצלינג פאַנאַנדערגענומען און ווידער צונויפגעגאַנגען זיך שוין הינטער מײַן פּלייצע. דינע האָט מיך צוגעדריקט צו איר לייב, צוגעטוליעט דעם קאָפּ צו מײַן רעכטן אַקסל.

— מאַמע מײַנע, — האָט זי געשעפּטשעט, — קיין טרײַערע מאַמע פון אײַך האָב איך דאָך קיינמאָל ניט געהאַט. מײַן אייגענע מאַמע געדענק איך קוים. איר ווייסט דאָך, די פּעטליוראָווצעס האָבן זי געשאָכטן. דעם טאַטן אופגעהאַנגען. האָט ראַכמאָנעס, לאָזט מיך אָפּ. איך בין ניט קיין מענטשנפרעסערן. איך וויל ניט, אַז איבער מיר זאָל מען אויך אײַך שעכטן אָדער הענגען. מאַמע מײַנע טײַערע, ליכטיקע פּרוי וואָס איר זײַט...

ווי געוויינלעך, האָב איך אויך יענעם אָוונט, קומענדיק פון דער אַרבעט, דערלאַנגט דינען עסן, אַליין אויך איבערגעביסן. מיר האָבן צווישן זיך מער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. די לעצטע טעג האָבן מיר גערעדט מער, ווי מע דאַרף אין אונדזערע אומשטענדן. מיר זײַנען ווידער אַריבער אַף שטומלאָשן. אויסגעלאָשן די ליכט, האָב איך זיך אוועקגעזעצט אַפן ראַנד פון מײַן בעט וואַכן. אומבאַדינגט וואַכן. די נערוון זײַנען אָבער בא מיר געווען אויסגעשעפּט ביז לעצט. יעדער אייוועך מײַנער האָט געמאָנט רו. בין איך געזעסן, געזעסן, און, איך ווייס ניט, ווען דאָס איז געשען, צי שפּעט, צי פרי, מײַן קאָפּ איז א פאַל געטאָן אַפן קישן.

איך פיל, א פּאָר וואַרעמע ליפּן באַרירן מײַן באַק. וועראָטשקע... מײַן וועראָטשקעס ליפּן. איך וויל זי אַרומנעמען, נאָר זי גייט גאָר פון מיר אוועק. זי דערווײַטערט זיך אַלץ מער און מער. אָט ווערן שוין אויסגעלאָשן אירע טריט הינטער דער טיר. עס האָט מיך אופגעטראָגן פון מײַן געלעגער. פינצטער. שטיל, און עס שמעקט מיט אומגליק.

איך האָב אָפּדערגיך אַרײַנגערוקט די פיס אין די וואָליקעס, אַרופגעכאַפּט אַף זיך דעם מאַנטל און אוועקגעשאַרט זיך לענגויס די פּאַרקאַנעס צו איוואַן זובאָווס גאָרטן. דאָ ערגעץ האָבן מיר דאָך דעם 31־טן געטראָפן זאָיען, ווען זי איז געגאַנגען פון פּוסטילניקי. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט בא דעם שטיין, מיט וועלכן מיר האָבן פאַרמאַסקירט סימאָטשקעס קיווער. מיר האָבן אים אוועקגעלייגט אַף דעם זעלבן אָרט, ווו ער איז פריער גע־

לעגן. ווען דו וועסט זיך אומקערן בעשאָלעם אהיים, וועסטו אים דאָרטן טרעפן. איצט איז שוין פאר קיינעם ניט קיין סאָד, אז דער דאָזיקער פלאטשיקער שטיין מיט די שארפע אויסגעשטשערבעטע קאנטן איז א מאצייווע איבער אן אומגעקומענעם קינד.

ווו האָט מען פארהאלטן דינען, צי אין וועג, צי שוין אין דאָרף? ווער ווייסט?

די בעסטע גרוסן פון מיר און פון לעאָנידן.

דײַן י ע ל ע נ א  ט ש י ס ט י א ק אָ ו ו א.

יענץ יאָר איז ער, א סטודענט פון פערטן קורס, צום ערשטן מאָל געווען באם יאם. א פרעמיע באקומען פאר גוט לערנען זיך — א פוטיאָווקע אין אן אָפרו־הויז אף דאָרעם. די ערשטע עטלעכע טעג האָט ער אויסגעפילט אלע קלאָלים, וואָס זײַנען געווען אופגעשריבן אף א ברעטל באם ארײַנגאנג אין הויז: „8 אינדערפרי — פיזישע איבונגען באם ברעג. 9 אזייגער — פרישטיק. זון־וואנעס ניט שפעטער, ווי ביז צוועלף באטאָג"... באלד נאָך פרישטיק פלעגט ער זיך צעיאָגן איבערן פליאזש, אָפּטוקן זיך אריבערן קאָפּ אין די וועלן און לאָזן זיך שווימען. דערנאָך ארויסשפרינגען פון יאם און אויסציִען זיך מיטן נאסן לײַב אפן זאמד, די הענט אויסגעשפרייט אין דער ברייט, דעם קאָפּ עטוואָס פארהויבן. אים האָבן פארווײַלט די אומגעריכטע פּאָזעס פון די מענטשן ארום, ער האָט מיט האנאָע געקוקט אף די שאָך־ און דאָמינאָ־שפילער, וועלכע זײַנען מיט ארונטערגענומענע פיס געזעסן אף דער ערד אין א קרײַז, ווי אף א טעפיך, אונטערשטעלנדיק די פארברוינטע רוקנס דער זון. אים האָט קיין האָר ניט געשטערט די לוסטיקע קוויטשערײַ פונעם קליינוואַרג, וואָס האָט זיך געפליעסקעט באם סאמע ברעג, ווי אויך די געשרייען און רופן פון די מאמעס און באָבעס, וועלכע באָרעך האָט געטיילט אף צוויי פּאָליוסן: דער צאָפן־פּאָליוס: „סיאָמע, שוין זאָלסטו ארויסקריכן. ביסט דאָך בלוי פון קעלט. ווארט, ווארט, וועסט זיך בא מיר הײַנט דערדינען. וועגן אײַז־קרעם מעגסטו שוין פארגעסן". דער דאָרעם־פּאָליוס: „ניורקע, וואָס שטייסטו אפן ברעג, ניורקע? נו, גיכער שוין! אין יאם איז הײַנט, ווי אין א באָד".

אין איינעם א טאָג איז עס אים מיטאמאָל אלץ דערעסן. באגעגענען דעם זון־אופגאנג האָט זיך אים פארוואָלט. איינער אליין. אָן נאקעטע לײַבער אינעם זאמד, אָן פאניק־געשרייען פון די מאמעס און די באָבעס. ראכוועס זאָל זײַן. ער, דער יאם און די זון.

שטיינערנע טרעפּ, ביז גלאנץ אָפּגעשליפענע פון די פיל פיס, וועלכע זײַנען איבער זיי געלאָפן, געגאנגען, געשארט זיך. ארוף און אראָפּ. באָרעך האָט אונטערטאנצנדיק געטראָגן זיך אף אראָפּ. געהאלטן זיך בא דער מיט. ווי איבעריקע זײַנען אים געלאָפן אנטקעגן די הילצערנע פּאָרענטשעס בא ביידע זײַטן פון די טרעפּ. עטלעכע טריט אף דער פלאך, א טאנץ אראָפּ פונעם שטיינערנעם בריקל — און אָט איז זי, די ראכוועס. צופוסנס שפרייט זיך דער יאם, איבערן קאָפּ דער הימל. צוויי פלאכן.

און דאָס איז די וועלט. און ער, באָרעך, אינדערמיט. מיטאמאָל האָט ער דערזען, אז ער איז דאָ אפן ברעג ניט אליין.

א דינינקער מיידלשער סילועט. דאָס גאָמבעלע פאריסן צו דער זון, די אונטערגעשאָרענע שווארצע האָר צעוואָרפן איבערן נאקן. אזוי איז דאָס מיידל געגאנגען פאזע דעם ברעג. ניט אומגעקוקט זיך ניט אף רעכטס, ניט אף לינקס. א בייג געטאָן זיך אין איין זײַט, א בייג אין דער צווייטער, אראָפּגענומען די שטעקשיך און ווײַטער אוועק, שוין א באָר־וועסע, איבערן שטעכיקן זשוויר, ווי איבער א געוועקסלטן דיל. באָרעך איז געשטאנען, געקוקט, ביז די וואָקסיקע לײַכטע פיגור פונעם מיידל איז פארשוווּנדן פון אויג. ער האָט א שמייכל געטאָן צו זיך אליין: „ווי א שפּראָצלינג פון א קנאָספּ ארויס. א שפּרונג, און אָט בין איך. אויסגע־וואקסן".

ער איז ווײַט פארשווומען. פיל ווײַטער, ווי געוויינלעך. ניט באמערקט דאָס שיפל, וואָס האָט זיך שטיל צו אים דערנענטערט. א ברוינער באָ־כער מיט ווײַסע ווײַסלען האָט געמאָנט בא אים שטראָף פאר אויווער זײַן דעם געזעץ.

באָרעך האָט געפּרוּווט ארויסדרייען זיך מיט א שפּאס:

— מאָרגן, מאָרגן וועל איך מיטברענגען געלט אין די טרוסיקעס.

דער ברוינער באָכער האָט אים געענטפערט אינעם זעלבן טאָן:

— לעמיי זאָלט איר זיך מאטריעד זײַן. איך וועל אײַך צופירן אין מײַן שיפל דאפקע הײַנט. צו אײַער הויזן־קעשענע אָדער אין מיליציע. ווי אײַער הארץ גלוסט.

א ברייערע האָט ער געהאט, באָרעך. ארײַנגעקראָכן אין שיפל, מיט פאראד צוגעפאָרן צום ברעג, וואָס איז שוין פיל און פול געווען מיט מענטשן. אלע האָבן געקוקט אף באָרעכן, אזוי האָט זיך אים אלנפאלס געדוכט, ווי ער באָברעט זיך א נאסער אין דער הינטערשטער קעשענע פון זײַנע לײַוונטענע הויזן, זוכט קליינגעלט אף אויסצוקויפן זיך פונעם ברוינעם באָכער. און יענער לעצעוועט נאָך פון אים: „אדיע, צום ווי־דערזען אפן זעלבן פּלאַץ!", צוגעלייגט צוויי פינגער צו די ליפּן, גע־שענקט באָרעכן א לופט־קוש.

— איר האָט הײַנט כיישעק צו באָדן זיך?

באָרעך האָט זיך ראַש אויסגעדרייט. לעבן אים איז געשטאנען דאָס מיידל, וואָס האָט זיך גאנצפרי דורכגעשפּאצירט באם ברעג פון יאם. ער האָט זי באלד דערקענט, כאָטש איר פּאָנעם האָט ער פריער ניט געזען און אויך די האָר זײַנען איצט געווען ניט אהינטערגעוואָרפן אפן נאקן, נאָר פארוקט הינטער א ראָזן גומענעם היטעלע, וואָס האָט שטײַף ארומ־געכאָפּט דעם קאָפּ. איר פיגור האָט ער דערקענט. איר בייגעוודיקע דינ־קײַט. ער האָט פארוונדערט אָנגעקוקט דאָס מיידל — צו אים רעדט זי? און באלד באמערקט זײַן טאָעס.

— פארשטייט זיך, מײַן טײַערינקע, — האָט מיט גרייטקײַט אָפּגערופן זיך א שטים פון אן עלטערער פרוי. — ווי זשע דען? אָן אײַך בין איך א פארפאלענע.

הורוויטש האָט א כאַפּ געטאָן דעם האנטעך און דאָס אָנטאָן און הענ־

דעם־פענדעם אַ לאָז געטאָן זיך צום גרינעם בײַדל באַם פּאַראַפּעט. דערזען שטיין דערבײַ עטלעכע פּרויען, וועלכע האָבן אים מעשונע אָנגעקוקט, האָט ער זיך געכאַפּט און געלאָזט זיך לויפן אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

פון יענעם טאָג אָן האָט ער געעײַלט אַפן פּליאַזש פּריי־פּרי, נאָך פּריזער, קעדיי אָנצוקוקן דאָס מיידל (ער האָט שוין געוווּסט, אַז זי הייסט דינע), וואָס שפּאַצירט זיך דורך יעדן פרימאָרגן אַ באָרוועסע באַם ברעג פון יאַם, דאָס גאָמבעלע פאַריסן צו דער זון און די האָר פאַרוואָרפן אַף אַהינטער. אים איז קיין איין מאָל אַפן געדאַנק ניט געקומען, אַז עפּשער אײַלט זי זיך אויך צו קומען צום יאַם פּריי־פּרי, אַלץ פּריזער, קעדיי אײנצײַטיק מיט אים צו באַגעגענען דעם זון־אויפגאַנג. פּונקט אַזוי איז אים קיין איין מאָל ניט אײַנגעפאַלן צו באַמערקן, אַז זי איז גאָר ניט אַזאַ הויכע, כאָטש ער האָט שוין געהאַט די געלעגנהײַט צו זען, אַז זי גרייכט אים קוים ביזן אַקסל. אַ מיטלוווּקסיקע איז זי געווען, דינעלע. באָרעך האָט אָבער אַלץ געזען אין איר דעם שפּראָצלינג, וואָס איז פּלוצלינג, פאַר אים אין די אויגן, אַרויסגעשפּרונגען פון קנאָספּ אַרויס און אויסגעוואַקסן אַזוי אײדל און דין.

יעדן טאָג האָט דינע זיך געבאָדן מיט דער עלטערער פרוי, וואָס האָט עטוואָס געהונקען. האַלטנדיק זי באַ ביידע הענט, געדרייט זיך אינעם וואַסער אַף איין אָרט, און געלאַכט, און געפרייט זיך. דערנאָך ערשט, ווען די פרוי איז שוין געווען אַפן ברעג, אַ שפּרונג געטאָן אין די כוואַליעס, מיט האַנאָע אויסגעצויגן די דינע הענט, און אָט וויגט זיך שוין איר קאָפּ אין דער ווײַט. ווי לײַכט זי איז עס צונויפגעקומען זיך מיט מענטשן, דינע. מיט יעדערן געווען אויסגעבונדן. מיט דעם גערעדט, צו יענעם געשמייכלט. מיט יעדערן, נאָר ניט מיט אים, מיט באָרעכן.

ביסלעכווײַז איז ער געוואָרן אַ שוטעף צו איר אַפּעטראָפּסעס איבער דער הינקעדיקער פרוי. גאַנצפרי צוגעגרייט פאַר איר אַ טאָפּטשאַן ביישכיינעס מיט זײַנעם, פאַרפירט מיט איר לאַנגע שמועסן. צו דינען איז עס אָבער אַלץ געווען ניט שײַעך. זי האָט אים ניט געוואָלט באַמערקן און גאָר. קוים אַ נייג געטאָן דעם קאָפּ אַף זײַן באַגריסונג.

איינמאָל האָט ער זיך אָנגענומען מיט האָזע און געלאָזט זיך שווימען באַנאַנד מיט איר, זײַט באַ זײַט. ער האָט איר אַפילע עפּעס געזאָגט... וואָס האָט ער איר דאַמאָלסט געזאָגט, דינעלען? ער קאָן זיך ניט דערמאָנען. עפּעס אַ נאַרישקײַט אַוואַדע. ער געדענקט נאָר, אַז אים אַליין זײַנען געווען פרייקרע זײַנע רייד. און צו וואָס איז ביכלאַל דאָס שווימען באַנאַנד מיט אַ מיידל, וועלכער ער איז פון דער סאַמע ערשטער באַגעגעניש ניט צום האַרצן. אין דעם האָט ער דאַפּקע ניט געצווייפלט. און דאָך האָט ער ווײַטער געשאָטן מיט רייד. ס'איז אים געווען אַ ביזאָיען פאַר זיך אַליין, נאָר אָפּשטיין האָט אים ניט געסטײַעט קיין מוט. דינע האָט אים קורץ און העפלעך געענטפערט. דאָך קיין איין מאָל ניט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ.

דינעלע, דינע, מײַן דינינקע דינע...

פון יעלענא טשיסטיאקאָווא צו באָרעך הורוויטשן.
12 דעקאבער 1944.

טײַערער באָריס!

האָסטו שוין, הייסט עס, אָן אָפּיציעלע ידיעה, אַז אין דאָרף האָט מען פאַרהאַלטן דײַן מאַמען און דינען. און שוין דעם 2 יאַנוואַר, ווי נאָך דינע איז אַהין געקומען. איז ניט אַנדערש, אַז עמעצער האָט זיי אויסגעגעבן. אַזוי טראַכסטו. איך טראַכט אויך אַזוי. רעכנסט אויס אונדזערע נאָענט־סטע שכנים און יעדערן פון זיי שטעלסטו אויסער כשאָד. נאָר אויף איוואַן זובאָוון גלייבסטו, נאָר ער איז פּייניק אַף אַזאַ נעוואָלע. דו ווילסט זיך אומבאַדינגט דערגרונטעווען, צי האָט אַ בייזער צופאַל אומגעבראַכט דינען, אָדער מע האָט זי פאַרקויפט.

באָריס טײַערער, דו ביסט געווען מײַנער אַ שילער. געדענקסט געוויס: פאַר מיר איז געווען אַ שילער זאָל מיר קוקן גלײַך אין די אויגן אַרײַן, אַז איך זאָל אים גלייבן אַפּן וואָרט. איצט דערקען איך זיך אַליין ניט, ווי מע וואָלט מיך פאַרביטן. איצט בין איך גאָר אַן אַנדערע. די דײַטשן האָבן פאַרסאַמט מײַן נעשאָמע. ניט יעדערן גלייב איך אַפּן וואָרט. דער כשאָד לאָזט מיך ניט שלאָפן קיין נעכט. וועמען בין איך כוישעד? קיינעם ניט. עס מאַכט זיך אָבער, אַז יעדן איינעם. איז ווי לעבט מען מיט דעם?

ווען איך בין זיכער, אַז איוואַן זובאָוו האָט עס אָפּגעטאָן... דאַן וואָלט מיר נאָר פאַרבליבן צוזאַמען מיט דיר צו באַדויערן און באַוויינען דינעס יונג לעבן. און עס לייגט זיך דאַפּקע אַפּן סייכל. ערשטנס, ווייסן מיר, ווער ער איז. צווייטנס, די אומפּאָרזיכטיקײַט, וואָס מיר האָבן דערלאָזן... איוואַן זובאָוו אָבער וואָלט גלײַך אַפּן פרישן שפּור געבראַכט די פּאָליציי אויך צו אונדז. אַנדערש קאָן ניט זײַן. ווער־ווער, נאָר ער האָט דאָך גע־וווּסט, ווי געקניפּט און געבונדן עס זײַנען אונדזערע מישפּאָכעס. נו, און די מײַסע מיט דוסיען... דו האָסט, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט, פאַרוואָס לעבט באַ אונדז זובאָווס שטיפטאָכטער. ער אָבער, זובאָוו, האָט געוווּסט און גוט געדענקט, באַ וועמען דוסיע האָט געזוכט שוץ פון זײַנע ווײַט ניט פּאָטערשע באַגערן. אַגעוו, איז דוסיע אין 1943 יאָר אַנטלאָפן פון דער היים. וווּהין ווייס איך ניט. נאָר דאָס איז צום איניען ניט שײַך. איך וויל דאָ נאָר זאָגן, אַז ווען דינע פאַלט אַרײַן צו זובאָוון אין די הענט, וואָלט ער אויך מיך צעריבן אַף אַש.

עמעס, אַרויסגערופן האָט מען מיך. נאָכגעפרעגט זיך (כ'וואָלט געזאָגט, אַפילע העפלעך), צי האָב איך די לעצטע צײַט ניט געזען וועמען־ניט־איז פון די ייִדישע שכיינים פונעם הויז נומער 4. איך האָב, נאַטירלעך, גע־מאַכט דעם אָנשטעל, אַז די פראַגע וווּנדערט מיך. די שכיינים פונעם הויז נומער 4 זײַנען דאָך ייִדן. איז ווי האָב איך זיי געקאָנט זען, באַלד מע האָט זיי שוין לאַנג ערגעץ פאַרנומען. האָט מען פאַר מיר געעפנט די קאָרטן: דינע הורוויטש איז באַ זיי אין די הענט. וועלן זיי סײַוויי דער־וויסן זיך, ווער האָט זי ביז איצט אויסבאַהאַלטן באַ זיך. פאַר מיר איז גלײַכער, איך זאָל זיי העלפן געפינען דעם שולדיקן. צוויי מאָל האָט מען מיך אַרויסגערופן. לעאָניד האָט פון דעם געוווּסט. איך האָב דאָך אים

געמוזט וואָרענען, ער זאָל ריידן דאָס זעלבע, וואָס איך, אויב מע וועט זיך נעמען אויך צו אים. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. מער ניט, וואָס מיט אים איז מען זיך באַגאַנגען האַרבער, ווי מיט מיר. אַף אַ גאַנצן מעס־לעס פֿאַרהאַלטן. אָבער נאָך דעם האָט מען אונדז ביידן געלאָזט צורו. ניין, דאָס איז ניט זובאָוו. ווען ער לייגט דאָ צו אַ האַנט, וואָלט איך שוין פֿאַרשפּאָרט צו שרײַבן דיר בריוו. נאָר אויב אַפּילע ער, וועלן מיר עס שוין אויך קיינמאָל ניט וויסן. אין עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי די רויטע אַרמיי האָט פֿאַרנומען די שטאָט, האָט מען אים געפֿונען אַ טויטן. מע זאָגט, אַז אים האָט דערשאָסן אַ דײַטשישער אָפֿיצער, אָן וועלכן ער האָט זיך אָנגעהאַנגען, יענער זאָל אים מיטנעמען מיט זיך קיין דײַטשלאַנד.

איך קוק אַף מײַנע שכיינים, איך רעד מיט זיי, איך קען זיי צענדליי־קער יאָרן. זידל איך זיך אַליין. איך פֿיל זיך שולדיק פֿאַר מײַנע שכיינים, האַלעמײַ זוך איך אין זייערע פּענעמער אַזוינס, וואָס אין זיי איז ניטאָ, וואָס דאַרף אַרויסגעבן עפּעס באַהאַלטנס, געהיימס. איך קען דאָך זיי צענדליקער יאָרן. איז ווי קומט עס, איך זאָל טראַכטן שלעכטס וועגן עמעצן פֿון זיי? און דער עמעצער איז דאָך ניט מער, ווי אַן עמעצער. אָן אַ פּאָנעם. זײַן אָנפּענעמדיקײַט מאַכט מיך מעשוגע.

אַנטשולדיק, מײַן טײַערער, וואָס איך האָב זיך גאָר פֿאַרעדט וועגן זיך. וואָס פֿאַר אַ רעכט האָב איך צו פֿאַרומערן דײַן לעבן מיט אומזיניקע כשאָדים? האָסט אַזוי אויך גענוג. מאַלע וואָס פֿאַר אַ ווייטעק עס זויגט אויס דאָס כּיעס באַ אַן אַלטער פֿרוי אין אונדזער ניט גרינגער צײַט. איך וויל דיר נאָר זאָגן, אַז קיין איין רעגע איז ניט געווען אַזאַ, איך זאָל טראַכטן, אַז דײַנע קאָן זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, וואָס זאָל שאַטן אירע פֿרײַנט. ס׳וועט דיר אויסקומען מאָדנע, אויב איך וועל זאָגן, אַז דינעס נאַטור האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט דעריקער אין אירע פּלוצלינג־דיקע מערידעס קעגן מיר. ניט געווען אַזאַ פֿאַל, איך זאָל אַף איר פֿאַריבל האָבן, כאָטש ניט איין מאָל, דאָס וועל איך פֿון דיר ניט באַהאַלטן, האָט זי מיר פֿאַרשאַפֿט ווייטעק. איך האָב געוווּסט, אַז זי מאַכט זיך בייז אויס מוירע מיט מיר זאָל קיין בייז ניט געשען. לויט די יאָרן האָט זי געקאָנט זײַן מײַנע אַ טאָכטער, נאָר מײַן אָפּשײַ פֿאַר איר איז געווען ווי פֿאַר אַן עלטערער. ווײַל קיין געבראָכנקײַט האָב איך אין איר ניט געזען. אין אַזעלכע טעג האָט זי פֿאַרהיט איר מענטשלעכן שטאָלץ. איבער דעם עפּשער האָט געטראָפֿן דער אומגליק, וואָס זי האָט ניט געדולדעט קיין ראַכמאָנעס צו זיך. נאָר איין גאָט ווייסט, ווי איך האָב געשוינט איר מענטשלעכע ווירדע.

ס׳איז נאַריש, איך דערצייל דיר, אַזעלכע ס׳איז דײַן דינע. נאָר מיר דוכט, איך האָב רעכט אַף דעם, דײַנע איז זי דאָך געווען אין גוטע צײַטן. דער שווערסטער ניסאָיען, וואָס איר איז אויסגעקומען אויסצושטיין אינעם לעבן מיט דיר, איז מיסטאַמע דאָס גיין צו קינד. דאָס איז דאָך אָבער אַ ניסאָיען פֿון גליק. און איך האָב זי געזען...

זײַ געזונט.

מיט די בעסטע גרוסן

י ע. ט ש.

...זי האָט געגלעט מיט די פינגער זײַנע באַקן און שטיל געלאַכט:

— מיינסט, איך האָב דיך פריִער ניט געקענט? יעדן טאָג געזען דיך פאַרבײַגיין. און דו... „טו א קוק אױף מיר, נו, איין קוקעלע״. איך בעט דיך, און דו הערסט ניט. עס גייט דיר ניט אָן דער הילצערנער גאַנעק, אױף וועלכן איך שטיי, עס גייט דיר ניט אָן, וואָס עס טראַכט וועגן דיר א קליין מיידל מיט לאַנגע פיס, ווי בײַ א צאַפּליע.

...קוים צוויי וואָכן אַדורך, זינט ער האָט זיך אומגעקערט פון דאַרעם. אַראָפּגעשטיגן פון דעם טראַמווײַ און פּאָנעם־על־פּאָנעם געטראָפן זיך מיט דינען. איר ערשטע באַוועגונג איז געווען ווי צום אַנטלויפן. נאָר שטיין געבליבן. קוים א נייג געטאָן מיטן קאָפּ אױף זײַן באַגריסונג, פּונקט אַזוי, ווי דאָ ניט לאַנג אין אָפּרו־הויז. אפילו קיין האַנט ניט דערלאַנגט. זיי זײַנען א ווײַלע געשטאַנען שווײַגנדיק. צעמישט אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע און אומדערוואַרט צעקושט זיך.

א האַלבע שטאָט דורכגעשפּאַנט צופוס. צוגעזעצט זיך אױף א צופעליק בענקל און ווײַטער געגאַנגען.

— קום, איך וועל דיך באַגלייטן אין צוזאַמענוווינונג, — האָט געזאָגט דינע.

— דו מיך? — האָט ער זיך פאַרוווּנדערט.

— אוהו, איך דיך.

— גוט, מיר וועלן באַגלייטן איינס דאָס אַנדערע ביז פאַרטאָג.

זי האָט א זײַטל געטאָן אױף אים מיט אַן אויג. אָפּגעשוויגן. צוגעקומען צו דער צוזאַמענוווינונג.

— און ווו וווינסטו? — האָט ער געפרעגט. — איצט וועל איך דיך באַגלייטן.

— דו מיך, און איך דיך. איך דיך, און דו מיך, — האָט זי שטיפעריש אויסגעזונגען און מיט א פינגער אָנגעוויזן אױף אַן איינשטאָקיק הילצערן הויז מיט א גאַנעקל פון פאָרנט, צוויי טריט פון זיי. — אָט איז, עס דאָס גאַנעקל... אָט דאָ בין איך געשטאַנען און דו... זאָלסט כאָטש איין מאָל אויסדרייען צו מיר דעם קאָפּ, — האָט זי מיט קינדערשן פאַריבל פאַרענדיקט.

באָרעך האָט זי שטײַף אַרומגענומען. שטיל אַרום. נאָר ער און זי. און אַנטקעגן, ווי א גרויסער קײַלעכדיקער שפּיגל, א ווײַסע לעוואָנע. דינעס פּאָנעם איז בלאַס און ערנסט.

— דינעלע, איך וועל אַרײַנגיין מיט דיר.

— קום, קום, — האָט זי זיך פּלוצלינג געכאַפּט אײַלן, — אַזוי שפּעט, און זיי זיצן נאָך. — זי האָט אָנגעוויזן אױף די באַלויכטענע פענצטער. — זיי זײַנען אומרויִק. איך וווין בײַ א פעטער און א מומע.

זיי זײַנען אַרײַן, האַלטנדיק זיך בײַ די הענט.

— דאָס איז באָרעך. באָרעך הורוויטש, — האָט אויסגערופן דינע. קיין מינדסטער ציטער אין איר קאָל. — פעטער, מומע, זײַט באַקאַנט. מיר האָבן זיך ליב שוין טויזנט יאָר.

און זיי, די, וואָס האָבן זי אויפגעהאָדעוועט און דערצויגן, אַזעלכע טײַערע מענטשן, זיי האָבן אים אויפגענומען ווי אַן אייגענעם, ניט גע־

פרעגט קיין קאשעס. און שפּעטער, ווען דינע האָט געזאָגט „א גוטע נאכט" און דרייסט אוועקגעפירט אים מיט זיך אין איר צימערל אין עק פון א לענגלעכן קאָרידאָר, האָבן זיי אויך ניט ארויסגעוויזן קיין שום צערודערונג. זייערע הערצער האָבן מיסטאמע אין דער רעגע געבלוטיקט, ווײַל זיי האָבן דאָך לאכלוטן ניט געוווּסט, אין וואָס פאַרא הענט עס איז ארײַנגעפאלן זייער קינד.

דינע זיצט בא אים אויף די קני. זי רײַסט אָפּ אירע ליפּן פון זײַנע, שפּארט זיך אײַן מיט ביידע הענט אין זײַן ברוסט. שעפּטשעט מיט אן אָפּגעהאקטן אָטעם:

— לאָז אָפּ. אויף א ווײַלע. איך וויל דיך אָנקוקן, — בעט זי.

א שיקערלעכער גלאַנץ אין אירע אויגן. און דערוואַרטונג. און כּי־דעש. באָרעך האָט זי גענומען אויף די הענט, איר וואַרעם לײַב האָט נאָכ־גיביק זיך צוגעטוליעט צו אים. אין זײַנע אָרעמס האָט געצאַפּלט און גע־רײַפט א פרוי.

...דער וועקזייגער האָט געקלונגען, ביז עס זײַנען אים אויסגעגאַנ־גען די קויכעס. זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט ביידע פאַראַמאָל. דינע האָט אים אָנגענומען אונטער דער דעקע פאר א האַנט. איז ער געבליבן ליגן בא איר זײַט. געהערט דעם קלאַפּ פון דער דרויסנטיר. דינעס פעטער און די מומע זײַנען אוועק צו דער ארבעט.

דינע:

— הײַנט וועלן מיר אין ערגעץ ניט גיין, גוט?

באָרעך:

— אין ערגעץ ניט.

— א גאַנצן טאָג.

— א גאַנצן טאָג.

זי האָט זיך באקוועם אײַנגעמאָסטעט אויף א זײַט, אונטערגעלייגט א האַנט אונטער דער רעכטער באַק:

— אָט אזוי־אָ וועל איך ליגן און קוקן אויף דיר.

— און איך אויף דיר.

— מיר וועלן וועגן גאָרנישט ניט ריידן.

— ניט ריידן.

א היפּשע ווײַלע געלעגן און געשוויגן.

— ניין, איך קען ניט אזוי, — האָט ניט אויסגעהאַלטן דינע. — לאָמיר בעסער ריידן. זאָג מיר, באָרעך, ווי האָסטו מיך ליב? איך וויל וויסן...

באָרעך:

— און דו ווי? איך וויל אויך וויסן.

— איך? — זי האָט זיך פאַרטראַכט. — טו מיך א גלעט בא דער נאָז, — האָט זי געזאָגט. — זעסט, א נאַרישע נאָז, און האָט דיך ליב. איצט צייל אויס מײַנע פינגער. פילסט, ווי זיי האָבן דיך ליב? א שאָד. זיי זײַנען בא מיר נאָר צען.

— דינעלע...

דער וואַנטזייגער אינעם שכיינעסדיקן צימער האָט, ווי א געדונגענער, אָפּגעקלאַפּט צוועלף קלעפּ. באָרעך האָט זיך אויפגעכאַפּט צום צווייטן

מאָל. דינע איז געלעגן א וואכע, באקוועם איַנגעמאָסטעט אף א זײַט, ווי מיט עטלעכע שאָ צוריק. די רעכטע באק אונטערגעבעט מיט דער האנט. איר גאָמבעלע איז געווען פאריסן צו דער אָפּגעקילטער און דאָך לויכטנדיקער אָנהייב־הארבסטיקער זון, וואָס האָט מיט גוואלד געריסן זיך אין די שויבן פונעם פארמאכטן פענצטער.

— דינעלע, פארוואָס האָסטו דאָרטן ניט געוואָלט מיך ניט הערן, ניט זען? — איז אָײַנגעפאלן בארעכן.

א פּאָר גרויסע לאָכנדיקע אויגן:

— דאָרטן? א קוראָרט־ראָמאַן... פע...

פארבליבן מיט דינען אין יענעם קעמערל, ביז ער האָט פארענדיקט דעם אינסטיטוט. דערנאָך אריבערגענומען צו זיך, אין זײַן געבורט־שטאָט. די מומע דינעס האָט געוויינט בא דער געזעגענונג מיט ביטערע טרערן. קיין אייגענע קינדער ניט געהאַט. דינע האָט פאָרגעזעצט לערנען זיך. איין יאָר בלויז דורכגעלאָזן אין אינסטיטוט. ס'איז איר געווען ניט גרינג מיט א פּיצל קינד אף די הענט. זײַן מאמע האָט געהאָלפן. און איצט... ניטאָ קיין קינד. ניטאָ דינע. און איר פעטער מיט דער מומען. און באַרעכס מאמע. א באָכער איז ער, באָרעך. א פרײַער פויגל. ווי זשע לעבט מען ווײַטער? וואָס זאָל ער מיט איר טאָן, מיט זײַן מעשונעדיקער פרײַהײַט?

וואָס ווייסט זאָיע? פארוואָס ענטפערט זי ניט אף זײַנע בריוו און האלט זיך אזוי פונדערווײַטן אויך פון די טשיסטיאקאָווס? צי איז דאָ ניט פאר־מישט קיין ליבע, קיין אייפערזוכט? פאר לעאָנידן זײַנען פרויען שטענדיק געווען די קאפּאָרע. נאָך אין די יינגלשע יאָרן האָט אים קעסיידער באַגלייט א פלאטער פון סטענגעס אין שווארצע און בלאָנדע צעפּ. זאָיע, אַן איינזאמע יונגע פרוי...

אוועלכע איז זי, זאָיע? באָרעך האָט ניט באוויזן צו באקענען זיך מיט איר. דאָוויד, זײַן עלטערער ברודער, איז געפאָרן אין א קאָמאנדירונג און דאָרט כאסענע געהאט. לעאָניד האָט געלאכט:

— ווער וועט זיך עס לאָזן פאָרן אין קאָמאנדירונגען נאָך אזא מין געשיכטע?

און:

— אַן עקזאָטישע מישפּאָכע זײַט איר, די הורוויטשעס. נאָר איר ברענגט אראָפּ קאלעס פון דער פערמד. צי איר גאנוועט זיי ארויס, צי איר צאָלט אויס א רײַכן קאלים? מיילע, דײַנע איז ווערט, באָריס, דינע איז א גאָלד.

אלטבאָכערישע כאָכמעס. ער אליין, לעאָניד, האָט זיך ניט געײַלט צו פארבינדן זײַן גורל מיט איינער.

דאָוויד האָט ניט באוויזן אראָפּצוברענגען זײַן יונג ווײַב צו זיך. זי האָט ניט געקאָנט פארלאָזן דעם פאָטער, וואָס איז צו יענער צײַט געלעגן אין שטוב שטערבלעך קראנק. האָט דאָוויד געזאָלט אריבערפאָרן צו איר. און דאָ האָט אופגעפלאקערט די מילכאָמע.

באָרעכן און דאָווידן האָט מען מאָביליזירט אין איין טאָג. א צײַט זײַנען זיי אפילע געווען צוזאמען. אין איין טייל געדינט. דערנאָך צע־

שיידט געוואָרן. לעאָנידן האָט מען געגעבן „בראָן". ער איז נייטיק געווען דעם זאוואָד. אזא ספּעציאַליסט איז ניט צו געפינען. לעאָניד איז עלטער אַף א יאָר, נאָר געלערנט האָט ער זיך מיט באָרעכן אין איין קלאַס. איבער דער שווערער קינדער־קראנקײַט, וואָס ער האָט איבערגעטראָגן, איז ער געזעסן אין דריטן קלאַס צוויי יאָר. נאָר פון אכטן איז ער אריי־בערגעשפּרונגען גלײַך אין צענטן. פאַרענדיקט די שול מיט א יאָר פריער פון באָרעכן, ווי עס האָט אים געפּאַסט לויטן עלטער. און מיט א גאָל־דענער מעדאַל. אָן אָפּענער קאָפּ בא אים, בא לעאָנידן.

יעלענא מאַקסימאָווונא איז גערעכט. ווען דאָוויד וואָלט געווען צווישן די לעבעדיקע, וואָלט ער, פאַרשטייט זיך, באלד אָנגעשריבן די טשיסטיאַ־קאָווס, ווי ער האָט עס געטאָן, באָרעך. נאָר זאָיע... ווי־אזוי האָט זיך עס איר אײַנגעגעבן דורכצוזוכן זיך פון איר בײַגרענעץ־שטאָט אזש קיין טיף רוסלאַנד?

פון זאָיא איוואַנאָווא צו באָרעך הורוויטשן.

### פּילגעשעצטער באָריס לוואָוויטש!

איך באַגריס אײַך מיטן אָנקומענדיקן נײַעם יאָר! איך האָף, ניין, איך וויים אַף זיכער, און אנדערש קאָן עס ניט זײַן, אז דאָס נײַע יאָר וועט זײַן דאָס יאָר פון זיג. איז קערט זיך אום א געזונטער אהיים. מיר זאָלן זיך מיט אײַך באַקענען. און דאָוויד זאָל זײַן דערבײַ. דאָס איז מײַן הייס־טער באַגער. אײַער דירע וועט איר געפינען אין דער בעסטער אָר־דענונג. וואָס עמעס איז עמעס, פאַר דעם האָבן זיך די טשיסטיאַקאָווס געזאָרגט. דערוויַיל וווינט דאָרט אַן עוואַקויִרטע מישפּאָכע, וואָס קלײַבט זיך אינגיכן אהיים. פאַרוואָס שרײַב איך ניט? איך וועל נאָך שרײַבן.

איך ווינטש געזונט און גליק

זאָיא.

ערעוו ניי־יאָר 1945.

פון לעאָניד טשיסטיאַקאָוו צו באָרעך הורוויטשן.

10 דעקאַבער 1944.

### באָריס, טײַערער פרײַנט!

איך בין נעכטן אומיסטן פאַרבײַגעגאַנגען אונדזער (דײַן) ברויט־זאוואָד. ער איז שוין קימאַט אינגאַנצן אופגעשטעלט. א סאַך בעסער, ווי פריִער. איין כיסאָרן, ער בענקט נאָך זײַן הויפּט־אינזשעניער. א ראַכמאָ־נעס צו קוקן.

ווידער א נײַ יאָר. און דו ביסט אין דער פרעמד. פון דאָווידן און פון קאָליען ווייסן מיר ביכלאַל גאָרנישט. אָט האָסטו דיר אונדזער ייִנגלשן פּערטלינג. אָן אומעט אזא צו באַגעגענען דאָס נײַ־יאָר אָן אײַך.

מיר ווען דאָ נעמען צו די ליפּן א קאַפּעלע פאַר דײַן געזונט. וואָס איז שײַעך מאַשקע, ביסטו מיסטאַמע רײַכער פון אונדז. טאָ פאַרגעס ניט אויסצוטרינקען מיט דײַנע כאַווירים פאַר אונדזער באַגעגעניש. צו וואַרטן איז געבליבן ניט לאַנג. מיר דוכט, היטלער אליין פאַרשטייט עס שוין.

איך דריק דײַן לאַפּע, שעד איינער... מיר ליגן נאָך ביז איצט אין טאָם דײַנע שפּאַרגאַלקעס. געדענקסט דאָך, מיט געשיכטע בין איך געווען צע־קריגט. דאַטעס, נעמען — א קאַשע אין קאָפּ. ווען די מאַמע וואָלט מיט מיר ניט אײַנגעכאַזוערט אַף אויסווייניק князь Курбский от царского гнева бежал[1]. זי איז דאָך פון שטענדיק אָן געווען פאַרליבט אין דיכ־טונג, וואָלט איך אַפילע וועגן איוואַן דעם גרויזאַמען ניט געדענקט. און דאָ זיץ איך אַף איין באַנק מיט דיר, אויפּעלע דו מײַנס, און שעם זיך א ביסעלע דערמיט. אַף א גאַנץ יאָר עלטער און זיץ מיט דיר, אזא פּיצל. אַף איין באַנק, סאַכאַקל האָסטו געגרייכט די הייך בא א מעטער זיבעציק, און שיכעלעך האָסטו שוין דאַן געטראָגן נעבעך נומער 43, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט. נאָר וואָס־וואָס, אַף שפּאַרגאַלקעס ביסטו געווען א מײַ־דים, און אַף אויסלייזן א כאַווער פון א צאָרע אויך. מײַן צאָרע איז גע־ווען געשיכטע. קייסאָרים, מילכאָמעס, כאַפּט זיי דער רועך... ווער קען דאָס אַלץ פאַרגעדענקען? נאָר דו האָסט געדענקט, איז דאָס זיצן מיט דיר אַף איין באַנק מיר ווויל באַקומען. אַניט וואָלט איך דען אריבערגעשפּרונ־גען פונעם 8־טן קלאַס גלײַך אינעם 10־טן. די קייסאָרים וואָלטן מיך פאַר די פיס צוריקגעשלעפּט.

איז מיטן יאָר פון זיג, מײַן טײַערער פרײַנט! באָריס, באָרקע־סילאַטש, געדענק זשע, א קאָס פאַר אונדזער באַגעגעניש...

דײַנער, ווי טאָמיד,
ל ע אָ נ י ד.

פּ. ס. מײַן מאַמע וועט אַדאַנק דיר ווערן א שרײַבערן, ערנוואָרט. ווען איך זאָל ניט קומען אהיים, טרעף איך זי באַם שרײַבן צו דיר א בריוו.

ד ע ר ז ע ל ב ע ר.

פון יעלענא טשיסטיאַקאָווא צו באָרעך הורוויטשן.
10 דעקאַבער 1944.

טײַערער באָריס!

א ליכטיק יאָר דיר. ביסט יונג, וועט נאָך זײַן פרייד. עס וועט זײַן גליק. האַלעווײַ זאָלן מיר דאָס קומענדיקע יאָר באַגעגענען צוזאַמען, בא איין טיש. און מיט פרישער יאָדלע זאָל שמעקן אין צימער, און אויסגע־לײַטערט זאָל ווערן אונדזער געמיט.

איך דריק דיך צום האַרצן
דײַן אַלטע לערערקע י ע ל ע נ א מ א ק ס י מ אָ ו ו נ א.

---

[1] פירשט קורבסקי איז פון קייסערלעכן צאָרן געלאָפן (א. ט אָ ל ס ט אָ י).

פון יעלענא טשיסטיאקאָווא צו באָרעך הורוויטשן.
15 יאנוואר 1945.

אזוי? האָט דאָס איַיז, הייסט עס, געפּלאצט. זאָיע האָט דיך באגריסט מיטן ניַי־יאָר. ווי איך פארשטיי פון דיַין בריוו, האָט זי אפילע וועגן אונדז געזאָגט א גוט וואָרט. נו, דאָס איז שוין גאָר ניט צו גלייבן. און עפשער ווילסטו זיך פּאָשעט אריַינלייגן אין שאָלעם צווישן אונדז (דו שריַיבסט דאָך ניט, אייגנטלעך, וואָס זאָיע האָט געזאָגט). נו, מיילע, אויב דו האָסט עס אפילע אויסגעטראכט, דאנק איך דיר אלציינס פאר דיַין גוט הארץ.

דו קאָנסט זיך ניט פאָרשטעלן, ווי עס מאטערט מיך זאָיעס צוריקגעהאלטנקיַיט. ניט נאָר זי קומט צו אונדז ניט אריַין (און ווען האָט זי דאָ נאָך אויסער אונדז?), ניין, בא יעדער צופעליקער באגעגעניש אפילע שטריַיכט זי אונטער איר פרעמדקיַיט. און איך האָב זאָיען ליב. ווען איך זאָל אפילע דאָס וועלן, וואָלט איך ניט געקאָנט זיך צווינגען זי ניט ליב צו האָבן. איך בין ניט פון היַינט געבאָרן. מיַין לעבנס־דערפארונג, איבערהויפּט אין די לעצטע שווערע יאָרן, האָט מיר געגעבן גענוג שטאָף אף צו פאנאנדערקליַיבן זיך אין מענטשן. און זאָיע, פיל איך, איז אן עכטער מענטש, אן עכטער און אן אנטשיידענער. נאָר מאָדנע איַינגעשלאָסן אין זיך. שטעל זיך פאָר, אז ביז דאָ ניט לאנג האָב איך אפילע איר פּראָפעסיע ניט געוווּסט. וויַיזט זיך ארויס, אז זי איז אויך א לערערקע, פּונקט ווי איך.

און דאָס אלץ, וואָס מיר האָבן איניינעם איבערגעלעבט, ווי קאָן מען עס פארגעסן? נאָר וואָס זאָל מען טאָן? עס מאכט זיך ערגערס. מאן און וויַיב גייען זיך דאָך אויך אמאָל פאנאנדער. אָט ערשט, דאכט זיך, זיַינען זיי געווען מעשוגענערוויַיז פארליבט. און קינדער האָבן זיי, און געקניפּט און געבונדן זיַינען זיי מיט איין און דער זעלבער סוויווע. און די גיַיסטיקע און די מאטעריעלע אינטערעסן זייערע פאלן צונויף. נעמען אזעלכע צוויי און צעברעכן אָן ראכמאָנעס יענעמס לעבן און גאנץ אָפט אויך דאָס אייגענע. איך פארזיכער דיך, אז זעלטענער פון אלץ קומט עס פאָר איבער א ניַיער ליבע, אן עמעסער אָדער אן אויסגעדאכטער. ניין, איבער א שווארצער קאץ קומט עס פאָר, וועלכע לויפט דורך דעם וועג ניט צו דער ציַיט. די שווארצע קאץ נעמט אָן דעם אָנבליק פון דעם געליבטן מאנס קאָפּ, א פארטיפטן אין א ציַיטונג, בייס זי, דאָס וויַיב, שטייט איַינגעבויגן, א פארמאָטערטע פון א טאָג ארבעט, איבער א מולטער ווינדעלעך פון זייער ביידנס געליבט קינד. אויב די דאָזיקע סצענע כאזערט זיך איבער פון טאָג צו טאָג, ווערט פון דער קאץ א טיגער. אמאָל, פארקערט, נעמט די שווארצע קאץ אָן דעם אָנבליק פון א שמייכל, וואָס דאָס וויַיב שענקט דעם מאנס א פריַינט, זייער אלגעמיינעם גאסט. ווערט שוין דער מילדער פרויען־שמייכל א טיגער. וואָס זשע איז דאָ צו ריידן וועגן פרעמדע מענטשן? מיסטאמע איז צווישן אונדז און זאָיען דורכגעלאָפן א שווארצע קאץ, און אזוי פלינק, אז ניט איך, ניט לעאָניד האָבן זי ניט באוויזן צו באמערקן. איך האָף, אז נאָך ביז דיַין אומקערן

זיך בעשאָלעם אהיים וועלן מיר די קאָץ כאַפּן פאַרן עק און אָפּשמײַסן מיט קראָפּעווע.

און מיר געדענקט זיך דאַפקע, וויאַזוי זאַיע האָט זיך באַוויזן בא אונדז, פּונקט ווי נעכטן וואָלט עס געווען, ווײַל מיט איר איז אין שטוב אַרײַן די מילכאָמע. געווען איז עס אַזוי:

מיר האָבן זיך געקליבן צו פאַרלאָזן די שטאָט אַלע אינײנעם. דײַן מאַמע מיט דינען האָבן אַרײַנגעטראָגן צו אונדז צוויי טשעמאָדאַנעס מיטן סאַמע נייטיקסטן. מיר האָבן געוואַרט אויף לעאָנידן, וועלכער האָט געזאָלט אונדז אַרופנעמען אויף איינער פון די מאַשינעס מיט דער זאַוואָד־אויסשטאַ־טונג. אָפּן וועג צום וואָקזאַל האָבן די מאַשינעס אַזוי אָדער אַנדערש אונד־זער שטוב ניט געקאָנט אויסמײַדן.

מיר זײַנען געווען גרייט. געוואַרט אַ שאָ, צוויי, דרײַ...

— איך וועל צוגיין צום זאַוואָד, — האָט געזאָגט דינע.

דער שטאָט־טראַנספּאָרט האָט ניט געאַרבעט. פּוסגייער, וועגענער, אייניקע געציילטע מאַשינעס — אַלץ האָט זיך געטראָגן צום וואָקזאַל. פון אונדז ביז צום מאַשינבוי־זאַוואָד איז, ווי דו ווייסט, ניט ווייניקער, ווי פינף־זעקס קילאָמעטער. אַפילע בא דינעס לופטיקײַט האָט איר „צוגיין" אַהין געזאָלט אָפּנעמען ווייניקסטנס אַ שאָ. צוריק האָט זי געהאָפּט אומצו־קערן זיך צוזאַמען מיט לעאָנידן אויף אַ מאַשין. אַנדערש האָט זיך גאָר אָפּן סייכל ניט געלייגט. אינמיטן וועג האָט דינען אָפּגעשטעלט אַ מוירעדיקער קנאַל, וועלכער איז געגאַנגען פון דער ריכטונג פון זאַוואָד. מיר, פאַר־שטייט זיך, האָבן אויך געהערט דעם קנאַל. דינע האָט אַ רעגע אָפּגעוואַרט און דערנאָך מיט אַלע קויכעס געלאָזט זיך לויפן אַהין, צו דער סריפע, וואָס אירע פלאַמען האָבן זיך שוין געלאָזט בוילעט זען.

נאָר דאָ האָבן מיט אַ געוואַי און אַ בראַזגערײַ גענומען טראָגן זיך פאַרבײַ איר אָפּענע פלאַטפאָרמעס, געלאָדענע מיט מעטאַל.

מענגעס מענטשן זײַנען נאָכגעלאָפן נאָך די מאַשינעס אין אַ קנויל פון שטויב, ביז יענע זײַנען ניט פאַרשוווּנדן אין דער ווײַט.

דינע האָט געטראַכט ניט אַנדערש, אַז מיט לעאָנידן האָט זי זיך אויס־געמיטן. דאַן איז פאַרשוווּנדן די לעצטע האָפענונג צו ראַטעווען זיך. דינע איז געלאָפן אַהיים. ניט געוווּסט, צי וועט זי שוין דאָרט עמעצן טרעפן.

דאָס אַלץ האָט אונדז דינע דערציילט שפּעטער. אין יענער רעגע, ווען זי איז אָן אָטעם אַרײַן אין שטוב, האָט זי נאָר געפרעגט:

— ניט געווען דאָ לעאָניד? מע טאָר זיך מער אויף קיין איין מינוט ניט פאַרהאַלטן.

— די מאַשינעס, דינע, האָט איר געזען? וואָס טוט זיך אָפּן זאַוואָד?

— מע זאָגט, אַ באָמבע. נאָר קיינעם ניט געשאַט.

מער האָב איך גאָרנישט געפרעגט.

ווי אַ צוגעשמידטע, בין איך געשטאַנען באַם פענצטער, אַרויסגעקוקט אין דרויסן. די גאַס איז שוין געווען פּוסט. און דאָ האָב איך מיטאַמאָל דערזען אַ פּרוי. און ווײַל אויסער איר איז אויף דער גאַס קיין איין לעבע־דיקער נעפעש ניט געווען און די האַלבטאָגיקע זון איז געשטאַנען אינמיטן

הימל, ווי בעקיוון אַף צו באַלײַכטן זי, איז די פרוי מיט אַ מאָדנער בוילעט־קײַט אַרײַן אין מײַן אויג, ווי אין אַ פאָטאָ־אָביעקטיוו.

איך האָב זי דערזען מיטאַמאָל, אינגאַנצן, פון קאָפּ ביז די פיס. אין איר בלימלדיק ציצן קלייד האָט געפעלט דער לינקער אַרבל. פון אונטער איר קאָפּטיכל פונעם זעלבן בלימלדיקן ציץ האָט זיך אַרויסגעשלאָגן אַ פּאַסמע צונויפגעקלעפּטע האָר, וואָס האָט אויסגעזען האַרט ווי אַ ברעט און פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר, צי בלאָנד, צי גראָוו. און די פיס... ווי אַן איבער־געזײַערט טייג זײַנען זיי אַרויס פון די ברעגן אַריבער די צעפּאָרענע לײַוונ־טענע טופליעס. און צעבלוטיקט, און צעדראַפּעט... אַ יונגע און אַ קרעפּ־טיקע אָפן אָנבליק, האָט די פרוי זיך געוואַקלט אין גאַנג. איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, ברייט זי צעעפנט.

די פרוי איז אַרײַן אָן אַ „גוטמאָרגן", אַ ווײַלע געבליבן שטיין בײַ דער שוועל. דערנאָך, ווי צונויפגעזאַמלט די לעצטע קויכעס, שטיל גע־זאָגט:

— מײַן מאַן הייסט דאָוויד הורוויטש. עפשער ווייסט איר...

עס מאַכן זיך אַזעלכע רעגעס אין לעבן, ווען גאַנץ פאַרשיידענע מענטשן האַנדלען פּלוצלינג אַף איין און דעם זעלבן אופן. דער נײַער גליד פון דער מישפּאָכע הורוויטש, זאָיע, וועלכע קיינער פון אונדז האָט ניט געקענט, האָט, ווי אַ בלינדע, אַ זעץ אַראָפּ זיך געטאָן אָפן נאָענטסטן בענקל, און מיר אַלע זײַנען מיט אונטערגעהאַקטע קני אַ פאַל געטאָן גלײַך מיט איר, יעדערער אַף דעם אָרט, וווּ ער איז בײַסמײַסע געשטאַ־נען. פון אונדזערע אַלעמענס אויגן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן טרערן. שטי־לע טרערן. די סאַמע ביטערע.

די אַלע שפּעטערדיקע, פיל שרעקלעכערע אײַנדרוקן, וואָס זײַנען אָנ־געוואַקסן מאַמעש אין די נאָענטסטע שאָען מיט אַ מוירעדיקער שנעלקײַט, האָבן אַלנפאַלס אין מײַן זיקאָרן ניט פאַרטונקלט אָט דעם אופבליץ, אין וועלכן ס'איז אופגעקומען פאַר אונדז דאָס געשטאַלט פון מילכאָמע.

זאָיע האָט ווי ניט באַמערקט די צערודערונג, וואָס זי האָט אַרײַנגע־בראַכט מיט איר קומען. אירע אויגן זײַנען געווען טרוקן. אָן קיין שום אויסדרוק אַף איר צונטער־רויטן פּאָנעם, פון וועלכן ס'האָט זיך געשיילט די הויט, האָט זי זיך מיט דער פלייצע אָפּגעוואָרפן אָפן ווענטל פון שטול, די הענט אויסגעצויגן אַף די קני. זי האָט גערוט.

און דאַפקע זי, זאָיע, האָט די ערשטע געשטערט די שטילקײַט:

— אַ שיסל קאַלט וואַסער, — זי האָט אַ ווײַז געטאָן אַף אירע געשוואָ־לענע פיס, פון וועלכע זי האָט באַלד באַם אוועקזעצן זיך אַראָפּגעוואָרפן די צעפּאָרענע טופליעס. — און טרינקען. גיט מיר עמעצער אַ טרונק.

עטלעכע מינוט נאָכאַנאַנד האָבן מיר מיט פאַרוווּנדערונג און מיט פאַר־באָרגענער שרעק געקוקט, ווי, האַלטנדיק די פיס אין דער שיסל קאַלטער וואַסער, גיסט זי אין דער זעלבער צײַט וואַסער זיך אין גאָרגל אַרײַן.

א גלאָז נאָך א גלאָז. ס'האָט אויסגעזעו, אז זי וועט שוין קיינמאָל איר דאָרשט ניט שטילן.

זאָיע האָט א לעצטן זופּ געטאָן און מיט דער ליידיקער גלאָז אָנגעוויזן אף אונדזערע טשעמאָדאנעס:

— אָט דאָס איז איבעריק. צו שפּעט. ניט גיין, נאָר לויפן דארף מען. טוט אָן אף זיך, וואָס איר קענט.

זי האָט שנעל ארומגעוואשן די פיס, ארײַנגערוקט זיי אין לעאָנידס א פּאָר שטעקשיך. פונעם גאנצן שוכווארג אין שטוב האָבן נאָר זיי איר געטויגט. ווערא̇טשקע האָט ארופגעוואָרפן אף אירע אקסלען א מאנטל. זאָיע האָט אים א צי געטאָן בא די לאצן און קורץ געזאָגט:

— קומט.

איך האָב א קוק געטאָן אף ווערען. שטומערהייט האָבן מיר זיך דער־רעדט ווארטן אף לעאָנידן. אָט אזוי האָבן מיר יענעם טאָג זיך צעשיידט מיט דײַן מישפּאָכע. ארומגענומען, צעקושט זיך, און זיי זײַנען ארויס פון שטוב.

לעאָניד איז געקומען צופוס אין א מינוט פופצן נאָך זייער אוועקגיין. לויט דעם, ווי איינער א באקאנטער ארבעטער האָט אים פאָרזיכטיק אונ־טערגעהאלטן, האָב איך פארשטאנען, אז מיט אים איז עפּעס ניט גוטס געשען. און ווירקלעך, די גאנצע רעכטע זײַט, פונעם אקסל ביז די קני, איז געווען בא אים אָפּגעבריט. לעאָניד און זײַן באגלייטער זײַנען האלב־דערשטיקטע ארויסגעלאָפן פונעם ברענענדיקן צעך און באלד געכאפּט זיך, אז דאָס זעכצניאָריקע יינגל, וואָס איז דאָרט געווען צוזאמען מיט זיי, איז ניטאָ. געוואָרפן זיך ווידער אין פײַער ארײַן און ארויסגעטראָגן פון דאָרט דעם פארקוילטן גוף פונעם יינגל. אזויארום האָבן זיי פארזען די לעצטע מאשין. שווער צו זאָגן, ווי איז דאָס געשען. צי מע האָט זיי ניט געקאָנט אופזוכן און געמיינט, אז זיי האָבן זיך אופגעזעצט אף אן אנ־דערער, א פריִער אָפּגעפאָרענער מאשין, צי אין דער אלגעמיינער מעהומע האָט מען וועגן זיי קלאָל פארגעסן, אזוי אָדער אנדערש, נאָר זיי האָבן זיך ניט ארומגעזען, ווי ס'איז אוועק די לעצטע מיט שטאָל און אײַזן אָנגעלאָדענע פּלאטפאָרמע, כאָטש איר ליאזגערײַ איז נאָך א היפּשע ווײַ־לע געשטאנען אין דער לופט.

געבראכט לעאָנידן אהיים, האָט דער ארבעטער געלאָזט זיך גיין צו איינעם א באקאנטן, בא וועלכן, ווי ער האָט אונדז פארזיכערט, ער וועט געוויס קריגן א פערד־און־וואָגן. איך האָב דערווײַל מיט א שער אופּ־געשניטן דעם רעכטן ארבל פון לעאָנידס העמד, ווי אויך די הויזן אפן רעכטן פוס. קעדיי ניט צו אָנטאָן אים קיין איבעריקע יעסורים. ארומגעו־וואשן דאָס אָפּגעברענטע לײַב מיט ספּירט און, ווי געקענט, ארומגעבונדן. אפן ארבעטער האָבן מיר זיך ניט דערווארט. פארפאלן געוואָרן, און גאָר... ביז איצט ווייס איך ניט, ווו ער איז הינגעקומען. מיר זײַנען אוועק זאל־בעדריט. נאָר פארלאָזן די שטאָט אלצייכנס ניט באוויזן. אינגיכן האָבן זיך אויך דײַנע אומגעקערט. זיי זײַנען אוועק ווײַטער פון אונדז, נאָר אויך זיי האָט מען פארטריבן צוריק אין שטאָט ארײַן.

אונדזער קליינע געזעלשאפט איז זיך צעפאלן. איך, ווערא̇טשקע און

לעאָניד זײַנען פֿאַרבליבן באַ זיך. לעאָניד האָט זיך אַף דער גאַס ניט באַוויזן. די ערשטע טעג זײַנען מיר אַלע געווען זיכער, אַז די גרעסטע געפֿאַר דראָעט אים. אַגעוו, די טעמפּעראַטור איז באַ אים געשטיגן ביז פֿערציק. ווען ניט ניקאָלײַ, וואָלט ער געבליבן אָן אַ האַנט. ניקאָלײַ פֿלעגט זיך אַרײַנכאַפּן אַף עטלעכע מינוט. ער האָט קעסיידער געצײַלט אין שפּיטאָל. אַ שווער פֿאָרגעפֿיל האָט אים געפּײַניקט. ער האָט זיך אַליין ניט געקאָנט אָפּגעבן קיין כעזשבן, וואָס צווינגט אים טאָג און נאַכט ניט אָפּצוטרעטן פֿון זײַנע כאַלאָיִם, אַפֿילע דאַן, ווען זיי האָבן זיך קלאַל אין אים ניט גענייטיקט. מיר האָבן דאָס אָפּגעטראָגן אַפֿן כעזשבן פֿון זײַן אייגענער קראַנקײַט. אַך, יאָ, וועגן דעם, דאַכט זיך, האָב איך דיר נאָך ניט געשריבן. ניקאָלײַען האָט מען מאָביליזירט פּונקט אין דעם טאָג, ווען דו ביסט צוזאַמען מיט דאָווידן אַוועק אין דער אַרמיי. נאָר אים האָט די קאָמיסיע ניט דורכגעלאָזט. אַן אַקטיווער טובערקוליאָז־פּראָצעס, און ער, דער דאָקטער, האָט עס ניט באַמערקט. אין דער יוגנט זײַנען באַ אים געווען עטוואָס אָנגערירט די לונגען. נאָר וועגן דעם האָט ער שוין פֿאַרגעסן צו קלערן. ערשט גאָר אַזאַ געשיכטע: די קאָמיסיע האָט אים פֿאַרבראַקעוועט. וועגן אים האָבן מיר קיין שום ידיִעס ניט. אָבער דאַן, אין דער ערשטער צײַט פֿון דער אָקופּאַציע, איז ער געווען אין שטאָט. אַליין אַ קראַנקער, איז ער אַף קיין איין טאָג ניט אָפּגעטראָטן פֿון זײַנע קראַנקע. ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז זײַן ציטערן איבער זיי געווען ניט אָן אַ גרונט.

נאָר ניט וועגן דעם קלײַב איך זיך דיר איצט דערציילן. מיר האָבן זיך באַזעצט אין אונדזער דירע, דײַנע — אין אײַערער. זאָיע האָט זיך באַלד פֿון זיי אָפּגעטיילט. קיין איין נאַכט אַפֿילע ניט איבערגענעכטיקט. דאָ, האָט זי געזאָגט, קען זי נאָך דערווײַל קיינער ניט. וועט פֿאַר אונדז אַלעמען זײַן גלײַכער, אויב מע וועט ניט וויסן, אַז זי געהערט צו דער מישפּאָכע הורוויטש און אַז איר מאַן איז אַ סאָוועטישער אָפֿיצער. און פֿאַרשווונדן. אַן אײַזערנער כאַראַקטער. נאָר גערעכט איז זי דאַפֿקע געווען. געאַרבעט האָט זי ערגעץ אַלס אַן אויפֿראַמערן אָדער אַ וועשערן. געלעבט אין אַ צוזאַמענוווינונג. זי וווינט נאָך איצט דאָרט.

זאָיע, דאַרפֿסטו ניט פֿאַרגעסן, איז געקומען פֿון מײַרעוו. איז וויפֿל מיר האָבן געוווּסט, האָט זי געוווּסט אין צען מאָל מער. האָט זי זיך צום צווייטן מאָל באַוויזן באַ אונדז פּונקט אין דער רעכטער צײַט. דאַן, ווען ס'איז אויסגעהאַנגען געוואָרן דער באַפֿעל וועגן די מערק־צייכנס אַף די בגאָדים פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. איז זי געקומען, זאָיע, און אָן איין איבעריק וואָרט אַוועקגעפֿירט מיט זיך די מאַמע. וויאַזוי האָט זיך איר, אַ פֿרעמדער באַ אונדז, אײַנגעגעבן צו פֿאַרבינדן זיך מיט לוקעריאַ פּוזיריאָווא, ווייסט איין גאָט. ביז דער נײַיאָר־נאַכט אַף דער שוועל פֿונעם 43־טן יאָר האָבן מיר זאָיען מער ניט געזען.

באַ דינען איז עס צוגעגאַנגען אַנדערש, ווי באַ דײַן מאַמען. זי האָט יאָ אָנגעטאָן דעם ייִדישן מערק־צייכן. אויך צו סימאָטשקעס מאַלבושים אים צוגענייט. קיין אַנדער ברייררע ניט געהאַט. איך האָב געייצעט דינען, זי זאָל אײַערע זאַכן אַרײַנטראָגן צו אונדז. נאָר דאָס מעבל לאָזן שטיין

און די גאַרדינען פון די פענצטער ניט אַראָפּנעמען. מע זאָל מיך דאַן געוויזן פרעגן, פאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי געזאָרגט פאַר דער געמיטלעכ־קייט פון אייער שטוב, וואָלט איך געוויס ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ווייל דאָס, וואָס איך האָב געטראָגן אין האַרצן, האָט זיך ניט געלייגט אויף צונג. וויפל כ׳האָב ניט געטריבן פון זיך דעם געדאַנק, האָב איך דאָך געוווּסט, אַז בא זיך אין שטוב וועט דינע מיטן קינד פאַרבלייבן ניט קאָ־נען. און כאָטש איך האָב זיך נאָך ניט פאָרגעשטעלט געניי די גרויזאַמ־קייט פון די פאַשיסטישע פּלענער לעגאַבע דער יידישער באַפעלקערונג, און וויאַזוי האָט אַ נאָרמאַלער מענטש געקאָנט זיך עס פאָרשטעלן, בין איך דאָך אינערלעך געווען גרייט צו דעם, אַז עפּשער וועט זיי נאָך אויסקומען בא אונדז אויסבאַהאַלטן זיך. אָט דאַפקע דערפאַר האָב איך געוואָלט, אייער שטוב זאָל אויסזען געמיטלעך. די שכייניעשאַפט מיט אַ דייטשישן אָפיצער האָט געקאָנט דינען נאָר צום גונסטן. מיר וועלן אים ניט אינטערעסירן, ווייל אין זיינע אויגן זיינען מיר קיין מענטשן ניט. דערפאַר אָבער וועלן אונדזערע היימישע כאַמולעס אהער ווייניקער קריכן. איך האָב אָבער גוט געוווּסט, אַז דערווייל איז אונדזער שטוב ניט דאָס אָרט, וואָס איז נייטיק דינען מיט סימאָטשקען. אָף צו געפינען אַן אַנדער אָרט האָט זיך געפאָדערט צייט. און קיין צייט איז ניט געווען.

יידן, ווי דו ווייסט, זיינען בא אונדז אין שטאָט געווען ניט קיין סאַך. דעם גרעסטן טייל האָט זיך איינגעגעבן צו עוואַקויִרן. דאָ האָבן קיין געטאָ די דייטשן ניט געשאַפן. זייער זאַך האָבן זיי אָפּגעטאָן בליץ־שנעל. פּונקט ווי פיל אַנדערע, איז דינע אַוועק מיטן קינד צום זאַמל־פּונקט. און... אין אונטערשייד צו די פיל אַנדערע, פּונקט אַזעלכע אומבאַוואָפנטע און שוץ־לאָזע, ווי זיי, האָבן זיי זיך דאָך אומגעקערט. אין פינף טעג נאָך דעם, ווי די שטאָט איז געוואָרן „יודנריין״. וויאַזוי זיי האָבן זיך אומגעקערט און אין וואָס פאַר אַן אויסזען, בין איך ניט בעקויעך צו באַשרייבן. עפּ־שער אַן אַנדערשמאָל, אויב דו וועסט עס פון מיר פאַרלאַנגען. סימאָטש־קעס קאָל אַלנפאַלס קאָן איך זיך ניט דערמאָנען נאָך זייער אומקערן זיך. ווי אַ מייזל פלעגט ער זיך פאַרשלאָגן אין אַ ווינקל און שווייגן. נאָר אויפ־ציטערן בא יעדן טראָט הינטערן פענצטער.

י. ע. ט ש.

פון יעלענאַ טשיסטיאַקאָוואַ צו באַרעך הורוויטשן.
20 פעווראַל 1945.

### טייערער באַריס!

דאַנק מיך ניט! לויב מיך ניט! בעט ניט בא מיר קיין מעכילע פאַר דעם, וואָס מיט דיין צייען פון מיר נאָך און נאָך, דרייסטו בא מיר איבער, ווי דו דריקסט זיך אויס, אַלע מיינע אינגעווייִדן. און דאָ דערבײַ שרייב־סטו, אַז מיינע בריוו זיינען פאַר דיר אַ טרייסט. מיינע בריוו, שרייבסטו, פאַרשאַפן דיר אַ פּיינלעכן טייִנעג. אַ טייִנעג... דעם עמעס געזאָגט, האָט

מיך די ערשטע רעגע דאָס דאָזיקע וואָרט געפּלעפּט. נאָר באַלד, הער נאָר אַ נאַרישקייט, האָב איך זיך דערמאָנט:

...איך זיץ איינע אַליין אין שטוב און ניי אויס אַ סערוועטל. אַזאַ מין פּראָווינציעלע געמיטלעכקייט... צי איז עס ניט קיין כאָלעם? צי איז עס געווען? עס גלייבט זיך ניט. איך הער, אין פּירהויז גיט זיך אָן עפּן די טיר און פאַרמאַכט זיך מיט אַ טראַסק. איך הער זיך צו, שטיל. גיי איך אַרויס אין פּירהויז. דו שטייסט אַ צונויפגעדרייטער אײַנדרײַען, און די רעכטע דלאָניע דײַנע, ווי זי וואָלט זיך געמיט עפּעס פון זיך אָפּצוטרייסלען. גרינגער איז דיר פון דעם טרייסלען ניט געוואָרן. דער פינגער, וועלכן דו האָסט צוגעשטשעמעט מיט דער טיר, איז אַלציינס אופּגעלאָפן געוואָרן מיט בלויקייט. און פון קיין קאַלטן קאָמפּרעס האָסטו זיך בײַ מיר אויך ניט אַרויסגעדרייט, אָבער אַ שטיקל פּײַנלעכן טײַנעג האָסטו דאָך פאַרזוכט, בייס דו האָסט זיך געמיט אַראָפּטרייסלען פון דער האַנט דעם ווייטעק. טאָ דערלויב אויך מיר פון דעם געניסן. הײַנט פאַרשטייסטו שוין, אַז דאָס אַלץ, וואָס איך שרײַב דיר, טו איך ניט נאָר פאַר דיר. פאַר זיך אויך. דאָס האַרץ איז צונויפגעשטשעמעט, מיט בלויע צייכנס אופּגעלאָפן. מיט זיך עס אַראָפּטרייסלען די יעסורים, זאָל זײַן אַף פּאַפּיר. לאָמיר זיך פאַרגינען דעם פּײַנלעכן טײַנעג פון אויסגיסן דאָס האַרץ.

דאָס לעבן גייט ווײַטער. עס האָבן בײַ אונדז זיך שוין אַפילע געעפנט די שולן. נאָר איך... ניין, איך וועל שוין אין שול מער ניט אַרבעטן. און פאַר די דײַטשן האָב איך יאָ געאַרבעט. קיינער האָט מיך ניט געצוווּנגען. מיר איז שוין דאַן געווען אַריבער זעכציק. דאָס פאַרדינסט? אין קינדערהיים האָב איך געאַרבעט. מײַן כוידעשלעכער געהאַלט האָט קוים געסטײַעט אַף איין לאַבן ברויט אַפן שוואַרצן מאַרק. וואָס זשע האָט מיך געצוווּנגען צו אַרבעטן?

וואָס מע זאָל ניט דערציילן און ניט באַשרײַבן פון דער אָקופּאַציע, איז עס אַלץ אַזוי און ניט אַזוי. ווייל צו דעם, וועלכער האָט עס ניט געזען. לעמאָשל, אַן אָבלאַווע אַף קינדער פון פערצניאָריקן עלטער, דורכגעפירט לויט אַלע קלאָלים פון יאַגד, ווי אַף אַ בער. איז ווײַל הונגער, ווײַל פאַרוואָרלאָזטקייט, ווײַל סײַ די קינדהייט, סײַ די יוגנט האָט, טראָץ יעדן נאַטור־געזעץ, ניט געטאָרט דויערן מער, ווי ביז פערצן יאָר, האָט מען געמוזט בלײַבן מיט די יעסוימים ביז לעצט, קוים האָסטו איבערגעטראָטן די שוועל פונעם קינדערהיים. דאָס פאַרשטייט יעדערער. בײַ מיר איז געווען נאָך אַ סיבע, איבער וועלכער איך האָב געמוזט גיין אַרבעטן. איבער דינען מיטן קינד האָב איך נייטיק געהאַט אַ שלאָס אַף דער דרויסנטיר. אין שטוב, הייסט עס, איז קיינער ניטאָ. נו, כ׳וועל ניט לייקענען, אַז דאָס שטיקל שפּײַז־קאַרטע, וואָס איך האָב, אַלס אַרבעטנדיקע, באַקומען, איז אויך געווען ניט איבעריק.

דאַכט זיך, געננוג, יאָ? ווי אָבער, אַז איך וועל דיר זאָגן, אַז דאָס אַלץ זײַנען געווען בײַסיבעס? ווען איך האָב זיך הענדעם־פּענדעם אַ לאָז געטאָן נאָך אַן אָרט אין קינדערהיים, האָב איך נאָר איינס געהאַט אין זינען — ניט קיין לערערקע זײַן, נאָר אַ דערציִערן. בײַ דעם איינעם געדאַנק, אַז ס׳וועט מיר אויסקומען צו לערנען מיט רוסישע קינדער דײַטש,

האָט מיך געוואָרפן אין היץ און אין קעלט. נאַריש, וועסטו זאָגן? ס'איז עפּשער אפילע געמיין, האָב איך זיך אליין געזאָגט. קינדער דאַרפן זיך לערנען. קינדער דאַרפן קענען און וויסן וואָס מער, נאָר הערסטו, מיט דיר רעד איך, ווי מיט זיך אליין, אויך איצט וואָלט מיר שווער געווען צו פּויעלן בא זיך לערנען מיט רוסישע קינדער דײַטש. נאָר וועגן איצט איז שוין אָפּגערעדט. מײַן ריִע...

אגעוו דוכט מיר טיילמאָל, אז לעבנדיק בא די דײַטשן, האָב איך גאָר די דײַטשישע שפּראַך פאַרגעסן. די אלע, וואָס האָבן קעסיידער געהאָל־דערט אַף די גאַסן און דורך די ראַדיאָ־רופּאָרס, האָב איך קוים פאַרשטאַ־נען, א שפּראַך, וואָס ווייסט נאָר צו באַפעלן. אין אײַער דירע, ווי איך האָב פאַרויסגעזען, זײַנען אײַנגעשטאַנען אָפּיצערן. עפּשער מענטשן מיט העכערער בילדונג. געטען און שילערן געלייענט. נאָר...

צו מיר איז צופעליק אַרײַנגעפאַלן א בוך וועגן דער דײַטשישער קלאַסיק, אין 1940 אַרויסגעגעבן. מיסטאַמע האָט עס עמעצער פון אײַערע קוואַרטיראַנטן פאַרלאָרן. איך האָב מיט דאָרשט אַף דעם זיך אַרופגע־וואָרפן. א מעכײַע, הערסטו... קיין איין דרוקפעלער. די דאַטעס פּינקט־לעכע. אפילע די ציטאַטעס ניט קיין געפעלשטע. און די קלאָרקײַט, די לײַכטקײַט פון אויסלייג... דער מעכאַבער איז ווערט געווען יעדע לויב. זײַן מויעך איז געווען אויסגעצײבט ניט ווייניקער, ווי דער גוף בא א צירק־פּאַיאַץ. און ס'איז קיין ווונדער ניט. אי דער, אי יענער האָבן באַלאַנסירט איבער אן אָפּגרונט. איין אומפאַרזיכטיקער קער און... ניטאָ דער פּאַיאַץ. איין אומפאַרזיכטיקער דריק אַף א קלאַוויש פון דער שרײַבמאַשינקע, שפּרינגט פון אונטער איר אַרויס ניט דער געטע, וואָס מע באַדאַרף, און ניט דער שילער, וואָס מע באַדאַרף. איז אויס מיטן מעכאַבער.

דער צירקאַטש אָבער איז פלינק, דער מעכאַבער איז קלוג. אן ערודיט און א פּאַיאַץ אין איין פּערזאָן. רוקט און באַדאַכט קנײַפּט ער אָפּ א פּער־נעץ נאָך א פּענעץ פון א גאָלדענעם מאַראַנץ. דעם זאַפט זויגט ער אויס, שלינגט אַראָפּ (פאַרוואָס דען ניט?), דאָס הײַטל שפּײַט ער אויס אין א פרעמדן מויל אַרײַן.

מיט די בעסטע גרוסן

יע. טשיסטיאַקאָווא.

פון יעלענאַ טשיסטיאַקאָווא צו באָרעך הורוויטשן.
10 מאַרטש 1945.

געדענקסטו נאָך יענע אָוונטן, באָריס? א דאַנק, א דאַנק, האָסט דער־וואַרעמט מײַן אַלט האַרץ. דו, לעאָניד, דאָוויד, קאָליע דאָברינין, ווי איר פלעגט זיך עס אויסזעצן אַף מײַן גרויער קאַנאַפּע און הערן, און הערן. טײַערע מײַנע יינגלעך, מיר האָט זיך אַזוי געוואָלט אויסאַרבעטן בא אײַך א גוטע אויסשפּראַך. און די שיינקײַט פון דער דײַטשישער דיכטונג האָב איך געוואָלט, איר זאָלט פילן. איז מיר געווען גוט פון דעם, וואָס איר זיצט, ווי די סטאַטיקעס, ניט אַף די שול־בענק, נאָר בא מיר אין צימער אַף דער אַלטער גרויער יערושע־קאַנאַפּע, און איך לייען אײַך אַף א קאָל היינען. איר זײַט שוין דאַן געווען גרויסע יינגלעך, 14—15־יאָריקע.

נאָר װעראָטשקע, װיפֿל איז זי סאַכאַקל אַלט געװען — אַכט־נײַן יאָר, נאָך גאָר אַ קינד, איז זי אױך געזעסן דערבײַ. און, האָב אַף מיר קײן פֿאַריבל ניט, מײַן טײַערער, זי איז געװען די סאַמע פֿײַיִקע, די סאַמע עמפֿינדלעכע צװישן אײַך. נאָר פֿון װעראָטשקען לאָמיר הײַנט ניט רעדן. אָט, װען מיר װעלן זיך זען...

איך װעל דיר הײַנט בעסער דערצײלן אַ ביסל װעגן מײַן באָבען. װײַל ניט איך — זי האָט עס צוגעטראַכט אַזעלכע אָװנטן. זײ זײַנען איבערגע־גאַנגען צו מיר בעירעושע. אַ מישפּאָכע־טראַדיציע. מײַן באָבע האָט ניט געװוּסט פֿון קײן גרעסערן פֿאַרגעניגן, װי פֿאַרצולײענען אין די אָװנטן פֿאַר מיר און פֿאַר מײַנע צװײ שװעסטערלעך דײַטשישע פּאָעזיע. אַגעװ, איז אַפֿילע די קאַנאַפּע, אַף װעלכער איר זײַט געזעסן, אױך דער באָבעס. אַן אַלטע אױסגעריבענע קאַנאַפּע, מיט סטאַרטשענדיקע פּרוזשי־נעס, נאָר איך האָב ניט געהאַט קײן האַרץ זי אַרױסצוװאַרפֿן. אַפֿילע אַף איבערציִען זי מיט אַן אַנדער שטאָף האָט זיך באַ מיר די האַנט ניט אױפֿ־געהױבן.

איך װײס גאַנץ גוט, פּונקט װי דאָס װײסן אױך אַנדערע לערער, אַז קימאַט יעדערער פֿון אונדז האָט געהאַט באַ די שילער אַ צונעמעניש. אין בעסטן פֿאַל פֿלעגט איר אַף אונדז אָנהענגען דאָס שילדל פֿון אונדזער ספּעציִאַליטעט: „דער פֿיזיקער", „דער כימיקער" און דאָס גלײַכן. װעגן זיך האָב איך אײנמאָל געהערט, װי אַ מײדעלע האָט אױסגעשריִען איבערן גאַנצן שול־קאָרידאָר: „קינדער, אין קלאַס אַרײַן, די דײַטשקע גײט". נו, מײלע, „דער כימיקער גײט", „דער מאַטעמאַטיקער גײט", איז פֿאַרװאָס ניט „די דײַטשקע גײט"? אַ פּראָפֿעסיע אַזאַ... אַזױ האָט עס פֿאַר מיר גע־קלונגען. איך בין דאָך אָבער ניט נאָר אַ לערערן פֿון דײַטש, נאָר, דאָס װעט זײַן פֿאַר דיר אַ נײַס, עטװאָס אַ דײַטשקע אױך אינדערעמעסן. אײן באָבע מײַנע, דעם טאַטנס מאַמע, איז געװען אַ דײַטשקע. זײער אַ געביל־דעטע פֿרױ. אַכט שפּראַכן געקענט. אױך אַ פּיאַניסטן געװען, און אַ מאָ־לערן.

אײן־אײנציק קינד האָט זי געהאַט — מײַן טאַטן. פֿונעם קימפּעט אַרױס מיט אַ שװערן האַרצפֿעלער. האַרבסט־צײַט, בײסן אומקערן זיך אין שטאָט פֿון דער זומער־װױנונג, פֿלעגט דער זײדע, אַזױ האָט זיך מיר פֿאַרגע־דענקט, אַף די הענט אַרופֿטראָגן די באָבע אַפֿן צװײטן שטאָק. בלױז אין די זומערדיקע כאַדאָשים האָט די באָבע זיך דערלױבט צומאָל אַרױסגײן אין דרױסן. זיצן אַ שאָ אָדער צװײ אַפֿן הױף אַף אַ שטרױענעם פֿאָטעל, פֿאַרוקט אין סאַמע שאָטן. קימאַט דרײַ פֿערטל פֿונעם יאָר האָט זי פֿאַר־בראַכט צװישן די פֿיר װענט פֿון איר געמיטלעכן צימער אַפֿן צװײטן שטאָק. פֿונעם צװײטן שטאָק האָט מען אין יענע יאָרן געקאָנט קוקן װײַט. איבערהױפּט אין פֿאָרשטאָט, װוּ מיר האָבן געװױנט.

קינדער האָבן ניט ליב דעם רײעך פֿון קרענק. באַ אונדזער קראַנקער באָבען האָבן מיר דעם דאָזיקן רײעך ניט געפֿילט. עפּשער טײלװײַז דער־פֿאַר, װאָס װען איר געזונט פֿלעגט זיך פֿאַרערגערן, האָט מען אונדז צו איר ניט צוגעלאָזט. נאָר קױם האָבן מיר דערהערט: „קינדער, די באָבע רופֿט!", האָבן מיר, אַלע דרײַ שװעסטער, מיט סימכע אַ לאָז געטאָן זיך

אַף די אינוווייניקסטע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פונעם ערשטן שטאָק אפן צווייטן. און קיינמאָל האָט קיינער אַף אונדז ניט אָנגעשריִען: „שטי־לער, קינדער, וואָס טראָגט איר זיך, ווי די רוכעסו!" מײַן באָבע וואָלט אזא אויסרייד ניט דערלאָזט. דאַסראָוו פלעגן מיר זי טרעפן זיצנדיק אין בעט, די פּלייצע אונטערגעשפּארט מיט א קישן. אַף אירע קני איז געלעגן א שטיק זײַד־שטאָף, און זי האָט געפירט איבער דעם מיט א נאָדל און פאָדעם. מיר האָבן מיט נײַגער פארגלײַכט דעם שיינעם געמעל אַף פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַף א שאַפּקעלע לעבן דער באָבעס בעט, מיט דעם געמעל, וועלכן אירע דינע פינגער האָבן מיט פארביקע פעדעם אויסגעפילט אפן שטאָף.

מײַן זיידע איז געווען א גוואר. און דאָך איז געקומען א צײַט, ווען מיר, קינדער, האָבן אָנגעהויבן צו באמערקן, אז דער זיידע עלטערט זיך. און די קראנקע באָבע ניט. זי איז פאר אונדז געווען א יוגנט, מיט וועלכער ס'האָט עפּעס ניט גוטס געטראָפן. אירע שטעקעלעך־הענט, איר בלאס אויסגעצויגן פּאָנעם? נו, אזא איז זי, אונדזער באָבע, פון אייביק אָן און אַף שטענדיק. אירע פולע לעבעדיקע ליפּן האָבן ווי אראָפּגעווישט די קרענקלעכקײַט פון איר געשטאלט.

איין מאָל אין יאָר, אין דער באָבעס געבורטסטאָג, פלעגט דער זיידע אײַנאָרדענען א מין אויסשטעלונג פון אירע אקווארעל־בילדער, וועלכע זי האָט באוויזן אָנצומאָלן ביז דעם, ווי זי האָט געבראכט אַף דער וועלט מײַן טאטן און אזוי טײַער פאר דעם באצאָלט. די אקווארעלן זײַנען מיט יאָרן צוריק אָנגעקלעפּט געוואָרן אַף ווײַסן פּאַפּיר מיט ברייטע ראנדן, בארעמלט מיט שמאָלינקע הילצערנע רעמלעך און באגלאָזט. אונדז איז נאָר פארבליבן דערלאנגען זיי דעם זיידן צו דער האנט. און ער האָט זיי פאנאנדערגעהאנגען אַף די פון פריִער, אויך מיט יאָרן צוריק, צוגע־שלאָגענע טשוועקלעך. די טאפּעטן אַף די ווענט זײַנען דאָ שטענדיק געווען געלבלעכע אָדער גרינלעכע. אגעוו, איז דער באָבעס און דעם זיידנס וווינונג געווען עפּשער די איינציקע אין שטאָט מיט טאפּעטן אָן קווייטן. אויסגעהאנגען די בילדער, פלעגן מיר שטיל, מיט יִיראס־האקאָ־וועד, פּונקט ווי אין א מוזיי (אין קיין מוזיי איז צו יענער צײַט נאָך קיין איינער פון אונדז ניט געווען) נעמען באטראכטן זיי, גייענדיק פון איי־נעם צו דעם צווייטן. מיר האָבן געקוקט אַף די בילדער, און די באָבע אַף איר בעט האָט אונדז נאָכגעפאָלגט מיט אן אומרויִקן בליק. די בילדער פלעגן מיר אויסהענגען אינדערפרי, און אין אָוונט פון דעם זעלבן טאָג, אויסער עטלעכע, וועלכע די באָבע האָט געבעטן איבערלאָזן, יעדער יאָר אנדערע, אראָפּגענומען פון די ווענט. אַף מאָרגן פלעגט מען ניט נאָר אונדז, נאָר אפילע דעם טאטן מיט דער מאמען צו דער באָבען ניט צולאָזן. „דאָס נעכטיקע, — האָט שטיל דערקלערט דער זיידע, — האָט זי שטארק אופגערודערט".

עס האָט זיך אמאָל אויך געמאכט, וואָס ווײַטער אלץ זעלטענער, אז די באָבע פלעגט אפילע צוזעצן זיך צום ראָיאל, וועלכער האָט פארנומען בא א דריטל פון איר צימער. דעם קאָפּ עטוואָס אָנגעבויגן אָן א זײַט, פלעגט זי א ווײַלע ווי צו עפּעס זיך צוהערן. די העלע האָר, גלאט פאר־

קאַמטע אַף אַ גלײַכן שרונט און שטײַף פאַרקרעמפּעוועטע אַף דער פּאָטיליצע מיט אַ ברייטן בײַנערנעם קאַם, האָבן אונטערגעשטראָכן די מאָגערקײַט פון איר פּאָנעם. מיטאַמאָל, ווי פון זיך אַליין, פלעגן אירע אויסגעדאַרטע פינגער אַ יאָג טאָן זיך איבער די ווײַסע און שוואַרצע ביינדלעך, און אָט האָט שוין אַ האַלבע גאַס געהערט דער באָבעס שפּילן. פריילינגצײַט, אין אַ לויטערן טאָג, פלעג איך זען, ווי איינס נאָך איינס עפענען זיך פענצטער אַנטקעגן אונדז. און קעפּ קוקן פון זיי אַרויס, מערסטנטייל פרויען־קעפּ. ס'פלעגט זיך מאַכן, אַ יונגער פרויען־קאָפּ קערט זיך אויס אַף אַהינטער, טראָגט צו אַ פינגער צו די ליפּן, — ווייס איך, וואָס דאָס באַדײַט: „שטילער, קינדער, די דײַטשקע שפּילט". אין די אויגן האָבן מענטשן גערופן מײַן באָבע ווערא אַליעגאָוונאַ, אַפּן רוסישן שטייגער. אַגעוו, האָט זי עס אַליין אײַנגעפירט, עס זאָל זײַן פּאָשעטער אויסצורײדן איר נאָמען. הינטער די אויגן האָט מען זי אָבער אַלציינס גערופן „די דײַטשקע". אין דער באָבעס געבורטסטאָג פלעגט צו אונדז געוויינלעך אַרײַנקומען אַ שטאַלטנער עלטערער מענטש מיט גראָווע וואָנצעס. ער פלעגט מיט די ליפּן באַרירן דער באָבעס האַנט און צוטראָגן איר בלומען. איך ווייס ניט פונוואַנען, נאָר מיר, קינדער, האָבן געוווּסט, אַז דער דאָזיקער עלטערער מענטש, גוסטאַוו אַדאָלפאָוויטש האָט ער געהייסן, איז אין דער יוגנט פאַרליבט געווען אין אונדזער באָבען. ער האָט דער איינציקער אין שטאָט גערופן זי באַם עמעסן נאָמען „ווירגיניאַ אַלפרעדאָוונאַ".

אָט די־אָ קראַנקע באָבע מײַנע האָט עס אײַנגעשטעלט באַ אונדז אין שטוב די טראַדיציע פון לייענען אַף אַ קאָל דיכטונג. ניט נאָר דײַטשישע. אויך פּושקינען, אויך טיוטשעוון האָט די באָבע פאַר אונדז פאָרגעלייענט. איר שטים איז געווען דאַפקע אַ קלינגעוודיקע, אַ פולע, פונקט ווי אירע ליפּן. ס'האָט זיך ניט געגלייבט, אַז די קלאַנגען ברענגט אַרויס אַזאַ שמאָלע, אײַנגעפאַלענע ברוסט. מאָדנע, דאָס פאַרלייענען האָט די באָבע קיינמאָל ניט מיד געמאַכט. קימאַט שטענדיק האָט זיך געמוזט אַרײַנמישן דער זיידע, ווען ער איז געווען אין דער היים: „נו, ווערוניאַ, אַף הײַנט וועט זײַן גענוג. זאָלן די קינדער אָפּרוען". דאַן ערשט פלעגט די באָבע אָנקוקן דעם זיידן מיט אַ טרויעריקן בליק און באַלד אָפּלייגן אָן אַ זײַט דאָס בוך.

פאַרוואָס האָב איך זיך עס הײַנט אַזוי צערעדט וועגן מײַן באָבען גאָר? צו דעם איז גוירעם געווען דײַן לעצטער בריוו. דו האָסט מיר דערמאָנט וועגן יענע אָוונטן. כ'וועל דיר זאָגן דעם עמעס, אַ גרויסמוטיקײַט האָב איך אין דעם אײַנגעזען. אַ געטלעכן פונק האָב איך אין דײַן האַרץ דערזען. און ס'האָט זיך מיר פאַרוואָלט דערציילן דיר פון מײַן באָבע — דער דײַטשקע. איצט, ווען דו געפינסט זיך שוין באַם שוועל פון דײַטשלאַנד...

מיט ליבשאַפט

י ע ל ע נ אַ  ט ש י ס ט י אַ ק אָ וו אַ.

פּ. ס. וועסט פון מיר לאַכן, מײַן פרײַנט, איז מיילע, לאַך. מעגסט זיך טראַכטן, אַז יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ איז אַף דער עלטער... אָבערגלויבן?

זאָל זײַן אָבערגלויבן. נאָר אונדזערע ביידנס לעצטע בריוו נעם איך אָן, ווי א גוטן סימען. הײַנט איז דער צענטער מאַרט. עפשער וועט דער ערש־טער מײַ זײַן א צווייענדיקער יאָמטעוו? ס'איז פונקט די רעכטע צײַט, דער דופט פון בלײַענדיקן בעז זאָל צעווייען דעם רייעך פון פולווער. לאָמיר עס נאָר דערלעבן.

י ע. ט ש.

שפּיצן פון געבעט־הײַזער, רויטע דעכער, הויכע רויטע קוימענס. מענטשן זאָגן, דאָס איז שיין. מיסטאמע זײַנען זיי געצעכט. נאָר אים, באָרעכן, איז שוין אזוי נימעס געוואָרן דאָס לעבן אין דער פרעמד. ווען עס נעמט טונקלען אין דרויסן, דוכט זיך אים גאָר, אז פון די מעשופּע־דיקע דעכער קוקן צו אים אראָפּ רויטע, מיט ביר אָנגעזויפטע פּענעמער. זאַיע... א פײַנע יאָמטעוו־באַגריסונג האָט זי אים צוגעשיקט: „זאַיע, ווער ביסטו, זאַיע? פונוואַנען האָסטו זיך גענומען אף מײַן קאָפּ?"

ווען די דעכער זײַנען נאָך געווען גאַנץ און די האלבע קריגלעך אף זיי האָבן זיך געהאלטן, אריינגעטאָנענע איינס אינעם אנדערן, ווי פעסט צונויפגעפלאָכטענע פינגער, זײַנען זיי געווען באַרופן צו שיצן „די קינ־דער" און „די קיכע" אין די אײַנגעפונדעוועטע הײַזער. פאַר די נעשאָ־מעס פון זייערע אײַנוווינער האָט זיך געזאָלט זאָרגן „די קירכע". די מוירעדיקע הויכע קוימענס און אוואדע דאָך די שפּיצן פון די געבעט־הײַזער — אלץ האָט זיך דאָ געצויגן צום הימל, צום אלמעכטיקן גאָט מיט דער פולער זיכערקײַט אין זײַן טרײַשאפט. ווײַל יעדערער איז מע־כויעוו ערלעך אויסצופילן זײַן פליכט: ווי דער מענטש, אזוי אויך גאָט.

„זאַיע, וואָס האָסטו צו מיר און צו זיך? וואָס פאַר א דיבעק איז אין דיר אריין? אומרויק ביסטו פאַר מיר, און אליין פאַרוווּנדעסטו מיך. מיינסט, ס'איז מיר גרינג צוצוזען, ווי נעבעכדיק עס זעען אויס הויכע שטאָלצע קוימענס, בייס זיי וואַלגערן זיך אין דעם מיסט?"

ניין, שטיין־ברוך, צעקנאַקט גלאָז און ליימענע שערבלעך, זאָל זײַן פרעמדע, פאַרשאַפן ניט באָרעכן קיין שאָדנפרייד. נאָך דער לעצטער פאַרוווּנדונג, שוין בא דער פוילישער גרענעץ, האָט עמעצנס א גוט אויג אויסגעלייענט אין זײַנע פאַפּירן, אז פאַר דער מילכאָמע האָט ער גע־ארבעט אלס אינזשעניער אף א ברויט־זאוואָד. האָט מען אים באפוילן צו באזאָרגן מיט ברויט אָט די־אָ גרויסע הונגעריקע דײַטשישע שטאָט. איז עס עפשער ניט רעכט פון אים, נאָר די ביינערדיקע רוקנס אָן א סימען פון ווײַבערשער ווייכקײַט און קײַלעכדיקײַט, וואָס שטייען א גאנצן טאָג איבערגעבויגן איבער די מולטערס און קנעטן, און קנעטן, רופן בא אים ניט ארויס קיין מינדסט בייז געפיל. די מולטערס האָבן די פרויען צונויפ־געשלעפּט פון די אייגענע שטיבער. די ערשטע ראָשטשינע האָט ער זיי אליין געבראַכט פון א רוסישער פעלד־בעקערײַ. ער טוט פאַר זיי אלץ, וואָס ער קאָן.

זיי ארבעטן מיט פלײַס, די אויסגעדאַרטע פרויען. בא אים אין דער היים רופט מען אזוינע „סאָלדאַטקעס". יענע, די סאָלדאַטקעס, ארבעטן אויך מיט פלײַס, נאָר צאָרעס וואָלט ער פון זיי געהאַט מיסטאָמע מער

ווי פון די פרעמדע. די אייגענע וואָלטן אמאָל זיך דערלויבט אפילע צו פאַרשפּעטיקן. באַ די דײַטשקעס איז עס אויסגעשלאָסן. די אייגענע, די סאָלדאטקעס... זיי וואָלטן מיט א ווערטל זיך דורכגעוואָרפן, כאָטש הונ־געריק, א לידל פאַרצויגן. און ער, באָרעך, וואָלט מיסטאמע מיט א צו־נעמעניש געקרוינט געוואָרן. עס וואָלט אים ניט געארט, ער זאָל באַ זיי הייסן „דער ווײַבערשער קאָמאנדיר", א דײַגע ער האָט, און איינע, א יונ־גינקע און א שעמעוודיקע, זאָל דערבײַ שטיל א כיכיקע טאָן און פאַר־שטעלן מיטן ארבל דאָס מויל. און די... זייער שפּראַך קען ער דאפקע ניט שלעכט, וועגן דעם האָט זיך געזאָרגט יעלענא מאקסימאָוונא, נאָר קיין ווערטער פאַר זיי האָט ער ניט. ווי פינצטערע געשפּענסטער וואָלטן געשטאנען פאַרטײַעט הינטער זייערע אײַנגעבויגענע רוקנס.

יעלענא מאקסימאָוונא... זאָיע... וואָס האָט צו אים זאָיע?

ער האָט זיך שטיל ארײַנגעגאנווענט אין שטוב, פאַרשלאָסן פון אינ־וויניק די טיר פון זײַן צימער. נאָר איינס באדאַרף ער איצט: די באַ־לעבאָסטע זאָל ניט וויסן, אז ער איז געקומען. זי האָט אָבער א גוטן גע־הער. קיין מינוט איז ניט אדורך, און זי קלאַפּט שוין פאָרזיכטיק אין טיר. באָרעך האָט זיך ניט אָפּגערופן. די באלעבאָסטע איז אוועק. מיסטאמע, א באליידיקטע. צו אלדי שווארצע יאָר... מער האָט ער שוין ניט וועגן וואָס צו טראכטן, ווי נאָר וועגן דער באלעבאָסטע, צי איז זי מיט אים, כאָלילע, ניט אומצופרידן... אינעם צימער, וואָס ער פאַרנעמט, איז אויף דער וואנט בוילעט צו זען א סימען פון א לענגלעך פּירקאנטיק בילד, וואָס איז, ווײַזט אויס, ניט לאנג צוריק אראָפּגענומען געוואָרן. וועמענס בילד איז דאָ געהאנגען? דעם מאנס פון דער באלעבאָסטע, צי דעם זונס? אלציינס, ס'איז מיִעס אראָפּצונעמען פון דער וואנט דאָס בילד פון א מאן צי פון א זון, וועלכע שלאָגן זיך אוודע אפן מיזרעך־פראָנט, און יעדן טאָג אָנבאָטן א סאָוועטישן אָפיצער א טעפּעלע הייסע קאווע. און וואָס מאָנט באַ אים איר צודרינגלעכער בליק? א פּושקעלע קאָנסערוון זאָל ער איר שענקען, אָדער עפּשער גאָר שטילן איר, דער פּופּציקיאָריי־קערס, ווײַבערשן גלוסט? מעגלעך, אז היטלער אליין האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק באצירט די וואנט פון באָרעכס איצטיקער וווינונג. אויב אזוי, וואָלט די באלעבאָסטע געוויס ניט באדאַרפט מיט אזעלכע בוימלדי־קע אויגן קוקן אויף אים, דעם „פאַרפלוכטן יודע".

„זאָיע, ווער ביסטו? פאַרוואָס פאַרסאמסטו מײַן האַרץ?" נאָר צו די יאָמטויווים שרײַבט זי אים. און אײַנפאל...

פון זאָיא איוואנאָווא צו באָרעך הורוויטשן.
20 אפּרעל 1945.

זייער געשעצטער באָריס לוואָוויטש!

איך בין אין סאָפעק, צי וועט מײַן בריוו דערגרייכן צו אײַך ביזן ערשטן מײַ. א ביסל פאַרשפּעטיקט. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך זיך גאָר געגעבן דאָס וואָרט ניט אָנצוהאלטן מיט אײַך קיין שום פאַרבינדונג ביזן אָנקו־

מען פון שאָלעם, ווײַל קיין נאכעס וועלן מײַנע בריוו אײַך ניט פארשאפן. נעכטן אָבער, נאָך דער ארבעט, האָב איך צופעליק זיך באגעגנט מיט אײַער געוועזענער שכיינע יעלענא מאקסימאָוונא. אנדערש, ווי צופעליק, טרעפן מיר זיך ניט. ס׳איז פאר מיר א קנאפּער קאָוועד מיט איר זיך צו באגעגענען. האָט זי מיר געזאָגט, אז איר זײַט שוין אין דײַטשלאנד. איז ווי זאָל איך אײַך מיט דעם ניט באגריסן? איך באגריס אײַך און בעט: זײַט פאָרזיכטיק. היט זיך באם פיניש. ס׳איז ניט שווער פאָרצושטעלן זיך, אז דאָרט, ווו איר געפינט זיך איצט, קאָן מען אָנשטאָט א דאנק פארן ברויט, וואָס איר גיט, כאפּן א קויל אין רוקן. טאָ היט זיך, ווײַל גיכער פון אלץ זײַט איר דער לעצטער פון דער מישפּאָכע הורוויטש. בעסער וואָלט איך שוין געהאלטן וואָרט און ניט געשריבן. אלציינס וועט איר מיר ניט גלייבן. נאָר די זיסע בריוולעך, וועלכע עס שרײַבן אײַך די טשיסטיאקאָווס... איך ווייס, איר קאָנט זאָגן, אז זיי זײַנען צו אײַך פיל אופמערקזאמער, ווי איך. זיי פארווארפן אײַך מיסטאמע מיט בריוו, און איך, אײַער ברודערס ווײַב, טו זיך ניט אָן קיין מי אָנצושרײַבן א פּאָר ווערטער. זאָל זײַן אזוי. טראכט אײַך, וואָס איר ווילט, מיר זײַנען דאָך מיט אײַך ניט באקאנט. דאָוויד וואָלט זיך געפונען, וואָלט איך געשריבן אים. איך גלייב שוין אָבער גאנץ ווייניק אין דעם, אז איך וועל אים ווען־ניט־איז זען. שרײַב איך אײַך, זײַן ברודער. איר איז גרינג צו שרײַבן, יעלענא מאקסימאָוונען. מיר איז שווער. די טשיסטיאקאָווס קענט איר דאָס גאנצע לעבן. איך בין פאר אײַך עפּעס א מיידל פון דער פרעמד, מיט וועמען אײַער ברודער האָט כאסענע געהאט אין א קאָמאנדירונג. איך ווייס, איר וועט שפּײַען קלעק פון מײַן בריוו. פאר א מיעסער רעכילעסניצע וועט איר מיך האלטן. נאָר קוים האָב איך אָנגעהויבן, וועט מיך שוין קיין זאך ניט אָפּשטעלן. איך מוז אײַך זאָגן דעם עמעס, וואָס איך טראכט. און דאָס, וואָס איך טראכט, אין דעם בין איך זיכער. איך ווייס ניט, צי האָבן אײַך די טשיסטיאקאָווס געשריבן, אז אין איינער א נאכט, יאָ, אין דער נײַיאָר־נאכט פונעם 43־טן יאָר, האָב איך בא זיי געטראָפן דינא יאקאָוולעווונען. איצט זאָגן זיי, אז זי האָט זיך מיטן קינד די גאנצע צײַט בא זיי אויסבאהאלטן. נו, דאָס ווייס איך ניט, פונאוונען האָט זי זיך גענומען צו זיי אין יענער נאכט. ריידן מיט איר איז געוועזן ניט שײַעך. מיר דוכט, זי האָט מיך אפילע ניט געזען. וועגן אײַער מאמען ניט נאָכגעפרעגט זיך. איך טראכט גאָרנישט ניט אויס. איך שרײַב אלץ, ווי ס׳איז געוועזן. דינע האָט זיך ניט נאָכגעפרעגט, נאָר איך האָב איר דאָך געזאָגט, אז אײַער מאמע באהאלט זיך אויס אין א נאָענטן דאָרף (דאָס דאָרף האָב איך דאפקע אָנגערופן), בא איינער א לוקעריא פּוזיריאָווא. איך קאָן זיך עס ניט מויכל זײַן. ווער האָט מיך געשלעפּט פאר דער צונג? אזא ווילדע נארישקײַט האָב איך אָפּגעטאָן. עפּשער א פארברעכן האָב איך אָפּגעטאָן. עפּעס אף א רעגע האָט זיך אופגעוועקט אָן אינטערעס אין דינעס פּאָנעם און באלד אויסגעלאָשן געוואָרן. צי האָט זי געקענט דאן עפּעס פארגעדענקען? אנדערע האָבן פארגעדענקט, ניט זי. זיי האָבן מיך גוט געהערט, אָט די טשיסטיאקאָווא, די גײַוועדיקע פּריצע, און איר זונדל, אײַער שול־כאווער, דאכט זיך,

האלעוויַ וואָלטן זיי ניט געהערט. אגעוו, וואָלט איך א באלן געוועזן וויסן, מיט וואָס האָט זיך אָט דער פארשוין, אָט דער קראסאוטשיק פון א פאריקמאכער־שילדל אראָפּ, באשעפטיקט, וואָס איז געווען זײַן טועכץ בייס דער אָקופּאציע. די ערשטע כאדאָשים? דאָ קאָן איך קיין שלעכטס ניט זאָגן. אָבער דערנאָך? ווהין פלעגט ער עס פארפאלן ווערן אף גאנצע וואָכן? און מיטאמאָל באווײַזן זיך אזא אויסגעפּאשעטער, אז ס'איז א ביזאָיען געווען אים אָנצוקוקן. און שטעלט אײַך פאָר, וואָנצעלעך האָט ער זיך גאָר פארלאָזט, געפונען א צײַט אף אויסצופּײַנען זיך מיט א בערשטל איבער דער אייבערשטער ליפּ. עפּעס, זאָג איך אײַך, איז ער געווען צו האָפערדיק בא זיך. איך ווייס ניט, וואָס האָט אין יענער טראַגישער נאכט געבראכט דינא יאקאָוולעוונען צו אײַערע געוועזענע שכייִנים. מאלאָכים זײַנען זיי, אויסגעבאהאלטן בא זיך א ייִדישע פרוי מיט א קינד. ס'איז פּאָשעט צום לאכן. לעאָניד פּעטראָוויטש מיט די בלאָנדע וואָנצעלעך האָט פון עמעצנס וועגן זײַן לעבן געשטעלט אין קאָן. אז בעסאכאקל איז ער גאָר שולדיק אין דעם, וואָס זיי האָבן באצײַטנס ניט פארלאָזט די שטאָט. אלץ צוגעזאָגט זיי ארויסצופירן אף א מאשין. איך פרעג אײַך אָבער, פארוואָס האָט מען צוזאמען מיט אײַער מאמען צוגענומען אויך לוקעריא פּוזיריאָוואַ? אפילע צוויי פון אירע קינדער, מינדעריעריקע, ניט געשוינט. און זיי, די גוטהארציקע טשיסטיאקאָווס, די ווײַסע טײַבעלעך... נו, יאָ, גאָט האָט זיי דאָך באשאָנקען מיט אזא פײַנער פאמיליע „טשיסטיאקאָוו". ריין, ווי גאָלד. אגעוו, איז איין קינד לוקעריעס, דאָס סאמע ייִנגסטע, געבליבן לעבן. צום גליק, האָט זיך עס געפונען ניט אין דער היים, נאָר אין א צווייט דאָרף, בא לוקעריעס א שוועסטער. איך האָף, אז איר וועט זיך ניט אָפּזאָגן באהילפיק צו זײַן דעם דאָזיקן יאָסעמל, ווען איר וועט קומען אהיים. דאָס, וואָס די טשיסטיאקאָווס זײַנען געבליבן גאנץ, וועט איר זאָגן, איז נאָך ניט קיין סימען. ניט פון שטוב האָט מען זי דאָך צוגענומען, דינען. א סימען, א באווײַז? איך האָב געזוג. און כ'קלײַב זיך אויך ווײַטער ניט צו זיצן מיט פארלייגטע הענט. און זאָלן מענטשן אָנקוקן די פײַנע רעטערס. שפּײַט מיר אָן א פול פּאָנעם, טראכט וועגן מיר ווי וועגן דעם סאמע געמיינעם מענטש, וואָס איר האָט ווען־ניט־איז באגעגנט, איך ווייס: די טשיסטיאקאָווס זײַנען שלענג מיט ווײַסע פלעדערלעך. נעמט ניט פאר אומגוט מײַנע רייד. דער עמעס וועט ארויס, ווי בוימל אפן וואסער.

מיט אכטונג
זאָיא איוואנאָווא.

ניין, אף דעם קאָן איך זיך ניט אָפּשטעלן. ווײַל איך האָב געזען, מיט די אייגענע אויגן געזען, וויאזוי מע האָט פארנומען דינען. דעם 2 יאנוואר איז דאָס געווען. דעם 2 יאנוואר פונעם 1943 יאָר. איך האָב זיך ארויסגעגאנוועט פון לוקעריעס שטוב. ניט מער ווי פינף מינוט דאָרט פארבראכט. אז בעסאכאקל האָב איך גאָר די נאכט ניט געזאָלט בא איר

זיַין. אן אומקלאָרער אומרו האָט מיך אהין געטריבן. איך האָב געזוכט, צי קאָן מען ניט דאָ, אין דאָרף, באשטאטן אויך דינען. קום איך ארויס. די נאכט איז א פינצטערע. נאָר פאר די עטלעכע מינוט, וואָס איך בין געווען אין שטוב, האָט אפן הימל באוויזן ארויסצופויזען א פיצל פון אן אָנגעביסע־נער לעוואָנע. און א שיטערער שניי האָט זיך געלויכטן אף דער ערד. איך פארקערעווע הינטער א שײַער אף צו גיין אהיים און פלוצלינג דערזע איך: דינע. און צוויי לאנגע שאָטנס אפן שניי הינטער איר. דינע טוט זיך א בייג צו לוקעריעס פענצטער, און פון ביידע זײַטן גייען צו איר צו צווייען און נעמען זי אָן פֿאר די אקסלען. אף גרייטן זײַנען זיי געקומען, נאָר אף גרייטן. אזוי האָב איך דאן געטראכט. אזוי טראכט איך איצט. איך בין זיכער, אז פון דער סאמע שטאָט זײַנען זיי איר נאָכגעגאנגען.

* * *

צוויי כאמולעס פירן דינען. אין דער נאכט. אין דער פינצטערניש. דינעלען. דינען. זײַן דינינקע דינע...

פון יעלענא טשיסטיאקאָווא צו באָרעך הורוויטשן.
25 אפּרעל 1945.

### טײַערער באָריס!

מיר האָבן דיר אוועקגעשיקט א באגריסונגס־בריוו קיין פוילן, אין שפּיטאָל, באקומען מיר פון דיר א קארטל פון דײַטשלאנד. אז מע וויל זאָגן, איז איינס פונעם אנדערן מיט דער האנט צו דערלאנגען. אָבער בא איצטיקע אומשטענדן איז עס נישקאָשע פון א שפּרײַז. האלעווײַ ווײַטער ניט ערגער. מיסטאמע האָט מען שוין אונדזער בריוו אריבערגעשיקט דיר אפן נײַעם אָרט. נאָר איך קלער זיך: זאָל מײַנס איבערגיין. אזעלכע פריידיקע טעג זײַנען אָנגעקומען, וועל איך דיך נאָכאמאָל באגריסן. איבערהויפּט, אז איך האָב א גוטע נײַס דיר אָנצוזאָגן: ניקאָלײַ דאָברי־נין האָט זיך אָפּגעזוכט. נעכטן באקומען פון אים א בריוו.

איך האָב דיר שוין געשריבן, אז ניקאָלײַען האָט מען אין ארמיי ניט גענומען, ווײַל די קאָמיסיע האָט אײַנגעפונען, אז ער איז קראנק אף טור־בערקוליאָז. באלד אזוי, וואָלט, דאכט זיך, געווען א סייכל, ער זאָל פאָרן צו מאַשען. זי איז דאָך נאָך אָנהייב יוני אוועקגעפאָרן מיט פאשוטקען און מיט דער ערשט געבאָרענער באטקע צו אירע עלטערן אין דאָרף. דאָרטן, אף דער פרישער לופט, און זאטער וואָלט ער אויך געווען, ווי אין שטאָט, וואָלט ער עפשער פארבעסערט זײַן געזונט. איך האָב דאָס אים ניט איין מאָל געזאָגט, נאָך דאן, ווען דער פראָנט איז געווען ווײַט פון אונדז. פארקערט, א היפּש פעקל עוואקוירטע האָט זיך באזעצט בא אונדז אין שטאָט. אף א כוידעש אָדער צוויי. דערנאָך געלאָפן ווײַטער. ניקאָלײַ איז, דאכט זיך, געווען מיט מיר מאסקים. שווײַגעוודיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. און אליין לויפט ער אלץ פון שפּיטאָל אין וואָיענקאָמאט, פון וואָיענ־

קאָמאט אין שפּיטאָל. איך דארף דיר ניט דערציילן, ווי גיך דער פראָנט האָט זיך צוגעקײַקלט צו אונדז. לויפט שוין ניקאָלײַ ווידער ארום, זוכט מיטלען, וויאזוי צו עוואקויִרן זײַן שפּיטאָל. אזוי, ביז די נײַע גרענעץ האָט אים צעשיידט מיטן ווײַב און מיט די קינדער. די קינדער געפינען זיך נאָך ביז איצט בא מאשעס עלטערן. און מאשע אליין... ערשט שפּעטער איז עס צו אים דערגאנגען. דערוווּסט זיך, אז ניקאָלײַ איז קראנק, און די שטאָט, אָט־אָט פארנעמען זי די דײַטשן, האָט מאשע, אליין נאָך אן אָפּגע־שוואכטע פונעם קימפּעט, געכאפּט א פור און אוועקגעלאָזט זיך אהיים נאָכן מאן. און אומגעקומען פון א באָמבע אין וועג.

ס׳איז שוין געווען טיפער הארבסט. די שטאָט איז פארנומען פון די דײַטשן. און ניקאָלײַ, זע איך, צאנקט פון טאָג צו טאָג. נאָר דעם ברייטן קלוגן שטערן איז צו דערקענען. און ווײַטער איז דאָס פּאָנעם ווי אויסגע־הובלט. גייט אָף אראָפּ, אלץ שמעלער און שארפער. אן איבערגעקערטער דרײַעק. פּלוצלינג איז ניקאָלײַ בעלעם געוואָרן, און ביז מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן מיר וועגן אים גארנישט געוווּסט. ווײַזט זיך ארויס, ער איז געזונט און שטארק. פון דעם טובערקוליאָז פארגעסן. דורך פײַער און דורך וואסער דורכגעגאנגען פאר די יאָרן פון מילכאָמע. איך שיק דיר זײַן אדרעס. ער פרעגט זיך שטארק נאָך אָף דיר. און נאָך מער אָף דינען, ווײַל ער האָט זי אויך געזען איין מאָל בײַס איר אויסבאהאלטן זיך בא אונדז. וויאזוי האָב איך דאָס געקאָנט ביז הײַנט דיר וועגן דעם ניט אָנ־שרײַבן? גאָר פון זינען ארויס.

דאָס איז געווען אין דעם טאָג, ווען מיר האָבן באגלייט וועראָטשקען. צווישן די באגלייטער, דאָסראָוו ווײַבער, האָב איך פּלוצלינג דערזען קאָ־ליעס אויסגעכוישעכט פּאָנעם. ווי דו פארשטייסט, האָב איך אין דער מינוט אויסער ווי וועגן וועראָטשקען טראכטן ניט געקאָנט, נאָר דאָך האָט מיך אויך אָף קאָליען א צופּ געטאָן באם הארצן. זײַן פּאָנעם האָט פאר מיר דורכגעשוועבט און באלד פארגעסן געוואָרן; ערשט ווען מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אהיים, זע איך, ווי פון איין זײַט האלט מיך אונטער לעאָניד, פון דער צווייטער — קאָליע. לעאָניד האָט, ווי מיר האָט געדוכט, געניי־טיקט זיך אין טרייסט עפּשער מער, ווי איך. דו געדענקסט דאָך, ווי ער האָט ליב געהאט זײַן קליין שוועסטערל. שטעלט ער זיך אָפּ אינמיטן גאס, כאפּט זיך אָן מיט ביידע הענט פארן קאָפּ: „באלד קום איך, מאמע, קאָליע וועט דיך באגלייטן״. און איידער איך באוויַז זיך ארומצוקוקן, שפּאנט ער ערגעץ אוועק מיט גיכע טריט. אומגעקערט האָט ער זיך אהיים דאפקע ניט באלד. אומגעקערט זיך פינצטער ווי די נאכט, א צעשרויפּטער, א צע־רודערטער.

קאָליע גייט באנאנד מיט מיר, האלט מיך פעסט אונטערן אָרעם און שווײַגט. ער טרייסט מיך ניט, ער טראכט ניט אויס קיין באָבעמײַסעס פונמײַנטוועגן, בין איך אים דאנקבאר דערפאר. צוגעקומען צו מײַן שטוב, בין איך געבליבן שטיין. דאָ, האָב איך געהאָפט, וועט קאָליע מיט מיר זיך געזעגענען און אוועקגיין. ער איז דאָך א מענטש מיט אן אײַנגע־באָרענעם טאקט. דאָס מאָל אָבער האָט אים זײַן טאקט פאראטן. ער לאָזט מיך ניט אָפּ. ער קלײַבט זיך ניט אוועקצוגיין. נו, מע קאָן אים פאר־

שטיין. לעאָניד איז דאָך מיט מיר ניט געווען, האָט ער בא זיך ניט געקאָנט פויעלן איבערלאָזן מיך אין אזא מינוט איינע אליין. בלײַבט ער שטיין. א שארפער גלאנץ אין זײַנע מאָדנע גרויס געוואָרענע בלויע אויגן, רויטע פלעקן אף די אויסגעהובלטע באקן. ער שטייט און ווארט, איך זאָל אופשליסן די טיר.

וואָס האָט דאָ מיך, אייגנטלעך, באומרויִקט? ניקאָלײַ איז עפשער געווען דער איינציקער מענטש, וועמען איך וואָלט אליין פארטרויט דעם סאָד. דערצו איז דאָך בא אונדז מיט דינען געווען אָפגעמאכט איינמאָל פאר אלעמאָל — זי און סימאָטשקע גייען פון צימער קיינמאָל ניט ארויס. ערשט שפעט אין אָוונט פלעג איך זיך ארײַנכאפן צו זיי און מערסטנטייל אינדערפינצטער אָפטאָן אלץ, וואָס נייטיק איז. אז רויבער האָבן ליב די נאכט־פינצטערניש, איז א פארעלטערטע זאבאָבאָנע. די דײַטשן האָבן גערויבט און געקוילעט בא דער העלער שײַן. איז פאר אונדז געווען דער איקער איבערצוקומען דעם טאָג. ניט קיין געבעטענע געסט האָבן מיר געקאָנט דערווארטן בלויז אין דעם פאל, ווען עמעצער וואָלט אונדז פארמאסערט. איז וואָס זשע בין איך אזא פארלאָרענע געבליבן שטיין הינטער דער אייגענער טיר? שרעק, שרעק האָט אונדז פארפאָלגט אף יעדן טראָט. איך בין שוין געוווינט געווען זײַן זייער אָפגעהיט באם ארײַנגיין אין מײַן אייגענער שטוב.

איך האָב א דריי געטאָן דעם שליסל אינעם הענגשלאָס אף דער דרויסנטיר, און אינווייניק אין מיר האָט זיך א שטויס געטאָן דאָס הארץ, ווי ס׳וואָלט געביטן דאָס אָרט. א צווייטן דריי. ארײַן אין שטוב. אראָפגעלאָזט זיך מיד אף דער קאנאפע און א ווײַז געטאָן מיט דער האנט קאָליען, ער זאָל זיך אויך צוזעצן. נאָר ער, ווי א לונאטיקער מאמעש, גיט א שפרײַז איבערן צימער און שפארט זיך אָן מיט דער פלייצע אין דינעס טיר. די טיר האָט באלד נאָכגעגעבן, און קאָליע איז אומגערן ארײַנגעפלויגן צו דינען אין צימער. א מעוווּלוועלער איז ער גלײַך צוריק ארויסגעשפרונגען, און נאָך אים דינע. מיט טויטע פענעמער זײַנען זיי געבליבן שטיין איינער אנטקעגן דעם אנדערן. דינעס ליפן האָט א ריר געטאָן א שמייכל. זי האָט געמאכט א טראָט פאָרויס, געוואָלט באגריסן זיך, נאָר קאָליע האָט זי אָנגעקוקט מיט ווילד צעברענטע אויגן:

— דינע, — האָט ער ארויסגעשטאמלט, — אום גאָטעס ווילן, נאָר שרעק זיך פאר מיר ניט! האָב ניט קיין מוירע, דינאָטשקע!

און שטיל ארויס פון שטוב, אן אײַנגעהויקערטער, ווי אן אלטער מאן.

ניקאָלײַ איז ניט דער מענטש, פאר וועלכן איך האָב געזאָלט מוירע האָבן, און דאָך האָב איך זיך אויסגעגעסן דאָס הארץ פאר מײַן אומפאָרזיכטיקײַט. דער אומגליק מיט וועראָטשקען האָט מיר יענעם טאָג פארשלאָגן דעם קאָפ. דינע ווידער איז געווען אזוי אומרויִק פאר וועראָטשקען, מיט אזא אומגעדולד האָט זי געווארט אף מײַן קומען, אז זי האָט אויך פארגעסן צו פארשליסן די טיר פון אינווייניק. איך האָב זיך געקליבן אויסצוריידן איר פאר דעם, אָבער זי, האָב איך דערזען, איז אין דער רעגע גאָר ערגעץ אנדערש.

— דערשראָקן זיך פאר מיר קאָליע, — האָט זי געזאָגט, — אַן אײַנפאַל, איך זאָל פאר אים ניט מוירע האָבן... וואָס פון אונדז אַלעמען איז געוואָרן... איך וויל זיך מיט אים דורכריידן, כאָטש איין מאָל. זאָגט אים, קאָליען, זאָל ער צו מיר קומען. ווי קאָן איך מוירע האָבן פאר קאָליען? דאָס האָט ער זיך גאָר פאר מיר דערשראָקן.

פון יענעם טאָג אָן האָב איך קאָליען מער ניט געזען. ווײַזט אויס, ער האָט אונדז אומיסטן אויסגעמיטן. ערשט ווען סימאָטשקע איז קראַנק געוואָרן, בין איך אליין אוועק צו קאָליען.

— איר זוכט דעם דאָקטער? — האָט מיך געפרעגט א שכיינע פון א דערבײַיִקער שטוב. — ער איז ניטאָ. שוין א וואָכן צוויי אוועק.

וואָס האָב איך געזאָלט קלערן? ניט אַנדערש, מיט אים איז אַן אומגליק געשען. דעם עמעס געזאָגט, איז לעאָניד געווען זייער צעטראָגן פון זײַן נעלעם ווערן. איך בין אָרעוו, אַז ער האָט זײַן כאַווער אין גאָרניט כוישעד געווען, נאָר דאָך האָט ער מיסטאָמע געטראַכט, אַז ס׳וואָלט געווען גלײַכער, קאָליע זאָל ניט געהאַט געווען זען בא אונדז דינען. ווײַל טאָמער איז ער ארײַנגעפאַלן אין געסטאַפּאָ... אַז מע וועט אים פארהאַלטן, האָט מען זיך געקאָנט ריכטן יעדן טאָג. איבער זײַן שטענדיקער אופגעשרויפטקײַט (די גאַנצע צײַט ארומגעגאַנגען מיט א הויכער טעמפעראַטור), האָט ער ניט געוווּסט פון קיין מאָס און קיין כעזשבן. אין שטאָט האָט געבושעוועט דיזענטעריע, האָט ער זיך געטראָגן פון שטוב צו שטוב און געהאַלטן אין איין שיטן פעך און שוועבל אַף די אָקופּאַנטן. גיי טרעף, אַז ער, מיט זײַן טובערקוליאָז, וועט זיך דורכשלאָגן דורך דער פראָנט־ליניע און זײַן אַלע יאָרן פון דער מילכאָמע טעטיק אַלס מיליטערישער דאָקטער. ער שרײַבט, אַז די פרישע לופט האָט אים אויסגעהיילט פון זײַן קראַנקײַט. ביז ער האָט זיך דערקליבן צו די רעגולערע טיילן, איז ער א צײַט טעטיק געווען אין וואַלד. נאָר ער וועט דיר שוין אַליין וועגן אַלץ געניי אָנשרײַבן. איצט אַרבעט ער אין א מיליטערישן שפּיטאָל אין הינטערלאַנד, ווי דו זעסט עס אַליין ארויס פון זײַן אַדרעס.

דײַן י. ע. ט ש.

אָנגעקומען אין זײַן היימשטאָט פיר באַטאָג, איז הורוויטש פארגאַנגען גלײַך צו די טשיסטיאַקאָווס. יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ האָט אים באַגעגנט א רויִקע און א באַהערשטע. איר שטאַלטנע פיגור איז געווען אויסגעגלײַכט, ווי פריִער, ווי שטענדיק. א פיגור פון א שטאָלצער און אומאָפּהענגיקער פרוי. און כאָטש פון אירע בריוו האָט באָרעך דערקענט איר גאָר ניט רויִקע, אופגערודערטע נאַטור, האָט אים איר באַהערשטקײַט געפרייט. ער האָט אין איר דערקענט זײַן געליבטע לערערקע. און דאָך... אַלט געוואָרן יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ, דאָס האָט זיך באַלד געוואָרפן אין די אויגן. ניין, איר פּאָנעם איז ניט געווען אויסגעבלייכט, ווי ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט פונדערווײַטן. פארקערט, אַן אומנאַטירלעכע רויטקײַט האָט זיך באַוויזן אין אירע באַקן, א רויטקײַט מיט א צומיש פון בלוי. אפילע אין דעם, וויִאַזוי זי האָט עפּשער צום צענטן מאָל אָנגעכאַפּט זיך

מיט אירעביידע הענט אין זײַנע, האָט זיך געפּילט די אומבאַהאָלפנקײַט פון עלטער. ווי זי וואָלט אין זײַנע נאָך יונגע מאַנצבלשע הענט געזוכט א שוץ פאר זיך. און די באַוועגונגען אירע, אַזעלכע זיכערע און פּינקטלעכע אין זײַנע דערמאָנונגען און פאָרשטעלונגען... יעלענא מאַקסימאָוונא האָט אָנגעבויגן דעם טשײַניק, קעדיי אָנצוגיסן באָרעכן א גלאָז טיי, האָט איר האַנט מיטאַמאָל אָנגעהויבן ציטערן מיט א דריבנעם ציטער און אפן ווײַסן טישטעך האָט זיך פאַרשפּרייט א ברוינער פלעק. זי האָט דעם פלעק ניט באַמערקט און פאָרגעזעצט גיסן פאַרבײַ דער גלאָז. נו יאָ, זי האָט זיך דאָך פאר אים געקלאָגט אף דער ריִע. נאָר בריוו... יעדערער לייענט פון זיי ארויס דאָס, וואָס איז אים נעענטער צום לײַב. פונדערווײַטן זעט יעדעמס אומגליק אויס, ווי א קליין ריטשקעלע, איבערהויפּט, ווען דײַן אייגענער איז טיף, ווי דער יאַם. א ווײַב, א קינד, א מאַמע, א ברודער... מיסטאָמע איז עס מער, ווי איין טאָכטער. נאָר צי גילט אריפמעטיק פאר א מאָס פון מענטשלעכער פּײַן?

באָרעך האָט ניט באַוויזן צוטראָגן צום מויל די הייסע גלאָז טיי, ווי ס'האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין דער דרויסנטיר.

— לעאָניד! — האָט זיך דערפרייט יעלענא מאַקסימאָוונא און איז אוועק עפענען.

אין א ווײַלע ארום האָבן זיי זיך שוין ביידע געהאַלטן בא די אקסלען, עטוואָס פונדערווײַטן, קעדיי בעסער אָנצוקוקן איינער דעם אנדערן, ביידע ווּוקסיקע און ברייטפּלייציקע — לעאָניד און באָרעך. א מענטש, וואָס האָט זיי געקענט פון דער יוגנט, וואָלט עפּשער אין זייער אײַזערנעם אָנכאַפּן זיך פאר די אקסלען דערזען אויך א מין פאַרמעסטונג. ניט אומזיסט האָבן זיי ביידע אין די סטודענטישע יאָרן פאָרגעשטעלט די ספּאָרט־קאָמאַנדעס פון צוויי אינסטיטוטן. אָבער פריִער, ווי עמעצן וואָלט עס געקומען אפן זינען, זײַנען שוין די צוויי געוועזענע שול־כאַווײרים אריבערגעגאַנגען אין א נײַער פּאָזיציע. זיי האָבן זיך שטאַרק ארומגענומען, ווי אף אומצוּוואַרפן איינער דעם אנדערן, און דערנאָך צעקושט זיך דרײַ מאָל, אין איין באַק, אין דער צווייטער און ווידעראַמאָל אין דער ערשטער.

— מאָלאָדיעץ, באָרקע, — האָט זיך געפרייט לעאָניד, אלץ ניט ארויסלאָזנדיק באָרעכן פון זײַנע אָרעמס. — פּונקט דער זעלבער, ווי געוועזן.

— און דו, ליאָנקע... — באָרעך האָט זיך מיטאַמאָל פאַרהאַקט, נאָר דאָ באַלד אין זיך א שמייכל געטאָן: „א, די וואָנצעס...” דו, ליאָניע, ביסט אויך פּונקט דער זעלבער.

אַזוי האָט פון טיפן הארצן ארויסגעזאָגט באָרעך. אין דער זעלבער צײַט האָט אים א מין קליין שעדל א שעפּטשע געטאָן אפן אויער: „א צו שיינער מאַנצבל לעאָניד”. און א צווייט שעדל: „א שיינער? עפּעס איז זײַן פּאָנעם געוואָרן ווי ברייטער און פלאַכער”. צוויי שיידימלעך מיט איין מאָל. ווי־אַזוי האָבן זיי געקאָנט ניט איבערלאָזן קיין שאָטן אף באָרעכס פּאָנעם? האָט ער טאַקע מיטאַמאָל דערפילט אף זיך זײַן כאַוועירס אומרויִקן, פאָרשנדיקן בליק.

ווידער א קלאַפּ אין טיר. איצט האָט זיך שוין לעאָניד אוועקגעלאָזט עפענען. אין צימער איז אַרײַן א יונג מיידל. אַן אײַנגעהאַלטענער, א קאָרעקטער, איז לעאָניד געבליבן שטיין הינטער איר.

— דאָס איז באָריס הורוויטש און...— ווי ניט געפינענדיק קיין ווערטער, וויאַזוי פאָרצושטעלן דאָס מיידל באָרעכן, האָט ער צעמישט א זאָג געטאָן: — זײַט באַקאַנט.

„אָהאָ, פאַרליבט לעאָניד״,— האָט א טראַכט געטאָן באָרעך און פרײַנטלעך א דריק געטאָן די אויסגעשטרעקטע צו אים שמאָלינקע דלאָניע.

— זיצט,— האָט לעאָניד אָנגעוויזן דעם מיידל אף א בענקל באַם טיש.

זי האָט זיך צוגעזעצט, דאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אף זײַן אָרט אויך לעאָניד, און נאָך אים באָרעך, וועלכער איז אופגעשטאַנען אַנטקעגן דעם מיידל. מיט איר אַרײַנקומען האָט זיך איבערן צימער פאַרשפּרייט א שטילער אומעט. דאָס פּאָנעם אירס האָט געשײַנט, ווײַל זי איז געווען וווּנדערלעך שיין. אַזאַ שיינקײַט מאַכט ווייך די געמיטער. אין אָנבליק פון אַזאַ שיינהײַט קלינגט א צו הויכע שטים, ווי א באַליידיקונג, א צעפלאָכטענער זשעסט, ווי א פרעכהײַט. באַזונדערס אָבער האָבן איבעראַשט באָרעכן דעם מיידלס אויגן, יונגע אויגן, מיט פולע ברוינע שוואַרצאַפּלען און דאָך ווי פון א וואָלקן האָבן זיי אַרויסגעקוקט. זיי האָבן זיך געאַמפּערט מיט דער אייגענער שײַן, בישטיקע געלאָשן זי. „אָט האָסטו דיר א באַגעגעניש אין א שטאָט, וואָס איז „יודנריין״— האָט א טראַכט געטאָן באָרעך און אין דער הייך געזאָגט:

— נאָך אַזאַ לאַנגער צעשיידונג וואָלט קיין כעט ניט געווען א קאַפּעלע אויסצוטרינקען. אָט דאָ, בא מיר אין רענצל איז דאָ א פלאַש. און צום פאַרבײַסן וועט זיך אויך געפינען. איר האָט שוין מיסטאַמע אַזוינס לאַנג אפן גומען ניט געהאַט.— ער האָט געעפנט דאָס רענצל, אַרויסבאַקומען פון דעם א פלעשל בראַנפן, עטלעכע שאַכטלעך קאָנסערוון. יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ האָט דאָ באַלד צעשטעלט גלעזלעך אפן טיש, גענומען אָנשנײַדן ברויט. באָרעך האָט אָנגענומען דאָס פלעשל, קעדיי צו פאַנאַנדערגיסן דעם בראַנפן אין די גלעזלעך, נאָר זײַן האַנט האָט אינמיטן וועג א שטעל געטאָן צוריק דאָס פלעשל אפן ווײַסן טישטעך.— דאָס דערנאָך. איצט מוזן מיר ריידן, קוידעמקאָל ריידן. דאָס לעצטע יאָר האָב איך גאָר קנאַפּ גערעדט. צווישן דײַטשן געלעבט. ציווילע און ניט קיין ציווילע. און אָט אָ־דאָ שטיקט...— מיט זײַן היפּשער דלאָניע האָט ער אַזוי ראַש א כאַפּ געטאָן זיך אליין באַם גאָרגל, ווי ניט דאָרט, פון אינווייניק, וואָלט אים געשטיקט, נאָר זײַן שטאַרקע דלאָניע קלײַבט זיך גאָר צונויפדריקן אין א רייף. און א קער צו לעאָנידן: — מיט דײַן מאַמען האָבן מיר זיך שוין גענוג אָנגערעדט. בריוו געשריבן. איז הײַנט רעד דו, לעאָניד. איך בעט דיך, שווײַג ניט, רעד. און פאַרוואָס האָט איר מיר ניט געשריבן?— האָט ער אומגעריכט זיך געווענדט צו דעם אומבאַקאַנטן מיידל.— אָט האָט איינע, אויך אַן אומבאַקאַנטע, עמעס, א קרויווע איז זי מײַנע, א שוועגערן, האָט זי מיר יאָ געשריבן. און איר? — האָט ער האַלב באַשטעטיקט, האַלב געפרעגט.— איר ניט. ווען איך האָב אײַך פאַר א קרויווע... אײַך וואָלט איך געגלייבט מער, ווי יענער, ווען מיר באַגעגענען זיך פאַר דער

מילכאָמע, וואָלטן מיר אָן אײַך קיין איין סימכע ניט געפּראַוועט. מײַן דינע איז אַ פּריילעכע געווען. געסט — דאָס איז איר כּ׳עס געווען. איר שווײַגט. נו, יאָ, נארישקײַטן רעד איך. אַנטשולדיקט, איך פאַרשטיי אַליין ניט, וואָס האָב איך זיך אָף אײַך אָנגעזעצט. איר זײַט דערבײַ ניט געווען. איר ווייסט פון גאָרנישט ניט. אַליין מיסטאָמע...

באָרעכן האָט אָפּגעשטעלט דעם מיידלס בליק. אירע ברייט צעעפנטע שײַנענדיקע אויגן האָבן אים געקוקט גלײַך אין דער נעשאָמע אַרײַן. און ווידער האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זי וויל ניט, אירע אויגן זאָלן שײַנען. הינטער אַ וואָלקן פאַרהילט זי זיי. נאָר אָפּגעשטעלט זיך האָט באָרעך בלויז אָף אַ ווײַלע. די געפילן האָבן זיך שוין ניט אונטערגעוואָרפן זײַן ווילן. דאָס איבערגעלעבטע, דאָס איבערגעטראַכטע פאַר דער לעצטער צײַט האָט זיך געריסן פון די ברעגן. האָט ער איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, און ס׳האָט אים אוועקגעטראָגן ווײַטער:

— נו, וואָס שווײַגט איר אַלע? דערציילל, לעאָניד, איך וועל דיר אונטערזאָגן. דערציילל, וואָס איז געווען דער סאָף פון דעם היגן מעשוגאָיִם־הויז, ווו ניקאָלײַ דאַבריניַן האָט געאַרבעט.

אין צימער איז געווען שטיל. אַלע האָבן געקוקט אָף באָרעכן. געוואַרט, צי וועט ער ניט זאָגן נאָך עפּעס. באָרעך האָט געשוויגן. און דער אויסזען איז בא אים געווען אַזאַ, ווי ער וואָלט גאָר פאַרגעסן, וואָס ער האָט אָט ערשט אַזוינס געזאָגט, און ניט באַמערקט די צעמישונג, וואָס זײַן אומגעריכטע פראַגע האָט דאָ בא אַלעמען אַרויסגערופן.

— פאַרוואָס עפּעס מיטן מעשוגאָיִם־הויז? — האָט ענדלעך אַרויסגעשטאַמלט לעאָניד. — די מאַמע האָט דיר דען געשריבן...

— פאַרוואָס מיטן מעשוגאָיִם־הויז? גאַנץ פּאָשעט. דאָרט האָבן דאָך אויך געלעבט מינדערווערטיקע. פּונקט ווי דינע, ווי מײַן מאַמע, ווי מײַן זון.

— ווי איך, — האָט זיך דערהערט אַ שטילע שטים.

— איר? — באָרעך האָט מיטן גאַנצן קערפּער אויסגעדרייט זיך צו דעם אומבאַקאַנטן מיידל. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ טיפע כאַראָטע אָף דעם, וואָס, ווי עס ווײַזט אויס, פאַרביטערט ער נאָך מער דעם אַזוי אויך ניט איבעריקס לײַכטן געמיט פון אָט די אַלע גוטע מענטשן, וועלכע זײַן אומקערן זיך אהיים האָט אַזוי געפרייט. — איר? — האָט ער איבערגעכאַזערט. — איר זײַט אַן עוונטאָוו. זעט איר דאָך, אײַך האָט מען אויסגעהיט.

— אויסגעהיט... — האָט זיך אין צימער פאַרשפּרייט ווי אַ שטילער ווידערקאָל.

— דיטאָטשקאָ! — האָט צערטלעך אויסגערופן לעאָניד. באָרעך האָט ניט קלאָר דערהערט, וויאַזוי לעאָניד האָט זי אָנגערופן, „דיעטאָטשקאָ״ (קינד מײַנס), אָדער אַזאַ אויסטערלישן נאָמען טראָגט זי — דיטאַ.

מיט איבערגעטריבענער אופגעלעבטקײַט האָט לעאָניד אַ כאַפּ געטאָן די פלאַש באַם העלדזל און געגומען פאַנאַנדערגיסן בראַנפן. באָרעך האָט דער ערשטער אופגעהויבן זײַן גלעזל.

— לעכאַיִם! — האָט ער אויסגערופן אָף יידיש. דאָס דאָזיקע וואָרט, האָט ער געוווסט, איז באַקאַנט יעדערן. — פאַר די לעבעדיקע! — האָט ער

צוגעגעבן אף רוסיש. פארוואָרפן דעם קאָפּ און אויסגעטרונקען דאָס גלעזל אין איין אָטעם.

יעלענא מאַקסימאָוונא האָט בלויז באַנעצט די ליפּן. דאָס מיידל האָט זיך צום בראַנפן ניט צוגערירט.

באָרעך האָט ווידער אָנגעפילט די גלעזלעך, לעאָנידן און זיך. נאָר געקוקט האָט ער בייסמיַיסע נאָר אף איר, אף דער יונגער שיינהייט, ווי אויסער זיי ביידן וואָלט דאָ אין צימער קיינער ניט געווען.

— טרינקט! — האָט ער צו איר געזאָגט. — פאַר אײַער גליק!

זי האָט מיט דאַנקבאַרקייט אַ נייג געטאָן דעם קאָפּ. נאָר צום בראַנפן אלציינס ניט צוגערירט זיך.

יעלענא מאַקסימאָוונא האָט אונטערגעטראָגן באָרעכן דעם טעלער מיט די דין אָנגעשניטענע ריפּטלעך ברויט, צוגערוקט דעם פּאָלומעסעק מיט זויערע אוגערקעס, די קאָנסערוון, וואָס ער אליין האָט ארויסבאַקומען פון זײַן רענצל און אוועקגעשטעלט אפן טיש.

— פאַרבײַס! — האָט זי געזאָגט קורץ.

באָרעך האָט דאָס פאַרבײַסן ווי ניט באַמערקט. אין זיקאָרן איז פּלוצלינג אופגעשווומען: אַ באַקאַנטן האָט ער אַנומלטן געטראָפן, אַ בען־איר. יענער איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער און געקוקט אף אַ טשאַטשע ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך געשפּילט צווישן די רויִנען אין באַהעלטעניש. אָנשטאָט צו באַגריסן זיך, האָט באָרעך געזאָגט צו זײַן בען־איר, דעם באַגעגנטן אין דער פרעמד:

— און מײַן זון איז ניטאָ. ניט אויסגעהאַלטן אין דער באַהעלטעניש. נײַן יאָר וואָלט ער איצט אַלט געווען.

דער בען־איר האָט מיט פאַרשטענדעניש צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. און מער האָט אים באָרעך גאָרנישט געזאָגט.

הײַנט אָבער, בּאַ אָט דעם אָרעם געגרייטן טיש, האָט ער שווײַגן ניט געקאָנט. ער האָט געפילט מיט אַלע איבורים, אַז עפּעס ניט רעכטס טוט ער דאָ, נאָר ווי אונטערגעכאַפּט פון אַ וויכער, איז ער פּלוצלינג אופגעשפּרונגען און מיט ברייטע טריט אוועקגעשפּאַנט איבערן צימער. מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט זיך אַנטקעגן לעאָנידן.

— ביסט גערעכט, — האָט ער געזאָגט, פּונקט ווי יענער האָט אים געהאַט אין עפּעס דערווידערט. — די מעשוגאָים זײַנען דאָ ניט שײַעך. ווי קומט צו זיי דינע? ווי קומט צו זיי מײַן מאַמע? ווי קומט צו זיי מײַן קינד? מעשוגאָים זײַנען טאַקע אויך מינדערווערטיקע, אָבער דאָך אויסנעמלעכע מינדערווערטיקע. קיינער האָט זיי ניט געצווּנגען אַליין גיין אין ערגעץ מעלדן זיך: „אָט זײַנען מיר. קוילעט אונדז!" קיינעם איז אויך ניט אײַנגעפאַלן אײַנצושטעלן דאָס אייגענע לעבן און אויסצובאַהאַלטן אַזאַ איינעם באַ זיך און מיט דעם נאָך פאַרלענגערן זײַן פּײַן, ווײַל אלציינס וואָלט מען אים דאָך פריִער אָדער שפּעטער דערהאַרגעט.

— ניקאָלײַען האָט געמאַטערט אַ שווער פאָרגעפיל, — האָט געזאָגט יעלענא מאַקסימאָוונא מיט איר גוט באַהערשטער שטים, — און דאָך האָט ער זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז די דײַטשן וועלן אומברענגען די פּסיכישקראַנקע.

— ניקאָלײַ איז א דאָקטער, — האָט אונטערגעכאפּט באָרעך, — איז ווי האָט ער געקאָנט אזוינס זיך פאָרשטעלן? אָט, א מענטש, אז ער ווערט געבאָרן א ייִד, איז עס ניט אויסצוהיילן, דאָס פארשטייט יעדערער. אָבער א מעשוגענער? עס מאכט זיך אמאָל, אז מע היילט אים אויס. אויב אזוי, האָט דאָך דער מעשוגענער א שאנס אריבערצוגיין אין דער קאטעגאָריע פון פּולווערטיקע. טאָ פארוואָס זאָל מען אים הארגענען? מער ניט, וואָס קיין געדולד האָט די דײַטשן ניט געסטײַעט צו ווארטן, ביז פון א מעשוגענעם וועט ווערן א קלאָרער. אזעלכע מעטאָדישע פארשוינען, דאכט זיך, און קעסיידער סטײַעט זיי ניט קיין געדולד: „שנעל! שנעל!”

— איבער דעם פארשפּילן זיי אלע מילכאָמעס! — האָט געזאָגט לעאָניד. — מײַסטערס אף אריבערשפּרינגען די ערשטע באריערן, און צום פּיניש קומען זיי מיט ארויסגעשטעקטע צינגער.

— דו געדענקסט אינגאטן? — האָט יעלענא מאקסימאָוונא געווענדט זיך צו באָרעכן און מיט דעם געצווונגען אים אָפּצושטעלן זײַן געלאָף איבערן צימער. געפרעגט האָט זי דאָס אזוי, ווי קיינער וואָלט דאָ ניט געהאט איבערגעריסן אירע רייד. — נו, דעם ווײַסן ציגײַנער איגנאט. האָט אים ניקאָלײַ געראטעוועט טאקע בא זיך אין שפּיטאָל. אָנגעטאָן אים אין די קליידער פון א פארשטאָרבענעם שיזאָפרעניקער. יענעמס קראנקן־ליסטע פארהיט. אויך צוויי סאָוועטישע אָפיצערן אף אזא אויפן באשטאט בא זיך אין שפּיטאָל. אויסגעבאהאלטן ביז דאן, ווי די קראנקן־ליסטעס זײַנען פארוואנדלט געוואָרן אין טויט־אורטיילן. עמעס, איגנאטן און איין אָפיצער האָט זיך אײַנגעגעבן צו אנטלויפן.

— נו, און דער פּערסאָנאל פונעם שפּיטאָל, אלע זײַנען דערוף אײַנגעגאנגען? אויסצובאהאלטן אָפיצערן, א ציגײַנער?

— דער פּערסאָנאל? ווער איז שוין דאָרט געווען דער פּערסאָנאל? דער דאָקטער ניקאָלײַ דאָברינין, די קראנקן־שוועסטער נינא זיאבליקאָווא און דער סאניטאר לעאָניד טשיסטיאקאָוו.

— לעאָניד? — האָט א פארוווּנדערטער איבערגעפרעגט באָרעך. — א סאניטאר אין מעשוגאָים־הויז?

— דער זאוואָד איז געשטאנען א האלב־פארברענטער... און ווען ניט, וואָלט דען לעאָניד געגאנגען צו די אָקופּאנטן ארבעטן אלס אינזשעניער? און וויפל האָט עס בעסאכאקל אינגאנצן געדויערט? לעאָניד האָט פון מיר אויסבאהאלטן א געוויסע צײַט, אז ס'איז שוין נאָך אלעמען. ערשט דאן, ווען איך בין געקומען רופן ניקאָלײַען צו סימאָטשקען, און זײַנע א שכיינע האָט מיר געזאָגט, אז ער איז שוין זינט עטלעכע וואָכן אין שטאָט ניטאָ, איז לעאָניד געצווונגען געווען צו זאָגן מיר דעם עמעס. דעם שפּיטאָל האָט מען ליקווידירט פונקט אין דעם טאָג, ווען מיר האָבן באגלייט וועראָטשקען. אזוי אז פונעם „פּערסאָנאל” איז דערבײַ געווען נאָר נינע. און זי, די אכצניאָריקע, איז עס איינע אליין אויסגעשטאנען און נאָך געפונען אן אייצע, וויאזוי ארויסצוראטעווען איגנאטן און יענעם סאָוועטישן אָפיצער. דער צווייטער איז קראנק געווען אף א שווערער לונגען־אָנצינדונג. — יעלענא מאקסימאָוונא האָט א ווײַלע אָפּגעשוויגן און פאר־

ענדיקט שוין מיט אן אנדער טאָן: — אַט האָסטו דיר א מילכאָמע־ראָמאַן. איגנאט און נינע זײַנען איצט מאן און ווײַב.

לעאָניד א סאניטאר אין מעשוגאָים־הויז... אף באָרעכס דיקע ליפּן האָט זיך צעגאָסן זײַן געווײנלעכע גוטמוטיקײַט. דאָס אומבאַקאַנטע מיידל האָט זיך צו אים א קער געטאָן און מיטן פולן ערנסט, אָן א סימען פון א שמייכל, געזאָגט:

— אַט אזוי איז גוט! פאר אײַער געזונט! — זי האָט צוגעטראָגן צו די ליפּן דאָס גלעזל, וואָס איז נאָך אלץ געשטאַנען ניט גערירט. זייערע בליקן האָבן זיך באגעגנט: „גאָט מײַנער, וויאזוי זי קוקט עס! — האָט מיט ראכ־מאָנעס א טראכט געטאָן באָרעך. — וואָס פארא זעונגען האָבן זיך אָפּגע־זעצט אין אירע יונגע אויגן, וואָס פאר אן אומגליק צווינגט זיי קעסיידער צו בלאָזן אף זייער אייגענער שײַן?"

ער האָט ווי פארשעמט א צי געטאָן צו זיך דאָס בענקל און ווידער צוגעזעצט זיך צום טיש. די ווענט פונעם צימער, אין וועלכן ער האָט פאר־בראכט אזויפיל גליקלעכע שאָען, האָבן זיך ווי צונויפגערוקט, קעדיי אים ארומצונעמען. מיטן גאנצן לײַב האָט ער זיך דערפילט אין א ווארעמער נעסט. עס האָט זיך אוועקגעצויגן א היימלעכער שמועס. איינער פון די שמועסן, וועלכע האָבן ניט קיין אָנהייב און קיין סאָף, ווי געווײנלעך צווישן אייגענע מענטשן, וואָס האָבן זיך לאנג ניט געזען. די הערצער זײַ־נען פול. און יעדערן ווילט זיך אראָפּוואַרפן פון זיך א טייל פונעם אָל, וואָס אים דריקט, אָדער, פארקערט, אריבערווארפן כאָטש א טייל פונעם כאווערס לאסט אף די אייגענע אקסלען. דאָס לעצטע טרעפט זעלטענער. אף דעם זײַנען פייִיק נאָר באזונדערס טרײַע נעשאָמעס.

די פיר מענטשן וואָלטן מיסטאמע זיך ניט אופגעהויבן פון טיש ביז שפּעט אין דער נאכט, ווען עס וואָלט זיך פּלוצלינג ניט אויסגעלאָשן די ליכט. יעלענא מאקסימאָוונא האָט אָנגעטאַפּט מיט די פינגער א קעסטעלע שוועבעלעך אפן קאָמאָד און אָנגעצונדן א פיצל נאפט־לעמפּל.

— די עלעקטראָסטאנציע... יעדן אָוונט אזוי, — האָט לוסטיק אויסגע־רופן לעאָניד, פונקט ווי די עלעקטראָסטאנציע וואָלט דאָ באוויזן אזא מין קונץ, וואָס האָט געקאָנט פארשאפן א באזונדער פארגעניגן אים גופע, אָדער עמעצן אנדערש פון די, וואָס זײַנען אינמיטנדערינען געבליבן זיצן אָן שײַן.

יעלענא מאקסימאָוונא האָט גענומען אײַנריידן באָרעכן איבערנעכטיקן די נאכט בא זיי. ווי וועט ער זיך אײַנאָרדענען דאָרט, בא זיך, אין דער פינצטער און אין דער קעלט?

— גוט, — האָט אײַנגעשטימט באָרעך, — איך וועל נאָר ארײַן אף א ווײַלע.

יעלענא מאקסימאָוונא האָט דערלאנגט באָרעכן דעם שליסל פון זײַן שטוב, א ביז האלב אויסגעברענטע ליכט און אומדרייסט א פרעג געטאָן:

— איך מעג מיט דיר?

— אָ, איר? געוויס.

— אנטשולדיקט, באָריס לוואָוויטש, — האָט זיך צו אים געווענדט אויך זײַן נײַע באקאנטע, וועלכע האָט בעמעשעך פון דעם אריבער אָנדער־

האלבנשאַיקן שמועס באַם טיש אַרויסגעזאָגט נאָר עטלעכע געציילטע ווערטער. בלויז אַריבערגעפירט דעם בליק פון איינעם אפן אַנדערן. און יעדעס מאָל האָט לעאָנידס בליק מיט ליבשאפט נאָכגעפאָלגט אירן. — אַנטשולדיקט, עפשער וועט איר אויך מיר דערלויבן. איך... איך וויל גיין מיט אײַך.

— דיטאַ, מע דאַרף ניט! — האָט אומדרייסט אַ זאָג געטאָן לעאָניד. — זאָל נאָר די מאַמע... און איך וועל אײַך דערוויַיל באַגלייטן אַהיים.

באָרעך איז אַ פאַרקלערטער געבליבן שטיין אינמיטן צימער, ווי ער וואָלט עפּעס ניט געקאָנט באַשליסן. און אָפּגערופן האָט ער זיך גאָר ניט אַף דעם, אַף וואָס אַלע האָבן דאָ געוואַרט.

— ווי רופט מען אײַך, דיטאַ? — האָט ער געפרעגט. און אַ מעוווּלוועלער צוגעגעבן: — איך מיין ווי הייסט איר? אײַער פולן נאָמען מיין איך.

— מײַן נאָמען? יודיף. — און דײַטלעך אַרטיקולירט אַף ייִדיש: — יהודעס. יעהודיס הייס איך.

— קומט, יעהודיס. קומט אַלע מיט מיר.

פאַר באָרעכן איז קיין נײַס ניט געווען דער פריידיקער אימפּעט, מיט וועלכן לעאָניד האָט נאָך פון די ייִנגלשע יאָרן אָן זיך געטראָגן איבערן לעבן. באָרעך איז אָפּט מעקאַנע געווען זײַן כאַוואַר, ווי פלינק און געראָטן עס באַקומט זיך באַ אים אַלץ, צו וואָס ער נעמט זיך נאָר. די מאַזלבראָכע פליט אים אַנטקעגן. אים בלײַבט נאָר אונטערצושטעלן די הענט.

די רעגע, אין וועלכער באָרעך האָט אַרויסגעזאָגט זײַן גוטוויליקן „קומט אַלע", האָט ניט איבערגעלאָזט קיין אָרט פאַר פריידיקן אימפּעט. דעריבער האָט אים אויסגעזען עטוואָס פריקרע די גרייטקײַט, מיט וועלכער עס איז אויפגעשפּרונגען לעאָניד, זײַן מונטערע אײַלעניש, ווי ער וואָלט אויך אין דעם פאַל, פּונקט ווי שטענדיק, געוואָלט אומבאַדינגט זײַן דער ערשטער. ווען ניט די פּילבאַרקײַט פון אַן אָפענער ווונד, וואָס האָט יענעם אָוונט געפּײַניקט באָרעכן אַזוי, אַז פון וואָס מע זאָל ניט געווען ריידן, האָט זי אַף קיין רעגע ניט געלאָזט וועגן איר פאַרגעסן, וואָלט לעאָנידס אײַלן זיך באַ אים בלויז אַ שמייכל אַרויסגערופן. אָט אַזאַ איז ער, זײַן כאַוואַר. ס'איז פאַר אים אַזוי נאַטירלעך: געטראַכט און געטאָן. ווען ניט די דאָזיקע עמפּינדלעכקײַט, וואָלט זיך באָרעכן געוויס ניט אויסגעדאַכט (און עפשער איז עס טאַקע אַזוי געווען, קיין קלאָרן כעזשבן האָט ער זיך אין דעם ניט געקאָנט אָפּגעבן), אַז עפּעס צו שטײַף האָט לעאָניד אָנגענומען יודעסן פאַר די אַקסלען. ס'האָט געהאַט דעם אויסזען, ווי ער וואָלט ניט אַרויסבאַגלייט, נאָר אַרויסגעשטויסן זי פון צימער. און נאָך האָט באָרעך באַמערקט, אַז לעאָניד האָט ניט דורכגעלאָזן פאַר זיך די מוטער. דאָס איז אַף אים געווען ניט צו גלייבן. ער האָט זיך שטענדיק אויסגעטיילט צווישן אַלע כאַוויירים מיט זײַן ווילדערצויגנקײַט.

אַרויס אין פּירהויז גלײַך נאָך יודעסן, האָט לעאָניד מיט זײַן ברייטער פּלייצע אינגאַנצן פאַרשטעלט זי פון באָרעכן. קעדיי צו פאַרגלעטן דעם זונס אומטאַקטישקײַט, צו וועלכער זי איז קלאַל ניט געוווינט געווען, האָט יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ דורכגעלאָזט פאָרויס אויך באָרעכן.

— גיי, גיי, — האָט זי געזאָגט. — איך וועל פון הינטן באַלײַכטן אײַך דעם וועג.

לעאָניד האָט דערווײַל אַ כאַפּ אַראָפּ געטאָן פונעם הענגער יודעסעס מאַנטל, ניט דערלאַנגט, נאָר שנעל אײַנגעפּאַקעוועט זי אין אים און ווי־דער אין אָן אומפאַרשטענדלעכער פיבערהאַפטער אײַלעניש אַ שטויס געטאָן זי פאָרויס און געעפנט פאַר איר די דרויסנטיר. נאָר אָנשטאָט אַרויסצוגיין, האָט יודעס ווי פון הינטער אַ שירמע אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון הינטער לעאָנידס ברייטער פּלייצע.

— עפּשער איז ניט קעדײַ? — האָט זי אין פאַרלעגנהײַט געפרעגט באַרעכן. — עפּשער ווילט איר אַליין...

— אוואַדע ניט קעדײַ. ווי פאַרשטייט איר דאָס ניט, דיטאָטשקאָ? — האָט צופרידן אונטערגעכאַפּט לעאָניד.

אומגעריכט האָט יודעס, ווי אַ נאַראָוויסט לאָשעקל, פאַרהויבן דעם קאָפּ. מיט אַ צוק פון די אַקסלען האָט זי זיך באַפרײַט פון די דלאָניעס, אין וועלכע זיי זײַנען נאָך אַלץ געווען פאַרדריקט:

— איך וועל גיין מיט באָריס לוואָוויטשן.

פון דער אָפענער טיר האָט אַ ווייע געטאָן מיט קעלט. דאָס פלעמל אינעם נאַפט־לאָמפּ, וועלכן יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ האָט געהאַלטן אין דער הויך אויסגעצויגענער האַנט, קעדיי וואָס בעסער צו באַלײַכטן דעם אַרויס־גאַנג, האָט אַ שפּרונג געטאָן אַריבערן גלעזל. אין דער זעלבער צײַט האָט זיך אויך עטוואָס אונטערגעהויבן אַ פּאָלע פון יודעסעס שוואַרצן פוטערל, און פאַר באָרעכס אויגן האָט אַ שעמעריר געטאָן עפּעס רויטס. ער האָט מיטן עלנבויגן באַזײַטיקט פון וועג לעאָנידן און מיט אַ טראַסק צוריק פאַרמאַכט פון אינעווייניק די דרויסנטיר. אַרויסגעריסן בײַ יעלענאַ מאַק־סימאָוונען דאָס טשאַדענדיקע לעמפּל און פאַר אַ האַנט אַרײַנגעשלעפּט יודעסן צוריק אין צימער אַרײַן. ער האָט ניט געזען, מיט וואָס פאַר אַ שרעק עס קוקן אויף אים אירע גרויסע ברוינע אויגן, ער האָט ניט געזען, ווי הילפלאָז עס הענגען אַראָפּ אירע הענט, פּונקט ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַ קלאַפּ. גראָב, מיט אַ כײַישער אופגערייצטקײַט, וואָס ווען עמעצער פון דער זײַט דערציילט אים וועגן איר, וואָלט ער געמיינט, אַז יענער טראַכט אויף אים אויס אַ בילבול, אָט מיט דער אופגערייצטקײַט האָט באָ־רעך אָנגעכאַפּט זי, די יונגע, די איידעלע, פאַרן קאָלנער און אויסגע־דרייט אים אויף דער לינקער זײַט. יאָ, ער האָט קיין טאָעס ניט געהאַט. „קראַוועץ האָפּמאַן". מיט גאָלדפאַרביקע אויסיעס אויסגעשטיקט. דינעס פליושן פוטערל האָט זי געטראָגן, די פרעמדע פרוי. דאָווידס מאַטאָנע. פון מײַרעווו־ווײַסרוסלאַנד געבראַכט דינען. בלויז דער קאַפּיושאָן האָט געפעלט. אויך מיט רויטן געווען אונטערגעשלאָגן. באָרעך געדענקט: אָן אָפּשײַן פון רויטס אויף דער מאַטעווער הויט פון דינעס פּאָנעם.

בײַ לעאָנידן האָט ווי אָפּגענומען דאָס לאָשן. ער איז געשטאַנען מיט אַ טאַמעוואַטן שמייכל אויף די ליפּן.

יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ האָט מיט שטילע טריט זיך דערנעענטערט צו יודעסן און אויך צוגעטראָגן אַ פּאָלע פונעם פוטערל צו אירע שוין גאָר ווייניק וואָס זעענדיקע אויגן. צוגעלויכטן זיך מיטן לעמפּל אין דער רעכ־

טער האנט. אין יודעסעס אומבאַוועגלעכקײַט, אין איר לאָזן טאָן מיט זיך וואָס נאָר וועמען ס׳וועט אײַנפאַלן, איז געווען צו מערקן די נאָכגיביקײַט פון א מענטשן, וועלכער איז שוין ניט איין מאָל געשטאַנען באַם ראַנד פון אן אָפּגרונט און ווי ווײַט ער זאָל פון דעם אָפּגרונט ניט אָפּגיין, איז ער שוין קיינמאָל ניט זיכער, אז ער וועט פריִער אָדער שפּעטער פון אים ניט אײַנגעשלונגען ווערן. און דאָך, נאָך דער ערשטער רעגע פון פאַרלאָרנקײַט, האָט זי באַהערשט געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

קיינעם איז שוין דאָ אָבער ניט אָנגעגאַנגען, וואָס עס פּילט און ווי עס האַלט זיך יודעס. פאַר די אַלע דרײַ מענטשן, וואָס זײַנען באַנאַנד מיט איר געשטאַנען אין צימער באַ דער טונקעלער שײַן פונעם פּיצל נאַפּטלעמפּל, איז זי שוין, אַזוי, אַלנפאַלס האָט עס איר אויסגעוויזן זיך, אַף דער וועלט ניט געווען. ניטאָ יודעס. ניטאָ דיטאַ. א כייפּעץ איז דאָ, וואָס נעמט אַלפּי־טאָעס אַרום איר לײַב, א ווייך־סאַמעטענער כייפּעץ, דאַכט זיך, נאָר עס איז געגנוּג אונטערצוהייבן איין ברעג זײַנעם, ער זאָל אַרויסשטעקן א רויט־רייצנדיקע צונג.

— און איך האָב זיך אַלץ געוווּנדערט, — האָט ווי אַליין פאַר זיך אָנגעהויבן רעדן יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ. — די גאַנצע שטוב איבערגעקערט זוכנדיק. פון דער שאַפּע פאַרפאַלן געוואָרן. — מיטאַמאָל אויסגעגלײַכט זיך און שטרענג, ווי פאַר איר וואָלט געשטאַנען א יִינגל אין קורצע הייזלעך, באַפוילן: — לעאָניד, דעם עמעס, דאָס בעסטע איז דער עמעס. מיר זײַנען דאָ אַלע אייגענע מענטשן. צי ווייסטו, ווע מענס עס איז דאָס פוטערל? ווי קומט עס צו דיר? — און מיט האָפענונג אין דער שטים: — עפּשער האָט דיר עס עמעצער איבערפאַרקויפט, האַ, לעאָניד?

— מאָרגן, מאַמע, — האָט זיך דערפרייט לעאָניד, — מאָרגן וועל איך אויפזוכן דעם מענטשן, וועלכער... איך וועל אים ברענגען אַהער...

ער האָט ניט באַוויזן צו ענדיקן. יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ האָט פּלוצלינג אויסגעשפּרייט די הענט, א כאַפּ געטאָן מיט זיי די לופט און אין דער גאַנצער לענג אויסגעצויגן זיך אַפן דיל. אַלע האָבן זיך א לאָז געטאָן זי אויפצוהייבן און, ווי זי איז געווען, אינעם אָנטאָן, אָפּגעטראָגן אַף איר געלעגער. באַם אויפהייבן זי האָבן די הענט פון די צוויי געוועזענע שולכאַווערים באַגעגנט זיך. זאָל זײַן צום לעצטן מאָל? אַזוי אָדער אַנדערש, האָט זיי דאָס לעבן ווידער אַף א ווײַלע צונויפגעפירט אין איין געמיינזאַמער זאָרג.

באָרעך איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב. עס האָט אים געטראָגן איבער די ניט באַלויכטענע גאַסן אָן דעם, ער זאָל זיך פאַרטראַכטן וווּהין. דורכגעשפּאַנט א היפּשע שטרעקע, איז ער געבליבן שטיין, אָן אויפגעטרייסלטער פון א נײַעם געדאַנק: וואָס האָט ער עס אָפּגעטאָן דאָרטן, אין יענער שטוב, וווּ פון די יִינגסטע יאָרן אָן איז ער געווען א געווונטשענער גאַסט? צי איז ער דאָרט ניט באַגאַנגען קיין מאָרד? „די דײַטשן האָבן פאַרסאַמט מײַן נעשאָמע”, — אַזוי האָט אין איינעם א בריוו געשריבן אים יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ. אוואַדע אַזוי. ער, באָרעך, איז אויך פאַרסאַמט. א פוטערל, א שוואַרץ פוטערל האָט אים געמאַכט פאַרגעסן אין אַלץ, וואָס עס פאַרבינדט

אים מיט דער מישפּאָכע טשיסטיאַקאָוו. וווהין טראָגט עס אים? א דאָקטער... נאָך א דאָקטער דאַרף מען גאָר לויפן... א דאָקטער? מיסטאַמע איז ער שוין דאָרט. אף צווייען האָט ער דאָך איבערגעלאָזט די קראַנקע. אף צווייען. מיטלייַד און האַס, צווייפל און פאַרצווייפלונג — ווי ענג עס איז פון דעם אַלעמען אין דער ברוסט. ניין, צוריק, צוריק אַהין, צו די טשיסטיאַקאָווס. ער וועט אַרויסרופן לעאָנידן אין דרויסן. ער מוז אים אויסהערן, ווייַל אויב עס זאָל בלייַבן אַזוי ווי עס איז, ווייסט ער שוין ניט, באָרעך, ווער פון זייביידן איז קאַין און ווער איז העוועל.

„באַראַטשנע, 13" — האָט אופגעבליצט אין באָרעכס צעהיצטן מויעך. ווי האָט ער זיך עס פריִער ניט דערמאָנט? ער האָט נאָך ווען אויסצוהערן. די שטאָט האָט ער גוט געקענט. דאָ איז ער געבאָרן געוואָרן, דאָ איז ער אויסגעוואַקסן. ער האָט זיך שאַרף אויסגעדרייט און אוועקגעשפּאַנט אין א פאַרקערטער ריכטונג, אַלץ ווייַטער פון זייַן היים.

אויסמייַדנדיק בא א דרייַ קילאָמעטער רויִנען, איז ער שטיין געבליבן בא איינעם א טויער. האַגאַם אין דעם טייל שטאָט איז ער געווען עפּשער נאָר ייִנגלווייַז, וואָלט ער געמעגט שווערן, אַז דער טויער איז אים באַקאַנט. ער האָט אָנגעצונדן א שוועבעלע — „13". אַריבערגעשפּרייַזט דאָס הויף־טירל, וואָס איז געהאַנגען אינדערקרים: מיט איין עק געהאַלטן זיך אף א טשוואָק אין דער הייך, מיטן צווייטן — אָנגעשפּאַרט זיך אין דער ערד. פון רעכטס האָבן מיט א טונקעלער שייַן געלויכטן עטלעכע פענצטער אין א צווייִשטאָקיק מויערל. באָרעך איז אַוועק אין דער טיף פון הויף, ווו עס האָט זיך געשוואַרצט א לאַנגער הילצערנער באַראַק, ווי אונטער א שווערער לאַסט א צוגעפּלעטשטער צו דער ערד.

געעפנט די דרויסנטיר, איז באָרעך ווי אין א ברונעם אַרייַנגעפאַלן. ווען די אויגן האָבן זיך עטוואָס צוגעפּאַסט צו דער פינצטערניש, האָט באָרעך פאַרשטאַנען, אַז פון איין זייַט ציט זיך א טויבע וואַנט, וואָס איין גאָט ווייסט, צוליב וואָס איז זי דאָ אַוועקגעשטעלט געוואָרן. אַנטקעגן האָבן געוווינט מענטשן. וועגן דעם האָבן איידעס געזאָגט די פּאַסיקלעך שייַן, וואָס האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די שפּאַלטן פון די אַראָפּגעזעצטע טירן, און דער מעכטיקער רויש פון א גוטן צענדליק פּרימוסן, וועלכן ס'האָט זיך געמיט איבערשרייַען א הייזעריק־צעריסן קאָל פון אַן אויפּעלע. מיט זיכערע טריט האָט באָרעך אַוועקגעלאָזט זיך איבערן לאַנגן קאָרידאָר, ווי ער וואָלט פון פריִער געוווּסט, הינטער וועלכער שוועל מע וואַרט אף זייַן קומען. ער האָט געטאַפּט אינדערפינצטער די טירן. מאָדנע שטיל, ווי ער וואָלט זיך דאָ געקליבן צו באַגיין א גנייווע. איינס, צוויי, דרייַ, פיר... ענדלעך, די לעצטע. ווייַטער איז ניטאָ וווהין צו גיין.

באָרעך האָט זיך צוגעהערט. ניט קיין פּרימוס. ניט קיין מענטשלעך קאָל. נאָר אפן דיל אין קאָרידאָר האָט זיך אויסגעשפּרייט א קרומער ליכטיקער פּירעק. באָרעך האָט ניט אָנגעקלאַפּט. א שטויס געטאָן די טיר, אַרייַן אין צימער. ניט אומקוקנדיק זיך אף אַהינטער, פאַרמאַכט זי.

דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערזען באַם אַרייַנקומען, איז געווען אַן אייַזערן אייוועלע, אין וועלכן עס האָבן האָפּערדיק געטרעשטשעט גוט אויסגעטריקנטע העלצלעך. ערשט דערנאָך האָט זיך פון דער פינצטערניש

אויסגעטיילט א פרויען־פיגור. די פרוי איז געזעסן באַם סאַמע אַרײַנגאַנג אין צימער. אויף אירע קני, וועלכע זײַנען געווען אַרומגעצויגן מיט עפּעס טונקלס און פאַרמלאָזס, האָבן געגרוט א פּאָר שטאַרקע הענט, געווינטע צו שווערער מי. קיין פּאָנעם האָט זיך ניט געזען. אָן א וואָרט צו זאָגן, האָט די פרוי זיך אײַנגעבויגן צום ברענענדיקן אײיוועלע. איר בייג איז געווען א יונגער און א פלינקער. זי האָט אָנגעצונדן א קינעלע, באַלויכטן באָרעכס פּאָנעם.

— איך האָב אײַך געזען באַטאָג גיין פון וואָקזאַל. גלײַך דערקענט, אַז דאָס זײַט איר. זיצט, באָריס לוואָוויטש! — זי האָט אים צוגערוקט א בענקל און אַליין אַראָפּגעלאָזט זיך אויפן הילצערנעם טאָפּטשאַן, אויף וועלכן זי איז געזעסן בײַ זײַן אַרײַנקומען אין צימער.

באָרעכס אופגערודערטקײַט, וועלכע האָט אים אַזוי זיכער דערפירט ביז צו זאָיעס קיינמאָל ניט געזעענער טיר, איז פּלוצלינג אויסגעלאָשן געוואָרן. אים איז באַפאַלן א מידקײַט. ווי גערן ער וואָלט איצט פאַרזונקען אין שלאָף. וועגן גאָרנישט ניט טראַכטן, גאָרנישט ניט געדענקען. אַנט־קעגן אים איז אָבער געזעסן כאָטש אָן אויסגעצערטע, אָבער ווי ס׳איז צו זען געווען, א שטאַרקע מיטלוווקסיקע פרוי, א יונגע און אָן אַנטשײי־דענע, וועלכע האָט זיך אַוואַדע קוים דערוואַרט אויף דער מינוט, ווען ער וועט זי אויסהערן.

זאָיע האָט באַפּעסטיקט דאָס קינעלע אין א וואַנט־קעשענע. אויף איר ברייטלעכן פּאָנעם האָבן זיך געמינעט שאָטנס.

— בײַ די טשיסטיאַקאָווס געווען? געזען זיך? — זאָיעס ליפּן האָבן זיך בייז א קרים געטאָן.

דער כויזעק אין איר שטים האָט באָרעכן געמאַכט אופּציטערן. ער האָט בוילעט דערזען פאַר זיך יעלענאַ מאַקסימאָוונען, אָן אויסגעצויגענע אויפן דיל, מיטן ווײַסן געלאָקטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן א פיסל פון טיש.

— שווײַגט, — האָט ער אין זײַן גרויסער צערודערטקײַט אויסגערופן. — קיין איין וואָרט וועגן יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ! — און שוין אײַנגעהאַלטענער צוגעגעבן: — איך האָב זי איבערגעלאָזט אָן באַוווּסטזײַן. איך בין ניט זיכער, צי לעבט זי נאָך.

ווי דערשראָקן פון די אייגענע ווערטער, וועלכע האָבן, אומבאַמערקט פאַר אים אַליין, אופגעזאָדן אין זײַן האַרצן נאָך פריער, ווען ער האָט, ווי א באַנומענער, געטראָגן זיך איבער די פּוסטע פינצטערע גאַסן, איז ער אופגעשפּרונגען, גרייט צו לויפן צוריק. לויפן צו דער, וועמען זײַן דינע האָט די לעצטע טעג פון איר לעבן מיט ליבע געדריקט צו איר לײַב, וועמען זי האָט אין איר עלנט אָנגערופן: „מאַמע". און ער, באָרעך, האָט אומגערן זי, מעגלעך, דערהאַרגעט.

— זעצט זיך! — זאָיעס שטים האָט אָפּגעקלונגען, ווי א קנאַק פון א פּאַסטעך־בײַטש. — דערציילט, וואָס איז דאָרט פאַרלאָפן.

וואָס דערציילן? ווי־אַזוי דערציילט מען עס? צופיל האָט פאַר דעם איי־נעם היינטיקן טאָג אין אים איבערגעברענט, ער זאָל קאָנען טיילן מיט וועמען עס זאָל ניט זײַן דאָס איבערגעלעבטע. אַנטקעגן אים איז אָבער געזעסן אָן ענערגישע פרוי, וועלכער עס זײַנען, ווײַזט אויס, קנאַפּ אָנגע־

גאנגען זײַנע איבערלעבונגען. וואָס איז דאָרט פאַרלאָפן, האָט זי געוואָלט וויסן. פאקטן האָבן זי אינטערעסירט. מער גאָרנישט. און ער האָט מיט א בלאסער שטים, וועלכע ער האָט אליין ניט דערקענט, אָן קיין שום אויסדרוק, ווי דאָס דערציילטע וואָלט צו אים גאָר א קנאפּע שײַכעס געהאט, דערציילט, וואָס עס איז דאָרטן פאַרלאָפן.

— האָט ער זיך נאָך אף א פרעמד פוטערל געקוואפּעט? — האָט זיך צעקאָכט זאָיע. דאָס, וואָס באָרעך האָט דערציילט וועגן יעלענא מאקסימאָוונען, איז פאַרבײַ אירע אויערן דורכגעפלויגן. — פאַרן מיידל פון פוילן געוואָלט זיך אויספּײַנען... שוין אוואדע א יאָר צײַט, ווי ער שאדכנט זיך צו איר. ניט געווינט, מע זאָל אים אָפּזאָגן. נו, איז דאָס פוטערל...

— און טאָמער ס'איז ניט מער, ווי דאָס פוטערל? — באָרעך האָט שוין אף איר קימאט ווי געשרי:ען. — דאָס פוטערל אליין איז אײַך קנאפּ? איר פאַרשטײ:ט ניט, ווי שרעקלעך דאָס איז?

— צי איך פאַרשטיי? ווען נאָר דאָס פוטערל, וואָלט ער אויך ווערט געווען די טלי:ע, דער מענוול.

— איז וואָס פאר א „נאָך” דאַרפט איר? אף וואָס דײַט איר אָן?

— וואָס פאר א „נאָך”? נאָך גייט עס אין מענטשלעכע לעבנס. אויך מיר א זאך, א פוטערל...

— אָבער פונוואנען ווייסט איר? צי קומט אײַך ניט אפן זינען, אז איר שפּילט זיך אויך מיט א מענטשלעך לעבן? — שוין פּילנדיק זיך געפאנגען פון איר זיכערקײַט. האָט באָרעך געקוקט זאָיען גלײַך אין פּאָנעם ארײַן.

— אזוי? איך שפּיל זיך... נאָר שפּילן זיך גייט מיר אָפּ. און טאָמער האָב איך אים געזען אין א פּרעכטיקן אווטאָמאָביל זײַט בא זײַט מיטן קאָמענדאנט פון שטאָט, איז עס פאר אײַך גאָרנישט? — האָט זי זיך אָנגעצונדן. — הינטערן שטאָט איז עס געווען. אין שטאָט פלעגט ער זיך אין אזא שכײנעשאפט ניט באווײַזן. ווי ס'ווײַזט אויס, אן אָפּגערעדטע זאך געווען. אין די ווייכע וואָנצעלעך געלאכט, מיט די ווײַסע ציין פון א פּרויען־פּרעסער געבלישטשעט. ער האָט זיך ווילגעטאָן אפן ווייכן לעדערנעם געזעס, און איך בין בייסמײַסע געלעגן פארטײַעט הינטער א קוסט מיט שטעכיקער קראָפּעווע. פאר ווען האָב איך זיך געשראָקן? פון ווען האָב איך עס אויסבאהאלטן די עטלעכע גרײַפּעלעך סאכארין, דאָס קעסטעלע שוועבעלעך, דאָס זעקעלע זאלץ? אין דאָרף האָב איך געטראָגן דאָס ביסל אָרעמע פארמעגן מײַנס. און געמוזט אויסבאהאלטן זיך הינטער א קוסט, קעדיי ער, דער שעף פון אײַער פרײַנט, זאָל עס בא מיר ניט אָפּנעמען. סטאם אזוי. פון פאַרגעניגן וועגן. און טאָמער וואָלט דעם שעף אײַנגעפאלן זיך ווילטאָן און דערשיסן מיך אף אן אָרט, וואָלט דען אײַער ליבער כאווער א פּיפּס געטאָן? און ווען אים אליין וואָלט דער שעף פאַראָרדנט עס צו טאָן, וואָלט אים כאָטש אף איין רעגע אײַנגעפאלן ניט צו פאָלגן דעם באלעבאָס? ער איז דאָך א געבאָרענער לאקיי, אָט דער לעאָניד פּעטראָוויטש, ווי:אזוי האָט איר עס קיינער ניט באַמערקט? — זאָיע האָט זיך פלוצלינג אָפּגעהאקט: — איר האָט ווו צו נעכטיקן? איר דאַרפט זיך הײַנט גוט אויסרוען.

באָרעך האָט א טאפּ געטאָן די קעשענע, שווײַגנדיק באוויזן זײַן שווע־גערן דעם שליסל פון זײַן שטוב. אפדערגיך און צעשטרייט געזעגנט זיך. זי איז אים נאָכגעגאנגען ביזן סאָף פונעם לאנגן פינצטערן קאָרידאָר.

גערטענער ציִען זיך, גרינע גערטענער. די מאמע און דינע פירן שי־מעלען פאר די הענט. ער, באָרעך, גייט בא דער זײַט, אן אָנגעלאָדענער מיט פּעקלעך. שימעלע האלט זיך אין איין אויסדרייען אף אהינטער: „מאמע, ווער איז דאָס?", „באָבע, פארוואָס זײַנען בא אים אזעלכע לאנגע ארבל, און ווו זײַנען די הענט?", „מאמע, זע, א קאפּעליוש, און ווו איז ער אליין?". די מאמע און די באָבע זײַנען שטארק פארטאָן אין א שמועס. הערן זיי זיך ווייניק וואָס צו צו שימעלען. ענטפערן אף אלע קאשעס, מיט וועלכע ער באשיט זיי קעסיידער, וואָלט דער טאָג ניט געסטײַעט. „טאטע, וואָס שטייט ער דאָ? — פרעגט שוין שימעלע באָרעכן. — ווער איז ער, טאטע?"

— דאָס איז א סטראשידלע, מײַן קינד, ער איז ניט קיין עמעסער. ער שטייט, קעדיי צו שרעקן די פויגלען. זיי זאָלן ניט אויספּיקן די קערנדלעך פון דער ערד.

שימעלע פארטראכט זיך.

— טאטע, זיי זײַנען שלעכטע, די סטראשידלעס, עמעס, טאטע?

שימעלע רײַסט זיך ארויס פון דער מאמעס און דער באָבעס הענט, שפּרינגט ארוף אף א פּניאָק און רופט הילכיק אויס:

— סטראשידלע־בידלע, איך האָב פאר דיר קיין מוירע ניט! — שטעקט ארויס דער סטראשידלע א צונג און שפּרינגט אראָפּ פון פּניאָק, צופרידן פון דער אייגענער דרייסטקײַט.

וועגן וואָס האָט געפרעגט שימעלע זײַן מאמען, ווען זי האָט אים פארזאָגט, אז ער זאָל זײַן נאָמען פארגעסן? ווײַל „מאלע וואָס סע מאכט זיך". און די טיאָטיע לענע, וואָס האָט אויסגעבאהאלטן אים און זײַן מא־מען בא זיך אין קעמערל, האָט אים אויך דאָס זעלבע פארזאָגט. וויִאזוי האָט ער, דער פינפיאָריקער, פארשטאנען דעם „מאלע וואָס סע מאכט זיך"? וואָס פארא קאשעס האָט ער געפרעגט בא זײַן מאמען און בא דער טיאָטיע לענע? נאָר וואָס טוט זיך עס מיט אים, מיט באָרעכן? צי איז ער אליין ניט אין דעם עלטער פון א „ווער־פארוואָס"? נאָר ניין, ער ווייסט דאָך, יעלענא מאקסימאָוונא האָט געשריבן, ווי א מײַזל איז ער געזעסן, שימעלע, שטיל, פארשטעקט אין א ווינקעלע. יעלענא מאקסימאָוונא האָט דאָך נאָך דאן פארגעסן, ווי עס קלינגט זײַן קאָל. הייסט עס, ער האָט גוט פארשטאנען, שימעלע, וואָס סע קאָן זיך מאכן. האָט ער שוין פארשפּאָרט צו פרעגן קאשעס. גיך אָפּגעפארטיקט זיך מיטן „ווער־פארוואָס". א דער־וואָקסענער איז ער געווען, זײַן שימעלע, א מעיושעוודיקער מענטש, וועלכער גיט זיך אָפּ א קלאָרן כעזשבן, ווו ער האלט אין דער וועלט.

באָרעך האָט אַלץ פאַרלאַנגזאַמט און פאַרלאַנגזאַמט דעם טראָט. פּלוצלינג שטיין געבליבן אין דער מיט פון דער באַנאַכטיקער גאַס, אַן איבערראַשטער פון אַ נײַעם געדאַנק. ער קען ניט זײַן אייגן קינד. ער ווייסט ניט, וויאַזוי וועגן דעם זיך צו דערמאָנען. וויפל מאָל האָט ער זיך געבייזערט אַף שימעלען פאַרן גערודער, וואָס ער הייבט אוף אין צימער באַם שפּילן זיך. און יענעם פינפיאָריקן מענטשן, וועלכער האָט אפילע קראַנקערהייט מוירע געהאַט אַרויסצולאָזן אַ קרעכץ, דעם קען ער ניט, באָרעך. ווי זיי האָבן זיך עס אַלע געגרויסט מיט שימעלעס פרי אָנהייבן ריידן. צו אָנדערהאַלבן יאָר האָט ער שוין גערעדט קלאָר און דײַטלעך. בלויז דעם „רייש” עטוואָס קאָמיש אַרטיקולירט. און דאָס אַנטוויינען זיך פון ריידן, איז עס אים אויך אַזוי גרינג אָנגעקומען?

אַ קליין ווינטל האָט זיך אופגעהויבן. אַ ריר געטאָן באָרעכס האָר. „טאַטע”, — האָט אים אַרײַנגעשעפּטשעט אין אויער אַ קינדערש קאָל, און אַ פּאָר וואַרעמע הענטלעך האָבן זיך אַרומגעוויקלט אַרום זײַן האַלדז. ער האָט דערפילט דעם רייעך פון שימעלעס האָר. קינדערשע קעפּעלעך פאַרמאָגן אַ ספּעציפישן רייעך. פון מילך און בלומען.

באָרעך האָט אופגעציטערט און אַרומגעקוקט זיך. לויט זײַן כעזשבן האָט געדאַרפט זײַן ערשט אַזייגער צען אין אָוונט. די גאַס אָבער איז געווען טויט. ווּהין האָט עס אים פאַרטראָגן? ער האָט אפילע ניט געוווּסט, אין וועלכן טייל פון שטאָט ער געפינט זיך. אַ פײַנע מײַסע, אין זײַן היימשטאָט דאַרף ער זיך נאָכפרעגן אַפן וועג. בײַ וועמען פרעגן? מע דאַרף זיך קוידעמקאָל דערקלײַבן צו אַוועלכער־ניט־איז וווינונג. בײַ אַ צענדליק מעטער סאַכאַקל האָט אים אָפּגעטיילט פון אַ קליין באַלויכטן שײַבל האַרט בײַ דער ערד. אַ גאַנץ געבליבענער קעלער, ווײַזט אויס, אָדער אַן אַפּדערגיך צונויפגעקלעפּט ערדשטיבל.

ווען באָרעך איז בײַטאָג געגאַנגען פון וואָקזאַל, האָט ער עטלעכע מאָל באַמערקט אַ פּלאַקאַט מיט אַ וואָרענונג: „היט זיך פאַר מינעס!”. איצט, אין דער פינצטערניש, האָט ער זיך וועגן דעם דערמאָנט. דערמאָנט, אָבער ניט ווי וועגן אַ זאַך, וואָס האָט אַ דירעקטע שײַכעס צו אים. מיטן פּאַטאַליזם פון אַ מיליטערמאַן, וואָס אַרײַנפאַלנדיק אין אַ ציווילער אומגעבונג, איז ער שוין זיכער, אַז מיט אים קאָן קיין שלעכטס ניט געשען, האָט באָרעך מיט ברייטע טריט איבערגעשניטן אין דער קווער אַ גאַס ניט קיין גאַס, אַ פעלד ניט קיין פעלד... אַלנפאַלס איז דאָ קיין איין געבײַדע ניט געשטאַנען, און אונטער די שטיוול בײַ אים, האָט ער געפילט, לייגן זיך האַרבסטיקע גראָזן און שטעכלקעס. אַ סימען, אַז דאָס אָרט איז פאַרוויסט. צוגעקומען צום באַלויכטענעם שײַבעלע, אײַנגעבויגן זיך, אָנגעקלאַפּט. פונעם ערדשטיבל איז אַרויס אַ מענטש, באַוויזן אים, ווּהין צו גיין. פון זײַן היים האָבן באָרעכן אָפּגעטיילט ניט מער ווי צוויי געוועזענע קוואַרטאַלן.

דאָס פאַרבלאָנדזשען זיך האָט געדינט באָרעכן צום גונסטן. עס האָט אים אַף אַ ווײַלע אויסגעניכטערט פונעם טשאַד, אין וועלכן ער האָט אָפּגעלעבט דעם ערשטן טאָג פון זײַן קומען אַהיים. די געדאַנקען האָבן זיך אומגעקערט צו דער שטוב פון זײַנע שכיינים. וואָס טוט זיך דאָרט

איצט? וויאזוי דערוויסט מען זיך וועגן דעם? „מיר, מענטשן פונעם צוואנ־ציקסטן יאָרהונדערט, זײַנען שטארקער פון אײַזן. מיר קענען אלץ איבער־טראָגן". ווײַזט זיך ארויס, אז ניט אלץ. אײַנגעבראָכן געוואָרן יעלענא מאקסימאָוונא.

די ניכטערקײַט האָט ניט לאנג אָנגעהאלטן. וואָס נעענטער צו דער היים, אלץ א טיפערע בענקשאפט האָט ארומגעכאפט באָרעכן. „דינעלע, דינע, מײַן דינינקע דינע", — האָט ער געמורמלט שטיל, ווי א טפילע, גערופן צו זיך דינען פון איר ניט־זײַן.

א טראָט, נאָך א טראָט, און... ער האָט דערזען דינען. אן איידעלע, א שלאנקע, איז זי געשטאנען אפן אייבערשטן טרעפּל פונעם גאנעק, מיט דער פלייצע צוגעטוליעט צו דער וואנט. נאָך א ווײַלע, און באָרעך וואָלט מיט צעשפרייטע הענט און עפשער מיט א ווילדן פרייד־געשריי א לאָז געטאָן זיך צו איר און אײַנגעשלאָסן אין די אָרעמס. נאָר דאָ האָט דער פרויען־סילועט אָפּגעטיילט זיך פון דער וואנט, און א קנאפּ באקאנטע שטים האָט ארויסגעזאָגט אף יידיש מיט אן אויסגעשפּראָכן־פּוילישן אקצענט:

— פירט מיך צו זיך. צי איר ווילט, צי איר ווילט ניט. איר קאָנט מיר ניט אָפּזאָגן דורכצורײדן זיך.

באָרעך האָט גאָרנישט געענטפערט. אָנגעטאפּט אינדערפינצטער דעם שלאָס אף דער טיר, געעפנט און ארײַן מיט יודעסן אין שטוב.

— א שוועבעלע האָט איר? — האָט זי געפרעגט. — איך האָב געבראכט א ליכט.

באָרעך האָט ארויסבאקומען פון דער שינעל־קעשענע א קעסטעלע שוועבעלעך, אָנגעצונדן די ליכט בא יודעסן אין דער האנט.

יודעס האָט אומגעבעטן אראָפּגעלאָזט זיך אף א בענקל.

— איר מיינט אוואדע, אז איך בין געקומען אײַך עפּעס צו וויסן געבן, — האָט זי געזאָגט. — ניין, איך בין געקומען הערן. וועגן לעאָנידן. ער איז מײַן רעטער, לעאָניד, איר פארשטייט? טאָ דערציילט מיר וועגן אים. אלץ, וואָס עס וועט אײַך קומען אפן זיקאָרן. פון די פריסטע קינדער־יאָרן אָן. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע. איך בעט אײַך.

— יעלענא מאקסימ...

— ניט גוט. געוועזן א דאָקטער. נו, דערציילט זשע. עס גייט מיר אין לעבן.

כאָטש אין צימער איז געווען מוירעדיק קאלט, האָט יודעס פאנאנדער־געשפיליעט דאָס וואטאָווע געשטעפּטע לײַבל, אין וועלכן זי איז איצט געווען אָנגעטאָן און איז געבליבן זיצן אן אָנגעשטרענגט אויסגעגלײַכטע, מיט פיבערהאפט צונויפגעפלאָכטענע פינגער. זי האָט געוואָרט.

באָרעכן האָט ארומגעכאפּט דאָס באקאנטע געפיל פון ראכמאָנעס צו א שוואכערן, צו א יינגערן פון זיך, וואָס ער האָט ניט איין מאָל איבערגע־לעבט פאר די יאָרן פון מילכאָמע, און פון זײַנע ליפּן האָבן א פליס געטאָן רייד. ניט נאָר וועגן לעאָנידן האָט ער דערציילט, נאָר אויך וועגן זיך, וועגן דינען, וועגן שימעלען, וועגן דער מאמען און וועגן דעם פרי פאר־שטאָרבענעם טאטן. אפילע וועגן קאַליע דאָברינינען האָט ער איר דער־

ציילט. ער האָט דערציילט דער שווײַגנדיקער יודעס דאָס אַלץ, וואָס האָט אין אים גופא געזוכט א וועג אַף אויסגעגאָסן ווערן אין ווערטער. אַלץ האָט ער דערציילט, אויסער... אויסער דעם איקער, וואָס האָט ווייטעקלעך גענאָגט, געטאָטשעט זײַנע געהירן, זײַן לײַב און לעבן. איין אַנטיילנעמער פון דער דראַמע, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין צוויי שכיינעסדיקע הײַזער, האָט ער אויסגעבאהאלטן פון יודעסן: זײַן שוועגערן זאָיע. ניט וועגן אירע בריוו האָט ער ניט דערציילט, ניט וועגן זײַן הײַנטיקן באזוך בא איר. ווען ער האָט שפּעטער בא זיך אַליין געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער אזוי געטאָן, אויס ראַכמאָנעס צו יודעסן, צי צו זיך אַליין, אָדער עפּשער האָט נאָך אין אים געטליעט א האָפענונג, אַז זאָיע איז ניט גערעכט, האָט ער קיין ענטפער דערויף ניט געפונען. און דאָך איז ער געווען צופרידן, וואָס אזוי האָט זיך געמאַכט.

יודעס איז פּאַמעלעך אופגעשטאַנען פון איר בענקל. באַרעך האָט זיך אויך אופגעהויבן, געבליבן שטיין אַנטקעגן איר.

— א גוטע נאכט! — האָט זי געזאָגט און פאַרטראַכט זיך. — אַלנפאַלס, — האָט זי צוגעגעבן, — בין איך איצט גרייט צו דעם שמועס וועגן פוטערל.

באַרעך האָט גוט פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן „אַלנפאַלס". ס'האָט געהייסן, אַז אים האָט זיך ניט אײַנגעגעבן זי אָפּצונאַרן. זי האָט דערפילט, אַז אין זײַן דערציילן איז פאַרבליבן א באַריער, וועלכן ער האָט ניט געקאָנט פויעלן בא זיך אריבערצוטרעטן. אָ, אזעלכע שווײַגערקעס קענען הערן. נאָך אָנהייב אָוונט האָט ער באמערקט, וויאזוי אַן אָפּגעפרעמדטע, דאכט זיך פון אַלעמען, א פאַרטיפטע אין זיך זאַפּט זי דאָך אײַן יעדעס וואָרט, וואָס עס ווערט ארויסגעזאָגט באַם טיש.

באַרעך האָט געעפנט פאַר יודעסן די טיר. אין פאַרלעגנהײַט אריבערגעטראָטן די שוועל. צי דאַרף ער זי באַגלייטן און... ווּהין? יודעס האָט שטרענג א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַף „ניין" און איז נעלעם געוואָרן אין דער פינצטערניש.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט באַרעך דערהערט א לײַכטן קלאַפּ אין טיר. ניט ווי א האנט וואָלט אין איר אָנגעקלאַפּט, נאָר א פוס וואָלט זי אָנגערירט פון אונטן. באַרעך האָט געעפנט און פון האנט צו האנט ארײַנבערגענומען בא יודעסן א בינטל האָלץ. איידער ער האָט באוויזן צו זאָגן „א דאנק", איז זי פאַרשוווּנדן.

א לאַנגע צײַט איז באַרעך אָפּגעזעסן בא דעם געמיטלעכן פלאַם פון דער האָלענדישער הרובע. פון אָנהייב האָט ער געכאַפּט א ציטער, נאָר ביסלעכווײַז האָט א ליבע וואַרעמקײַט צעגאָסן זיך איבער זײַנע גלידער. א שלעפעריקײַט איז אים באפאלן, אָבער דער מידער מויעך האָט ניט געקאָנט געפינען קיין רו: „לעאָניד... זי זאָגט, ער איז איר רעטער, פון וועמען האָט ער זי געראַטעוועט? פון וואָס? א מין שווײַגערקע... נאָר זי הערט. און אַליין וועגן זיך קיין וואָרט ניט. פון פּוילן איז זי. דאָס איז צו זען פון איר אויסשפּראַך. מאָדנע אויגן בא איר. עפּעס האָבן זיי געזען אזוינס, וואָס זי וויל אין זיי אויסלעשן. די מילכאָמע האָט זיך פאַר איר אָנגעהויבן אין 39־טן... לעאָניד... ווי זאָל איך עס גלייבן אַף לעאָ־

נידן? וואָס האָט ער עס אָפּגעטאָן? וועלכער טײַוול האָט אים אין יענע בלוטיקע טעג געפירט בא דער האנט?” און נאָכאמאָל און ווידעראמאָל: „לעאָניד?..”

דאָס האָלץ אין הרובע האָט אויסגעברענט. באָרעך האָט מיט דער קאָטשערע צונויפגעשארט די הייסע קוילן אין א קופּקעלע, פארמאכט דעם קוימען, ווי ער האָט עס צענדליקער מאָל געטאַן אמאָל. אופגעהויבן זיך, געמאכט א טראָט צו דער בעט, שטיין געבליבן. אראָפּגעלאָזט זיך אף א בענקל. און אָט אזוי־אָ, זיצנדיק אף א בענקל הארט באם טיש, דעם קאָפּ אונטערגעבעט מיט דער רעכטער האנט, אײַנגעשלאָפן. פון צײַט צו צײַט אופגעציטערט, ווילד ארומגעקוקט זיך אין דער פינצטערניש. און זײַן מידער קאָפּ איז איבעראנײַס צוגעפאלן צום טיש.

פון באָרעך הורוויטשן צו ניקאָלײַ דאָברינינען.
20 נאָיאבער 1945.

טײַערער פרײַנט ניקאָלײַ!

עפּעס איז מיר דאָס הארץ ניט געלעגן אָנצושרײַבן דיר פון דער פרעמד. דײַן בריוו האָב איך דערהאלטן שוין גאנץ לאנג און דעם ענטפער אלץ אָפּגעלייגט. דאָס וויכטיקסטע האָב איך דאָך שוין וועגן דיר געוווּסט. דו וועגן מיר אויך. האָב איך מיר געקלערט: אָט, איך וועל קומען אהיים, וועל איך זיך מיט א קלאָרן קאָפּ נעמען פאר דער פען. איך האָב זיך ניט אָפּגענארט. דאָ, פון דער היים, איז דאָ וואָס צו שרײַבן. אָפּגענארט האָב איך זיך נאָר אין מײַן קאָפּ. ניט קיין קלאָרער איז ער, נאָר א דולער. אין דער היים האָט מיך א נײַער קלאַפּ דערוואַרט. ס'איז ניט צו באַגרײַפן. בעסער וואָלטן מײַנע אויגן ניט געזען, מײַנע אויערן ניט געהערט.

דער גרויסער אומגליק, וואָס האָט מיך געטראָפן, איז פאר מיר פון לאנג קיין נײַס ניט געווען. מע קאָן זאָגן, אז איך האָב זיך שוין צוגעוווינט צום געדאנק, אז פון מײַניקע וועל איך דאָ קיינעם ניט טרעפן. צו וואָס נאָר א מענטש קאָן זיך צוגעוווינען. ווען מײַנע וואָלטן באוויזן צו עוואַקויִרן זיך, וואָלטן זיי דאָך מיך געוויס אופגעזוכט. אָדער איך זיי. נאָר קוים זײַנען זיי אריינגעפאלן צו די דײַטשן, איז אף וואָס איז שוין דאָ געבליבן צו האָפן? זינט אָבער איך האָב באקומען דאָס ערשטע בריוול פון יעלענא מאקסימאָוונען, איז מיר מײַן אומגליק פארדאָפּלט געוואָרן. אן אומגליק אין שפּאַן מיט א רעטעניש, מיט א וויסטער געהיימניס... עס מאכט זיך, א מענטש גיט א זאָג, אזוי מאנצבלש־באהערשט: „די דײַטשן האָבן אויסגעקוילעט מײַן גאנצע מישפּאָכע”. איך האָב באגעגנט אזעלכע מענטשן. איצט בין איך זיי מעקאנע. די דײַטשן... אָבער ווען א פּיקהאָלץ מיט אן אײַזערנעם שנאָבל האלט אין איין פּיקן דײַן מויעך: „דערגיי, דערגיי, ווער עס האָט דיך פארקויפט!”

נו, גוט, אין דער היים בין איך. און שרײַבן מוז איך דיר כאָטשבי דערפאר אליין, וואָס יעלענא מאקסימאָוונא וועט עס שוין פאר מיר ניט טאָן. איך האָב זי געטראָפן א האלב־בלינדע, א פּיזיש אויסגעשעפּטע.

און איצט איז נאָך ערגער. זי ליגט א געליימטע, אָן לאָשן, עמעס, באם פולן באוווּסטזײַן. צי איז עס בעסער, צי ערגער? פאר איר, דוכט מיר, וואָלט איצט געווען גלײַכער דאָס באוווּסטזײַן ניט צו פארהיטן. באלד קיינער וועט דיר ניט שרײַבן, ווייסטו דאָך סטאם ניט וויסן וואָס איבער־צוקלערן. מיר וועלן אלע פאר דיר ווי אין וואסער ארײַן. ניט אלע, מײַן פרײַנט, ניט אלע. ווער עס איז ארונטער און ווער עס לעבט. עס מאכט זיך, עמעס, אז דעם, וואָס איז לעבן געבליבן, קומט אָן שווער אפילע אזא קלייניקײַט, ווי נעמען א פען אין דער האנט און אָנשרײַבן א פּאָר ווערטער א נאָענטן פרײַנט. נאָר אז מע לעבט, לעבט מען. מע נעמט אָן א פולע ברוסט מיט לופט און מע שווימט ארויס אף דער ליכטיקער שײַן. א שאָד נאָר, וואָס גרינגער פון אלעמען הייבט זיך אוף אף דער זויבע־רער וואסער־פלאך אומרייניקײַט.

מײַן שטוב, שטעל זיך פאָר, האָב איך געפונען אין דער בעסטער אָרדע־נונג. אין דעם ערשטן אויגנבליק האָב איך עס אפילע ניט באמערקט. צי דערפאר, וואָס באלויכטן איז געווען נאָר די קיך מיט א פיצל דין ליכטל, צי דערפאר, וואָס צום ערשטן מאָל בין איך ארײַן אין שטוב ניט אליין, נאָר אין דער באגלייטונג פון א באטריבטער יוגנט. זי האָט אף מיר געקוקט מיט אויגן פון א פארוווּנדעטער אינד, און געפאָדערט האָט זי פון מיר, איך זאָל איר דערציילן וועגן לעאָנידן, לעאָניד אין דער קינדהײַט, לעאָניד אין דער יוגנט, לעאָניד אין רײַפן עלטער. זי האָט זיך מיטאמאָל ארומגעזען, אז זי קען ניט דעם מענטשן, וואָס האָט זי געראטעוועט, מעגלעך, פון טויט, וואָס האָט א היפּשע צײַט זי געפלעגט, ווען זי איז קראנק געווען, באשוכט און באקליידט זי, די אָרעמע און פארוואָרלאָזטע.

וואָס קאָן זײַן בעסער, ווי צו קומען אהיים נאָך פיר יאָר מילכאָמע? איך גיי מיר ארום איבער מײַן שטוב, צווישן מײַן מעבל. אפילע באקאנט געפעס געפין איך. אָט האָב איך נעכטן אין דער קיך־שאפע דערזען א קריגעלע. ארום און ארום מיט הינדעלעך באמאָלט. א רויט הינדעלע, א שווארץ הינדעלע. און לעבן יעדערן א גאָלדן קערנדל, ווי א שײַנענדיקע זון. דאָס קריגעלע האָב איך ניט גערירט פון אָרט. עס שטייט ביז איצט אזוי סטאטעטשנע אף דער פּאָליצע אוןווארט... ס׳איז מיר גוט בא מיר אין שטוב. וויל איך, זעץ איך זיך צו צום טיש, וויל איך, לייג איך זיך צו אף מײַן פּאָרפּאָלק־בעט, ברייט, ווי א פעלד. וויל איך אָבער ניט, ניט דאָס און ניט יענץ. איך פארשפּרייט א צײַטונג אף דער קיך־פּליטע, און דאָ עס איך. איך האָב געפונען פארשטעקט אין א ווינקל עפּעס א פרעמדע ראסקלאדושקע. האָב איך זי פאנאנדערגענומען און שלאָף אף איר. די ערשטע נעכט בין איך געשלאָפן אפילע אינעם אָנטאָן, איבערגעדעקט מיט מײַן שינעל. איצט טו איך זיך שוין אויס. טאָמער עס שלאָפט זיך ניט, איז מיר אויך וויל. איך שפּאן מיר ארום איבער מײַן געראמער דירע. פון קיך אין ערשטן צימער, פונעם ערשטן אין צווייטן. און דערנאָך פארקערט. פונעם צווייטן אין ערשטן, פונעם ערשטן אין קיך ארײַן. און דינע האָט געטײַנעט, אז ס׳איז בא אונדז ענגלעך אין שטוב. כאָטש נאָך איין קליין צימערל האָט זי פארלאנגט. פאר מײַן מאמען. שימעלע ווארפט זיך אין שלאָף, וועקט ער זי, די מאמע. ווען דינע קוקט עס איצט אָן

אונדזער שטוב. א שטוב מיט ווענט. מיט א דאך. און א מאזלדיקע איז זי, אונדזער שטוב. די באָמבעס האָבן זי געשאָנעוועט. עפּשער וואָלט אויך מיט די מענטשן געשען דאָ א נעס, ווען ניט... עך, ברודער ניקאָלײַ, דיר איז ווען־ניט־איז אויסגעקומען טרעפן זיך אויג־אף־אויג מיט א פּאַרעטער? לעאָניד, אָט ווער עס האָט מיך געקוילעט. ער האָט אויסגעלאָשן די שײַן אין מײַן שטוב. איך ווייס, די נײַס וועט דיך טרעפן, ווי א דונער. נו, איז וואָס זאָל מען טאָן? ווייניק דונערס האָבן אָפּגעהילכט איבער אונדזערע קעפּ? אויב איך האָב עס איבערגעטראָגן, וועסטו אוודע. ווײַכער מאכן דעם קלאַפּ קאָן איך ניט, ווײַל אזוי איז עס. לעאָניד, איינער פון אונדזער ייִנגלשן פּערטלינג...

דײַן באָריס הורוויטש.

פון ניקאָלײַ דאָברינינען צו באָרעך הורוויטשן.
30 נאָיאבער 1945.

אומעגלעך! אָן אומזין! לעאָניד טשיסטיאַקאָוו א פּאַרעטער? נאָכאמאָל און ווידעראמאָל: אויסגעשלאָסן! ווי האָסטו עס גאָר פאַרן מויל געקאָנט ברענגען? טײַערער באָריס, אין נאָמען פון אונדזערע ליבע, וועלכע מיר האָבן פאַרלאָרן, פאַרשפּרעך איך דיך, זײַ געהיט! לאָז זיך ניט פירן אף א פאַלשן שפּור. זע, צי איז עס ניט קיין שפּיצל פונעם עמעסן מערדער, וועלכער מיט זיך אריבערפּעקלען זײַן אייגענעם פאַרברעכן צו לעאָנידן. באטראכט ניט דײַן כאוועך אלס א שולדיקן, איידער די שולד איז דער־וויזן געוואָרן. „אים איז גוט צו געבן אייצעס״ — אזוי וועסטו מיסטאמע מיט פאַרביטערונג א טראכט טאָן ווען מיר נאָכן איבערלייענען מײַן בריוו. און דײַן פאַרביטערונג, פון וועלכער איך ווייס ניט און זי שטעלט זיך מיר ערשט פאָר אין געדאנק, לייגט זיך מיר שווין, ווי סאם אפן גומען. ווײַל מאשען האָב איך פאַרלאָרן. און אויסער מײַנע קינדער זײַט איר מיר איצט נעענטער פון אלעמען — דו, יעלענא מאקסימאָוונא, לעאָניד, יאָ, יאָ, לעאָניד. ניט געקוקט אף דײַן כשאד, רוף איך אָן זײַן נאָמען צווישן מײַנע נאָענטסטע. אין יעדער שורע פון דײַן בריוו זע איך, ווי עס בלוטיקט דײַן הארץ. און דאָך נעם איך אף זיך די האָזע צו זאָגן: אין אזעלכע פאַלן מוז מען די פּערזענלעכע עמאָציעס צוימען.

איך בין א פּסיכיאַטער. און א פּסיכיאַטער האָט עפּעס געמיינזאמס מיט א ריכטער, וואָס איז שײַעך צו מיר, אײַל איך זיך קיינמאָל ניט ארויסצור־טראָגן דעם אורטײל (אין מײַן פאך איז דער דיאַגנאָז אָפּט גרויזאמער פון דער שווערסטער שטראָף), אפילע דאן, ווען מע ברענגט צו מיר דעם קראנקן א געבונדענעם מיט האנטעכער. יעלענא מאקסימאָוונא, שרײַבסטו, ליגט א געליימטע. איז זי א נײַער קאָרבן, ווײַל, ווי איך פאַרשטיי, איז עס מיט איר געשען איבערן כשאד אף לעאָנידן. מיין ניט, אז פון מיר רעדט ארויס דער סאַנטימענט פאַר אונדזערע ווײַטע קינדער־יאָרן. ווען איך ווייס, אז לעאָניד איז דאָס, וואָס דו שרײַבסט וועגן אים, וואָלט נאָר א בלײַענע קויל באשיידט מײַן באציִונג צו אים. זאָג מיר גלײַך אָן: אויב

דער איניען געפינט זיך שוין אין דער פראָקוראַטור, וועל איך זיך אָנגעבן פאַר אַן איידעס. אַזוי הייסט מיר מײַן געוויסן.

קיין פּראַטים שרײַבסטו מיר ניט. איך פאַרשטיי, דיר איז שווער. מיטן גאַנצן הארצן בין איך מיט דיר. איצט אָבער מוזטו שוין אויסשרײַבן מיר אַלץ, וואָס דו ווייסט, ווײַל עפּעס ווייס איך אויך. פאַרגעדענק זשע, איך בין אַן איידעס. און נאָר פאַרן עמעס וועל איך זיך שלאָגן. פאַרן עמעס, אוועלכער ער זאָל ניט זײַן. לאָמיר עס טאָן האַנט־בא־האַנט. איך גלייב, אַז מײַן פאַרלאַנג איז אויך דײַן פאַרלאַנג. וועסט ניט אָפּטאָן אַזוינס, וואָס דו וועסט זיך קיינמאָל ניט קאָנען מויכל זײַן. זײַ געטרייסט, מײַן פרײַנט. ווײַל דער סוינע האָט בא אונדז אַזויפיל אָפּגענומען, טאָ לאָמיר אַליין, מיט די אייגענע הענט, ניט פאַרמערן די קאָרבאָנעס.

מיט די בעסטע גרוסן

דײַן פרײַנט נ י ק אָ ל ײַ.

פּ. ס. לעאָנידן איז גרינג כוישעד צו זײַן. ער איז בעטעווע אַ לײַכטזיני־קער מענטש. ער האָט זיך טאָמיד ווי געדרייט אין אַ לײַכטן וואַלס. ווען דאָס לעבן אָבער האָט אַזוי אומגעריכט אַ נעם געטאָן אונדז אַלעמען באַם גאָרגל, איז אויך בא לעאָנידן באַלד געוואָרן אויס וואַלס. איך האָב געזען לעאָנידס אָפּגעבריט לײַב. ווי אַן אָרנטלעכער קאַפּיטאַן פון אַ זיך טרינקענדיקער שיף, האָט ער דער לעצטער פאַרלאָזן דעם ברענענדיקן זאַוואָד, אין וועלכן ס'האָט געטראָפן אַ באָמבע, מיט הוילע הענט געוואָרפן זיך אין פײַער אַרײַן. איך האָב געהיילט זײַנע ווונדן, דעריבער ווייס איך. כ'וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם טאָג, ווען לעאָניד, נאָך אַלץ אַ קראַנ־קער, איז געקומען צו מיר אין שפּיטאָל אָנבאָטן זיך פאַר אַ סאַניטאַר. אין שפּיטאָל האָט ער געטאָגט און גענעכטיקט, די מוטער און די שוועסטער קימאַט ווי ניט געזען. ער האָט געוואָלט, די שטאָט זאָל וועגן אים פאַרגעסן, פאַרגעסן, אַז ס'איז געווען אַן אינזשעניער טשיסטיאַקאָוו אויף דער וועלט. קיין בעסערן סאַניטאַר וואָלט איך זיך ניט געקאָנט ווינטשן. נאָך אַדאַנק אים האָט זיך מיר אײַנגעגעבן אויסצובאַהאַלטן אין מעשוגאָים־הויז צוויי סאָוועטישע אָפיצערן.

און נאָך איינס מוז איך דיר זאָגן. אַז גערעדט, איז גערעדט. איך האָב געזען דינען. בא די טשיסטיאַקאָווס אין שטוב. איך קאָן דיר ניט זאָגן, צי האָט זי די גאַנצע צײַט בא זיי זיך אויסבאַהאַלטן, אָדער זי איז ערשט אין יענעם טאָג, ווען איך האָב זי געזען, צו זיי אַרײַנגעפאַלן. אַלצייַנס איז קלאָר, אַז אַ פאַרבינדונג האָבן די טשיסטיאַקאָווס מיט דינען געהאַט. און ער, דער „לײַכטזיניקער" לעאָניד, האָט, אַרבעטנדיק מיט מיר צוזאַמען, קיין איין מאָל פאַר מיר, זײַן איינציקן כאַווער אין יענע גרויזאַמע טעג, ניט אַרויסגעכאַפּט זיך מיט אַ וואָרט. הייליק געהיט דעם סאָד.

ד ע ר ז ע ל ב ע ר.

פּ. פּ. ס. צי האָסטו זיך שוין אײַנגעאָרדנט אויף אַרבעט? דער ברויט־זאַוואָד איז גאַנץ געבליבן?

פון באָרעך הורוויטשן צו ניקאָלײַ דאָברינינען.
13 דעקאַבער 1945.

פרײַנט ניקאָלײַ!

געקומען פון דער ארבעט, געטראָפן פארשטעקט אין טיר דײַן בריוו. יאָ, איך ארבעט שוין. פונקט ווי ס'וואָלט גאָר קיין מילכאָמע ניט געווען. די זעלבע שטעלע, נאָר ניט די זעלבע מענטשן. באקאנטע אף די פינגער צו ציילן.

מײַן ארבעט, ווי דו ווייסט, האָב איך ליב. און נייטיק איז זי איצט, ווי קיינמאָל ניט. האָב איך פארטראָטן מײַן אָרט אפן דריטן טאָג פון מײַן אומקערן זיך אהיים. אייגנטלעך, האָב איך נאָך געקאָנט א ביסל צוווארטן. דער דירעקטאָר אליין האָט מיר געייצעט נאָך א ביסל זיך אויסרוען, אײַנאָרדענען זיך ווי עס דארף צו זײַן. „איך בין ניט פארמאטערט, — האָב איך געענטפערט, — און אײַנגעאָרדנט בין איך אויך אפן בעסטן אויפן". פארוואָס האָב איך זיך אזוי צוגעײַלט מיט דער ארבעט? צי טאקע איגדערעמעסן איבער דעם, וואָס איך האָב זי ליב און נייטיק איז זי מער ווי ווען־ניט־איז? אָט אזוי מיסטאמע טראכט וועגן מיר דער דירעקטאָר, אן עלטערע פרוי, א פרעמדשטאָטישע: „מיט א מיליטערמאן איז גאָר אנדערע רייד. שטענדיק גרייט צו שטעלן זיך אף דעם אָרט, ווו מע דארף". זי וועט נאָך עמעצן הייסן אין דער וואנט־צײַטונג וועגן מיר אָנשרײַבן. נאָר איך אליין, הערסטו, איך זאָל זיך אוועקלייגן די האנט אפן הארצן, ווייס איך: ס'איז גאָר ניט אזוי די מײַסע. גאנץ מעגלעך, אז ניט די מענטשנליבע, נאָר דאפקע דער עגאָיִסט אין מיר האָט מיך געצווונגען באלד נעמען זיך צו דער ארבעט. זעלבשוץ איז עס, פארשטייסט? אין וואָס נייטיק איך זיך הײַנט־צו־טאָג אמערסטן? דער קאָפּ זאָל זײַן פארטוי־קעט. איז ער.

און איצט לאָמיר ריידן טאָך־זאכן. דו שרײַבסט: „לעאָניד? עס קאָן ניט זײַן". און מיר, קלערסטו, קומט עס אָן אזוי גרינג צו זאָגן: „לעאָניד? עס קאָן זײַן". דו מיסט זיך מיך איבערצײַגן, אז לעאָניד איז שוין ווײַט ניט דער לײַכטזיניקער פארשוין פון פאר דער מילכאָמע. און איך, זעסטו, האָב דאפקע מיט אָט דעם כיסאָרן זײַנעם, מיט דער לײַכטזיניקײַט, געפרווט פאר זיך אליין אים צו פארענטפערן. ער האָט געוואָלט אָנטאָן א פארגעניגן דעם מיידל, אין וועלכן ער איז פארליבט, האָט ער זי אויסגעפוצט אין א פוטערל, וועלכן קיינער דארף שוין ניט מער, אויסער דער, וואָס ער האָט ליב. און אזויווי ער איז איר רעטער, א יִדיש מיידל איז עס, און א יאָר צײַט קעסיידער האָט לעאָניד צוזאמען מיט יעלענא מאקסימאָוונען באזאָרגט זי מיט אלעם נייטיקן, האָט זי די מאטאָנע בא אים גענומען. ווען זי ווייסט, וועמענס פוטערל דאָס איז... דינעס, מײַן פרײַנט, דינעס פוטערל האָט ער איר געשענקט. כ'וועל דיר זאָגן נאָך מער: ווען אף מאָרגן נאָך דעם, ווי כ'האָב דערקענט אף א פרעמדער דינעס אָנטאָן, קומט צו מיר ארײַן לעאָניד און פארענטפערט זיך אף אזא אויפן, ווי איך שרײַב דיר דאָ, וואָלט איך, מעגלעך, אים אפילע געגלייבט. געגלייבט, אז א בייזער מיין איז אים

פרעמד. איך האָב דען געקענט דערלאָזן אין געדאנק, אז מײַן כאוועדס הענט זײַנען אין בלוט, און נאָך אין וועמענס?

מײַן שוועגערן זאָיע זאָגט, איך ווייס ניט, צי דו ביסט מיט איר באַקאַנט, אז זי האָט געזען לעאָנידן אין א פּרעכטיקן אווטאָמאָביל באַנאַנד מיטן שטאָט־קאָמענדאַנט. האָט אפילע דאָס מיך ניט איבערצײַגט אין לעאָנידס שולד. וויִיניק רעטענישן האָט אונדז פארגעבן די מילכאָמע? זאָל זײַן, לעאָנידס רעטעניש איז פארגראָבן אין די געסטאַפּאָ־ארכיוון? אזא כשאַד... און ווײַנען ווײַנען מיר מיט לעאָנידן, ווי פריִער, ווי אמאָל, א שטוב לעבן א שטוב.

דו וואָרנסט מיך קעגן איבעריקע קאָרבאָנעס. ביסט גערעכט. האָסט געטראָפן. דער אומגליק מיט יעלענא מאקסימאָוונען איז געשען איבערן פארשאָלטענעם פּוטערל, וועלכן זי, א האלב־בלינדע, האָט דערקענט, פּונקט ווי איך, א זעעוודיקער. נאָר איבער דעם איינעם פּוטערל איז זי געליימט געוואָרן. פאר איר איז עס געווען איבערגענוג. ווען אָבער איך געדאנק גייט ווײַטער... ווי בא זאָיען, בא מײַן שוועגערן. אגעוו, האָט זי שוין באוויזן מיך אויך פּײַנט צו קריגן, זאָיע. א גאָרנישט בין איך אין אירע אויגן, א שמאטע. „א בעקער קען אויך שיסן? — האָט זי מיך די טעג געפרעגט מיט גיפט. — סײַדן מיט א פּאָמעלע. איר שעמט זיך דאָך מיט אײַערע וווּנדן, זאָגט זי מיר. יעדערער טראָגט די סימאָנים אפן אָנטאָן. יעדערער גרויסט זיך מיט די וווּנדן, וואָס ער האָט באקומען אין געשלעג מיט די דײַטשן. און איר... ווי א קאַץ וואָלט אײַך צעדראַפּעט”. נאָר וואָס עס זאָל ניט ריידן און ניט טראכטן וועגן מיר זאָיע, האָב איך בא זיך פעסט אָפּגעמאכט, אז קאָלזמאַן איך וועל זיך ניט טרעפן אויג־אף־אויג מיט לעאָנידן און אויסהערן, וואָס וועט ער מיר זאָגן, וועל איך אין דער פּראָקוראַטור ניט גיין. אויב ניט מיט לעאָנידן, איז כאָטש מיט דיטען נאָכאמאָל דורכריידן זיך, מיטן מיידל, וועגן וועלכן איך האָב דיר געשריבן. דאָס מאָל וואָלט איך בא איר שוין עפּעס דערגאַנגען. נאָך יעלענא מאַקסימאָוונען איז זי דאָך מײַן צווייטער קאָרבן. צי האָט זי ליב לעאָנידן? דאָס ווייס איך ניט. דעם ערשטן אָוונט נאָך האָב איך געפילט, אז עפּעס א מעכיצע שטייט צווישן זיי, און ניט אזוי גרינג וואָלט לעאָנידן אָנגעקומען אריבערצושפּאַנען די מעכיצע, ווען אפילע ער זאָל זיך מיט גאָרנישט ניט געווען פארשולדיקן. אז דערווײַל זײַנען זיי נאָך צו גאָרנישט ניט געקומען, בין איך זיכער. אויב איך האָב א טאָעס, מעגסטו מיך ניט האלטן פאר קײַן מאַנצבל. און לעאָניד... ווען דו וואָלסט מיר ניט געשריבן וועגן דעם, וויִאזוי די מילכאָמע האָט אים געענדערט צום גוטן, ווען זאָיע וואָלט מיט מיר ניט אײַנגעטײַנעט, אז די מילכאמע האָט אים געמאכט פאר א מענוווול, לויט איר קומט אויס, אז ער איז געבאָרן געוואָרן א מענוווול, וואָלט איך אלציינס פארשטאַנען, אז לעאָניד איז געוואָרן אן אנדערער. אויסערלעך דער זעלבער לעביונג, וויִאזוי אָבער ער האָט עס ליב דיטען... ער איז גרייט פאר איר אין פּײַער ארײַן, ער איז גרייט פאר איר דעם קאָפּ צו לייגן, אויב זי וועט אפילע ניט אײַנגיין צו ווערן זײַן ווײַב. אזא ערנסטקײַט, אזא טיפער געפיל, האָט דען דער פריִערדיקער לעאָניד פארמאָגט אזוינס בא דער נעשאָמע? פאר אים איז דאָך א פרוי פון די יוגנטלעכע יאָרן אָן

געווען ניט מער ווי א צאצקע. און טאָמער די צאַצקע צעבערעכט זיך, איז אויך ניט קיין אומגליק. עס וועט זיך א שענערע געפינען. איז אָט די גרויסע ליבע לעאָנידס צו דעם פאַרוואָרלאָזטן יידישן מיידל פון פּוילן האָט פון מיר אויך געמאָנט, איך זאָל זײַן געהיט, איך זאָל אָפּוואַרטן, ביז איך וועל זיך אליין אין אלץ דערקונדיקן. אפילו זאָגט גלייבט אין לעאָנידס ליבע, כאָטש אויך דאָ האָט זי איר פּשאַט. זײַן שמוציקן געוויסן, זאָגט זי, וויל ער ריינוואַשן מיט דער דאָזיקער ליבע.

די שטוב פון די טשיסטיאַקאָווס איז ווי אויסגעשטאָרבן. יעדן פרימאָרגן, גייענדיק אַף דער אַרבעט, כאַפּ איך א קוק אַריבער דעם נידעריקן פּאַרקן און... גאָרניט. אין אָוונט, אומקערנדיק זיך פון דער אַרבעט, זע איך א בלאַסע שײַן אין די פענצטער. איך שטיי א היפּשע ווײַלע אַף דער גאַס, עפּ־שער וועט זיך ווײַזן לעאָניד. דיטע איז אויך אַוועק דאָרט. זי וועט דאָך ניט פאַרלאָזן די קראַנקע. קיינער אָבער ווײַזט זיך ניט מיר פאַר די אויגן. ניט איין מאָל איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז עפּשער טשאַטעוועט מען מיר נאָך פון יענער זײַט, ווי איך פון דער זײַט. איז פאַרוואָס מײַדט מען מיך אויס? אָט וואָס עס מאַטערט מיך. צי האָט מען פאַר מיר מוירע, אָדער מע פאַראַכטעט מיך פאַרן צווייפלען אין מײַן כאַווערס אָרנטלעכקײַט?

„פאַר דער ליבסטער פרוי בא אונדז אין שטאָט!" לעאָנידס בעכערל באַגעגנט זיך מיט דינעס. דינע טרינקט אויס דעם ווײַן און צעלאַכט זיך. איר איז געננוג געווען נאָר א לעק צו טאָן, און זי פלעגט נעמען לאַכן. א פריילעכע איז זי געווען, דינע. און ווען נאָך א ביסעלע ווײַן... זי לאַכט, פאַרשעמט זיך, קערט אָפּ דעם קאָפּ און לאַכט ווידער. „לאַך, דינאָטשקאַ, — זאָגט צו איר לעאָניד. — שעם זיך ניט. דאָס לאַכט דאָך פון דיר די גוטסקײַט אַרויס". א מיווון געווען אַף גוטסקײַט לעאָניד. ער טרעט ניט אָפּ פון דינען. א סאַמעטענער וואָלקן אין זײַנע לאַשטשענדיקע אויגן, ווײַסע בליצן אינעם שמייכלענדיקן מויל: „אַך, דינאָטשקאַ, ווען באָריס זאָל ניט זײַן אזא אָטעלאָ"... דינע לאַכט שוין ניט. זי שמייכלט אין פאַרלעגנהײַט. און באָ־רעכן ווערן מיטאַמאָל נימעס אלע געסט. וואָס זיצן זיי אזוי שפּעט? וואָס פאַר א ליאַרעם האָבן זיי דאָ אופגעהויבן? לאָזן ניט שימעלען אײַנשלאָפן.

דינעס געבורטסטאָג... צום לעצטן מאָל געפּראָוועט...

אפן טיש פאַר באָרעכן איז געלעגן דער ניט־פאַרענדיקטער בריוו. האָט ער אָפּגעזיפצט און צוגעשריבן: „לעאָניד? קיינמאָל אין לעבן ניט!" דײַנע ווערטער זײַנען עס, ניקאָלײַ, צי עפּשער גאָר מײַנע? לײַט זאָגן, אַז קינדער פילן, אוועלכער ס'איז דער מענטש. זיי פאַרמאָגן א באַזונדער כוש פאַר גוטע מענטשן. איז פאַרוואָס, ניקאָלײַ, האָבן זיך אזוי גענאַרט אונדזערע קינדער? מײַן סימאָטשקע, דײַן פּאַשוטקע... געדענקסט, ווי זיי פלעגן זיך עס אָן אים אָנהענגען, ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן, לעאָניד. פאַרשטייען, הייסט עס, קינדער אויך אזוי ווייניק, ווי מיר?

אַף הײַנט וועט זײַן גענוג.

דײַן כאַווער און פרײַנט באָ ר י ס".

פון באָרעך הורוויטשן צו ניקאָליי דאָברינינען.
15 דעקאַבער 1945.

**פרייַנט ניקאָליי!**

ערשט אייערנעכטן אָפּגעשיקט דיר א בריוו, און אָט שרייַב איך שוין ווידער. ווייַל ס'איז דאָ נייַס. נעכטן אין אָוונט איז עס געווען. קומענדיק פון דער ארבעט, בין איך א מינוט צען אָפּגעשטאַנען הינטער דעם טויער פון די טשיסטיאַקאָווס. ניט אויסגעהאַלטן, שטיל אָן עפן געטאָן דאָס הויף־טירל, אַף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען זיך צו דעם איינציקן באַלויכטענעם פענצטער און אַרייַנגעקוקט אינווייניק. דיטע איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבער יעלענאַ מאַקסימאָוונעס בעט, עפּעס דאָרט צורעכט געמאַכט. לעאָניד איז אין צימער ניט געווען. איך האָב שטיל אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. דיטע האָט א ציטער געטאָן. געהערט, נאָר מיטן פּאָנעם צו דער שויב ניט צוגעפאַלן און אויך אַפן גאַנעק ניט אַרויס, ווי איך האָב געהאָפט. זי האָט זיך אפילע ניט אויסגעגלייַכט. געבליבן שטיין אייַנגעבויגן איבער דער קראַנקער. איך האָב נאָך א ווייַלע אָפּגעוואַרט און אוועק צו זיך.

זי איז אַרייַנגעקומען צו מיר אָן ערעך א שאָ נאָך דעם, ווי איך האָב אָנגעקלאַפּט צו איר אין פענצטער. אַריין אין איר געשטעפּטן לייַבל און דייַטלעך אַרויסגעזאָגט:

— מאָרגן גייט ער אליין אין דער פּראָקוראַטור.

אָפּגעזאָגט און ראַש אויסגעדרייט זיך צום אוועקגיין. איך האָב איר פאַרשטעלט דעם וועג:

— ניין, איר טאָרט מיט מיר אַזוי זיך ניט באַגיין. איר זייַט מעכוייעוו מיר צו דערציילן, וואָס איר ווייסט. איך האָב רעכט אַף דעם.

— עמעס, איר האָט רעכט. איך וועל אָבער אייַך זאָגן גלייַך. ניט ער האָט אויסגעגעבן אייַער פרוי און אייַער מוטער. ער ווייסט ניט, ווער האָט דאָס געטאָן. אַזוי זאָגט ער. נאָר אַלציינס איז גרויס די שולד זייַנע אנטקעגן אייַך. ער איז שולדיק. אנטקעגן אונדז אַלעמען שולדיק.

א מידע, א טרויעריקע, האָט זי זיך צוגעזעצט אַף א בענקל און אינקורצן איבערדערציילט דאָס, וואָס עס האָט איר דערציילט לעאָניד.

איך וועל אָבער עטוואָס פאַרלויפן דעם וועג. ניט פון דייַן בריוו, ניקאָליי, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דו האָסט צופעליק געטראָפן בא די טשיסטיאַקאָווס דינען. מיר האָט א סאַך פרייַער געשריבן וועגן דעם יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ. „האָב פאַר מיר קיין מוירע ניט, דינען!" ביסט אוועק א באַטריבטער פון דעם אייגעם געדאַנק, אַז אפילע דו קאָנסט אָניאָגן א פּאַכעד אַף דינען. ניין. דינע האָט זיך פאַר דיר ניט דערשראָקן. פאַרקערט, ווען אין א כוידעש אַרום איז קראַנק געוואָרן סימאָטשקע, האָט זי אליין געשיקט נאָך דיר יעלענאַ מאַקסימאָוונען, נאָר דו ביסט שוין אין שטאָט ניט געווען. דייַן באַגעגעניש מיט דינען בא די טשיסטיאַקאָווס האָט געהאַט גאָר אַנדערע פּאָלגן. דו, ניקאָלאַשאַ, האָסט אומגערן, ניט וויסנדיק פון קיין פּויסער און קיין כאָלעם, צוגעלייגט א האַנט צו לעאָנידס יערידע.

הער זשע, וואָס ער האָט דערציילט יודיפן. ווען ער האָט דיך געבעטן אפן וועג פון וואָקזאַל אין יענעם טאָג, ווען מע האָט פאַרטריבן קיין דײַטש־לאַנד ווערעאָטשקען, צו באַגלייטן זײַן מוטער אהיים, האָט ער זיך אוועק־געלאָזט אַף אַן אופנאַם צום שטאָט־קאָמענדאַנט. א ווילדער געדאַנק איז אים אײַנגעפאַלן: אַזױ ווי זײַן מוטערס באָבע איז געווען א דײַטשקע (דאָס איז עמעס. איך ווייס עס פון יעלענאַ מאַקסימאָוונען אליין), פליסט אין זײַן שוועסטערס אָדערן דײַטשיש בלוט. וועט דער קאָמענדאַנט עפשער אַף דעם סמאַך אומקערן זי צוריק אהיים. צו אונדזער אלעמענס אומגליק האָט דער קאָמענדאַנט אים גלײַך אופגענומען, און אַפן בעסטן אויפן. צוגעזאָגט וואָס אַמשנעלסטן אופצוזוכן זײַן שוועסטער און אומקערן זי אהיים. דאָס לייגט זיך דאָפקע אַפן סייכל. לעאָנידס פײַנע מאַנירן, די ריינע בערלינער אויסשפּראַך, — זײַן גאַנצע שטאַלט — דאָס אלץ האָט געקאָנט מאַכן א גוטן אײַנדרוק אַפן קאָמענדאַנט. פון זײַנע קלאָגן האָט ער מיסטאָמע אַזאַ דײַטש ניט געהערט. ווען די אומגליקלעכע יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ ווייסט, צו וואָס עס וועט איר זון דינען איר לערע... באַם ערשטן באַזוך האָט דער קאָמענדאַנט קיין שום שענדלעכע פאָרשלאָגן לעאָנידן ניט געמאַכט. נאָר מיט איין פּוס איז לעאָניד שוין סײַווי געווען אײַנגעזונקען אין בלאָטע. די דײַטשן האָבן, פאַרשטייט זיך, אים שוין פון אויג ניט אַרויסגעלאָזט. נאָר דאָך וואָלט ער עפשער זיך נאָך באַטראַכט און אויסגעדרייט, זיך אויסגעבאַהאַלטן, ערגעץ אַנטלאָפן. קומט ער אהיים, און יעלענאַ מאַקסי־מאָוונאַ דערציילט אים, אַז דו, ניקאָלײַ, האָסט געזען באַ זיי אין שטוב דינען.

נו, ווײַטער גייט שוין א געוויינלעכע געשיכטע. די שוועסטער האָט מען לעאָנידן, פאַרשטייט זיך, ניט אומגעקערט, און אים אליין האָט מען געפאַנגען אין א נעץ, פון וועלכער ער האָט זיך שוין ניט געקענט אַרויס־פּלאָנטערן. זײַן אָפּט ניט נעכטיקן אין דער היים, זײַן פאַרפאַלן ווערן פון שטאָט האָט יעלענאַ מאַקסימאָוונאַ אויסגעטײַטשט אַף איר אויפן. דערווּף איז זי דאָך א מאַמע. אָבער ער... דינענדיק באַ די דײַטשן, איז אים עפשער גרינגער געווען, ווי פריִער, אויסצוהיטן באַ זיך דינען מיטן קינד. פריִער האָט ער זי דאָך אויסגעהיט. גרויסע טרײַשאַפט אַרויסגעוויזן. אין מעשעך פון גאָר א היפּשער צײַט. און דיר, זאַגסטו, האָט ער געהאָלפן אויסבאַהאַלטן אין מעשוגאָים־הויז צווײ סאָוועטישע אָפיצערן. און דאָ אַפן אָרט דערוויס איך זיך נאָך וועגן דעם גראַטעוועטן ציגײַנער איגנאַט...

איז הער נאָר, הער ווי אַזוי לעאָניד האָט זיך מיסוואַדע געווען פאַר א פרוי, וועלכע ער האָט ליב, ווי דאָס לעבן. איין טאָג, זאָגט ער, האָט פאַרגיפטיקט זײַן גאַנץ וועזן, דער טאָג, ווען ער האָט פאַרלאָרן זײַן יונג שוועסטערל. איצט פאַרשטייט ער שוין, אַזוי אלנפאַלס האָט לעאָניד דערקלערט יודיפן, אַז דער אײַנפאַל אליין צו ראַטעווען די שוועסטער אַפן כעזשבן פון די עטלעכע פּראָצענט דײַטשיש בלוט, וואָס אין איר, איז שוין געווען א יערידע. א נישטיקער פּראָצענט זאָל איבערוועגן טײַכן בלוט פון די, וועלכע האָבן ניט די זכיִע צו שטאַמען פון דײַטשן... ניין, זײַן מוטער, אַזוי האָט לעאָניד אליין געזאָגט, וואָלט אַף דעם קיינמאָל ניט אײַנגעגאַנגען. איז ער געווען, הייסט עס, אַפן וואָקזאַל, דערנאָך באַם „העפלעכן" קאָמענדאַנט. פון

דער קאָמענדאטור, שוין פול מיט אומקלאָרער כאראָטע פאר דעם, וואָס ער איז אהין געגאנגען, כאפּט ער זיך ארײַן אין שפּיטאָל און טרעפט דאָרט קיינעם ניט. אויס מיט די קראנקע. זיי באלעסטיקן מער ניט די ערד. לויפט ער א צערודערטער אהיים, דערציילט אים יעלענא מאקסימאָווּנא, אז דו האָסט געזען דינען. און אף מאָרגן...

אף מאָרגן איז ער שוין אין דער קאָמענדאטור ניט געגאנגען. מע האָט אים אהין גערופן. איידל פארוועבט מיט שפּינוועבס. און אזוי עטלעכע טעג קעסיידער. וואָס ווײַטער איז די איידלקייט אלץ מער אויסגערונען. ניט קיין שפּינוועבס, נאָר אן אײַזערנע אָפּצווענגע ארום האלדז. אזוי האָט ער עס אויסגעמאָלט פאר יודיפן. און ווען ער האָט זיך שוין געפילט פארקויפט, האָט אים ערשט ארומגעכאפּט א ווילדע שרעק. אויב בא אים, באם פארקויפטן, וועט מען געפינען א ייִדישע פרוי מיט א קינד, וועט די שטראָף זײַן נאָך הארבער, ווי פאר יעדן אנדערן. און דו, ניקאָלײַ, דער, וואָס האָט מיט די אייגענע אויגן געזען דינען בא אים אין שטוב, ביסט ווי אין וואסער ארײַן. ביסטו געוואָרן זײַן אומגליק, זײַן מעשוגאַס. טאָג און נאכט האָט ער געדענקט, אז דו האָסט געזען, דו ווייסט... עס איז דאָ אן איידעס. און ווען אין א כוידעש ארום האָט יעלענא מאקסימאָווּנא אים געזאָגט, אז דו ביסט ניטאָ אין שטאָט, האָט ער אינגאנצן פארלאָרן דעם קאָפּ. פונדערווײַטן האָסטו אים אויסגעזען נאָך מער געפערלעך, ווי פון דער נאָענט. נאָך דער מעטאמאָרפאָזע, וואָס ער אליין האָט דורכגעמאכט, האָט ער שוין קיינעם ניט געטרויט. אויב ער איז אזא, איז מיט וואָס איז בעסער אן אנדערער? דאָס איז געוועזן דער פּאנצער, מיט וועלכן ער האָט געזיכערט זיך קעגן די פּײַלן פון געוויסן. אזוי פארשטיי איך עס. און דו? עפּשער אנדערש?

סימאָטשקע איז געשטאָרבן, איז אים געבליבן פּאָטער צו ווערן פון איין דינען. נאָר ניט זײַנע הענט זאָלן פארגיסן איר בלוט. ווײַל ביכלאל, זאָגט ער, שולדיק איז ער, נאָר קיין מענטשלעך בלוט האָט ער ניט פארגאָסן. אלס איבערזעצער געארבעט און פּראָפּאגאנדיסט. אף דער דײַטשישער ראדיאָ ארויסגעטראָטן. אלס סאָוועטישער אינזשעניער די היטלעריסטישע סאָלדאטן אופגעקלערט, ווי הויך זייער „מיסיע” איז. און דאָס הייסט בא אים ניט פארגיסן קיין בלוט. ער האָט, נעבעך, ניט געוווּסט, וויפל לעבנס עס האָט געקאָסט דער מענטשהײַט די פאשיסטישע פּראָפּאגאנדע. נאָר דאָס זאָג איך דיר שוין. איך ווייס ניט, צי אפילע איצט פארשטייט עס לעאָניד.

אָ, ווען איך בין פייִק איבערגעבן דיר זײַן ווידע מיט די זעלבע ווערטער, מיט וועלכע עס האָט זי אויסגעלייגט פאר מיר נעכטן יודיף. וואָס פאר א לעבן האָט זי שוין באוויזן דורכצומאכן אף אזוי צו דערציילן? עס זאָל ניט א ציטער טאָן די שטים, א וויִע זאָל ניט פארשטעלן דאָס אויג. קורץ, טרוקן. פאקטן, נאָר פאקטן. ערשט צום סאָף איז זי אף א ווײַלע אנשוויגן געוואָרן, ווי זי וואָלט זיך געײַשעוועט מיט זיך אליין, און דערנאָך, פונקט אזוי, ווי פריִער, טרוקן:

— שיך ניט פארגעסן. וועגן פוטערל... דאָ, זאָגט ער, האָט איר א טאָעס געהאט. מיט א יאָר צוריק נאָך, זאָגט ער, האָט ער עס געפונען זיך

וואלגערן אף דער ערד לעבן זאוואָד. א דײַטש האָט עס מיסטאמע בייסן אנטלויפן פארלאָרן.

יודיף האָט ערלעך אָפּגעטאָן איר זאך און איז אוועק.

צי האָט זי געגלייבט אין דער ווערסיע וועגן פּוטערל? דאָס ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אז מיט אירע לעצטע ווערטער, ניט אירע ווערטער, לעאָנידס, זײַנען ווי אָפּגעווישט געוואָרן די קאַנטן צווישן פארברעכן און געמיינהײַט. לעאָנידן איז גרינגער אַנגעקומען צו מוידע זײַן זיך אין פאַר־ראַט, איידער אין דער דאָזיקער גנייווע. אלץ, וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער געטאָן, נאָר קיין קליין גאנעוול, הייסט עס, איז ער ניט.

הײַנט אינדערפרי האָב איך געזען, ווי לעאָניד איז ארויס פון שטוב. א געטאָקטער מענער־פּראָפיל. און דערנאָך א פּלייצע, וואָס ציט זיך אף צוריק. די פיס גייען פּאָרויס, ווי געוויינלעך, מיט זייער ברייטן ענערגישן שפּאַן, נאָר די פּלייצע וויל זיי ניט נאָכפּאָלגן.

איך בין מעקאַנע זאָיען. זי ווייסט פון קיין קונצן ניט. זי לעכצט נאָך לעאָנידס בלוט. און קיין איין וואָרט זײַנעם גלייבט זי ניט. ער, זאָגט זי, האָט אויסגעגעבן מײַן מאמען און דינען. איבער אים האָט מען אומגע־בראכט לוקעריען מיט אירע קינדער. פּונקט ווי די באַרימטע שטריקערנס בייס דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע, איז זי גרייט, זאָיע, צו זיצן בא דער גיליאָטינע און קוקן, ווי עס פליִען קעפּ פון אונטערן מעסער. איך? בא מיר איז גאָר עפּעס אנדערש. ווי זאָל איך עס דיר דערקלערן? פּונקט ווי מיר, איז אויך דיר גוט באקאַנט דאָס געפיל פון פארלוסט בייס א שלאכט. א שטיק פון זיך פארלירסטו, ווי מע וואָלט פון דיר גופע אָפּגעריסן א לעבעדיקן אייווער. און גאָרניט. ס׳טרעפט, אז דו קוקסט זיך אפילע ניט אום, דו באוויַיזט ניט צו דערזען דעם טויט־ציטער פון דײַן כאַווער. און אויב ער לעבט נאָך, דערגייט צו דיר ניט אינעם ארומיקן ליאַרעם זײַן רוף צן הילף. דערפילסט נאָר, אז עמעצער פעלט דיר בא דער זײַט, און לויפסט ווײַטער אין פײַער, וואָס קאָן אויך דיך יעדע רעגע ארויסרײַסן פון צווישן די לעבעדיקע. און אויך אף דיר וועט בײַסמײַסע זיך קיינער ניט אומקוקן, בלויז דערפילן א פּוסט אָרט לעבן זיך. אמאָל אויך דאָס ניט דערפילן. ווײַל שטאַרק פארנומען איז דײַן כאַווער, אָט דער, וואָס לעבט נאָך דערווײַל, ער איז ארײַנגעטאָן אין דער שווערער און גרויזאַמער אַווידע, וואָס איז אויסגעפאלן אף זײַן גוירל, — הארגענען מענטשן. ווײַל אויב ער וועט זיי ניט הארגענען, וועלן זיי הארגענען אים, און זײַן ווײַב, און זײַן קינד... איין מײַלע האָבן די הײַנטיקע מילכאָמעס. ניט שטענדיק זעסטו, ווען דו הארגעסט. דו זעסט ניט קיין בלאָנדן קאָפּ, קיין נאַיִווע בלויע אויגן, וועלכע דו מוזט, דו ביסט באַרופן צו פאַרניכטן. דו ווייסט איינס, דו שלאָגסט דעם סוינע. דערנאָך ערשט זעסטו זיך ארום, ווער עס פעלט דיר פון די אייגענע. דער ווייטעק פון פארלוסט קומט ערשט שפּעטער. נאָר וואָס זאָל איך טראַכטן וועגן לעאָנידן? ער איז אויך א פאַר־לוסט? יאָ, א מילכאָמע־פארלוסט, וואָס איז ניט צו באַדויערן און ניט צו באַגרײַפן. זײַן אייגענע מאמע, ווען זי ווייסט דעם גאַנצן עמעס, וואָלט אים ניט באַוויינט. און מיר? א ברודער האָט אונדז פאַרקויפט, אונדזער קינדהײַט, אונדזער יוגנט, אונדזער לײַב־און־לעבן פאַרקויפט. דינעס פּוטערל איז

יויסעפס פארבלוטיקט העמד. אָבער דינען האָבן דאָך אַף אַן עמעס כּיַעס פאַרצוקט. זאָל זיַין, ס׳איז אַן עמעס, אַז ניט ער, לעאָניד, האָט זי אויסגעגעבן. ער האָט דאָך אָבער געטרוימט, אַז זי זאָל ניט זיַין. פאַר מיר איז דאָס געגנוג, איך זאָל ניט קאָנען לעבן אַף איין ערד מיט לעאָנידן. ס׳איז מיר ענג די וועלט, ווו ס׳איז דאָ לעאָניד. איך בין אָבער וויַיט פון שאַדנפרייד. און אויך ניט אין נעקאָמע גייט עס מיר. לעאָנידן וועט מען מישפּעטן. צי איז אָבער דאָ אַזאַ שטראָף, וואָס זאָל שטילן מיַין ווייטעק? ווער קאָן איַינשטעלן די פּריַיז פון דינעס ליכטיק לעבן? אַף איין זיַיט פון דער וואָג־שאָל דינע, מיַין מאַמע און, מעגלעך, נאָך פיל אַנדערע, און אַף דער צווייטער לעאָניד? און אויב ער האָט זיך בלויז מיט פּראָפּאַגאַנדע פאַרנומען, ווי ער וויל זיך פאַרענטפערן?.. קאָן דען די האַרבסטע שטראָף דעקן דעם העזעק?

ווען איך האָב מיט די אייגענע הענט געשלאָגן דעם סוינע, איז מיר אויך ווייניקער פון אַלץ געגאַנגען אין נעקאָמע. מע האָט געדאַרפט, מע האָט געמוזט, האָב איך געשלאָגן. איך וואָלט גערן אָפּגעלעבט מיַין לעבן אַזוי, אַז קיינער זאָל אין מיר ניט שיסן און איך זאָל אין קיינעם ניט שיסן. איך האָב אַלץ געטראַכט, ס׳איז די לעצטע מילכאָמע. און געשלאָגן זיך פאַר דעם, זי זאָל זיַין די לעצטע.

די מילכאָמע איז פאַרענדיקט. נאָר וואָס פאַרא שפּורן זי האָט איבערגע־לאָזט... איך פּרוּוו זיך אויסמאָלן, וואָס האָט זיך נעכטן געטאָן באַ מיַינע שכיינים. ווו איז געווען לעאָניד, בייס איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער שויב פון דעם קוים באַלויכטענעם צימער? צי האָט ער אין דער רעגע ערגעץ אין דער פינצטערער קיך אין פולער איינזאַמקיַיט געגרייט זיך צו זיַין ווידע, אָדער ער האָט שוין זיַין ווידע אָפּגעזאָגט? און יודיף האָט זיך געמאַכט הארץ, געשטאַנען איַינגעבויגן איבער דער אַלטער קראַנקער פרוי און איַינגערעדט זי, זי זאָל וועגן דעם זון ניט טראַכטן קיין שלעכטס. דאָס פּוטערל האָט ער פּאַשעט געפונען.

איצט איז האַלבע נאַכט. באַ די שכיינים איז טונקל און שטיל. ווען איך בין היַינט געקומען פון דער אַרבעט, האָט מיך באַם טויער אָפּגעוואַרט יודיף:

— קומט אַריַין אַף אַ וויַילע. זאָגט איר עפּעס. ליגט אַף דער פּלייצע, רירט ניט מיט קיין אייווער, און די ריזע איז דאָך באַ איר שוין פון לאַנג געשלאָגן, נאָר וואָס פאַר אַ לעבעדיקער ס׳איז באַ איר דער בליק. ווו איך זאָל זיך ניט קערן און ווענדן, פאַרפאָלגט מיך איר בליק.

איך בין אַריַין. אַריבערגעבויגן זיך איבער מיַין אַלטער לערערקעס בעט און גענומען מיט איר איַינטיַינען, אַז אייגנטלעך בין איך אין אַלץ שולדיק. אויפגעהויבן אַ ליאַרעם איבער אַ שטיקל אָפּגעטראָגן פּוטערל. ס׳איז דאָ וועגן וואָס צו ריידן... לעאָניד האָט עס געפונען, איז וואָס האָט ער געזאָלט מיט דעם טאָן? איך וואָלט אַליין גערן געשענקט דאָס פּוטערל יודיפן. מער ניט, וואָס די ערשטע רעגע האָט עס מיך אויפגעטראָגן. עס האָט זיך אַף

מײַן נארישן סייכל ניט געלייגט. און זי, יעלענא מאקסימאָוונא, האָט זיך עס אזוי גענומען צום הארצן. ווען איך ווייס...

כ׳וואָלט נאָך מיסטאמע לאנג אזוי געבעבעט, נאָר דאָ, ס׳איז עפשער דאפקע א גוטער סימען, דו ביסט א דאָקטער, פארשטייסטו זיך אָף דעם בעסער פון מיר, דאָ האָט דאָס פארשטארטע פּאָנעם זיך פלוצלינג א קרים געטאָן און דער גראָוער קאָפּ האָט זיך פון מיר אָפּגעקערט. עפשער איז זי פאָשעט מיד געוואָרן, מיך הערנדיק. אָבער דער קרים פון פּאָנעם, די גרימאסע פון פאראכטונג, דאָס האָט זיך מיר ניט געקאָנט אויסדוכטן. איך האָב מיט מײַן הויט דערפילט, אז מע וויל מיך דאָ מער ניט זען. און איך האָב עס קאָשער פארדינט. פאר דעם, וואָס איך האָב גענארט א קליגערן פון זיך. פאר דעם, וואָס איך בין געקומען צו איר, ווי א שטארקער צו א שוואכערן, בייס אינדערעמעסן איז זי, די געליימטע, שטארקער פון מיר. שווער צו פארשטיין א מענטשן אָן ווערטער. עס קאָן זייער געמאָלט זײַן, אז גאָר ניט אָף מיר איז אויסגעגאָסן געוואָרן איר פאראכטונג. ווער קאָן וויסן, וואָס די אומגליקלעכע פרוי האָט שוין באוויזן איבערצוטראכטן אין איר שווײַגעוודיקער אָפּגעפרעמדקײַט פון אלץ און פון אלעמען. אויב זי האָט דערזען איר זון אזא, אוועלכער ער איז אינדערעמעסן, האָט זי עפשער אויך זיך אליין געשטעמפּלט מיט שאנד.

ווי מיר דוכט, איז איר שוין אלץ קלאָר. יודיפן אויך. און דיר? נאָר אלציינס. לאָמיר זײַן אָרנטלעך פאר זיך אליין. אלץ, וואָס דו האָסט צו דערציילן וועגן לעאָנידס אופירונג מילכאָמע־צײַט, ווי איך פארשטיי, האָסטו וועגן אים נאָר גוטס צו זאָגן, ביסטו מעכוייעוו צו דערציילן.

מיט די בעסטע גרוסן ב אָ ר י ס.

פון דוסיא פּאָלוכינא צו יעלענא טשיסטיאקאָווא.

טײַערע און הויכגעשעצטע יעלענא מאקסימאָוונא!

דאָס שרײַבט אײַך דוסיא פּאָלוכינא. איך לעב גוט. ווען מײַן טײַערע מאמאשע איז געשטאָרבן, אלץ איבער אָט אָ־דעם גאזלען איוואן זובאָוון, — ער האָט זי אין דער ערד ארײַנגעטריבן, ווײַל זײַן מערדערײַ האָט זי ניט געקענט צוקוקן און קעסיידער האָט זי געוויינט מיט ביטערע טרערן, ביז זי האָט די נעשאָמע אויסגעוויינט און איז ווי א ליכט פארלאָשן געוואָרן, — איז ווען זי איז געשטאָרבן, בין איך אנטלאָפן פון דער היים. איך האָב געהאט א כאָסן, וואָס ווען זובאָוו ווייסט פון אים, וואָלט ער אים דעם קאָפּ אראָפּגענומען. דער כאָסן מײַנער, וואסיע איז זײַן נאָמען, האָט מיך אין וואלד ארויסגעפירט, און דאָרט האָבן מיר א פארטיזאנישע כאסענע געפראוועט. וואסיע האָט א גוטן פאך — א מעטאליסט איז ער. און איך ארבעט אלס א ניאניעטשקע אין א קינדערגאָרטן, קיין שול האָט דאָך מיך אָט דער האד זובאָוו ניט געלאָזט ענדיקן. קוים ביזן פערטן קלאַס מיט דער מאמעס טרערן דערצויגן. נאָר די ארבעט געפעלט מיר. איך

האָב ליב קינדער. און איך האָב א טאָכטער טאמארע און א זונעלע סעניע. איך וויל וויסן, וואָס מאכט איר אין געזונט. צי האָט זיך אומגעקערט ווערע? און ווו איז לעאָניד פעטראָוויטש? און נאָך וויל איך אײַך פרעגן וועגן אײַערע שכיינים. דאווידקע און באָרקע זײַנען דאָך געווען אין דער ארמיי. צי האָבן זיי זיך אומגעקערט און צי די הענט און די פיס זײַנען בא זיי גאנץ. און נאָך וויל איך וויסן וועגן דינען מיט איר קינד און וועגן באָרעס מאמע. מיסטאמע ליגן זיי אין גרוב מיט אלע זייעריקע. ס'איז גאָר ניטאָ וואָס צו פרעגן. איך האָב זיך אָבער דערמאָנט איינע א זאך. דעריבער פרעג איך אײַך, און איך וועל אײַך די זאך באשרײַבן. דאָס איז געווען אין 1943 יאָר, דעם 2 יאנוואר. א יאָדלע איז נאָך געשטאנען בא זובאָוון אין שטוב. און ליכטלעך האָט ער אף איר אָנגעהאנגען, ווי א סוואסטיקע זאָל דאָס אויסזען. ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעטשוכעט פון דער נײַיאָר־באגעגעניש און האָט שוין ווידער געזויפט און געשיקערט מיט זײַנעם א פרײַנטל אויך פון דער פּאָליציע, געוויינלעך. געזויפט און אין קאָרטן געשפּילט. איך זיץ אפן אויוון און הער, זובאָוו קלײַבט זיך שוין גאָר מיך אין קאָרטן פארשפּילן. זײַן פרײַנטל פּאָדערט עס פון אים: איין מאָל דוסיע, און גאָר. נאָר דאָ איז אָט דעם שיינעם מענטשן געקומען די נויט אין דרויסן ארויס. אין א ווײַלע ארום קומט ער ארײַן און זאָגט צו זובאָוון: „עפּעס א שעד אין שווארצן, ווײַזט אויס, א נעקייווע, שטייט אף יענער זײַט פון דײַן גאָרטן". — „צוגעטשעפּעט זיך צו מײַן גאָרטן, — זובאָוו האָט זיך מיִעס אויסגעזידלט. — אף נײַ־יאָר איז דאָרט אויך עמעצער געווען, נאָר איך האָב זיך אף די פיס ניט געהאלטן. צי איז דאָס ניט עמעצער פון די זשידעס, פון די הורוויטשעס?". — „פון יענער־וועלט דיך געקומען געוויר ווערן", — לאכט דאָס פרײַנטל. נאָר זיי שטייען שוין ביידע אין די פעלצן און די וואָליקעס און ניטאָ. און מער ווייס איך גאָרנישט. ווײַל יענע נאכט האָט מיך מײַן טײַערער וואסיע אוועקגעפירט צו די פארטיזאנער. און מיר האָבן אָפּגעפּארטיזאנעוועט ביזן סאָף פונעם 44־טן יאָר, ביז בא מײַן טײַערן וואסיען האָט דעם לינקן פוס אָפּגעריסן. אהיים, דאָ, ווו מע האָט מיך שיר אין קאָרטן ניט פארשפּילט, האָב איך זיך ניט געוואָלט אומקערן. זײַנען מיר אוועקגעפאָרן מיט וואסיען, ווען ער איז ארויס פון שפּיטאָל, צו זײַן טאטן און זײַן מאמען. און מיר זײַנען אלע געזונט און לעבן זייער גוט. מער ניט, וואָס בא וואסיעס מאמע איז א זון געפאלן אף דער מילכאָמע און אן איידעם האָט זיך ניט אומגעקערט. איז די טאָכטער געבליבן אן אלמאָנע מיט דרײַ קינדערלעך. זיי לעבן מיט אונדז. און פון הונגער שטארבט בא אונדז קיינער ניט. נישקאָשע, מע קאָן אויסקומען. און די שנור דער מאמעס פירט זיך א ביסל ניט ווי עס דארף צו זײַן, אויסגעלאסן געוואָרן. נאָר מיט איר קומען מיר אויך אויס. מער ניט, וואָס די מאמע ווײַנט קעסיידער. שרײַבט מיר אָן א בריוו און גריסט אלע באקאנטע, ווער עס איז געבליבן לעבן. און מײַן וואסיע נייגט זיך פאר אײַך פון טיפן הארצן, ווײַל איך האָב אים דערציילט, וויאזוי איר האָט מיך אמאָל געראטעוועט פון דעם גאזלען זובאָוון.

פון מיר דוסיא פּאָלוכינא.
איצט איז שוין מײַן פאמיליע־נאָמען פּאראסטאיעווא.

פון באָרעך הורוויטשן צו ניקאָליַי דאָברינינען.
22 נאָיאבער 1946.

פרײַנט ניקאָליַי!

ענדלעך האָט זאָיע באקומען א יעדיִע וועגן דאָווידן. ער איז אומגעקו־מען דעם 2 מארט 1945. די יעדיִע וועגן דאָווידן האָט אונטערגעפירט דעם סאכאקל פון דער מישפּאָכע הורוויטש. אונטערן שטריך איז געבליבן א „1", איך, באָריס הורוויטש, מיט די גראָבע ליפּן און מיט די היפּשע ציין. „פערדישע ציין"—אזוי האָבן זיך מיט מיר מיידעלעך גערייצט אין דער קינדהײַט. און איך בין טאקע געזונט אויך, ווי א פערד. איך פארמאָג מײַן אייגנס א היפּשן וווּקס און ברייטע אקסלען. איך בין דורכגעגאנגען דורך אלע יאָרן פון מילכאָמע און געבליבן אפילע מיט גאנצע הענט און פיס. די קעל איז אויך ניט צו פארזינדיקן. עס מאכט זיך אָף דער ארבעט נעם איך רײַסן דעם גאָרגל, ווי כ'וואָלט געפירט נאָך זיך א גאנצן פּאָלק אין אטאקע. געזונט אָף אלע אייוורים, נאָר גאנץ אָפּט שלאָפט זיך ניט אין די נעכט. און ווען איך שלאָף ניט, זע איך פאר זיך גאָר אן אנדער כעזשבן. דער „1" אונטערן סאכאקל־שטריך דרייט זיך צונויף אין א קנויל, ווערט פון אים א נול. א בוים אין וווּקס, פארשטייסטו מיך, לאָזט וואָרצלען אין דער ערד. דיקע און דינע, לאנגע און קורצע, שפּרייטן זיי זיך בא אים צופוסנס, ציִען זאפטן פון דער טיף. און דאָס לײַב זײַנס איז הארט און שאָרסטקע. דאָ א צווײַג, דאָרט א סוק. ווען א בוים ווערט גלאט און קײַלעכיק, איז עס שוין ניט קיין בוים, נאָר א סטויפּ.

וואָס הערט זיך דאָ בא אונדז? צוזאמען מיט דיר זײַנען מיר איבערגעקו־מען נאָך א שטורעם, אן אָפּהילך פון דער פארגאנגענער מילכאָמע. דו ביסט אוועקגעפאָרן. אָף מאָרגן איז אויך יודיף פארשווּנדן. וווּהין ווייס איך ניט. זי האָט זיך מיט קיינעם ניט געזעגנט. בלויז א צעטעלע האָב איך געטראָפן פארשטעקט אין מײַן טיר: „איך פאָר אוועק. פארלאָזט ניט מיט אײַער זאָרג יעלענא מאקסימאָווּנען". דאָס איז גאָר. איך בין אוועק צו זאָיען, און די זעלבע נאכט האָט זי שוין גענעכטיקט בא דער קראנקער.

ס'איז פּאָשעט צו באווּנדערן, ווי באווײַזט זי דאָס אלץ. ארבעט אין שול, קומט אהיים מיט א בארג העפטן. קנאפּ, וואָס זי דארף באדינען יעלענא מאקסימאָווּנען, האָט זי נאָך לוקעריעס ייִנגעלע אופגעזוכט און אײַנגעאָרדנט אין קינדערהיים. בא די קרויווים האָט דאָס קינד געהונגערט. אין די רו־טעג גיי איך מיט זאָיען צו דעם צוגאסט. זאָיע וויל נעמען דאָס קינד צו זיך, ווי נאָר יעלענא מאקסימאָווּנא וועט פּאָדערן ווייניקער זאָרג. פון יעלענא מאקסימאָווּנען וואָלסטו איצט געווען צופרידן. די רעפּועס, וואָס דו האָסט געבראכט, און אויך דײַנע אָנווײַזונגען, וועלכע מיר פּילן אויס אלע ווי איינע, האָבן איר שטארק געהאָלפן. זי רעדט שוין צוביסלעך. ניט אזוי דײַטלעך, אָבער זי רעדט. גייט ארום איבערן צימער. דער דאָקטער הייסט וואָס מער איבן די לינקע האנט. איז עפּשער וואָלסטו געקענט צושיקן א פּילקע? ס'איז מאָדנע צוצוזען, ווי׳אזוי זאָיע ווארפט איר אין דער האנט ארײַן א גרויסע רויטע ציבעלע, פון דעם מין זיסע ציבעלעס,

וואָס עס ווילט זיך נעמען אַף די ציין. כאָטש קיין הערינג איז צו דער ציבעלע ניטאָ, און קיין עסיק אויך, און קיין בוימל אוואדע ניט. ווי טרויעריק עס זעט אויס די שפּיל מיט דער ציבעלע, איבערהויפּט, ווען איך פאַרנעם זיך דערמיט. איך בין א בער. פליט די ציבעלע קעסיידער פאַרביַי, און יעלענא מאַקסימאָוונא בליַיבט שטיין א פאַרשעמטע, מיט אן אַראָפּגעלאָזטער טויטער האַנט. קאָן דאָס זאַיע ניט צוקוקן און באַזיַיטיקט מיך פון דער שפּיל. בא איר טרעפט די ציבעלע פּונקט אהין, ווו מע דאַרף. קיין איין לילע היַיטעלע פאַלט ניט צו דער ערד.

יעלענא מאַקסימאָוונא ווייסט שוין אַלץ. זאַיען האָט געסטיַיעט מוט און פאַרשטאַנד צו זאָגן איר אויב ניט דעם גאַנצן, איז דאָך דעם עמעס.

זיַי געזונט, מיַין פריַינט! וואַרף אמאָל אריַין א בריוול. איך וואָלט זייער געוואָלט זען דיַינע קינדער. די קליינע, זאַגסטו, איז פּונקט מאַשע? יעלענא מאַקסימאָוונא האָט געבעטן דיך גריסן און איבערגעבן א דאַנק.

דיַין פריַינט באָריס.

דעם זעלבן אָוונט פונעם 22 נאָיאַבער איז באָרעך, אומקערנדיק זיך פון דער פּאָסט, אריַין געוויר ווערן יעלענאַ מאַקסימאָוונען. זאַיע, האָט ער געוווּסט, איז ניטאָ אין דער היים. דעם אָוונט האָט זי געזאָלט דורכפירן אין שול אן עלטערן־פאַרזאַמלונג. און אָפּגעמאַכט איז געווען בא זיי, אז בייס יעלענא מאַקסימאָוונא איז אין שטוב אליין, גייט ער אריַין אָן א קלאַפּ אין דער טיר, וויַיל טאָמער דרעמלט זי, טאָמער איז איר סטאַם שווער צו ענטפערן... שליסט באָרעך שטיל אוף מיט זיַין אייגענעם שליסל די טיר, גייט אריַין אַף די שפּיץ פינגער אין שטוב און דערזעט: זאַיע זיצט מיטן רוקן צו אים איַינגעבויגן איבער איר הילצערן קופערטל, וואָס שטייט אפן טיש מיט אן אונטערגעהויבן דעקל. קיין שום אויסערגעוויינלעכס איז מאַשמאָעס ניט געווען אין דעם, וואָס א פרוי, וועלכע די מילכאָמע האָט געמאַכט פאַר אן אלמאָנע, אייסעקט זיך א וויַילע מיט איר אָרעם פאַרמעגן. און דאָך איז באָרעך געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהיַיט: צי זאָל ער לאָזן פון זיך צו וויסן, אָדער שטיל, ווי ער איז אריַין, צוריקציִען זיך פון צימער. וויַיל מאָדנע אומבאַקאַנט האָט אויסגעזען זאַיעס פּלייצע — אן עלטערלעך פאַרקיַילעכיקטע, מיט מאַכטלאָז אראָפּהענגענדיקע הענט בא די זיַיטן, פּונקט ווי א קאָראָמיסלע מיט צוויי עמער זאַמד וואָלט געדריקט אַף אירע אַקסלען. ווען דאָס הויז ציַנדט זיך אָן, אזוי האָט אין דער רעגע זיך אויסגעדוכט באָרעכן, וואָלט זאַיע ניט אָפּגעריסן די אויגן פון דעם, אַף וואָס זי האָט געקוקט. נאָר דאָ איז זאַיע ארויס פון איר פאַרגליווערט־קיַיט און איז צוגעפּאַלן מיטן פּאָנעם צום אָפענעם קופערטל.

— זאַיאַ! — האָט שטיל אויסגערופן באָרעך.

— ניטעו! — זי איז האַסטיק אופגעשפּרונגען, פאַרשטעלנדיק מיטן רוקן דאָס קופערטל. איר פּאָנעם איז געווען צעוויקט און צעקנייטשט פון טרערן. — איר זאָלט ניט וואַגן... וואָס קוקט איר מיר נאָך? ס׳איז ניט איַיער זאַך...

— אַנטשולדיקט! איך האָב ניט געוואָלט... א גוטע נאַכט!

— ניין, וואַרט צו. ס׳איז מיר אַלצײנס... נאַט, זעט...

זי איז אָפּגעטראָטן אָן א זײַט, און באָרעך האָט דערזען: אינעם קאָר־פּערטל, וואָס איז קוים ביז העלפט געווען פאַרנומען מיט זאַיעס ציצענעם פאַרמעגן, איז פון אויבנוף געלעגן א פאָטאָגראַפיע, וואָס איז געווען באָרעכן גוט באַקאַנט. לעאָניד בא זײַן שרײַבטיש. זאַיע האָט א כאַפּ געטאָן דאָס בילד, צעריסן אף דער העלפט, און נאָך אף א העלפט. און נאָך... פאַר־קוועטשט די פאַרבליבענע פּיצלעך אין דער פּויסט און איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

— ווער איז דאָרט? — האָט פון שכיינעסדיקן צימער געפרעגט יעלענא מאַקסימאָווגאַ.

פון יודעס ראָזנבליט צו באָרעך הורוויטשן.
1 דעקאַבער 1946.

## זייער געשעצטער פרײַנט באָרעך!

באַקומען אײַער פינפטן בריוו און, כ׳וועל דאָס פון אײַך ניט באַהאַלטן, ערשט הײַנט איבערגעלייענט די פריערדיקע פיר. ביז הײַנט האָב איך אַפילו די קאָנווערטן ניט געעפנט. ענטפער איך אײַך אף אַלע פינף בריוו מיטאַמאָל, ווײַל וויפל איז דער שיר צו שפּילן אין באַהעלטעניש? ווען איך בין געווען נאָך גאָר א פּיצל, פלעגן די עלטערע מיידעלעך פון די שכיינעסדיקע שטיבער אַרײַננעמען מיך פון יויצע־וועגן אין זייער שפּיל. און איך פלעג זיך וווּנדערן, פאַרוואָס געפינען זיי מיך די ערשטע, בייס איך פאַרשטעל אַזוי גוט מיט די הענט דאָס פּאָנעם, זיי זאָלן מיך ניט זען. איז אויס באַהעלטעניש. איך עפן פאַר אײַך דאָס פּאָנעם. און וואָרן אײַך: קיין פאַרגעניגן וועט עס אײַך ניט פאַרשאַפן. קיין אַנדער מיטל, וואָס זאָל אײַך צווינגען אופהערן צו שרײַבן מיר, זע איך ניט. און וואָס האָב איך שוין מישטיינסגעזאָגט צו פאַרלירן... ווי זאָגט מען בא אײַך אין רוסלאַנד: „אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, באַוויינט מען ניט די האָר״.

פאַרוואָס וויל איך ניט, איר זאָלט מיר שרײַבן? פאַרוואָס וויל איך ניט אײַך ענטפערן? האָט איר דען איבערגעלאָזט בא מיר א ווידערגעפיל צו זיך? כאָלילע! אויב ס׳איז נאָך דאָ א מענטש אף דער וועלט, וועלכן מיר ווילט זיך אין מײַן איינזאַמקײַט דערמאָנען, זײַט איר דער דאָזיקער מענטש. יאָ, איר זײַט עס. און גאָרנישט שטערט מיר ניט אַרויסצוזאָגן עס אײַך אָפן און קלאָר, ווײַל איך ווייס, אַז קיינמאָל וועלן מיר זיך שוין ניט זען און אַז אף אַלע אײַערע בריוו, ווען און וויפל איר זאָלט ניט שרײַבן, וועל איך ענטפערן בלויז איין מאָל — הײַנט. און מער קיינמאָל אין לעבן ניט.

מײַן טאַטע און מײַן מאַמע האָבן געגלייבט אין גאָט. ווען איך זאָל גלייבן, אַז ער איז דאָ, איז אַוועלכן וואָלט איך אים געזען אין מײַן דימיען, סײַדן אין דעם געשטאַלט פון אן עסעס־אָפיצער. ווײַל ווי וואָלט א גײַסטלעך וועזן, און אן אַלמעכטיק וועזן, ווי מע האָט אונדז געלערנט, דערלאָזט צו דעם אַלעמען, וואָס מע האָט מיט אונדז אָפּגעטאָן? און דאָך בין איך הײַנט אין זיך מיספּאַלעל: זאָל גאָט פירן מיט מײַן האַנט. זאָל ער מיר געבן

קויכעס כאָטש איין מאָל אין לעבן, וואָס איז אַזוי קורץ, און בלויז פאַר איין מענטשן אויף דעם גאַנצן ערד־קײַלעך, וואָס איז אַזוי גרויס... וואָס? אויסגיסן דאָס האַרץ? ניין, אויסשווענקען די נעשאָמע. עפּשער וועט בלײַבן מיט אַ ביסל ברוד ווייניקער. איך בין טיף געריהרט פון דעם, וואָס איר האָט מיך אויפגעזוכט. ס׳האָט אײַך געוויס פיל מי געקאָסט. אַ שאָד. אומזיסט די טירכע. פאַרגעדענקט: מײַן הײַנטיקער באַזוך צו אײַך איז דער ערשטער און דער לעצטער. אויב איר האָט גאָט אין האַרצן, וועט איר אויך צו מיר מער ניט שרײַבן. און אַזוי זאָל עס בלײַבן. אָמיין.

איך וויל פאַרגעסן, איך מוז פאַרגעסן... און איר, דער גוטער מענטש וואָס איר זײַט, לאָזט ניט. איר דערמאָנט מיר דאָס, וואָס איך וויל ניט געדענקען. וויפל מאָל, זינט די טשיסטיאַקאָווס, די מוטער און דער זון, יאָ, און דער זון, איך האָב „מאַזל" צו אַזעלכע, ווי ער, זינט זיי האָבן מיך אַרונטערגענומען אונטער זייערע פליגל, וויפל מאָל איז מיר געקומען אויפן געדאַנק צו נעמען זיך דאָס לעבן. פריִער נאָך מער. נאָר פריִער האָב איך ניט געהאַט מיט וואָס. און בײַ די טשיסטיאַקאָווס, אין אַ נאָרמאַלער שטוב, וואָלט איך שוין געפונען אַ מיטל. בין איך אָבער, צו מײַן גליק, אָדער אומגליק, דערצויגן געוואָרן אין ליבע צו אַלץ, וואָס איז שיין. און דער טויט איז דאָך העסלעך. און דער טויט דורך זעלבסטמאָרד איז נאָך העס־לעכער. ס׳איז אַ גוואַלדטאַט. קומט מיר טיילמאָל אויפן זינען, אַז אַ זעלבסט־מערדער איז אַ פּאָטענציִעלער מערדער. שוין אין דער קינדהײַט איז מיר אויסגעקומען וועגן דעם צו פאַרטראַכטן זיך.

אין דער דריטער שטוב פון אונדז האָט געוווינט אַן איינזאַמע פרוי. איך האָב געוווּסט, אַז זי האָט, דאַכט זיך, אַ מאַן, נאָר איך האָב אים קיינמאָל ניט געזען. אַ קלוגע און אַן איידעלע פרוי, נאָר אַן אומגליק האָט מיט איר געטראָפן: אויף פּאַליקע איז זי קראַנק געוואָרן. איך האָב פון דעם ניט געוווּסט. מײַנע טאַטע־מאַמע האָבן זיך געמיט אויסצובאַהאַלטן פון מיר אַלע שאָטנדיקע זײַטן פון לעבן. ווען איך פלעג ברענגען אַ ביכל צום לייענען, זאָל זײַן אויף ייִדיש, זאָל זײַן אויף פּויליש, פלעגט דער טאַטע אַ בלעטער טאָן די לעצטע זײַטלעך, צי איז דער סאָף, כאַס־וועכאָלילע, ניט קיין שלעכטער. נו, ביכער מיט ניט קיין גוטן סאָף האָב איך צו יענער צײַט, וואָס איך דערצייל אײַך דאָ, שוין איבערגעלייענט גאַנץ היפּש. און דאָס האָט מיר קלאָר ניט געשטערט צו בלײַבן אַ זאָרגלאָז קינד. אַז בעסאַכאַקל האָב איך צו פערצן יאָר קעסיידער געדרייט זיך אין הויף מיט אַ פּילקע אַזוי די גרייס, אַז איך האָב זי קוים אַרומגענומען. איך האָב זי געשיקט צו דער וואַנט, און זי איז אָפּגעשפּרונגען צוריק גלײַך צו מיר אין די הענט אַרײַן. איך האָב זי אַלץ געכאַפּט און מיט אַ ניגן געציילט: צען, צוואַנציק... אכציק, נײַנציק... הונדערט... איינס". און די פּילקע דרייט זיך, פליט: רויט — בלוי, רויט — בלוי... אַ טאַנצנדיקער רעגנבויגן פאַר מײַנע אויגן.

איז אָט, זומער איז דאָס געווען, קום איך אַרײַן אין שטוב אַ פאַרפּלאָנטעטע פונעם שפּילן זיך. די פּילקע האַלט איך מיט ביידע הענט צוגעדריקט צום האַרצן. באַם טיש איז געזעסן די מאַמע מיט אונדזער שכיינע, וואָס האָט געליטן אויף פּאַליקע. זיי האָבן געטרונקען טיי און געמיטלעך פאַרבראַכט

צווישן זיך. מיטאמאָל — א צעצויגענער ווײ־געשריי, ווי ניט פון קיין מענטשלעך קאָל ארויסגעבראכט, און אן אומנאטירלעך אויסגעגלײַכטע האַנט איז לאנגזאם אוועק אף ארוף, אריבער מײַן קאָפּ, ציִענדיק נאָך זיך דעם אָנוואקסנדיקן ווייטעקלעכן „א־א־א־א״... און דאָ באלד האָבן מײַן מאמעס הענט אונטערגעכאפּט פון הינטן דער שכיינעס קאָפּ, ווי אין א קויש ארײַן. מיך האָט די מאמע פון צימער ארויסגעטריבן.

אין פיר טעג ארום איז אונדזער שכיינע געשטאָרבן. לויט דעם, ווי מײַן פארוויינטע מאמע האָט געהאלטן אין איין שושקען זיך מיטן טאטן, האָב איך פארשטאנען, אז עפּעס באהאלט מען דאָ פון מיר. ווי קאָן מען אָבער פארבאָרגן א זאך, וועגן וועלכער עס רעדט א האלבע שטאָט? זי האָט זיך גענומען דאָס לעבן, אונדזער שכיינע, אופגעהאנגען זיך. איך האָב זיך ארײַנגעגאנוועט צו איר אין שטוב, דורכגעגליטשט זיך צווישן צוויי פלייצעס, וואָס האָבן זי פון מיר פארשטעלט. און אף אן אָרט ניט אײַנגעשטאנען. ווי עמעצער וואָלט זיך נאָך מיר געיאָגט, אנטלאָפן אהיים. דער טאטע און די מאמע זײַנען געבליבן דאָרט, בא דער זעלבסטמערדערן. ס'איז געווען א הייסער טאָג, נאָר אין שטוב בא אונדז איז געווען קיל און טונקל. מאָדנע אומעטיק האָט זיך מיר אויסגעוויזן אונדזער שטוב, מיט איר שטילקײַט, מיט איר קילקײַט, מיטן בלאסן גאָלד־פלאטער אף די שווערע גרינע פאָר־האנגען. און איך אליין האָב זיך דערפילט מאָדנע עלנט און ווי פון אלעמען פארלאָזט אין דער פוסטער שטוב. איך האָב זיך ביטער צעוויינט. אָבער ניט אויס ראכמאָנעס צו דער געשטאָרבענער. דאָס געדענק איך זיכער. א פּאכעד האָט מיך ארומגעכאפּט, הענט און פיס האָבן בא מיר געציטערט. אָט אזוי, הייסט עס, שטארבט א מענטש. נעכטן האָסטו אים געזען, נעכטן האָסטו מיט אים גערעדט, און הײַנט ליגט ער אָט אזוי־אָ, א גלײַכגילטיקער צו אלץ און צו אלעמען, און גאָרנישט וויל ער ניט, און גאָרנישט דארף ער ניט. זי איז דאָך געווען א קלוגע, אונדזער שכיינע, איז ווי האָט זי דאָס אָפּגעטאָן מיט זיך אזוינס, אז זי זאָל שוין גאָרנישט ניט וועלן און גאָרנישט באדארפן. איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט, און עס האָט מיך ווי־דער א ציִ געטאָן אהין, אין דער דריטער שטוב פון אונדז.

איך בין ארויס און געטראָפן א פולן הויף מיט מענטשן. עפּעס האָט זיך דאָ געביטן. אלע זײַנען איצט געווען אין הויף. געזאמלט זיך אין באזונדערע קופּקעלעך. אין דער סאמע מיט פון הויף האָב איך דערזען א געזעמל פון מאנצבלען. כאָטש זיי זײַנען געווען אָנגעטאָן אין פײַנע קאפּאָ־טעס, און ברייטע צעקעמטע בערד האָבן זיך בא זיי געשפּרייט איבער דער ברוסט, און לאנגע פּייעס האָבן זיך געקרײַזלט איבער די באקן, און איי־ניקע פון זיי האָב איך אפילע געקענט אין פּאָנעם, האָבן זיי מיר איצט אויסגעזען, ווי א באנדע שלעגער, וואָס אָט באלד וועלן זיי זיך אוועקקײַקלען איבער דער ערד אין א צעיושעטן געראנגל. איך האָב איינמאָל אזוינס געזען, פארבײַגייענדיק דעם שענק פון כײַע דער וואָכערניצע. זייער גוואל־דעווען, זייער פאָכען מיט די הענט... „הינטערן פלויט, נאָר הינטערן פלויט, אזא אפּיקוירעסטע!״ צו מיר איז ניט גלײַך דערגאנגען, אז דאָ זוכט מען, וויִאזוי נויקעם צו זײַן זיך אין דער, וואָס האָט אליין בא זיך אָפּגענומען דאָס לעבן. און ווען איך האָב דאָס פארשטאנען, האָט א צאָרן מיך ארומ־

געכאפט קעגן די מענטשן, וועלכע נעמען אַף זיך צו מישפטן די פאַרשטאָר־בענע. איך בין אין שרעק פון זיי אָפּגעטראָטן, צוגעגאַנגען צו א קופּקעלע פאַרטרויערטע ווײַבער.

— אז וואָס פאַר א לעבן איז דאָס שוין געווען? — האָט פאַרטראַכט ארויסגעזאָגט איינע. — פון שטוב ניט געקאָנט ארויסגיין. פרעמדע מענטשן האָבן זי קעסיידער אופגעהויבן אַף דער גאַס פון דער בלאָטע מיט א צעשלאָגענעם קאָפּ. די הענט און די פיס צעבײַלט.

— און ער, דער פײַנער מענטש, איז נעלעם געוואָרן. ניט זײַן אייסעק. א געזונט ווײַב דאַרף ער, ניט קיין קראַנקע, — האָט צוגעגעבן א צווייטע.

א דריטע:

— פונקט נעכטן, זאָגט מען, א געט צוגעשיקט. איז איר פאַרבליבן די שטריק.

די דרײַ ווייבער האָבן דערשראָקן אָנגעקוקט איינע די אַנדערע און אלע מיטאַמאָל אויסגעשפיגן.

אָט דאַן ערשט בין איך אופגעטרייסלט געוואָרן פון ראַכמאָנעס צו דער, וועלכע ליגט דאָרט איינע אליין אין שטוב פון אלעמען א פאַרלאָזטע. און דאָס האַרץ האָט מיר געבערענט סײַ אַף די, וואָס זוכן פאַר איר א שטראָף, סײַ אַף די, וואָס זוכן אַף איר א זכוס, פונקט ווי זי איז אין עפּעס שולדיק. ווער קאָן וויסן, וויאַזוי זי איז געקומען צום שלייף אַפן האַלדז? און ווידער האָב איך געטראַכט, אז עפּשער הערט זי גאָר אַלץ, וואָס מע רעדט דאָ וועגן איר, וועגן דער, וואָס מענטשן מיינען, אז זי איז שוין ניטאָ, און איר נעשאָמע צאַפּלט בייסמײַסע פון עלנט און ראַכמאָנעס צו זיך אליין. איז אין וואָס גייט עס זיי, די מענטשן, וועלכע טײַנען, אז דער גוף איז ניט מער, ווי אָפּאָר ווערייפער, אָ, איך האָב עס גוט געוווסט, כומעש און טאַנאַך האָב איך אין דער קינדהײַט געלערנט, יעדן פרימאָרגן „מוידע אני" געזאָגט, איז פאַרוואָס ווילן זיי מעווײַעש זײַן א פאַרביטערטע נעשאָמע?

בין איך, די פערצניאָריקע, שוין איינע אליין אַרײַן אין שטוב צו דער פאַרשטאָרבענער. מיט ציטערנדיקע הענט האָב איך אונטערגעהויבן די שוואַרצע דעקע און דאָ ערשט דערזען דעם טיפן שניט פון דעם שטריק אַף איר האַלדז.

דער עק פון דער דעקע איז ארויסגעפאַלן פון מײַנע הענט. מיט א שטריק אַף צו הענגען גרעט זיך אליין איבערשנײַדן דעם האַלדז... ווי שרעקלעך דאָס איז, ווי מיעס דאָס איז. איר דאַרפט מיך פאַרשטיין — ביז דאַן האָב איך דאָך נאָר שיינס געזען. פאַר דעם האָבן זיך מײַנע טאַטע־מאַמע געמיט. און נאָך איינס: מיט א גוואַלדטאַט האָב איך צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן צוזאַמענגעשטויסן זיך. בין איך שוין קימאַט מאַסקים געווען מיט יענע שלעגער מיט די לאַנגע פּייעס דאָרט אַפן הויף. שולדיק האָט זי אויסגעזען אין מײַנע אויגן, שולדיק אין א מיעסן גוואַלדטאַט.

איצט, ווען איך האָב שוין דורכגעמאַכט מײַן רײַכע לעבנס־שול, — איך בין דאָך אַלט, איר קאָנט זיך גאָר ניט פאַרשטעלן, ווי אלט איך בין, געוויס עלטער פון מײַן באָבען, וואָס האָט אָפּגעלעבט העכער נײַנציק יאָר, זי האָט ניט געזען דאָס, וואָס איך, — איצט שטעלט זיך מיר אַלץ אַנדערש

פאָר. אָבער דאַן... פונוואַנען האָב איך געקאָנט וויסן, אַז בלויז איין כוידעש וועט אַדורך און מיר וועט באַשערט זײַן צו ווערן אַן אײדעס פון אַן אַ שיר גוואַלדטאַטן פון מענטש איבער מענטש. און אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען איך אַליין וועל גרייט זײַן צו באַגיין אַ גוואַלדטאַט איבער אײנעם אַזאַ, וואָס טראָגט אויך דעם נאָמען „מענטש". און אויב ס'וועט מיר ניט געראָטן, מאַכן אַ סאָף צו מײַן אייגן לעבן.

כ'וועל אײַך ניט נעמען דערציילן אַלץ, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט זינט דעם 39־טן יאָר. כורוועס... איך וואַנדער צווישן כורוועס. און דער אומגליק גייט מיר נאָך פוסטריט. איר האָט זיך געשלאָגן אויף דעם ווײַסרוסישן פראָנט, איר זײַט אין פוילן געווען, ווייסט איר גענוג. עס גייט בלויז אין פּראָטים. וועל איך אָנהייבן פון דעם, ווי אַזוי ס'האָט זיך געטראָפן אויף מײַן וועג לעאָניד. ווי אַן אײדעלער ריטער האָט ער זיך מיר געטראָפן, און, ווי איר ווייסט, האָט ער אויך, ווי אַן אײדעלער ריטער מיט מיר זיך געשיידט.

איר שרײַבט, איך בין אַ שיינע, איר שרײַבט, איך בין אַ ציכטיקע. ווען איר ווייסט, וואָס פאַר אַ פײַן איר, דער גוטער מענטש, האָט מיר פאַרשאַפט מיט אײַערע שוואַכים. אַ שיינע? פון דער סאַמע פריִער קינדהײַט האָב איך נאָר געהערט, ווי שיין איך בין. כ'וועל ניט לייקענען, ביז מײַנע פערצן יאָר האָט מיך געפרייט, ווען איך האָב געהערט וועגן זיך: „וואָס פאַר אַ שיין קינד דאָס איז!" אָבער נאָר ביז פערצן. ביזן פאַרשאָלטענעם נײַן־און־דרײַסיקסטן יאָר, ווען ס'איז פון מיר אָפּגעטאָן געוואָרן יעדע פרייד. אויסער אומגליק האָט מיר מײַן שיינקײַט גאָרנישט ניט געגעבן. און ציכטיקײַט? טאָמע בין איך. טאָמע פון קאָפּ ביז די פיס, ביז אַריבער די אויערן אײַנגעזונקען אין שמוץ. אַזאַ שפּיצל האָט מיט מיר דער גוירל אָפּגעטאָן. און ווען? אין דעם לעצטן יאָר פון דער מילכאָמע.

איר מיינט, איך רעד וועגן לעאָנידן? דאָ זײַט איר פאָרויס גרייט מיר מויכל צו זײַן, ווײַל איך האָב דאָך ניט געוווּסט... און איר זײַט דאָך אַ גוטער. דאָס זעט זיך אָן בײַ דעם ערשטן קוק אויף אײַך. ניין, לעאָניד איז מיר געבליבן אַ פרעמדער. דאָ האָט מיר דאַפקע דאָס מאַזל צוגעשפּילט. בײַ אַנדערע אומשטענדן וואָלט ער מיר עפּשער געוואָרן אַן אייגענער. פון דאַנקבאַרקײַט וועגן וואָלט איך עפּשער געצוווּנגען זיך אַפילע אים ליב צו האָבן. עפּשער וואָלט איך זיך צו אים צוגעוווינט. עס טרעפט דאָך אַזוינס, כאָטש, דעם עמעס געזאָגט, וואָס מער ער האָט זיך געדרייט אַרום מיר, און אַנדערש, ווי דרייען זיך, האָט ער, ווײַזט אויס, ניט געקענט, איז ער מיר אַלץ ווײַטער געוואָרן. און דאָך, ווער ווייסט... דאַנקבאַרקײַט וואָלט עפּשער פאַרביטן ליבע. צווישן אונדז האָט אָבער גאָרנישט ניט געקאָנט זײַן, ווײַל, צום גליק, האָב איך געהאַלטן זיך פאַר נידעריקער פון אים.

דער איקער... איך שרײַב און שרײַב, און צום איקער איז נאָך ווײַט. נאָר ס'מאַכט ניט אויס. זאָל דער בריוו זײַן אַ לאַנגער. ער איז דאָך דער ערשטער און דער לעצטער. אָבער ניט אין דעם גייט עס. ניט דערפאַר איז ער אַזוי לאַנג. ווו נעמט מען מוט? איך ציִ און ציִ... נאָר שרעקט זיך ניט, מוט וועט סטײַען. לאָזט מיך נאָר זיך פאַנאַנדערלויפן. איך וועל באַשרײַבן

אַלץ קעסיידער. און דאַן וועט בא אײַך בעמיילע אָפּפאַלן יעדער כײשעק צו שרײַבן מיר בריוו.

יאָ, איז וואָס איז מיט מיר געשען נײַן טעג פאַר דעם, ווי מיך האָט געפונען אַ וואַלגערנדיקע זיך אויף דער ערד און אָן אָפּגעייענדיקע מיט בלוט לעאָניד טשיסטיאַקאָוו? אָט דאָ קום איך צו צום איקער.

פאַרנאַכט איז דאָס געווען. איך גיי צופוס פון אַ דאָרף, וווּ דאַפקע די לעצטע צײַט, ווען אָט האָט געזאָלט קומען די געולע, האָב איך מער פאַרבלײַבן ניט געקאָנט. גוטע מענטשן האָבן מיר געגעבן צום אָנטאָן אַ פּאָר פאַרשמאָלצעוועטע ייִנגלשע הויזן, אַ ברייט העמדל, באַדעקט מיט פאַרב־פלעקן (דער באַלעבאָס פונעם העמדל האָט אין דעם ניט איין דאַך אָפּגעפאַרבט), און אַ היטל מיט אַ צעשפּאָלטענעם דאַשעק. געדאַרפט עפּשער אונטערשערן די האָר, נאָר אויף דעם האָט שוין קיין צײַט ניט געקלעקט. האָב איך די האָר אין אײַלעניש פאַרשטעקט אונטערן היטל. אַלציינס האָט העכער פון דער נאָז מײַן פּאָנעם אונטער דעם זיך ניט געזען, שוין אַפילע מיט די האָר. אָט אַזוי האָב איך אויסבאַהאַלטן פון אַ בייז אויג סײַ מײַן ייִדישקייט, סײַ מײַן אָנגעהעריקײַט צום ווײַבלעכן מין. איך האָב געשפּאַנט אָן אַ וועג, אָן אַ שטעג, וווּהין עס האָבן מיך געפירט מײַנע באָרוועסע פיס. ווען זיי וואָלטן געווען בעעמעס ייִנגלשע, ניט אַזעלכע קליינע, ווי בא מיר, וואָלטן זיי מיך עפּשער אין ערגעץ דערפירט...

וואָס נידעריקער עס האָט זיך געזעצט די זון, בין איך אַלץ אומרויִקער געוואָרן. איך גיי און גיי און קום אין ערגעץ ניט אָן. איך קוק זיך אַרום. אַ פּוסט פעלד. אָן אַ סקירדע. אָן אַ סטויג. ניט געאַקערט, ניט געזייט. זאָל איך זיך מאַכן מײַן נאַכטלעגער אין דער דאָזיקער פּוסטקײַט? איך ווייס, אַז עס טויג ניט אַזוי. די פיס אָבער פאָלגן מיך שוין ניט מער, אַ היפּשן מעהאַלעך דורכגעמאַכט. און הונגעריק בין איך געווען. בין איך צוגעפאַלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד און גענומען זויגן אַ גרעזל. און טראַכטן טראַכט איך בײסמײַסע אַזוי: „גאָט אין הימל, לאָז ניט דערקענען אין מיר קיין פרוי. כאָטש פון דעם היט מיך אויס. אויב ס'איז מיר באַשערט צו שיידן זיך מיט מײַן יונג לעבן, זאָל מען שוין בעסער דערקענען מײַן שטאַם, איידער דעם מין". דערנאָך האָט זיך אין קאָפּ אַלץ אויסגעמישט און איך בין אַנשלאָפן געוואָרן. ווײַזט אויס, ניט אויף לאַנג. ווען איך האָב זיך אופגעכאַפּט, איז די זון נאָך אַלץ ניט פאַרגאַנגען. האָב איך זיך געלאָזט ווײַטער אין וועג, גלײַך צו מײַן אומגליק.

עס האָבן זיך שוין באַוויזן די ערשטע בײַשטאָטישע שטיבער פון אײַער שטאָט, עס האָט מיך שוין גענומען וואַרעמען אַ האָפענונג, אַז דאָ וועל איך געפינען שפּײַז און אַ נאַכטלעגער, ווי כ'האָב דערהערט דעם רויש פון אַן אויטאָ. ווען איך דערשרעק זיך ניט און גיי מיר ווײַטער מײַן וועג, וואָלט עפּשער גאָרנישט געשען. גיב איך זיך אָבער אַ וואָרף אין אַ זײַט און פאַרטײַע זיך הינטער אַ טעלעגראַף־סטויפּ. אָט דער בעהאָלעדיקער ריס צו דעם סטויפּ האָט מיך אָנגעוועקט: די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— דומער קנאַבע, קאָם היר!

איך האָב אַ פיר געטאָן מיטן אַרבל אונטער דער נאָז („דום" איז „דום"),

פארלייגט די הענט אין די קעשענעס און געבליבן שטיין, ווי ניט מיך מיינט מען. אויב מע וועט באַ מיר נעמען פרעגן קאשעס, וועל איך ניט ענטפערן. מײַן קאָל קאָן מיך ארויסגעבן. און מײַן ניט רוסישע אויסשפּראַך, איבער וועלכער מיר איז שוין ניט איין מאָל אויסגעקומען צו פארשטעלן זיך פאר א טויבשטומער.

דער אָפיצער, וועלכער איז געזעסן אין דער מאשין, האָט אָן עפּן געטאָן דאָס טירל און, שוין אויך, ווי א טויבשטומער, א רוף געטאָן מיך מיט א פינגער. איך בין צוגעגאנגען און געבליבן שטיין א האלב־טויטע. און נאָך טויטער בין איך געוואָרן, ווען כ'האָב דערזען: דער אָפיצער קוקט אף מײַנע פיס. פון די פיס האָט זײַן בליק, מעסטנדיק מיך פון אונטן אף ארויף, אָפּגעשטעלט זיך אף מײַן פּאָנעם, און... א ריס דאָס היטל פון קאָפּ. די האָר האָבן זיך מיר צעשאָטן איבער די אקסלען. א פּאָר אײַזערנע הענט האָבן מיך אונטערגעכאפּט, ארײַנגעשלײַדערט אין דער מאשין.

— נא, באהאלט די פּאטלעס דײַנע. צוזאמען מיט די לײַז.

דער אָפיצער האָט א זעץ ארוף געטאָן מיר אפן קאָפּ דאָס היטל און מיט כויזעק א צי געטאָן עס פארן צעשפּאָלטענעם דאשעק אף אראָפּ.

פּאָר איך. א שטײַפער געגאָלטער נאקן פאר מיר, ווי א גוט אָפּגעוועקסל־טער שטיוול גלאנצט ער, דער נאקן, — און איך קאָן פון אים די אויגן ניט אָפּרײַסן.

ווען די מאשין האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז שוין געווען שטאָקפינצטער. דער שאָפער איז ארויסגעשפּרונגען גלײַך נאָך זײַן האר און געעפנט א טיר, אין וועלכער יענער איז באלד פארשוואונדן. און מיך האָט דער שאָפער אָנגענומען פאר א האנט און אין שטילשווײַגן און ניט אָנצינדנדיק קיין ליכט, אוועקגעפירט איבער א ווייכן טעפּיך ערגעץ ארוף. אלץ נאָך אינ־דערפינצטער האָט ער זיכער, ווי באַ דער העלער זונען־שײַן, געעפנט א טיר, אָנגענומען מיך פאר די אקסלען און אוועקגעזעצט אף עפּעס הארטס. ער איז ארויס און פארשלאָסן די טיר פון יענער זײַט. און דאן ערשט האָט זיך אויבן, באַ דער סאַמע סטעליע, אָנגעצונדן א פּיצל עלעקטריש לעמפּל.

א געאָמעטריש פּינקטלעכער קוב. פיר ווענט, א סטעליע און א דיל. און איך אין דער מיט אף א פּירקאנטיקן הילצערנעם בענקל. אויסער דעם בענקל — גאָרנישט. מײַן בליק בלאָנדזשעט איבער די ווענט. עפּשער וועל איך ערגעץ דערזען זאָל זײַן א פּארגראטעוועט פענצטערל. ניטאָ. פּוסט, טויב און בלינד איז מײַן קעמערל. אומזיסט ברעך איך מיר דעם קאָפּ, ווו פּאָרט געפינען איך זיך. לויט דעם, וואָס איך האָב געלייענט אין די ביכלעך, איז מײַן געפענקעניש דאָך אף א טפּיסע ניט ענלעך. די צעשעדיקטע פיס מײַנע פילן נאָך דעם טאם פונעם ווייכן טעפּיך. אין א טפּיסע פירט מען ניט איבער קיין ווייכן טעפּיך.

לאנג טראכטן האָט מען מיך ניט געלאָזט. עס האָט זיך געעפנט די טיר, און דער שאָפער האָט אָן א מינדסטן שאָרך איינער אליין ארײַנ־געטראָגן א מיט פּליוש באשלאָגענע אָטאָמאנקע, וועלכע ער האָט פלינק, ווי א קונצנמאכער, פארבעט מיט זויבער בעטגעוואנט. אויך וועש אוועק־געלייגט אף דער אָטאָמאנקע, און א ברוין כאלאטל און שטעקשיך. נאָך

דעם, ווי ער האָט ארײַנגעבראכט א שיסל וואסער, א שטיק שמעקנדיקע זייף און א ווייכן באָד־האנטעך, האָט ער מיטאמאָל באקומען לאָשן:

— שפרעכען זי דויטש?

אף יעדן פאל האָב איך זיך געמאכט טאמעוואטע, ווי כ'וואָלט ניט פאר־שטאנען זײַן פראגע.

— גוט, — האָט ער געזאָגט ווייך, — לאָמיר ריידן רוסיש. אזוי איז נאָך בעסער. שרעקט זיך פאר גארנישט. דאָ וועט מיט אײַך קיין שלעכטס ניט געשען. איר געפינט זיך אין זיכערע הענט.

אף מיר האָבן געקוקט א פּאָר מידע אויגן פון א מיטליאָריקן מענטש, וואָס ווער ער זאָל ניט זײַן, האָט שוין פאר מיר קיין שום זין ניט געהאט ווײַטער שפילן אין שטומקײַט, אז איך בין ניט קיין יינגל, איז שוין פאר ביידן קיין סאָד ניט געווען, סײַ פאר אים, סײַ פאר זײַן באלעבאָס. איז ווי באהאלט מען כאָטש אויס מײַן שטאם? אן ארמענערן, פאר אן ארמענערן וועל איך זיך ארויסגעבן.

— איך וויל אָבער וויסן, וואָס איז עס פאר א הויז, — האָב איך אָנ־געהויבן, פארקריפּלענדיק נאָך מער מײַן אזוי אויך שלעכטע רוסישע אויס־שפראך.

דער שאָפער האָט צוגעלייגט א פינגער צו די ליפּן, און די טיר פון מײַן קעמערל איז ווידער פארשלאָסן געוואָרן פון אויסן.

ציטערנדיק מיט אלע איינוורים, אומקוקנדיק זיך יעדע רעגע אף דער טיר, האָב איך דאָך ארומגעוואשן זיך, אָנגעטאָן אלץ, וואָס איז געווען אויס־געשפּרייט אף מײַן געלעגער, און...

א בוידעם האָב איך דערזען. א בוידעם מיט פארצויגענע שטריק. דיקע געפלאָכטענע שטריק. איך רײַס פון זיי דאָס גרעט, ווארף צו דער ערד, זוך, ווו אָנצוכאפּן זיך אינעם עק פון א שטריק. נאָר ניטאָ קיין עק. בלויז הארטע קנופּן. שטריק פון איינע קנופּן. מײַנע פינגער בלוטיקן שוין, און קיין איין קנופּ גיט זיך ניט אונטער.

— מיט די ציין, מײַן קינד, מיט די ציין בײַס זיי איבער. און דערנאָך ארום האלדז. אזוי, מײַן קינד, איבערבײַסן, איבערבײַסן...

מײַן מאמע איז דאָס. „מאמינקע, פארוואָס רעדסטו מיר אײַן ארומוויקלען די שטריק ארום האלדז. איך וויל ניט, מאמע... איבערבײַסן... האלעמײַ זאָל איך איבערבײַסן דעם שטריק?"

איך עפן די אויגן, און מײַן גאנץ פּאָנעם און די קישן, אף וועלכן איך ליג, זײַנען נאס פון טרערן.

— איבערבײַסן האָב איך געבראכט, — איבער מיר שטייט דער שאָפער און טרייסלט מיך פאר אן אקסל. — עסט אָפּ, און דאן קאָנט איר שלאָפן, וויפל דאָס הארץ גלוסט. הײַנט וועל איך מער צו אײַך ניט ארײַנקומען.

אָפּגעזאָגט און פארשוואונדן.

א מעווולוועלע, נאָך ניט קיין אויסגעניכטערטע פון מײַן קורצן שלאָף, האָב איך זיך דאָך באלד ארופגעוואָרפן אפן עסן. א קליין טישל הארט בא מײַן געלעגער. אף איין טעלער צוויי פענעצלעך שווארץ ברויט, און בא דער זײַט עטלעכע שטיקלעך הערינג. אף דער צווייטער — צעפּיצלטע שטיקלעך פלייש, א טעפּעלע קאווע.

איך האָב דאָס אַלץ אײַנגעשלונגען אין איין רגע און ווייניק אַכט געלייגט אויף דעם, וואָס איך שלינג. אַ קוק געטאָן אויפֿן טישל, צי איז ניטאָ נאָך עפּעס וואָס צו עסן, ווײַל הונגעריק בין איך אַלציינס געווען, אַ וואָרף געטאָן זיך ווידער אינעם אָנטאָן אויפֿן געלעגער און פֿאַרזונקען אין שלאָף.

וויפֿל בין איך אָפּגעשלאָפֿן, ווען האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט, צי באַטאָג, צי באַנאַכט, דאָס האָב איך ניט געוווּסט. אַלץ דער זעלבער קוב. און דאָס פּיצל עלעקטרישע לעמפּל אונטער דער סטעליע האָט פּונקט אַזוי טונקל געלויכטן, ווי בײַס איך בין אײַנגעשלאָפֿן.

אויפֿן טישל לעבן מײַן געלעגער — צוויי טעלערלעך ביז ריין אויסגעלעקט, ניט קיין ברעקל צו פֿאַרלירן. קיין הונגער האָב איך אָבער אין דער רגע ניט געפֿילט. נאָר דאָרשט, טרינקען, טרינקען, אַ לעק וואַסער. אָט דאָ ערשט האָב איך זיך דערמאָנט אין מײַן ערשטן מאָלצײַט אין מײַן קעמערל, וואָס האָט מיך אָפּגעשלאָסן פֿון דער וועלט. הערינג... פֿאַרוואָס האָבן זיי מיר געגעבן הערינג? דאָס טוען זיי אומיסטן. מיט דאָרשט האָבן זיי פֿאַרטראַכט מיך אומברענגען. איך גיב נאָכאַמאָל אַ קוק אויף די טעלער און כאַפּ זיך: ניט קיין גאָפּל, ניט קיין מעסער. אַפֿילו ניט קיין טיי־לעפֿעלע. און געבראָטנס האָב איך געגעסן. פֿון פֿריש פֿלייש. נאָר אויף קליינע שטיקעלעך אָנגעשניטן. נאָר צום אַראָפּשלינגען. פֿאַרוואָס עפּעס אַזוי?

ווידער שטיל, אָן אַ שאָרך, עפֿנט זיך די טיר. ווידער אַ שיסל וואַסער און אַ צוגאָב — אַ צײַן־בערשטל מיט אַ טיוביקל פּאַסטע. דער שאָפֿער נעמט צו די טעלער פֿון טיש און דאָס עמאַלירטע נאַכט־טעפּל פֿון אונטערן טיש. אויך מיט דעם האָט ער מיך באַזאָרגט. אין אַ מינוט אַרום ברענגט ער מיר צום עסן און צום טרינקען, פּולקאָם געגנוג פֿאַר אַ ניט קיין שטאַרק אויסגעהונגערטן מענטשן. און ווידער אַ שטיקעלע הערינג אויפֿן טעלער. איך קוק אויף דעם מיט דערשראָקענע אויגן. איך ריר זיך צו דעם ניט צו. וואָס פֿאַר אַ נאַר איך בין געווען. אינעם פּיצל הערינג האָב איך מײַן געפֿערלעכסטן סוינע געזען. איך האָב נאָך דאַן ניט געוווּסט, אַז שטאַרק אויסגעצערטע מענטשן פֿלעגט מען די ערשטע צײַט געבן צו עסן הערינג. קיין לענינגראַדער פּלייטים האָבן זיך מיר דאַן נאָך ניט געטראָפֿן. האָב איך אינעם שטיקל הערינג געזען די גרעסטע געפֿאַר פֿאַר זיך. עס האָט זיך מיר פֿאַרדרייט דער קאָפּ. דאָס טישל מיטן ווײַסן טעלערל דערויף האָט זיך אַ הייב געטאָן אינדערלופֿטן. עס שווימט פֿון מיר אַוועק. און מיט דעם — דאָס טעלערל מיטן שטיקל הערינג, מיטן לעצטן ביסן, וואָס האָט געקאָנט מיך זאַטער מאַכן. מײַן האַנט האָט אַליין פֿון זיך אַ כאַפּ געטאָן דאָס שטיקל הערינג, און איך האָב, ניט צעקײַענדיק, עס אַראָפּגעשלונגען שוין אָן ברויט.

וואָס ווײַטער, האָט מען מיך אַלץ בעסער גענערט. פֿונעם שענסטן און דעם בעסטן דערלאַנגט. דאָס עסן האָט מיר שוין פֿאַר אַ כעזשבן פֿון די טעג געדינט. פֿרישטיק, מיטיק, נאַכטמאָל — אַ טאָג. פֿרישטיק, מיטיק, נאַכטמאָל — נאָך אַ טאָג. אַזוי האָב איך אָנגעציילט זעקס טעג. יעדעס מאָל געפּרוּווט אַרויסצוצִיען אַ וואָרט בײַ מײַן באַדינער, און... גאָרנישט. אַ פֿינגער צו די ליפּן. שאַ־שטיל.

וואָס האָב איך פֿאַר די זעקס טעג איבערגעלעבט, וואָס האָב איך איבער־

געטראכט, פון דעם וועלן מיר ניט ריידן. ווײַל איך קלײַב זיך ניט פאר אײַך צו פארענטפערן. פארקערט, פארמײַעסן וויל איך זיך, ווי איך בין עס ווערט. איך ווייס, אז דאָס דאפקע וועט מיר ניט גרינג אָנקומען, ווײַל א קלאָג צו מיר, איך בין דאָך א שיינע. און שיינקײַט איז שווער צו פארמײַעסן. שרעקלעך איז מיר געווען, אוי, ווי שרעקלעך! פון דער שטילקײַט, פון דער זויבערקײַט, פון דעם זאטן עסן אָן א גאָפל, אָן א מעסער. איז פארוואָס האָב איך דאָס עסן גענומען בא אזא איינעם, וואָס האָט מיט מיר ניט גערעדט, וואָס האָט געהאלטן מיך אין א שטײַג? און אלץ אײַנגעשלונגען, קיין לעק ניט איבערגעלאָזט. און געוואלגערט זיך גאנצע טעג אפן ציכטיקן געלעגער. געשלאָפן. קעסיידער געשלאָפן. אופגעשוידערט און ווידער געשלאָפן. און ווידער געגעסן און טײלמאָל מיט כארפע געכאפט זיך אליין בא דער האנט, אז איך האָב האנאָע פון דעם, וואָס איך נעם אָן אף זיך לײַב.

און דאָך האָב איך אף קיין רעגע ניט פארגעסן יענעם, וואָס געוויס איז ער שולדיק אינעם וויסטן שווײַגן פון מײַן באדינער און וואכמאן. טאָג און נאכט, דאָס הייסט די צײַט צווישן איין עסן און דעם צווייטן, אפילע אין שלאָף האָט מיך פארפאָלגט זײַן קוק אף מײַנע פיס, דער שפּאָטנדיקער און אָפּשאצנדיקער קוק. נאָר צו קנאפּע צוואנציק יאָר האָט אין מיר, נאָך דעם אלעמען, וואָס איך האָב געזען און אויסגעשטאנען, נאָך אלץ געצאפּלט די גימנאזיסטקע, די ציטעריקע באסיעכידע, דאָס איידעלע קינד, וואָס איך בין געווען פון דער היים. אָט די־אָ גימנאזיסטקע, וואָס אין מיר, די פארטרוימטע באסיעכידע האָט אין די מינוטן פון דער גרעסטער פאר־צווייפלונג מיר אײַנגערוימט א סאָד, אז א נעס פון א מײַסעלע איז מיט מיר געשען, אין א פארקישעפטן שלאָס בין איך ארײַנגעפאלן. ראטעווען וויל מען מיך דאָ. עס זײַנען דען ניטאָ קיין מענטשן צווישן די דײַטשן? און פונוואנען ווייס איך, אז ער איז א דײַטש? עפשער איז נאָר די אוניפאָרם אזאָ? דער קוק אף מײַנע פיס? עפשער איז גאָר ראכמאָנעס געווען אין דעם קוק? ווי פײַן ס'איז פון זײַן זײַט, וואָס ער ווײַזט זיך מיר ניט פאר די אויגן. ער וויל מיך ניט שרעקן און וויל פון מיר קיין דאנק ניט הערן.

נאָר וואָס ראכמאָנעס, ווען ראכמאָנעס? איך האָב דען ניט געזען, אז איך זיץ אין א שטײַג, אין א שטײַג אף צו האָדעווען אויפעס צו דער שכיטע? איז צו אלדי שווארצע יאָר די גימנאזיסטקע, די באסיעכידע! ניטאָ פאר מיר קיין פארענטפערונג. טאָמע בין איך. פון דער סאמע רעגע, ווען כ'האָב גענומען דעם ערשטן ביסן ברויט פון זייערע הענט, ווען כ'האָב ארומגעוואשן מײַן לײַב מיט זייער שמעקנדיקער זייף, ווען איך בין צום ערשטן מאָל אײַנגעשלאָפן אף דעם ווײַסן אָנגעקראָכמאלעטן לײַלעך, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן, בין איך טאָמע. פון דער דאָזיקער נאכט אָן בין איך באשמוצט און פארשאָלטן אף אייביק, לעדויר דוירעס...

און איצט וועט איר ערשט זען, ווי פארדאָרבן איך בין. איך וועל אײַך מיט אלע פּראָטים דערציילן דאָס, וואָס ווען איך פארהיט אין זיך די מינדס־טע בושע, וואָלט איך ניט פייִק געווען צו דערציילן. א פרוי, וועלכע ברענגט ארויס אזוינס אף די ליפּן, זאָל זײַן ניט אף די ליפּן, נאָר אפילע אפן פּאפּיר, און דערצו נאָך פאר א מאנצבל, פאר א פרעמדן מאנצבל, איז

פארפאלן. ניט נאָר דעם דאָזיקן מאנצבל, נאָר קיין איין בען־אָדאָם וועט זי שוין אין די אויגן ניט קאָנען קוקן. בעסער וואָלט זי שוין ביכלאל די ליכטיקע שײַן ניט געזען.

פון אײַך וועל איך גאָרנישט ניט פארבאָרגן. איר זײַט א ריינער, איר זײַט א גוטער. איר האָט ליב געהאט, ווי עס קאָן נאָר ליב האָבן א ריינער און א גוטער מענטש. און אײַער ליבע איז אף אזא גרויזאמען אויפן פארטיליקט געוואָרן. איצט זוכט איר א טרייסט אין מיר. ס'איז א טאָעס, מײַן פרײַנט, אן אויסדוכטעניש. ווען איך גיב אײַך מײַן האסקאָמע, וואָלטן מיר ביידע נאָך אומגליקלעכער געוואָרן. ניט אזא, ווי איך, דארף ארײַן אין אײַער שטוב, פארנעמען אן אָרט לעבן אײַך, וועלכער וועט קיינמאָל ניט פארגעסן יענע, די אומגעבראכטע. אזעלכע, ווי איר, פארגעסן ניט. גיי איך ווײַטער. איך וועל פון אײַך גאָרנישט ניט לייקענען, איך וועל מיך ווײַזן פאר אײַך אין דער ריכטיקער שײַן, קיין ברעקל איליוזיע זאָל בא אײַך ניט פארבלײַבן. איך וועל פארגעסן, אז איך בין א פרוי. איך וועל ריידן אָפן, גראָב. איר זאָלט פארשטיין, וואָס און ווער איך בין איצט. אויסהיילן וויל איך אײַך, מײַן פארלאָרענער פרײַנט, מיט מײַן הײַנטיקן בריוו פארליר איך דאָך אײַך אף שטענדיק, אויסהיילן פון אײַער אײַנגעשמועסטער ליבע. איר טאָרט ניט נעמען אזא איינע, ווי איך. טראכט ניט וועגן מיר ווי וועגן א שיינער. מיִעס בין איך, צעטראָטן.

דער שיינער מין... דער שוואכער מין... א פארשאָלטענער מין זײַנען מיר. פרויען, ווײַבער... אין צײַטן פון קאטאסטראָפעס פארפאָלגט אונדז, ווי א קלאָלע, אונדזער ווײַבלעכקײַט. אין א מיסט־גרוב פארוואנדלט זי אונדז, אין אן אָפטריט פאר כײַעס־ראָעס.

ווידער דריי איך זיך ארום־און־ארום, און איר קאָנט עס פארשטיין אזוי, אז איך פארענטפער זיך. ניין, ניין, איך רעד זיך פאָשעט אראָפ פון הארצן פאר אײַך, דעם ערשטן און דעם לעצטן, ווײַל ווי כאזערט מען עס אלץ איבער א צווייט מאָל? און שרײַבן שרײַב איך דאָך סטאם אזוי, אין דער וועלט ארײַן, איך וועל דאָך אײַך קיינמאָל ניט זען. איך מעג אפי־לע טראכטן, אז איך שרײַב עס גאָר פאר זיך אליין. דארף דאָך זײַן אלציינס, וואָס צו שרײַבן. איז מיר טאקע אלציינס. פאר זיך אליין זאָל איך זיך שעמען? פאר זיך האָב איך זיך שוין אָפגעשעמט. בעקיצער, איצט אף אן עמעס בעקיצער...

אין אָוונט פונעם זיבעטן טאָג קומט ארײַן מײַן וואכמאן, און איידער איך באווײַז עפעס צו באנעמען, שערט ער מיר אָפּ די נעגל פון די הענט, טיף, קימאט ביז אין פלייש ארײַן. דערנאָך נעמט ער מיך אָן פאר א האנט און פירט אוועק נאָך זיך. איין צימער גייען מיר דורך אינדערפינצטער. דערנאָך, ווײַזט אויס, א קיך, מיט געקעכטס האָט דאָרט געשמעקט, נאָך א צימער, אויך ניט קיין באלויכטענער... א לײַכטער שטויס, עס עפנט זיך פאר מיר א טיר. א שארפע שײַן ווארפט מיך שיר ניט אום פון די פיס. איך פארזשמורע די אויגן. און ווען איך האָב זיי געעפנט, האָב איך דערזען פאר זיך דעם, פאר וועמען מע האָט מיך געפאשעט. ער איז געשטאנען אנטקעגן מיר, אן אויסגעגלײַכטער, אן אויסגעצירטער אין אלע זײַנע קרייצן און בליאכעס, ווי אף א מיליטערישן פאראד, און קאלטבלוטיק מיך באטראכט.

פלוצלינג, אַלץ מיטן זעלבן שטיינערנעם פּאָנעם, האָט ער מיך אַרײַנגעכאַפּט אין זײַנע אָרעמס און אַ שלײַדער געטאָן אויפן געלעגער. ווי פון דער זײַט האָב איך דערהערט מײַן פאַרצווייפלטן גוואַלד־געשריי: „ראַטעוועט!" און מײַנע נעגל האָבן זיך אַ גליטש געטאָן איבער זײַנע באַקן. טאַקע ניט מער, ווי אַ גליטש. איך האָב דאָך שוין אַפילו קיין נעגל ניט געהאַט. עפּשער האָב איך דאָך דעם שטיינערנעם פּאַרצעף עטוואָס קאַליע געמאַכט, אַ שטיקל דראַפּ איבערגעלאָזט, דאָס ווייס איך ניט, ווײַל פון דער רעגע אָן האָב איך אים שוין מער ניט געזען, כאָטש... וועגן דעם וועל איך נאָך דערציילן. מוט, מוט... צו וועמען, איז געווען מײַן רוף? אויסער דעם אָפּיצער און זײַן שאָפער האָט פון מיר מיסטאָמע קיינער ניט געוווּסט. און דאָך האָט מען מײַן געשריי ניט געוואָלט דולדן. דאָס זעלבע מײַנע נעגל, די אָפּגעשאָרענע ביז אין פלייש אַרײַן. אַ שמאַטע האָט מײַן געשריי פאַרטויבט, אַ שטריק האָט מײַנע הענט געליימט. אַ געבונדענע בין איך געלעגן אויף דער ווייכער זויבערער בעט. און ליכטיק איז אין צימער געווען. אַ געגנעמדיקע ליכט האָט מיר געשלאָגן גלײַך אין די פאַרמאַכטע אויגן אַרײַן. פאַרמאַכטע, ביזן סאָף פאַרמאַכטע...

אָט דאָ, ווען איך בין נאָך ביז איצט אַן איידל קינד, וואָלט איך געמעגט זיך אָפּשטעלן. ווערטער, אָן אַ שיר ווערטער האָבן מענטשן אויסגעטראַכט. אַלץ האָט אַ נאָמען. וואָלט איך דאָ געקאָנט אָפּצייכענען גאַנץ איינפאַך, ווי אין אַ פּראָטאָקאָל: „אַ ייִדיש מיידל, קיין צוואַנציק יאָר ניט אַלט, איז פאַרגוואַלדיקט געוואָרן פון אַ דײַטשישן אָפּיצער". אָט אַזוי רופט זיך דאָס אָן. קיין איבעריקן רוישעם וואָלט אַזאַ אָפּצייכענונג ניט געמאַכט. מיט קיין צוועלפיאָריקע איז עס דען ניט געשען? פיל ערגערס איז געשען. איך לעב דאָך, ווי איר זעט.

ווען מע פאַרגוואַלדיקט, מע שיסט, מע פאַרסאַמט, מע הענגט מיליאָנען, האָט עס אַ נאָמען פאַר די זײַטיקע, זאָל זײַן פאַר די שופטים, פאַר די אַלע, וועמען מע האָט ניט פאַרגוואַלדיקט, ניט דערשטיקט, ניט געהאַנגען... יעדערן באַזונדער אָבער, איבער וועמען דער גוואַלדטאַט ווערט אָפּגעטאָן, איז ווייניק אים אָנצורופן באַם נאָמען. ער, ער דער איינציקער, האָט עס איבערגעלעבט, אויף זײַן אויפן. אַנדערש ווי ווער־ניט־איז. סײַ גליק, סײַ אומגליק האָט בײַ יעדן איינעם זײַן אייגן פּאָנעם. דעריבער איז נאַריש אַ געליטענעם צו טרייסטן מיט ווערטער, אַז ער איז ניט דער ערשטער, ער איז ניט דער לעצטער... ס'איז שוין עפּשער גרויסמוטיקער זיצן אַ ביסל באַנאַנד מיטן געליטענעם און מיט פאַרשטענדעניש שווײַגן. נאָר פאַר מיר טויג אויך דאָס ניט.

האַלעמײַ האָב איך אײַך צוגעזאָגט צו מאַכן עס בעקיצער? זעט איר דאָך, מיר איז ווייניק אָנצורופן באַם נאָמען דאָס, וואָס עס האָט מיט מיר געטראָפן. איינצלהײַטן, איינצלהײַטן. אויף צולאָכעס זיך אַליין און אויף צולאָכעס אײַך. אײַך? איר זײַט דאָך גאָט די נעשאָמע שולדיק. טו איך עס מער צוליב זיך. איך וויל, איר זאָלט מיך לאָזן צורו. נאָר אינדערעמעסן שרײַב איך דאָס פאַר זיך. איך האָב דאָך אײַך געזאָגט... ס'איז דען אַ בריוו? אַ טאָגבוך איז עס. מער ניט, וואָס אויפן קאָנווערט וועל איך אויפ־

שרײַבן אײַער אדרעס. נאָר גלייבט מיר, איצט, ווען איך קום שוין צו צום איקער, גייט איר מיר שוין אינגאנצן ניט אָן.

איך האָב געהערט, ווי ס'האָט א סקריפּע געטאָן דער רימען פון זײַן מיליטערישן פּאס, און די ספּראָנזשקע האָט מיט א שטילן קלונג אָנגערירט דאָס ווענטל פון א שטול. איך האָב געהערט, ווי ער טוט זיך אויס ביז נאקעט, מײַן פּײַניקער. ניט געײַלט, געלאסן. א שווערער גוף איבער מיר... און צונויפגעגאָסן בין איך געוואָרן מיטן דאָזיקן גוף... איינס זײַנען מיר געוואָרן, איך און מײַן פּײַניקער... איין גוף, וועט איר זאָגן, איז נאָך ניט איין נעשאָמע. דער גוף, וועל איך אײַך ענטפערן, איז א מאמאָשעס, און די נעשאָמע... ווו איז אין די מינוטן געווען מײַן נעשאָמע? א נעשאָמע לאָזט זיך ניט אָנקוקן... א ווייטעק אין מײַנע אינגעווײדן איז געווען, און א פרייד־אויסגעשריי האָט ווי מיט אָקרעפּ מיך אָפּגעבריט: „זע, ביסט דאָך טאקע א מוידל!" און טייקעף א ריטשע: „די אויגן עפן! שוין! באלד!" ער טוקט זיך אין מײַן לײַב, אין מײַן בלוט, און די גראָבע פינגער זײַנע דריקן אף מײַנע אויגן־לעפּלעך. עס ברעכט מיר דער קאָפּ. עס רוישט אין די אויערן. נאָר די אויגן מײַנע בלײַבן געשלאָסן.

— וועסט עפענען די אויגן צי ניין? איך וועל זיי דיר אויסשטעכן.

דערנאָך האָט ער מיך פאנאנדערגעבונדן, און א נאקעטע, מיט פארמאכטע אויגן, בין איך ארויסגעשטויסן געוואָרן פון צימער. הינטער דער טיר האָט אף מיר שוין געווארט דער שאָפער. שווײַגנדיק אָנגענומען פאר א האנט, אוועקגעשלעפּט צוריק אין מײַן קוב ארײַן און פארשוווּנדן. אין א ווײַלע ארום ווידער געעפנט די טיר און א שלײַדער געטאָן אפן געלעגער מײַן אָנטאָן. אָט אין יענער נאכט האָב איך פארשטאנען, אז ניט שטענדיק איז זעלבסטמאָרד א פארברעכן. קיין זעלבסטמאָרד האָט מען מיר דאָ אָבער ניט פארגונען. אלץ איז געווען באוואָרנט. גלאטע, טויטע ווענט. ניט קיין טשוואָק, ניט קיין האָק. ניט קיין גאָפּל, ניט קיין מעסער. ווענט אָן א פענצטער אף צו אראָפּווארפן זיך. סײַדן מיט די הוילע הענט זיך דערשטיקן. ווענט, גלאטע ווענט. צו וואָס האָט אזא קעמערל געקאָנט דינען די מענטשן, וועלכע האָבן פריִער באווינט דאָס הויז? מיסטאמע האָבן דאָ נאָרמאלע מענטשן געלעבט. עפשער זײַנען דאָ שטרענגע ביכער־שאפעס געווען אויסגעשטעלט בא די ווענט, און עפשער האָבן זיך דאָ ניט נייטיקע כפייצים געוואלגערט, אזעלכע, וואָס זאמלען זיך אָן בעמעשעך פון יאָרצענדליקער קימאט אין יעדן הויז. אזוי טראכט איך מיר, איך ווייס אליין ניט צוליב וואָס, ווײַל וואָס האָט מיר שוין געקאָנט אָנגיין די נייטיקײַט אָדער ניט־נייטיקײַט פון מײַן קוב פאר די פריִערדיקע באלעבאטים. און אזוי טראכטנדיק, גיב איך זיך אומגעריכט פאר זיך אליין א צעיאָג און א טראסק מיטן קאָפּ אָן דער וואנט. א שטארקער שארבן בא מיר. בלויז דאָס באוווסטזײַן אף א ווײַלע פארלאָרן. און עפשער האָב איך אים גאָר אין דער ווײַלע געפונען. ווײַל צו מײַן געלעגער האָב איך זיך דערשלעפּט קימאט א בארויִקטע, מיט א זיכערקײַט, איך ווייס ניט פונוואנען האָט זי זיך צו מיר גענומען, אז אויב מיר איז באשערט אומצוקומען, וועל איך יענעם, מיטן שטיינערנעם פּאָנעם, מיט זיך מיטשלעפּן.

די ערשטע נאכט איז אדורך. א סימען, מײַן וואכמאן האָט מיר געבראכט

פרישטיק, דאָס מאָל בלויז א מאגע־קאשע און א טעפעלע קאווע. איך האָב זיך צום עסן ניט צוגערירט. האָט דער וואכמאן, אָט דער מיטליאָריקער מענטש מיט די מידע אויגן, אף וועלכן עס האָט עפשער אין דער היים געוואַרט א טאָכטער אין איין עלטער מיט מיר, גענומען מיך שפּײַזן מיט גוואַלד. איך האָב אים געשפיגן אין פּאָנעם אריַין און ער האָט געדולדיק געשטופּט מיר די קאשע אין מויל. און קאווע געגאָסן אין גאָרגל, איך זאָל וואָס מער אײַנשלינגען.

דרײַ טעג זײַנען פאָרגאנגען, דרײַ נעכט. יעדע נאכט — א שמאטע אין מויל, יעדע נאכט — מיט שטריק געבונדן. דער פּײַניקער לעסטערט מײַן לײַב, און ס׳איז אים נאָך קנאפּ. איך זאָל קוקן אף אים, פארלאנגט ער. ער דריקט אף מײַנע אויגן־לעפּלעך, ער צופּט מיר די ווִיעס און ריטשעט: „די אויגן, זאָג איך דיר, עפן! עס שטייט דיר ניט אָן צו קוקן אף א דײַטשישן אָפיצער? כאַ־כאַ, דו וועסט שוין קוקן. אף א צענדליק סאָלדאטן וועסטו קוקן. פון אונטן ארויף. איך וועל דיך שאנעוועןן, מײַנסטו?״ ווען ער ווייסט, ווי עס פרייען מיך זײַנע רייד. מײַן געוועזער פארוווּנדעט אים, איז דאָך גוט. מײַן אײנציק געווער, די געשלאָסענע אויגן.

די פערטע נאכט האָט ער שוין ניט געריטשעט, נאָר געבעטן זיך. געבעטן זיך פאָרויס, נאָך איידער וואָס ווען:

— איך וועל דיך אָפּגילטן פון קאָפּ ביז די פיס. וואָס טויג דיר די אקשאָנעס? ס׳איז שוין נישט צום מאכן. זײַ מײַן געליבטע. איך וועל דיך ארויספירן קיין דײַטשלאנד. כ׳וועל זאָגן, אָן איטאליענערן ביסטו. נאָר ווײַז מיר די שיינע אויגן דײַנע, ווען איך געניס פון דיר.

מײַנע אויגן זאָלן אף אים קוקן, האָט ער בייטיק געהאט. איך פארשטיי ביז איצט ניט, וואָס פאר א כילעק איז אים געווען, צי שיינע זײַנען זיי, צי מִיעסע. ער האָט געהאט די ברייִרע צו פארלעשן די ליכט, וואָלטן מיר זיך אויסגעגלײַכט. ער וואָלט ניט געזען, פון וועמען ער „גענוסט״. וואָס איז די נאפקעמינע? נאָר זעט איר דאָך... יענע נאכט איז ער ארויס פון די קיילים און צעפּאסעוועט מיך מיט זײַן רימען.

אף מאָרגן אינדערפרי האָט זיך בא זיי אָנגעהויבן די מעהומע. איך האָב, פארשטייט זיך, קיין אנונג דערפון ניט געהאט. ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אז צום סאָף פון יענעם טאָג איז די שטאָט שוין געווען אינגאנצן אָפּגערייניקט פונעם דײַטשישן מיליטער. צום ערשטן מאָל איז מײַן פּײַניקער אליין ארײַן צו מיר אין קעמערל. איך האָב פארמאכט די אויגן.

— אידיִאָטקאָ! — האָט ער בייז א שיפּע געטאָן אף רוסיש.

ער האָט מיך ארויסגעשלעפּט אין דרויסן, ארײַנגעשלײַדערט אין זײַן מאשין און אוועקגעיאָגט מיט א מוירעדיקער שנעלקײַט. ווו איז אהינגעקומען זײַן שאָפער, מײַן „טרײַער שוימער״, ווייס איך ניט. דער אָפיצער האָט אליין געפירט די מאשין. שוין לאָזנדיק זי אין פולן גאנג און אף דער העכסטער שנעלקײַט, האָט ער זיך געכאפּט, א דריק געטאָן אפן טאָרמאָז און פארבונדן מיר די הענט אף אהינטער. און מיר איז מאָדנע פריילעך. איך האלט זיך קוים אײַן אף ניט אויסצושרײַען: „אליין אן אידיִאָט! וועגן מײַן מויל האָסטו פארגעסן...״

פֿאָרן מיר. ער באַם רול, און איך הינטער זײַנע פּלייצעס מיט געבונדענע הענט. די אויגן זײַנען שוין בא מיר אָפֿן. נאָך א מין אָפֿן. אלע כושים זײַנען בא מיר געווען אָפֿן. מיר טראָגן זיך פֿאָרויס, און בײַשטאָטישע הילצערנע שטיבער טראָגן זיך אונדז אנטקעגן. איך דערקען זיי. איך פֿארשטיי: מיר פֿאָרן אויסער דער שטאָט. איך ווייס נאָך ניט צוליב וואָס. עפּשער קלײַבט ער זיך גאָר מיך צו דערשיסן הינטער דער שטאָט? און דאָך איז מיר גוט אפֿן הארצן. איך ווייס, אז ווי עס זאָל זיך ניט מאכן, נאָר אין יענעם קעמערל וועל איך זיך שוין מער ניט אומקערן. און ער אויך. ער וועט זיך שוין מער ניט אומקערן אינעם געראַמען צימער מיטן גענעמדיקן ליכט און וועט מער שוין פֿון קיינעם גאָרנישט „געניסן". א געלער פֿארוואָקסענער נאקן פֿאר מיר. ניט קיין זייף, ניט קיין גאָלמעסער האָט אים הײַנט ניט בארירט. אזא נאקן, אָן א סימען פֿון גלאנץ, איז א קאטאַסטראָפֿע פֿאר א דײַטשישן אָפֿיצער. דער טויט האָט זיך פֿארטײַעט אין דער געלער געדיכטעניש, און ווי עמעצער וואָלט מיר אין אויער אײַנגערוימט: „די שאָ האָט געשלאָגן", האָב איך מיטן גאנצן גוף א וואָרף געטאָן זיך פֿאָרויס און אײַנגעביסן זיך מיט די ציין אינעם פֿארוואָקסענעם נאקן, וואָס פֿאר מיר. און מער געדענק איך גאָרנישט.

אין עטלעכע שאָ ארום האָט לעאָניד טשיסטיאקאָוו צופֿעליק אָנגעשטויסן זיך אָף מיר. איך בין געלעגן אין א קאליוזשע בלוט בא דער זײַט פֿון אן איבערגעקערטער מאשין. אינוויינּיק איז מיטן קאָפּ אָף דעם רול געלעגן א טויטער דײַטשיטער אָפֿיצער. דאָס האָט מיר דערנאָך דערציילט טשיסטיאַקאָוו. ער האָט מיך אָף די הענט אוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל. און ווען איך בין צו די קויכעס געקומען, מיט ארבעט און מיט אן אָרט אין צוזאמענוווינונג באזאָרגט.

איך פֿארענדיק מײַן בריוו און איך טראכט בייסמײַסע: ווי גרויזאם עס זײַנען טיילמאָל גוטע מענטשן. יאָ, גוטע. צי ווייסט איר, וואָס פֿאר אן אומרעכט איר זײַט קעגן מיר באגאנגען? איר האָט מיך געצווונגען קעגן מײַן ווילן אומקערן זיך אין געדאנק צו דעם, וואָס איך גאר צו פֿארגעסן און אלציינס טאָטשעט עס מיך טאָג און נאכט, נאָגט אויס דעם מארך פֿון די ביינער. בעט איך אײַך: „לאָזט מיך צורו". איך האָב דאָ מײַן ווינקל. איך ארבעט. איך טראכט אפֿילע וועגן לערנען זיך. נאָר קוים וועט איר מיך אויך ווײַטער פֿארפֿאָלגן מיט אײַערע בריוו, וועל איך מוזן פֿונדאנען אנטלויפֿן. ווידער לאָזן זיך ערגעץ, וווּ קיינער קען מיך ניט, קיינער ווייסט מיך ניט. פֿארגעדענקט, אומגליקלעך בין איך טאקע, נאָר אין קיין ראכמאָנעס נייטיק איך זיך ניט. איך האָב שוין פֿון לאנג בא זיך געפּויעלט אויסצולעבן מײַנע יאָרן אין איינזאמקײַט. דאָס, וואָס מענטשן רופֿן אָן מיטן נאָמען „פּערזענלעך גליק", איז פֿאר מיר אויסגעשלאָסן. איך גלייב, אז עס זײַנען נאָך דאָ אנדערע גליקן אָף דער וועלט. אײנס איז מיר קלאָר: ניט קיין ווײַב, ניט קיין מוטער וועל איך קיינמאָל ניט זײַן. כ'וועל אײַך זאָגן נאָך מער. מענער זײַנען מיר דערווידער. אלע, אָן אויסנאם. מיר דוכט, זיי קוקן אלע אָף מײַנע נאקעטע פּיס, ווי יענער מענוואָל, ווי מיסטאמע לעאָניד. און, איך בעט טויזנט מאָל מעכילע, איר געהערט דאָך אויך צום מענלעכן

מיך, איז אין אײַער בליק אויך דאָ עפּעס אזוינס. איך וויל ניט, איר הערט, איך וויל ניט, עמעצער נאָך זאָל אָף מיר אזוי קוקן.
און דאָך... מיט פרײַנטשאפט יודעס.

פּ.ס. מיר קומט אָפּט אָפן זינען, אז יענער, וועמען אײַער שוועגערן זאָיע האָט געזען באַנאנד מיט לעאָנידן אין א מאשין, איז דער זעלבער, וואָס איז מיר אזוי ביטער באַקאנט. די סימאָנים פאלן צונויף. יאָ, וועגן זאָיען... איך האָף, אז איר וועט אף מיר ניט פאריבל האָבן, אויב איך וועל אײַך דערמאָנען וועגן אן אלטן יידישן מינהעג: אויב עס שטארבט אן עלטערער ברודער, דארף דער יינגערער נעמען זײַן אלמאָנע פאר א ווײַב.
די זעלבע.

צײַט יודעס האָט פארלאָרן איר היים, האָט זי פון קײנעם קײן בריוו ניט באַקומען און קײנעם קײן בריוו ניט געשריבן. אוועקגעשטעלט די לעצטע צוויי ווערטער „די זעלבע", האָט זי פארווונדערט אָנגעקוקט די צעוואָרפענע איבערן טיש פארשריבענע זײַטלעך. צוויי שילער־העפטן אויסגעשריבן. אריפמעטיק־העפטן מיט קעסטעלעך־קוואדראטן. קײן אנדער פּאפּיר האָט זי ניט געהאַט. קינדער לערנען זיך כעזשבענען אין אזעלכע העפטן: צוויי מאָל צוויי איז פיר. אזוי קומט עס ארויס בא די קינדער. און בא איר, בא יודעסן, וויפל איז צוויי מאָל צוויי? עפּשער זיבן, עפּשער אכט. בא איר איז אלץ קאַפּויר. מע וואָלט געדארפט איבערלייענען פאר זיך דעם בריוו פארן אוועקשיקן. אָבער אויב זי וועט אים איבערלייענען, וועט זי אים ניט אוועקשיקן. זי האָט שנעל צונויפגעזאמלט די פארשריבענע זײַטלעך, צוויי מאָל איבערגעבויגן, ארײַנגערוקט אין א גרויסן קאָנווערט מיט אן אָפּיציעלן שטאמפּ פון אויבן, אף דער ארבעט האָט זי דעם קאָנווערט גענומען, א לעק געטאָן מיט דער צונג און פארקלעפּט. „ער זאָל נאָר ניט טראכטן, אז איך פארענטפער זיך". זי האָט דערשראָקן א קוק געטאָן אפן קאָנווערט, אין נערוועזער אײַלעניש אופגעשריבן באָרעכס אדרעס און, ניט איבערלאָזנדיק זיך קײן צײַט אף צו באַקלערן זיך, וואָס זי טוט, אוועק אף דער פּאָסט.

פון באָרעך הורוויטשן צו יודעס ראָזנבליט.
10 דעקאבער 1946.

טײַער קינד, באַאוולטע שוועסטער מײַנע!

איך וועל אײַך מער ניט פארפּאלגן מיט קײן בריוו. איך וועל אײַך ניט אָנבינדן מײַן ליבע. איך שרײַב אײַך נאָר דערפאר, ווײַל איך וויל, איך מוז אײַך זאָגן: רײן זײַט איר. רײן און צארט, ווי א טויב. פון יעדער שורע אין אײַער בריוו, מיט וועלכן איר האָט געמיינט זיך צו פארמיעסן, קוקט ארויס אײַער רײנקײַט און צארטקײַט. נאריש, פארבלאָנדזשעט קינד וואָס איר זײַט, צי דען קאָן צו אזא, ווי איר, צושטײן שמוץ? אזעלכע, ווי איר, קומען אף דער וועלט, קעדיי צו באשײנען זי. איר זײַט שלאנק,

ווי אַן אינד. און די אויגן אײַערע... זיי האָבן מיך איבעראַשט נאָך דאָן, ווען איך האָב אײַך דאָס ערשטע מאָל דערזען. נאָר ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אויך אויגן פאַרמאָגט איר פון אַן אינד, פון אַ פאַרוווּנדעטער אינד, וואָס די קויל האָט זי געטראָפן אינעם סאַמע פריידיקן לויף. טרוים איך: זאָל די ווונד פאַרהיילט ווערן. איר וועט נאָך געוויס עמעצן באַהעלן מיט דער שײַן פון אײַערע אויגן. טאָ לעשט זיי ניט. מיטן גנאָד פון דער נאַטור שײַנען זיי. ווי איך האָב פאַרשטאַנען פון אײַער בריוו, איז ניט מיר באַשערט די שײַן. טאָ זײַט גליקלעך מיט דעם, וואָס וועט זיך נאָך געוויס טרעפן אױף אײַער וועג, וואָס וועט ווערט זײַן דאָס גליק מער, ווי איך.

ווו נעמט מען אַזאַ שפּרוך, וואָס זאָל אײַך צווינגען איבערצולייענען מײַן בריוו? איך שרײַב אײַך קורץ. איך וויל אײַך ניט דאָקוטשען. איר וועט נעמען דעם קאָנווערט אין דער האַנט, וועט איר באַלד דערזען, אַז קאַרג איז ווערטער בין איך. צי דען וועט איר דעם קאָנווערט ניט עפענען, אַ קאָנווערט מיט אַזאַ דין בריוול?

שיינהײַט מײַנע, ריינהײַט מיינע, פאַרגעדענקט, אַז ערגעץ, ניט ווײַט פון אײַך, לעבט אַ מענטש וועלכער האָט אײַך ליב, וועלכער איז גרייט צו וואַשן אײַך די פיס און טרינקען דאָס וואַסער. איר שרײַבט, אַז איך בין דער איינציקער מענטש... נאָר איך וויל ניט מיסברויכן. כ׳וועל אײַערע ווערטער ניט איבערכאַזערן. זיי זײַנען אײַך צו גאָרנישט ניט מעכײַעוו. לאָזט מיר נאָר איבער אַ פּיצעלע האָפענונג... מער וועלן מיר וועגן דעם ניט ריידן. ניט איך, ניט איר. איך וועל וואַרטן. און טאָמער וועט איר ליב קריגן אַן אַנדערן, ניט מיך, זאָל איך זײַן דער ערשטער, וועמען איר וועט וועגן דעם צו וויסן געבן. איך וועל אײַך בלײַבן אַ טרײַער ברודער און פרייען זיך מיט אײַער פרייד. נאָר שרײַבט מיר. שרײַבט אַזוי, פּונקט ווי קיין איין וואָרט פון ליבע איז צווישן אונדז ניט געזאָגט געוואָרן. הײַנט אָבער נעם איך זיך דאָס רעכט ניט איבערלאָזן ניט קיין דערזאָגטס, פון מײַן זײַט, געוויינלעך. איך האָב דיך ליב, יודעס! ווי אַ ליכטיקער שטערן לײַכט מיר דײַן געשטאַלט פונדערווײַטנס. הייליק איז פאַר מיר יעדעס קוטשערל אױף דײַן קאָפּ... און דײַן שווײַגן, דײַן איידעלע שטילקײַט... פאַרקישעפט האָסטו מיך, יודעס. און איצט, ווען דו האָסט פאַר מיר געעפנט דײַן פאַרביטערט האַרץ, ווייס איך שוין גאָרניט, וויאַזוי איך זאָל לעבן אָן דיר.

שרעקט זיך ניט, יודעס טײַערע, מער וועל איך אײַך אַזוי ניט שרײַבן, אויב... איר וועט עס ניט וועלן. ווי שווער עס זאָל מיר ניט אָנקומען, וועל איך האַלטן וואָרט. נאָר שרײַבן וועל איך אײַך אײַנגעהאַלטן, געוויגן און געמאָסטן, ווי אַן אַלטער בוכהאַלטער, אַן אויסגעטריקנטער איבער זײַנע גראָסביכער. נאָר גיט מיר פון זיך צו וויסן. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איך נעם אױף זיך די האָזע אײַך צו בעטן.

צי וועט איר עפענען, צי וועט איר לייענען מײַן בריוו...

אײַער פרײַנט, אײַער ברודער

באָרעך.

מיט גיכע טריט איז באָרעך געגאנגען אהיים פון דער ארבעט. יעדן אָוונט האָט ער זיך אזוי געײַלט פון דער ארבעט. צום פּאָסט־קעסטל, צו דעם שפּאָגל נײַעם בלויען קעסטל אַף זײַן טיר מיט א שפּאלט פון אויבן, מיט א קליין הענג־שלעסעלע פון אונטן. דאָס מאָל איז דאָס קעסטל ניט פּוסט געווען. א בריוו. און באלד איז פון באָרעכן אָפּגעטאָן געוואָרן דער אימפּעט, וואָס האָט אים געטראָגן אהיים. געלאסן געעפנט די טיר, מיט א שווער געוואָרענעם טראָט ארײַן אין שטוב, אײַנגעשלאָסן ליכט. איר האנטשריפט. יודעסעס. ער האָט א ווײַלע געוויגן אַף זײַן היפּשער דלאָניע דאָס דינע בריוול. געכאפּט זיך — ניטאָ קיין צוריק־אדרעס. א ריס געטאָן פון אויבן דעם קאָנווערט. דאָרט איז געלעגן אן אופגעעפנטער זײַן, באָ־רעכס, לעצטער בריוו און א קליין צעטעלע פון יודעסן: „אזוי קאָן ניט זײַן! איך פאָר אריבער אין אן אנדער שטאָט. איך בעט אײַך, זוכט מיך ניט.

אײַער דאנקבארער פרײַנט

יודעס".

א מעוווּלוועלער האָט באָרעך, אלץ שטייענדיק, אָנגעקוקט דאָס צעטעלע. און מיטאמאָל, ניט גלייבנדיק זיך אליין, ארויסגערעדט אַף א קאָל: „זי האָט מיך ליב. וואָס האָט זי געהאט צו אנטלויפן, ווען זי וואָלט זיך ניט געשראָקן פאר איר אייגענער ליבע?". ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, ניט ארויסלאָזנדיק דאָס צעטעלע פון דער האנט: „אזוי קאָן ניט זײַן". זײַנע דיקע ליפּן האָבן זיך צעשמייכלט: „גערעכט. אוואדע קאָן אזוי ניט זײַן. זי דאָרט, איך דאָ. צוזאמען וועלן מיר זײַן, יודעס, צוזאמען. אָט א נאריש קינד. זי וויל מיר אײַנשמועסן, אז אזוי לײַכט פאָרט מען עס אריבער אין אן אנדער שטאָט. דאָס ערשטע מאָל מיסטאמע אויך ניט גרינג אָנגעקו־מען. א ווינקל אין א נײַעם באראק זיך אויסגעזוכט... אָט האָסטו דיר אן אנדער שטאָט... און טאָמער איז זי אַף אן עמעס אוועקגעפאָרן? — איז ער אומרו:יק געוואָרן און באלד זאָרגלאָז א מאך געטאָן מיט דער האנט. — אלציינס וועל איך זי געפינען. ווו זי זאָל זיך פון מיר ניט אויסבאהאלטן. זי וויל דאָך, זי וויל, איך זאָל זי געפינען".

ניט געווען, דאכט זיך, אזוינס אין דער וועלט, וואָס זאָל אין דער רעגע פארומערן באָרעכס געמיט. נאָר פּלוצלינג האָט אין אים זיך אָפּגערופן מיט א כליפּ: „דינעלע, דינע, מײַן דינינקע דינע". דאָס ערשט שמייכלענ־דיקע פּאָנעם איז פינצטער געוואָרן, און די געדאנקען זײַנען אוועקגעשווו־מען אין א נײַער ריכטונג. מיט דינען האָט ער זיך איצט דורכגעשמועסט, באָרעך, ווי שטענדיק געהאלטן זיך מיט איר אן אייצע, ווי ס'איז געווען בא זיי אײַנגעפירט די אלע זעקס יאָר, וואָס זיי זײַנען געווען צוזאמען. „דאָס, וואָס איך קלײַב זיך איצט צו טאָן, איז פּאראט, הא, דינע? אויב דו זאָגסט „פּאראט", איז פארפאלן, וועל איך ניט ברעכן דײַן ווילן. ווײַל איך האָב דיך ליב. דו לעבסט, דינע. אין מיר לעבסטו. און איך בענק נאָך דיר. איך געפין זיך קיין אָרט ניט פאר בענקשאפט. ווען מיר קענען זיך זען, דינע... דינעלע, דינע, מײַן דינינקע דינע...

און ווי וואָלט געווען, ווען עס מאכט זיך פּאַרקערט? וואָלסטו אפּן גאַנצן לעבן פאַרבליבן אליין? עס קאָן זײַן. אלנפאלס, גיכער, ווי איך, זעסט דאָך, איך בין פאַרליבט. מאָדנע, אי דיך האָב איך ליב, אי יענע. בא דיר וואָלט אזוי ניט געקאָנט זײַן. דו ביסט שטענדיק געשטאַנען העכער פון מיר, דינע. אָבער טאָמער פאָרט וואָלסטו עמעצן ליב געקראָגן, אַן אנדערן? וואָלט איך, דער שאָטן, ווען אפילע א הייליקער שאָטן, דיר פאַרטונקלט דײַן ליבע?"

צו זײַן גרויסער פאַרוווּנדערונג, איז באָרעך אופגעטרייסלט געוואָרן פון אייפערזוכט. ער האָט ביז ווייטעק געייפערט דינען צו דעם אנדערן, וועלכן זי וואָלט ליב געקראָגן, ווען ער, באָרעך, וואָלט שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע. זײַן מויעך האָט געפיבערט: איז פאַרוואָס קומט עס יענער, דער אומגליקלעכער, דער באַוולטער, איר ליבע זאָל באַשאָטנט ווערן?

און דאָך האָט באָרעך געוווּסט, אז ווערן זיך קעגן דער נײַער ליבע איז ער ניט בעקויעך. ער וועט נאָכגיין יודעסן כאָטש אפּן אנדערן עק וועלט. ער וועט זי זוכן און געפינען.

באָרעך האָט געטראָפן. יודעס איז אין ערגעץ ניט אוועקגעפאָרן. ווי נאָר ער האָט זיך עס דערוווּסט, האָט ער זיך אָף עטלעכע טעג אָפּגעבעטן פון דער ארבעט. מיט א פּאָר שאָ שפּעטער איז ער שוין געזעסן אינעם פול געפּאַקטן צוג, וואָס האָט מיט א פאַרשײַטן פּײַף און א טראַסקערײַ לאַנגזאַם געפּויזעט. אָפּגעשטעלט זיך אָף אלע קלענערע און גרעסערע סטאַנציעס, קיין איינע ניט דורכגעלאָזט. און ווידער א פּײַף און א טראַסקערײַ, און א נײַע פּיצל סטאַנציע. צוגעפּויזעט. באָרעך איז געזעסן אָף דעם זײַטיקן בענקעלע באַם פענצטער, פאַרזונקען אין בענקשאַפט. נאָך וועמען?

1971

# זאָלן מענטשן וויסן...

מיר האָבן זאלבעצווייט פארנומען א גאנצע שטוב, איך און פּאשקע שאבאד.

א קליין פּויליש דערפל. אין דער ניִדער — קופּעס אש, און עטוואָס העכער, אפן היגל, א גראָדע שורע שטיבער. מיט הויפן, מיט שטאלן אין זיי און אפילע מיט סעדלעך הינטער די הילצערנע פּארקאנעס. נאָר קיין סימען פון א לעבעדיק וועזן. וואָס עמעס איז עמעס, א היפּשע צײַט האָבן מיר שוין ניט געשלאָפן אונטער א דאך און נאָך אין אזא ראכוועס. איז, דאכט זיך וואָס? כאפּ אריַין, שלאָף זיך אויס, ווי ס'דארף צו זײַן, נאר איינער, ווער ווייסט, צי ס'איז דיר באשערט נאָך אזא שטילע נאכט. איז ניין, עס שלאָפט זיך ניט. די שטילקײַט לאָזט מיך ניט אײַנשלאָפן. א מרוקע פון א קו ווען איך דערהער, א ביל פון א הונט, א קריי פון א האָן, וואָלט איך זיך מעכײַע געוועזן.

א שאָ פיר — פינף בין איך דאָך געשלאָפן יענע נאכט. איז גאָר ניט שלעכט. האלעוויַי ווײַטער ניט ערגער. פארטאָג האָט מען מיך מיט נאָך עטלעכע רויטארמייער געשיקט צורעכט מאכן די צעשעדיקטע אײַזנבאַן־ליניע. און ווו איך, דאָרט איז פּאשקע שאבאד. א געזונט ווּוקסיק ייִנגל, נאָך קיין גאנצע פערצן יאָר ניט אלט, איז ער, ווי מיר אלע, אָנגעטאָן אין א רויטארמייִישן שינעל. ער דאפקע האָט זיך גוט אויסגעשלאָפן. די באקן זײַנען ראָז, דאָס טשוביקל איבערן שטערן זאָגט אָן דער וועלט, אז אײַנעמען א שטאָט איז פאר פּאשקען „קײַ און שפּײַ". אייגנטלעך, הייסט גאָר פּאשקע — פײַוול. דער דאָזיקער נאָמען לייגט זיך אָבער ניט די סאָלדאטן אף דער צונג, האָט איינער אים אָנגערופן פּאשקע. און אזוי איז עס שוין פארבליבן.

צו מיר איז פּאשקע צוגעקלעפּט געוואָרן פון דעם ערשטן טאָג פון אונדזער באקאנטשאפט. עפּשער דערפאר, וואָס איך בין געוועזן דער איינציקער, מיט וועמען ער האָט געקאָנט ריידן ייִדיש, און עפּשער דערפאר, וואָס איך האָב יאָרנלאנג געהאט צו טאָן מיט קינדער. א לערער געוועזן. דאָס איז מײַן פאך.

בעקיצער, מיר האָבן א טאָג אָפּגעארבעט אף דער אײַזנבאַן־ליניע זײַט בא זײַט מיט פּאשקען. דערהערט די קאָמאנדע אָפּצושטעלן די ארבעט, גיב איך נאָך צולעצט א נעם פון דער ערד עפּעס א גרין פלעשל און

קלײַב זיך אָפּצוּוואַרפן עס אָן אַ זײַט, כאַפּט עס פּאַשקע אויס פון דער האַנט.

— אַ פלאַש פון אונדזער קאַנט, — זאָגט ער מיר אָן, — אָט, איר זעט די אויסיעס L. B., אַזאַ ביר־פירמע איז געווען בײַ אונדז — לאַזאַר בירנבוים.

מיט ייִנגלשן נײַגער טראָגט פּאַשקע צו די פלאַש צו די אויגן, באַטראַכט זי אַנטקעגן דער פאַרגייענדיקער זון, קוקט אַרײַן אינווייניק אינעם ניט פאַרפּראָפּטן העלדזל און ציט אַרויס מיט צוויי פינגער אַ פּאַפּירל, אַ פאַרשריבנס פון בײדע זײַטן.

— אויף ייִדיש! — אַ טראַסק אָן אַ שטיין. צוזאַמען מיטן געפּלאַצטן העלדזל פון דער פלאַש פליִען אָפּ אין אַ זײַט נאָך עטלעכע פּאַפּירלעך. פּאַשקע נעמט זיי צונויף, דרייט פאַרכידעשט אין די הענט, נאָר לייענען כאַפּט ער זיך ניט. צי דערפאַר, וואָס אין דרויסן איז שוין טונקל און די פּאַפּירלעך זײַנען פאַרשריבן מיט גאָר פּיצינקע אויסיעלעך, צי ווײַל פּאַשקע האָט פאַר די יאָרן פון מילכאָמע אָפּגעוווינט זיך צו לייענען ייִדיש.

מיר זײַנען שווײַגנדיק אַרײַן אין דער פויערישער שטוב, אונדזער היים אויף אַ ווײַלע. איך האָב אָנגעצונדן דאָס פלאַכע דײַטשישע ליכטל, וואָס כ'האָב בײַ זיך געהאַט. דאַן האָט פּאַשקע גענומען פּאָרזיכטיק אַרויסציִען די צעקנייטשטע פּאַפּירלעך פון פאַרשיידענער פאַרב און גרייס, וועלכע זײַנען, קענטיק, אײַלעניש און אָן שום סיידער פאַרשטופּט געווען אין דער פלאַש. און דאָך האָבן מיר באַלד באַמערקט, אַז כמעט אויף יעדערן פון זיי איז אויפגעשריבן אַ דאַטע.

מע דאַרף דען אַ סאַך איבערטראַכטן, פונוואַנען עס נעמען זיך אַזוינע פּאַפּירלעך? זייער מיסע־מעשונע־קאָליר, די צעקנייטשטקײַט, די שפּיצעכיקע עקן — אַ קרומער ביגנייוועריס פון אַ ציטערנדיקער האַנט... און די האַנט איז ניט פון קיין דערוואַקסענעם. אויף דעם בין איך דאַפּקע אַ מייווין. אויב נאָר אַ פּאַפּירל אָן ווירעס, פאַלן די אויסיעס. אינדערקרים, אויף אַראָפּ.

די פּאַפּירלעך ליגן שוין פאַר מיר אויפן טיש. דאָס פלעשל איז ליידיק. פּאַשקע גיט אַ כאַפּ דאָס ערשטע צופּעליקע פּאַפּירל, נעמט לייענען אויף אַ קאָל: „דער טאַטע האָט געזאָגט: אויף מיר וואַרט ניט. גיי אַליין...‟ פּאַשקעס ייִנגלשער באַס גיט געדיכט אַ הוידזשע אינעם פּוסטן צימער און ברעכט זיך איבער:

— לייענט איר, כאַווער ליבערמאַן! איך קאָן ניט פאַנאַנדערקלײַבן...

דאַטעס זײַנען דאָ. איז מיסטאַמע אויך אַ קעסיידערדיקײַט צו געפינען. איך פּרוּוו אויסלייגן די פּאַפּירלעך לויט די דאַטעס. און דאָ ערשט כאַפּ איך זיך, אַז טעג, כאַדאָשים זײַנען דאָ אָנגערופן, קיין יאָרן — ניט. פּאַשקע זיצט כמורנע־אײַנגעשלאָסן און וואַרט.

„3 אווגוסט, — הייב איך אָן לייענען. — הײַנט איז דער ערשטער סענטיאַבער, נאָר איך שרײַב וועגן דעם, וואָס עס איז געווען דעם דריטן אווגוסט. דעם טאַטן מיט דער מאַמען און נאָך אַסאַך האָט מען אַוועקגעפירט אויף אַ פּויערשער פור. מײַן טאַטע און מײַן מאַמע ליגן אין אַ ריוו

הינטער אײַזיק־מייערס ציגעלניע. אײַזיק־מייער אליין איז אויך דאָרטן. מער ניט צוויי ייִדן זײַנען פארבליבן אין שטעטל — איך און מײַן עלפיאָריק ברודערל. מע האָט אונדז ניט געפונען צווישן דעם האָלץ אין שטאל. ווען מע האָט ארויסגעפירט דעם טאטן מיט דער מאמען פון שטוב, האָב איך געהערט, ווי די מאמע האָט געזאָגט: „גאָט אין הימל, ווער וועט וועגן דעם וויסן, ווער וועט דערציילן?״. אָט דעמלט האָב איך זיך געגעבן דאָס וואָרט, אז איך וועל פארשרײַבן אלץ, וואָס מיט אונדז וועט זײַן. ווײַל מײַן מאמע האָט געוואָלט, מענטשן זאָלן וויסן... באנאכט האָב איך זיך מיטן ברודערל ארויסגעקריגן פון שטאל אין וואלד ארײַן.

5 אווגוסט. איצט איז סענטיאבער, נאָר איך וויל נאָך אלץ שרײַבן וועגן אווגוסט. מיר האָבן דערהערט עמעצן ריידן אין וואלד, זײַנען מיר אנטלאָפן. מײַן ברודערל האָט זיך פארטשעפעט אין א צווײַג און צעריסן די הויזן. איין פוס איז בא אים געבליבן אינגאנצן נאקעט. באנאכט איז אים געווען קאלט. בא מיר זײַנען די הויזן ניט צעריסן, נאָר מיר איז אויך געווען קאלט. באנאכט האָט זיך מײַן ברודערל אופגעכאפט. „ווייליק, ווען וועלן מיר עסן?״ — האָט ער געפרעגט. ער האָט פארגעסן, אז פארן שלאָף האָבן מיר זיך אָנגעגעסן מיט פּאָזעמקעס. זיסע פּאָזעמקעס. גלײַך פון די שטענגעלעך. ווען אין דער היים עס איך אוף אזויפיל פּאָזעמקעס, וואָלט איך געווען זייער זאט. און איצט בין איך הונגעריק, פּונקט ווי מײַן ברודערל. דאָס מויל איז פול מיט ביטערער סלינע.

8 אווגוסט. דעם אכטן אווגוסט זײַנען מיר געווען אין שטעטל. בא אונדזער שטוב זײַנען מיר געווען. אין הויף בא אונדז איז געלעגן אפן בויך א פרעמדע קו. א רויטע. מיט איין האָרן. קיין מענטשן האָט מען ניט געזען. ס׳איז געווען זייער פרי. מײַן ברודערל האָט א פּאטש געטאָן די קו איבערן הינטן און זי האָט זיך פּאמעלעך אופגעהויבן. מײַן ברודערל איז ארונטערגעפאלן אונטער איר און גענומען ציִען מיטן מויל דעם אײַטער. די קו איז געשטאנען רויִק. געוואָרט, ביז מײַן ברודערל וועט זיך אָנזעטיקן. דאָס ברודערל האָט זיך אופגעהויבן פון דער ערד, א ווונק געטאָן צו מיר, איך זאָל אויך צוגיין צו דער קו. די קו שטייט מיטן קאָפּ אויסגעדרייט צו מיר. זי וואַרט אָף מיר. איר איז ניט קיין שאָד די מילך. נאָר איך ריר זיך ניט פון אָרט. די ערשטע הענער קרייען שוין. באלד וועט דאָס גאנצע שטעטל ווערן וואך. איך כאפּ אָן דאָס ברודערל פאר א האנט. אנטלויפן. וואָס ווײַטער פונדאנען. פון דער פרעמדער קו בא אונדז אין הויף. און דאָ גיט א סקריפּע די טיר. אונדזער טיר, און אפן גאנעק באווײַזט זיך א פרוי. א יונגע. פּונקט אזא יונגע, ווי מײַן מאמע. מיר אנטלויפן ניט. ווי עמעצער וואָלט מיט טשוועקעס אונדז צוגעשלאָגן צו דער ערד. מיר קוקן אָף דער פרעמדער פרוי, וואָס שטייט אָף אונדזער גאנעק. און זי קוקט דאָ אָף אונדז, דאָ אָף דער קו, און איר פּאָנעם איז זייער אומצופרידן. זי ווייסט נאָך ניט, נאָר זי איז מיסטאמע כוישעד, אז איר קו האָט אונדז אָנגעהאָדעוועט מיט מילך. מיטאמאָל גיט זי א פּאָכע אָף אונדז מיט די הענט, ווי מע טרײַבט אָפּ הינער. „גייט אײַך, — צעשרײַט זי זיך הויך אָף דער גאנצער גאס, — גייט אײַך פונדאנען. איר האָט דאָ ניט וואָס צו טאָן״.

דאָס שטעטל שלאָפֿט נאָך, נאָר מיר דוכט, אַז פֿון אַלע פֿענצטער קוקט מען אויף אונדז. לאָזן מיר זיך לויפֿן. מיר לויפֿן לאַנג. דאָס העמדל אויף מיר איז נאַס פֿון שווייס. נאָר אונטערן העמדל איז מיר קאַלט. פּונקט ווי עמעצער וואָלט געפֿירט איבער מײַן פּלייצע מיט אַ קאַלט מעסער־קלינגל. צי קאָן אַזוי קאַלט זײַן נאָר פֿון דעם, וואָס עס דאַכט זיך, אַז מע קוקט אויף דיר?

ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, און מיר בלאָנקען נאָך אַלץ אין וואַלד. מײַן ברודערל שלעפֿט שוין קוים די פֿיס, און די צעטרעטענע קאַלאָשע פֿון די הויזן שלעפּט זיך אים נאָך. מיר לייגן זיך צופֿוסנס פֿון אַ בוים, טוליען זיך צו איינער צום אַנדערן און שלאָפֿן אײַן. איז מיר די מאַמע געקומען צו חלום, אָנגעטאָן אין אַ שאַבעסדיקן וואָלענעם קלייד. זי פֿאַרבײַט מײַן ברודערלס הויזן. דער פֿינגערהוט פֿליט אַזוי שיין צוזאַמען מיט דער נאָדל־פֿאָדעם אַרויף און אַראָפּ. זייער ווײַסע הענט בלאַנקען בײַ מײַן מאַמען. פֿון אונטערן שוואַרצן האַפֿט אויף די אַרבל זעען אירע הענט אויס נאָך ווײַסער, ווי שטענדיק. די מאַמע גיט פֿלינק אַ דרייַ דעם פֿאָדעם, פֿאַרקרעמפּעוועט אים און בײַסט אָפּ דעם עק מיט די ציין. דאַן גייט די מאַמע צו צו מיר און נעמט מיך גלעטן איבערן קאָפּ. איך עפֿן די אויגן. ניט די מאַמע שטייט לעבן מיר, נאָר זאָשע גאָר, אָט די קליפּע, וואָס האָט זיך קעסיידער אַרומ־געריסן מיטן גאַנצן שטעטל, סײַ מיט ייִדן, סײַ מיט ניט־ייִדן. אַסאַך בײַ אונדז אין שטעטל האָבן געגלייבט, אַז בײַ זאָשען איז אַ שלעכט אויג. מע פֿלעגט פֿון איר אויסבאַהאַלטן ערשט געבאָרענע קעלבלעך און לאָשעקלעך, עס זאָל זיי גאָרנישט ניט שאַטן.

זאָשע רעדט צו אונדז שטיל, מיט אַ לאַשטשענדיקער שטים. איך האָב זי קיינמאָל ניט געהערט אַזוי רעדן.

— קומט, קינדער, — זאָגט זי, — איך וועל אײַך אָפּפֿירן צו אײַער טאַטן. ער האָט מיך אַליין געשיקט נאָך אײַך. קומט, האָט קיין מוירע ניט.

זאָשע גיט יעדערן פֿון אונדז אַ גרויסן שטיק ברויט מיט שינקע. דאָס ברויט עסן מיר, און די שינקע אויך, כאָטש פֿריִער האָבן מיר קיין כּאַזער ניט געגעסן, נאָר פֿאַר זאָשען האָבן מיר מוירע. צי זאָלן מיר איר גלייבן, אַז אונדזער טאַטע לעבט? צי זאָלן מיר מיט איר גיין? מײַן מאַמע האָט ראַכמאָנעס געהאַט אויף זאָשען. „אַ פֿאַרביטערטע נעשאָמע, נעבעך, שרײַט אויף דער גאַנצער וועלט, און אינדערעמעסן איז זי גרייט יענעם די נעשאָמע אָפּצוגעבן. ווײַז איר נאָר אַ גוטע מינע״. איך האָב אַליין געהערט, ווי די מאַמע האָט אַזוי געזאָגט.

מיר גייען מיט זאָשען.

9 אויגוסט. מיר האָבן געפֿונען דעם טאַטן. דער טאַטע לעבט!״

איך רײַס איבער דאָס לייענען. אַ באַרג פּאַפּירלעך פֿאַר מיר אויפֿן טיש, און קיין העמשעך לאָזט זיך ניט געפֿינען. ניטאָ דער צוגעזאָגטער סענטיאַ־בער. אויך אָקטיאַבער איז ניטאָ און נאָיאַבער... אונטער פּאַשקען טוט אַ סקריפּע דאָס בענקל.

— נו, וואָס געדויערט עס אזוי לאנג, כאווער ליבערמאן? איר האָט צײַט...

עפעס האָט מיך אף א רעגע פארוואונדערט אין פּאשקעס ארט ריידן מיט מיר. ווי כ׳וואָלט אים מיט עפעס באאוולט, ווי עפעס א טײַנע האָט ער צו מיר... נאָר אָט... „10 דעקאבער״. קיין נעענטערע דאטע איז, דאכט זיך, ניטאָ. לייען איך ווײַטער. וואָס מיר פּאשקע, ווען מיר פּאשקע... פאר זיך אליין לייען איך. ווי קיין שום פּאשקע וואָלט גאָר אף דער וועלט ניט געווען. איך לייען:

„מיר וווינען אין שטאָט. איך און דער טאטע. דאָס רופט זיך „געטאָ״, דאָרט, ווו מיר וווינען. מײַן ברודערל איז ניט מיט אונדז. זאָשע האָט אים באשטאט בא אירן א קאָרעוו. די שטאָט איז א גרויסע. נאָר אונדז לאָזט מען ניט ארויס פון דער געטאָ. סײַדן אף ארבעט. אף דער ארבעט אָבער גייען מיר ניט, מע טרײַבט אונדז. געזונטע יונגען אין שווערע שטיוול טרײַבן אונדז. און אווטאָמאטן טראָגן זיי. נאָר פאר זייערע שטיוול האָב איך מער מוירע, ווי פאר די אווטאָמאטן. איך קוק שטענדיק אף אראָפּ, ווען איך גיי ארויס פון דעם געטאָ־טויער. און ווידער — פון אן אווטאָמאט האָט אין מיר נאָך קיינער ניט געשאָסן, און מיט א געקאָוועטן שטיוול האָב איך שוין ניט איין מאָל געכאפּט א בוכענצע אין זײַט ארײַן. קוק איך אף אראָפּ, ווײַל מע דארף זײַן געהיט פאר די שטיוול. און טאָמער איך פארגעס און טו א קוק העכער, דערזע איך א שפּיציקע הינטישע מאָרדע. קוק איך נאָך העכער, דערזע איך טאקע דעם אווטאָמאט, וואָס ציט זיך פארבײַ מיר. די הינט ציִען זיך אויך פארבײַ. די שטיוול אויך. נאָר איך ווייס, אז אין יעדער רעגע קאָן זיך דאָס אלץ געבן א דריי אויס צו מיר — די געקאָוועטע שטיוול, די הינטישע מאָרדעס, די אָפענע רערן פון די אווטאָמאטן אלץ קעגן מיר איינעם. איינעם, ווײַל די אלע, וואָס גייען באנאנד מיט מיר, אפילע מײַן אייגענער טאטע, וועט מיר מיט גאָרנישט ניט קענען העלפן. כאפּ איך א שנעלן קוק נאָך העכער, אף די פּענעמער פון די, וואָס פירן אונדז, וואָס טרײַבן אונדז, איז דאָס ערגער פון אלעם איבעריקן. ניין, נאָר אראָפּ, אראָפּ דארף מען קוקן. ס׳איז זיכערער און מע זעט ווייניקער. מיר איז בעסער פון אנדערע. מײַן טאטע לעבט. מײַן טאטע איז מיט מיר. מיט אונדז לעבן נאָך פינף מישפּאָכעס. דאָס זײַנען אלץ שטעטלדיקע יידן, וועלכע מע האָט געכאפּט אף די וועגן און צונויפגעיאָגט אהער אין געטאָ. די שטאָטישע האָבן וועך א בעט, וועך א טאָפּטשאן. מיר שלאָפן אלע אפן דיל. יעדערער האָט זיך דאָ זײַן אָרט, ווער לעבן ווענט. באנאכט דריקן זיך אלע צונויף אינמיטן צימער, ווײַל ס׳איז קאלט. יעדערער וויל זיך אין שלאָף אָן עמעצן דערוואַרעמען. יעדערער שלעפּט אין שלאָף אף זיך די קאָלדרע אָדער די שמאטעס, מיט וועלכע מע איז צוגעדעקט. בלײַבן אנדערע נאקעט. הייבט מען זיך אָן אינמיטן נאכט צו קריגן. און אלציינס כאפּט מען זיך אוף אינדערפרי ווער אונטער א פרעמדער קאָלדרע און ווער אונטער א פרעמדן מאלבעש. מע אײַלט צו דער ארבעט. מע לויפט ניט געגעסן, אומגעוואשן. און דאָך באווײַזן די אייגנטימער פון די קאָלדרעס אויסצוזידלען די, איבער וועמען זיי זײַנען באנאכט געפאָרן.

נאָר מײַן טאטע זאָגט קיינעם קיין וואָרט ניט. „וואָס האָט איר דאָ ניט

צעטיילט צווישן זיך? — מוסערט ער די, וואָס קריגן זיך, — זאָל יעדע נאכט עמעצער אנדערש שלאָפן אינמיטן, וועט אים זײַן ווארעם". אזוי האָט מײַן טאטע געזאָגט נעכטן און גענומען אײַנמאָסטען זיך מיט מיר באם סאמע עק. אין עק בא דער וואנט האָט ער זיך אליין געלייגט און מיר האָט ער געהייסן לייגן זיך נעענטער צו דער מיט. ער פון איין זײַט און פון דער צווייטער — דער מוליער ריסקין. אלעמען איז געפעלן געוואָרן, וואָס מײַן טאטע האָט געזאָגט, און מע האָט גענומען בעטן זיך מיט די ערטער. נאָר די אלטע שיפרע, מע זאָגט, זי איז גאָר ניט קיין אלטע, זי זעט נאָר אויס, ווי אן אלטע, און זי רעדט מיט זיך אליין, ווי אן אלטע, שיפרע האָט זיך אײַנגעשפּארט: נאָר אינמיטן וויל זי שלאָפן, אונטער איר אייגענער קאָלדרע. זי וויל, איר זאָל זײַן ווארעם. מאָרגן אין גרוב, זאָגט זי, וועט איר שוין בעמיילע זײַן קאלט. שיפרע האָט א וואטאָווע קאָלדרע. וואָלט מען באנאכט, ווען זי שלאָפט אײַן, געקאָנט ארונטערגאנווענען זיך אונטער איר קאָלדרע און דערווארעמען זיך, וויל קיינער ניט שלאָפן לעבן איר. ווײַל שיפרע שעפּטשעט קעסיידער צו זיך אליין, אפילע אין שלאָף שעפּטשעט זי, און אלץ דאָס זעלבע, וועגן גרוב. און אויב עמעצער צעווערטלט זיך צווישן זיך אין צימער, זאָגט זי: „אָט אזוי, קריגט זיך, קריגט זיך, קינדערלעך, כאפּט ארײַן, מאָרגן וועט שוין ניט זײַן מיט וועמען".

דער מוליער ריסקין, אויב עמעצער שרײַט אָן אף שיפרען, שטעלט ער זיך פאר איר אײַן. ער לאָזט זי ניט רופן מיטן צונאָמען: „שווארצע ראָב". אליין איז ער דאפקע א פריילעכער, ריסקין. אינדערפרי כאפּט ער זיך אוף פרִיער פון אלעמען. ער לאָזט זיך גלײַך צו דער טיר. שפּרײַזט אריבער קעפּ, הענט און פיס לעבעדיק און פריילעך, רירט קיינעם אף א האָר ניט אָן און וויצלט זיך נאָך דערבײַ: „פּאמעלעך, ריסקין, וועסט נאָך עמעצן צעקוועטשן!" ריסקין האָט אוועקגעשטעלט בא אונדז אן עמעס ליימען אייוועלע. נאָר קיין האָלץ מיט וואָס צו הייצן איז ניטאָ.

א מאָדנער מענטש אָט דער ריסקין. ווו נעמט זיך בא אים צײַט אף אזויפיל צו ריידן? און צו שטעלן אייוועלעך? אסאכן שטעלט ער אייוועלעך. אז אופשטיין שטייען מיר אוף אינדערפינצטער און אומקערן זיך פון דער ארבעט קערן מיר זיך אום אויך אינדערפינצטער, און ס'ווילט זיך עסן און ס'ווילט זיך שלאָפן. און ריסקין רעדט. פאר צווייען רעדט ער, פאר זיך און פארן ווײַב. זײַן ווײַב איז זייער א שטילע. איך וואָלט אפילע איר קאָל ניט געוווּסט, ווען זי וואָלט טיילמאָל אינדערשטיל ניט א זאָג געטאָן, דעמלט ווען זי מיינט, אז קיינער הערט זי ניט: „וואָס וועט עס זײַן? וואָס וועט מיט אונדז זײַן?" אָט אזוי זאָגט זי און קוקט אף אירע קינדער, אף יאָסעלען מיט מירעלען. עס מאכט זיך אויך, אז זי בייזערט זיך אף איר מאן פאר זײַנע ווערטלעך, נאָר איך זע, אז איין ווינקל פון מויל שמייכלט גאָר בא איר, בייס זי בייזערט זיך, ווען ריסקינס ווײַב לייע שמייכלט אזוי, דערמאָן איך זיך אָן דער מאמען. איך ווייס אליין ניט פארוואָס. לייע איז אף מײַן מאמען קיין האָר ניט ענלעך. מײַן מאמע איז געווען א הויכע, א שיינע, מיט א קײַלעכדיק פּאָנעם, און לייע איז א נידעריטשקע, אן אויסגעדארטע, מיט אײַנגעפאלענע באקן פון א מאָדנע געלן קאָליר. נאָר בייס זי שמייכלט, איז זי, ווײַזט אויס, מיט דעם איינעם ווינקל פון מויל,

מיט דעם ווינקל, וואָס שמייכלט, דאָך ענלעך אַף מײַן מאַמען. דערפאַר מיסטאָמע איז ווען לייע שמייכלט, ווילט זיך מיר וויינען. נאָר איך בין ניט פון די, וואָס וויינען. איך האָב ניט איין מאָל געהערט פון דער מאַמען, אַז אַפילע גאָר אַ פּיטשינקער האָב איך ניט געוויינט. זי האָט זיך מיט דעם באַרימט פאַר די שכיינעס. אָט, מײַן ברודערל, האָט זי געזאָגט, איז געווען אַ שרײַער.

11 דעקאַבער. הײַנט אינדערפרי האָט מען אונדז אַלעמען צונויפגעטריבן אַפן מאַרק־פּלאַץ, קעדיי מיר זאָלן אָנקוקן דעם פּראָפעסאָר לאַנדע. זיי האָבן אים אויסגעפּוצט אין געקעסטלטע הויזן און אָנגעטאָן אַ שפּיציקן פּאַפּירענעם קאָלפּאַק אַפן קאָפּ. דאָס מויל איז באַ לאַנדען צעשניטן ביז די סאַמע אויערן. אַף דער ברוסט העגגט אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט: „איך בין געווען ווידערשפּעניק קעגן דער דײַטשישער מאַכט". לאַנדע וויגט זיך אַף אַ שטריק אינמיטן מאַרק, און אַרום אים קלאַפּן פּויקן. אַ דײַטשישער אָפיצער האָט געהאַלטן פאַר אונדז אַ רעדע און אַ פּאָליאַק אין אַ ווייכן הוט האָט זי אונדז געגעבן צו פאַרשטיין אַף פּויליש, אַז יידן זײַנען שעדלעכע מיקראָבן און מע דאַרף זיי אויסראָטן פון קליין ביז גרויס.

מיר זײַנען אַוועק יעדערער צו זײַן אַרבעט.

12 דעקאַבער. איך ווייס שוין פאַרוואָס מע האָט אויפגעהאַנגען דעם פּראָפעסאָר לאַנדע. דער טאַטע האָט באַגעגנט יסראָעל שאַפּיראָ פון יודנראַט, האָט יענער אים אַזוי דערציילט: אייערנעכטן האָט דער הער שטומפּפע אַרויסגערופן צו זיך דעם פאָרזיצער פון יודנראַט און געפאָדערט, די יידן זאָלן ווידער געבן גאָלד. דאַן איז צו אים אַוועק דער פּראָפעסאָר לאַנדע. לאַנדע, ווײַזט זיך אַרויס, איז אַ דײַטשישער ייד. ער האָט זיך געלערנט מיטן הער שטומפּפע אין איין גימנאַזיע. כאַווייירים געווען. נו, איז לאַנדע אַוועק צו אים. מיסטאָמע האָט ער געטראַכט, אים וועט שטומפּפע גלייבן, אַז מיר האָבן ניט קיין גאָלד, האָט מען דעם פּראָפעסאָר לאַנדע אויפגעהאַנגען. און גאָלד פאָדערט מען באַ אונדז אַלציינס, און מע רעדט, אַז עס גרייט זיך אַ גרויסע אַקציע, אויב דאָס גאָלד וועט ניט צוגעשטעלט ווערן. איך טראַכט די גאַנצע צײַט, ווי קאָן דאָס זײַן, אַז פּראָפעסאָר לאַנדע און הער שטומפּפע האָבן זיך געהאַט געלערנט אין איין גימנאַזיע, עפּשער אַף איין באַנק געזעסן, ווי איך מיט מײַן כאַווער לויטער, אַף די האַפּסאָקעס מיט די פּרישטיקן זיך געטיילט? און איצט, ווען זיי זײַנען געוואָרן גרויסע, האָט שטומפּפע אויפגעהאַנגען לאַנדען.

דערווײַל לויפן אַרום די אָנגעשטעלטע פון יודנראַט איבער דער געטאָ און זוכן גאָלד. לייזער באַראָוואַי איז אַרײַנגעפלויגן צו דער בעקערקע זעלדע, אויפגעריסן די ברעטער פון דיל, פאַנאַנדערגעטרענט די קישנס. רעפאָעל גרין, פּאַרקערט, רעדט אײַן מיט גוטן. באַ אונדז איז ער אויך געווען. מיר זאָלן ראַכמאָנעס האָבן אַף זיך אַליין, זאָגט ער, און אָפּגעבן דאָס גאָלד, אויב ניט, וועט מען אונדז אַלעמען אויסקוילענען. מיר ווילט זיך לאַכן פון דעם, וואָס ער רעדט אַזעלכע נאַרישקײַטן. ער זעט דען ניט, ווי אָפּגעריסן און ווי הונגעריק מיר זײַנען? רעדט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. אַ קאָל איז באַ אים אַ קוויטשעדיקס, און זײַן שפּיציק בערדל ציטערט קעסיידער... ער טײַנעט לאַנג. האָב איך צײַט צוקוקן זיך צו אים,

ווילט זיך שוין ניט לאכן. זײַן פּנים איז אויסגעדארט, ווי בײַ יעדערן פון אונדז. און אליין איז ער אזא אלטיטשקער. האָב איך גאָר אָפּ אים ראכמאָנעס.

אונדזער שכיינע ריקל פארמאָגט איר אייגנס א קלייניניק קדושן־רינגל. זי זאָגט אליין, אז ס'איז פון ריינעם גאָלד, 84־טע פּראָבע. האָט זיך עס אזוי אײַנגעגעסן אינעם פינגער, אז עס זעט זיך קימאט ניט אָן. די הענט זײַנען בײַ ריקלען געשוואָלן, ווײַל זי האָט א הארץ־פעלער. ברעכט זי זיך די געשוואָלענע פינגער און בעט זיך: „ייִדן, לערנט מיך אויס, ווי־אזוי אראָפּצוּציִען דאָס רינגל? זיי ווערן עס דאָך בײַ מיר אראָפּנעמען צוזאמען מיטן פינגער, אויב ניט מיט דער גאנצער האנט".

שאפּיראָ איז אויך געקומען צו אונדז נאָך גאָלד, נאָר דער איז גאָר אַן אנדער מענטש. ריקלען האָט ער אזוי געזאָגט: „ווער האלט עס הײַנטיקע צײַטן פון איבנוף אזעלכע זאכן? נו, גוט, כ'וועל אײַך צושיקן א מענטשן, וואָס וועט אײַך איבערזעגן דאָס רינגעלע, און מע וועט עס מוזן אָפּגעבן. פארפאלן". ער האָט זי אָנגענומען פאר דער האנט און צוגעפירט צום פענצטער. „ס'איז טאקע א גאָלדנס?" — האָט ער זיך קלוימערשט געכי־דעשט, נאָר איך האָב אליין געהערט, ווי אינדערשטיל האָט ער איר געזאָגט: „אויב בײַ אײַך האָט זיך נאָך וואָס פארהיט פון די גוטע צײַטן, טאָ פארשטעקט עס וואָס ווײַטער. עס וועלן זיך געפינען בילכערע ווערמען אָפּצוגעבן".

14 דעקאבער. איך האָב געזאָגט דעם טאטן, מיר זאָלן אנטלויפן. זאָגט דער טאטע, אז זאלבענאנד טויג ניט. „וועגן מיר זאָרג זיך ניט, כ'וואָלט געוועזן גליקלעך, ווען איך ווייס, אז כאָטש איינס פון מײַנע קינדער וועט בלײַבן צווישן די לעבעדיקע". דער טאטע קוקט אָפּ מיר אזוי אומעטיק, אז ס'כאפּט מיך אָן באַם הארצן. ער וויל זיך מיט מיר ניט שיידן און וויל ניט, איך זאָל בלײַבן אין געטאָ. פון מײַן ברודערל האָבן מיר א שלעכטן גרוס. מע האָט אים געפונען. מע זאָגט, עמעס, אז איינע א פויערטע האָט געזען, ווי ער האָט זיך ארויסגעריסן פון דער האנט פונעם פּאָליצײַ, וואָס האָט אים פארנומען, און איז אנטלאָפן. נאָר צי איז עס טאקע אזוי און וווהין איז ער דערנאָך הינגעקומען, אויב ער האָט זיך אפילע ארויסגעריסן פונעם פּאָליצײַ, ווייסן מיר ניט. אייערנעכטן איז עס געוועזן, ווען דער טאטע איז געגאנגען פון דער ארבעט, האָט זיך זאָשע צוגעשארט צו דער קאָלאָנע און ארײַנגערוקט דעם טאטן א צעטעלע. דער טאטע איז אויסער־זיך, נאָר איך בין קימאט ווי זיכער, אז מײַן ברודערל לעבט. איך גרויס זיך מיט דעם, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן מיט א נאָז דעם פּאָליצײַ. דאָס האָב איך אים אזוי געלערנט, אז ווו און ווי־אזוי ער זאָל ניט דורכפאלן, זאָל ער לויפן. ער איז לײַכט און פלינק, מײַן ברודערל, אין דער היים האָט מען אים גערופן „דריידל": „דריידל, וועסט עפּשער א מינוט ניט דרייען זיך פאר די אויגן?" — אזוי פלעגט אין גוטן מוט אָפּ אים אָנשרײַען די מאמע".

דער טאבורעט אונטער פּאשקען האָט אויסגעסקריפּעט א גאנצע מעלאָדיע. איך האָב אים צעשטרייט אָנגעקוקט און ווידער פארטיפט זיך

אינעם לייענען. א ווונדער, וואָס עס סקריפּעט דער טאַבורעט... בא מיר סקריפּען שוין אלע ביינער.

„20 דעקאבער. איך מוז פונדאַנען אַנטלויפן. פאַרוואָס זאָל איך דאָ זיצן און וואַרטן אפן טויט? איך וויל ניט. איך וויל לעבן. איך בין דאָך עלטער און שטאַרקער פון מײַן ברודערל, איז פאַרוואָס זאָל איך ניט פּרוּוון אַנטלויפן? עס זאָל זיך נאָר מאַכן א געלעגנהײַט. נאָר ווי לאָזט מען דאָ איבער דעם טאַטן? „זאַלבענאַנד, זאָגט ער, טויג ניט". איז עפּשער האָפט ער אליין אויך ווי־ניט־איז אַרויסקריגן זיך פונדאַנען. נאָר וויאַזוי?.."

ווידער אַן איבעררײַס אינעם טאָגבוך. פּאַשקע זיצט, אונטערגעשפּאַרט מיט דער רעכטער האַנט דעם קאָפּ און קוקט נאָך אינדערשטיל, וויאַזוי איך גלײַך אויס די פּאַפּירלעך, זוך די נאָענטסטע דאַטע. אָט...

„29 פעווראַל. דעם זיבעצעטן פעווראַל בין איך אַנטלאָפן פון געטאָ. דרײַ מעסלעס נאָכאַנאַנד איז געפאַלן א געדיכטער שניי, האָט מען אַוועק־געשיקט א פּאַרטיע ייִדן אָפּרייניקן די צענטראַלע גאַסן פון שטאָט. דער טאַטע איז אין דער פּאַרטיע ניט געווען. און איך בין געווען. מיר האָבן אַלע פלינק אָרודעוועט מיט די לאָפּעטעס, נאָר וואָס איז די פּולע? דער שניי פאַלט אַלץ און פאַלט, דרייט זיך און דרייט... ס'איז געווען נאָך זייער פרי. ווו־ניט־ווו גייט ערגעץ דורך א מענטש. נאָר לעבן דעם טויער, ווו איך שטיי, הייבט זיך ביסלעכווײַז אָן א באַוועגונג. אין דער שניי־זאַווייע טראָגן זיך אין אײַלעניש מענטשלעכע פיגורן, ווער אַהין, ווער אַהער. „ס'איז א דורכגאַנג־הויף" — האָב איך זיך געכאַפּט. אַרומגעקוקט זיך. די לאַסט־מאַשין, אף וועלכער מיר האָבן געלאָדן דעם שניי, האָט מיך פאַר־שטעלט פונעם אופזעער. אַזוי וועט דאָך אָבער אייביק ניט זײַן. מע קאָן אונדז באַלד ביכלאַל אַוועקטרײַבן ערגעץ ווײַטער. איך האָב גענומען פּאַוואָלינקע אָפּגיין אָן א זײַט. די לאָפּעטע דערווײַל ניט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט, קעדיי מע זאָל ניט אַזוי גיך זיך אַרומזען, אַז עס פעלט א מענטש. איך האָב זיך אַרײַנגעשאַרט אינעם טויער און דאָ ערשט באַשטאַט די לאָפּעטע לעבן מיסטקאַסטן אין ווינקל. איך האָב אַראָפּגעריסן די געלע לאַטעס פון פאָרנט און פון הינטן (צום גליק איז אין אָט די געציילטע רעגעס קיינער ניט פאַרבײַגעגאַנגען) און מיט רויִקע טריט אַוועק אין דער טיף פונעם טויער און ווירקלעך אַרויסגעקומען אף אַן אַנדער גאַס.

פריִער נאָך, ווען איך האָב ערשט פאַרטראַכט צו אַנטלויפן, האָב איך בא זיך אָפּגעמאַכט צו פאַרשטעלן זיך פאַר א טאַם. איך בין א וווּקסיקער און זייער א געזונטער. בא אונדז אין שטוב זײַנען אַלע וווּקסיקע און געזונטע. איך קען טאָן אַלץ, וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן. קיין שום אַרבעט איז מיר ניט שווער. וועל איך דאָ א פורל האָלץ צעהאַקן, דאָרט א ברונעם צי א שטאָל אויסרייניקן, א דיל איבערלייגן, א שטוב אויסקאַלכן... זאָל איך זיך נאָר אַרויסקריגן פונדאַנען אין א דאָרף אַרײַן. דאָרפסלײַט, זאָגט מײַן טאַטע, זײַנען ביכלאַל בעסער פון די שטאָטישע. אויב מע וועט מיך פרעגן,

ווער איך בין, וועל איך זאָגן: „אַ טאַטער — אַ יאַסעם". אַזוי איז אָבער גוט געווען צו טראַכטן דאָרט, אין געטאָ. אָבער דאָ האָב איך זיך פּלוצלינג דערזען אַף אַ ברייטער שטאָטישער גאַס, און וווּהין צו גיין, ווייס איך ניט. בין איך פון שרעק אַזש שטיין געבליבן. און באַלד אַ זאָג געטאָן צו זיך: „פּאַכדן, וועסט דאָ באַלד אַרײַנפאַלן, ווי אַ האָן אין טאָפּ אַרײַן. גיי, וועסטו ערגעץ דערגיין". האָב איך זיך אויסגעגלײַכט און בין אַוועק, ווי יעדער איינער מענטש, וועלכער ווייסט, וואָס ער האָט צו טאָן. און ווידער, די שניי־זאַווייע... עס דרייט אַזוי, אַז מע זעט גאָרנישט דרײַ טריט פאַר זיך. אַלע גייען אײַנגעהויקערט, מיט אויפגעשטעלטע קאָלנערס. מע קליגט זיך אונטערשטעלן דעם ווינט ווער אַ זײַט, ווער אַ רוקן, אַבי ניט דאָס פּאָנעם. איז ווען קאָן אין אַזאַ טאָג אײַנפאַלן צוקוקן זיך, ווער עס גייט איבער דער גאַס — אַ פּאָליאַק, אַ ייִד, אַ טערק... אַבי איבערקומען די צײַט ביז פרילינג, דערנאָך וועל איך זיך עפּשער צושלאָגן אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. און ווי איך גיי און טראַכט מיר אַזוי, דערהער איך פּלוצעם: „קוקט אים נאָר אָן, אַ זשידיאָנאָק!" אַנטקעגן מיר שטייט איינער, אַ ברייטער, ווי אַ וואַנט, אין אַ קורץ פּעלצל. אויסמײַדן אים איז ניט שײַעך. האָב איך געמאַכט אַ טראָט גלײַך צו אים, און איידער ער האָט באַוויזן אַ ריר צו טאָן מיט אַ פינגער, האָב איך אים אַ זעץ געטאָן מיט דעם רעכטן פוס אונטערן בויך און געלאָזט זיך לויפן. „האַלט אים! כאַפּט! — הער איך שרײַען. — אַ זשידיאָנאָק!" איך לויף, און אַלע שטיבער לויפן מיר נאָך, אַלע ביימער, אַלע פּלויטן, און פײַפן און קוילעס לויפן מיר נאָך: „האַלט אים! כאַפּט אים!" איך פאַרטײַע זיך אַ ווײַלע הינטער אַ וואַנט פון אַ צעבאָמבירט הויז. לויפן האָב איך מער ניט געקענט. ווער עס יאָגט זיך נאָך מיר, האָב איך שוין ניט געזען. איז עפּשער זעען זיי מיך אויך ניט? מיטאַמאָל דערהער איך: „אָט אַהער, אַהער האָט ער פאַרקערעוועט. כ'האָב אַליין געזען! אַרום! אַרום! רינגלט אַרום דאָס הויז!" און אַ פרוי שרײַט: „אַנטיכריסטן, וואָס האָט איר צום קינד?" איך פאַרשטיי, אַז עפּעס אַן אַלטיטשקע שרײַט עס. פּונקט ווי זי וואָלט מיר אונטערגעזאָגט, ווי אַזוי צו ראַטעווען זיך, האָב איך זיך אָפּגעריסן פון דער וואַנט, מיט די לעצטע קויכעס אַ יאָג געטאָן זיך און אַראָפּגעפלויגן ערגעץ אין דער נידער. די ערשטע רגע האָב איך גאָרנישט ניט געהערט. איך האָב נאָר געפילט אַ ווילדן ווייטעק אין דער רעכטער קני. איך האָב זי ווי־ניט־איז אײַנדערפינצטער אײַנגעמאָסטעט און ווען דעם ווייטעק פאַרגעסן. איך האָב ווידער דערהערט פײַפן און געשרייען און טופּענדיקע פיס ערגעץ נאָענט פון מיר. מיטאַמאָל איז שטיל געוואָרן.

איך בין לאַנג געזעסן און צוגעהערט זיך דאָ צום ווייטעק אין דער קני, דאָ צו דער גאַס. די קני טוט ווי וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער, נאָר אַף דער גאַס איז שטיל. איך נעם טאַפּן אַרום זיך. עפּעס אַ גרוב. עפּשער איז דאָ פריִער געווען אַ קעלער, נאָר איצט ניט קיין טרעפּ, ניט קיין לייטער... איך טאַפּ און טאַפּ אַרום זיך, שאַר זיך אַ ביסל איבער דער ערד און טאַפּ אָן אַ ראָגוזשע, איינע און נאָך איינע, אַ גאַנצע קופּע שטרויענע ראָגוזשעס. האָב איך זיך אַרומגעוויקלט מיט די ראָגוזשעס, דעריקער די קראַנקע קני, און אַ דערוואַרעמטער שטאַרק אײַנגעשלאָפן. אויפגעכאַפּט

האָב איך זיך פון קעלט. איך האָב נישט געוואָלט ניט עסן, ניט טרינקען, נאָר ווארעם זאָל מיר זײַן. און איך זאָל אזוי ניט ציטערן, און עס זאָל אזוי הילכיק ניט קלאפּן בא מיר א צאָן אָן א צאָן. מיר האָט געדוכט, אז דאָרט, אין דרויסן, הערט מען, ווי עס קלאפּן בא מיר די ציין. איך האָב ניט געוווּסט, צי ס׳איז טאָג, צי ס׳איז נאכט, און דאָך גענומען קלעטערן אין דער הייך. געקלעטערט און געפאלן. ווידער און ווידער צעשלאָגן די קראנקע קני. סאָפּקאָלסאָף האָב איך מיט גרויס מאטערניש ארויסגעהויבן זיך אין דער הייך. אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער. וווּהין צו גיין ווייס איך ניט. א פרעמדע שטאָט. איך הינק און הינק, באהאלט זיך פאר יעדן פארבײַגייענדיקן, שפּעטער — פאר די אָוונט־פּאטרולן. און מער פון אלץ האָב איך מוירע, אז איך וועל אין ערגעץ ניט דערגיין און פארפרוירן ווערן אף דער גאס. דעם וועג צו מײַן באהעלטעניש, פון וועלכער איך בין דאָ ניט לאנג ארויס, וואָלט איך שוין אויך ניט געפונען. און דאָ בענקט זיך אזוי נאָכן טאטן... ווי האָב איך דאָס געקאָנט אוועקגיין אָן דעם טאטן? איך ווייס אליין ניט, ווי־אזוי דאָס איז מיט מיר געשען, עפּשער דערפאר וואָס דער פוס האָט מיר שטארק וויי געטאָן, נאָר איך פיל, אז עס קײַקלען זיך מיר טרערן פון די אויגן און ווערן פארפראָרן אף די באקן. נאָר ניט בלײַבן ליגן דאָ אין גאס, טראכט איך. איך וויל נאָך איין מאָל זען דעם טאטן, און דערנאָך זאָל שוין זײַן וואָס ס׳וועט זײַן. איך הינק און הינק, און מיטאמאָל אף מײַן וועג — א שטעכדראָט. א פרייד האָט מיך ארומגע־כאפּט. די היים איז נאָענט. איך מוז בײַקומען דעם שטעכדראָט. און אָט בין איך שוין אין געטאָ. דאָ קען איך יעדעס ווינקעלע. איך האָב זיך געפונען לעבן א קליין געסל אין דער קעגנזײַטיקער זײַט פונעם טויער. ס׳איז געווען פינצטער און שטיל. עס האָט זיך גאָר ניט געגלייבט, אז דאָ נאָענט געפינען זיך לעבעדיקע מענטשן. איין לעבעדיקן מענטשן האָב איך אָבער באלד דערהערט. רעכטס פון מיר האָט אונטערגעטאנצט א פּאטרול, געקלאפּט א שטיוול אָן א שטיוול, קעדיי צו דערווארעמען זיך. האָב איך אָפּגעפּויזעט איבערן שניי עטוואָס אף לינקס, גענומען באטאפּן דאָס דראָט. און דערטאפּט. אין איין אָרט איז עס געווען עטוואָס אָפּגעצויגן. האָב איך עס נאָך מער צעגומען און אף אלע פיר דורכגעקראָכן אף יענער זײַט. צוגעפּויזעט צו אונדזער שטוב, אָנגערירט די קליאמקע פון טיר, נאָר אָנקלאפּן האָב איך שוין קיין קויעך ניט. ווי פון זיך אליין האָט זיך די טיר געעפנט, און דער טאטע האָט מיך אריבערגעשלעפּט אריבער דער שוועל. גאָרנישט געזאָגט, גאָרנישט געפרעגט. ארויס אין דרויסן, געבראכט א שיסל שניי און אינדערפינצטער גענומען אײַנרײַבן מיר דאָס פּאָנעם, די הענט, די פיס. און ווען דער טאטע האָט מיך אזוי אײַנגעריבן, האָב איך שוין געדרעמלט. איך געדענק אפילע ניט, ווען ער האָט אופגעהערט מיך צו רײַבן און ווען בין איך אײַנגעשלאָפן. איך בין זייער שטארק געשלאָפן, און א כאָלעם האָט זיך מיר געכאָלעמט. א גאנצע נאכט האָט ער זיך מיר געכאָלעמט, און עפּשער דוכט זיך מיר עס, אז א גאנצע נאכט. מיר האָט זיך געכאָלעמט, אז איך בין נאָך גאָר א קלייניקער. איך ליג אין א וויגעלע, און עמעצער וויגט מיך קעסיידער. איך ווייס נאָר ניט ווער, צי מײַן טאטע, צי דעם מוליערס ווײַב לייע. און א קני טוט מיר

ווי אזוי, אז עס ווילט זיך אזש שרײַען. אָבער די קני טוט ווי ניט מיר, נאָר מײַן ברודערל. איך האָב אַף אים זייער ראכמאָנעס. ניט איך, נאָר ער איז דאָס גאָר אזא קלייבינקער און אים וויגט מען עס אין דעם וויגעלע.

אינדערפרי בין איך אוועק אַף דער ארבעט. ווידער רייניקן די גאסן, ווײַל דער שניי האָט געדרייט פונקט ווי נעכטן. איך בין געגאנגען צום טויער צווישן דעם טאטן און ריסקינען. זיי האָבן מיך פארשטעלט פון ביידע זײַטן, קיינער זאָל ניט זען, אז איך הינק. איך בין ארויס פונעם געטאָ־טויער. די שטאָט איז געווען אזא ווי געווען. פון נעכטן אָן האָט זיך גאָרנישט געביטן.

4 מארט. אלציינס וועל איך אנטלויפן. יענע וואָך האָט מען פון געטאָ ארויסגעפירט א סאך מענטשן. מע רעדט אינדערשטיל, אז די אלע, וואָס מע פירט ארויס פון געטאָ, דערשטיקט מען ערגעץ מיט גאזן. איצטער איז גרינגער צו אנטלויפן, ווי ווינטער. פארפראָרן וועסטו שוין ניט ווערן. עפשער וועט מיר יִסראָעל שאפּיראָ מיט עפּעס באהילפיק זײַן. איך וויל זיך מיט אים אָן אייצע האלטן. מיר דוכט, אז שאפּיראָ ווייסט עפּעס אזוינס, וואָס מער קיינער ווייסט דאָס ניט. עפשער ווייסט ער אפילע, ווו עס געפינען זיך די פארטיזאנער. נאָר אויב אזוי, איז פארוואָס פירט ער ניט ארויס פון דער געטאָ זײַן ווײַב מאלקעלע?

מאלקעלען קען איך פון לאנג. זי איז פון אונדזער שטעטל. בא אונדז האָט מען זי גערופן „מאלקעלע די שיינע", ווײַל זי איז זייער א שיינע. איך וואָלט געקאָנט קוקן אַף איר א גאנצן טאָג און מיר זאָל גאָר ניט דערעסן ווערן. בא קיינעם אין דער וועלט זײַנען ניטאָ אזעלכע גרויסע אויגן, ווי בא מאלקעלען. איך האָב קיינמאָל ניט געזען, אויגן זאָלן אזוי גלאנצן און קעסיידער זאָלן זיי שמייכלען. דאָס מויל איז ערנסט, און די אויגן שמייכלען. איצט שמייכלען שוין בא איר די אויגן אויך ניט, נאָר אלציינס איז זי זייער א שיינע. נעכטן האָט זי מיר מיט די אייגענע הענט געגעבן בלעטלעך צו פארשפרייטן. איך זאָל זיי אונטערוואַרפן, ווו נאָר סע לאָזט זיך. און כ'זאָל זײַן געהיט, האָט זי מיר פארזאָגט, ניט קריכן אַף די גלײַכע וועגט, ניט שטעלן דאָס לעבן אין געפאר. נאָר אָן יינגלשע שטיק, האָט זי מיר פארזאָגט. איך זאָל געדענקען, אז מע האָט מיר פארטרויט אזא וויכטיקע ארבעט, הייסט עס, אז מע האלט מיך פאר אָן ערנסטן מענטשן. איך האָב זיך צוגעהערט צו מאלקעלעס רייד, און ס'איז מיר געווען אי גוט, אי אומרויִק אַף דער נעשאָמע. אוי, ווען איך קען זי ראטעווען. די שיינע מאלקעלע!

7 מארט. דאָס איז געווען אייערנעכטן. מיר האָבן געארבעט דרײַ קילאָ־מעטער הינטער דער שטאָט אפּן טאָרף. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט, האָבן מיר געטראָפן בא דעם געטאָ־טויער א גאנצע באנדע פּאָליצײַען אין פּאראַדנע מונדירן. באזוכט האָט מען אונדז דאָס מאָל זייער אויבנופיק, דורכגעלאָזט שווײַגנדיק, אָן קלעפּ און זידלערײַען. אויסגעמיטן די וואָך, לאָזט זיך יעדערער לויפן צו זײַן שטוב. מאָדנע שטיל איז אין די געטאָ־געסלעך. איך לויף פונקט ווי אלע, כאָטש דער טאטע איז מיט מיר און מער האָב איך דאָ קיינעם ניט. דער ערשטער לעבעדיקער מענטש, וועלכן מיר דערזעען דאָ, איז ריסקינס ווײַב לייע. צום ערשטן האָב איך דערזען איר

קאָפּטיכל און דערנאָך ערשט זי אַליין. א קאָנטיק טיכל בא לייען, אין שווארצע און גרויע קעסטעלעך. ניט נאָר איך, אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געבומען קוקן אַף לייעס קאָפּטיכל. עס הענגט אַפן קאַשטאַן־ביימל בא אונדז אין הויף און פלאַשקעט זיך אַפן ווינט, ווי א פאַנע. ריסקין האָט זיך א ריס געטאָן פון אָרט, און מיר נאָך אים. און דאָ ערשט האָבן אַלע דערזען לייען. מיר זעען זי, און זי אונדז, דאכט זיך, ניט. זי זיצט אינמיטן הויף אַף דער ערד אין א קרײַז פון פעדערן. זיצט און טײַנעט: „קינדערלעך מײַנע, אויצער מײַנער, וואָס טויג מיר איצט דאָס לעבן, אז איר זײַט מיט מיר ניטאָ". און אזוי קעסיידער, אַלץ די זעלבע ווערטער, ווי זי וואָלט אַלע אנדערע ווערטער גאָר פארגעסן.

ריסקין האָט זיך אַראָפּגעלאָזט לעבן איר אַף דער ערד, און פון זײַן מויל האָבן זיך גענומען רײַסן אזוינע קלאַנגען, ווי ער וואָלט זיך מיט עפּעס געוואָרגן. איך האָב דערפילט, אז בא מיר שטייט אויך א ביין אין האלדז. אָט־אָט ווער איך דערשטיקט. איך האַלט זיך קוים אײַן ניט צו שרײַען. איך האָב קיינמאָל ניט געזען ווייגען א מאנצבל, דערצו נאָך אזא פריילעכן, ווי ריסקין, אזא גרויסן, מיט אזעלכע שטאַרקע הענט. לייע קוקט אַף אים ניט. זי ציט ווײַטער איר ניגן: „קינדערלעך מײַנע, אויצער מײַנער..."

8 מאַרט. בייס דער נעכטיקער אקציע זײַנען אומגעקומען אויך יזיסראָעל שאפּיראָ און זײַן ווײַב, די שיינע מאַלקעלע. זיי האָבן ניט געוואָלט אָפּ־געבן די דײַטשן זייער שלוימעלע. לאנג געווערט זיך. דרײַ דײַטשן אוועק־געלייגט טויט. מיט די לעצטע צוויי קוילן דערשאָסן זיך אַליין.

9 מאַרט. איך האָב זיך אופגעכאַפּט אינמיטן נאכט. צי עפּעס האָט זיך מיר געכאָלעמט, צי כ'האָב זיך אין שלאָף פאַר עפּעס דערשראָקן. איך האָב זיך אונטערגעהויבן אַפן עלנבויגן און דערזען: אַפן פענצטער זיצט עמעצער אין ווײַסן. ווי נאָר כ'האָב זיך אונטערגעהויבן, האָט מיך די ווײַסע פיגור מיט א פינגער א רוף געטאָן צו זיך. איך האָב זיך צוגעקוקט. דאָס איז געווען לייע. איך האָב זיך אריבערגעקײַקלט איבער אונדזער שכיינע ריקל (בא אונדז אין שטעטל האָט מען זי גערופן ריקל מיט די גוידערס. די גוידערס זײַנען פאַרבליבן, נאָר פוסטע. א גרײַפּלדיקער האלדז מיט א וואָליע, ווי בא א הון), דערנאָך איבער איר טאָכטער ביילקע. ווען איך האָב זיך דערקליבן צום פענצטער, האָט לייע מיך שטײַף אָנגעכאַפּט פאַרן קאָלנער פונעם העמד און גענומען שעפּטשען:

— יויליק, זעסט, אָט בא יענער שטוב, בא דער וואַנט, קוק זיך נאָר צו, דאָרט שטייט מײַן מירעלע. א פינגערל האָט זי זיך, נעבעך, אײַנגעשניטן, קוק זיך צו, בלוט קאַפּעט, בלוט. איך קאָן דאָס ניט צוזען. נו, גיי שוין, ברענג זי גיכער אהער.

איך קוק אין פענצטער. נאָר שטיבלעך זע איך פאַר זיך און א קײַלעכ־דיקע לעוואָנע איבער זיי.

— מומע לייע, גייט שלאָפן, — זאָג איך, — ס'האָט זיך אײַך אויסגע־דאכט.

זי האָט מיר דערלאנגט א שטאַרקן זעץ אין ברוסט. איך בין אריבערגע־פלויגן איבער עטלעכע שלאָפנדיקע. „הא, וואָס איז דאָרט?" — האָט עמע־צער דערשראָקן אויסגעשריגן.

לייע איז אראָפּגעשפּרונגען פון פענצטער און גענומען גוואַלדעווען מיט ווילדע קוילעס:

— הא, וואָס איז דאָרט... איר ווייסט ניט, וואָס דאָרט איז? פאַרוואָס האָט איר צוגענומען מײַנע קינדער? — און זי נעמט אונדז אַלעמען שעלטן. זי מיינט, קענטיק, אַז דאָ זײַנען דײַטשן, און מיר האָבן דאָס בא איר צוגענומען די קינדער. — אַז דערוואָרגן זאָלט איר ווערן מיט זייער בלוט. ביז אײַער פּגירע זאָל עס אײַך שטיקן און ווערגן. זאָל שטום ווערן אײַער צונג, ווײַל נאָר שלעכטס האָט זי גערעדט. זאָלן אײַך אָפּדאַרן די הענט, ווײַל נאָר אַף פרעמדן גוטס האָבן זיי זיך געקוואַפּעט.

אָט אַזוי האָט לייע געשריִען און געשאָטן מיט קלאָלעס. איך געדענק שוין ניט אַלץ, וואָס זי האָט געשריִען. און קיין פּאַפּיר סטײַעט מיר אויך ניט. דערנאָך האָט לייע געזונגען און געטאַנצט. קיינער איז שוין ניט געשלאָפן. „שטילער, — האָט מען זיך בא איר געבעטן, — איר וועט אונדז אַלעמען אומגליקלעך מאַכן״. ריסקין האָט געהאַלטן דאָס ווײַב פאַר די אַקסלען, געוואָלט אײַנשטילן זי מיט גוטן. נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן. מע האָט לייען געבונדן די הענט און די פיס. דאָס מויל איר פאַרשטאָפּן האָט ריסקין ניט געלאָזט. ער האָט עס איר פאַרשטעלט מיט זײַן ברייטער דלאָניע. ביסלעכווײַז האָט זיך לייע באַרויִקט און איז אײַנגעשלאָפן. פאַרטאָג האָט זי ריסקין פאַנאַנדערגעבונדן. זייער א שטילע, נאָך א שטילערע, ווי געוויינלעך, האָט זי זיך אינדערפרי געשטעלט אין דער קאָלאָנע.

10 מאַרט. באַנאַכט האָט זיך לייע אַרויסגעגאַנוועט פון שטוב. אינדערפרי האָט מען זי געפונען א דערשאָסענע. בא יענער וואַנט, אַף וועלכער זי האָט מיר געוויזן, אַז דאָרט שטייט איר מירעלע.

17 מאַרט. מיר זײַנען אַריבער אין שאַפּיראָס צימער. ריסקין איז מיט אונדז. דאָס אייוועלע, וואָס שטייט אין דעם צימער איז אויך זײַן אַרבעט. דאָס האָב איך אויך פריִער געוווּסט. איך האָב נאָר ניט געוווּסט, אַז דאָס אייוועלע איז ניט קיין געוויינלעכס. ווילסטו, ברענט אין דעם א פײַער, אַבי עס זאָל זײַן מיט וואָס צו הייצן, ווילסטו, קאָנסטו דאָס פײַער פאַרלעשן, אַרויסנעמען פונעם אייוועלע עטלעכע ציגל און אַראָפּלאָזן זיך דורך דער לאָך אין א קעלער. אין דעם דאָזיקן קעלער האָבן עס טאַקע יִיסראָעל שאַפּיראָ און זײַן ווײַב מאַלקעלע די שיינע געדרוקט די בלעטלעך. מאַלקעלע אַליין האָט מיר זיי געגעבן צו פאַרשפּרייטן און געקוקט אַף מיר מיט אירע שיינע אויגן. ריסקין שיט שוין מער ניט מיט קיין ווערטלעך. אויס מיטן פריילעכן ריסקין. ער שווײַגט, פּונקט ווי פריִער זײַן ווײַב.

דער טאַטע האָט מיך געפרעגט, וואָס שרײַב איך עס קעסיידער, האָב איך אים אַלץ איבערגעלייענט. נאָר וועגן מאַלקעלען דער שיינער דורכגעלאָזט. וועגן איר האָב איך זיך געשעמט צו לייענען דעם טאַטן״.

נאָך היפּש פּאַפּירלעך פאַר מיר אַפן טיש. איך וואָלט געוואָלט דאָ ווידער אײַנשטעלן א סיידער. גיט מיר אָבער א שפּרונג אין די אויגן א פּאַפּירל אָן א דאַטע. גרויסע קרומע אויסיעס מיט א פאַרביקן בלײַער געשריבן. עס גיט מיך א צי צו דעם דאָזיקן פּאַפּירל, און איך לייען עס שוין פונדערווײַטן, נאָך איידער מײַן האַנט טראָגט עס צו צו די אויגן. בוכשטאַבן געשפּאָלטענע,

צעצוויטע. דאָס רויטע קריכט אַפֿן בלויען. ווײַזט אויס, אַ צעבראָכענער בלײַער געווען. און עפּשער צעצוויט זיך דאָס געשריבענע באַ מיר אין די אויגן? איך לייען לאַנגזאַם, וואָרט באַ וואָרט. איך וואָלט גערנער געלייענט נאָר פֿאַר זיך. ווי ברענגט מען אַזעלכעס אַרויס מיט אַ מענטשלעך קאָל? נאָר באַ מײַן זײַט זיצט פּאַשקע... לייען איך.

„איך, יויעל שאַבאַד, האָב פֿאַרן טויט פֿאַרשריבן די דאָזיקע שורעס. מע האָט אונדזן געפֿירט קיין טרעבלינקע. דער טאַטע מיט נאָך אַ ייִדן האָבן מיך אין גאַנג פֿונעם צוג אַרויסגעוואָרפֿן פֿון וואַגאָן. אין מיר איז קיין איין גאַנצער אייווער ניטאָ". אַ קליינע צושריפֿט אַף פּויליש: „אויב מײַן טאָגבוך וועט אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון ניט קיין ייִד, טאָ זאָל ער געדענקען, אַז אין אַ צײַט, ווען מע האַרגעט אויס פֿעלקער, איז הײַנט מיך, מאָרגן דיך. פֿאַרהיט, זאָלן מענטשן וויסן..."

איך בלײַב זיצן שטיל. מײַנע הענט ציִען זיך ניט צו די פֿאַרבליבענע, נאָך ניט איבערגעלייענטע פּאַפּירלעך. מײַן קאָל איז אויסגעלאָשן געוואָרן. שטיל איז באַ אונדז אין שטיבל, שטיל איז הינטערן פֿענצטער אינעם פּוסטן פּוילישן דאָרף. דערפֿאַר מיסטאָמע האָב איך אַזוי אויפֿגעציטערט, ווען פּאַשקע האָט מיט אַ טראַסק אָפּגערוקט זײַן בענקל און מיט ברייטע מאַנצבלשע טריט אַוועקגעשפּאַנט איבערן צימער. איך קוק אים נאָך און שווײַג. און ער שפּאַנט אַלץ, די הענט אין די קעשענעס, און דאָס צימער איז קליין פֿאַר זײַנע טריט. מיטאַמאָל דערזע איך אים פֿון דער פּלייצע. ער שטייט אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צום פֿענצטער און קוקט אין דער פֿינצטערניש אַרײַן. זײַן שטערן נייגט זיך אַלץ נעענטער צו דער שויב, דער רעכטער אַקסל גיט אַ ציטער, איך פֿיל, אַז זײַן האַלדז האָט עפּעס אַ שלונג געטאָן. איך ווייס שוין אַף זיכער, אַז ער קוקט גאָר אין ערגעץ ניט, פּאַשקע. ער באַהאַלט אויס פֿון מיר זײַן פּאָנעם. „איך, יויעל שאַבאַד..."—גיט זיך אַ דריי באַ מיר אין מויעך. איך הייב זיך שווער אויף פֿון מײַן אָרט, און אָט שטיי איך שוין לעבן פּאַשקען און פֿרעג אים שטיל, אָן קיין שום באַהעלטעניש:

— ס'איז ער, יאָ? ס'איז דײַן עלטערער ברודער?

— ער,— ענטפֿערט פּאַשקע, שטייענדיק צו מיר מיט דער פּלייצע.

ווען פּאַשקע דרייט זיך ענדלעך אויס צו מיר און הייבט אַף מיר אויף זײַנע פֿאַרשוואָלענע אויגן, דערזע איך, אַז דעם צאַר האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אָפּצווישן פֿון זײַן פּאָנעם די ייִנגלשע פֿרישקײַט, און דאָס טשוביקל איבערן שטערן זעט אויך איצט אויס ווויליונגעריש. מיר ווילט זיך אים זאָגן... אַ סאַך גוטע ווערטער וואָלט איך געוואָלט אים זאָגן. נאָר עס פֿאָלגט מיך ניט די צונג. צו וואָס טויג דאָ מײַן פּעדאַגאָגיק? וואָס פֿאַר אַ לערער בין איך פֿאַר פּאַשקע שאַבאַד? אַ טיפֿער ריס אין מײַן פּעדאַגאָגיק. לייענענדיק דעם געפֿונענעם טאָגבוך, האָב איך זיך אַפֿילע ניט געכאַפּט, אַז אויך פּאַשקעס פֿאַמיליע איז שאַבאַד. הײַנט וואָס פֿאַר אַ פּעדאַגאָג בין איך שוין? ער איז קליגער פֿון מיר, ער איז באַהאַוונטער פֿון מיר, דער לעבן געבליבענער שאַבאַד. ווען זײַן טאַטע ווייסט...

מיר זיצן מיט פּאַשקען באַנאַנד, יעדערער פֿאַרטיפֿט אין זײַנע געדאַנקען... אַפֿן טיש צאַנקט דאָס דײַטשישע ליכטל.

1947

# ווען דער שלאָס האָט געהיט

ס'איז געווען א הייסער טאָג. די זון האָט טרײַ געזייט ליכט איבער דער שטאָט. און אופגעגאנגען איז א געדיכטער גרויער שטויב, געמישט מיט רויך.

א רויטארמייער איז שנעל געגאנגען איבער די געוועזענע גאסן פון דער געוועזענער שטאָט. ער האָט אומגעדולדיק אריבערגעשפּרײַזט איבער צעוואַלגערטע שטיקער ווענט, איבער צעשעדיקט מעבל און כפייצים. ער איז געגאנגען לאנג, ווײַל ער האָט דאָ גאָרנישט ניט דערקענט. פון צײַט צו צײַט זיך אָפּגעשטעלט א פארלוירענער, און ווײַטער געשפּאנט. ביז גאָר אומגעריכט איז פאר אים אויסגעוואקסן דער איינשטאָקיקער מויער, וועלכן ער האָט געזוכט. אן אויסגעלאָשן הויז, אָן איין שויב אין די פענצטער. עס איז אָבער דאָ. א רויטער, אן אויסגעצויגענער אין דער ברייט, זעט ער אויס, דער מויער, דאפקע טאקיף אין דער ארומיקער פוסטקײַט. דער רויטארמייער האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער הינטערשטער זײַט פונעם הויז און דערזען א הענגשלאָס אפן נידעריקן טירל, וואָס האָט געפירט אינעם גוט באקאנטן קעלער. ער האָט פרײַ אָפּגעטעמט: אויב עס הענגט א שלאָס אף דער טיר, הייסט עס, אז אין קעלער איז נאָך עמעצער פאראן. דער רויטארמייער האָט מיט דער קאָלבע אראָפּגעשלאָגן דעם שלאָס, א צי געטאָן צו זיך די טיר און גענומען שרײַען אין דער פינצטערניש פונעם קעלער:

— לייזער, זאַלמען, וווּ זײַט איר דאָרט? דאָס בין איך, זאָרעך, איך בין געקומען נאָך אײַך.

קיינער האָט דעם רויטארמייער ניט געענטפערט.

— ייִדן, קומט ארויס! האָט קיין מוירע ניט! — האָט דער רויטארמייער ווײַטער געשריִען.

שטיל. „צי דען איז דאָרט קיינער ניטאָ? — האָט אומרויִק א טראכט געטאָן דער רויטארמייער. — ווען זשע האָט געהיט דער שלאָס?"

דעם רויטארמייערס פּאָנעם איז געווען רויט און פארשטויבט. ער האָט צוגעטראָגן די דלאָניע צום שטערן אף אָפּצווישן דעם שווייס, און דאָס לײַב זײַנס האָט בייסמײַסע אופגעציטערט פון דער קעלט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אונטן. ער האָט ארויסבאקומען זײַן טאשן־לאמטערנדל, קעדיי

צו באלייכטן זיך דעם וועג אין קעלער אריין, און געבליבן שטיין. ער האָט זיך דערמאָנט יענע טעג, ווען אויך ער איז געזעסן אין אָט דעם קעלער. ער האָט זיך דערמאָנט דעם ריס פון דער טיר, וואָס פלעגט צווינגען יעדערן באלד אופשפרינגען פונעם דיל, און די ליכט־קרייזן, וועלכע פלעגן ארויס־רייסן פון דער פינצטערניש א פּאָנעם נאָך א פּאָנעם. און אפן שוועל שווארצע סילועטן. און זידלווערטער, ווי מעסערס, שטעכן זיך איין אין די אין ליכט־קרייז איינגעקלאמערטע פּנעמער. ער געדענקט, דער רויטארמייער, וויאזוי זיי דאָרטן, אונטן, די לעבעדיק באגראָבענע, פלעגט זיך אין יענע רעגעס וועלן ווערן איינס מיט די נאסע ווענט, מיטן ערדענעם דיל, אינגאנצן ניט ווערן, אבי ניט צו פילן אף זיך די טאפּנדיקע ראָצכישע בליקן פון די דייטשישע לאמטערנדלעך. ניין, ער, דער רויטארמייער, וועט זיי ניט דער־מאָנען איצט יענע טעג. ער וועט זיך אראָפּלאָזן אינדערפינצטער. ער וועט שטיל און צערטלעך רופן זיי בא די נעמען, ביז זיי וועלן אָנהייבן גלייבן אין זייער גליק און וועלן זיך אָפּרופן. מיטאמאָל האָט ער דערהערט א שטילן שאָרך און באלד נאָך דעם טריט. עמעצער האָט זיך דאָרט, אונטן, גערוקט, קענטיק, פּאַזע די ווענט, ווי א בלינדער. די טריט זיינען געוואָרן אלץ נעענטער, און אָט האָט ער דערזען א פּאָר פּאַרזיכטיק אויסגעשטרעקטע קינדערשע הענטלעך. אפן שוועל פונעם קעלער האָט זיך באוויזן א מיידעלע מיט א שווארץ פּנעמל און א הוילן קאָפּ, ווי בא א זקיינע. א קליין מיידעלע עפּשער פון דריי, עפּשער פון פינף און עפּשער פון אכט יאָר. א קינד אין א קעלער פארמאָגט ניט קיין יאָרן.

דאָס מיידעלע האָט אופגעציטערט פון דער היץ אינעם אָנגעגליטן דרויסן. א פארבלענדטע פון דער זון, האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ, דערנאָך מיט דער רעכטער האנט געמאכט א דעכעלע איבער די אויגן, א קוק געטאָן אפן רויטארמייער ערנסט און מיט כשאד.

— ווער איז דער פּאַן און וועמען זוכט ער דאָ? — האָט זי אים א פרעג געטאָן אף פּויליש.

דער רויטארמייער האָט דאָס מיידעלע ניט געקענט. ניט קיין פּרויען, ניט קיין קינדער זיינען דאָ ניט געווען, בייס ער איז אנטלאָפן. בלויז מענער, וועלכע מע האָט געבאָרגט זייער אייגן לעבן, קאָלזמאַן זייער ארבעט איז נוצלעך.

— קינד! — האָט דער רויטארמייער געזאָגט צו דעם מיידעלע. — איך בין ניט קיין פּאַן. איך בין א רויטארמייער. און זוכן זוך איך דיך. גיי, קליינינקע, גיי, זאָג זיי, זאָלן זיי ארויסגיין אהער. זאָג, א רויטארמייער, א ייִד, איז נאָך זיי געקומען.

— שטילער, פּאַניע! — האָט געפּליסטערט דאָס מיידעלע. — זאָל דער פּאַן קיינעם ניט אויסזאָגן, אז ער איז א ייִד. אניט וועט מען אים אויך ארייננווארפן אהער אין קעלער, און מע וועט אים טרייבן אף ארבעט, און מע וועט אים שלאָגן...

דער רויטארמייער האָט זיך איינגעבויגן צו דעם קינד, געוואָלט עס נעמען אף די הענט, נאָר דאָס מיידעלע האָט זיך א וואָרף געטאָן צוריק צום קעלער. דאן האָט דער רויטארמייער ארויסגעכאפּט פון קעשענע אן עפּל, דאָס איינציקע עסנווארג, וואָס ער האָט בא זיך געהאט.

— נאַ, אָט האָסטו אַן עפּל, עס, — האָט ער נאָכגעשריִען דעם מיידעלע.

דאָס מיידעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעקוקט אים מיט אויגן פון א פאַריאָגט כּייַעלע און פאַרזיכטיק געגומען צי‍ען זיך מיט איר אויסגעדאַרט הענטל צום עפּל. פּלוצלינג מיט אימפּעט ארויסגעכאַפּט אים באַם רויטאַר־מייער און באַלד אײַנגעביסן אים מיט די ציין. געריסן שטיקער, געשלונגען ניט צעקײַט.

דער רויטאַרמייער האָט דערוויַיל זי גענומען אַף די הענט. ער האָט געקושט איר פאַרכוישעכט פאַרבלאָטיקט פּענעמל און צערטלעך גערעדט צו איר:

— שרעק זיך מער ניט, מײַן קינד! מע מעג שוין זאָגן, אַז מע איז א ייִד. קיין דײַטשן זײַנען דאָ מער ניטאָ. אָט זעסט, איך האָב א ביקס. האָב איך מיט דער־אָ ביקס זיי דערשאָסן.

— דערשאָסן? — האָט דאָס מיידעלע פאַרכידעשט ארויסגעזיפּצט.

זויגנדיק דאָס שטענגל, וואָס איז פאַרבליבן פונעם עפּל, האָט דאָס מיי־דעלע באַטראַכט מיט אירע ערנסטע שוואַרצע אויגן דעם רויטאַרמייערס ברייט געשטופּלט פּאָנעם, צעווירעט פון קויטיקע רינוועלעך שוויס, און מיט אַנציקונג א זאָג געטאָן:

— אוי, פּעטער, סאַרא שיינער איר זײַט!

דעם רויטאַרמייערס פּאָנעם האָט זיך א קרים געטאָן, ווי צום וויינען.

— נו, און איצט גיי, מײַן ליבינקע, — ער האָט דאָס מיידעלע פאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד, — גיי, זאָג זיי אַלעמען, זיי זאָלן ארויסגיין.

דאָס מיידעלע האָט זיך דערשראָקן צוגעטוליעט צו דעם רויטאַרמייערס קני.

— איך וועל אהין ניט גיין, — האָט זי שטיל געזאָגט. — איך האָב מוירע, זיי שוויַיגן די גאַנצע צײַט, זיי זײַנען געשטאָרבענע. מע האָט זיי אַלע געפירט שלאָגן. זײַנען זיי געשטאָרבן. מיך האָט דער פּעטער זאַלמען באַגראָבן אין א גריבעלע באַ דער וואַנט און געהייסן שוויַיגן. איך האָב געשוויגן, האָט מען מיך ניט געפירט שלאָגן. און זיי האָט מען געפירט שלאָגן, און איצט זײַנען זיי אַלע געשטאָרבענע.

דאָס מיידעלע האָט איבערגעכאַזערט אַף א קוויטשיק קינדערש קעלכל די ווערטער „זיי זײַנען אַלע געשטאָרבענע", ווי מוירע האָבנדיק, אַז דער רויטאַרמייער וועט זי ניט ריכטיק פאַרשטיין. און ער איז געשטאַנען אַנטקעגן איר, א גרויסער, א שטאַרקער, און געפילט, אַז די פיס ברעכן זיך אים אונטער.

— ווען איר האָט געעפנט די טיר, — האָט דאָס מיידעלע וויַיטער גערעדט, — האָב איך געצויגן דעם פּעטער זאַלמען פאַר אַן אַרבל. איך האָב אים געזאָגט, אַז עמעצער גייט אין קעלער. ער האָט מיר ניט געענט־פערט. מײַן פּעטער זאַלמען איז שוין אויך א געשטאָרבענער.

דעם מיידעלעס אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און האָבן שוין פאַר זיך גאָרנישט געזען. זיי זײַנען געווען קײַלעכדיק און גרויס, פול מיט פּײַן און מיט שרעק פאַר דעם גרויזאַמען און אומפאַרשטענדלעכן, וואָס האָט גע־קלונגען אין אירע אייגענע רייד. אַזוי איז זי געשטאַנען, ביז זי האָט זיך ארומגעזען, אַז דער רויטאַרמייער איז לעבן איר ניטאָ. דאָס מיידעלע

האָט זיך איבערגעבויגן איבער די אייבערשטע טרעפּלעך פונעם קעלער, נאָר דעם רויטארמייער האָט זי ניט דערזען. ער האָט זיך שוין ערגעץ דאָרט אונטן צונויפגעגאָסן מיט דער פינצטערניש. א פאַרצווייפלטע האָט זי אָנגעהויבן שרײַען:

— פּעטער, פאַרוואָס זײַט איר פון מיר אוועק? איך וויל ניט, איר זאָלט דאָרט זײַן. קריכט גיכער ארויס!

נאָר צו שוואך איז געווען איר קאָל. דער רויטארמייער האָט איר געשריי ניט געהערט און האָט איר ניט געענטפערט. אינגיכן האָט ער זיך באוויזן. ער האָט שווער געשטיגן פון טרעפּ אף טרעפּ. אָפּגעפרעמדט און דערשראָקן האָבן אף אים געקוקט די שווארצע אויגן פונעם מיידעלע. דאָס פּאָנעם פונעם גוטן פּעטער איז געווען שטרענג און אומבאקאנט.

1947



# דערציילונגען וועגן דער מומע מאלקע

## דער פלעק

1

מײַן מאמע האָט פײַנט געהאט כסידים. מײַן מאמע האָט פײַנט געהאט געלע. יעדער כאָסיד האָט בא איר געהייסן „גאָטס גאנעוו״; יעדן געלן מאנצבל האָט זי גערופן ניט אנדערש, ווי „דער געלער ראמײַ״. דער מומע מאלקעס מאן האָט מײַן מאמע געקרויִנט מיט ביידע נעמען, ווײַל ער איז געוועזן אי א כאָסיד, אי א געלער.

די מומע מאלקע, מײַן טאטנס לײַבלעכע שוועסטער, האָט מען בא אונדז אין שטוב שטענדיק באַדויערט — עס האָבן זיך ניט געהאלטן בא איר קיין קינדער. אין קימפעט האָט זי זיך געלייגט קימאט יעדן יאָר, נאָר זעלטן

פלעגט נאָך א בריס ניט קומען קיין לעווײַע. און דער מאַן אירער, דער שנײַדער — דער לאַטוטניק, האָט אַלץ ניט אופגעהערט צו טאַנצן פאַר גאָט. אַזוי האָט געזאָגט מײַן מאַמע. זײַן פרומקייט האָט ניט געהאַט קיין גלײַכן. באַנאַכט פלעגט ער עטלעכע מאָל אַראָפּגיין פון גלעגער, קעדיי צורעכט מאַכן די קאָרטענע היטעלעך אויף די קעפּ פון זײַנע ייִנגלעך, זיי זאָלן ניט שלאָפן, כאָלילע, בעגילוי־ראָש.

צו אונדז אין שטאָט איז די מומע מאַלקע אַראָפּגעקומען שוין אַן אַלמאָ־נע. איר מאַן איז דערהאַרגעט געוואָרן אויף מילכאָמע. פונעם פּוילישן שטעטל, ווו זי האָט געלעבט, האָט מען פאַרטריבן אַלע ייִדן אויס מוירע, זיי זאָלן דעם דײַטש ניט אַרויסגעבן ניקאָלײַ דעם צווייטנס סוידעס. האָט זיך די מומע מאַלקע געלאָזט אין איר געבורטסשטאָט, נעענטער צו אייגענע מענטשן. אין איינעם אַ פרימאָרגן זײַנען דער טאַטע מיט דער מאַמען אַוועק באַגעגענען זי אויפן וואָקזאַל.

— אַ העלד אַ ייִדענע! — האָט געזאָגט דער טאַטע, אַרײַנקומענדיק צוריק אין שטוב.

די מאַמע האָט זיך געבייזערט:

— אַ שיינע יערושע איבערגעלאָזט... מיטן רעבנס קויעך... ס׳פעלט איר אויס נאָך אַ גאָל כאָסידל...

איך האָב דאַן פּונקט געמאָזלט. דעריבער האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען די מומע מאַלקע מיט אַ וואָכן צוויי שפּעטער. ס׳איז געווען פרילינג, די ערשטע טעג פּייסעך, און דער טאַטע האָט מיך מיטגענומען צו דער מומען.

אונדז אַנטקעגן איז אַרויסגעלאָפן אַ קליינינקע ייִדענע מיט אַ קליין פּענעמל און אַ שפּיציקן בויך. אינעם נידעריקן צימער זײַנען באַם טיש געזעסן צוויי ייִנגלעך און געשאָקלט זיך איבער איין גרויסן סייפער. פון אונטער די טיפע גרויע היטעלעך האָבן אַרויסגעקוקט בלוילעך־מילכיקע פּענעמלעך, באַצוימטע מיט לאַנגע געלע פּייעס.

דער טאַטע האָט מיר געהייסן דערלאַנגען אַ האַנט מײַנע שוועסטערקינ־דער. איך האָב אים געפאָלגט. נאָר די ייִנגלעך האָבן זיך שטיל אַראָפּגערוקט פון דעם בענקל, אויף וועלכן זיי זײַנען בײדע געזעסן, פאַרשלאָגן זיך אין אַ ווינקל און פאַרלייגט די הענט אַהינטער. ס׳האָט ניט געהאָלפן מײַן טאַטנס מוסער און דער מומע מאַלקעס בעטן זיך.

מיר איז געוואָרן אומעטיק. נאָר דאָ האָט זיך באַוויזן אין צימער כאַוועַ־לע, דער מומע מאַלקעס טעכטערל. כאַוועלעס גרויסע ברוינע אויגן (אַ פול פּאָנעם מיט אויגן) האָבן ווי פאַנאַנדערגערוקט די ווענט אינעם ענגן צימערל און געמאַכט עס ליכטיקער. ווען די מומע מאַלקע האָט אינגיכן אַ זאָג געטאָן: „כאַוועלע, לאָמיר דערלאַנגען צום טיש!", האָב איך שוין באַוויזן צו ווערן מיט מײַן שוועסטערקינד כאַווער.

כאַוועלע האָט אָנגעטאָן אויף איר גרינעם קליידל אַ זויבער ווײַס פאַר־טעכל. פּונקט מיט אַזאַ פאַרטעך האָט אַרומגעבונדן איר שפּיציקן בויך די מומע מאַלקע. און באַלד האָבן ביידע פריילעכע פאַרטעכלעך געגומען האָווען אַרום טיש. פון דעם טאָג אָן האָב איך ליב געקראָגן צו עסן באַ דער מומע מאַלקע.

נאָך מיטיק האָבן די מומע מאלקע און אירע קינדער געזונגען.

איך א פינצטערן וואלד א געשריי, א געפילדער,
דער טאטע זוכט דאָרט זײַנע קינדער... —

האָט פארצויגן די מומע מאלקע. „זײַנע קי־י־ינדער" — האָבן מיט קלינגענ־דיקע קוויטשיקע קעלעכלעך אונטערגעכאפּט די ייִנגלעך. „זײַנע קי־י־ינדער" האָבן מיט ווייכע ברוסטיקע שטימען פארקײַלעכיקט די מומע מאלקע מיט כאוועלען.

שפּעטער האָב איך מיט דער מומע מאלקעס קינדער געשפּילט אפן הויף אין ניס. די ייִנגלעך האָבן שוין פון לאנג פארגעסן, אז איך בין אן „אישע" און מע טאָר אף מיר ניט קוקן. דער ייִנגערער, וועלוועלע, האָט אויסגעצויגן צו מיר די רעכטע האנט מיט א פארקוועטשטער פויסט און הילכיק אויסגעשריִען:

— אים צי גרוד?

איך האָב קיין איין מאָל ניט געטראָפן, צי ס'איז אום, צי גראָד. איך האָב זיך געקאטשעט פון געלעכטער, קוקנדיק, ווי וועלוועלע שפּרינגט אונטער אף איין פוס, ווי עס טרייסלען זיך דערבײַ זײַנע פּייעס און ער קוויטשעט פריילעך: „אים צי גרוד?"

אין דרויסן איז געוואָרן קילבלעך, זײַנען מיר ארײַן אין שטוב, דער טאטע מיט דער מומע מאלקע האָבן וועגן עפּעס שטיל גערעדט. ביידע זײַנען געווען פארזאָרגט. אין דער טונקלקײַט פון צימער האָבן דער מומעס גלאט פארקעמטע האָר מיטן ווײַסן שרונט אינמיטן, גלײַך ווי א וווירע, אויסגעזען ווי א צו גרויס היטל איבער איר קליין פּענעמל. אז דער מומעס קאָפּ איז גלאט אָפּגעגאָלט, אז זי טראָגט א שײַטל, האָב איך נאָך דאן ניט געוווּסט. אן אומקלאָר געפיל פון ראכמאָנעס האָט צונויפגעפּרעסט מײַן הארץ. די מומע מאלקע, ווי זי וואָלט עס דערפילט, האָט זיך פלינק א הייב געטאָן אונדז אנטקעגן, און דער וואָלקן איז פארשוווּנדן.

כאָטש איך בין דאן אלט געווען אינגאנצן אכט יאָר, בין איך שוין פון לאנג געוווינט געווען צו זיצן איינע אליין אין שטוב. בא אונדז פלעגן אלע פארשווינדן א בליאסק אף טאָג. עפּשער האָב איך איבער דעם טאקע אזוי צוגעבונדן זיך צו דער מומע מאלקעס שטוב. דאָ האָט שטענדיק געהערשט א שטילע אופלעבונג. יעדערער איז געווען מיט עפּעס פארנומען. כ'האָב ליב געהאט צוצוקוקן, ווי פלינק כאוועלע שפּרינגט ארוף אפן הויכן בענקל אין קיך, און די ייִנגלעך דערלאנגען איר האָלץ. זי פארשווינדט אינעם גרויסן רוסישן אויוון. עס סטאַרטשען ארויס נאָר די באָרוועסע פיס און א שטיקל זוים פון איר קליידל. ווען כאוועלע באווײַזט זיך ווידער אף דער ליכטיקער שײַן, פלאקערט שוין אין אויוון א פײַער. די ייִנגלעך פלעגן ברענגען זאלבענאנד אף א שטעקן אן עמער וואסער, ארויסטראָגן א פּאָמויניצע, לויפן אין קלייט.

איך קום צו דער מומע מאלקע יעדן טאָג און טרעף זי קימאט שטענדיק אײַנגעבויגן איבער א גרויסער דייזשע. די דארע הענט זינקען אינווייניק און קנעטן געשמאק. נאָר אָט נעמען זיך אָן די פינגער, באקלעפּטע מיט ווייכן טייג, בא די ראנדן פון דייזשע. ווי ביגנייווע פון זיך אליין, גלײַכט

זיך די מומע מאַלקע אויס און כאַפּט איבער דעם אָטעם. ווען איך זע עס, ווערט מיר אויך ענג אין דער ברוסט. איך קער זיך אָפּ און גיב שנעל אַ שלונג די לופט. איך האָב בעסער ליב צו קוקן, ווי אַזוי די מומע מאַלקע כאַפּט אַרויס פון אויוון אַף אַ גרויסער הילצערנער לאָפּעטע שיינע קײַלעכ־דיקע לאַבנס ברויט, איינס־אין־איינס. כאַוועלע שטייט דערבײַ אין איר קלאָר ווײַסן פאַרטעכל, טונקט אײַן אַ פעדער אין קאַלטן וואַסער און באַשמירט מיט דעם יעדן לאַבן באַזונדער. טײַלמאָל בעט איך זיך אײַן, מע זאָל מיך דאָס לאָזן טאָן. נאָכדעם זעצט די מומע מאַלקע ווידער אַרײַן דאָס ברויט אין אויוון, פלינק, אויסגערעכנט יעדן קער, די לאָפּעטע זאָל, כאָלילע, קיין ציטער ניט טאָן אין אירע הענט. און אָט ליגן שוין די לאַבנס ברויט אויסגעלייגט אַף אַ ווײַסן טישטעך אין עטלעכע רייען, עטוואָס אָפּגערוקט איינס פונעם אַנדערן, מיט דער מעליקער זײַט אַרויף. פאַרברוינטע, צוגעשאָ־טענע מיט קימל, פאַרשפּרייטן זיי איבער דער שטוב אַ מעכײַעדיקן רייעך, און ס׳פאַרווילט זיך זייער עסן. ביפראַט נאָך, אַז פאַר די קינדער, פאַר מיר אויך, באַקט אויס די מומע מאַלקע אַמאָל לענגלעכע, אַמאָל קײַלעכדיקע קליינינקע לעבעלעך ברויט, וואָס האָבן גאָר אַ באַזונדערן טאַם. אוורעמל מיט וועלוולען לייגן אוועק זייערע כאַלאָקים אָפּקילן אַפן פענצטער און לויפן לעבעדיק פאַנאַנדערטראָגן דאָס פרישע ברויט איבער די הײַזער פון די שטענדיקע קונדן.

מײַן טאַטע האָט אָנגעהויבן אָפּטער אַרײַנגיין צו דער מומע מאַלקע. עפּעס האָט ער געהאַט צו איר טײַנעס, אַף וועלכע זי פלעגט אים געוויינלעך ענטפערן:

— פּאָטער, נו! אַ באַטרעף עס האָט!

— ביסט אַ גאַזלען אַף זיך און אַף דײַנע קינדער! — האָט דער טאַטע איינמאָל אַ זאָג געטאָן מיט האַרץ.

פון דעם טאָג אָן האָט די מומע מאַלקע אופגעהערט צו באַקן ברויט פאַר יענעם. דאָס האָט, קענטיק, מײַן טאַטע זי אײַנגערעדט, און מיסטאָמע איז ער געווען געערכט. אַף דער מומע מאַלקע איז אָבער געווען אַ ראַכמאָנעס צו קוקן. זי איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב ווי אַ פאַרלוירענע. טײַלמאָל פלעגט זי זיך צוזעצן, צונויפלייגן די הענט מיט די דיקע בלויע אָדערן אַפן גרויסן בויך און טיף פאַרטראַכטן זיך. פון די קינדער איז עפּעס אויך ווי אָפּגעטאָן געוואָרן די פרייד.

2

דערווײַל זײַנען בא אונדז אין שטוב פאָרגעקומען צוויי געשעענישן: דער טאַטע איז געבליבן אָן אַרבעט („ניטאָ קיין לעדער" — האָט ער דער־קלערט דער מאַמען), און דער מאַמעס אַ ווײַטע קרויווע האָט פּלוצלינג צוגעשיקט אַ בריוול און אײַנגעלאַדן דעם טאַטן, די מאַמע און אַלע קינדער אַף דער כאַסענע צו איר טאָכטער רישע־באַשע. איבער דער דאָזיקער אײַנלאַדונג האָט מען בא אונדז קימאַט ווי ניט באַמערקט די צאָרע, וואָס עס האָט אונדז געטראָפן, אַז דער טאַטע איז געבליבן אָן אַרבעט. אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבן אַ כאַסענע אַרום דער כאַסענע.

— איך דארף ניט האָבן קיין רײַכע קרויווים, — האָט געפּײַערט די מאמע. — מויכל דעם קאָוועד... אז איך דארף ביכלאל ניט קיין קרויווים. א גוטערפרײַנט איז פאר מיר דער בעסטער קאָרעוו. אויב רייזעלע לאָזט פון זיך צו וויסן, איז דאָס ניט אומזיסט. פארשטאָכענע אויגן... זי ט'שוין פארגעסן, ווי איך האָב איר געוויזן די טיר.

ס'איז טאקע געווען ניט צו פארשטיין. פונקט מיט א יאָר צוריק האָט זיך מײַן מאמע צעקריגט מיט רייזעלען אף טויט, און פון דעמלט אָן האָט בא אונדז אין שטוב איר נאָמען ניט געטאָרט דערמאָנט ווערן. געשען איז עס אזוי:

פון רייזעלען איז אָנגעקומען א דעפּעש, אז דעם און דעם טאָג קומט זי צו פאָרן. צו דעפּעשן איז מען בא אונדז אין שטוב ניט געווינט געווען. סײַדן, אויב עמעצער איז מעסוקן קראנק... אזוי אז קוידעמקאָל האָט די דעפּעש אלעמען איבערגעשראָקן, און דערנאָך האָט מײַן מאמע אויסגע־שפּיגן:

— רייזעלעס שטיק...

דער טאָג פון רייזעלעס אָנקומען האָט זיך מיר גוט פארגעדענקט, ווײַל איך בין דאן צום ערשטן מאָל אף מײַן לעבן געפאָרן אף א דראָזשקע — צוריקוועגס פון וואָקזאל, פארשטייט זיך. די באשעפעניש, וואָס האָט געטראָגן דעם פארצויגענעם נאָמען „רייזעלע”, האָט קרעכצנדיק ארײַנגע־פּאקט זיך אין דער ברייטער דראָזשקע און איז דאָרטן צעשווומען געוואָרן, ווי צעוירענע ראָשטשינע. אפילע די שפּאלטן פונעם אָנלען זײַנען פאר־פולט געוואָרן מיט איר לײַב, אזוי אז פון אויסן האָט דאָס ווענטל אויסגעזען ווי א געפּאלדעוועטס. דער טאטע האָט, שטייענדיק אף דער ערד, אָפּגע־בויגן דאָס קליינע בענקעלע אנטקעגן רייזעלען און איז לײַכט דערוף ארופגעשפּרונגען. מיך האָט ער אוועקגעזעצט צופוסנס אפן אייבערשטן טרעפּל און געהייסן שטארק האלטן זיך.

דעם גאנצן וועג האָט רייזעלע זיך געקלאָגט אפן געזונט:

— וואָס פאר א לעבן איז דאָס, אז מע דארף זיך קוקן אין מויל ארײַן? ניט קיין וווּרשט, ניט קיין געבעקס, ניט קיין שטיקל געבראָטנס... וואָס זשע זאָל מען עסן? די נעשאָמע קאָן מען דאָך ניט אויסשפּײַען... איטשע, דאָס איז, דוכט זיך, קאָנטאָראָוויטשעס קאָלבאסנע, — איז רייזעלע מיטאמאָל אומרויִק געוואָרן. — מע דארף קויפן עפּעס איבערצובײַסן.

די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט. רייזעלע האָט געעפנט איר היפּשן האנט־בײַטל פון שווארצן גלאנציקן שטאָף אף צו געבן דעם טאטן געלט, נאָר דאָ באלד האָט זי א צי געטאָן דאָס שנירל אף צוריק, און דער בײַטל האָט זיך פארמאכט. ווי כאראָטע האָבנדיק פארן פריִערדיקן ברייטן זשעסט, האָט זי עטלעכע מאָל פעסט ארומגעדרייט דאָס העלדזל פונעם בײַטל:

— אָ, וואָס פארשטייסטו אין אזעלכע זאכן? לאָמיר שוין בעסער ביידע גיין.

די קווייטן פונעם קלייד האָבן זיך א וואקל געטאָן, און רייזעלע האָט גענומען פאוואָליע ארויסשלעפּן איר גוף פון דער דראָזשקע.

ס'האָט ניט לאנג געדויערט, און מיר זײַנען שוין ווידער געזעסן יעדערער

אף זײַן אָרט. פֿון רײזעלעס פּעקלעך, װעלכע דער טאַטע האָט אונטער־געהאַלטן מיט בײדע הענט אױף זײַנע קני, האָט זיך מיר פֿאַרדרײט דער קאָפּ. אַ פֿאַרבאָרגן געפֿיל האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז ס'איז אַ גרױסער ספֿק, צי װעל איך עפּעס געניסן פֿון די אַלע קלענערע און גרעסערע פּעקלעך. דער װעג פֿון װאָקזאַל צו אונדזער דירה איז געװען גענוג װײַט, און איך האָב באַװיזן פֿײַנט צו קריגן רײזעלען. אַז זי איז אַ ליגנערקע, האָב איך שױן געװוּסט אױף זיכער. אָט האָט זי געזאָגט, אַז זי טאָר גאָרנישט ניט עסן, און אָט האָט זי אײַנגעקױפֿט אַזױפֿיל עסנװאַרג. איך בין געװען הונגעריק און שלעפֿעריק. ס'האָט מיך געציבלט. „פֿאַרשטאָכענע אױגן! רײזע די ליגנערקע!" — האָב איך געכאַזערט פֿאַר זיך. װען די דראָזשקע איז צוגעפֿאָרן צו אונדזער טױער, האָב איך שטאַרק כײשעק געהאַט צוגײן צו רײזעלען פֿון הינטן און אַ קניפּ טאָן זי דורך אַ שפּאַרונע פֿונעם אָנלען. אָבער דאָס פֿערד האָט נאָך ניט באַװיזן זיך רעכט אָפּצושטעלן, איז שױן רײזעלע געשטאַנען מיט בײדע פֿיס אױף דער ערד. זי האָט אַ װײַז געטאָן מיט אַ פֿינגער אױף רעכטס און אַ פֿרעג געטאָן ניט באַם טאַטן, נאָר באַ מיר:

— אָט דאָ?

— נײן, אָט דאָ.

מיט גיכע, פֿעסטע טריט איז רײזעלע אַװעק אין דער טיף פֿון הױף, דריקנדיק צום בױך איר מוירעדיק גרױסן שװאַרצן האַנט־בײַטל און די אַלע פּעקלעך און פּעקעלעך מיט עסנװאַרג. װען זײַנען זײ דאָס איבערגע־גאַנגען פֿונעם טאַטנס הענט אין אירע, האָב איך ניט באַמערקט. איך האָב זיך אומגעקוקט. דער טאַטע איז געשטאַנען װי פֿאַרשעמט לעבן דעם פֿורמאַן און עפּעס געזוכט אין זײַן אָפּגעריבן קלײן לעדערן בײַטעלע...

אין דער טיר האָט זיך רײזעלע קוים דורכגעשטופּט, און ס'האָט זיך װידער אָנגעהױבן אַ קרעכצעניש. נאָכן עסן האָט זי די קינדער אַרױסגע־טריבן פֿון צימער, װי זי װאָלט דאָ געװען די באַלעבאָסטע.

— איך װיל כאַפּן אַ דרעמל, — האָט זי געזאָגט.

קײן דרעמל האָט זי, קענטיק, ניט געכאַפּט. ס'איז ניט דורכגעגאַנגען קײן פֿערטל שעה, האָט די מאַמע האַסטיק אָן עפֿן געטאָן די פֿענצטער און אױסגעשריִען:

— קינדער, גײט אין שטוב אַרײַן!

רײזעלע איז געשטאַנען אינמיטן צימער הױך און ברײט, װי אַ טורעם. די גראָבע הענט מיטן אָנגעשטאָפּטן שװאַרצן בײַטל האָט זי געהאַלטן אױפֿן בױך. ערגעץ אין דער הײך האָט זיך געזען עפּעס קײַלעכדיקס און רױטס, אַ מאָדנע ניט אױסדריקלעכע קײלע, װאָס האָט געזאָלט הײסן „פּאָנעם". דעם סאַמע שפּיץ פֿונעם טורעם האָט באַצירט אַ פּיצל קוקסעלע. און מײַן טאַטע? ער איז אױך געשטאַנען — אַ דאַרער, אַ קלײנער, אַ רירעװודיקער, מאַמעס װי אַ ייִנגעלע. אָט דערפֿאַר טאַקע האָב איך עס מיסטאַמע אַזױ גוט פֿאַרגעדענקט די דאָזיקע סצענע, װײַל צום ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך דאַן באַגריפֿן די שײנקײַט פֿון אַן עכט מענטשלעך פּאָנעם. אױף אַן אומדערװאַרטן אופֿן האָט איצט פֿאַר מיר אױפֿגעשײַנט דעם טאַטנס ברײטער שטערן, הינטער װעלכן ס'איז שטענדיק גרײט געװען צו געבױרן װערן אַ

געדאנק, די פריילעכע אויגן מיטן קרומלעכן אופשניט און דאָס קלוגע כיינעווודיקע בערדל, אונטערגעשאָרן ווי בא מענדעלע מויכער־ספאָרים, דעם טאטנס ליבלינג. „שאָלעם־אַלייכעם איז אויך א גוטער מאמזער, — פלעגט ער זאָגן, אָבער מענדעלע גראָבט טיפער". איך האָב נאָך קיינמאָל ניט ליב געהאט דעם טאטן אזוי, ווי איצט, ווען ער איז געשטאנען אנטקעגן „רייזע דער ליגנערקע" מיט א שולדיקן שמייכל אף די ליפּן, ווי שטענדיק, ווען עמעצער איז באגאנגען קעגן אים אן אוולע.

דאָס, וואָס איך האָב דאַן געפילט, קוקנדיק אפן טאטן, איז געווען ניט די נאטירלעכע צוגעבונדנקייט, וואָס יעדערער פילט אין דער קינדהייט צו זיינע עלטערן. ניין, ס'איז שוין געווען א פונק פון דער ליבע, וואָס גיט אָפּ דאָס געראַכט, וואָס ווייסט פאר וואָס און פאר ווען.

פון דעם פענצטער, ווו ס'איז געבליבן שטיין די מאמע, האָט מיטאמאָל א פלי געטאָן א שטיק גלאנציק לעדער, האָט זיך אָפּגעקלאפּט אָן רייזעלעס ברוסט און איז פארשוונדן אין איר ביַטל. די טיר האָט זיך צעפראַלט מיט א טראסק, און... א סאָף, אויס רייזעלע...

און איצט רופט אונדז רייזעלע אף דער כאסענע צו איר טאָכטער, און דער טאטע האָט דאפקע איַנגעשטימט צו פאָרן.

— איבער רייזעלען וועל איך ניט זיַן אף רישע־באָשעס כאסענע? — האָט געטיַינעט דער טאטע. — ווער איז נאָך ווערט א גוט מאזל, ווי רישע־באָשע? א שטילע טויב. קיינמאָל קיין ליכטיקע שאָ ניט געזען. אָפּגעווען אירע יונגע יאָרן א דינסט בא דער אייגענער מאמען.

מיַן מאמע האָט סאָפקאָלסאָף זיך אונטערגעגעבן. זי אליין וויל אפילע ניט הערן פון אזעלכע כאזערשע כאסענעס. נאָר אויב דעם טאטן געפעלט זיצן צווישן גווירים, טאָ זאָל ער כאָטש מיטנעמען א פּאָר לאבנס ברויט מיט עטלעכע הערינג, וועט שוין זיַן פאר די געסט אויך. וואָס זשע, פארלאָזן זיך אף רייזעלעס קיבעד? „זיַ געהיט, זיי זאָלן דיך דאָרטן ניט אויסמעלקן, זי מיט איר בענאָק, מיט סאָלאָמאָנטשיקן! כאָליעוועקעס אויסארבעטן פאר זיי פון גבייווישן לעדער... אז פאר אזעלכע איז גאָר די מילכאָמע א גליק. זע נאָר, צי זיצט ניט אונדזער כאַים ערגעץ אין אן אָקאָפּ באָרוועס אין זכוס פון סאָלאָמאָנטשיקן?.."

אף דער כאסענע איז דער טאטע געפאָרן. אזויווי איך בין געווען די מיזינקע און גאנצענע טעג פלעגט מיר אויסקומען צו זיצן אין שטוב איינע אליין, איז געבליבן, דער טאטע זאָל מיך מיטנעמען.

א טאָג פארן אוועקפאָרן בין איך אוועק מיטן טאטן צו דער מומע מאַל־קע געזעגענען זיך. אפן הויף נאָך האָבן מיר דערהערט דאָס שטעפּן פון א ניי־מאשין. קיין ברויט, הייסט עס, האָט מען שוין טאקע דאָ ניט געבאקן. אין פירהויז האָט אוורעמל, שטייענדיק אף אלע פיר, געפּאָרעט זיך ארום א פרעסל. דערזעענדיק מיך, האָט ער שטארק אָנגעבלאָזן די באקן און געגומען הוקען אינעם פרעסל אזוי, אז פונקען זיַינען געפלויגן. אין צימער איז געזעסן די מומע מאלקע בא דער זינגער־מאשין, וואָס זי האָט געבראכט מיט זיך פון שטעטל. א שטיק וויַסע ציַג איז געפלאָסן פון אונטער אירע פינגער אף יענער זיַט שטעפּנדיקער נאָדל. אף א נידעריק בענקל איז געזעסן לעבן איר כאוועלע און צוגעניים קנעפלעך צו א ציכל.

באַם געזעגענען זיך האָט די מומע מאַלקע באַטראַכט מײַן קלײדל, אַ צי געטאָן אױף אַראָפּ, אַ גלײַך געטאָן אױס געטאָן פֿון הינטן.

— אַזױ װאָלט געװען נישקאָשע, — האָט זי געזאָגט, — נאָר די אַרבל זײַנען קורץ. אױסגעװאַקסן, קײן־אײַנהאָרע.

זי האָט אַרױסגענומען פֿון קאָמאָד כאַװעלעס יאָמטעװדיק גרין קלײדל און האָט עס מיר אָנגעמאָסטן. זי האָט אָנגעקװאָלן פֿון דעם, װי עס פּאַסט מיר. דער טאַטע האָט דאָס קלײדל ניט געװאָלט נעמען, נאָר די מומע מאַלקע האָט זיך אױף אים אָנגעבײזערט:

— גײ שױן, גײ, אױך מיר אַ באַטרעף... ס'װעט גאַנץ זײַן... און טאָמער ניט, — האָט זי צוגעגעבן, — װעל איך דיך אױך צום ראָװ ניט רופֿן.

בין איך געפֿאָרן אױף דער כאַסענע אין כאַװעלעס גרין קלײדל מיטן װײַסן געהאָפּטענעם קעלנערל, מיט די פֿאַלדן אַרום און אַרום.

3

מײַלער, אָן אַ שיר מײַלער האָבן געקײַט, געזופּט, געסמאָקעט, גע־שלונגען, געפּילדערט, געלאַכט, געזונגען, געשרי׳ען אײנס צום אַנדערן. און די קאַלע האָט מען ניט געזען. באַ דער כופּע־װעטשערע האָבן זיך אַלע אַזױ אַ לאַז געטאָן פֿאַרױס, אַז איך מיטן טאַטן האָבן קױם זיך צוגעזעצט באַם סאַמע עק פֿונעם לאַנגן טיש. שפּעטער, בײס מע האָט געטאַנצט, האָט זיך פֿאַרבײַ מיר עטלעכע מאָל דורכגעטראָגן אַ פֿיגור אין װײַסן מיט אַ לאַנגן װײַסן טיול איבערן פּאָנעם. די זעלבע, װאָס האָבן אַזױפֿיל געגעסן, געפּילדערט, געלאַכט, האָבן זי אָבער פֿון מיר די גאַנצע צײַט פֿאַרשטעלט. צו דער כופּע האָב איך זיך אװדע ניט געקאָנט דורכשטױסן. האָב איך געצױגן דעם טאַטן פֿאַר אַן אַרבל און אַלץ געפֿרעגט:

— טאַטע, די קאַלע איז אַ שײנע? — אַז זי איז אַ יונגע, האָב איך ניט געצװײפֿלט, װײַל װי קאָן דאָס זײַן אַ קאַלע ניט קײן יונגע...

— אַ שײנע, אַ שײנע, — האָט מיר דער טאַטע צעשטרײט געענטפֿערט.

„אַ שטילע טױב" — אַזױ האָט דער טאַטע אָנגערופֿן רישע־באַשען, אײדער מיר זײַנען געפֿאָרן אױף איר כאַסענע. איז זי באַ מיר איצט פֿון אַ שטילער טױב פֿאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ װײַסן מאַלעך. ניט קײן טױב, ניט קײן מאַלעך האָב איך קײנמאָל ניט געזען. כ'האָב נאָר געװוסט, אַז בײדע זײַנען זײ שײנע און גוטע, און ניט זײ גײען, נאָר זײ שװעבן.

אַלע צימערן פֿון רײזעלעס גרױסן אײַנפֿאָר־הױז, אָדער גאָסטיניצע, װי ס'איז געװען אױפֿגעשריבן אױפֿן שילד אין דרױסן, האָבן יענע נאַכט פֿאַר־נומען די כאַסענע־געסט. מיר זײַנען אױך געבליבן נעכטיקן. װען איך האָב זיך אױפֿגעכאַפּט, איז שױן געװען גרױסער טאָג. דער טאַטע איז געזעסן אױף דער װײכער סאָפֿקע אַנטקעגן מיר און גערעדט מיט עפּעס אַ ייִדענע אין אַ העל־בלױען זײַדענעם קלײד. אױף די הענט און אױף דער ברוסט האָט באַ איר געבלישטשעט אַ סאַך צירונג, װאָס האָט מאָדנע ניט געפּאַסט צו איר לאַנג אומעטיק פּאָנעם מיט דער בראָדעװקע אױף דער רעכטער זײַט נאָז און מיט די אָפּגעבליאַקעװעטע מידע אױגן.

דער טאטע און די פרעמדע ייִדענע האָבן אף מיר קיין אכט ניט געלייגט, האָב איך זיך אויסגעדרייט צו דער וואנט. ביסלעכווײַז איז צו מיר אין האלבן דרעמל דערגאנגען, אז דער טאטע רופט די ייִדענע רישע־באשע. איך בין באלד געוואָרן וואך.

— טאטע, איך וויל אהיים, — האָב איך זיך אָנגערופן אומגעריכט פאר זיך אליין.

דער טאטע האָט מיך ווי ניט געהערט. רישע־באשע האָט פארשטעלט מיטביידע אויסגעהאָרעוועטע הענט דאָס פּאָנעם און זיך שטיל צעוויינט. אף אירע פינגער האָט געבלישטשעט גאָלד.

4

די סאמע אָנגעזעענע געסט האָבן געזאָלט בלײַבן אף דער כאסענע א גאנצע וואָך. מיר זײַנען געווען צווישן זיי. מע האָט אונדז בעשום־אויפן ניט געוואָלט אָפּלאָזן. און דאָך זײַנען מיר וועקגעפאָרן אפן דריטן טאָג און זייער אײַלנדיק, מיטן באנאכטיקן צוג.

יענער טאָג איז פון אינדערפרי אָן געווען ניט קיין מאזלדיקער. אופגעכאפּט האָבן מיר זיך אונטער די קלעפּ פון רעגן־טראָפּנס אין די שויבן. די געסט זײַנען ארויס צום טיש מיט פארשלאָפענע פּענעמער.

געגעסן האָט מען שווײַגנדיק. ס'האָט זיך נאָר געהערט דאָס זופן, דאָס טשמאָקען מיט די ליפּן. נאָכן עסן איז מען געבליבן זיצן באם טיש. אין דרויסן האָט אלץ געליאפּעט דער רעגן. האָט דאן דער שיינער סאָלאָמאָן אויסגעטראכט א פארווײַלונג: איך זאָל דעקלאמירן. דער טאטע האָט אים, ווײַזט אויס, געזאָגט, אז איך קען דעקלאמירן. רייזעלעס זון שלוימקע, אָדער, ווי מע האָט אים דאָ גערופן, „סאָלאָמאָן", איז טאקע בעעמעס געווען זייער א שיינער. דערפאר האָב איך פון אָנהייב געמיינט, אז ער איז דאָס דער כאָסן. אלע געסט האָבן זיך געדרייט ארום סאָלאָמאָנען. האָט ער געלאכט, האָבן אלע געלאכט; האָט ער גערעדט, האָבן אים אלע געהערט אזוי, ווי פון זײַנע רייד וואָלט געווען אָפּהענגיק זייער לעבן. און סאָלאָמאָן איז דאָס טאקע אלץ ווערט געווען — אזא יונגער, א פריילעכער און א צוגעלאָזטער צו יעדערן. צו יעדערן און מער פון אלעמען — צו מײַן טאטן. קעדיי טאָן דעם טאטן צוליב, האָט ער עס מיך ארופגעשטעלט אפן טיש און געהייסן דעקלאמירן. און איך האָב דעקלאמירט מיט א טרויעריקער שטימע דאָס געדיכט, וואָס עס האָט מיך אויסגעלערנט אנא לוואָוונא, די לערערן פון דער רוסישער שול פאר ייִדישע מיידלעך.

Три бледных тени чередой
Стучатся робко в двери рая:
— Открой, открой, старец святой...[1]

[1] דרײַ בלייכע שאָטנס, איינס נאָך איינס, אין טויער פון גאניידן קלאַפּן פּאָרכטיק: עפן, עפן אונדז, דו הייליקער זאָקן...

מײַן דעקלאַמירן האָט אויסגענומען. דער אוילעם האָט געפּאַטשט אין די דלאָניעס, אָפּוואַרפנדיק זיך מיט די שווערע קערפּערס צו די ווענטלעך פון די שטולן. אויב אַזוי, וועל איך זיי איבערלייענען דאָס געדיכט, וואָס דער טאַטע האָט מיך אויסגעלערנט. איך האָב זיך דערפילט זיכער און זיך ניט געקליבן אַזוי גיך אַראָפּגיין פון טיש. איך האָב אַרויסגעשטעלט דעם רעכטן פוס פאָרויס און פאַריסן דעם קאָפּ אין דער הייך:

איך קום, ווי אַ שטאָלצער קאָמעט,
ווי די זון, ווען עס הייבט אָן צו טאָגן...

עטלעכע הענט האָבן אומזיכער אַ פּאַטש געטאָן, עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן „בראַוואָ!", און ס'איז באַלד שטיל געוואָרן. דער טאַטע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דעם ווענטל פון סאָלאָמאָנס שטול, און אין זײַנע אויגן האָט געברענט אַ צולאַכעסדיק פֿײַערל. סאָלאָמאָנס פּאָנעם האָט מיר אויסגעזען עטוואָס פאַרכמורעט, אָבער בלויז אַף אַ ווײַלע.

— גוט, אויסגעצייכנט, מאָלאָדיעץ! — האָט ער פריילעך אַ זאָג געטאָן, גענומען מיך אַף די הענט, צערטלעך צוגעדריקט צו זיך און אַראָפּגע־שטעלט אַפן דיל. איך האָב נאָך ניט באַוויזן צו פאַרשטיין, אַז אַראָפּגענומען האָט מען מיך פון טיש, קעדיי איך זאָל מער ניט דעקלאַמירן, ווי איך בין אופגעצײַטערט געוואָרן פון אַ מאָדנעם קלאַנג. דער כאָסן האָט הויך געלאַכט, אָפּגעהאַקט, הילצערדיק, אָן אַ שום אויסדרוק אַפן טרוקענעם פּאָנעם מיט די ווײַסע אויגן. ביז יענער רעגע האָב איך דעם כאָסנס שטים ניט געהערט, ניט באַמערקט, אַז ער האָט ווײַסע אויגן. פון זײַן געלעכטער האָב איך זיך ניט פאַרשעמט. איך האָב זיך דערשראָקן. און שפּעטער, ווען איך האָב אין דער היים געהערט ריידן, אַז רישע־באַשע איז בא אים דאָס פערטע ווײַב, אַז די פריִערדיקע ווײַבער האָט ער געקנײַפּט און זיי האָבן מיט אים זיך געגעט, האָב איך ווידעראַמאָל איבערגעלעבט די זעלבע שרעק: „געקנײַפּט?.. צוליב וואָס האָט ער זיי געקנײַפּט?" באַנאַכט האָבן זיך מיר אַלץ פאָרגעשטעלט זײַנע ווײַסע אויגן, און כ'האָב געציטערט פון שרעק.

דאַן אָבער, אַף דער כאַסענע, האָט מיך דערוואַרט אַ נײַער קלאַפּ. אַפן סאַמע פאָרנט פונעם געלײַענעם קליידל האָב איך דערזען אַ גרויסן פלעק, קענטיק, פון פעטס. אַף כאַוועלעס קליידל... וואָס וועל איך זאָגן דער מומע מאַלקע? און... ווען איך האָב דעקלאַמירט, האָבן אַלע געזען דעם דאָזיקן מיִעסן פלעק.. איך האָב געברענט פון בושע.

אין אָוונט האָט מען געשפּילט אין פאַנטן. איינער אַ גראָבער יִיד האָט געקרייעט, ווי אַ האָן, עפּעס אַ לאַנגער באָכער האָט געפּויזעט אַף אַלע פיר אונטערן טיש, סאָלאָמאָנען האָט מען צוגעמישפּעט, ער זאָל אויסקושן אַלע מיידלעך. די מיידלעך האָבן געקוויטשעט און אַנטלאָפן פון אים. נאָר ער האָט זיי געכאַפּט איינס נאָך איינס און אַלע געקושט.

איך האָב זיך אַרויסגעגאַנוועט פון זאַל און אַרײַן אינעם צימערל, וווּ איך מיטן טאַטן האָבן גענעכטיקט. כ'האָב אַראָפּגענומען פון זיך דאָס

קליידל און אָנגעטאָן אפן בלויזן העמד מײַן גרוי זומער־מאַנטעלע. דאָס קליידל האָב איך פארוקט אונטערן אָרעם און אוועקגעלאָזט זיך אין קיך פארוואשן דעם פלעק.

דעם אַרײַנגאנג אין קיך האָט מיר פארשטעלט א וואנט, באשלאָגן מיט גלאנציקן שווארצן זײַד. בא דער וואנט הינטערן אָרעם איז געווען פאר־קוועטשט א טישטעך, ווי בא מיר דאָס פארפלעקטע קליידל. די וואנט האָט געטײַנעט צו עמעצן, וואָס איז, קענטיק, געווען אין קיך:

— דערוואָרגן זאָלן זיי ווערן מיט יעדן ביסן. צונויפגעפאָרן זיך פון דער גאנצער וועלט און מע קלײַבט זיך גאָר ניט אוועקצופאָרן. א טעל פון דער שטוב האָבן זיי מיר געמאכט. סאָלאָמאָנטשיקס קאפריזן... שפּראָטן וואָלט איך זיי געגעבן? קיין עק פון א הערינג זײַנען זיי אויך ניט ווערט. דער סערוועט וועט זיך דאָך ניט אָפּוואשן. זע, סארא געלע פליאמעס, געל־זוכט זיי אף די פּענעמער, ריבוינעשעלוילעם!

איך בין אומבאמערקטערהייט אוועק. כ׳האָב צוריק אָנגעטאָן מײַן פאר־פלעקט קליידל. איך האָב דאָך שוין געוווסט אף געוויס, אז ס׳וועט זיך ניט אָפּוואשן.

די שפּיל אין פאנטן האָט זיך דערווײַל פארענדיקט. אין זאל האָט זיך איצט געהערט נאָר איין קאָל, מײַן טאטנס — סאָלדאטן, אָקאָפּעס, אינטענ־דאנטן, כאבאר... איך בין ארײַן אין זאל פּונקט דאן, ווען דער טאטע האָט עפּעס געזאָגט וועגן שטיוול און ס׳האָט זיך אופגעהויבן א מוירעדיקער טומל. די געסט זײַנען אופגעשפּרונגען פון די ערטער. זיי האָבן געשרי:ען אפן טאטן, געמאכט מיט די הענט. איך האָב מוירע געהאט, אז באלד וואַרפן זיי זיך אלע אף אים ארויף.

מײַן טאטע איז געווען א שטילער, איידעלער מענטש, א פריילעכער און א גוטער. נאָר קוים האָט אין אים עפּעס אופגעפּלאצט, האָט ער זיך ניט געקאָנט צוימען. ער האָט זיך דאן אליין צוגעגעבן קוראזש, קעדיי ניט אָפּצוקילן זיך. אזוי איז געווען אויך איצט. די אמפּערײַ האָט זיך פארצויגן, און איך בין אײַנגעשלאָפן, זיצנדיק צונויפגעקאָרטשעט אף א שטול.

אופגעכאפּט האָב איך זיך אין בעט, ווו איך בין געלעגן אינעם אָנטאָן. ס׳איז געווען נאכט. אפן טיש האָט געברענט א ליכט. דער טאטע איז געשטאנען לעבן מיר אין מאנטל:

— שטיי אוף, לייעלע, מיר פאָרן אהיים.

אין איין מינוט איז פארגעסן געוואָרן דער אומרויִקער טאָג. ס׳איז גוט. מיר פאָרן אהיים. דער טאטע האָט מיך געהאלטן פאר א האנט, און מיר האָבן אינדערפינצטער פריילעך געשפּאנט צום וואָקזאל. דער טאטע האָט מיט מיר גערעדט ווי מיט א גרויסער, אזוי ווי שטענדיק, ווען מיר פלעגן בלײַבן אליין:

— רייזעלע האָט אָבער געוווסט, אז די מאמע וועט צו איר אף דער כאסענע ניט פאָרן. און מיט מיר, האָבן זיי געמיינט, קאָן מען אלץ אויספּירן. איך בין א שטילער. איין קלייניקײַט האָט ער פון מיר פארלאנגט, סאָלאָ־

מאָן, — איך זאָל באהאלטן בא זיך זײַן גאָלד. „איר זײַט אַן ערלעכער, אײַך געטרוי איך".

— פאַרוואָס האלט ער ניט זײַן גאָלד בא זיך? — האָב איך זיך פאַרוווּנ־דערט. — פאַרוואָס דאַרף מען עס באהאלטן?

— נאַרעלע, ער שטעלט דאָך צו לעדער אַף שטיוול פאַר די סאָלדאַטן. אָ, קיין געלט פעלט אים ניט, סאָלאָמאָנען... דאָס האָט ער דאָך אויסגעגעבן מיט אזא טראסק די שוועסטער. נאָדן האָט ער איר געגעבן מיט דער ברייטער האַנט... גאָר א גרויסע פּויטעקע... דער שוואָגער איז פאַר אים א נייטיקער מענטש. טאָמער מאַכט זיך עפּעס...

א סאַך „פאַרוואָסן" זײַנען פאַר מיר פאַרבליבן ניט פאַרענטפערט. דער טאַטע האָט, דוכט זיך, הײַנטיקס מאָל גערעדט מער מיט זיך, ווי מיט מיר.

5

די מאַמע האָט אונדז באַגעגנט, פּונקט ווי מיר וואָלטן גאָר ניט אוועקגע־פאָרן. ווי נאָר מיר זײַנען אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָט זי אָפּגערופן דעם טאַטן אין א זײַט און אײַנגערוימט אים א סאָד. דער טאַטע האָט צעטומלט געפרעגט:

— פאַר דער צײַט?

דער טאַטע האָט זיך געלאָזט צו דער טיר, און איך, ווי געווײנלעך, נאָך אים.

די מומע מאַלקע איז געלעגן אין בעט. איר פּאָנעם איז געווען נאָך בלייַ־כער, ווי שטענדיק. איבער דער ציצענער געשטעפּטער קאָלדרע זײַנען געלעגן אירע הענט. און אזעלכע צאַרטע זײַנען זיי געווען, אירע הענט, ווײַסע־ווײַסע, מיט לאַנגע אויסגערוטע פינגער. הארט לעבן בעט איז אַף א בענקל געשטאַנען א הילצערן מולטערל, אין וועלכן די מומע פלעגט פאַרקנעטן כאַלע אַף שאַבעס. שטײַף פאַרוויקלט אין ווײַסן איז דאָרט גע־שלאָפן א פּיצעלע. מיט דער רעכטער האַנט האָט די מומע מאַלקע מיך צוגעצויגן צו זיך און א קוש געטאָן אין שטערן. זי האָט זיך צו מיר צו־געקוקט א פאַרזאָרגטע:

— לייעלע, ביסט דאָך צוגאַסט גאָר אַראָפּ פון פּאָנעם. זעט נאָר, — האָט זי זיך געכאַפּט, — דאָס זײַט איר ערשט פון דער באַן? איר האָט כאָטש עפּעס געגעסן?

איך האָב אופגעציטערט פון ליבע צו דער מומע מאַלקע. א הייס געפיל פון כאַראָטע האָט מיך ווידער אַרומגעכאַפּט פאַרן העזעק, וואָס איך האָב איר אָנגעטאָן. געפּאַטערט כאַוועלעס קליידל, אזא שיינס, מיט פאַלדן. איך בין צוגעפאַלן מיטן פּאָנעם צו דער מומעס קאָלדרע, און כ'האָב זיך צעוויינט. די מומע מאַלקע האָט זיך דערשראָקן:

— איטשע, דאָס קינד איז בא דיר עפּעס ניט מיט אַלעמען. צי האָט זיך עס ניט צוגעקילט אין וועג? וואָס ווייסטו, לייעלע, עס טוט דיר עפּעס וויי?

— איך... איך האָב אײַנגעריכט כאַוועלעס קליידל, — האָב איך געזאָגט, שלינגענדיק די טרערן. — גאָר פון פאָרנט... א גאַנצע פּליאַמע...

— אָט דאָס גאָר? איבער דעם דאַרף מען וויינען? אײַנגעריכט, וועט מען אויסוואַשן.

— ניין, רייזע... רייזע די ליגנערקע זאָגט, אַז אַזאַ פלעק וואַשט זיך ניט אָפּ.

די מומע מאַלקע האָט אָנגענומען מיט ביידע הענט מײַן פּאָנעם און אויסגעדרייט צו זיך:

— נאַרעלע, אַבי די נעשאָמע זאָל זײַן אָן אַ פּגימע, אַ פלעק אויף דער נעשאָמע איז ניט אַזוי גרינג אָפּצוּוואַשן, און פאַרבײַטן זי קאָן מען ניט. אָבער אַ קליידל... ניט דאָס, וועט זײַן אַן אַנדערס... אַ באַטרעף עס האָט!

# קלאַרע שויבן

## 1

ווען ליאָניעס מאַמע האָט זיך די ערשטע דערוווּסט מײַקע. אַלע בײַס דערוויסט זיך מײַקע די ערשטע. זי וואָלט גערן צעפּויקט איבער דער גאַנצער גאַס, אַז ליאָניעס מאַמע האָט זיך אָפּגעזוכט. האָט איר אָבער כאַווע פאַרזאָגט, זי זאָל שווײַגן. מײַקע האָט ניט ליב צו שווײַגן, גייט זי אַרום דעם גאַנצן פרימאָרגן אַן אָנגעכמורעטע.

ס'איז זונטיק. אַלע זײַנען אין דער היים. מיר לעבן דאָ צוזאַמען — דרײַ פרויען און דרײַ קינדער. אָן מענער, אָן טאַטעס, מיר זיצן אַלע בײַ איין טיש — כאַווע מיט איר טאָכטער מײַקע, איך מיט מײַן טאָכטער בײַלעלע, די מומע מאַלקע און מײַן כאַווערטעס ייִנגל, ליאָניע, וועלכן מיר רופן אין אַ שפּאַס „דער מומע מאַלקעס מיזיניקל".

אויף פרישטיק האָט די מומע מאַלקע אָפּגעקאָכט צוויי צוקער־בורעקעס, ווײַסע, ווי רעטעכער. מיר עסן זיי, אָנגעשניטענע אויף דינע ריפּטלעך. אינעם זיסן וואַסער האָט די מומע מאַלקע פאַרקאָכט טיי. פּונקט נעכטן באַקומען אויף די קאַרטלעך. טרינקען מיר זיסע טיי מיט ברויט. בײַ די קינדער איז דאָס ברויט באַשמירט מיט מאַרגאַרין. דאָס הייבט אויף די שטימונג אַפילו בײַ מײַקען.

נאָכן עסן וואַשט בײַלעלע דאָס געפעס. ס'איז איר פליכט. אַזוי איז בײַ אונדז אָפּגעמאַכט. ווען צווישן די קינדער וואָלטן איינמאָל פאַר אַלעמאָל ניט געווען אײַנגעטיילט די פליכטן, וואָלט מײַקע קיינעם ניט געלאָזט צו גאָרנישט צורירן זיך. אַזוי אויך האַלט זיך אויף איר די שטוב.

מײַקע קומט פון שול, גיט זי אַ כאַפּ צוויי טעפּ, שטעלט זיי אַוועק איינעם אויפן אַנדערן אינעם שטריקענעם קוישל און לויפט אין סטאָלאָווע נאָך מיטיק. זי טיילט אײַן גלײַכע כאַלאָקים בײַלעלען, ליאָניען און זיך. פאַנאַנדערגעגאָסן דאָס ביסל שיטערע געקעכטס איבער די טעלער, לייגט זי די טעפּ שלאָפן. זי וויקלט זיי אײַן אין אַ קאָלדרע און באַדעקט פון אויבן מיט אַ קישן, קעדיי צו פאַרהיטן דאָס עסן אַ וואַרעמס פאַר די דערוואַקסענע. ערשט דאַן זעצט זי זיך אַליין צום טיש. זי לערנט זיך גוט און לאָזט ניט אַרויס פון אויג אויך

ליאָניען מיט בײַעלען. מײַקע איז צווישן זיי די עלטסטע. זי איז שוין אריבער אין פינפטן קלאַס.

בײַעלען רופט מײַקע ניט אנדערש, ווי „די פארשלאָפענע". זי שרײַט אף איר, לעמײַ זי טוט אלץ אזוי לאנגזאם און פרעגט זיך נאָך אף יעדער זאַך. בײַעלע איז טאקע א שטילע און א פארטרוימטע, א גײַניאַריקע פארקישעפטע באסמאלקע. קיין ליידיקגייערן איז זי אָבער אויך ניט. זי קלײַבט אין די הויפן מעטאל־ברוך אף צו מאכן טאנקען, זי נייט פאר די רויטארמייער זעקעלעך אף מאכאָרקע. נאָר מײַקע האָט אלציינס צו איר ניט קיין געדולד. זי איז זייער א גיכע, מײַקע, אפילע וואקסן אײַלט זי זיך. זי האָט שוין באלד דעריאָגט כאוועז. די שארפע לאָפּעטקעס אף מײַקעס פלייצע גייען זיך צונויף און נעמען זיך פאנאנדער, ווי פליגלען. די מאָגערע בלאָנדע צעפּלעך קוקן יעדערס אין אן אנדער זײַט, ווי זיי וואָלטן זיך אויך ערגעץ געײַלט.

בײַעלע וואשט אויס א גלאָז און ווישט מיט אזא ערנסט, ווי זי וואָלט אין דער ארבעט געזוכט עפּעס א באזונדער באטײַט. רײַסט בא איר מײַקע ארויס די גלאָז, גיט שנעל א דריי מיטן האנטעך — און שוין. ס'איז טרוקן. בײַעלע קוקט זי אָן פארוווּנדערט מיט אירע ריינע, ווי אויסגעוואשענע, אויגן. דערנאָך קערט זי זיך אָפּ, און איר פלייצע גיט א צוק פון דער אומגעריכטער באליידיקונג. מײַקע ווײַזט בײַעלען א צונג און גיט זי א צופּ פאר איינעם פון אירע דיקע שווארצע צעפּ.

— אר־אר־ו, ניוניע!

דער רויגעז צווישן די קינדער דויערט ניט לאנג. מײַקע טראָגט ארײַן אן עמער און גיט א פיר מיט א נאסער טוך איבער דער פּאָדלאָגע. דערנאָך טונקט זי אײַן אין עמער א דערקאטש.

— נא, רײַב, אָט אזוי־אָ, — ווײַזט זי בײַעלען, אוועקשטעלנדיק א פוס אפן דערקאטש.

דאָס באטײַט, אז מײַקע האָט זיך מיט איר איבערגעבעטן.

אויך ליאָניען האלט מײַקע פאר א פארשלאָפענעם. צו אים האָט זי אויך ניט קיין געדולד. נאָר אָנרופן אים „ניוניע", אזוי ווי בײַעלען, וועט זי ניט. כאָטש איצטער מעג מען עס שוין עפשער יאָ. זײַן מאמע האָט זיך דאָך אָפּגעזוכט.

ווען מיר זײַנען געלאָפן פון דער היים, איז זי געווען מיט אונדז, ליאָניעס מאמע. מיטאמאָל האָט זיך פארשפרייט א קלאנג, אז א דײַטשישער דעסאנט יאָגט אלעמען צוריק אין שטאָט. האָבן מיר זיך פון וועג א וואָרף געטאָן אין וואלד. ווען מיר זײַנען געבליבן שטיין אין דער געדיכטעניש, האָב איך זיך ארומגעזען, אז איך האלט פאר די הענט פון איין זײַט בײַעלען, פון דער צווייטער — ליאָניען. פון הינטן זײַנען אף מיר אָנגעפלויגן כאווע, מײַקע און די מומע מאלקע. געפעלט האָט נאָר מײַן יוגנט־כאווערטע סאָניע — דאפקע זי, די פלינקע, די לײַכטפיסיקע, וואָס האָט ערשט ניט לאנג באקומען א פּריז פאר איר גיכן לויפן.

ליאָניע איז דער איינציקער מאנצבל בא אונדז אין שטוב. דעריבער איז טראָגן וואסער זײַן זאַך. קעדיי מײַקע זאָל בא אים ניט אויסכאפּן, לאָזט ער זיך שנעל לויפן צום פּלומפּ אף דער גאס מיטן צינענעם עמער, וואָס שטייט אין קאָרידאָר אף א בענקל.

אין צימער הייבט זיך באלד אָן אן אמפּעריי, צי זאָל מען זאָגן ליאָניען, צי ניט.

— פּאָטער, נו, — גיט א מאך מיט דער האנט די מומע מאלקע, — פון א גוטער בסורע איז נאָך קיינעם שלעכט ניט געווען.

איך זע אָבער, אז זי איז ניט פעסט אין דער דייע. אונדז אלעמען ליגן נאָך גוט אין טאם די ערשטע כאדאָשים פון עוואקואציע, ווען ליאָניע פלעגט גאנצע טעג ניט אָפּגיין פון פענצטער. ער האָט געקוקט אין פענצטער און געווארט אף דער מאמען.

עמעס, איצט איז פונקט פארקערט. ליאָניע דערמאָנט ניט די מאמע, ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל אף דער וועלט ניט געווען. פארדריסט עס מיך אפילע. כאווע זאָגט: „א קינד... וואָס קאָן מען פון אים פארלאנגען. אזוי איז בעסער״. און דאָך... ווער ווייסט... סאָניעס בריוול איז מאָדנע קורץ. פון א מיליטער־רישן שפּיטאָל. אוועלכע איז זי איצטער, סאָניע? און ווען קאָן זי קומען?

כאווע לייגט צו א פינגער צו די ליפּן. אין טיר באווייזט זיך ליאָניע.

— פארוואָס אזא פולער עמער? — זאָגט צו אים די מומע מאלקע. — בעסער גיין אָן איבעריק מאָל...

— נו, ווי קאָן מען לעבן אין אזא שטוב? — דערהערט זיך פון הינטער דער וואנט די שלאבעריקע שטים פון אונדזער שכיינע טאמארא יאקאָווּלעווּנא. — פון די קינדער איז דאָ אזוי אויך ניט אויסצוהאלטן, דארף מען נאָך ליידן פון א פרעמד יינגל, וואָס טוט צולאָכעס און מאכט יעדן טאָג א טייך אין קאָרידאָר.

ליאָניע האָט אריינגעצויגן דעם קאָפּ אין די אקסלען און געהערט. און מיטאמאָל האָבן זיך פון זיין מויל א שאָט געטאָן מאָדנע כוצפּעדיקע רייד. און אויסגעזען האָט עס, אז ער צילט דאפקע אין דער מומע מאלקע, צו וועלכער ער איז די גאנצע צייט געווען צוגעבונדן מער, ווי צו אונדז אלעמען.

— איך וויל אזוי. כ׳וועל אלעמאָל אָנעמען פול. זאָל זיך פארגיסן. איך בין א שלעכטער. איך בין א פרעמדער. טרייבט מיך ארויס. איך וויל דאָ מער ניט זיין. כ׳וועל אלעמאָל... כ׳וועל אלעמאָל...

אין איין רעגע איז פונעם יינגלס פּאָנעם אָפּגעווישט געוואָרן די קינ־דערשע ווייכקייט. ס׳איז געוואָרן פארענדערט, אופגעבלאָזן. אונדזערע רייד דערגייען צו אים ניט. ער דרייט זיך אויס מיט דער פּלייצע, און דער נאקן איז בא אים א פאראקשנטער, א פארשטייפּטער, א מאנצבלשער. נאָר די אקסלען ציטערן קינדעריש־הילפלאָז. ער ווישט מיטן ארבל די נאָז און די אויגן און טייַנעט זיינס:

— איך וויל בא אייך ניט זיין... כ׳וועל אנטלויפן... כ׳וויל צו דער מאמען... ווו איז מיין מאמע?

— דיין מאמע וועט אינגיכן קומען. איך ווייס אף געוויס, — האָט ניט אויסגעהאלטן די מומע מאלקע.

— מיין מאמע וועט ניט קומען. איר זאָגט גלאט אזוי, איך וויל צו דער מאמען. כ׳וועל אנטלויפן...

דער מומע מאלקעס פּאָנעם איז גאָלע גוטסקייט און ראכמאָנעס, נאָר זי מאכט זיך הארץ:

— צו וואָס דאַרפסטו אַנטלויפן? קיינער וועט דיך דאָ מיט גוואַלד ניט האַלטן. גיי געזונטערהייט, וווהין דו ווילסט. נאָר איך וואָלט דיר געזאָגט, דו זאָלסט צוּוואַרטן אויף דער מאַמען. ווײַל ווו וועט זי דיך גיין זוכן, אויב דו וועסט אַנטלויפן?

ליאָניע הייבט זיך אָן צוצוהערן. די מומע מאַלקע ווערט באַ זיך שטאָלצ־פער:

— צעכליפּעט זיך ווי אַן אייפּעלע, כ'וואָלט זיך אויף דיר גאָר ניט געריכט. די מאַמע וועט קומען. ס'איז דאָ אַ בריוו. נעם אַ נאָזטיכל, אָט באַ דיר אין קעשענע. נו, געגנוג, קום זיך אײַנוואַשן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיצט שוין ליאָניע באַם טיש און מאָלט, ווי ס'וואָלט גאָרנישט ניט געשען. פון צײַט צו צײַט נאָר גיט זיך באַ אים אַ הייב די ברוסט מיט אַ שטילן שלוכץ. ער אַליין באַמערקט עס אַפילע ניט. די קאָלירטע בלײַערס טראָגן זיך האַסטיק איבערן ווײַסן פּאַפּיר־בויגן: כוואַליעס... כוואַליעס... בלויע, גרינע. אַ נאָז פון אַ שיף באַ איין ברעג בויגן, אַ נאָז פון אַ שיף — באַם צווייטן. אַ רויטער שטערן, אַ שוואַרצער האַקנקרייץ. אויף די שיפן — קוימענס. פון ביידע שפּאַרט אַ רויט פײַער אין געלן הימל. ליאָניע איז פאַרטאָן אין אַ יאַם־שלאַכט.

די מומע מאַלקע זוכט עפּעס אין טישקעסטל. עס ציטערן באַ איר עטוואָס די הענט. נאָר אָט זעצט זי זיך אוועק אַפּן פענצטער, די פיס אונטער זיך, קעדיי ניט צו שטערן מײַקען און בײַעלען וואַשן דעם דיל. זי קאַלכט אָן די שויבן, דערנאָך ווישט זי זיי פון ביידע זײַטן מיט צוויי ווייכע ווײַסע שמאַטקעס. די הענט ציטערן איר שוין ניט. זיי טוען פלינק זייער זאַך. געענדיקט, שפּיגלט זיך די מומע מאַלקע אַ ווײַלע אינעם פינקלענדיקן גלאָז.

— אָט אַזוי, — זאָגט זי צופרידן, — אַז די שויבן זײַנען ריין, זעט מען ערשט, ווי שיין ס'איז די וועלט.

2

איינס באַנאַכט בין איך אוועק אויף דער אַרבעט. איך בין הײַנט דעזשורנע אין רעדאַקציע. דאָס טעלעפאָן־טרײַבל שווײַגט, נאָר דערפאַר רוט ניט דאָס גלעקל פון דער טיר. טעלעגראַמעס, קליינע שוואַרצע אויסיעס, אָנגעקלעפּטע אויף האַרטלעך ווײַס פּאַפּיר — זיי שווימען און שווימען אין דער נאַכט. אַ מאָדנעם קויעך פאַרמאָגן אין זיך די דאָזיקע געוויינלעכע אויסיעס. אָט קומט אַ טעלעגראַמע אַ קלאָרע, אַ פאַרגאַנצטע. לייענסט און ווייסט, אויף וועלכער וועלט דו ביסט. אַ צווייטע טעלעגראַמע איז איבערגעריסן אַפּן האַלבן וואָרט. אַ פּאַסיקל אין דער ברייט — אַ געהיימניס. וואָס וועט קומען ווײַטער?

די טעלעגראַמעס גייען פון מיר צו דער מאַשיניסטקע, דערנאָך ווידער צו מיר. איך קאָנטראָליר זיי. לייג אויס מיט אַ סיידער. גוטע נײַס. אײַנגעצ־נומען אַ „באַפעלקערטן פּונקט״, אַ שטאָט. מאָרגן וועלן אַלע לייענען אין אונדזער צײַטונג גוטע נײַס.

די נאַכט ציט זיך לאַנג. די צימערן אין רעדאַקציע זײַנען פּוסט, ניט

באַלויכטן. צווישן איין טעלעגראַמע און דער צווייטער איז אַ היפּשע האַפּסאָקע. גיט זיך מיטאַמאָל אַ ריס דאָס האַרץ: „יוסעף... לאַנג ניט באַקומען קיין בריוו פון יוסעפן". און ס'צעוויקלט זיך אַ קנויל:

ס'איז שוין באַ אונדז אַזוינס געווען... געדענקסט, יוסעף? מיר זײַנען ביידע געווען אַזוי יונג. מיר האָבן פאַרוואָרפן איינע די אַנדערע מיט פאַרבענקטע בריוו. און מיטאַמאָל האָסטו מיר אויף איינעם ניט געענטפערט. איך בין אַרומגעגאַנגען מיט געשוואָלענע אויגן. אין די נעכט האָב איך געביסן דעם קישן פאַר ווייטעק. נאָך שרײַבן דיר האָב איך אויפגעהערט. אַ שטאָלצע בין איך געווען. כ'האָב זיך ניט אונטערגעגעבן. און כ'האָב זיך דערוואַרט. „זײַ מוחל, אויב דו קענסט", — האָסטו מיר געשריבן.

וואָס וואָלט איך דיר איצט ניט מוחל געווען, יוסעף? ווייסטו וואָס, איך וועל דיר שרײַבן יעדן טאָג, יעדע שעה. כ'וועל דיר שיקן צען, צוואַנציק, הונדערט בריוו... און דו ענטפער אויף איינעם פון צען. כ'וועל קיין פאַריבל ניט האָבן. ענטפער מיר, יוסעף, ענטפער! עטלעכע שורעס... לאָז מיך דערקענען דײַן האַנט.

כ'וועל דיר זאָגן דעם אמעס, יוסעף, ווען איך באַקום פון דיר אַ בריוו, אײַל איך זיך גאָר ניט אים עפענען. ווי אַ צאַרט שוועלבעלע זיצט ער אויף מײַן דלאָניע. עס איז געקומען פון ווײַט. עס איז מיד. פאַר מיר איז גענוג, וואָס עס איז צו מיר דערגאַנגען. ניין, כ'וועל דיר שוין אויסזאָגן אַלץ ביזן סאָף. לעמײַ זאָל איך זיך פון דיר אויסבאַהאַלטן? ווייסט, פאַרוואָס איך אײַל זיך ניט אַרײַנצוקוקן אין דײַן בריוול? כ'האָב מורע פאַר דער דאַטע. אַ שלעכטע געוווינהײַט באַ דיר — אָנצווײַזן אויף בריוו די דאַטע. מע דאַרף ניט, יוסעף. דאָס איז געווען גוט אַמאָל. מילכאָמע־צײַט טויג עס ניט. דײַן בריוו איז געגאַנגען דרײַ וואָכן, אַ כוידעש... אַ גאַנצן כוידעש! רוף זיך אָפּ! וואָס שווײַגסטו? האָסט דאָך מיך אַמאָל ליב געהאַט, אַמאָל, ווען ס'איז קיין מילכאָמע ניט געווען. אָט זעסטו, כאָטש באַקומט בריוו פון זאַלמענען אַזוי רעגולער, ווי ער וואָלט אַוועקגעפאָרן אין אַ געוויינלעכער קאָמאַנדירונג. די מומע מאַלקע באַקומט אויך בריוו פון אַלע דרײַ זין. און יוסעף... אוי, ווי לאַנג ס'איז ניט געווען קיין בריוו פון יוסעפן!

די נאַכט איז אַוועק. די רעדאַקציע ווערט פול מיט ראַש. אַלע מיטאַרבעטער אײַלן פריִער פון אַלץ צו מיר, און איך דערצייל זיי די גוטע נײַעס, ווײַז די באַנאַכטיקע טעלעגראַמעס.

כ'האָב זיך שטאַרק פאַרהאַלטן. אין דרויסן איז שוין גרויסער טאָג. אַ זומערדיקער טאָג אָן אַ מינדסט ווינטל, אָן אַ כמאַרעלע, וואָס זאָל אים פאַרשטערן די סימכע. אַ וווּנדערלעכע שטאָט, שיין, ווי אַ מיזרעך־מײַסעלע. די צײַטן פון יאָר ווייסן דאָ ניט פון קיין שוטפעס. יעדערע פון זיי קומט אָן אַ פּולע, ווי אַ יאָדערדיקער נוס, אַ שטאָלצע אין איר רײַפקײַט. ווינטער איז אויף די ביימער און אויף די דעכער געלעגן שניי, די ערד איז געווען פאַרקאָוועט מיט אײַז. האָט אָנהייב מאַרט באַוויזן זיך די זון, ווי אַ גענייטער באַלמעלאָכע, איינס־צוויי געמאַכט אַ סאָף צום ווינטער.

דער הימל איז בלוי, הויך און ווײַט. די זון זיצט אין אים פעסט — אַ גרויסע, אַ רונדע, אַ זיכערע אין זיך. באַם ראַנד פון הימל כוואַליען זיך בלוילעך־זילבערנע בערג. פון דאָרט פליסן עס די פריילעכע אַריקן.

עפּעס ציט מיך הײַנט ניט אהיים. איך וועל דאָרט קיינעם ניט טרעפן. אין די שולן איז איצט קאניקולן, נאָר כאַווע נוצט ניט אויס איר זומער־אורלויב. זי האָט זיך מיט לײַב־און־לעבן אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט אין פּיאָנערן־הויז. די קינדער פאַרברענגען דאָרט אויך גאַנצע טעג. די מומע מאַלקע איז איצט אויף דער אַרבעט. גיי איך ניט געײַלט צווישן די גלײַכע שורעס טאָפּאָלן, וואָס ציִען זיך בײַ ביידע זײַטן גאַס און וואַרפן אָפּ פון זיך שמאָלע שאָטנס. מיט אַזאַ רויִקײַט ווייעט דאָ פון אַלץ אַרום, מיט אַזאַ טאַם פון אייביקײַט...

ווי נאָר איך דערזע אָבער פונדערווײַטנס אונדזער טויער, פאַרשנעלער איך דעם טראָט. אַזוי יעדן טאָג. קעגן מײַן ווילן. און אָט לויף איך שוין, געיאָגט פון אומרו. בײַם סאַמע טויער נעם איך זיך דאָך אין די הענט. איך כאַפּ איבער דעם אָטעם און זידל זיך אַליין אויס: „מעשוגוגע! אָט דאָס הייסט מעשוגוגע!" איך גיי געלאַסן אַרײַן אין הויף. אונדזער פענצטער איז אָפן. אַ פול צימער מיט מענטשן. עטלעכע באַקאַנטע פּלייצעס. אַ סאַך מענטשן... איז פאַרוואָס זשע איז דאָרט אַזוי שטיל? איך גיב אַ ריס די דרויסנטיר.

אין דעם שלעכט באַלויכטענעם קאָרידאָר שטייט די מומע מאַלקע, צוגעדריקט דעם שטערן צו דער וואַנט. אַ שכיינע נעמט זי אַרום פאַר די אַקסל. דערהערט דעם סקריפּ פון דער טיר, גיט די מומע מאַלקע אַ ציטער און לאָזט זיך אַוועקפירן פון דער שכיינע צו יענער אין צימער. אַנטקעגן מיר פליט אַרויס בײַלע:

— מאַמע, מע האָט געהאַרגעט דעם פעטער זאַלמען!

אַ סאַך טירן בײַ אונדז אין קאָרידאָר. זיי טאַנצן מיר פאַר די אויגן. אין וועלכער פון זיי דאַרף איך אַרײַנגיין?

ס'איז שטיל, מאָדנע שטיל בײַ אונדז אין צימער. כאַווע זיצט אויף דער הילצערנער נאַרע אַן אײַנגעשלאָסענע, אַן אָפּגעפרעמדטע פון אַלעמען. איר פּאָנעם איז ווײַס, ווי באַשאָטן מיט מעל. די גרויסע ברוינע אויגן קוקן אין איין פּונקט. מײַקע זיצט לעבן איר אַ צעשויבערטע און אַ דערשראָ־קענע.

איך גיי צו צו כאַווען, גיב זי אומגעשיקט אַ קוש אין שטערן. איך נעם אַרום מײַקען. זי גיט זיך צו מיר אַ ציִ מיט איר גאַנצן דאַרינקן גופל, נאָר זי קוקט זיך אום אויף דער מאַמען און בלײַבט שטיל זיצן בײַ איר זײַט.

איך גלעט כאַוועס קאַלטע הענט, איך פאַריכט איר די האָר, איך טוליע זי צו זיך. נאָר מאָדנע איבעריק בין איך דאָ אין צימער. איך בלײַב שטעקן בײַ דער טיר און גיי לעסאָף אַרויס אין קאָרידאָר. די מומע מאַלקע שטייט דאָרט ווידער צוגעשפּאַרט מיטן שטערן צו דער וואַנט און ציטערט מיט אַלע אייווערים. „זי איז דאָך קראַנק, — פליט בײַ מיר דורך אין קאָפּ, — איין אומגליק שלעפּט נאָך זיך דעם צווייטן..."

— דאָס איז נאָך ניט אַלץ... — בײַ דער מומע מאַלקע רײַסט זיך אַרויס אַ ווייטעקלעכער שלוכץ, — לייעלע, ווי טראָגט מען דאָס איבער?

— ניט אַלץ? וואָס? וואָס נאָך?

די מומע מאַלקע גיט אַ פיר מיט דער האַנט איבער דער קעשענע און טרעפט ניט אין איר. איך ציִ אַליין אַרויס בײַ איר אַ פּאַפּיר. איך לייען מיט

די אויגן פאַר זיך: „אײַער זון, גאַרעליק אבראַם דאַווידאָוויטש... דעם 6 יון 1943..." אוורעמל, דער מומע מאַלקעס בכאָר!..

— אוי, פאַרוואָס קומט עס אונדז? — די מומע מאַלקע — ניט זי רעדט, נאָר זי כריפּעט. דאָס פּאָנעם מינעט זיך אין קראַמפּן.

— מומינקע, איך לויף שוין נאָך אַ דאָקטער! — שרײַ איך אויס דער־שראָקן.

אַ פּאָר ברייט צעעפנטע קינדערשע אויגן, פול מיט צאַר, קוקן אויף אונדז פון דער טיף פון קאָרידאָר. ליאָניע... ער גיט זיך אַ וואָרף צו דער מומע מאַלקע און כאַפּט זי אַרום מיטביידע הענטלעך.

דער מומע מאַלקעס פּאָנעם הערט אויף צו שווידערן. זי נעמט אָן דאָס יינגל פאַר אַ האַנט און לאָזט זיך מיט אים אין צימער. איך גיי איר נאָך. די מומע מאַלקע בלײַבט אַ ווײַלע שטיין, קוקט אויף כאָווען. מיטאַמאָל צעשרײַט זי זיך אויף איר:

— וואָס זיצסטו, ווי אַ ליימענע? — זי כאַפּט אָן די טאָכטער פאַר אַן אַקסל און גיט זי בייז אַ טרייסל, — אַ באַלגײַווע דאָס איז... וויין, זאָגט מען דיר, וויין...

כאָווע גיט זיך ווי אַ בראָך איבער. איר קאָפּ פאַלט אַנידער אויף דער מוטערס ברוסט, און זי פאַרגייט זיך אין אַ יאָמערלעך געוויין. אַלע אין צימער וויינען. סײַ אייגענע, סײַ פרעמדע.

ווי איך שטיי אַזוי און באַוואַש זיך מיט טרערן, דערזע איך פלוצלינג אויפן פענצטער אַ דרײַעקיק בריוול. עס ליגט פאַרוואָרלאָזט, פאַרגעסן פון אַלעמען. איך שלײַך זיך דורך נעענטער צום פענצטער, גיב אַ זײַטל מיט אַן אויג און, ווי אַ גאַנעוו, קיינער זאָל ניט זען, שאַר איך אַראָפּ דעם בריוו צו זיך אין קעשענע. פון יויסעפן.

3

אינדערפרי האָט טאַמאַראַ יאַקאָוולעוונאַ איידל געקריגט זיך מיטן מאַן:

— נישטיקײַט וואָס דו ביסט, דו טויגסט דען צו עפּעס?

אַליין איז טאַמאַראַ יאַקאָוולעוונאַ אויך אַן איידעלע, אַ דינינקע. איר פיגור איז לײַכט, לופטיק, גאָר אָן וואָג. פון דער פּלייצע, מיט די צעלאָזטע איבער די אַקסלען אָנגעפּריזירטע האָר, זעט זי אויס ווי אַ יונג מיידל.

וואָס איז שײַעך איר פּאָנעם, איז עס שטענדיק ווי ניטאָ אין דער היים. די קינבאַקן זײַנען שטײַף אַרומגעצויגן מיט אַ ראָזלעכער גלאַטער הויט, שוין צו אַ גלאַטער און צו אַ גלאַנציקער. פונעם שטערן ציִען זיך צו דער נאָז צוויי לאַנגע טיפע קנייטשן. און די נאָז אַליין, אַ שמאָלע און אַ שפּיציקע לאָזט זיך ווי אַ ריגל אַראָפּ צו דעם מיט רויטן פאַרכאַסמעטן מויל.

געוויס האָט טאַמאַראַ יאַקאָוולעוונאַ נעכטן געהערט דאָס געוויין אין אונדזער צימער, וואָס איז אָפּגעטיילט פון אירן מיט אַ דין ווענטל; געוויס האָט זי געזען, דורכגייענדיק דעם קאָרידאָר, וויאַזוי ס'האָט זיך געקאָרטשעט אין קראַמפּן די מומע מאַלקע. נאָר דאָס אַלץ האָט צו איר קיין שײַכעס ניט, זי מישט זיך ניט אין קיין פרעמדע געשעפטן.

טאמאַרא יאַקאָוולעוונאַ איז אַ מאַמע. זי וואַרט אויך אויף אַ בריוו מיטן שטעמפּל פון אַ פעלד־פּאָטשט. און דאָך האָט זי איינמאָל אַ גאַנצן מעסלעס ניט אָפּגעגעבן דער מומע מאַלקען אוורעמלס אַ בריוו, וואָס איז אַלפּי־טאָעס אַרײַנגעפאַלן צו איר. ערשט אויף מאָרגן האָט זי אומגעקערט דאָס בריוול דעם אינוואַליד — דעם בריווטרעגער און אָנגעשריבן אויף אים אַן אָנקלאָגע.

ווען מיר האָבן באַקומען דעם אָרדער אויף אונדזער איצטיקן צימער, האָט טאַמאַרא יאַקאָוולעוונאַ שוין דאָ געוווינט מיט איר זון, וועלכער איז אינגיכן מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. אין אַלע צימערן פון דער אַלטער הילצערנער געבײַדע מיטן לאַנגן קאָרידאָר אין פענצטער האָבן געוווינט עוואַקויִרטע. מיר האָבן פאַרנומען דאָס לעצטע פרײַ־געבליבענע צימער. האָבן מיר באַזונדערס ענג געמאַכט טאַמאַרא יאַקאָוולעוונען. און דעריבער איז אויף אונדז אַזוי אויסגעגאָסן געוואָרן איר צאָרן. מיט די איבער־ריקע שכיינים רעדט זי אויך ניט, זי גריסט זיך מיט קיינעם ניט פון זיי. אויף אונדז אָבער שרײַבט זי קעסיידער אָנקלאָגעס אין דער הויז־פאַרוואַלטונג: אַלע אינדערפרי, ווען כאַווע גייט אויף דער אַרבעט, קלאַפּט זי מיט די קנאַפּל איבערן דיל ספּעציִעל, קעדיי צו שטערן דעם שלאָף איר, טאַמאַרא יאַקאָוו־לעוונען.

טאַמאַרא יאַקאָוולעוונאַ איז אַן אינטעליגענטע פרוי. מיידלווײַז איז זי אַפילע געווען אַ ציין־דאָקטערן. פונדאַנען מיסטאַמע שטאַמט איר נעטיִע אָפּצוטייטן פרעמדע נערוון. זי האָט ליב צו דערגרונטעווען זיך צום וואָרצל. די סיבע פון אַלע אירע צאָרעס זעט זי אין דעם, וואָס מיט צוויי יאָר צוריק איז איר מאַן אויף איינער אַ סטאַנציע אָפּגעשטאַנען פון צוג. בלויז דערפאַר אַרבעט ער איצט אין אַזאַ נעבעכדיקן אַנשטאַלט אַלס פּאָשטעטער בוכהאַל־טער. בלויז דערפאַר וווינט זי אין אַזאַ שלעכטן צימער. בלויז דערפאַר האָט מען איר סאַשען צוגענומען אין דער אַרמיי. די אַלע, וואָס זײַנען געפאָרן אין יענעם וואַגאָן מיט זיי צוזאַמען, לעבן דאָ ניט ערגער, ווי אין דער היים. איין יעפים באַריסאָוויטש האָט דורכגעלאָזט אַלע שאַנסן. ער האָט פאַרשפּעטיקט. אַז ביכלאַל האָט מען זיך גאָר ניט געדאַרפט רירן פון אָרט. וואָס וואָלט איר איצט געפעלט אין מאָסקווע? יעפים באַריסאָוויטש גלײַכט זיך מיסטאַמע צו אָט די נישטיקײַטן, וואָס האָבן ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. באַ זיך אין דער היים האָבן זיי אויך קיין בעסערס ניט געזען.

טאַמאַרא יאַקאָוולעוונעס שיפען גייט פּלוצלינג אויס, ווי עמעצער וואָלט בישכיינעס פאַרלאָשן אַ פּרימוס. און דאַן ערשט דערהער איך די שטילקײַט אין שטוב. ניט קיין טריט אין קאָרידאָר, ניט קיין רייד. מיטן פרישטיק האָבן די שכיינעס הײַנט זיך אָפּגעפּאַרטיקט, קענטיק, יעדערע באַ זיך אין צימער. אַפילע קיין קינדערשע שטים דערטראָגט זיך ניט צו אונדז.

דערווײַל פירט אַרויס טאַמאַרא יאַקאָוולעוונאַ דעם מאַן פאַר דער טיר און באַטראַכט פון אַלע זײַטן זײַן הוילעך — צי איז דאָס העמדל ניט צע־קנייטשט, צי איז דער שניפּס אויף אַן אָרט. דאָס ווערט געטאָן שווײַגנדיק. ס'איז צו אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַוודע, מע זאָל דערבײַ פאַרלירן ווערטער. אַ באַפרידיקטע עפנט זי דאָס הויף־טירל מיט דער פּאָלע פון איר זומער־

סעקל. טאמארא יאקאָוולעוונא רירט ניט אָן מיט דער אנטבלויזטער האַנט ניט קיין קליאמקע, ניט קיין הענטל פון א טיר. זי האָט מוירע פאר אָנשטעקנדיקע קראנקייטן. מיט איר לײַכטן מיידלשן טראָט לאָזט זיך טאמארא יאקאָוולעוונא אין גאס אריַין. דער מאַן גייט בא איר לינקער האַנט. ער גייט אַף דער ארבעט, און זי — זעך, ווו וואָס מע „גיט". ערגעץ וועט זי שוין אוועלכע־ניט־איז „נישטיקײַט" איידל באַזיַיטיקן פון דער ריי, וויַיל יענער איז דאָרט קלאל ניט געשטאנען און די ערשטע אין דער ריי איז, ווי שטענדיק און אומעטום, זי, טאמארא יאקאָוולעוונא.

יעפים באָריסאָוויטש איז מיט אונדז דאָפקע העפלעך. בא יעדער באַגעגעניש גיט ער א נייג דעם קאָפּ. טיילמאָל לאָזט ער אפילע פאלן א וואָרט — ביטע, א דאנק... אלע „דאַמען", אפילע מײַקען און ביַיעלען, לאָזט ער דורך די ערשטע אין דער טיר פון קאָרידאָר. פאר כאוועץ באָכערט ער זיך אפילע. ווען ער דערזעט זי, שטעלט ער ארויס די ברוסט פאָרויס, גלייַכט זיך אויס אין זיַין גאנצן מעכטיקן וווקס. נאָר וואָס פאר אן אָנשטעלן ער זאָל ניט מאכן, זעען מיר קלאָר, אז כאוועץ האָט ער דערקענט פון דער ערשטער מינוט אָן, אז ער געדענקט אלץ. ניט אומזיסט ווארפט ער אזעלכע גנייווישע בליקן אַף אונדזער פענצטער, ווען ער מיינט, אז קיינער זעט אים ניט.

אָקטיאבער 1941. מיר פארלאָזן אונדזער צווייטע היים. אויך אהער דערנעענטערט זיך דער סוינע. אין עוואקאָפּונקט האָט מען אונדז ארויסגעגעבן פאפּירלעך, אז מיר ווערן עוואקויִרט קיין קאזאכסטאַן. זיצן מיר א וואָך צײַט מיט די אויסגעמאטערטע הונגעריקע קינדער אינעם געפאקטן קויטיקן וואָקזאל און קוקן ארויס אַף א צוג.

א יינגל מיט א לאַבן ברויט אונטערן אָרעם, א פארסאָפּעטער, אן אויסגענעצטער פונעם רעגן, פליט אריַין אין וואָקזאל מיט א בסורע:

— א באַן שטייט... אַף דער זעקסטער ליניע... קיין קאזאכסטאַן...

ארומגייין דעם לאנגן פראכטצוג, וואָס פארשטעלט אונדז דעם וועג צו דער זעקסטער ליניע, וועט אָפּנעמען צופיל צײַט. לאָזן מיר זיך פויזען אַף אלע פיר צווישן די מעכטיקע רעדער. די צווייטע ליניע איז אָבער אויך פארשטעלט און די דריטע, די פערטע, די פינפטע... אונדז קומט אפילע ניט אפן זינען, אז א באַן קאָן זיך אמאָל רירן פון אָרט אין דער צײַט, ווען מיר פויזען צווישן זיַינע רעדער.

איך מיט כאוועץ קומען צום פיניש די ערשטע. די מומע מאלקע און די קינדער שטייען אָפּ. מיר שלעפּן זיי ארויס פון אונטער דעם לעצטן צוג. מיר שטייען שוין בא דער זעקסטער ליניע. נאָר וויי־וויי... ניט מיר אליין זיַינען, וויַיזט אויס, געגאנגען אהער מיטן גלײַכן וועג. איינגאנצן פינף טעפּלושקעס. פארפּראָפּט מיט מענטשן. אייניקע פרוּוון זיך נאָך אריַינשטופּן. מע פאלט, מע קריכט ווידער. קינדער שרײַען. עס זיַינען פארפולט די טאמבורן, קלעטערט מען אפן דאך.

איך כאַפּ אונטער די מומע מאלקע אונטערן אָרעם. כאוועץ שרייַט:

— קינדער, האלט זיך פאר די הענט!

מיר לויפן לענגויס דעם צוג, כאָטש מיר ווייסן, אז ס'איז אן אומזיסטע

טירכע. ניטאָ מער קיין טעפּלושקעס. עס ציִען זיך אָן א שיר אָפענע פּלאַט־פאָרמעס מיט אויסגעשטעלטע אַף זיי מאַשינעס. דאָ איז פאַר אונדז קיין אָרט ניטאָ. נאָר עס טראָגט אונדז אלץ ווײַטער און ווײַטער.

שוין אויסערן פּעראָן, באַם סאַמע עק פון צוג, דערזעען מיר פלוצלינג א וואַגאָן. אַן עמעסן וואַגאָן פאַר פּאַסאַזשירן — א בלויען, א פּריילעכן, מיט פענצטער, מיט ווײַסע פאָרהענגלעך, מיט גאַסטפרײַנטלעכע טרעפּלעך באַם אַרײַנגאַנג. עטלעכע מענטשן שטייען אַף די טרעפּלעך און טראַסקען מיט די פויסטן אין דער פאַרשלאָסענער טיר, נאָר קיינער רופט זיך ניט אָפּ אַף די קלעפּ. א באָכערל פון א יאָר זעכצן האָט זיך אַרופגעכאַפּט צו א צווייטן אַף די אַקסל און איז צוגעפאַלן מיטן פּאָנעם צום נאָענטסטן פענצטער.

— מע זיצט דאָרטן, — האָט ער אויסגעשריִען. — עפּעס גאָר ווייניק... א פּוסטער וואַגאָן...

— וואָס טוען זיי דאָרטן? זיי זײַנען לעבעדיקע צי ניט?

— איך ווייס ניט, דוכט זיך... אוי, זיי שפּילן אין קאָרטן.

— עפנט! — האָבן זיך דערהערט קוילעס. — אַניט וועלן מיר אויסזעצן די שויבן. מיר וועלן זיך צו אײַך דערקלײַבן, וועט ערגער זײַן.

עס האָט א גרילץ געטאָן דער שלאָס. אין דער טיר האָט מיט ברייט צעשפּרייטע פיס זיך אוועקגעשטעלט פעסט, ווי א מאָנומענט, א שוואַרצער פאַרשוין, א הויכער און א דיקער. ניט קוקנדיק אַף קיינעם, האָט ער קורץ אָפּגעשניטן:

— אהער טאָר מען ניט!

דער שוואַרצער האָט פאַרשאַרט א פּאָלע פון זײַן לאַנגן לעדערנעם מאַנטל, געלאָסן אַרויסגעצויגן פון דער רעכטער הויזן־קעשענע א זילבער־נעם פּאָרטסיגאַר, אַרויסגענומען א פּאַפּיראָס און פאַרוקט אים אין ווינקל פון מויל. דעם פּאָרטסיגאַר האָט ער א ווײַלע געהאַלטן אַף דער דלאָניע, ווי ער וואָלט אים אָפּגעווויגן, דערנאָך פאַרמאַכט מיט א טראַסק און באַהאַלטן אין קעשענע. מיט דער זעלבער געלאַסנקײַט האָט ער צוגע־טראָגן צום פּאַפּיראָס א צינד־מאַשינקע, פאַרייכערט און גענומען לאָזן דעם רויך דורך די נאָזלעכער.

לעכאַטכילע איז דער אוילעם אָפּגעטראָטן. אז מע זאָגט — מע טאָר ניט... ווער ווייסט... מילכאָמע...

— סאַראַ פּרעכער סוביעקט! — האָט אַרײַנגעזיפּצט אין דער אָנגעקוי־מענער שטילקײַט אַן עלטערע פרוי אין ברילן.

דאָס ווײַטערדיקע איז פאָרגעקומען אין איין אויגנבליק. כאָטש האָט א שלײַדער געטאָן אַף דער ערד דעם פּאַק, וואָס זי האָט געהאַלטן מיט ביידע הענט, און איז אַרופגעשפּרונגען אַפן אייבערשטן טרעפּל פון וואַגאָן.

— אַנו, טרעט אָפּ! — האָט זי געזאָגט שטרענג.

דער שוואַרצער האָט זי א שטויס געטאָן אין ברוסט, און דאָ האָט זיך געריִרט דער צוג. כאָטש האָט מען קוים באַוויזן אונטערצוכאַפּן. מיט צע־פּלאַקערטע אויגן האָט זי זיך א ריס געטאָן פאָרויס, אײַנגעקלאַמערט זיך אין דעם שוואַרצנס א פּוס און אַראָפּגעשלעפּט אים פון די טרעפּ. ער האָט זיך אויסגעצויגן אַף דער ערד אין זײַן גאַנצער לענג. עטלעכע גליקלעכע האָט זיך דערווײַל אײַנגעגעבן אַרײַנצוכאַפּן אין וואַגאָן, נאָר אים ניט.

און ערעך אין א כוידעש ארום נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך איינגע־ אָרדנט אפֿן נײַעם אָרט, האָט זיך בא אונדז אין הויף באַוויזן א היפּש אָפּגעבליאַקעוועטער דער שוואַרצער פֿאַרשוין. טאַמאַרא יאַקאָוולעווּנאַ האָט אים דערזען דורכן פֿענצטער און א לאָז געטאָן זיך צו אים אנטקעגן. דאָס איז געווען איר מאַן, אונדזער איצטיקער שאָכן יעפים באָריסאָוויטש.

4

ליאָניע פֿאַרשאַפֿט אונדז מער ניט קיין צאַר. ער צעגיסט ניט קיין וואַ־ סער אין קאָרידאָר. ער טראַכט ניט פֿון אַנטלויפֿן. ער מאָלט, ליאָניע. אָן א שיר: ביימער, ברוינע און שוואַרצע שטאַמען אף א גלאַטער גרינער פֿלאַך. א פֿרוי אין א געל קלייד ליגט, איין פֿוס אויסגעדרייט אין א זײַט. אפֿן בלויען הימל הענגט א שוואַרצע זון מיט א מענטשלעך פּאָנעם. מיט שטעכל־ קעס ארום און ארום.

ליאָניע דערקלערט אונדז: „דאָס האָט מײַן מאַמע פֿאַרטשעפּעט זיך אין א סוק און איז געפֿאַלן".

א גרויע שטוב מיט א רויטן דאַך, מיט א סאַך בלויע פֿענצטער. לעבן דער שטוב שטייען א מאַן מיט א פֿרוי. ביידנס קעפּ דערגרייכן קימאַט ביזן דאַך. דאָס הייסט — גוטע מענטשן היטן אָפּ ליאָניעס מאַמע פֿון די דײַטשן.

ביימער מיט פּאַטלאַטע קרוינען און פּונקט אַזעלכע וואָרצלען איבער דער אויבערפֿלאַך פֿון דער ערד. צווישן די ביימער, אפֿן פּילקאָלירוקן גראָז ליגט א פֿרוי אין א געלן קלייד, מיט א רויטאַרמייִש היטל אפֿן קאָפּ. זי צילט פֿון א ביקס. דאָס איז שוין ליאָניעס מאַמע — די פּאַרטיזאַנקע.

לויט ליאָניעס צייכענונגען האָבן מיר זיך אַלע דערמאָנט, אַז יאָ, אין יענעם טאָג, ווען מיר האָבן זיך מיט איר צעשיידט, איז סאָניע געווען אין א געל זומערדיק קלייד. צוויי מאָל אין וואָך באַקומט ליאָניע בריוו פֿון דער מאַמען. און ער מאָלט און מאָלט. איצט איז שוין געבליבן זייער ווייניק צו וואַרטן. אינעם לעצטן בריוו שרײַבט מיר סאָניע: „מײַן אַרויסגיין פֿון שפּיטאָל איז א פֿראַגע פֿון טעג, העכסטנס א וואָך. איך בין שוין אינגאַנצן געזונט. דאָקטוירים מיט גאָלדענע הענט האָבן פֿאַרנייט און פֿאַרצירעוועט ווו א ריס. איך פֿיל זיך גוט. נאָר לויפֿן וועל איך שוין ניט. און טאַנצן אויך ניט. צו דעם אַלעמען דאַרף מען האָבן ווייניקסטנס צוויי געזונטע פֿיס".

כוץ מאָלערײַ האָט ליאָניע נאָך ליב פּאָליטיק. אין דער לאַנדקאַרטע איז ער באַהאַוונט ניט ווייניקער, ווי אין דער גאַס, אף וועלכער מיר וווינען. אין א קעסטל פֿון שוועבעלעך זײַנען בא אים פֿאַרגרייט אָנגעשניטענע שטיקעלעך רויט פּאַפּיר און שפּילקעס. אפּילע מײַקע איז זיכער, אַז די פֿענדעלעך שטעקט ליאָניע ארײַן אין דער לאַנדקאַרטע אף דער וואַנט פּונקט דאָרט, ווו מע דאַרף. ליאָניע האָט ליב צו פֿירן מיטן שטעקעלע איבער דער מאַפּע, דאַפֿקע אַז מײַקע זאָל זען. אים געפֿעלט, וואָס מײַקע הערט אים. נאָר איצט איז זי אין דאָרף. כאָטש איז אַרויסגעפֿאָרן מיט אירע שילער אַראָפּנעמען די גערעטעניש, האָט זי מיטגענומען מײַקען, ווײַל ס'איז ניטאָ

אזא ארבעט, מיט וועלכער יענע זאָל זיך ניט ספּראַווען. גייט זיך איצט ליאָניע דורך איבער דער מאַפּע בא דער שײַן פונעם נאַפטלאָמפּ בלויז פאַר בײַעלען.

די מומע מאַלקע, די ברילן אַף דער נאָז, זיצט מיט א זײַט צום טיש, אַף וועלכן עס שטייט דער לאָמפּ, און לייענט. דאָס בוך האַלט זי ווײַטלעך פון זיך אין די אויסגעשטרעקטע הענט, רירט שטיל מיט די ליפּן, קלײַבט א וואָרט צו א וואָרט.

די לעצטע עטלעכע טעג איז אַף אונדזער מאַפּע קיין איין נײַ פענדעלע ניט צוגעקומען. „דאָס איז דערפאַר, ווײַל מע שלאָגט זיך שטאַרק, — דערקלערט ליאָניע בײַעלען, — אָט דאָ־אָ, זעסט...״ ליאָניעס שטעקל גייט צו גאָר נאָענט צו אונדזער היימשטאָט. בײַעלע קוקט אים אָן מיט אירע ריינע, ווי אויסגעוואַשענע, אויגן און זאָגט אַרויס פאַרטרוימט:

— אוי, ס'איז עפּעס אזוי אומעטיק אָן סאַליוטן!..

אינעם לאָמפּ אפן טיש גיט דער פלאַם מיטאַמאָל מעשוגנעדיק א שפּרונג מיט צוויי שפּיצן אין דער הייך און הייבט אָן צאַנקען.

— קינדער, מע דאַרף גיכער מאַכן נאַכט! — האָט זיך א כאַפּ געטאָן די מומע מאַלקע.

איך בין אײַנגעשלאָפן, ווי נאָר מײַן לײַב האָט דערפילט די קילקײַט פון געלעגער. אָבער ניט אַף לאַנג. פּלוצלינג אופגעכאַפּט זיך. נאַכט. אין צימער האָט געשלאָגן א קאַלטע שײַן. איך האָב א הייב געטאָן דעם קאָפּ און באַלד אַראָפּגעלאָזט אים צוריק אפן קישן. געבליבן ליגן שטיל פאַר־טײַעט. אנטקעגן מיר איז אין לעוואָנע־שײַן געזעסן אפן ראַנד פון איר אײַזערנער בעט די מומע מאַלקע. זי האָט זיך נאָך, קאָנטיק, ניט געלייגט. אירע פיס, איינער אין א זאָק, דער צווייטער — א באָרוועסער, זײַנען אַראָפּגעהאַנגען, ניט דערלאַנגענדיק דעם דיל. דער קאָפּ איז אָן קויעך אַראָפּגעפאַלן אַף דער ברוסט.

הינטערן פענצטער האָבן זיך דערהערט טריט פון א פאַרשפּעטיקטן דורכגייער. די מומע מאַלקע האָט אופגעציטערט, אומרויִק אופגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעשפּיצט די אויערן, ווי זי וואָלט אַף עמעצן געוואַרט. זאָל איך זי א רוף טאָן? ניין, דאָס האָב איך ניט געוואָגט. ווייס איך ניט, ווי לאַנג זי איז אזוי געזעסן. איך בין געוואָרן מיד. די אויגן האָבן זיך מיר געקלעפּט. דוכט זיך, איך שלאָף. נאָר אלציינס זע איך די מומע מאַלקע, ווי זי זיצט מיט איין פוס א באָרוועסן, מיטן צווייטן אין א זאָק און הערט זיך צו צו דער גאַס. עס עפנט זיך שטיל דאָס פענצטער און ס'באַווײַזט זיך א סאָלדאַט.

— זון מײַנער, — שמייכלט בלייך די מומע מאַלקע. — דאָס העמדל איז אַף דיר ווי אויסגעגאָסן. אליין גענייט. געדענקט דײַן מאָס.

און אָט איז זי שוין באַם פענצטער. זי גיט א גלעט דעם סאָלדאַט אי־בערן אַקסל, טיילט זיך אָפּ פון אים א פוסטער אַרבל.

— אוורעמעלע, ווו איז דײַן האַנט?

זי גיט א גלעט דעם סאָלדאַט איבער דער פּלייצע, בלײַבט אין אירע הענט א פוסט העמדל. גיט זיך די מומע מאַלקע א לאָז צו דער ניי־מאַשין, און עס הייבן אָן פליִען פון אונטער דער נאָדל אַרבל און פּלייצעס, פּלייצעס

און ארבל. די מומע מאלקע זעט מען שוין פון אונטער זיי ניט ארויס. עס וואקסט א בארג. ער וואלגערט זיך אָן אָף מיר. עס פעלט מיר אויס אָטעם.

— לייעלע, וואָס שרײַסטו? ס׳האָט זיך דיר עפּעס געכאָלעמט?

ס׳איז טאָג. די מומע מאלקע שטייט איבער מיר אין איר בלוי געשטריקט קאָפּטל. דאָס פּאָנעם איז פריש אָפּגעוואשן, די גראָווע האָר גלאט פארקעמט. דערזען, אז איך בין וואך, טוט זי אָן געהיט, קעדיי ניט צו צעשויבערן די האָר, איר זויבער־ווײַס טיכל און פארבינדט עס אהינטער. איך קוק אָף דער מומע מאלקעס אויסגעטריקנטע הענט מיט דער געקארבטער געלער הויט און זע אין מײַן דימיען, וויאזוי די דאָזיקע הענט ווען אין א האלבער שאָ ארום געשיקט עפּעס מײַסטרעווען דאָרט אָף דער פאבריק. פון העלגרינעם שטאָף... כאקי־שטאָף, ארבל און פּלייצעס... פּלייצעס און ארבל...

— ווּעסט הײַנט קומען שפּעט? — טוט א פרעג די מומע מאלקע שוין בא דער טיר.

— איך ווייס ניט. ווארט ניט אָף מיר. וויפל מאָל האָב איך אײַך געבעטן, איר זאָלט אָף מיר ניט ווארטן, אויב איך קום שפּעט, זאָלט איר זיך לייגן שלאָפן. — איך בין צערודערט, דעריבער רייד איך אומדערווארט פאר זיך אליין עטוואָס אופגערייצט.

— וואָס ערגערסטו זיך, נארעלע, — האָט מיר געענטפערט די מומע מאלקע. — ס׳איז בא מיר א געוווינהײַט אזא. קאָלזמאן ניט אלע זײַנען דאָ אין דער היים, איז דאָס הארץ ניט אָף אָן אָרט. איך קאָן ניט אײַנשלאָפן.

ווען איך בין ארויס אין גאס, איז מיר געווען פריקרע דער אויסגעשפּילטער טאָג מיט זײַן היץ און בלענדיקער שײַן. כאָטש נעם און שטעל אים ארויס א צונג, ווי דאָס טוט מײַקע, ווען זי איז מיט עפּעס ניט צופרידן: „שוין סאָף זומער, גענוג אויסצופּײַנען זיך! געפונען א צײַט!”

גיי ווייס, אז דאָס איז דאפקע געווען די סאמע פאסיקע צײַט, אז אָט דער טאָג וועט אָף שטענדיק פארבלײַבן אין מײַן זיקאָרן. פון דער ארבעט בין איך געלאָפן אהיים א צעפלאמטע, מיט אויסגעקושטע באקן. ווער עס האָט נאָר גאָט אין הארצן, האָט מיך הײַנט געקושט, אלע מיטארבעטער פון דער רעדאקציע, פּונקט ווי איך וואָלט עס אײַנגענומען די שטאָט, מײַן היימשטאָט. ערשט סאָף טאָג איז אָנגעקומען די יעדיִע. איך לויף א פארפּאליעטע אהיים. צי ווייסט מען שוין דאָרט? צי האָט שוין די ראדיִאָ איבערגעגעבן די נײַס?

די מומע מאלקע איז געזעסן באם פענצטער. קאָנטיק, געווארט אָף מיר.

— איך ווייס, לייעלע, איך ווייס, — האָט זי מיר אָנגעזאָגט נאָך פונדערווײַטנס.

אָן ווערטער נעם איך ארום די מומע מאלקע פון יענער זײַט פענצטער. א היפּשע ווײַלע בלײַבט זי ליגן אין מײַנע אָרעמס, ווי א צוגעשטילט קינד.

א סקריפּ פונעם הויף־טירל. איך קוק זיך אום, גרייט צו לאָזן זיך אנטקעגן יעדן, קעדיי זיך טיילן מיט מײַן פרייד.

אָן אײַנגעבויגענער אונטער א היפּשן ווײַסן זאק, באווײַזט זיך אין הויף יעפים באָריסאָוויטש. דאָס ווײַב זײַנס גיט שטיל אָן עפן די טיר פון קאָרידאָר און פארמאכט זי באלד מיט דער פאָלע פון כאלאט. פונעם סאמע

טויער ביז דער טיר האָט זיך אוועקגעצויגן א שמאָל שטעגעלע: ציכטיקע, ווײַסע גרויפּן, גרויפּן, ווי שטערנדלעך, — רײַז. דער זאק איז, ווײַזט אויס, געווען א לעכערדיקער.

מײַן בליק האָט זיך באגעגנט מיט דער מומע מאלקעס. זי האָט אויך געקוקט אפן ווײַסן שטעגעלע.

— איך טראכט אמאָל, — האָט זי געזאָגט: — וואָס געניסן אזעלכע מענטשן פונעם לעבן? זיי זעען דאָך ניט די ליכטיקע שײַן. ווי די מײַז... אונדז, לייעלע, איז בעסער, ווי זיי, גלייב מיר. זאָלן מיר זיך נאָר אומקערן געזונטערהייט אהיים און די נעפאשעס זאָלן זײַן גאנץ... — זי האָט טרויעריק צוגעגעבן — די, וואָס זײַנען נאָך פאראַן...

אין דרויסן האָט א ווייע געטאָן א לינד ווינטל. די פארגייענדיקע זון האָט זיך געשפּיגלט אין די קלאָרע שויבן פון אונדזער צימער און פאַרויטלט דער מומע מאלקעס אויסגעצערט פּאָנעם.

1964

# טיר־און־טויער זייַנען אָפן

קומט געזונטערהייט! — זאָגט שטיל די מאמע. זי באַגלייט אונדז ביז דער טיר, מיך און דעם טאַטן, פּונקט ווי מיר וואָלטן געווען געסט.

צום אַלעמערשטן לאָזן מיר זיך גיין אין דער עקספּעדיציע. איך גיב אָפּ די „קאַסע", דאָס געלט, וואָס איך האָב אויסגעלייזט בעמעשעך פון דעם נעכטיקן טאָג, און באַקום אַ פּאַק פרישע צייַטונגען, ערשט פון דער מאַשין אַראָפּ. איך בין שוין אַלט דרייַצן יאָר. אַרבעט איך אין אַ קיאָסק. פאַרקויף צייַטונגען. דער טאַטע וויל ניט, איך זאָל שלעפּן אַזאַ מאַסע, מאַסטעט ער אייַן דעם שווערן פּאַק אויפן רעכטן אַקסל און טראָגט אָפּ אין קיאָסק. דאָרט וואַרט מען שוין אויף מיר. די ריי האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ גאַנצן קוואַרטאַל. כמורע, פינצטערע פּענעמער. אין שפּיץ, באַם סאַמע פענצטערל, שטייט איינער, זייער אַ לאַנגער, מיט אַ שמאָלער קייַלעכדיקער פּלייצע.

דער טאַטע גייט שוין ניט, ער לויפט. איך נאָך אים. איך שליס אויף די טיר. דער טאַטע וואַרפט אַראָפּ דעם פּאַק פונעם אַקסל. ער צערייַסט דאָס שטריקל, ציט אַרויס אַ צייַטונג און עסט זיך אייַן אין איר מיט די אויגן. דער טאַטע איז מייַן ערשטער קונה. ער נעמט אַ צייַטונג און צאָלט מיר ערלעך אָפּ פאַר איר. יעדן טאָג אַזוי. נאָר הייַנט... הייַנט האָט דער טאַטע פאַרגעסן מיר אָפּצוצאָלן. ער שטייט אַ ווייַלע פאַרטראַכט מיט אַ פאַרביסענער אונטערשטער ליפּ, ווי ער וואָלט עפּעס ניט געקאָנט באַ זיך פועלן. ער גיט מיר אַ ווייַז די צייַטונג:

— פאַרשטייסט, לייעלע, טאָמער וואָס, גלייַך אַהיים.

דער טאַטע גייט אַוועק אייַלנדיק אויף דער אַרבעט.

אין פענצטערל פויקן אומגעדולדיקע פינגער. איך קלעטער אַרויף אויפן הויכן טאַבורעט און עפן דאָס פענצטערל. איך דערפיל דעם באַריר פון אַ טרוקענער הייסער דלאָניע. די ערשטע צייַטונג ווערט באַ מיר אַרויסגעריסן. פאַרוואָס נעמט קיינער ניט די צווייטע? איך קוק אַרויס דורכן פענצטערל, איך זע נאָר אַ שאַרפן קנאָפּ, וואָס גייט אויף און אָפּ אויף אַ לאַנגן דאַרן האַלדז. דער קנאָפּ וויל ניט אָפּטרעטן פונעם פענצטערל. ער לייענט די צייַטונג פון אויבן אַראָפּ.

איבער דער ריי גייט דורך אַ געמורמל. מע ווייסט שוין: מע האָט שוין, ווייַזט אויס, איבערגעלייענט אינעם לאַנגנס פאַנאַנדערגענומענע העַנט די

מוירעדיק גרויסע אויסיעס אף דער ערשטער זײַט, סאמע אויבן. מע שטופּט אים אָפּ, מע שפּארט זיך איינס איבערן אנדערן צום פענצטערל. איך דער־לאנג און דערלאנג דורך דעם די הײַנטיקע צײַטונג, און מיר איז א ראכמאָ־נעס אף די מענטשן, וואָס באקומען זי פון מיר. יעדערן זאָג איך „פּאָזשאַ־לויסטא", ווי שטענדיק, ווי געוויינלעך.

— דער רעוואָליוציע דארף מען דינען מיט איידלקײַט,— אזוי האָט מיר פארזאָגט דער טאטע, איידער איך האָב דאָס ערשטע מאָל געעפנט דאָס פענצטערל פונעם קיאָסק.

עס טריקנט מיר דער גומען. די צונג איז ווי א הילצערנע. זי פארפולט דאָס גאנצע מויל. נאָר זאָל מען מיך שנײַדן אף שטיקער, וועל איך ניט אופהערן צו איבערכאזערן מײַן „פּאָזשאלויסטא". מיט דעם דין איך דער רעוואָליוציע.

מיט די צײַטונגען האָב איך זיך גיך אָפּגעפּארטיקט. זאָל איך צוגיין צו דעם טאטן אף דער ארבעט? עס האָט מיך אָפּגעשטעלט א ווײַטער קנאל. איינער און נאָך איינער. פאר די אויגן האָבן א שוועב געטאָן לויפנדיקע פּיס. מיט א טראסקערײַ האָבן זיך פארמאכט לאָדן, טירן און טויערן. און שוין. האלבער טאָג. זומער. עס שײַנט די זון. און איך שטיי איינע אליין אף דער ברייטער גאס, דער שענסטער אין אונדזער שטאָט, וואָס איז מיטאַ־מאָל בלינד און טויב געוואָרן.

עס קנאלט אלץ נעענטער און אָפטער. איך לאָז זיך לויפן אהיים. גיט מיך עמעצער א כאַפּ פאר דער האנט און א שלעפּ ארײַן אין הויף. איך דערזע פאר זיך א ריז מיט לאנגע וואָנצעס. ער לאָזט מיך אָפּ און פארשליסט דעם ברייטן אײַזערנעם טויער.

— די מאדאם פונדילער בעט אײַך צום טיש.

וועמען? מיך? איך קוק זיך אום פארוווּנדערט און דערזע, אז אויסער מיר און דעם ריז זײַנען אינעם הויף פאראן נאָך מענטשן, עלטערע און יונגערע. אויך קינדער — יינגלעך און מיידלעך. אלע זייער שיין אָנגעטאָ־נענע. הויך ריידנדיק צווישן זיך, נעמען זיי אראָפּלאָזן זיך ערגעץ אין דער נידער. דער מיט די וואָנצעס שטופּט מיך לײַכט אונטער:

— גיי, גיי מיט זיי. וואָס שטייסטו?

ס'איז געווען א גערוימער און א ציכטיקער קעלער מיט פארגראטעוועטע פענצטער. אינמיטן איז געשטאנען א לאנגער טיש, מיט א ווײַסן סערוועט באדעקט. די אראָפּגעקומענע האָבן מיט ראַש צערוקט די גרינע פּליושענע שטולן מיט די הויכע ווענטלעך. ווען זיי האָבן זיך פאנאנדערגעזעצט, ווער אף רעכטס, ווער אף לינקס, — האָב איך דערזען אויבנאָן אן אײַזערנעם בוזעם, א באצויגענעם מיט ווײַסן זײַד. דער בוזעם איז צוגעשמידט צום טיש. ניט ער רירט זיך, ניט ער עטעמט. באביידע זײַטן זײַנע זײַטן האָבן אין פּילרערנדיקע לײַכטערס געברענט ליכט.

אף מיר האָט קיינער קיין אכט ניט געלייגט. האָב איך זיך פארשלאָגן אין א ווינקל פון קעלער. דאָרט איז אפּן דיל געזעסן נאָך א מיידעלע אין מײַן עלטער. פארקוועטשט איןביידע זשמעניעס די עקן פון אירע געלע צעפּלעך, האָט זי ווי א פארקישעפטע געקוקט אהין, צום אויבנאָן פון טיש.

איך האָב זיך שטיל אַראָפּגעלאָזט לעבן איר אַפן דיל. אונדזער ערשטע באַקאַנטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן אָן אַ וואָרט צו ריידן.

אַ מיידל אין אַ ווייס פאַרטעכל און אַ ווייסער קרוין מיט שפּיצן אַפן קאָפּ האָט אַרייַנגעטראָגן אַ געבלומטן בלויען פּאָלומעסעק. די אייגנטימערן פונעם בוזעם, וויַיזט אויס, די מאַדאַם פונדילער אַליין, אָט די, וואָס האָט געבעטן צום טיש, האָט גענומען פאַנאַנדערגיסן דעם זופּ אין די טעלער. די שייַן פון די ברענענדיקע ליכט איז מיט יעדן קער פונעם קאָכלעפל געפאַלן אַף אירע הענט, ווו צווישן דעם בלישטשענדיקן גאָלד זייַנען ווי ווילד־שוואָמען געוואַקסן צוגעפּלעטשטע דיקע בראָדעווקעס.

— לעכאַים! — האָט עמעצער אויסגערופן באַם טיש. — פאַר אַ פעסטער מאַכט! — „לעכאַים" אַף יידיש און דאָס איבעריקע אַף רוסיש.

אינמיטן דעם געפּילדער, וואָס האָט זיך אופגעהויבן באַם טיש, האָב איך דערהערט לעבן זיך אַ שאַרך, און אין מייַן דלאָניע האָט זיך אַרייַנגעגליטשט עפּעס גלאַטיקס און קיַילעכדיקס — אַן איי.

— ס'איז אַ רוי איי, — האָט מיר אייַנגערוימט אַפן אויער מייַן נייַע כאַווערטע, — טרינק אויס.

ווי מייַזלעך קלאַפּן מיר ביידע אין דיל. אַ קלאַפּ און אַרומגעקוקט זיך. אַ קלאַפּ און אָפּגעוואַרט. די שאָלעכץ פּלאַצט. מיר קאַלופּען אָפּ צו שטיקע־לעך פון אויבן. באַ מיר ליגט אין קעשענע אַ בייגל, וואָס די מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן אינדערפרי. צעטיילן מיר אים אַף דער העלפט און פאַרטרינקען מיט פרישע אייער. יעדערע צו דריַי. אין קוישל זייַנען געבליבן נאָך פיר. נאָר מער גיט זי ניט, דאָס מיידעלע מיט די געלע צעפּלעך. זי שטעלט אַוועק דאָס קוישל צו זיך אַף די קני און דעקט עס איבער מיטן ווייַסן טיכל.

— ס'איז פאַר מייַן ברודער. ער איז געווען אַף מילכאָמע, מייַן ברודער, ער שפּייַט מיט בלוט, — באַרימט זי זיך פאַר מיר.

אַ זומערדיקער טאָג ציט זיך לאַנג. אָוביפּראַט, אַז מע איז הונגעריק. איך געדענק ניט, וויאַזוי איך בין אייַנגעשלאָפן. אופגעכאַפּט זיך און ניט געוווּסט — ס'איז דער זעלבער טאָג צי אַ נייַער. דורך די פאַרגראַטעוועטע פענצטער האָט זיך געזיפּט אַ קאַרגע שייַן. אַזוי איז געווען אויך פריִער. אַפן טיש אָבער, דערמאָן איך זיך, האָבן דאַן געברענט ליכט. דערנאָך זייַנען די פענצטער געווען שוואַרץ, און דאָס מיידל מיט דער ווייַסער קרוין אַפן קאָפּ האָט אַוועקגעשטעלט אַפן טיש אַ גרויסן בליץ־לאָמפּ. איז דורכגעגאַנ־גען, הייסט עס, אַ נאַכט. ס'איז געווען נעכטן.

דער קעלער איז פּוסט. נאָר איך און דאָס מיידעלע מיט די געלע צעפּלעך. זי איז געלעגן צונויפגעקאָרטשעט לעבן מיר אַפן דיל און געשמאַק געשלאָפן. קיין שיסערייַ האָט מען מער ניט געהערט. איך האָב אַ שטויס געטאָן מייַן נייַע כאַווערטע מיטן עלנבויגן. זי האָט זיך אופגעזעצט מיט פאַרמאַכטע אויגן און געזאָגט:

— איך וויל עסן.

דערנאָך אופגעשפּרונגען אַף די פיס, אַ כאַפּ געטאָן אַפן אָרעם דאָס געפלאָכטענע קוישל און אונטערגעהויבן אַן עק פונעם ווייַסן טיכל, צי זייַנען גאַנץ די פיר איבערגעבליבענע אייער.

— קום! — האָט זי געזאָגט. — קום פונדאַנען.

זי האָט זיך געלאָזט לויפן צום אַרויסגאַנג. אַרופגעשפּרונגען אויפן אייבערשטן טרעפּל, געעפנט די טיר און געבליבן שטיין אַ דינינקע, אַ לאַנגפיסיקע, באַגאָסן פון קאָפּ ביז די פיס מיט זון.

— דאָס זײַנען געווען בורזשויעס! — האָט זי מיר פאַרטרויט אַ סאָד. אירע שיטערע ווײַסע ציינדלעך האָבן געלאַכט. און די געלע צעפּלעך האָבן געלאַכט. און דאָס פאַריסענע נעזל און די זומערשפּרענקעלעך בײַ די זײַטן פונעם נעזל, אַלץ אין איר האָט געלאַכט.

אויפן הויף האָבן מיר געטראָפן נאָר דעם מיט די וואָנצעס. ער האָט געלאָזן אַרויסגעצויגן פון ביידע הויזן־קעשענעס צו צוויי גרויסע רויטע עפּל און שווײַגנדיק אונדז מעכאַבעד געווען. דערנאָך געעפנט דעם טויער און אַרויסגעלאָזט אונדז אויף דער גאַס. מײַן נײַע כאַווערטע האָט זיך אײַנגעביסן מיט די שאַרפע שיטערע ציינדלעך אין אַן עפּל, פריילעך אַ פּאָכע געטאָן צו מיר מיט דער האַנט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטערן ראָג. מער האָב איך זי קיינמאָל ניט געזען.

און ווידער בין איך געבליבן איינע אַליין אין גאַס צווישן פאַריגלטע לאָדן, פאַרשלאָסענע טירן און טויערן. פּוסט. שטיל. נאָר אין דער שטילקײַט הער איך פאַרדומפּפענע גוואַלדן, וואָס איך ווייס ניט, פונוואַנען זיי קומען. עס גיט פּלוצלינג אַ הילך אַ טרוקענער שאָס. אָן אָטעם בין איך געקומען צו לויפן אַהיים.

אונדזער טיר איז דאַפקע אָפן. דאָס פענצטער אויך. אָן שויבן. דער טיש ליגט אינמיטן צימער מיט די פיסלעך אַרויף. דער טישטעך, אויף וועלכן מיר האָבן נעכטן געגעסן אָנבײַסן, מיר אַלע, איך, דער טאַטע, די מאַמע, מײַן שוועסטער ריסל, מײַנע ברידער שלוימקע און בערל, איז איצט גאָר פאַרוואָרפן אויפן אַלמער. זײַנע עקן הענגען אַראָפּ פון דער הייך, ווי פאַרכאַלעשטע הענט.

— מאַמע! — וויין איך אַרויס און פאַרדריק מיט ביידע פויסטן דאָס מויל.

אין דעם באַווײַזט זיך אין דער צעפּראַלטער טיר די מאַמע מיט אַ גרויסן לאַבן ברויט אין די הענט, פון הינטן גייט מײַן שוועסטער ריסל. זיי פרעגן מיך וועגן גאָרנישט. די מאַמע דריקט מיך שווײַגנדיק צו צו דער ברוסט. דערנאָך שטעלט זי אַוועק דעם טיש אויף די פיסלעך. זי גיט אַ זוך מיט די אויגן, און ניט געפינענדיק דאָס, וואָס זי דאַרף, ברעכט זי אָפּ אַ היפּשן קראַיעץ פונעם לאַבן ברויט און דערלאַנגט מיר.

מײַן שוועסטער האַלט מיך אין איין קושן. נאָר די מאַמע שרײַט אויף איר אָן:

— גיכער, אין בעט אַרײַן! נאַ, בינד זיך אַרום דעם קאָפּ. — זי הייבט אויף פון דיל אַ צעריסענעם האַנטעך און דערלאַנגט ריסלען. — ברייטער, ברייטער, נעם אים פאַנאַנדער, נאָר די נאָז זאָל שטעקן. און פויל זיך ניט צו קרעכצן...

דער טאַטע איז געקומען.

— אַ דאַנק דיר, ריבוינעשעלוילעם, — שרײַט אויס די מאַמע. זי פאַרגעסט, אַז מיט גאָט איז זי שוין לאַנג צעקריגט.

— ווו ביסטו געווען, לייעלע? — פרעגט דער טאטע. — דאָס בין איך דאָך געגאַנגען דיך זוכן.

— וואָס הערט זיך אין שטאָט? — שלאָגט אים איבער ריסל. — רוּיק? דיך האָט קיינער ניט אָפּגעשטעלט?

— און אז אָפּגעשטעלט, איז וואָס? זיי איז ניט געפעלן געוואָרן, וואָס בא מיר וואקסט ניט קיין לאנגע באָרד. ניטאָ וואָס צו אָפּשנײַדן. מיילע, אבי זיך אויסגעדרייט. — דער טאטע שווײַגט א ווײַלע. — עפשער וואָלט מען באדארפט איבערזיצן נאָך א ביסל בא מארילעס? — זאָגט ער שוין ניט אזוי האָפּערדיק.

— איך וויל ניט, מע זאָל אַף מיר ראכמאָנעס האָבן. גענוג. דו סט׳געהערט, ווי דער אלטער מרוק האָט די גאנצע נאכט געפּרעפּלט און געציילעמט זיך? איבער די אנטיכריסטן זאָל אין זײַן שטוב קיין באָמבע ניט טרעפן. — די מאמע שלעפּט מיט האסט ארויס אן אויסגעליידיקטן שופלאָד פון קאָמאָד און טוט אים א שלײַדער אָן דר׳ערד: — אָט איז אלץ, וואָס איך פארמאָג, זאָלן זיי קומען, זאָלן זיי קומען נאָכאמאָל. טיר־און־טויער זײַנען אָפן.

זי בלײַבט מיטאמאָל שטיל און לאָזט זיך אראָפּ אפן איבערגעקערטן שופלאָד. מיר ווערט זייער שרעקלעך. מיר דוכט, מײַן מאמע זיצט נאָך עמעצן שיווע. זי פארגראָבט דאָס פּאָנעם אין די הענט. איר קערפּער נעמט זיך שאָקלען אַף רעכטס און אַף לינקס. די אקסלען ציטערן:

— קינדער מײַנע! יינגעלעך מײַנע!

— מע גייט! — זאָגט אָן דער טאטע.

די מאמע גלײַכט זיך אויס:

— איטשע, זעץ זיך בא ריסלען צופוסנס. לייקע, קריך אונטערן בעט.

איך האָב די מאמע ניט געפאָלגט, ווײַל מיך האָבן די פיס ניט געפאָלגט. איך בין געבליבן זיצן באם טיש. די מאמע האָט זיך ווידער אראָפּגעלאָזט אפן איבערגעקערטן שופלאָד.

זיי האָבן זיך ארופגעכאפּט אַף די דרײַ הילצערנע טרעפּלעך און מיט רעציכע א ריס געטאָן צו זיך די טיר, וואָס דער טאטע האָט געהאט פאר־מאכט. זיי האָבן פארפולט מיט זיך דעם גאנצן צימער, צוויי יונגע געזונטע מענער אין פירקאנטיקע שפּיציקע היטלען, מיט זילבער־שנורן באפוצטע. באטראכט מיט פאררדראָס די ארבעט פון זייערע פאָרגייער, דעם כורבן אין שטוב. איינער האָט אראָפּגעשלעפּט דעם טישטעך פון אלמער, דער צווייטער האָט ארײַנגעקוקט אינעם צימער, ווו ס׳איז געלעגן מײַן שוועסטער ריסל, און דער טאטע איז געזעסן בא איר צופוסנס.

— כטאָ טאָ יעסט?[1] — האָט ער א רעווע געטאָן. — באָלשעוויק?

— ניע, פּאניע, טאָ מאָיא צורקא באָלנא. סיפּנאָי טיף, פּאניע, — די מאמע האָט א פינטל געטאָן מיט די פינגער פון איין האנט אין דער צווייטער. — יאק קוועטאָטשקי[2].

דער צונויפגעדרייטער טישטעך איז מיט שרעק אָפּגעשלײַדערט געוואָרן אָן א זײַט. די „געסט״ האָט ווי מיטן ווינט ארויסגעטראָגן.

[1] ווער איז דאָס? (פּויליש); [2] ניין, פּאניע, דאָס איז מײַן טאָכטער קראנק. א פלעק־טיפוס, פּאניע. ווי קווייטעלעך (א געמיש פון פּויליש און ווײַסרוסיש).

אָפּגעוואַרט אַ ביסל, איז דער טאַטע אַרויס און צוגעמאַכט די לאָדן אײנעם צימער, וווּ ס'איז געלעגן ריסל. אינעם גרעסערן צימער איז אײן האַלבער לאָדן געווען אינגאַנצן אַראָפּגעריסן און די צווײטע האַלב האָט זיך געהאַלטן אויף אַ האָר. דער טאַטע איז צוריק אַרײַן, צוגעזעצט זיך און, ניט קוקנדיק אויף קײנעם, געזאָגט ווי צום ווענטל פֿון שטול:

— אויפֿן בריק ליגן צוויי געהרגעטע. אַ רויטאַרמײער און אַ מײדעלע פֿון אַ יאָר צוועלף. מע לאָזט זיי ניט מעקאַבער זײַן.

— דאָס מײדעלע קען איך, טאַטע, זי איז מיט געלע צעפּלעך, יע?

האָב איך דאָס געזאָגט צי ניט געזאָגט? ס'איז מיר מאָדנע קאַלט. איך בין מעקאַנע ריסלען. זי ליגט אין בעט. אין צימער בײַ איר איז טונקל. און דאָ שנײַדט מיר די ליכט אין די אויגן. איך וויל, מע זאָל מיר אויך אַרומבינדן דעם קאָפּ. שטײַף־שטײַף... און שלוימקע מיט בערלען, וויל איך, זאָלן קומען. וווּ זײַנען זיי?

מײַן קאָפּ גיט אַ פֿאַל אויפֿן טיש. אַ קעלער מיט גראַטעס אויף די פֿענצטער. אויפֿן דיל ליגט אַ מעס איבערגעדעקט מיט שוואַרצן. צוקאָפּנס בײַ אים אַ גרויסער בליץ־לאָמפּ. צוויי גראָבע הענט, באַזעצטע מיט בראָדעוווקעס, האַלטן איבערן מעס אַ גאָפּל מיט אַ מעסער, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן אָפּשנײַדן פֿון אים אַ שטיקל. עמעצער שרײַט: „לעכאַיִם!" אין עק פֿון דער שוואַרצער טוך הייבט זיך אונטער, און עס קוקט אַרויס פֿון דאָרטן דאָס מײדעלע מיט די געלע צעפּלעך. זי גיט שטיפֿעריש אַ ווינק צו מיר מיט אײן אויג און לאַכט, און לאַכט... „דאָס קינד איז מעסוקן!" — דערטראָגט זיך צו מיר ווי פֿונדערווײַטנס מײַן מאַמעס קאָל.

אַזוי איז צו אונדז אין שטוב מיט די אויסגעשלאָגענע שויבן און אויסגעלײדיקטע שופֿלאָדן געקומען נאָך אַ גאַסט — די שפּאַנקע, אַ קרענק, פֿון וועלכער מיר האָבן ביז דאַן ניט געהערט.

אין מײַנע היציקע כאַלוימעס בײַס דער קרענק האָבן מיך געפּײַניקט צוויי בענקשאַפֿטן — נאָכן מײדעלע מיט די געלע צעפּלעך (איר נאָמען האָב איך ניט געוווּסט) און נאָך מײַנע ברידער שלוימקע און בערל, וועלכע זײַנען אַוועק פֿון שטאָט מיט די לעצטע טײלן פֿון דער רויטער אַרמײ און זיך שוין קײנמאָל ניט אומגעקערט.

1966

# דער שלאָס פונעם פירשט בערגער

איך האָב שטאַרק ליב געהאַט מײַן לערערקע. זי איז געווען זייער א שיינע. עפשער נאָך שענער פון מײַן מאמען. זי איז געווען א שטרענגע און א קיניגלעך־שטאָלצע. האָב איך זי געשטעלט העכער פון אלע מענטשן, וואָס איך האָב געקענט. איר נאָמען אליין האָט בא מיר ארויסגערופן דרעכ־ערעץ. פּאָלינא וולאַדימיראָוונא — ביז דעם טאָג, ווען דער טאַטע האָט מיך אָפּגעפירט אין דער רוסישער אָנפאַנג־שול פאר יידישע מיידלעך, האָב איך אזא נאָמען ניט געהערט.

מיר האָט זיך זייער געוואָלט אויסנעמען בא איר, בא מײַן שיינער און שטאָלצער לערערקע. בייס די לימודים האָב איך ניט אראָפּגענומען די אויגן פון איר לויטער פּאָנעם, וואָס האָט שטענדיק אויסגעזען ווי ערשט אָפּגע־וואשן, און געטרוימט, אז אָט וועט זי צו מיר א שמייכל טאָן, אָט וועט זי מיר שטעלן א פינף. מיטן גאנצן הארצן האָב איך געוואָלט זיך לערנען גוט. געלערנט האָב איך זיך שלעכט.

אין דער היים פלעג איך אויספילן אלע שול־פארגעבונגען און ווי ס׳דארף צו זײַן, אָן קיינעמס הילף. אין קלאַס פלעג איך שטעלן „בולקעס״ אין העפט, און אפן ברייטן שווארצן טאָוול האָב איך געשריבן אזוי פּאַמע־לעך, ווי עמעצער וואָלט מיך בייסמײַסע געהאלטן פאר א האנט. אין דער היים האָב איך דעקלינירט, ווי א מאַזיק, הויך אפן קאָל: „סטאָל, סטאָלא, סטאָלו; סאָבאקא, סאָבאקי, סאָבאקע״. נאָר קוים האָט די לערערקע מיך אָנגעקוקט און צוליב אָנשוילעכקײַט געשטעלט די פראגע אף אזא אויפן: „קאָווא, טשטאָ יא וויזשו?״ האָב איך ניט געקאָנט פויעלן בא זיך צו ענט־פערן: „סטאָל״ אָדער „סאָבאקו״.

צום סאָף יאָר האָט דער לערערקעס פעסטע האנט אויסגעשטעלט אין אלע קעסטעלעך פון מײַן טאבעל אקוראט אויסגעדריידלטע דרײַען. באַם סאַמע עק נאָר איז געשטאנען א יאָסעם — א פינף — פאר גוטער אופֿי־רונג. איך האָב ארײַנגעקוקט אין דעם טאבעל און... אין א מינוט ארום האָב איך שוין ניט געדענקט, ווו איך האָב אים אהינגעטאָן. ער איז פאר מיר געווען ווי ניט געווען. אין שטוב בין איך ארײַנגעלאָפן א צופרידענע, אויסגעשריגן הויך אף א קאָל: „טאַטע, איינע פינפן!״ — און ארויס אין הויף שפילן מיט די כאוורטעס אין צייכנס.

דארף זיך מאכן אין א שאבעסדיקן זומער־טאָג, גיי איך מיטן טאַטן אין גאס און אנטקעגן קומט אונדז אָן פּאַלינא וולאדימיראָוונא. א שיינע, א שטאלטנע, אין ווײַסע הענטשקעלעך, מיט א קליין שירעמל פון ווײַסן האפט, האָט זי אף אונדזער באגריסונג געענטפערט מיט א מאיעסטעטיש־ליבן שמייכל און איז זיך ווײַטער געגאנגען איר וועג. פאלט אײַן מײַן טאַטן אָפּצושטעלן זי, קעדיי צו באדאנקען פאר מײַנע גרויסע דערפאָלגן. לעכאטכילע האָט די לערערקע אויסגעזען פארוואונדערט. דערנאָך האָבן אירע שיינע ברעמען א פלי געטאָן אין דער הייך.

— דעם טאַטעל האָט איר געזען?

איך האָב מיט האסט ארויסגעריסן מײַן האנט פון דעם טאַטנס און גע־לאָזט זיך לויפן.

געלאָפן בין איך לאנג. איך בין געלאָפן פון טאַטע־מאמע, פון דער היים, פון שול, פון שטאָט. געלאָפן, ביז עס האָט מיר אָנגעהויבן שטעכן אין א זײַט און ס'האָט מיר פארפעלט אָטעם. אָפּגעשטעלט אָבער האָב איך זיך ניט. כ'האָב נאָר פארלאנגזאמט דעם טראָט. און דאָ ערשט האָב איך דערפילט טרערן אף די באקן. עפשער בין איך געווען א פארדאָרבן קינד, נאָר איך מוז זיך מוידע זײַן, אז דאָס זײַנען געווען ניט קיין טרערן פון כאראָטע. צום ערשטן מאָל איז פאר מיר אופגעקומען די פראגע, פארוואָס האָט די לערערקע מיר געשטעלט דרײַען, בייס איך האָב אלץ געוווּסט ניט ערגער פון אנדערע. ווען זי זאָגט מיר כאָטש א גוט וואָרט, וואָלט איך איר אף אלץ געענטפערט. צום ערשטן מאָל האָט זיך אין מײַנע אויגן א וואקל געטאָן מײַן אָפּגאָט, און איך בין געגאנגען אין דער וועלט ארײַן און געוויינט פון ליבע און אנטוישונג. אזוי האָט עס מיך פארטראָגן אזש אפן רוסישן צווינ־טער. דאָ, אף א גרין בערגל מיט א הילצערנעם ציילעם צוקאָפּנס, האָט מען מיך אָוונט־צײַט אופגעזוכט א שלאָפנדיקע, מיט אן אופגעלאָפן, פארמורזעט פּאָנעם.

ניט יענעם טאָג, ניט שפּעטער האָב איך בא אונדז אין שטוב קיין וואָרט ניט געהערט וועגן דער מײַסע מיט דעם טאַטעל. ווען איך בין געקומען הארבסט אין שול, האָט אויך די לערערקע מיר גאָרנישט דערמאָנט. האָב איך אין צווייטן קלאס אויסגעלערנט זיך מיט אלעמען גלײַך צו ציִען די רעכטע האנט אין דער הייך, ווען איך האָב געהאט וואָס צו זאָגן, און די וווּנד אין מײַן הארצן האָט זיך ביסלעכווײַז פארצויגן מיט א הײַטל. האָט אָבער בישכיינעס מיט אונדז, א שטוב לעבן א שטוב, געוווינט ניסל כאָנע דעם מעלאמעדס, א ביטער ניסל. קיין איין זינד מײַנע האָט ער מיר קיינ־מאָל ניט מויכל געווען.

ניסל איז געווען א טויבלעך בייז ייִנגל מיט א יאָר דרײַ—פיר עלטער פון מיר. זײַן גוטער קאָפּ האָט געהאט א שעם בא אונדז אין גאס. און ווײַל ער האָט געהאט אזא גוטן קאָפּ, האָט ער זיך געלערנט אין דער רעאַל־שול. און ווײַל ער האָט זיך געלערנט אין דער רעאַל־שול, האָט אים זײַן מאמע, מערע די מעלאמעדקע, אָפּטלעך אונטערגעשאַרט א פּעטערן ביסן. ניסל פלעגט, אפילע ניט אומקוקנדיק זיך, א רוק טאָן די טעלער פון זיך מיט אזא רוגזע, ווי די מאמע וואָלט געווען זײַן גרעסטער סוינע.

איך האָב אָבער געוווּסט, אַז דעם „פּעטערן ביסן" לאָזט ער אַף אַזאַ אויפן איבער פאַר די ייִנגערע קינדער.

פליִ איך איינמאָל אָן אין הויף אַף ניסלען, און ער טוט אַ זאָג סטאַם אַזוי, אין דער לופט אַרײַן, מיט אַ כוויזעקדיקן שמאָרע מיט דער נאָז:

— איינע פינפן, האַ?

פונוואַנען האָט ער זיך דערוווּסט? פאַר מיר איז עס געווען אַ רעטע־ניש, נאָר פון יענעם טאָג אָן האָט מיך ניסל געהאַלטן פאַר אַ ליגנערקע און ס'איז ניט געווען אַזאַ קראַפּט אַף דער וועלט, וואָס זאָל אים איבער־צײַגן, אַז אַ ליגן איז פאַר מיר געווען דער טאַבעל און די פינפן — אַן עמעס.

און איך בין אין ניסלען געווען פאַרליבט. ווען ער פלעגט זיך באַווײַזן אין הויף, לייענענדיק אין גאַנג אַ בוך, איבער זײַן שלעכט הערן אָן אָפּגעּ־שיידטער פון אַלץ און פון אַלעמען, פלעג איך בלײַבן שטיין אַ פאַר־צאַפּלטע. ניט נאָר די קאַרגע רייד זײַנע, נאָר אַפילו די אָפּטע אויפגערייצט־קײַט האָב איך אויפגענומען ווי אַ סימען פון גרויסקײַט. איך האָב ליב געהאַט, זיצנדיק פאַרטײַעט אין אַ ווינקל, צוהערן זיך, ווי אַזוי מײַן טאַטע רעדט מיט אים ווי מיט אַ דערוואַקסענעם וועגן איינעם אַ מענטש מיט אַ מאָדנעם נאָמען שפּינאָזע, וועלכער האָט אַלץ געוווּסט, אַלץ פאַרשטאַנען בעסער פון יעדערן. און איך האָב ראַכמאָנעס געהאַט אַפן דאָזיקן שפּינאָזע, כאָטש פאַרשטיין אַקוראַט, וואָס האָט מיט אים געטראָפן, האָב איך ניט געקאָנט. איך האָב נאָר געוווּסט, אַז געמיינע לײַט האָבן אים אָפּגעטאָן עפּעס זייער אַ מיִעס שפּיצל. איך האָב ראַכמאָנעס געהאַט סײַ אַף שפּינאָזען, סײַ אַף ניסלען. אין מײַן פאַרשטעלונג זײַנען זיי געוואָרן איינס. שפּינאָזע האָט אויך אַוודאי גערעדט מיט רוגזע, קעדיי אויסצובאַהאַלטן זײַן גוטס־קײַט. צו נײַן — צען יאָר האָב איך וועגן יעדן מענטשן, וואָס איך האָב געזען אָדער אַפילו נאָר געהערט וועגן אים, דאָס ערשטע נאָכגעפרעגט זיך: „ער איז אַ גוטער?"

און ניסל האָט אין מײַן זײַט ניט געקוקט. האָט ער מיך ווען יאָ באַ־מערקט, איז נאָר אויסגעלאַכט, נאָר אָנגעטאָן ביזיוינעס:

— וואָס, אַ נײַע באָבעמײַסע אויסגעטראַכט?

איך האָב שטאַרק ליב געהאַט מײַן כאַווערטע פאַניע בערגער. זי איז געווען זייער אַ שיינע. עפּשער נאָך שענער פון דער לערערקע. און אַ לאַכערקע, און אַ שטיפערקע, און געטאָן האָט זי יעדער זאַך מאָדנע פלינק. איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט כאַפּן מיטן אויג, וויאַזוי איר דינינקע פיגור שיילט זיך אויס פונעם ווינטער־מאַנטל מיטן ווײַסן פוטערנעם קעלנערל; וויאַזוי איר קאָפּ דרייט זיך אַרויס פונעם הויכן וואָלענעם באַשליק מיט די לאַנגע עקן אַרומגענומען אַרום האַלדז. און אָט לויפט שוין פאַניע מיט אַ הילכיקן קוויטש איבערן קאָרידאָר און צוויי גרויסע סטענגעס טאַנצן אַף איר פלייצע איבערן ברוינעם גימנאַזיסטן־קלייד. אויסער איר האָט קיין איין מיידל באַ אונדז אין שול ניט אָנגעטאָן זיך, ווי אַ גימנאַזיסטקע.

פאַניעס שיינער קאָפּ מיט די פיר צעפּ — צוויי דינינקע איבער די אויערן, אַרײַנגעפלאָכטן אין צוויי דיקערע אַף דער פּלייצע, — דרייט זיך בייס די לימודים אין אַלע זײַטן. דער שכיינע פון רעכטס שטעלט פאַניע ארויס א צונג, דער שכיינע פון פאָרנט גיט זי א קיצל אונטערן אָרעם. ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דער לערערקעס דערקלערונגען זײַנען איר קלאָל ניט אָנגעגאַנגען. קוים אָבער האָט מען זי אויסגערופן, האָט דאָס שטיקל קרײַד אין איר האַנט געקלאַפּט איבערן טאָוול פּונקט אַזוי זיכער און פריי־לעך, ווי אירע שיכלעך איבערן דיל פונעם שול־קאָרידאָר. שפּילנדיק מיט די כיין־גריבלעך אַף די רויטע בעקלעך, האָט פאַניע געענטפערט אַף אַלע פראַגעס. זי האָט אַלץ געוווּסט. זי האָט באַקומען איינע פינפן. וואָס זשע איז דער וווּנדער, אַז איך האָב געוואָלט ווערן מיט פאַניען כאַווער? און געוואָרן. כאָטש אָנגעהויבן האָט זיך אונדזער פרײַנטשאַפט פון א באַרויגעז.

געווען איז עס אַזוי: איבער עפּעס א שולד איז פאַניע בערגער געשטאַנען אין ווינקל. האָט זי הינטער דער לערערקעס פּלייצעס געמאַכט אַזעלכע האַוויַעס, אַז דער גאַנצער קלאַס האָט געלאַכט.

— הײַנט וועסטו גיין אַהיים די לעצטע, — האָט מיט איר רויִקער שטים געזאָגט די לערערקע. — קאָלזמאַן כאָטש איין שילערן וועט בלײַבן אין קלאַס, זאָלסטו זיך ניט רירן פון אָרט.

איך האָב אויסגעוואַרט, ביז אַלע זײַנען זיך צעגאַנגען, און ארויס אַף דער גאַס צוזאַמען מיט פאַניע בערגער.

— ווו וווינסטו? — האָט זי מיך געפרעגט.

— הינטערן בריק. און דו?

— איך? אָן דאָרט. פאַרן בריק.

— ווייסט, — האָב איך אומגעריכט פאַר זיך אַליין אויסגעשאָסן, — מײַן פעטער איז א גאַזלען.

— דײַן פעטער?

— נו, יאָ. מײַן מאַמעס ברודער.

— א גאַזלען?

— א גאַזלען. ער האָט אָפּגענומען בא מײַן מאַמען די ירושע.

— פאַרוואָס האָט ער אָפּגענומען בא איר די ירושע?

— אָט אַזוי... ווײַל ער איז א גאַזלען.

— דײַן פעטער וווינט אין וואַלד? — האָט זי געפרעגט.

— מײַן פעטער? ער וווינט אין ראַדאָשקאָוויטש...

פאַניע איז געבליבן שטיין און אָפּגעבריט מיך מיט אירע שוואַרצע שעל־מישע אויגן.

— הער אויף, — האָט זי אויסגעשריִען. — דײַן פעטער איז ניט קיין גאַזלען. א גאַזלען וווינט אין וואַלד. מיסטאַמע האָסטו אינגאַנצן ניט קיין פעטער.

— מײַן מאַמע זאָגט טאַקע, — האָב איך געפּרוּווט ראַטעווען די לאַגע, — אַז מע לעבט, ווי אין א וואַלד.

נאָר פאַניע איז שוין געלאָפן איבער דער בריק און אַף איר פּלייצע האָט אונטערגעטאַנצט די פול געפּאַקטע שול־טעקע.

איך בין געבליבן אליין באם פארפראָרענעם טײַך, און ס׳איז ניט געווען אױף דער וועלט קיין מענטש אומגליקלעכער פון מיר. קיינער, קיינער דארף מיך ניט. קיינער האָט מיך ניט ליב. אלע האלטן מיך פאר א ליגנערקע.

אױף מאָרגן האָבן מיר זיך איבערגעבעטן. פאניע איז די ערשטע צו מיר צוגעגאנגען און נאָך די לימודים געבעטן צו זיך אהיים. מיר האָבן צוזאמען אָפּגעגעסן, צוגעגרייט די לימודים און ביז פארנאכט געשליטלט זיך אױפן הויף. מײַן נײַע כאווערטע האָט מיך בעשום־אופן ניט געוואָלט פון זיך אָפּלאָזן. אהיים בין איך אוועק ערשט דאן, ווען זי און אירע צוויי יינגערע שוועסטערלעך האָבן זיך אויסגעשטעלט אין לאנגע באארבלטע העמדער, יעדערע אין איר בעטל, און דער טאטע זייערער האָט מיט א גומענעם פעכערל באשפריצט זיי פון א פלעשל מיט עפעס א שמעקנדיק וואסערל. דער זיסער רייעך איז מיר נאָכגעגאנגען ביז צו מײַן היים.

די פרייד פון כאווערן זיך מיט פאניע בערגער וואָלט מיסטאמע קיינ־מאָל ניט פארשטערט געוואָרן, ווען איך לייען ניט אזוי גוט רוסיש. צום אומגליק אָבער האָב איך אין צווייטן קלאס געלייענט רוסיש ווי א וואסער. מײַן לערערקע פּאָלינא וולאדימיראָוונא האָט אין דעם געהאט א קנאָפּן כיילעק. אויסגעלערנט האָב איך זיך פון מײַנע צוויי עלטערע ברידער, כאָטש זיי האָבן פון דעם ניט געוווסט. איך בין פּאָשעט געוואָרן א מיטלייע־נערן פון די דינינקע ביכעלעך, וואָס זיי פלעגן פון צײַט צו צײַט ברענגען אהיים און ווי קאָרטן צעשיטן איבער דער אײַזערנער בעט, אױף וועלכער זיי זײַנען צוזאמען געשלאָפן. דאָס ערשטע ביכעלע, א מײַסע וועגן א געהיימ־ניספולן מאָרד אין אן אלטן שלאָס, בין איך קוים בײַגעקומען. ביז איך האָב זיך דערקליבן צום סאָף, וויאזוי נאט פינקערטאָן שפּירט אויס די מערדער, האָב איך פארגעסן דעם אָנהייב. האָב איך אזויפיל מאָל איבערגעלייענט דאָס ביכעלע, ביז די לערערקע האָט אָנגעהויבן צו באוווּנדערן מײַנע דערפּאָלגן אין רוסיש. פון די פיל אומבאקאנטע ווערטער בין איך ניט באָטל געוואָרן. פארקערט, זיי האָבן פאר מיר געהאט א באזונדערן רייץ. ווי איך האָב געוואָלט, אזוי האָב איך זיי אויסגעטײַטשט.

„די גיישע האָט א פּאטש געטאָן אין די דלאָניעס, און באלד האָט זיך צעעפנט דער דיל. פון אונטער אים האָט זיך באוויזן א מענטש מיט א בלאנקענדיקער שווערד אין דער האנט‟, — אזוי האָב איך אויסגעלייענט אין איינעם א ביכעלע.

די גיישע אליין האָב איך גרינג פארדײַטעט. מיסטאמע איז עס א שיינ־הײַט אזא. ניט פאר מײַן סייכל איז געווען דאפקע דער פּאָשעטער פּאטש אין די דלאָניעס — „זאכלאָפּאלא וו לאדאָשי‟. גיי ווייס, אז לאדאָשא איז א דלאָניע. האָב איך קיין אנדער ברייטע ניט געהאט, ווי אויסצומאָלן זיך אין דער פאָרשטעלונג א מאָדנע הילכיקן כייפעץ, וואָס אז מע קלאפּט אין אים, עפנט זיך אזש דער דיל.

האלטן אין זיך דאָס אלץ, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט פון די דינע ביכעלעך, איז געווען איבער מײַנע קויכעס. האָב איך יעדע מײַסע איבער־דערציילט מײַן נײַער כאווערטע. איין מײַסע נאָר האָב איך איר ניט גע־

קאָנט דערציילן — די מײַסע וועגן איר אַליין, וועגן פאַניע בערגער. איך האָב געכאַלעשט, געלעכצט נאָך א צוהערער. און געפונען. דאָס איז געווען ניסלס יינגסט שוועסטערל טרײַנע, א שוואַרצס, מיט א דין, שפּיציק נעזל און אַרויסטאַרטשענדיקע ציין פון אונטער דער אייבערשטער ליפּ. זומער־צײַט, האָט זי נאָר אַרויסגעשטעקט די נאָז אױף דער גאַס, פלעגט א גאַנצע כאַפּטע יינגלעך, איר טאַטנס טאַלמידים, זיך א לאָז טאָן נאָך איר, זינגענ־דיק א מאָדנע לידל:

טרײַנע־פּײַנע,
איך האָב צו דיר א טײַנע:
פאַרוואָס ביסטו, טרײַנע,
גאָר ניט אַזאַ פײַנע?

און אַזוי נאָכאַנאַנד, אין איין אָטעם, יעדעס מאָל פון אָנהייב. טרײַנע האָט מיט אַלע קויכעס זיך געמיט צו באַווײַזן, אַז זי ווערט פון די יינגלעך ניט ניספּאָעל. זי פלעגט אויסדרייען צו זיי איר שוואַרץ מײַזיש פּענעמל, אַרויסשטעלן די ציין, ווי אַף א ביס צו טאָן, און אָפּזאָגן איר פס:

— אָט וועל איך דערציילן דעם טאַטן, טעמפּענע גאָרגלס!

אירע ווערטער פלעגן צוגעבן די יינגלעך פרישע קויכעס אַף צו זינ־גען זייער לידל. פאַר טרײַנעס טאַטן האָט קיינער פון זיי ניט מוירע געהאַט. דאָס איז געווען א שטילער ייִד מיט אַן אויסגעצויגן הונגעריק פּאָנעם. א פונק פון לעבן האָט מען אין אים געקאָנט מערקן נאָר דאַן, ווען די מעלאַ־מעדקע פלעגט אוועקשטעלן פאַר אים אַפן טיש א טעלער הערעטשענעם קרופּניק אָדער א שיסעלע הייסן באָב. ווי א לונאַטיקער, פלעגט ער קוידעמ־קאָל אויסציִען זײַנע בלייכע הענט צום ברויט. אָפּגעשניטן א דיקע לוסטע און פאַרקוועטשט זי אין דער רעכטער דלאָניע, האָט ער די לינקע אונטער־געשטעלט ווי א שיסעלע, קעדיי קיין איין פּיצל זאָל ניט גיין לעיִבעד. אַראָפּגעשלונגען דעם לעצטן ביסן, פלעגט ער מיט דער לינקער האַנט אַרײַנשיטן אין מויל די ברעקלעך און ערשט דערנאָך נעמען זיך צום הערע־טשענעם קרופּניק אָדער צום באָב.

אין איינעם אַן אומגליקלעכן טאָג, ווען כאָנע דער מעלאַמעד איז גע־ווען פאַרטאָן אין זײַן מאָלצײַט, האָב איך זיך צוגעזעצט מיט טרײַנען אַף איר בעט און דערציילט וועגן מײַן כאַווערטע פאַניע בערגער, וועלכע איז א טאָכטער פון א פירשט און וווינט אין א שלאָס הינטער א הויכער געמויערטער וואַנט. און שטענדיק שפּילט דאָרטן מוזיק און עס שמעקט מיט פאַרפומען. איך בין דאָרט אַליין געווען און אַליין געזען, וויאַזוי מײַן כאַווערטעס טאַטע, דער פירשט בערגער, האָט זיך אומגעקערט פון דער יאַגד און ער האָט א פאַטש געטאָן מיט דער לאַדאָשע, א זילבערנע לאַדאָשע אַזאַ, האָט זיך דער דיל פאַנאַנדערגערוקט, איין העלפט אַף רעכטס, איין העלפט אַף לינקס, און פון אונטער אים איז אַרויסגעשוווּמען א טיש מיט די טײַערסטע מײַכאָלים אין גילדענע קיילים.

איך האָב פאַרזאָגט טרײַנען, זי זאָל עס קיינעם ניט דערציילן, ווײַל מײַן כאַווערטע פאַניע וויל ניט, מע זאָל וויסן, אַז איר טאַטע איז א פירשט. טרײַנע האָט מיך אָבער פאַראַטן. זי האָט דערציילט. און וועמען? ניסלען.

ווען איך קאָן דאן פאָרויסזען, אז פון ניסלען וועט מיט דער צײַט ארויס־קומען דער גרויסער געלערנטער ניסאָן כאַנאָוויטש גרין, וואָלט איך עפשער געוווּסט, ווי צו שאצן זײַן אנאליטישן סייכל, און דער קלאפּ, וואָס איז געקומען שנעל און אומגעריכט, וואָלט מיך ניט אזוי שטארק געטראָפן.

באלד אף מאָרגן, ווי נאָר איך בין ארײַן אין כיידער, האָט ניסל, ניט קוקנדיק אין מײַן זײַט, סטאם אין דער וועלט ארײַן געפרעגט א קאשע:

— ווי קאָן דאָס א ייִד זײַן א פירשט? — ער האָט מיט כויזעק א שמאָרע געטאָן מיט דער נאָז און צוגעגעבן: — אבי אויסטראכטן... א פירשט איז דאָך איינער פון דער קייזערלעכער פאמיליע...

1965

# דרייזשע

ניט איין שאבעס בין איך געזעסן מיט איר האנט־בא־האנט באם טיש, און דאָך האָב איך א היפּשע צײַט ניט געוווּסט, וויאזוי זי הייסט. איך האָב קיינמאָל ניט געזען, עמעצער זאָל מיט איר ריידן, איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, עס זאָל זי ווער אָנרופן באם נאָמען. שפּעטער א ביסל האָט זיך מיר שוין געדוכט, אז איך פארשטיי די סיבע דערפון. פּאָשעט ניט קיין שיינער נאָמען בא איר — דרייזשע. ניט געשמאַק צו נעמען אים אף די ליפּן. דאן האָב איך נאָך ניט געוווּסט, אז דער נאָמען „דרייזשע“ וועט אינגיכן אָנגעהאנגען ווערן אף מיר שוין ניט ווי א נאָמען, נאָר ווי א צונעמעניש. אין איינעם א פרימאָרגן האָט מײַן שוועסטערקינד דוווירקע, אָט די מיט די שיינע בלאָנדע לאָקן, ווי א פּאטש א וואָרף געטאָן מיר אין פּאָנעם ארײַן: דרייזשע! און איבער וואָס? איבער עטלעכע קאלטע בעבלעך. נאָר וועגן די בעבלעך וועל איך דערציילן שפּעטער.

יענעם זומער האָב איך גאנצע צוויי כאדאָשים פארבראכט בא מײַן פעטער אווראָם און מײַן מומע כאנע־עסטער אין זייער לאנגער שטוב. אזוי האָט מען די שטוב גערופן אין שטעטל — „די לאנגע שטוב“. דער פּאָרנט אירער איז געשטאנען אפן סאמע מארק־פּלאץ, עטוואָס אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע שטיבער און קראָמען. קיין גרויס אָרט אינדערברייט ניט פארנומען. אינדערלענג אָבער האָט זיך די שטוב אוועקגעצויגן אף גאנצע צוויי גאסן פון רעכטס און צוויי גאסן פון לינקס. און דאָ, בא דער הינטערטיר פון דער שטוב, האָט זיך געענדיקט דאָס שטעטל. גערטענער, א וואלד אינדערווײַט.

פינף הילצערנע טרעפּלעך האָבן פונעם מארק־פּלאץ געפירט גלײַך אין דער טונקלקײַט פונעם „זאל“. פענצטער קליינע און פאָרהאנגען שווערע, געדיכטע. א ברייטער קאָמאָד, א לאנגער טיש, שטולן מיט הויכע אָנלענען, פון הינטער וועלכע עס לאָזט זיך זען בלויז א יארמלקע אָדער א ווײַבערש טיכל. דעם אויבנאָן האָט אין זאל פארנומען דער בופעט, א פּרעכטיקע געבײַדע פאר זיך, א שטוב אף א שטוב. די אונטערשטע שטוב — שטענדיק פארמאכט. איז זי פאר מיר ווי ניטאָ. בלויז אן אָנשפּאר פאר דער אייבערשטער, וועלכע שטייט פעסט אף אירע געטאָקטע דעמבענע פיס און אירע שויב־טירן ווײַזן כידושים: בלויע טעלער מיט גאָלד בארעמלט, ווײַסע

קריגעלעך מיט בונטע קווייטן באַצירט, קרישטאָלענע שעלעכלעך, זילבערנע בעכערס.

פרײַטיק־צונאַכטס פלעגט די גאַנצע מישפּאָכע זיך צונויפקומען אין זאַל באַם טיש. און ערשט דאַן, ווען אַלע, איינער אין איינעם וווּקסיקע, קרעפּטיקע, פלעגן פאַרנעמען זייערע ערטער, פלעגט אין זאַל אַרײַן דרייזשע. אַ שוואַרץ קלייד ביזן טראָט, אַ שוואַרצע טוך אפן קאָפּ. צווישן דעם קלייד און דער טוך אַ לענגלעכער ווײַסער פלעק — איר פּאָנעם.

דער זילבערנער לײַכטער אפן קאָמאָד איז אונטערגעבעט מיט אַ קלאָר געהאָפטן סערוועטל. אינעם לײַכטער העלן ליכט, שאַבעסדיק־געבענטשטע ליכט. פון דער סטעליע בליצט אַראָפּ דער גרויסער הענגלאָמפּ. די פּענעמער פון די באַם טיש זיצנדיקע זײַנען אָבער פינצטער, הינטער זיבן שלעסער פאַרשלאָסן, ווי מיט דרייזשעס באַווײַזן זיך אף דער שוועל וואָלט אַן אומגליק אַרײַן אין שטוב. אַלע מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי זעען גאָר ניט דרייזשען. איך פיל אָבער, אַז יעדערער זעט זי. ניט נאָר מיט די אויגן, מיט אַלע כושים זעט מען זי. דרייזשע זעצט זיך שטיל אף איר באַשטענדיק אָרט. דאַן זעץ איך זיך אַוועק לעבן איר. דערנאָך ערשט לאָזט זיך אַראָפּ אף זײַן שטול, ווי ער וואָלט אונטערן טיש אַרונטערגעקראָכן, דאָס יינגל אף קעסט, אַ קליין יינגל מיט אַ גרויסן הויקער באַ דער רעכטער לאָפּעטקע.

ווען דאָס מינץ זעצט זיך ענדלעך אויס באַם עק טיש, דוכט זיך מיר יעדעס מאָל, אַז דער אויבנאָן גיט אַ פלי אין דער הייך און אַ פאַל אף אַראָפּ. פונקט ווי דאָס יינגל וואָלט אפן ברעג פון אַ הוידלקע זיך געשטעלט און פיל וואָג פאַרמאָגט, דאָס גלײַכגעוויכט שטעלט אוף דער פּעטער אַוועק. ער גיט זיך אַ צאַפּל, ווי מע וואָלט אים אופגעוועקט פון שלאָף, און מאַכט קידעש.

אין זאַל קומט מען זיך צונויף נאָר פרײַטיק־צונאַכטס און שאַבעס באַטאָג. אינדערוואָכן איז דער זאַל אָפן נאָר פאַר דער מומע כאַנע־עסטער. מײַן מומע איז אַ קיניגן. זי געוועלטיקט איבערן זאַל מיטן קאָמאָד, מיטן בופעט; זי געוועלטיקט איבער איר איידל־שווײַגנדיקן, שיינעם און שטאַלטנעם מאַן; זי געוועלטיקט איבער די קינדער, וואָס צוויי פון זיי לערנען אין דער גרויסער שטאָט אין גימנאַזיע, און דער עלטסטער איז שוין אַפילע אַ סטודענט. די מומע דאַרף ניט קיין ווערטער, קעדיי מע זאָל זי פאָלגן. ס'איז גענוג, זי זאָל אַ שניט טאָן די לופט פון אויבן אף אַראָפּ מיטן קאַנט פון איר לאַנגער ביינערדיקער האַנט, אַז קיינער זאָל קיין פּיפּס ניט טאָן.

זי איז זייער אַ הויכע, מײַן מומע. אף אַרײַנצוקוקן איר אין פּאָנעם דאַרף איך שטאַרק פאַרײַסן דעם קאָפּ. האָב איך מוירע, זי זאָל ניט דערזען, אַז איך קוק אף איר. קוק איך ניט. דעריבער האָב איך די מומע געקענט ניט העכער פון איר פלאַכן בויך, וועלכער איז טאָג־אויס, טאָג־אײַן אַרומגענומען געווען מיט אַ ברייטן גרויען פאַרטעך. מיסטאַמע איז דער דאָזיקער פאַרטעך שולדיק אין דעם, וואָס די מומע אינגאַנצן גענומען האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט גרוי, ברייט און פלאַך. איך ווייס ניט ביז איצט, פונוואַנען האָט זיך באַ מיר גענומען די זיכערקײַט, אַז נאָר זי איינע אין שטוב איז ניט קיין שיינע. פאַר די צוויי כאַדאָשים, וואָס איך האָב באַ איר פאַרבראַכט, האָב איך זי דאָך קיין איין מאָל רעכט ניט געזען. דערפאַר אָבער בין איך

פאר איר געווען ווי פון א לאַמטערן באַלויכטן. אין וואָס פאר א ווינקל איך זאָל זיך ניט פארשטעקן, האָט זי, ניט קוקנדיק אין מײַן זײַט, מיך געזען. אפילע אירע פיס אין די מוירעדיק גרויסע ווייכע פאַנטאָפל האָבן אויגן, האָט זיך מיר געדוכט, און זעען מיך אַף דורך און דורך. א מאָדנע טעווע האָבן געהאט מײַן מומעס פאַנטאָפל. קיין מינדסטער שאָרך. א טראָט איבער א טראָט, און שא... שטיל. אָט אזוי, שטילערהייט, האָבן זיי מיך אָנגעגריפן. איך האָב זיי קעסיידער געפילט. מיט מײַן הויט האָב איך זיי געפילט. איך האָב זיך געמוזט אָנטאָן א קויעך אַף ניט אומצוקוקן זיך אַף אהינטער אָדער גאָר לאָזן זיך א דערשראָקענע לויפן. איך פלעג זיך קוים דערוואַרטן די רעגע, ווען די מומע פלעגט מיך באַגנעדיקן מיט דרײַ ווער־טער: „גיי שפּיל זיך!“ אגעוו, קאָן איך זיך ניט דערמאָנען, די מומע זאָל מיר ווען־ניט־איז זאָגן עפּעס אַנדערש. נאָר די דרײַ ווערטער האָב איך פאַרגעדענקט. עפשער דערפאַר, וואָס זיי זײַנען פאַר מיר דאַן געווען די סאַמע געגאַרטע, און עפשער זײַנען טאַקע קיין אַנדערע ווערטער ניט געווען.

איך פלעג זיך ניט לאָזן לויפן העגדעם־פּענדעם אין גאַס אַרײַן, ווי ס׳האָט זיך מיר געוואָלט. מיך האָט ניט אָפּגעלאָזט די שרעק פאַר די ווייכע פאַנטאָפל. פלעג איך סטאַטעטשנע דורכגיין דעם לאַנגן שמאָלן דורכגאַנג צווישן די ענגע כאַדאָרימלעך, וואָס האָבן מיט זייערע קליינע פּירשויביקע פענצטער אַרויסגעקוקט אַף צוויי קעגניבערדיקע גאַסן. פון דרויסן האָט עס אויסגעזען אזוי: א שטיקל גרויע וואַנט און א פענצטער. נאָך א שטיקל וואַנט און א פענצטער. דערנאָך שוין גאָר א לאַנגע וואַנט און גאָר א פּיצל פענצטערל — בלויז איין שײַבל אין דער הייך.

אין די כאַדאָרימלעך האָבן געוווינט די זין און די טעכטער פון די באַלע־באַטים. אויך דרייזשע האָט פאַרמאָגט איר כיידערל. איך האָב געוווינט אינעם צימער פונעם עלטערן זון, דעם סטודענט, וועלכער איז דאַסמאָל אויך אַף זומער ניט געקומען אהיים. הינטער דער בלינדער וואַנט מיטן שײַבל אין דער הייך האָט זיך געפונען די סטאַדאָליע. דאָרט בין איך קיינ־מאָל ניט געווען. ביז הײַנט ווייס איך ניט גענוי, ווער עס איז דאָרט אײַנ־געשטאַנען, אין דער סטאַדאָליע.

בײַגעקומען מיט אײַנגעהאלטענע טריט דעם לאַנגן דורכגאַנג און דעם ברייטן געראַמען שלאָפצימער פון דער מומען מיטן פעטער, פלעג איך פרײַ אָפּעטעמען. אָט איז שוין די קיך, און הינטער דער אַרויסגאַנג־טיר — די פרײַהײַט. אַרויסגעכאַפּט זיך פון הויף, פלעג איך אַרומקרײַזן די שטוב און דורכן מאַרק־פּלאַץ לאָזן זיך לויפן צו דעם צווייטן עק שטעטל. דאָרט האָט געוווינט מײַן מאַמעס כאַווערטע פון די קינדער־יאָרן הינדע די קלוגע, אַן אגונע מיט צוויי טעכטערלעך. אהין האָב איך זיך געווײַנלעך געראַטעוועט פון דער מומעס זעענדיקע פאַנטאָפל.

צוריק בין איך געגאַנגען, ניט געלאָפן. איך בין ווידער א סטאַטעטשנע קינד. איך גיי פּאַמעלעך. איך שעם זיך מיט מײַן פּאַרפּאַליעטקײַט נאָכן שפּרינגען אַף איין פוס איבער די מיט ווײַסן קרײַד אַרומגעצײכנטע קעס־טעלעך פון די „קלאַסן“, נאָכן שאָענלאַנגן אָפּקלאַפּן פון דער וואַנט די פּילקע. וואָס נעענטער צו דער שטוב, האָב איך אַלץ מער געבעטן גאָט, א

ווינטל זאָל א בלאָז טאָן און אָפּקילן מײַן פארשוויצט פּאָנעם. געבעטן האָב איך וועגן דעם גאָט ניט נאָר דערפאר, וואָס איך האָב מוירע געהאט פאר דער מומען. נײַן, כאָטש איך האָב אין דעם פעטערס און דער מומעס שטוב זיך געפילט דערדריקט, האָב איך דאָך געהאט אָפּשײַ פאר יעדערן דאָ. אלץ איז אין דער שטוב געווען אנדערש, ווי בא מיר אין דער היים. א שטוב, ווו קיינער וויינט ניט, קיינער לאכט ניט. קיינער פרייט זיך ניט, קיינער בייזערט זיך ניט. אָט די אנדערשדיקײַט האָט געפאנגען מײַן קינדערש הארץ. איך האָב זיך געמיט זײַן פּונקט אזוי אײַנגעהאלטן, ווי אלע אין שטוב. איך האָב זיך צוגעקוקט צו מײַנע שוועסטערקינדער, קעדיי נאָכטאָן זיי אין אלץ, קעדיי כאָטש א קאַפּעלע ווערן ענלעך אף זיי. איך האָב זיך געצויגן צו זיי מיט ליבע און געכאלעשט, אויך זיי זאָלן מיך ליב האָבן. קומט א טאָג — פרײַטיק. און אף מאָרגן נאָך א טאָג — שאבעס.

פ ר ײַ ט י ק. א מײַסע מיט א לאָשעקל.

איך דערקען ניט די שטוב. א שטילער גערודער. א שושקערײַ. די פּענע־מער פון די קינדער זײַנען אופגעלעבט־בײַגעריק. אפילע דער מומעס גרוי פּאָנעם איז ראָזלעך באפארבט. מיטן מיטיק פארטיקט מען זיך אָפּ אפּ־דערגיך. עמעס, פרײַטיק האָט מען דאָ אין שטוב פונעם מיטיק קיינמאָל ניט געמאכט קיין וועזן. א טעלער הערטשענער קרופּניק, א פרישער קוכן אָדער א קאָרענע באָנדע, און גאָר. געגעסן האָט מען אין קיך, ניט דאפקע אלע מיטאמאָל, און זעצן זיך האָט מען געמעגט, ווו ווער עס וויל. איז פרײַטיק באטאָג א מעכײַע! דער הערטשענער קרופּניק גייט מיר אײַן פיל מער, ווי די באטאמטע מײַכאָלים בא דער וועטשערע פרײַטיק און בא דעם מיטיק — שאבעס.

— נו, ווען וועלן מיר שוין גיין א קוק טאָן אפן לאָשעקל? — דווירקע, מײַן בלאָנד געלאָקט שוועסטערקינד, רוקט אָפּ פון זיך די טעלער. די מומע ווארפט אף איר א שטרענגן בליק און לייגט צו א פינגער צו די ליפּן. עס טראָגט מיך אוף פון אָרט. א לאָשעקל... אוי, איך וויל אויך זען דאָס לאָשעקל. וויפל מאָל האָב איך אין א מארק־טאָג זיך צוגעקוקט: א שקאפע אײַנגעשפּאנט אין א וואָגן און בא דער זײַט א לאָשעקל. אזא פריי־לעכקײַט אין זײַן טופּען מיט די דינע לאנגע פיסעלעך לעבן דער מאמען.

מער פון אלץ האָב איך איצט מוירע פאר דרײַ ווערטער, וואָס געוויינלעך קען איך זיך אף זיי ניט דערוואַרטן: „גיי שפּיל זיך!” צי וואָלט איך גע־גאנגען, ווען די מומע זאָגט זיי ארויס? נאָר א נאפקעמינע — געזאָגט, ניט געזאָגט. דער פינגער בא די גרויע ליפּן איז שטארקער פון אלע ווערטער. ווי א טשוואָק איז ער אין מיר ארײַן. און דאָך... ווען די מומע גיט מיט א ווונק א רוף אירע קינדער, גיי איך זיי נאָך. א לאָשעקל, ערשט געבאָרן געוואָרן... מיטאמאָל א שטילער סקריפּ. אפן שוועל פון איר כיידערל ווײַזט זיך דריישע. און באלד דער מומעס קאָל און א שניט מיט דער פלאכער האנט, ווי מיטן קאנט פון א לאָפּעטע, די לופט:

— איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, איר זאָלט ניט ארויסגיין פון קאמער. דריישע פארשווינדט. די מומע מיט אירע קינדער פארשווינדן. און

איך — ניט אהין, ניט אהער. עס גיט מיך א ווארג באם גאָרגל. וווהין זאָל איך זיך איצט אהינטאָן?

איך מאַך א טראָט צו דער סטאַדאָלע. דערזע איך א קאַנט פון א לאַנגער ביינערדיקער האַנט. אָט צעשנײַדט זי מיך אף דער העלפט. איך טרעט אָפּ אף צוריק. לאָז זיך לויפן צו מײַן מאמעס כאַווערטע הינדע די קלוגע און צו אירע טעכטערלעך. דאָרט קען איך דערציילן אלץ. הינדע די קלוגע זשאַלע־וועט מיך. לויף איך גאָר ארײַן מיט א בסורע:

— אונדזער שקאַפּע האָט געבוירן א לאָשעקל!

מײַנע כאַווערטעס נעמען מיך אויספרעגן:

— עס שטייט שוין?

— עס זויגט דער מאמעס מילך?

— אוועלכע פעל איז בא דעם לאָשעקל, א ברוינע, צי א שווארצע?

— מיסטאמע א גלאַנציקע. זי איז דאָך א נײַינקע.

— האָסט דעם געדאַרפט געבן א לעק טאָן די דלאָניע.

— א קעלבל לעקט די דלאָניע, ניט קיין לאָשעקל.

— א לאָשעקל עסט אלץ, ווי א גרויסער. אפילע האָבער.

אזוי פרעגן מיך אויס און זאָגן ארויס זייערע האשאָרעס מײַנע כאַווער־טעס. און איך גיב זיי נאָך. דאָס לאָשעקל שטייט שוין, און עס זויגט, און עס לעקט די דלאָניע. האָבער עסט עס, מיסטאמע, אויך. נאָר איך האָב דעם ניט געגעבן. ס׳איז מיר אפן זינען ניט געקומען.

מײַנע כאַווערטעס נעמען דרייען א שטריקל, און איך שפרינג איבער דעם. נאָר עפּעס שפרינגט זיך מיר ניט הײַנט. איך פאַרטשעפּע קעסיידער דאָס שטריקל מיט די פיס, און עס פאַלט צו דער ערד.

— איך וויל מער ניט שפילן, — זאָג איך. — כ׳וועל שפּעטער קומען.

די ייִנגערע פון די שוועסטערלעך קוקט מיך אָן מיט פאַרשטענדעניש:

— דו גייסט צו דעם לאָשעקל?

די עלטערע קערט זיך אָפּ פון מיר:

— א לאָשעקל... א טײַערע מעציִע... ניטאָ וואָס צו האלטן זיך גרויס. — די איז מיר פּאָשעט מעקאַנע.

איך בין אוועק. געגאַנגען פּאַמעלעך. געקוקט צו דער ערד. צי האָב איך אין דער רעגע אזוי געוואָלט זען דאָס לאָשעקל? דאָס געדענק איך ניט. איך געדענק נאָר, אז איך האָב שטאַרק געבענקט אהיים, צו דער מאַמען.

שאבעס. א מײַסע מיט א טעאַטער־שפּיל.

נאָך פרײַטיק קומט שאבעס. יאָ, באַלד אף מאָרגן איז עס געווען. אף מאָרגן נאָך דער מײַסע מיטן לאָשעקל. מיט דעם לאָשעקל, וואָס איך האָב ניט געזען, וועגן וועלכן איך ווייס ניט, צי שטייט עס אָדער עס ליגט, צי זויגט עס מילך, אָדער עס קײַט האָבער. הײַנט איז שאבעס. זיץ איך באם עק טיש צווישן דרייזשען און דעם ייִנגל אף קעסט, דעם קליינעם ייִנגל מיטן גרויסן הויקער בא דער רעכטער לאָפּעטקע. אזוי איז אין שטוב אײַנגעפירט, זינט איך בין דאָ. ווי איז געווען ביז מײַן קומען אהער, אין וואָס פאַר א סיידער וועט מען זיצן באם טיש נאָך מײַן אוועקפאָרן, פונוואַנען

זאָל איך דאָס וויסן? קאַלזמאַן דער הײַנט איז א הײַנט, איז ער אן אייבי־קײַט. אָט אזוי איז עס און ניט אנדערש.

שאבעס זיצט מען באם טיש לאנג. קוים דערוואַרט זיך אפן פעטער׳ס בענטשן, דערזע איך: דרייזשעס פינגער טאנצן איבער אירע קני, ווי זי וואָלט צוגעשפּילט דעם פעטער צו זײַן ניגן. איר פּאָנעם בלייכט זיך, ווי א ווײַסער פלעק אפן שווארצן אָנטאָן, און די פינגער טאנצן האנאָעדיק איבער די קני. „אוי, א מעשוגענע!" זי איז א מעשוגענע, דרייזשע. מיט דעם ווערט פאר מיר אלץ פארענטפערט. און א פארדראָס כאפּט מיך ארום. איבער איר, איבער דער מעשוגענער דרייזשע, האָב איך ניט געזען דאָס לאָשעקל. איר איז עפּשער הונדערט יאָר, איז וואָס קריכט זי אומעטום? קיין לאָשעקל קיינמאָל ניט געזען? די מומע איז גערעכט. קומט אין מיר אוף אן אומגעלומפּערט לידל, אויך צום טאקט פונעם בענטשן:

דרייזשע די בייזע,
קײַלעכדיקע דייזשע.
קאָרענע דרייזשע,
זײַערט זיך אין דייזשע.

נאָך מיטיק לויף איך אויסזינגען דאָס לידל, וואָס איך האָב פארפּאסט, מײַנע כאוועדטעס. טרעף איך זיי נאָך באם שאבעסדיקן טיש. און זייער מאמע, הינדע די קלוגע, זיצט אויך באם טיש. א גאסט איז בא זיי, א פרעמדע ייִדענע. זייער אן אלטע.

איך האָב די ייִדענע קיינמאָל ניט געזען. נאָר זי, ווי כ׳האָב זיך נאָר באוויזן:

— וואָס מאכט דאָרטן בא אײַך דרייזשע? זי רעדט מיט דיר אמאָל?

אָט אזעלכע צוויי קאשעס זײַנען פּלוצעם אראָפּגעפאלן אף מײַן קאָפּ. צי רעדט מיט מיר דרייזשע? וועגן וואָס זאָל זי מיט מיר ריידן?

— ניין, — ענטפער איך א צעטומלטע. — זי רעדט ניט.

נאָר די ייִדענע האָט שוין געהאט ווי פארגעסן וועגן מיר.

— א זינדיקע נעשאָמע, נעבעך, — האָט זי א זיפץ געטאָן.

— פארשפּילט איר וועלט, — האָט טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ הינדע די קלוגע.

„א זינדיקע נעשאָמע" — וועגן דעם איז קעדײַ א טראכט צו טאָן. מײַן שיין לידל איז מיר ארויסגעפלויגן פון קאָפּ, ווי ניט געווען.

איך האָב געהאט דערוואָקסענע שוועסטער. מײַנע דערוואָקסענע שוועס־טער האָבן געלייענט ראָמאנען. פרילינג בין איך צוויי כאדאָשים פון שטוב ניט ארויס. סקארלאטינע מיט פארשיידענע נאָכווייעניש. א געוווּנען קינד געווען. דערפאר טאקע האָט עס מיך די מאמע, ניט פרעגנדיק קיין איבע־ריקע קאשעס, אוועקגעשיקט צו איר רײַכן ברודער אָטכײַען זיך. פאר דער צײַט פון מײַן קרענק האָב איך זיך צוגעשאַרט צו די ראָמאנען, וואָס מײַנע שוועסטער האָבן געלייענט, האָב איך זיך ניט מיט איין „זינדיקער נעשאָמע" באקאנט. איז גאָר דרייזשע אזא? אָט פארוואָס זי מוז וווינען בא יענעם. דער אייגענער פאָטער האָט זי פארשאָלטן. אפילע קיין יערושע ניט איבער־געלאָזט אזוי טוען אלע פאָטערס, בייס זייער איינציקע טאָכטער אנטלויפט

מיט א קראסאוועץ און טראָגט זיך מיט אים אוועק ערגעץ ווײַט אין א קאַרעטע מיט דרײַ פּײַערדיקע פערד אין שפּאַן. א „זינדיקערן" מוז דאָך אָבער זײַן א שיינע. אין אלע ראָמאַנען, וואָס איך האָב געלייענט, זײַנען די זינדיקע וווּנדערלעך שיין. דרייזשע א שיינע? עס כאַפּט מיך אָן א געלעכטער.

איך שפּיל מיט מײַנע כאַוועשטעס אויפן הויף. דער הימל איז פול מיט זון. מיטאַמאָל כאַפּ איך זיך — ס'איז ליידיק. בלוי און גלאַט. אינדערווײַט א וועלקנדיקע קווייט אין א יאַם פּײַער, וואָס פאַלט צוזאַמען מיט איר צו דער ערד. צו אָוונט איז נאָך אָבער ווײַט. אין דער לאַנגער שטוב וועל איך ניט פאַרשפּעטיקן. גיי איך מיר ניט געײַלט איבער די שאַבעס־שאַלוועסדיקע גאַסן פונעם שטעטל, טאַנץ אונטער און ברום ווידער מײַן שיין לידל: „דריי־זשע די בייזע, קײַלעכדיקע דייזשע..." עס אַרט מיך קיין האָר ניט, וואָס די ווערטער פּאַסן ניט צו דער קליינינקער שטשופּלינקער דרייזשע. אַבי איך האָב פאַרפּאַסט א לידל מיט גראַמען. די „זינדיקע נעשאָמע", דער קראַסאַ־וועץ אין דער קאַרעטע — דאָס אַלץ האָט געפּאַסט צו דרייזשען נאָך ווייני־קער, ווי מײַנע גראַמען. איז וואָס האָב איך וועגן דעם צו טראַכטן? ווען איך וואָלט אין יענעם טאָג פאַרלאָזט די שטוב פון מײַן פעטער און מײַן מומען, וואָלט איך מיסטאָמע שוין אַף מאָרגן פאַרגעסן, אַז ס'איז דאָ אַף דער וועלט א דרייזשע, וועלכע האָט „פאַרשפּילט איר וועלט" און איז „א זינדיקע נעשאָמע". עפּשער וואָלט פאַרבליבן אין מײַן געדעכעניש א בלאָ־סער שאָטן אין שוואַרצן געהילט, ניט מער. איז אָבער א באַשערטע זאַך... דעם זעלבן שאַבעס טאַקע אַפּדערנאַכט האָב איך זיך גאָר נאָענט באַקאַנט מיט דרייזשען.

שאַבעס מעג מען ארײַן איז זאָל, ווען מע וויל. קום איך ארײַן דורך דער פּאַראַדנער טיר, גלײַך פון מאַרק־פּלאַץ. פּונקט אין דער רעגע קום איך ארײַן, ווען אַף דער מומעס פינגער, אַף אָט דעם פינגער, וואָס האָט קיין נאָמען ניט, און וואָס שטענדיק טראָגט מען אַף אים דאָס קדושין־רינגעלע, באַזעצט זיך נאָך א רונג, א גראָבער רונג מיט א רויטן שטיין אינדערמיט. די גאַנצע מומע איז אין א גרויען קלייד ארײַנגעטאָן. דאָס קלייד גלאַנצט און שורשעט. אַף דער ברוסט בלעטערט זיך ווײַסער האַפט, ווי דין־פּאַנאַנדערגעוועלגערט קראַכמאַל־טייג קוקט ארויס א בלאַט פון הינטער א בלאַט. א גרויסע מומע באַ מיר. א גרויסע, א ברייטע און א פלאַכע.

די מומע לאָזט זיך צו דער טיר. זעקס אויסגעפּוצטע קינדער, דרײַ יינגלעך און דרײַ מיידלעך, אַלע וווּקסיקע, שיינע, געזונטע, גייען איר נאָך. און מיר ווילט זיך שרײַען: „גוואַלד!" עפּעס האָט מען דאָ מיט מיר אָפּגעטאָן אַזוינס, וואָס איז מיט ווערטער ניט צו דערציילן. גאַזלאָנים זײַנען מיך אין וואַלד באַפאַלן...

איך בין אליין שולדיק. פאַרוואָס בין איך אַזאַ שעמעוודיקע? און פאַר־וואָס האָב איך אַזוי מוירע פאַר דער מומען? ארײַן און פאַרשטעקט זיך אין א ווינקל. די מומע האָט מיך אוואַדע גאָרניט געזען. דער שווערער פאָרהאַנג באַם פענצטער האָט מיך פון איר פאַרשטעלט. זי האָט וועגן מיר פאַרגעסן. און דער פעטער? פאַרוואָס האָט דער פעטער ניט פאַרזאָגט, מע זאָל מיך

נעמען אין טעאַטער. פאַרן פּעטער געפֿין איך אָבער שטענדיק אַ פאַרענט־פערונג. דער פּעטער איז אַן איידל־שוויַיגנדיקער מאַנצבל. ער מישט זיך ניט אין קיין שטוביקע געשעפֿטן. ער וועט מיסטאָמע אַליין אויך אין טעאַטער ניט גיין. ער איז דאָך גאָר אין דער היים ניט געווען, ווען זיי זיַינען אַלע אַוועק.

איך גיי אַרויס פֿון שטוב. איך זעץ זיך צו אויפֿן גאַנעק. אין דרויסן איז ליכטיק, כאָטש דער רויטער זוים אויפֿן הימל־ראַנד איז געוואָרן ברייטער און צעפֿלאָסענער. די קווייט אין זיַין מיט האָט פאַרלאָרן דאָס פּאָנעם, זי זעט זיך קימאַט ווי ניט אָן. דער מאַרק־פּלאַץ איז פּוסט. היַינט איז שאַבעס. וואָס האָבן פֿויערים צו טאָן אויפֿן מאַרק, ווען בײַ ייִדן איז שאַבעס? און די ייִדן אַליין גייען דערצו קוקן טעאַטער. אַ היפּשע ציַיט זיץ איך נאָך אויפֿן גאַנעק. מיַין האַרץ פאַרעסט אַ פאַרדראָס. יענע וואָך האָב איך געהערט ריידן, אַז רעב ניסן גאָרעליקס טעכטער וועלן שאַבעס שפּילן טעאַטער. וויִאַזוי האָב איך עס געקענט וועגן דעם פאַרגעסן? ווען איך קום אַ ביסל פריִער... די מומע האָט זיך געיַילט...

אויפֿן גאַנעק זיץ איך ניט גלאַט אַזוי. איך וואַרט. זאָל זיך נאָר איין מענטש באַוויַיזן אויף דער גאַס, גיי איך צו אים צו און בעט, ער זאָל מיך נעמען אין טעאַטער. די שפּיל האָט זיך שוין געוויס אָנגעהויבן. מאָל איך מיר אויס: אָט קום איך אַריַין, ניט מיט דער מומען און אירע קינדער, מיט אַ פרעמדן מענטשן קום איך אַריַין, איך קען אים ניט און איך ווייס אים ניט. אַלע קעפּ דרייען זיך אויס צו מיר, און דער מומען איז מיִעס, זייער מיִעס. איך האָב איצט קיין ברעקל דערעכערעץ ניט פאַר דער מומע כאַנע־עסטער. איך וויל איר אָפּטאָן אַ שפּיצל. אַ מיצווע אויף איר. זאָל איר זיַין מיִעס. דאַפקע איצט, ווען איך זע זי ניט, זע איך זי יאָ. מיט איר גרויע פלאַך פּאָנעם. אַ פינצטערס, ווי אַ כמאַרע.

אין דרויסן ווערט קיל. אַ געל הינטל לויפֿט דורך בעאַלאַכסן דעם מאַרק־פּלאַץ. פאַרשווינדט הינטער אַ פאַרשלאָסענער קראָם. מיר ווערט אומעטיק צו זיצן איינע אַליין אויפֿן גאַנעק. עס נאָגט אונטערן לעפּעלע. עס פאַרווילט זיך מיר עסן.

אין קיך איז שטיל און פינצטערלעך. אויף דער הילצערנער באַנק לעבן פריפּעטשיק שטייט אַ שטוהונענער טאָפּ אָן אַ דעקל. אַ קוק אינווייניק. אַ ביסל בעבלעך אויפֿן דעק, איבערגעבליבענע פונעם טשאָלנט. עס ציט מיך אַזוי באַם האַרצן. מיַין האַנט זינקט אינעם גרויסן טשוהונענעם טאָפּ, די פינגער נעמען אָן עטלעכע קאַלטע בעבלעך און וואַרפֿן זיי פלינק אין מויל אַריַין. איין מאָל און נאָך אַ מאָל.

שאַבעסנאַכטס. אַ מיַיסע מיט מיר און מיט דריידשען.

— אַזוי? דו גייסט אויך אַוועק הונגעריק פֿון דעם שאַבעסדיקן טיש?

מיַינע הענט... ווײַ־ווײַ, מיַינע הענט... די קלעפּיקע פינגער... אַ סרייפע אין מיַין פּאָנעם. מיט אַ העליש פיַיער ברענט עס.

— שעם זיך ניט, נאַרעלע, אַלציינס ווייס איך, אַז דער ביסן שטעלט זיך דיר אין האַלדז.

מיַין מאַמעס קאָל... ווי קומט צו דריידשען מיַין מאַמעס קאָל, וואָס אַ צווייטס אַזאַ איז אויף דער וועלט ניטאָ? ווען מיַין מאַמע רעדט, הער איך

זיך צו ניט אזוי צו אירע ווערטער גופע, ווי גאָר צו דעם, וואָס צווישן איין וואָרט און דעם צווייטן. איך האָב מײַן מאמען וועגן דעם קיינמאָל ניט געזאָגט. נאָר ווען זי רעדט, פיל איך, ווי עפּעס א ציטער בלײַבט הענ־גען אין דער לופט נאָך יעדן וואָרט אירן. מיטן אויער קוים אופצוכאפּן. איך ווייס, פארוואָס דאָס איז. מײַן מאמעס קאָל איז ניט צום ריידן, נאָר צום זינגען. אוי, זינגט זי, מײַן מאמע... שאבייסענאכטס, ווען די זון נעמט פארגיין, זיצן מיר אלע — דער טאטע, מײַנע ברידער, די שוועסטער מיט זייערע כאווערטעס און הערן, ווי די מאמע זינגט. א ליד נאָך א ליד. זומער טרעפט, א שכיינע בלײַבט שטיין בא דער אָפענער טיר און נאָך איינע קוקט ארויס אריבער איר אקסל. אלע הערן, ווי מײַן מאמע זינגט. ווען די מאמע בלײַבט שטיל, גייען די שכיינעס אף די שפּיץ פינגער ארײַן אין שטוב. מע זעצט זיך צו אף דער קאנאפּע. און די מאמע זינגט ווײַטער.

איך האָב האָלט דעם שאבייסענאכטס בא אונדז אין דער היים. די מאמע זינגט. אין שטוב אָבער ווערט אלץ פינצטערער און אן אומעט כאפּט מיך ארום. א בענקשאפט נאָכן שאבעסדיקן טאָג, וואָס איז נאָך ניט אוועק, נאָכן געזאנג, וואָס האָט נאָך ניט אופגעהערט. אָט־אָט וועט די מאמע ארויס־קוקן דורכן פענצטער אינעם טונקעלן דרויסן. דערזען א שטערן אין הימל.

— פאראָן! — וועט א זאָג טאָן די מאמע. איר „פאראָן" וועט בלײַבן הענגען אין דער לופט, ווי אן ערשט אויסגעזונגענע נאָטע.

מיט א וואָכעדיק, פארזאָרגט פּאָנעם טראָגט די מאמע ארײַן פון קיך א ברענענדיקן לאָמפּ און... אויס שאבעס.

— קום, כ'וועל דיר אופגיסן אף די הענט, — זאָגט צו מיר דרייזשע מיט מײַן מאמעס קאָל.

איך פּאָלג. דרייזשע גיסט אוף פון דער קוואָרט אף מײַנע הענט און שמייכלט צו מיר מיטן פוסטן מויל, אָן איין צאָן אפילע. ווען זי שמייכלט, איז זי גאָר ניט די, וואָס איך זע שאבעס באם טיש. די בלאסע באקן דורכויס אין דינינקע ווירעלעך, וועלכע כוואליען זיך, שווימען אף ארופצו, צו די מילדע אויגן. גרויסע אויגן, ברייט צעעפנטע, ווי בא גאָר א יונגער.

איך גיי נאָך דרייזשען אין איר ציכטיק צימערל ארײַן. זי זעצט זיך צו אפן איינציקן שטול, און מיך באזעצט זי אף איר זויבערן געלעגער. זי נעמט ארויס פון טיש־קעסטל אן אלבאָם מיט פאָטאָגראפיעס:

— אָט דאָס איז מײַן כאָסן.

זי בלעטערט איבער א זײַט:

— אָט דאָס איז מײַן מאן.

— אוי, ס'איז דאָך גאָר אן אנדערער, — פארוואונדער איך זיך.

— אן אנדערער. אוואדע אן אנדערער, — שטימט גערן צו דרייזשע. נאָך א בלאט און נאָך א בלאט:

— דאָס איז מײַן טאטע מיט דער מאמען. און אָט איז אורעמעלע. אינגאנצן נײַן יאָר אלט. וואָס קוקסטו אף מיר אזוי? אורעמעלע, דײַן פעטער אוראָם. אָט דאָס זײַנען מײַנע קינדער. זעסט, איין מיידעלע און צוויי יינגלעך. זייער שטיפמאמע, זאָגט מען, לעבט נאָך. אין ווארשע לעבט זי, זייער שטיפמאמע.

דרייזשע מישט דעם אַלבאָם, נאָר איך קוק זיך ניט צו באַזונדערס. ס'איז מיר אומהיימלעך. „זי איז באַם זינען? — גיב איך אַ טראַכט צום צווייטן מאָל פאַר הײַנטיקן טאָג. — אירע קינדער האָבן אַ שטיפמאַמע אין וואַרשע... ניטאָ וואָס צו הערן". און דאָך, ווען דרייזשע גיט אַ פאַרמאַך דעם אַלבאָם, רײַסט זיך בײַ מיר אַרויס קעגן מײַן ווילן:

— נו, און איר אַליין? איר האָט זיך קיינמאָל ניט פאָטאָגראַפירט?

— איך האָב, איך האָב אַ קאַרטעטשקע. — דרייזשע גיט אַ מיש אין דעם אַלבאָם: — אָט, זעסט, אַן אַלטע בין איך שוין דאָ. קימאַט דרײַסיק יאָר. כ'ווייס, פאַרנאַרישט געווען. ניט געטרויט דעם היגן פאָטאָגראַף. אַזש אין שטאָט אַרײַן געפאָרן צוליב אָט אָ־דער־אָ קאַרטעטשקע.

„אָט דאָס איז דרייזשע?" — אַזוי האָב איך זיך אַליין דאַן אין דער קינדהײַט געפרעגט און עפּעס איז אין מיר שטיל געוואָרן. איך בין זיך מודע, אויך איצט אַזוי: טו איך נאָר אַ קוק אויף דער פאָטאָגראַפיע, אַזוי פאַרפּעלט אין מײַן דויפּעק אַ שטויס פונעם בלוט. „אָט דאָס איז דרייזשע?" — פרעג איך זיך פונקט, ווי אַמאָל אין דער קינדהײַט. — אַ שטאַלטנער האַלדז וואַקסט אַרויס פון אַ שטייענדיק קעלנערל און טראָגט אויף זיך מיט גראַציע און זעלבסטווירדע אַ שיינעם פּרויען־קאָפּ. אַ רונד פּאָנעם, פולע ליפּן, גרויסע מילדע אויגן. די האָר פאַרקאַמט אויף אַרויף, און דאָס רעכטע אויערל, אַ קליינס און אַ צאַרטס, קוקט כיינעוודיק אַרויס פון אונטער דער הויכער פריזור. טיילמאָל שטעל איך די פאָטאָגראַפיע אַוועק אויף מײַן שרײַבטיש. זאָלן מענטשן זי זען. אַלע מײַנע פרײַנט ווייסן, אַז ס'איז געווען אויף דער וועלט מיט אַ צוויי הונדערט יאָר צוריק אַ פראַנצויזישער קינסטלער גריאָז, וועלכער האָט מײַסטעריש געמאָלט שיינע פרויען־קעפּ, וואָס באַשיינען ביז איצט די ווענט פון פיל קונסטגאַלערייען. אָבער פראַנצויזישע עלעגאַנץ און יִדיש־שטעטלדיקע טמימעס... ווו וועלן זיי נאָך זען אַזוינס?

פון דעם גאַנצן אַלבאָם דרייזשעס איז בלויז זי פאַרבליבן בײַ מיר אין זיכּאָרן, זי, מיט איר קליין צאַרט אויערל פון אַרונטער דער הויכער פריזור. דעריקער, דאָס אויערל, עפּשער דערפאַר, וואָס דאַן, אין דער קינדהײַט, האָב איך געוווּסט, אַז אַ שיינע איז די, וועלכע האָט „ריכטיקע שטריכן פון פּאָנעם": אַ קליין מײַלכל, אַ געטאָקט נעזל... און דאָ האָב איך דערזען, אַז אויך אַן אויער קאָן זײַן שיין.

אויסער דרייזשען, האָב איך קיינעם ניט פאַרגעדענקט. נאָר אַ מעטושטעש געפיל איז בײַ מיר פאַרבליבן, אַז דורכויס קינדער אָדער מיידלעך און באָכערים זײַנען בײַ איר אין אַלבאָם. אַפילו איר טאַטע און די מאַמע זײַנען אויך אַ באָכער מיט אַ מיידל, ניט קיין טאַטע און מאַמע. איך האָב זי אַפילו געוואָלט פרעגן וועגן דעם, ווי איך דערמאָן זיך, נאָר כ'האָב ניט געוווּסט וואָס צו פרעגן. אין קאָפּ האָט זיך עפּעס אומקלאָר געדרייט: „און וואָס ווײַטער? פאַרוואָס זײַנען בײַ איר ניטאָ זייערע קאַרטעטשקעס, ווען זיי אַלע זײַנען עלטער געוואָרן?"

איך האָב געקוקט אויף דרייזשעס פאָטאָגראַפיע, ניט געקענט פון איר זיך אָפּרײַסן, און זי, דרייזשע, זיצט זיך אַנטקעגן מיר, דער צעניאָריקער. איר פּאָנעם, ווי געווייינלעך, אַ ווײַסער פלעק אויף שוואַרצן. די אויגן זײַ־

נען, ווי הינטער פאַרמאַכטע לאָדן, אונטער די טונקעלע אויגן־לעפלעך באַהאַלטן. זי איז ערגעץ ווײַט פון מיר, דרייזשע. עפּעס ניט נעענטער פון דעם אומבאַקאַנטן פּרוויען־קאָפּ אױף דער פאָטאָגראַפיע.

דרייזשע הייבט אויף אױף מיר די אויגן, די זעלבע מילדע אויגן, וואָס אױף דער פאָטאָגראַפיע. זי שמייכלט צו מיר מיטן אָנצייַנערדיקן מויל, און די פיל דינינקע ווירעלעך אױף אירע בלאַסע באַקן נעמען ווידער כוואַליען זיך, ווי אַ שטיל וואַסער. זי ציט פאַוואָליע אַרויס פון מײַנע הענט דעם אַלבאָם, באַהאַלט אים אינעם טיש־קעסטל:

— ווילסט, כ'וועל דיר דערציילן מײַן לעבן?

דרייזשע האָט דערציילט. איך האָב געהערט. צו יונג בין איך דאַן געווען און צו ווייניק דערפאַרן, איך זאָל אַלץ פאַרשטיין און פאַרגעדענקען. עס קאָן זייער זײַן, אַז אייניקע פּראָטים פון דרייזשעס לעבנס־געשיכטע זײַנען צו מיר דערגאַנגען פיל שפּעטער, ניט פון דרייזשען אַליין, נאָר פון אַנדערע דערציילט. אַזוי פיל יאָרן אַדורך, זײַנען פיל ווערטער צערונען געוואָרן. די צערודערונג פון זיי אָבער האָט איבערגעלעבט אַלע שפּעטערדיקע לעבנס־שטורעמס. אַלץ, וואָס עס איז פאַרבליבן אין מײַן זיקאָרן אָט אַזוי, ווי עס איז אַראָפּ פון דרייזשעס ליפּן, וועל איך זיך מיִען טרײַ פאַרהיטן אַפן פּאַפּיר, ווי אויך מײַנע נאַיווע קינדערשע קאַשעס, וואָס איך האָב פאַרגעבן דרייזשען. דער נוסעך פון איר דערציילן האָט זיך אָפּגעזעצט אין מײַן מויעך און מײַן האַרץ, ניט צו פאַרגעסן. דאַנק איך דעם גורל פאַר יענעם שאַבעסדיקן ביינהאַשמאָשעס, פאַר דער צערודערונג, וואָס ער האָט אַרײַנגעטראָגן אין מײַן קינדערשער נעשאָמע.

— מיינסט, אַווראַמעלע איז מיר אַ ברודער? ער איז דאָך מיר אַ זון, — אַזוי האָט אָנגעהויבן דרייזשע. שוין בײַ די ערשטע ווערטער אירע האָט עפּעס אַ שרײַפּעלע אין מײַן קאָפּ זיך באַזעצט אין אַ נײַער דירע.

דער פּעטער אַווראָם איז דרייזשעס אַ ברודער? איז זי דאָך מײַן מאַמעס אַ שוועסטער. פאַרוואָס האָט די מאַמע מיר געהייסן גריסן אין שטוב איטלעכן באַזונדער און דרייזשען האָט זי אַפילע ניט דערמאָנט? „ער איז דאָך מיר אַ זון". ווייס איך שוין גאָר ניט וואָס צו קלערן. ווי קען דאָס אַ ברודער זײַן אַ זון? איך בין אַזוי פאַרטאָן אין די רעטענישן — ווער, וואָס, ווען, און... ווידעראַמאָל, און אָבעראַמאָל, — צי איז דרייזשע באַם זינען, — אַז דער אָנהייב פון איר געשיכטע גייט דורך פאַרבײַ מײַנע אויערן.

— ...בין איך געבליבן אַ קלײַנעכדיקע יעסוימע. נײַנצן יאָר אַלט געווען. דײַן מאַמען האָט צוגענומען צו זיך די באָבע. אָפּגעזעסן שיווע און אוועקגעפאָרן מיטן אייפּעלע. דײַן מאַמען איז געווען סאַכאַקל דרײַ יאָר. די באָבע אָלעהאַשאָלעם האָט זי אויפגעהאָדעוועט און געהאַלטן בײַ זיך ביז צו דער כופּע. אַווראַמעלע, זאָל געזונט זײַן, איז פאַרבליבן מיט מיר. שוין אַ גרויס ייִנגל געווען, צען יאָר. און שיין, ווי גאָלד, און אַ באַרדאַס. הײַנט די גוטסקײַט זײַנע, נאָר ער לאַשטשעט זיך צו מיר. אַ יונג קינד און אַ יאָסעם, נעבעך, צו וועמען זאָל ער זיך נאָך לאַשטשען?

מיטן סייכל פאַרשטיי איך: אַווראַמעלע איז אויסגעוואַקסן, איז פון אים

געוואָרן דער פעטער אווראָם. אלעמאָל אזוי. פון א קינד ווערט מיט דער צײַט א גרויסער. איך וועל אויסוואקסן, וועל איך אויך זײַן א גרויסע. נאָר אלצײנס שטימט בא מיר ניט דער כעזשבן. אוורעמעלע, וועלכער „לאשטשעט זיך" צו דרייזשען, און דער פעטער אווראָם זאָלן זײַן אײנס? איך פּרוּוו זיי צונויפלייגן — איינס און איינס איז צוויי. איז וואָס קומט ארויס פון מײַן כיבער? פאָרט צוויי, ניט איינס.

וואָס ווײַטער, ווערט אין צימער אלץ פינצטערער. עס קען זײַן, אז מע מעג שוין אָנצינדן ליכט. נאָר מיר געפעלט בעסער צו זיצן אזוי, אין דער טונקל. דער מומע דרייזשען, ווײַזט אויס, איז עס אויך צום הארצן. די מומע דרייזשע, אזוי רוף איך זי שוין פאר זיך. און דער נאָמען אירער זעט מיר איצט אויס גאָר ניט אזוי ניט שיין. א נאָמען ווי א נאָמען.

— א פּאַק אין דער האנט האָב איך געהאט, — דערציילט די מומע דרייזשע. — פון קינדווײַז אוף געהאָלפן דער מאמען אין דער ארבעט. ווען די מאמע איז געשטאָרבן, איז איר זאָקן־מאשין אריבער צו מיר. האָב איך געשטעפּט און געוויינט — ניטאָ די מאמע. ווען די ערשטע ביטערע צײַט איז אדורך, האָב איך געשטעפּט און געזונגען. און אלצײנס האָב איך געדענקט, אז ס'איז ניטאָ די מאמע, ניטאָ — און גאָר. נאָר פארדינט האָב איך ניט שלעכט. א שטיקל גאָרטן לעבן גאנעק איז מיר אויך פארבליבן בעירושע. אף סכאר־לימעד, אף עסן און אפילע אף א בעגעד פאר מיר און פאר אוורעמעלען האָב איך געהאט איבערגענוג. זאָגן, אז ס'איז מיר געווען גרינג, איז ניט שײַעך. אײַ, וואָס איך האָב געזונגען, איז בא אונדז א מישפּאָכע אזא. ס'איז גוט אפן הארצן, זינגט מען. ס'איז שלעכט אפן הארצן, זינגט מען ווידער. דײַן מאמע, מיסטאמע, אויך אזוי, האָ? איך האָב פון מײַן זינגען אויסגעריסענע יאָרן געהאט. מענטשן האָבן געזאָגט: „אין איין יאָר האָט די ערד דעם טאַטן און די מאמע צוגעדעקט, און זי זינגט גאָר. א נאריש קעלבל..." שפּעטער, ווען איך האָב כאסענע געהאט, האָבן מענטשן געטײַנעט: „א ייִדענע זאָל זיך קעסיידער רײַסן דעם גאָרגל. זי מיינט, מע פארשטייט ניט, פאר וועמען זי זינגט. וויגדער גייט איר פון קאָפּ ניט ארויס".

מענטשן האָבן לאנגע צינגער. געוווּנטשן האָבן זיי מיר אָבער נאָר גוטס. מענטשן האָבן ניט דערלאָזט, א קײַלעכדיקע יעסוימע זאָל פארזעסן ווערן. האָט מען מיך צו צוואנציק יאָר כאסענע געמאכט מיט אן אלמען. דאפקע א ווילער מענטש געווען. און מער ניט, ווי דרײַ קינדער געהאט. א מיידעלע און צוויי ייִנגלעך. טײַערע קינדער, אף אלע ייִדן געזאָגט געוואָרן.

מיט דער מומע דרייזשע גייט עס בא מיר פונקט פארקערט, ווי מיטן פעטער אווראָם. זי וואקסט אף צוריק. דער בלאסער שאָטן, אין שווארצן געהילט, ווערט אלץ ייִנגער. די אלטע דרייזשע איז א צוואנציקיאָריק מיידל, פונקט ווי מײַן עלטערע שוועסטער. איך ווער אזוי איבערראשט פון מײַן אנטדעקונג, אז איך לאָז דורך א שטיק פון דרייזשעס געשיכטע. און איר קאָל פליסטערט אלץ שטיל און צארט:

— ווינדער גייט ארום שלינג־און־שלאנג איבערן שטעטל. ניט ער לערנט, ניט ער פארנעמט זיך מיט א מיסכער, ניט ער האָט כאַסענע. און שעמט זיך ניט פאר קיין מענטשן. ווו איך זאָל זיך ניט ווײַזן, וואקסט ער אויס לעבן מיר ווי פון אונטער דער ערד.

— מומע דרייזשע, — איך כאַפּ זיך, אז איך האָב דאָ עפּעס פאר־הערט. — ווער איז ער דאָס, ווינדער?

— וואָס הייסט ווער? איך האָב דאָך דיר געוויזן זײַן קארטעטשקע. מײַן כאַסן. מיר איז געווען קוים זיבעצן, און אים נײַנצן, האָבן מיר זיך איינער דעם אנדערן דאָס וואָרט געגעבן. נאָר ווען ס'האָט שוין געהאלטן בא כופּע שטעלן, האָבן זײַנע עלטערן געזאָגט איינמאָל ניין. דער טויט זאָל זיי דאָ זײַן, וועלן זיי עס ניט דערלאָזן. פארוואָס זאָל טאקע אזא געראָטענער באָכער, אן איינציקער זון, נעמען א מיידל אָן נאדן און נאָך מיט א קינד אויף די הענט? זיי האָבן געוווּסט, אז אוורעמעלען וועל איך פון זיך ניט אָפּלאָזן. טראָג איך ניט קיין שווער הארץ אויף זיי. זיי זײַנען דאָך טאטע־מאמע.

האָבן מענטשן מיך מיטן אלמען כאַסענע געמאכט. א מיצווע פארדינט. מיר איז אָבער שלעכט. וועסט מיר גלייבן, איך קען צום ברונעם ניט ארויסקומען. ווו איך, דאָרטן איז ווינדער. איך באַווײַז ניט ארויסציִען דעם עמער פון ברונעם, נעמט אים ווינדער צו בא מיר און דערטראָגט ביזן סאמע גאנעק. און איך, האַלעמײַ זאָל איך לייקענען, ס'איז טאקע א זינד פאר גאָט, ווען ווינדער רירט זיך צו ניט נאָר צו מײַן האנט, נאָר אפילע צום הענטל פון עמער, בלײַב איך שטיין א פאר־צאפּלטע.

ניט שטענדיק, מײַן קינד, טוט א מענטש דאָס, וואָס ער וויל טאָן, — אזוי זאָגט צו מיר די מומע דרייזשע. — איך האָב געוואָלט אוועקטרײַבן ווינדערן, זאָגן אים מיטן הארבן וואָרט, ער זאָל אפילע נאָענט צו מיר ניט צוגיין. האָב איך ניט פאר אים דאָס הארבע וואָרט. איך קער נאָר אָפּ דאָס פּאָנעם, ווײַל איך האָב מוירע פאר זײַנע אויגן. בעסער זיי ניט צו זען. איך זאָל אים גיין דערציילן, ווינדערן, אז טאקע צוליב זײַן טויווע וועגן האָב איך כאַסענע געהאט? פאנאנדערגעבונדן אים די הענט. פון טיפן הארצן געוווּנטשן אים, ער זאָל געפינען זײַן זיווּעג און לעבן גליקלעך. איז וועלכער מאנצבל וועט גלייבן, ווען דו זאָגסט אים אזוי? און עפּשער האָט ווינדער געגלייבט? ס'איז גאָרניט נייטיק געווען, איך זאָל אים זאָגן. ער האָט עפּשער ראכמאָנעס געהאט אויף מיר ניט ווייני־קער, ווי אויף זיך. אזוי האָט זיך מיר טייַלמאָל געדאכט. און אן אנדערש־מאָל — ניין, ער טוט מיר צולאָכעס. — אזוי האָב איך געטראכט. — ער נעמט אין מיר נעקאָמע. ווער ווייסט?

און מײַן מאַן, — זיפצט אָפּ דרייזשע, — ניט איין מאָל און ניט צוויי מאָל איז עס געווען, קוקט אויף אונדז דורכן פענצטער. ווינדער טראָגט דעם פולן עמער וואסער, קיין טראָפּן קיינמאָל ניט פארלאָרן אפּן וועג, און איך גיי אים נאָך פון הינטן מיט אן ארויפגעלאָזטן קאָפּ. ווינדער שטעלט אוועק דעם עמער אפּן העכסטן שטאפּל פונעם גאנעק, ווי א פּע־דער וואָלט ער ארויסגעלאָזט פון דער האנט, דרייט זיך אויס מיט דער

פלייצע, ער זאָל כאָטש א קוק טאָן אף מיר, און פארשווינדט אָן א זײַ געזונט.

פון מײַן מאן הער איך ניט קיין קרום וואָרט. א מענטש אָן א גאל. מיט אוורעמעלען... קיין אייגענער טאטע קאָן בעסער ניט זײַן. עמעס, איך פאר זײַנע קינדער בין אויך א טרײַע מאמע געווען. און זיי האָבן זיך געצויגן צו מיר, ווי זאָל איך דיר זאָגן, האָסט ווען געזען א פייגעלע, וואָס איז ארויסגעפאלן פון נעסט, און פליִען האָט זיך עס נאָך ניט אויסגעלערנט?

איך בין פארגאנגען אין טראָגן. שוין אין זיבעטן כוידעש געווען. און ווידער טוט זיך זײַנס. דאָס הייסט, ער טוט גאָרנישט. פאר קיין סאָלדאט נעמט מען אים ניט. אן איינציקער זון בא טאטע־מאמע. קיין שידעך ריידן לאָזט ער זיך ניט. און ראק ער גייט מיר נאָך. איז מיר פארשטערט דאָס לעבן.

איינמאָל גיי איך ארויס אפן מארק קויפן פיש אף שאבעס. ערשט איך דערזע ווידערס מאמע. זאָג איך: „גוט־מאָרגן!” כאפט זי ארויס א העכט בא דער סעדעכע און נעמט מיך שמײַסן מיט אים איבערן פּאָנעם. דאָס העכטל איז א לעבעדיקס, עס צאפּלט, עס רײַסט זיך פון איר, נאָר זי האלט עס מיטביידע הענט, ווי אין אן אײַזערנער אָפּצווענגע פארקלעמט, און... איבער די באקן. איבערן קאָפּ. דאָס טיכל איז בא מיר באלד אראָפּגעפלויגן. רײַסט שוין מיך דער פיש בא די האָר. איך פארשטעל זיך מיט די הענט די אויגן, איך זאָל קיין בלינדע ניט בלײַבן. ארום א רעדל ווײַבער. און אלע שווײַגן. ביז איך בין צו דער ערד געפאלן. און גלײַך האָבן מיך א פּאָר שטארקע הענט ארומגענומען, אופגעהויבן, גוט־באקאנטע הענט. איך עפן פאוואָלינקע די אויגן. ווידערס פּאָנעם איבער מיר. און איך, ווי אין א וויגעלע ליג איך. אף די הענט האָט מיך ווידער איבערן גאנצן שטעטל אהיים געטראָגן. אז אָך און וויי צו מיר, אז אָך און וויי צו אים. צו מײַן מאן האָט ער מיך געבראכט.

קיין אייגן קינד איז מיר ניט באשערט געווען. אָפּגעמאטערט זיך צוויי מעסלעס און ערשט מאפּל געווען. ווי איך בין נאָר צו די קויכעס געקומען, האָט מיך דער מאן אָפּגעגעט. שטיל, אָן קריגערײַען. ניט אויסגעהאלטן דעם ביזאָיען. וואָס פארא טײַנעס קאָן איך צו אים האָבן? אים איז אויך, נעבעך, נאָכגעגאנגען דער שלימאזל. דאָס ערשטע ווײַב איז געשטאָרבן, פון מיר האָט ער גאָר קנאפּ נאכעס געהאט. פאר מיר איז עס געווען גראָדע צום גוטן, וואָס מיר זײַנען זיך פאנאנדערגעגאנגען. מער ניט, וואָס נאָך די קינדער האָב איך א צײַט געבענקט. און זיי, ווי נאָר זיי דערזעען מיך, לויפן זיי מיר אנטקעגן און שרײַען: „מאמע!” נאָר זינט מײַן מאן האָט צום דריטן מאָל כאסענע געהאט, האָב איך די קינדער גענומען אויסמײַדן. די שטיפמאמע האָט פון זיי שטיקער געריסן, האלעמײַ זיי רופן מיך „מאמע”.

— מומע דרייזשע, און וואָס איז געוואָרן מיט ווידערן? איר האָט מיט אים כאסענע געהאט?

דרייזשע בלײַבט א ווײַלע אָן לאָשן. דערנאָך מיט א זיפץ:

— אז צוליב וואָס דערצייל איך דיר דאָס אלץ? ביסט דאָך נאָך גאָר

א קינד. פאַר דיר איז עס אַ מײַסע. נאָר דו ווילסט וויסן, וואָס איז ווײַ־טער, — זי גיט מיטאַמאָל בררייט א פיר מיט דער אויסגעדאַרטער האַנט איבער איר קליין צימערל, ווי מיר וואָלטן געזעסן אין פרײַען פעלד און אַרום אונדז וואָלטן זיך געשפּרייט אירע מאַיאָנטקעס, — אָט די גאַנצע שטוב איז מײַנע, דאָס ווייסטו? גאָט האָט מיר געהאָלפן, איך זאָל זי קענען שענקען אוּרעמעלען, ווען ס׳וועט קומען די צײַט.

שטיל אין שטוב. שטיל אין גאַס. הינטער די פענצטער גייט אויס אַ שאַבעסדיקער טאָג. איך וויל מער ניט זיצן איינע אַליין מיט דער מומע דרייזשען אין דעם פינצטערן כיידערל. איך האָב פאַר איר מוירע. אַזעל־כע מאָדנע רייד. די שטוב איז גאָר אירע.

— וואָס איז געוואָרן מיט וויגדערן? — דער מומע דרייזשעס ליפּן פליסטערן אַזוי שטיל, אַז איך בין ניט זיכער, צי האָט זי עס די דאָזיקע ווערטער אַרויסגעזאָגט, אָדער עפּשער איך האָב עס אַליין פאַר זיך אַ טראַכט געטאָן. מײַן שרעק ווערט צערונען. אַ זיסער טרויער כאַפּט מיך אַרום. איינער, אַ יונגער און אַ שטאַרקער, טראָגט מיך אַף די הענט איבער די גאַסן פון שטעטל, און איך, יאָ, דאָס בין איך, ניט די מומע דרייזשע, און איך הוידע זיך, ווי אין אַ וויגעלע, אין זײַנע אָרעמס. אַן אומרו אין מײַן קינדערש האַרץ. ביז איצט דערפיל איך אַ ציטער אין אַלע מײַנע איִיוורים, ווען איך דערמאָן זיך יענע רעגע. ווײַל איך בין געווען פאַר־ליבט. מײַן ערשטע ליבע איז געווען דער אומבאַקאַנטער וויגדער. ווי האָט ער אויסגעזען, וויגדער, וואָלט איך ניט געקענט זאָגן, די מומע דרייזשע האָט צו גיך איבערגעמישט דעם בלאַט פונעם אַלבאָם.

— אַ מײַסע? זאָל זײַן אַ מײַסע, — אַזוי זאָגט די מומע דרייזשע. מיר דוכט, זי איז אַף מיר אַ ביסל באַרויגעז, און דאָס פירט מיך אַרויס פון מײַן הינערפּלעט. — ווילסט הערן, טאָ הער און פרעג ניט קיין קאַשעס. דעם זעלבן טאָג נאָך, ווען זײַן מאַמע האָט אָפּן מאַרק פאַר אַלעמען אין די אויגן מיך אויסגעפּאַטשט מיטן לעבעדיקן העכטל און ער האָט מיך אָפּגעטראָגן אַ פאַרכאַלעשטע אַהיים, איז וויגדער אַוועק פון שטעטל און ווי אין וואַסער אַרײַן.

מײַן מאַן האָט מיך אָפּגעגעט, זעץ איך זיך ווידער צו דער זאָקן־מאַ־שין. און נישקאָשע. מיט דער כאַיונע קום איך אויס. מער ניט, וואָס אַנטקעגן אַלעמען בין איך שולדיק. און מער פון אַלעמען אַנטקעגן וויג־דערן. ניט געהאַלטן וואָרט. כאַסענע געהאַט. און ווו איז ער, וואָס איז מיט אים, ווייסט קיינער ניט. אַפילע אייגענע טאַטע־מאַמע. הערסטו, מײַן קינד, אויב עמעצער וועט דיר זאָגן, אַז די צײַט פאַרהיילט יעדע וווּנד, איז דאָס קאָזעוו וועשעקער. אַ פינגער, אַז מע פאַרשנײַדט, נו, עפּשער... אָבער אַ וווּנד אַף דער נעשאָמע, אוי, ניין, זי פאַרהיילט זיך ניט. די צײַט פאַרציט זי נאָר מיט אַ הײַטל, זי זאָל זיך אַזוי ניט אָנזען פאַר פרעמדע אויגן. ווען אַלע וווּנדן זאָלן בלײַבן אָפן, וואָלטן דאָך מענטשן פון קיין פרייד ניט געוווּסט.

צוויי יאָר זײַנען אַדורך. אוּרעמעלע איז שוין אַ באַרמיצווע־ייִנגל. און ער לאַשטשעט זיך נאָך אַלץ צו מיר, ווי אַ קליין קינד. איז וועמען און וואָס דאַרף איך נאָך? קומט מיר פּלוצלינג אָן אַ בריוו, און עס רײַסט

זיך מיר אָפּ אין הארצן. קיינער שרײַבט מיר ניט קיין בריוו. אפילו די באָבע. איז פון וועמען זאָל עס זײַן? איך עפן דעם קאָנווערט, טאקע ניטאָ קיין בריוו. עפּעס א פאפירל ליגט דאָרט אינווייניק. איך נעם עס פאנאנדער, גאָט מײַנער, פינף דאָלער. פונקט אזא פאפירל האָב איך געזען בא איינער א ייִדענע, וואָס דער מאן האָט זי געוואָרפן מיט פיר קינדער, נעבעך. איין מאָל צוגעשיקט אָט אזא פאפירל און פאָטער.

וואָס זאָל איך טראכטן? א פעטער אָדער א מומע האָט זיך אָפּגעזוכט אין אמעריקע. דערוווסט זיך, אז איך מיט אוורעמעלען זײַנען געבליבן קײַלעכדיקע יעסוימים, ווילן זיי אונדז אונטערהאלטן בא דער נעשאָמע. איך ווייס אָבער ניט וועמען צו זאָגן א דאנק, קיין אדרעס אף צוריק איז ניטאָ. גייט דורך נאָך א כוידעש, ווידער פינף דאָלער. און אזוי עטלעכע יאָר נאָכאנאנד. אז געלט קומט אמאָל אָן ווי א בריוו, אין א קאָנווערט, אָן אן אָנווײַזונג, און די פּאָטשט אליין ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן, איז פאר קיינעם אין שטעטל קיין נײַס ניט. אזוי איז ביליקער. אָבער אָן א כסימע און אָן אן אדרעס אף צוריק...

אין שטעטל, מײַן קינד, איז שווער עפּעס אויסבאהאלטן. ווייסט מען שוין, אז מיר קומען אָן בריוו פון אמעריקע. רעדט מען, מע פּרוּווט טרעפן, מע פרעגט זיך נאָך בא מיר, פון וועמען. אָבער אז איך ווייס ניט, ווייסן דאָך אנדערע אוואדע ניט. גיין דערציילן יעדערן, אז ניט קיין בריוו באַקום איך, נאָר געלט, בין איך אויך ניט מעכוייעוו. קוועטש איך מיט די אקסלען. מאך א שווײַג. רעדט מען און מע רעדט, ביז מע הערט אוף צו ריידן, יעדערער האָט זיך זײַנע אייגענע דײַגעס. דארף זיך מאכן, אז איינער, אונדזערער א שטעטלדיקער, זאָל אָנשרײַבן אין א בריוו פון אמעריקע צו זײַן ווײַב, אז ער האָט געזען וויגדערן. און עס גייט אים דאפקע ניט שלעכט. נאָר וואָס? ער האָט ניט כאסענע. דער ייִד איז ניט פויל און גיט אָן אפילו וויגדערס אדרעס. און זײַן ווײַב שרײַבט ער, זי זאָל טאָן, ווי זי פארשטייט. פארשטייט זי אזוי, אז דעם אדרעס דארף מען געבן וויגדערס מאמען.

קאָן איך זיך שוין ווידער ניט ווײַזן אין גאס. וויגדערס מאמע האלט אין איין גוואלדעווען, אז איך האָב פאריאָגט איר זון פון דער היים, אז איך האָב אים צעקריגט מיט די עלטערן. און די בריוו, וואָס עס קומען מיר אָן, זײַנען ניט אנדערש, ווי פון וויגדערן. איך וויל אים אין א זאק פארנארן. זי איז גרייט צו שווערן בא א סייפער־טוירע, אזוי זאָגט זי, וויגדערס מאמע, אז א ציגײַנערקע בין איך, ניט קיין ייִדיש קינד. איך באַשווינדל איר זון. איך צי פון אים געלט, וויפל עס לאָזט זיך נאָר. אָט וועט זי זיך אראָפּכאפּן צום נאטשאלניק פון דער פּאָטשט און וועט אים עפענען די אויגן. זאָל ער נאָר ארײַנקוקן אין די ליבע־בריוועלעך, וואָס קומען מיר אָן, וועט ער דאָרט נאָך עפּעס דערזען.

נעם איך זיך אָן מיט הארץ און גיי אוועק צו וויגדערס מאמע. איך בלײַב שטיין אף דער שוועל. די טיר לאָז איך אָפן. אדרעבע, זאָלן מענטשן הערן. אזוי און אזוי, זאָג איך, איך באקום טאקע געלט. נאָר דערווײַל האָב איך זיך צו דעם אפילו ניט צוגערירט. ניט איך דארף עס, ניט איך ווייס, וועמעס דאָס איז, איך לעב פון מײַן האָרעוואניע. דאָס געלט ליגט

באהאלטן בא א ראיעלן מענטשן. איז אויב עס איז אייַער זונס, גיב איך אייַך אָפּ ביז א פּרוטע. זייַן אדרעס האָב איך ניט, בעט איך אייַך, פרעגט זיך אָן בא אייַער זון, צי שיקט ער דאָ װעמען אין שטעטל געלט. ענטפערט מיר װיגדערס מאמע: „שוין אָנגעפרעגט זיך. ער לייקנט שטיין און ביין. נאָר מיר װייסן די קונצן״.

פון מייַנע רייד מיט װיגדערס מאמע בא דער אָפענער טיר האָט זיך אָנגעהויבן א קאָך אין שטעטל, אז גאָט זאָל אויסהיטן. סטייַטש, איך האָב ליגנדיק געלט בא א ראיעלן מענטשן! קיינער האָט מייַן געלט ניט געציילט, נאָר אלציינס בין איך מיטאמאָל א רייַכע קאַלע געװאָרן. שאדכאָנים זייַנען מיך באפאלן פון הי און פון דער פרעמד. װעסט לאכן, אפילע מייַן געװעזענער מאן האָט זיך גענומען צו מיר שאדכענען. אָפּגעװארט מיך איינמאָל בא דער קרענעצע הינטערן שטעטל. איך בין געגאנגען אין דאָרף צו מייַנע קונדן מיט א פּעקל סכוירע, האָט ער מיך אָפּגעהיט. אז מע איז געזיכערט פון א פרעמד אויג, מעג א מאנצבל זיך אויסטייַנען אפילע מיטן װייַב, װאָס ער האָט אָפּגעגעט. ער גיסט פאַר מיר אויס זייַן ביטער הארץ. איך גלייב אים. איך זע, דער מענטש איז שװארץ, װי די ערד. זייַן דריט װייַב, דערציילט ער מיר, איז אן עמעסע מאכשייפע, די קינדער שלאָגט זי מאקעס רעצעך. זי װעט זיי מאכן פאר קאליקעס, זאָגט ער. איז אויב איך בין מאסקים, װעט ער זיך מיט איר געטן, און מיר װעלן א ביסל איבערװארטן און איבעראנייַס כאסענע האָבן. איצט װעט ער שוין װיסן, װי מיך צו שעצן.

נו, קיינער האָט ניט געהערט, װאָס ער האָט מיר געזאָגט, קיינער האָט ניט געהערט, װאָס איך האָב אים געענטפערט. איז צוליב װאָס, דאכט זיך, זאָל א מענטש זיך אליין שטעלן צום נאר? איז ניין, ער װיל זיך אין מיר נויקעם זייַן. ער װיל, קיינער זאָל מיך ניט נעמען. אייַ, אייַ, װי א מענטש װייסט דאָס קיינמאָל ניט, װאָס בא יענעם אפן הארצן טוט זיך. מייַן געװעזענער מאן לייגט אייַן די װעלט, קעדיי איך זאָל פארזעסן װערן. אָבער דאָס װיל איך דאָך טאקע. איך האָב דאָך אים געזאָגט אָט דאָרטן, צװישן הימל און ערד, בא דער קרענעצע, אז איך װעל מער שוין קיינמאָל ניט כאסענע האָבן. װען ער װאָלט מיר געגלייבט, װאָלט ער פארשפּאָרט צו פויקן איבערן שטעטל װעגן מיר און װעגן װיגדערן. ער האָט אליין געזען. ער האָט אליין געהערט. דערפאר האָט ער זיך מיט מיר געגעט. אז אינדערעמעסן בין איך אים גאָר קיינמאָל קיין װייַב ניט געװעזן, אזוי זאָגט ער. עמעס, אינגיכן כאפּט ער זיך אָפּ צוריק. הערט אוף צו טרייַבן רעכילעס. און טאָמער מע נעמט אים שלעפּן בא דער צונג, איז ער זיך אָרנטלעך מוידע, אז ער איז באגאנגען אן אװלע אנטקעגן מיר. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, א װוילער מענטש געװעזן. נאָר װער װעט אים איצטער גלייבן? מע לאכט פון אים, מע לאכט פון מיר. אָט אזא מאזל האָב איך שוין, מענטשישע מייַלער זאָלן מיך נאָכאנאנד קייַען און אויסשפּייַען. זאָלסט װיסן זייַן, קינד, אז פארברודיקן איז גרינגער, װי ריינװאשן. זאָלסטו דאָס גאנצע לעבן זייַן געהיט פון א בייז װאָרט װעגן יענעם.

— מומע דרייזשע, איז װער האָט עס אייַך פּאָרט געשיקט געלט?

— װער? געשיקט, געשיקט און מיטאמאָל אופגעהערט צו שיקן. איך

טראכט, מאלע וואָס איך טראכט... אַף געוויס ווייס איך דאָך ניט. אָלציינס האָב איך קיין גראָשן פון דעם געלט ניט געריהרט. נאָר ווען ס'איז געקומען אוורעמעלעס צײַט, קלער איך, זאָל די קאלע ניט מיינען, אז ער קוואפּעט זיך אַף איר נאדן. קום איך אָפּנעמען מײַן געלט באם ראיעלן מענטשן, גיט ער מיר נאָך מער, ווי איך האָב אים פּארטרויט. וויל איך ניט נעמען. זאָגט ער, אַנדערש קען ער ניט, פריצענטן, זאָגט ער, זײַנען אָנגעוואקסן. אויב דאָס געלט האָט מיר געשיקט א רײַכער קאָרעוו, טראכט איך מיר, האָט ער דאָך אין זינען געהאט אונדזביידן, מיך און אוורעמעלען. נאָר אַף וואָס דארף איך געלט? איך האָב דאָך די זאָקן־מאשין. דערפאר אָבער אוורע־מעלע, ווי נאָר ער וועט אראָפּ פון קעסט בא שווער און שוויגער, וועט ער ארײַן מיטן ווײַב, זאָל געזונט זײַן, אין זײַן אייגענער שטוב. און אזוי איז דאָס טאקע געווען. איך האָב געוואָלט, עס זאָל זײַן א שיינע שטוב. האָבן זיי גאָר א מין אכסאניע אויסגעבויט. זעסט דאָך, א שטוב אַף פיר גאסן, און אזעלכע קעמערלעך. עס שלאָגט צום הארצן.

בעקיצער, אוורעמעלע האָט מיט מאזל כאסענע געהאט, און איך קלײַב נאכעס. אײַ, כאנע־עסטער? איך האָב נאָך דעמלט צו איר זיך צוגעקוקט, א ביסל א טרוקענע נעשאָמע, נאָר וואָס זאָל מען טאָן? אז אים איז ליב, איז מיר ניכע. קיין שאדכאָנים האָב איך צו אים ניט צוגעלאָזט. איך האָב אים קעסיידער געלערנט, אוורעמעלען, וויפל מאָל אים פארזאָגט: „זאָלסט זיך ניט יאָגן נאָך קיין געלט, זאָלסט זיך ניט יאָגן נאָך קיין ייִכעס. א קאלע זאָלסטו זיך אויסקלײַבן אזא, וואָס איז דיר צום הארצן”. נו, האָט ער אויסגעקליבן כאנע־עסטערן. וואָס האָב איך צו איר? א האָרעפּאשניצע איינע אין דער וועלט. פירט אָזא שטוב. זי וואָלט זיך געקאָנט פארגינען צו נעמען א דינסט. וויל זי ניט. מיך לאָזט זי קיין האנט אין קאלט וואסער ניט ארײַנטאָן. די מיידלעך וואשן אמאָל אויס דאָס געפעס. און אזוי איז אלץ אליין.

מיר איז קיינמאָל אזוי גוט ניט געווען, ווי יענעם יאָר, ווען איך האָב אויסגעגעבן אוורעמעלען. ער זיצט זיך אַף קעסט בא שווער און שוויגער, זײַן שטוב איז שוין אָט־אָט אויסגעבויט, און איך זיץ מיר בא מײַן זאָקן־מאשין און זינג קעסיידער. מענטשן זײַנען גוט צו מיר. דערפאר, וואָס איך בין א פריילעכע. מײַנע אלע כאטאָים זײַנען שוין פארגעסן געוואָרן. על־טערע ייִדענעס שטעלן זיך אָפּ בא מײַן פענצטער: „זינגסט? נו, זינג, זינג. זאָל דיר גאָט העלפן...” איך האָב געגלייבט, אז גאָט וועט מיר טאקע העלפן. איך וועל זיך רויִק אויסלעבן מײַנע יאָרן בא דער זאָקן־מאשין, וויפל ס'איז מיר באשערט. אבי געזונט. וואָס דארף איך נאָך?

גייט איינמאָל דורך פארבײַ דער פּאָטשטאליאָן, דערלאַנגט מיר דורכן אָפענעם פענצטער א בריוו ניט קיין בריוו, עפּעס א לענגלעך קעסטעלע, ווײַזט מיר מיטן פינגער אַף א פּאַפּיר, איך זאָל מיך כאסמענען, און גייט אוועק אָן א וואָרט צו זאָגן. א כמורער פארשוין געווען. איך טו א קוק — מײַן אדרעס. מײַן נאָמען. אָן אדרעס אַף צו ענטפערן איז אויך דאָ. אַף א פרעמד לאָשן געשריבן. איך בין אַף רוסיש א קנאפּע בעריע, דעם עמעס געזאָגט, אַף ייִדיש אפילע אויך. און דאָ בין איך גאָר ווי א בלינדע. לאָז

איך זיך לויפן נאָכן פּאָטשטאַליאָן. ווייס איך שוין, פון ווידערן איז דאָס קעסטעלע.

איך דריק דאָס קעסטעלע צום האַרצן. איך לויף אהיים. א קליין קאַרטאָנען קעסטעלע. מיטן מעסער נאָר דעם ראַנד אָנצורירן. עפן איך עס אָבער ניט. איך פאל מיטן פּאָנעם צום קישן, הענט און פיס זײַנען בא מיר אָפּגענומען געוואָרן. אין שטעטל האָט מען שוין ווידערס נאָמען פארגעסן. מיט טאַטע־מאַמע איז ער גוטעפרײַנט געוואָרן. זיי זײַנען שוין יאָרן דאָרט צוזאַמען מיט אים.

בעקיצער, א קאַרטעטשקע האָט מיר ווידער צוגעשיקט. אָט די, וואָס איך האָב דיר געוויזן, און א בריוול צוגעלייגט. העיוויס אים איז שוין אריבער דרײַסיק, שרײַבט ווידער, און ער האָט נאָך אַלץ זײַן זיווּג ניט געפונען, און איך האָב זיך מיט מײַן מאַן געגעט, איז דאָס אַליין א סימען, אַז מיר זײַנען א פּאָר פון גאָט. מײַן ברודער אוורעמל, שרײַבט ער, איז דאָך שוין א גרויסער, טראָג איך ניט מער פאַר אים קיין אחרײַעס. איז אויב איך האָב אים, ווידערן, נאָך ניט פאַרגעסן, זאָל איך גלײַך אָנשרײַבן, וועט ער מיר ארויסשיקן א שיפסקאַרטע. „דײַן טרײַער כאָסן ווידער", אַזוי כאַסמעט ער זיך. און דאָ ערשט, אונטער דער כסימע שרײַבט ער נאָך און שרײַבט. ער האָט מוירע, טאָמער האָב איך א צווייט מאָל ניט כאַסענע געהאַט. אויב דאַס איז אַזוי, אוי ווײ־ווײ, וואָס ער שרײַבט מיר, פונוואַנען נעמען זיך אַזעלכע ווערטער בא א מענטשן? איך וואָלט דיר געוויזן דעם בריוו. אָט דאָ בא מיר אין טיש־קעסטל ליגט ער. נאָר דו ביסט נאָך א קליינע, ווי קען איך דיר ווײַזן אַזעלכע ווערטער? דער גאַניידן און דער געהענעם אין ווידערס בריוול. און איך ווו בין? עס וואַרפט מיך פון גאַניידן אין געהענעם און ווידער אין גאַניידן. האַלעמײַ זאָל איך לייקענען, זינט מײַן מאַמע איז פון מיר אַוועקגעריסן געוואָרן, האָב איך נאָך קיין איין מאָל ניט געוויינט אַזוי, ווי יענעם טאָג. ווידער און ווידער. ניט מײַן וויסט מאַזל האָב איך באַוויינט. ווידערן האָב איך פון זיך אויסגעוויינט.

צען יאָר האָבן זיי אין מיר געזאָדן, די ניט־אויסגעוויינטע טרערן. און איין נאָמען האָבן זיי געהאַט: „ווידער". אוי, טײַערע מײַנע, ווי איך געדענק עס יענעם גליקלעכן טאָג, ווען ווידער האָט מיך גערופן צו זיך. זײַן מינדסטן נאָגל בין איך דאָך ניט ווערט געווען. אַזאַ אוולע האָב איך אים אָפּגעטאָן. מיט א פרעמדן מאַנצבל כאַסענע געהאַט. זאָל איך איצט זיך אים אָנהענגען אפן האַלדז? איך בין דאָך שוין אַן אַלטע געווען. בא די דרײַסיקער. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: ניין, קיין מאַזל איז מיר ניט באַשערט.

ווען איך האָב אויפגעהויבן דאָס פּאָנעם פונעם קישן, האָט זיך אין מיר ערשט א קוואַל געעפנט. בין איך ארויסגעקראָכן דורכן פענצטער און אופגעהאַנגען א שלאָס אף דער טיר, עלעהיי איך בין אין שטוב ניטאָ. איך בין אַרײַן צוריק, דאָס פענצטער פארמאַכט פון אינווייניק, די פּאָרהענגלעך פאַרצויגן. דערנאָך אַרײַנגעוואַלגערט זיך אין בעט און אָפּגעוויינט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן. אוי, ווי עס געדענקט זיך, ווי עס געדענקט זיך, יעדע רעגע געדענקט זיך. מיט די טרערן, האָב איך געפילט, גייט פון מיר ארויס דאָס גאַנצע כּעס. אַלץ שוואַכער און שוואַכער ווער

איך. אָט ווערט פון מיר אויס. און פּלוצלינג בין איך אנשלאָפן געוואָרן מיט א טיפן שלאָף. ביז פּארטאַג. אופגעכאפּט זיך א פרישע, א גליקלעכע און... צום שפּיגל. א שפּיגל איז בא מיר געהאנגען אָף דער וואנט. אוואדע דער באַבעס נאָך. נאָר ווען איז דאָס געלעגן אין קאָפּ צו שפּיגלען זיך? איך קוק אין שפּיגל. א געזונטע בין איך געווען, א קרעפּטיקע. דאָס פּאָנעם איז ראָז און קײַלעכיק און קיין איין קנייטשעלע זע איך ניט, ווי איך זאָל זיך ניט אײַנקוקן. און א סימען כאָטש פונעם נעכטיקן ווייגען... ניט קיין קײַ־שעלעך אונטער די אויגן, ניט קיין רויטע נאָז. הערסטו, מײַן קינד, ווען די נעשאָמע באוואשט זיך מיט טרערן, מאכט זיך, אז אויך דאָס פּאָנעם ווערט קלאָרער.

— איך האָב אָנגעטאָן מײַן שאבעסדיק קלייד, א שיין קלייד, מיט א הויך קעלנערל, האָסט דאָך געזען אָף דער קארטעטשקע. און די האָר האָב איך פּארקאמט אָף ארוף, אויסגעלייגט אזוי, עס זאָל זיך זען, ווי געדיכט און ווי ווייך זיי זײַנען. וויגדערן זײַנען מײַנע האָר שטארק געפעלן געווען. עמעס, ווען איך בין זײַן זײַן קאלע געווען, האָב איך צעפּ געטראָגן. א ייִנגל איז ניט קיין מיידל, צו נײַנצן יאָר האָט וויגדער אין זיך א סאך קינדערשע שטיק געהאט. לאכנדיק פלעגט ער א כאפּ טאָן אן עק פון מײַן צאָפּ און אויסלייגן זיך וואָנצעס איבער דער אייבערשטער ליפּ. אָדער: „דרייזעלע, — אזוי האָט ער מיך גערופן, „דרייזעלע”, — בייג נאָר אײַן צו מיר דײַן קאָפּ!” ווייס איך שוין, וואָס ער מיינט. ער פלעכט פּאנאנדער מײַנעם א צאָפּ און מאכט זיך פון דעם א באָרד. „דײַנער א זיידע בין איך, אן אלטער כאָסן בא דיר, דרייזעלע, א זיידע”, און לאכט. מיינסט, איך בין געווען בעסער פון אים? וועסט גלייבן, איך האָב דאָך מיט וויגדערן אין פערד־לעך געשפּילט. ער פלעגט מיך אָנעמען פאר די צעפּ, און איך פלעג זיך לאָזן לויפן. ארויסרײַסן זיך, א טרייסל טאָן מיטן קאָפּ, זײַנען שוין גאָר די צעפּ פון פּאָרנט. דעריאָגט ער מיך, און די שפּיל הייבט זיך אָן פון אָנהייב. געלאָפן און געטופּעט ביז אין וואלד ארײַן. אנטקעגן וואָס דער־צייל איך דאָס? אנטקעגן דעם, ווי שיין איך האָב זיך פּארקאמט. טאקע שיין, אָבער ניט קיין צעפּ. איך וויל פאר וויגדערן ניט מאכן דעם אָנ־שטעל, אז א זיבעצניאָריקע בין איך פּארבליבן. ער האָט מיך שוין געזען, באָרעכאשעם, ניט קיין מיידעלע אויך. האלעווײַ וואָלט ער מיך אזא ניט געזען, וואָלט גלײַכער געווען פאר אונדז ביידן. בעקיצער, איך בין אוועק־געפאָרן אין שטאָט, אָפּגעפאָטאָגראפירט זיך און אוועקגעשיקט וויגדערן מײַן קארטעטשקע. א בריוול צוגעלייגט. גאָר א קורצס. וואָס פאר א שרײַבערקע בין איך?

אין שטעטל זײַנען קיין סודעס ניטאָ. אלע רעדן וועגן דעם גליק, וואָס איז מיר ווי פון הימל אראָפּגעפאלן. מע שטעלט מיך אָפּ אין גאס, מע פרעגט מיך אויס, וואָס שרײַבט ער מיר פּאָרט, וויגדער, און ווען קלײַב איך זיך צו פּאָרן. און איך — מע דארף מיך פרעגן? — איך דער־צייל אליין, כאָטש דערציילן אלץ, וואָס וויגדער שרײַבט מיר, שעם איך זיך. נאָר א פּלאפּלערקע בין איך געוואָרן. א פּלאפּלערקע און א לויי־פערקע. איך קען ניט גיין, ווי אלע מענטשן. איך פלי. און ווען איך דערצייל ניט קיין ניסים פון וויגדערן, און ווען איך פלי ניט איבערן

שטעטל און אויסערן שטעטל, איך ווייס ניט צו וואָס און צו ווען, זינג איך. וואָס איז די לויפעניש, וואָס איז די זינגעניש, פרעג מיך בעסערס. א נארישע ייִדענע... א כאָלעם האָט זיך מיר געכאָלעמט. איין זאָרג האָב איך, וויִאזוי וועל איך זיך עס שיידן מיט אוורעמעלען. א באוויַיבטער — ניט קיין באוויַיבטער, פאר מיר איז ער א קינד. עס גייט דורך א וואָך, און צוויי, און דריַי, און א כוידעש, ניטאָ קיין שיפסקארטע. טאָרעט מען מיך פון אלע זיַיטן: „וואָס שוויַיגסטו? שריַיב אָן א בריוו. א שיפסקארטע קאָן אמאָל פארפאלן ווערן". שריַיב איך א בריוו. גייט דורך נאָך א כוידעש, ניטאָ קיין ענטפער. שריַיב איך נאָך א בריוו, שוין גאָר א לאנגן. מיַין גאנץ לעבן לייג איך אין בריוו אריַין. לייג אריַין און פארכאסמע. און קיין ענטפער איז ניטאָ. שריַיב איך שוין גאָר א קורץ בריוול. אז טאָמער האָט ער, ווידגער, כאראָטע אף דעם, וואָס ער האָט מיר געשריבן, טאָמער האָט ער ניט באטראַכטערהייט זיך ארויסגעכאפט מיט א וואָרט, בין איך אים דאָס מויכל. איך ווינטש אים גליק און נאכעס. איין זאך בעט איך נאָר: ער זאָל מיר ענטפערן. זאָל דאָס זיַין צום לעצטן מאָל. נאָר זאָל איך זען פון אים א וואָרט. איז אף דעם בריוו אויך קיין ענטפער ניטאָ.

ווידער האָט מיט מיר צו טאָן דאָס שטעטל. וויַיבער קוקן זיך איבער. מע שיט מיר זאלץ אף די ווונדן. איינע פרעגט קלוימערשט פריַינטלעך: „וויגדער האָט דיר שוין ארויסגעשיקט די שיפסקארטע?" א צווייטע: „ווען קליַיבסטו זיך צו פאָרן? טאקע גאָר אינגיכן?" און איינמאָל הער איך הינטער מיַין פלייצע: „ווער־ווער, נאָר וויגדער ווייסט דאָך, ווער זי איז. ניטאָ זיך וואָס צו כאפן. דעם אדערוף האָט ער שוין געקראָגן פון לאנג". אוי, דו ביסט דאָך א קליינע, — דערמאָנט זיך צום וויפלטן מאָל דריַיזשע. — וואָס ווייסטו?

איך קאָן זיך ניט דערווארטן אפן סאָף פון דרייזשעס געשיכטע. זי איז גערעכט. איך בין נאָך א קליינע. איך גלייב נאָך, אז אף יעדער שטיַילע איז דאָ א טשוווע. איך קוק זיך צו, איך הער זיך צו. און דאָס לעבן — א רעטעניש אף א רעטעניש. קלעמט מיר דאָס הארץ. איך וויל וויסן אף זיכער: שווארץ אָדער וויַיס. יאָ אָדער ניין. וויגדער געפעלט מיר. ער געפעלט מיר עפשער נאָך מער, ווי דער „קראסאוועץ" פון די ביכלעך, וועלכער גאנוועט ארויס זיַין געליבטע בא איר בייזן פאָטער. נאָר מיר פארדריסט אף וויגדערן. באלד ער איז אזא גוטער, טאָ:

— פארוואָס האָט וויגדער ניט ארויסגעשיקט די שיפסקארטע? מומע דרייזשע, ער האָט דאָך צוגעזאָגט...

— איך ווייס? אזא איז מיַין מאזל. עפשער האָט זיַין מאמע איבערגעכאפט מיַינע בריוו... א יאָר האָב איך אָפּגעלעבט, ווי אין קאדאָכעס. עס האָט מיך געוואָרפן אין היץ און אין קעלט, נאָר פון וויגדערן האָב איך שוין מער קיינמאָל ניט געהערט.

פארוואָס זאָג איך א יאָר? וויַיל דערנאָך וואָלט איך שוין צו וויגדערן אלציינס ניט געפאָרן, ווען אפילע ער דערמאָנט זיך וועגן מיר ווידער. איך האָב ניט געקאָנט צוקוקן, ווי די קינדער גייען ארום פארמורזעטע, אָפּגעריסענע און ציִען אויס א האנט נאָך א נעדאָווע.

— וועלכע קינדער?

— מײַן מאַנס קינדער. ער האָט זיך דאָך טאַקע מיטן דריטן ווײַב געגעט, איך האָב דיר ניט געזאָגט? בײַ אונדז אין שטעטל איז גוט צו געטן זיך. אַ טײַך אין אייגענער. אײַ, דער טײַך, דער טײַך...

די רעבעצן האָט דערציילט, זי איז הינטערן פֿאָרהענגל אויף איר בעט געזעסן, אַלץ געהערט, אַז בייסן גט האָט די ייִדענע אויף איר מאַן די גאַנצע טויכעכץ אויסגעגאָסן, דער ראָוו און דער דײַען זײַנען ווי שטומע געזעסן. פּונקט ווי אירע קלאָלעס וואָלטן גאָר אין זיי געצילט. אײַנשטילן זי איז געווען ניט שײַעך. האָט מען געמוזט אָפּוואַרטן, ביז די קלאָלעס וועלן בײַ איר אַליין פֿון זיך אויסגענומען ווערן.

נאָכן געט... ווער ווייסט עס גיין נאָכקוקן, וווּהין דאָס געוועזענע פּאָרפֿאָלק איז אַהינגעקומען. ער אין איין זײַט, זי אין אַ צווייטער, און אויס. פֿרעמדע מענטשן, מע האָט זיך גאָר קיינמאָל ניט געקענט. דאָ אָבער, אַזוי זאָגט מען, האָט די ייִדענע נאָך אים אין פּלייצע, ווי שווערע שטיינער, עטלעכע קלאָלעס נאָכגעוואָרפֿן. נו, און ער, אַ שוואַכער מאַנצבל... בײַ אַ מאַנצבל ווערט דען סטײַען קויכעס איבערצוטראָגן אַזעלכע ווייטעקן, ווי מיר, ווײַבער, טראָגן איבער? וויל ער, ווײַזט אויס, בלײַבן אַ ביסל אַליין מיט זיך. אַ ייִדענע וואָלט מיסטאָמע אוועק גלײַך צו די קינדער, און ער גייט גאָר צום טײַך. עפּשער האָט ער געוואָלט זיך אויסבאָדן, אַ הייסער טאָג געווען, און אַראָפּוואַשן פֿון זיך די מיִעסע קלאָלעס. איז צי ער האָט זיך געבאָדן, צי ער האָט זיך אײַנגעבויגן אַ ביסל וואַסער אויסטרינקען און האָט זיך פֿאַרכלינעט... דרײַ טעג האָט מען אים אין טײַך געזוכט, ביז מע האָט אים געפֿונען. אייניקע האָבן אַפֿילע געמורמלט, אַז ער האָט זיך בעקיוון אַ מײַסע אָנגעטאָן, נאָר מעקאַבער איז מען אים געווען בעקאָוועד, אַן ערלעכער ייִד, אַ ביטערער אָרעמאַן... בעקיצער, דער טאַטע איז אונטערן וואַסער אַרונטער און די קינדער ווי אָפּן וואַסער איבערגעלאָזט. זייער שטיפֿמאַמע האָט כאַסענע געהאַט און איז אַריבערגעפֿאָרן קיין וואַרשע. האָב איך זיי צוגענומען צו זיך. קליינע קינדער, נעבעך. דער עלטסטער איז ערשט באַרמיצווע געוואָרן.

די מומע דרייזשע הייבט זיך אויף און ציִנדט אָן דעם לאָמפּ. אין צימער ווערט ליכטיק. איז אויס מײַסע. דרייזשע זיצט אַנטקעגן מיר. זי שווײַגט. אירע אויגן הינטער די טונקעלע אויגן־לעפּלעך, ווי הינטער פֿאַרמאַכטע לאָדן, וועלכע לאָזן ניט דורך קיין שײַן. דאָס פֿאַרגליווערטע פּאָנעם, אָן אַן אויסדרוק, בלייכט זיך צווישן דעם שוואַרצן קלייד און דער שוואַרצער טוך אויפֿן קאָפּ. נאָר אָט גיבן זיך אַ כוואַליע אויף דרייזשעס באַקן די־ניִנקע ווירעלעך־קנייטשעלעך. צו די אויגן פֿליסן זיי. און די אויגן זײַנען ברייט צעעפֿנט. שיינע יונגע אויגן.

— איך האָב זיך ניט אויף וואָס צו קלאָגן, — שמייכלט צו מיר די מומע דרייזשע מיט איר אָנציינערדיק מויל. — אָפּגעלעבט אַ לעבן און קיינעם צו לאַסט ניט געווען. די קינדער אויסגעהאָדעוועט, אויסגעגעבן. זיי פֿאַרגעסן מיך ניט. אַ בריוול שיקט מען צו, אַמאָל אַפֿילע אַ קערבל אויך. וואָס קאָן איך פֿון זיי פֿאַרלאַנגען, די גרויסע גווירים וואָס זיי זײַנען? כאַנע־עסטער? איך האָב צו איר קיין טײַנעס ניט. מיינסט, ס'איז גרינג צו זײַן אַזאַ כאַנע־עסטער? אַ מענטש, וועלכער קאָן, נעבעך, ניט

האנאָע האָבן פון לעבן. דאָס איז דאָך א שטראָף פון גאָט. און איך... וואָס פעלט מיר? צו דער עלטער ווין איך מיט אוורעמעלען, מיט זײַן ווײַב און קינדער. שוין צוויי יאָר, אז איך לעב מיט זיי. זינט ס׳האָט זיך מיט מיר געמאכט... איך בין געפאלן. כ׳ווייס, מענטשן מאכן פון אלץ א וועזן. ס׳איז גאָרנישט. דער קאָפּ האָט זיך מיר א ביסל פארדרייט. איך געדענק גאָר ניט, וואָס איז דאָס געווען. נו, בין איך אריבער צו אוורעמעלען. מײַן כאלופּע פארקויפט. האָבן זיי די קיך מיט דער סטאדאָלע צוגעבויט. פריִער איז דאָך זייער שלאָפצימער געווען די קיך. נאָר ווי עס מאכט זיך, אזוי איז בעסער. אָט זעסטו דאָך. איך בין ניט אליין. און טאָמער, די שאָ זאָל ניט זײַן, עס באפאלט מיך ווידער א שוואכקײַט, האָב איך וועמען אין וואנט אָנצוקלאפּן.

הינטערן פענצטער דערהערט זיך א גערעדערײַ.

— גיי, — זאָגט די מומע דרייזשע. — גיי אין דײַן קאמער ארײַן, אניט וועט כאנע־עסטער זיך בייזערן. און האָב אף איר קיין פאריבל ניט. גאָט האָט פארגעסן צו געבן איר א נעשאָמע.

אינדערפרי בין איך ארויס אין קיך אײַנוואשן זיך. מײַן שוועסטערקינד דווירקע, וואָס איז געווען אף א יאָר עלטער פון מיר און מיט וועלכער איך האָב געגארט ווערן כאווערטעס, האָט מיט א וויכעטש געשקראבעט דעם טשוהונענעם טאָפּ מיטן פארטריקנטן נעכטיקן טשאָלנט. דערזען מיך, האָט זי א פּישטשע געטאָן מיט א דין קעלכל:

— פּיק־פּיק... א הונגעריק הינדעלע, נעבעך. קאלטע בעבלעך פּיקט עס פון די טעפּ. דיר איז שלעכט בא אונדז, הא, שלעכט? דיר און דײַן מומע דרייזשע איז שטענדיק שלעכט. מע קען פאר אײַך ניט יויצע זײַן. — אירע שייגע ליפּן האָבן זיך א קרים געטאָן און, ווי די גרעסטע באליידי־קונג, האָט זי מיר א וואָרף געטאָן אין פּאָנעם ארײַן: „שנאָרערקע! דריי־זשעס!”

ווען די מומע כאנע־עסטער האָט ניט געהערט, האָבן אלע אירע קינדער פון דעם טאָג אָן מיך גערופן ניט אנדערש, ווי דרייזשע.

סאָף זומער האָט מיך שמאריע דער באלעגאָלע אָפּגעפירט אהיים. מיט עטלעכע טעג פריִער האָט די מומע דרייזשע בעסאָד געשענקט מיר א קעסטעלע לאנדערין. און א פאָטאָגראפיע האָט זי מיר געגעבן, אָט די, אף וועלכער זי איז אזוי שיין פארקאמט און וואָס איצט שטייט זי אף מײַן שרײַבטיש.

— איך האָב נאָך. שרעק זיך ניט, — האָט מיך פארזיכערט די מומע דרייזשע. — פאר אלע מײַנע קינדער האָב איך באשטעלט קארטעטשקעס. פאר אוורעמעלען אויך. ווי זשע? ער האָט זי אין א דיקן סייפער באהאלטן. כ׳האָב אליין געזען. זאָל דײַן מאמע כאָטש א קוק טאָן. זי קען דאָך מיך ניט. אָן אייפּעלע האָט מען זי בא מיר צוגענומען. און ווידער, דער שלעכ־טער שעם גייט מיר נאָך... עפּשער וועט די מאמע מיר א פּאָר ווערטער אָנשרײַבן, וועט עס בא מיר זײַן זייער אָנגעלייגט. זעסט, אָט איז א שטריקעלע און אָט איז א פּיסעלע, — ווײַזט מיר מיט שטאָלץ די מומע

דרייזשע. — אז מע וויל, קען מען די קארטעטשקע אופהענגען, אז מע וויל, קען מען זי אוועקשטעלן.

ווען איך בין ארויס פון דער לאנגער שטוב מיט מײַן הילצערן קערבל אף צו זעצן זיך אין וואָגן, האָט דער פעטער אווראָם מיר געזאָגט:

— פאָר געזונט. לאָז גריסן דעם טאטן און דער מאמען.

די מומע כאנע־עסטער האָט מיר גאָרנישט ניט געזאָגט. זי האָט ארויס־געטראָגן א בײַקענע קאָלדרע פון שטוב און פארזאָגט דעם באלעגאָלע:

— באנאכט זאָלט איר זי גוט אײַנדעקן. זי זאָל זיך ניט צוקילן. פארן וועג וועט איר באקומען דאָרטן.

די בויד האָט גערירט פון אָרט.

אין שטאָט בין איך אָנגעקומען אף מאָרגן צו האלבן טאָג. אין דער היים האָב איך געטראָפן נאָר די מאמע. זי האָט מיך אף די הענט אראָפּגע־כאפּט פון וואָגן, א קוש געטאָן אין שטערן און פארבעטן דעם באלעגאָלע אין שטוב אף א גלעזל בראנפן.

ווען מיר זײַנען געבליבן אליין, האָט די מאמע געזאָגט:

— ביסט שוין גאָר א גרויסע, טאָכטערקע. אויסגעצויגן זיך פארן זו־מער, נאָר דאר, ווי א שפּאָן. און א בלייכינקע. פארמאטערט זיך אין וועג.— און פּלוצלינג מיט אומרו א פרעג געטאָן: — מע איז זיך מיט דיר דאָרטן גוט באגאנגען, בא דעם פעטער מיט דער מומען?

איך בין צוגעפאלן מיטן פּאָנעם צו דער מאמעס קאָפּטל:

— מאמע, ס׳איז א ראכמאָנעס.

— א ראכמאָנעס? אף וועמען איז א ראכמאָנעס? — די מאמע האָט מיך אָנגענומען בא די אקסלען, געוואָלט מיך אָנקוקן. נאָר איך האָב נאָך טיפער פארגראָבן דאָס פּאָנעם אין איר קאָפּטל.

— אף דער מומע דרייזשע. זי האָט פארשפּילט איר וועלט. זי איז אזא גוטע, די מומע דרייזשע.

אָפּגעזאָגט מײַנס, האָב איך שוין מער דאָס פּאָנעם פון דער מאמען ניט באהאלטן. ס׳איז מיר גוט, א מעכײַע. איך בין אין דער היים. פון דער קעשענע פון מײַן קורצן יאָקעלע האָב איך ארויסגעכאפּט דרייזשעס פאָטאָגראפיע:

— מאמע, זע, דאָס איז די מומע דרייזשע.

די מאמע האָט לאנג באטראכט די פאָטאָגראפיע:

— ווײַזט אויס, א שיינהײַט גע...

— מאמע, — שלאָג איך זי איבער, — די מומע דרייזשע איז זייער א שיינע, אן עמעס, מאמע?

די מאמע האָט מיר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אין אירע אויגן א טרויער. און עפּשער כאראָטע? די מאמע שווײַגט. און מיר ווילט זיך ריידן, א סאך ריידן. מיט איר, מיט דער מאמען... האָב איך שוין געהאלטן בא איבערגעבן איר דעם גרוס פון דעם פעטער אווראָם, נאָר אָנשטאָט דעם האָב איך גאָר פארטרויט דער מאמען א ווונדערלעכן סאָד:

— מאמע, דו ווייסט, דער מומע כאנע־עסטער האָט גאָט פארגעסן צו געבן א נעשאָמע.

1973

# אינהאלט

## די וועגן קרייצן זיך



## טאָג נאָך טאָג



## שטילע טויבן




*Рубина Рива Рувимовна*

ВЬЕТСЯ НИТЬ

*(На еврейском языке)*

М. «Советский писатель», 1975, 328 стр. План выпуска 1975 г. № 227. Художник Г. З. Перкель, рисунки М. М. Аксельрода. Редактор М. Я. Шульман. Худож. редактор Е. Ф. Капустин. Техн. редактор И. М. Минская. Корректор Д. С. Грозовская. Сдано в набор 20/IX 1974 г. Подписано к печати 28/IV 1975 г. Бумага 84×108 1/32 № 1. Печ. л. 10 1/4 (17,22). Уч.-изд. л. 19,8. Тираж 1300 экз. Заказ № 1799. Цена 74 коп. Издательство «Советский писатель». Москва, Г-69, ул. Воровского, 11. Ордена Трудового Красного Знамени московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.